שריפטן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, II

# פילאָלאָגישע שריפטן

## צווייטער באַנד

ווילנע / 1928 / תרפ״ח

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

**דער באַנד איז געהייליקט דעם אָנדענק פון דעם בויער פון דער יידישער פילאָלאָגיע בער באָראָכאָוו צו זיין צענטן יאָרצייט (דעצעמבער 17, 1927)**

פונקט ווי אין אונזער לאַנדוי־בוך האָבן מיר אויך איצט ווידער דעם נחת צו באַגריסן אין די „שריפטן" אַ ריי נייע מיטאַרבעטער, צווישן זיי דעם היסטאָריקער ש. גינזבורגן, דעם ליטעראַטור־היסטאָריקער ד״ר י. צינבערגן, דעם פסיכאָלאָג ד״ר א. א. ראָבאַקן. מיר האַלטן אויך פאַר נייטיק אונטערצושטרייכן, אַז פונקט ווי אין דעם לאַנדויבוך אַזוי האָט אונז אויך איצטער אָפּגעגאָלטן צוזוציען צו דער מיטאַרבעט אין די שריפטן אַזוינע וויסנשאַפטלער, וואָס האָבן זיך ביזאַהער ניט געדרוקט אין יידיש: ד״ר וואַלטער אַנדערסאָן, פּראָפעסאָר פון עסטישן און פאַרגלייכיקן פאָלקלאָר אין דערפּעטער אוניווערסיטעט; ד״ר רודאָלף גלאַנץ, ווין; ה׳ י. מ. היללעסום, קאָנסערוואַטאָר פון דער ראָזענטאַליאַנאַ אין אַמסטערדאַם; פּראָפעסאָר ד״ר אַהרון פריימאַן, דירעקטאָר פון דער יידישער אָפּטיילונג אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק פראַנקפורט־מאַין; ד״ר ל. שפּיצער, פּראָפעסאָר פון ראָמאַנישער פילאָלאָגיע אין מאַרבורגער אוניווערסיטעט. מיר זעען אין דעם דאָזיקן פאַקט אַן אויסדרוק פון דער נאַטירלעכער דערשיינונג, אַז צוזאַמען מיטן קולטורעלן אויפשטייג פון מזרח־יידנטום טראָגט זיך דער שווערפונקט פון דער יידיש־פאָרשונג אַריבער אין דער יידישער שפּראַך.

די אַרבעטן פון די דערמאָנטע הערן (אַחוץ פון פּראָפ׳ אַנדערסאָן, וואָס זיין אַרטיקל איז טיילווייז געווען געשריבן אין יידיש) זיינען איבערגעזעצט געוואָרן פון דייטש. חוצדעם זיינען נאָך עטלעכע אַרבעטן פאַר אונזער איצטיקן באַנד איבערגעזעצט געוואָרן: פון דייטש — ד״ר י. ווילערס און ד״ר אַ. לאַנדויס; פון רוסיש — דער אַרטיקל פון פּראָפ׳ י. קאַגאַראָוו; פון פויליש — ד״ר י. ווילערס נאָטיצן אויף ז׳ 493 און ז׳ 509.

פאַר דעם צווייטן באַנד זיינען געווען צוגעגרייט נאָך אַ ריי אַנדערע אַרטיקלען. לייַדער האָט זיך אָבער דער פאַרנעם פון דעם בוך ניט געלאָזט פאַרברייטערן איבער דער איצטיקער מאָס, אַזוי אַז אַ היפּשער טייל מאַטעריאַל — דער שפּעטער אָנגעקומענער אָדער טעכניש שווערערער — האָט געמוזט אויסנבלייבן. לויט אַ פאַרשטענדיקונג מיט דעם פאַרלאַג ב. קלעצקין איז אָבער די סעקציע צוגעטראָטן תיכף, אָן אַן איבעררייס, צו זעצן דעם דריטן פילאָלאָגישן באַנד, און מיר פאַרהאָפן, אַז ער וועט אַרויס פון דרוק ניט שפּעטער ווי פּסח 1928. אין דעם מאָמענט, ווען די שורות ווערן געשריבן, זיינען אויסגעזעצט פאַר דעם באַנד:

יצחק ריווקינד, די היסטאָרישע אַלעגאָריע פון ר׳ מאיר ש״ץ; ד״ר י. שאַצקי, דאָס קלאָגליד אויף דעם חורבן פון וואָרמס; מ. שטאַרקמאַן, פיליפּ קראַנצס ליטעראַרישע באַגעגענישן; מ. אונגער, חייקל הורוויצעס יחוס־בריוו; ש. אַנ—סקי, דער טויט אין דעם יידישן פאָלקסגלויבן; ד״ר ש. בירנבוים, טראַנסקריפּציעס פון יידיש; 30 ניט־פּובליקירטע בריוו פון שלום־עליכמען (אויס דעם אַרכיוו פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט); ד״ר י. צאָללער (פּראָפעסאָר פון אוניווערסיטעט אין פּאַדוע), לילית; ד״ר י. צינבערג, אויס דער אַלט־יידישער ליטעראַטור; א. זאַרעצקי, גראַמאַטישע באַהעפטונגען; פ. קאָן, דאָס ערשטע העברעאיש־יידישע לייענבוך אין דער פּוילישער שפּראַך און זיין מחבר דער בּיסקופּ יאַן כריזאָסטאָם גינטילאָ; י. טויב, מאַטעריאַלן צו אַ יווערטערבוך פון לוויוויטש.

חוצדעם וועלן געווים אַריינגיין אין דעם דריטן באַנד: ש. ביילין, לומדישע און משכּילישע גלייכווערטלעך; ד״ר מ. גרונוואַלד, אַלט־יידישע פאָלקסמעדיצינישע טעקסטן; ד״ר ש. וויסענבערג, די פאַמיליע־נעמען

פון די אוקראַיִנער ייִדן: ד״ר ל. לאַנדוי, דער יידישער מדרש־וויטש; ד. לייבל, עטימאָלאָגיעס; ש״ס־ראָמאַן, 75 יאָר יידישע פרעסע אין רומעניע.

צוגעוואָגט זיינען נאָך אַרבעטן פון אַלטע און נייע מיטאַרבעטער.

אין דער צייט וואָס דער איצטיקער צווייטער באַנד האָט זיך געדרוקט איז נפטר געוואָרן (דעם 16טן אָקטאָבער 1927) ד״ר חיים ספיוואַק אין דענווער, „אַ ר׳ מאיר ש״ץ בדורו״, ווי עס רופט אים אָן יצחק ריווקינד אין דער הייליקונג צום אַרטיקל אין באַנד III. מיט דעם טויט פון דעם דאָזיקן איבערגעגעבענעם טוער פאַר יידיש האָבן מיר פאַרלוירן ניט נאָר אַ מיטאַרבעטער פון אונזערע שריפטן, נאָר אויך אַ וואַרעמען פריינד פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט בכלל.

אַ נייעס אין דעם איצטיקן באַנד שריפטן איז דאָס, וואָס ביי טייל אַרטיקלען זיינען שוין אויסגענוצט געוואָרן מאַטעריאַלן פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. דאָס איז ניט קיין צופאַל־זאַך, נאָר אַ סימן, אַז אונזער אינסטיטוציע וואַקסט. וואָס ווייטער וועלן די זאַמלונגען פון אונזערע סעקציעס, אַרכיוו און ביבליאָטעק אַלץ מער קענען געבן דעם פאָרשער.

דער באַנד איז רעדאַקטירט פון מ. ווײַנרייך און ז. רייזען.

פאַר איבערזעצן דעם קיצור אין ענגליש קומט אַ יישר־כוח ד״ר ה. מאָוושאָוויטשן אין לאָנדאָן.

אַ האַרציקן דאַנק דעם פאַרלאַג ב. קלעצקין, זיין פאַרוואַלטער ח׳ י. קאַמערמאַכער, דעם מעטראַנפּאַזש ח׳ י. סטעקין, דעם זעצער מ. ציאַרקאָ און אַלע איבעריקע זעצער. אָן זייער טעטיקער מיטהילף וואָלט ניט מעגלעך געווען ביי די ווילנער טעכנישע באַדינגונגען אַרויסצוברענגען אַ וויסנשאַפטלעך בוך, וואָס פאָדערט אַזוי פיל פּינקטלעכקייט, אויפמערקזאַמקייט און געדולד.

די פילאָלאָגישע סעקציע פון דעם
יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט

דעצעמבער 1927 — מ. ווײַנרייך, סעקרעטאַר

# אינהאַלט

---

## עטלעכע קיצורים, וואָס ווערן גענוצט אין דעם בוך:

א״ו: און ווייטערדיקע.

באָראָכאָוו מיט אַ נומער: ביבליאָטעק פונ׳ם יידישן פילאָלאָג אין: פנקס I, ווילנע 1913.

בן-יעקב: אוצר הספרים, ווילנע 1880.

דוו״ב: Deutsches Wörterbuch vou J. und W. Grimm, I—XVI, 1854—1926 (נאָך ניט פאַרענדיקט).

דצ״וו: דאָס ציטירטע ווערק.

ייד״פיל: יידישע פילאָלאָגיע, באַנד I (1924) העפט 1—6 [מער ניט ארויס]. קולטור-ליגע, וואַרשע 1924—1926.

יעוור׳ענצ׳: Еврейская Энциклопедія.

ליפשיץ I: יידיש-רוסישער ווערטער ביך, זשיטאָמיר 1876.

מאָנאַטשריפט, מגוו״י, (אויך MGWJ): Monatsschrift für Geschichte und Wissenschaft des Judentums.

מיטטיילונגען, מיטט׳, Mitt.: Mitteilungen zur jüdischen Volkskunde.

פוו״ב: Słownik języka polskiego Jana Karłowicza.. I—VIII, 1900—1926

פנקס I: „דער פנקס״, רעדאַקטירט פון ש. ניגער, ווילנע, קלעצקין, 1913.

צייטשריפט I: אויסגאַבע פון אינבעלאַרוסקולט, מינסק 1926.

שולמאַן: שפת יהודית אשכנזית וספרותה, ריגע 1913.

---

# וועלוועלע זבאַרעזשערס בריוו צו זיין ברודער מאיר

לויט די אָריגינאַלן פון דער ביבליאָטעק פון דער יידישער קהילה אין ווין

מיטגעטיילט פון ד״ר בערנהאַרד וואַכשטיין (ווין)

אין די בריוו וועלוועלעס, וואָס מיר דרוקן דאָ אָפּ, וועט מען נישט געפינען קיין תורה און קיין חכמה. ס׳איז גאָר ניט דער שמוס פון דברים העומדים ברומו של עולם, ווי לרוב אין די בריוו פון ליטעראַריש=באַקאַנטע מענטשן. זיי זענען פשוטדיק געשריבן, ווי מ׳שרייבט אַ ברודער, וואָס דער הויפּט=תּכלית איז — צו וויסן, וואָס ער טוט און ווי ס׳גייט אים. כאָטש אַזוי אָדער טאַקע דערפאַר, זענען די בריוו אַ שטיק שפּיגל, וואָס מיר זעען אין אים עפּעס פון דער זיילישער געשטאַלט פון דעם פּאָלקסזינגער און דיכטער.

מיך האָבן די בריוו אין דער באַציאונג אינטערעסירט. שוין אין מיין פריער יוגנט האָב איך געהערט פון וועלוועלען, וואָס פאַר אַ בעל=לשון ער איז געווען און אויך וואָס פאַר אַ מה=יפהניק, אַ כל=בוניק, אַ להכעיסניק, אַ פרייער מענטש, אַ בעל=תאווהניק, אָן דרך=ארץ פאַר דעם, וואָס ס׳איז דער גאַנצער וועלט (מסתם — דער יידישער) טייער און הייליק. דאָס אַלדינגס געפינט זיך נישט אין די בריוו. להיפוך קענען מיר זען, אַז אין וועלוועלען שטעקט נאָך אַפילו אַ שטיק באַלעבאַטישקייט. ער קען ציילן און רעכענען און ווייסט אויך, ווען מען אָפּצוגעבן די רייש 1. אָבער דאָס זענען דברים של מה בכך. דער עיקר איז, אַז די דאָזיקע בריוו אַנטפּלעקן פאַר אונז אַ שטיק פון וועלוועלעס נשמה, גראָד דאָס, וואָס באַהערשט זיין גאַנצע פערזענלעכקייט, און דאָס איז: זיין טיף געפיל פאַר פריינדשאַפט און זיין צערטלעכע ליבע צו זיין משפחה.

די דאָזיקע נאַטור איז על=פּי=רוב ביי אַזעלכע קינצלערס זעלטן. אמת, אַז ביי אַזאַ נע=ונדניק, ווי וועלוועלע, זיינען מסתם גוטע ברידער אַ וויכטיקע זאַך און אַפילו צום געשעפט אויך נייטיק. ווי אַזוי זאָל מען דען אין אַ נייער שטאָט וויסן, וואָס פאַר אַ מין וועלוועלע איז, אַז גוטע ברידער דערציילן עס נישט דעם עולם? און וואָס זאָל אַזאַ מענטש אָן אַ היים, וואָס ער האָט נישט קיין קינד און נישט קיין רינד, מאַכן אומעטום אין דער פרעמד דעם גאַנצן טאָג? דיכטן און זינגען פאַרנעמט נישט אַזוי פיל צייט! אַזאַ מענטש מוז דאָך צום גלעזעלע וויין גוטע ברידער האָבן. מ׳וועט זיך אָבער שטאַרק טועה זיין, ווען מ׳מיינט, אַז דאָס איז דער שורש פון וועלוועלעס געפיל פאַר פריינדשאַפט. בכלל מוז מען זיך דערמאָנען, וואָס פאַר אַ בינדונגסקראַפט די השכלה האָט געהאַט אין וועלוועלעס דור.

דאָס שייכות פון איין משכיל צום אַנדערן משכיל איז געווען גאַנץ אַנדערש ווי פון חברים לדעה, אָדער פאַרטיי=חברים אין דער היינטיקער צייט. צווישן משכילים, בפרט ווען זיי זענען נישט געווען קיין מחברים (קנאת סופרים קען שוין טאַקע אַמאָל אַ שנאה אָנאַרבעטן!), האָט געהערשט אַן אמתדיקע ברידערלעכע פריינדשאַפט. אין דער באַציאונג קען מען אַפילו נישט פאַרגלייכן מיט זיי די חסידים. די חסידים האָט פאַראייניקט די זעלבע אידעע ובפרט די ליבע צום רבין, וואָס איז כביכול געווען די ליבע צו השי״ת, ווייל נישט יעדער איז זוכה מיט זיין געפיל צו דערגרייכן די מדרגה פון אהבת=השם. דעם רבין זעט מען און מען הערט אים און ווייל ער איז אין די עולמות העליונים ווי אין דער היים, האָבן די חסידים אויך אַ שטיק דערפון דערווישט. טאַקע וועגן דעם אחדות האָבן די חסידים דאָס לעבן באַהערשט. פונעם שמש ביז צום רב האָבן געמוזט האָבן די סמיכה פונעם רבין, פונקט ווי ביי די היינטיקע פּאָליטישע פּאַרטייען, וואָס זיי לאָזן נאָר איינעם פון זייערע לייט צו צו די שטעלעס. דער חילוק איז נאָר, אַז די חסידים האָבן אַ נישט=חסידישן מענטש באמתדיק נישט געהאַלטן פאַר אַן ערלעכן ייד. אָבער אין דברי=חול האָט די פריינדשאַפט אויפגעהערט. דאָס צו זיין, וואָס יעדער האַלט פאַר גוט, איז גאָר קיין קונץ נישט.

אַנדערש איז געווען ביי די משכילים. זיי זענען ביים רוב מבוזה געווען. מילא דעם דאָקטער אין שטעטל, דעם פּאָסעסער, דעם גרויסן סוחר האָט מען זיך נישט געטרויט עפּעס צו זאָגן און מען האָט אים נאָך דרך=ארץ אָנגעטאָן. דאָס גאַנצע באָד האָט אויסגעגאָסן דער אָרעמער משכיל, דער לערער, דער מחבר, דער יונגערמאַן מיט די טרפה=פסולס.

1 איינעם אָפּגעבן די ריש—אָפּגעבן כבוד, אָנרופנדיק ר׳ (גרי־ליציע). — רעד׳.

וואָס די משכּילים האָבן געהאַט צו פאַרקויפן, איז נישט געווען קיין סחורה, וואָס זי איז עובר לסוחר. זייער אידעאַל צו פאַרשענערן דאָס יידישע לעבן, אַריינצוברענגען ליכט און לופט אין די יידישע שטיבער, דעם אַלטן חמץ אויסצובּטלען איז פון דעם רוב נישט פאַרשטאַנען געוואָרן. דער אידעאַל האָט זיי חוץ לזה פיל געקאָסט. אַוועקצוואַרפן אַזאַ אַלטע ירושה לאָזט איבער אַ שמערץ אין האַרץ, און טאַקע דעריבער ריידן זיי אַזוי פיל פון דעם אַלטן לעבן. מען האָט דאָס געפיל, אַז זיי שטעקן נאָך ראשו ורובו אין דעם דאָזיקן לעבן, וואָס זיי פירן דערמיט מלחמה. אונזער וועלוועלע, למשל, דער פאָלקסדיכטער ווערט גאָר כלל נישט דערמיט פאַרטיק. וואו האָט מען נאָך אַזעלכע סיוזשעטן ביי די פאָלקסדיכטערס פון די אומות העולם געזען, ווי אין וועלוועלעס פאָלקסדיכטונגען? די משכּילים זענען אַ קליינע חברה, וואָס די מיטגלידער זענען צעשפּרייט אין אַלע יידישע קהילות און לעבן אַלס יחידים אין זייער סביבה. זיי באַדאַרפן זיך איינער דעם אַנדערן, כּדי זיך צו שטאַרקן אין זייערע געדאַנקען, וואָס זיי האַלטן פאַר אמת און פאַר שיין און כּדי צו פאַרהערן דעם קראַך פון די אַלטע צעבראָכענע באַליקעס, וואָס האָט באַזונדערס דערשראָקן די איידעלע, פיינפיליקע נאַטורן.

וועלוועלע אָבער איז נישט אַ פּשוטער משכּיל, אַ געוויינלעכער „העברעער“. וועלוועלע איז אַ דיכטער, אַ מענטש מיט שטאַרקע לירישע שטימונגען. זיינע „גיטע ברידער“ ביים גלעזעלע וויין זיינען פאַר אים נישט „גוטע ברידער“, נייערט טאַקע אמתדיקע ברידער. דער בריוו נומער 31, כאָטש געשריבן אין פיבער, איז אַ ביישפּיל פון אַזאַ געפילס־אויסבראָך.

אַזוי ווי ס'איז אינטערעסאַנט צו זען וועלוועלען אַלס פריינד, אַזוי דערקענט מען אויך זיין לירישע גרונדשטימונג און זיין פאַרהאַלטן זיך צו זיין משפּחה. דעם וועלט־וואַנדערער ציט עס קיין זבאַרעזש. רירנדיק איז זיין געטרייע ליבע צו זיינע צוויי אָרעמע האַלבשוועסטער. האָט וועלוועלע נישט פיל געלט (און דאָס איז מסתּם על־פּי רוב), איז אַ רייניש אויך געלט. ער ליידיקט אויס די קעשענע און שיקט, וואָס ער געפינט, קיין זבאַרעזש. דער אַדרעסאַט, דער ברודער מאיר, אַ בעל־לשון, וויל דעם ברודער, דעם מליץ, מליצה־בריוו שרייבן. מכּתּם קען מען אַלע די קלייניקייטן פון דעם זבאַרעזשער מלמדות־לעבן נישט אויסדריקן אין דעם לשון פון ישעיה הנביא, ווי מען האָט דענצמאָלט העברעאיש געשריבן. וועלוועלע ערגערט זיך, בייזערט זיך. ער וויל וויסן, וואָס דער ברודער טוט, וואָס זיין געליבטע שוועגערין רחלע מאַכט, וואָס ס'הערט זיך נייס ביי די גוטע ברידער, לויטער משכּילים פון דער חב״ה, און דער ברודער טראַקטירט אים מיט העברעאישע מליצות. ער שרייבט די בריוו צו מאירן, דערפון איז אָבער נישט געדרונגען, אַז די אַנדערע ברידער גייען אים נישט אָן. מאיר איז בכלל דער מאָדערנער, וואָס ער פאַרשטייט זיך בעסער מיט דעם ברודער, וועלכער האָט שוין חיבורים געמאַכט, וואָס זענען שוין מפורסם אין דער וועלט.

מאיר אַליין האָט זיך אויך באַמיט פאַר זיין געליבטער העברעאישער שפּראַך, דער בת־השמים, עפּעס צו טון. אין דער שריפט „משכּיות לבב“[1] פון זיין עלטסטן זון שלמה עהרענקראַנץ (זע דעם בריוו נומער 12, אָנמערקונג 5), ז״ז 23—29, זענען פון מאירן עטלעכע שיינע גייסטיקע שטיקלעך אָפּגעדרוקט. ער האָט זיך באַלד נאָך דער צייט פון אונזערע בריוו, אַזוי אַרום 1879, אַרויסגעצויגן קיין טשערנאָוויץ און איז דאָרט דעם 27־סטן יאַנואַר 1895 געשטאָרבן (זע די קינה אין „משכּיות לבב“, ז׳ 7).

דער ביאָגראַפישער ווערט פון די בריוו איז אויך נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט. ווען מען פאַרגלייכט, למשל, אונזערע בריוו מיט דער שטודיע פון פריער Biographisches über Benjamin Wolf Ehrenkranz זעט מען באַשיימפּערלעך, אַז צו שעפּן אַ ביאָגראַפיע פון זיכערע דאַטן איז אַנדערש ווי פון זכרונות און אויספּרעגעכצער. עס גלוסט זיך מיר אויך נישט צו גלייבן אין דער דערציילונג דאָרט, אַז וועלוועלע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון רומעניע. דאָך איז נאָך פריי צואַמענצושטעלן די זיכערע ביאָגראַפישע דאַטן. עס זאָל נאָר דערמאָנט ווערן, אַז מיר זעען וועלוועלען לויט אונזערע בריוו אין באַקוי (רומעניע), בראָד, דראָהאָביטש, וואַרשע, ווין, זבאַראַזש, טאַרנאָפּאָל, טשערנאָוויץ, לעמבערג, מאָלדווי (דאָס לאַנד), מאָנעסטערישטש, סאַמבאָר, סטרי, פּאַדוואָלאָטשיסק, פּיאַטראַ, קאָנסטאַנטינאָפּאָל, קראָקע, ראָמאַן, רוסלאַנד (די אימפּעריע). דאָס איז מסתּם נאָר אַ קליינער טייל פון די ערטער, וואָס וועלוועלע איז דאָרט געווען. דאָס דאָזיקע נע־ונד לעבן, וואָס ס'איז אים באַשערט געווען, האָט וועלוועלע, דער אייביקער פריינד און גוטער ברודער, נישקשהדיק אויסגעהאַלטן און האָט נאָך דערפון הנאה געהאַט. אַזוי האָט ער געקענט זאָגן („שפתי ישנה“, ז׳ 35):

אשוט אשא כנשרים אבר
אנוד אעבור כל נוף ופלח
טוב קללת אל מברכת גבר
עד זקנה ושבה הנני הלך.

פון דעם הומאָר אין די בריוו, וויל איך ניט ריידן, ווייל מיר קענען דאָס פון זיינע ווערק, אָבער וועגן דער שפּראַך איז כּדאַי אַ פּאָר ווערטער צו זאָגן. די שפּראַך איז דאָ גאַנץ אַנדערש ווי אין „מקל נועם“. זיין ליטעראַטור־שפּראַך איז ריין יידיש און דווקא אַזוי ווי מע רעדט אין גאַליציע. אַ דייטש וואָרט געפינט זיך נאָר דאָרט, וואו ס'פעלט אים אַ יידיש וואָרט צום גראַם. דאָס לשון פון די בריוו איז ווי פון אַ וואוילקענעוודיקן, אַ מושלם, וואָס ער האָט שוין לאַנג געלעזן דעם „דאָן קאַרלאָס“ און „די רייבער“ און אַפילו אויך „נאַטאַן דער ווייזע“. ער רעדט נישט מער מיט מאַמע־לשון, ווייל די דייטשע ווערטער האָבן זיך שוין שטאַרק

[1] געדרוקט 1895 אין באָניהאַד (Bonyhád), אונגאַרן.

צו אים אַריינגעכאַפּט. דאָס לשון איז אַ מישעכץ פון יידיש, דייטש און העברעאיש. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז וועלוועלע, דער גרויסער בעל־לשון, האָט אין העברעאיש פיל יידישיזמען. כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין נאַטור איז, וואָס ער באַנוצט די העברעאישע שפּראַך נאָר צו יומטובדיקע זאַכנס, צו די פּראָסטע זאַכנס געברויכט ער נאָר זיין יידישע שפּראַך. אַפילו צו דעם גרויסן העבראַאיסט משה אַרנשטיין שרייבט ער אויך יידיש, כדבר איש אל רעהו.

דערמאַנט מוז נאָך ווערן וועלוועלעס גוטער־ברודער עוזר ראָהאַטינער, וואָס ער שפּילט אַ ראָלע אין אונזער קאָרעספּאָנדענץ. ביי אים שטייט וועלוועלע איין אין לעמבערג, אַז ער האָט נישט קיין געלט פאַר אַ האָטעל. עוזר איז וועלוועלעס פאַרזאָרגער, זיין רעכטע האַנט, זיין שרייבער, זיין גבאַי. פון זיינע פאָר בריוולעך זעט מען, אַז ער האָט גוט געקענט העברעאיש. ער האָט געהאַט אַ שטיק גלייכע פּרנסה ווי וועלוועלע. זיין אומנות איז אויך געווען די לייט צו באַלוסטיקן. ער איז געווען אַ בדחן, אָבער דערביי אַ גרויסער קענער און אַ זאַמלער פון ספרים. שמעון בערנפעלד האָט אין זיין עזבון געטראָפן ראַפּאָפּאָרטס „ערך מלין", באַדעקט מיט הערות פון עוזר, וואָס זיי זענען ווערט מפורסם צו ווערן („תולדות שי"ר", ז' 123, אָנמערקונג 1). ער און ראובן בירער און נאָך אַ פּאָר האָבן אין לעמבערג געגרינדעט דעם פאַראיין „ציון". פּראָפ. מאיר וויסבערג, וואָס ער האָט מיך אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם אַרטיקל אין „נאַציאָנאַלקאַלענדער"[1], טיילט מיר מיט, אַז עוזר האָט אויך מיטגעאַרבעט אין דעם בלאַט „המזכיר — Ojczyzna", וואָס האָט געהאַט די טענדענץ צושטאַנדצוברענגען אַ התקרבות צווישן פּאָליאַקן און יידן.

די בריוו האָט די ווינער קהילה־ביבליאָטעק אין דעם הייעריקן יאָר מיט נאָך אַנדערע מאַנוסקריפּטן וועלוועלעס דערוואָרבן פון פּראָפ. וויסבערג, וואָס ער האָט דער ערשטער געשריבן אַ מאָנאָגראַפיע איבער וועלוועלען, די פיינזיניקע, באַקאַנטע אַרבעט: Wölwel Zbarażer, der fahrende Sänger des galizisch-jüdischen Humanismus (אין „מיטטיילונגען צום יידישען פאָלקסקונדע", העפט 31 און 32, און סעפּאַראַט 1909 ביי מ. וו. קויפמאַן, לייפּציג).

די בריוו זענען מיט קליינע אויסנאַמען אָפּגעדרוקט געטריי ווי די אָריגינאַלן. דערגאַנצונגען אין קאַנטיקע קלאַמערן. די אָרטאָגראַפיע האָב איך צום גרעסטן טייל איבערגעלאָזט ניט געביטענערהייט, מיט די גרייזן, מחמת זי איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם נערוועאישן צושטאַנד פון דעם שרייבער אויף זיינע נסיעות פון איין שטאָט אין דער צווייטער.

אַ שיינער האַרציקער דאַנק דער פריילין יודית לעווין, וועלכע האָט די קאָפּיע באַזאָרגט.

1 זע דעם ווינער Nationalkalender, יאָרגאַנג IV, ז' 100—101.

## ראשי־תבות.



## נומ' 1

בראָדי דען 14 דעצעמבער 1868.

לידידי אחי מו"ה מאיר נ"י

זה ארבעה ימים אני מתגורר פה בראדי ופה שמעתי אומרים כי הערר מאיר לנדוי[2] יבוא הנה על יום כלולות בנו, ואתה תתמוך צעדיו הודיעני נא אם אמת ונכון הדבר ואשמר יום בואכם הנה לא תתמהמו. אחיך המצפה לראותך וואלף עהרנקראנץ.

פקוד נא בשלום ידיד נפשי החכם הערר יוסף כהנא ובקשהו לבל ישכח הבטחתו אודות הרייזע פאס והכסף אשר יתן בגלל הדבר הזה באלף תודות אשיב לו ופקוד בשלום ידיד נפשי הנחמד הערן וואלף כהנא ובשלום הערר לאנדוי ובשלום כל דורשי שלומנו הנ"ל

אַדרעסירען

Herrn M. Weizer für W. Ehrenkranz.

2 פון דערזעלבער בערימטער משפחה, פון וועלכער עס שטאַמט אויך אַלפרעד לאַנדוי. איין זון מאיר'ס, איזידאָר, געב. 20/9 1851, איז דער באַקאַנטער פּובליציסט און פיל־יאָריקער רעדאַקטאָר פונעם „Börsencourier" אין בערלין.

## נומ' 2

Lemberg den 7—F—1869

אחי תקות נפשי החכם מו"ה מאיר עהרענקראנץ נ"י

דע לך איפוא אחי כי אהבתיך ונפשי ערגה לך ומאוד שוקקה לפקוד את נוך לראות שלומך ושלום אשת בריתך ושלום כל אהובי אשר מקרוב באו אלי ובחדרי לבבי מצאו ידים. אך מאת ד' היתה נסיבה לנסוע הנה כאשר אגלה את אזניך בבואי אליך—ולא נחמתי—כי נכח ד' דרכי. ולזבאראז אבוא, לא אדע מתי, אך בטרם יבואו ימי הפורים זאת ידעתי באמונה אם יאבה שדי ועתה אחי כבדני נא במכתבך כי תוך מכתבך רצופה מחית נפש. ותן שלום לאשת חברתך הנעימה ולבתך בוזע ולהעררן מינץ געברידער כהנא הארוויץ הארכיץ נוסבוים לאנדא הם ונשיהם ובניהם איך שרייבע אין דער גרעסטען איילע אונד האבע שלעכטעס שרייבצייג אחיך המחכה לראותך מהר וואלף עהרנקראנץ זבאראזער

מיינע אַדרעסע איזט

B. W. Ehrenkranz in Schafelschem Hause

נא אל תאחר משלות לי מענה.

## נומ' 3

Lemberg den 15ten Febroir 1869

אחי מא"ר! אם כנים דבריך וממקור לבך נבעו, ואם באמת ובתמים באו אלי דבריך במכתבך השגתי ברגע זה, לאמור „כי כבד תכבדני באשר אני אחיך הגדול רב ממך בשנים, אחוה לך דעי, נא אחי מלא חפצי, אמר עליך אגזורה לבל תכתרני עוד בתהלות למכביר נלאתי כלכל. זא איין טיטיל שרייבט איין קליינשטעטילדיגער רב צום בראדיר מגיד, זא ריפט מאן אויס א מחותן טאנצין, זא שרייבט מאן אנוסח אויף איין אלטן סופרס מצבה, מיין טיטיל איזט „אחי בנימין וואלף עהרענקראנץ בן הרבני המנוח ר' משה ז"ל" — חי נפשי אחי וחי נפשך וחי נפש אשת חברתך אשר אמרתי אחותי היא ונפשי תכלה לראותה כי אהובה לי מאוד כי בוא אבוא עירה זבאראז עיר מולדתי לפקוד נוך, לראות שלומך ושלום ביתך ושלום כל אנשי בריתך אשר באו גם אתי בברית אהבה לא נכזבת. אך! דע לך איפה כי הפעם ינהגוני אופני הזמן בכבידות, שׁנה טעמו הזמן הפעם, ומעשים אשר לא הסכין עמי לעשות יעשה עמדי בעת הזאת, כי מאז אָהַב אָהֹב הזמן לְצַחֵק בי והנני בידו כתפוח בכף הנער פעם אל רוח ירכיבני, פעם יפילני ארצה, פעם יאכל חצי בשרו ויחמול על הנשאר פן יושבת משחָקו ויוסיף לטלטלהו טלטלה מעלה ומטה ימין ושמאול אחור ופנים כאות נפשו וכטוב בעיניו, אך ירושת פליטה או שעשועים יעשה לו בנותר מנו כבֹהֶן יר ילד בצאתו מרחם, או כמדת חרצן קטן 1 ... אצבעותיו יקלענו מדחי אל דחי הנ[ה] והנה עד ימס והיה כלא היה... 1.

1 אַפּגעריסן.

(אויף דער אַנדערער זייט)

Den 16, dieses

איך קאנטע געסטערן ניכט מעהר שרייבען ווייל איך וואר אונפעסליך, יעצט איזט מיר גאטט זייא דאנק גוט ליעבער ברודער! גענוי קען איך דיר ניכט בעשטיממען מיינע רייזע נאך זבאראז איך האבע דיפעשען אויך בריעפע פון דראהאבאטש סטריא בארעסלאוו סאמביר געהאבט הין צו קאממען מאן ערוואַרטעט מיך מיט פאללער זעהנזוכט מאן פערשפריכט מיר פיעלעס, ניכט אבער דיס הינדערט מיר דיא רייזע נאך זבאראז, זאנדערן דאס אונגעוויטער איך קאן יעצט קיינע רייזע אונטערנעהמען איך ערווארטע נור איין געלינדערעס וועטער דאן באין מעצור ווערדע איך בעזור האל הין קאממען. מאיר, יותר ממה שהעגל רוצה לינק פרה רוצה להניק 2 איך ווילל זבאראז מיין געבורטס ארט זאלל וויססען ווער איך בין אונד איך ווייסע עס גיבט יעצט דאר[ט] מענגער דיא מיך צו שעצען וויססען איך האפע עס געהט דאצו עס ווירד באלד שעהן ווערדען אזי על כנף רננים אעופה ואשמחה בך ובאוהבי. גריסע מיר דיינע טהייערע פרוי רחל לעב דיא איך ליעבע ווי מיך זעלבסט גיב איהר פיר מיך איינען קוס ניכט וויא איין עהעמאנן זאנדערן וויא איינען 3 ליעבענדער שוואגער דען מאן וועלוויל זבאראזער הייסט. פיעלע גריסע אונד קיססע מיינע טהיירע אונד... 4 אונבעקאנטער וויזע... 4.

## נומ' 4

Lemberg den 22ten Feb. 1869

לאחי תקות נפשי בשם חיי מו"ה מאיר עהרענקראנץ שלום וברכה מאת אלקים.

מכתבך מן 18 אמש השגתי ולא יכלתי תת לך מענה עד היום, כי אמש השגוני מכתבים מאהובי ורעי מקאסטאנטינאפעל ממאלדאווע מבראדי והמה ראשונה באו אלי ותלא ידי גם סעיפי לבי רפו אמש, והנני היום לא אחרתי רגע בקומי ממשכבי והנה עטי בידי, דוא האסט וואהרשיינליך געשפאסט דאס דוא מיר שרייבסט דאס אחינו אברהם בא ראשנה במכתב ידו אלי ולא ראיתי, איך שרייבע יעצט אין דער גרעסטען איילע איך מוס מיך עמפפעהלען מיט ידידי שור, ואבקש ממך שאהבה נפשי ומאוהבי ורעי אשר ערגה נפשי להם אשר ידרשו שלומי כל פעם מיר ניכט מעהר צו ערוועהנען וואן ווערדע איך נאך זבאראז קאממען. באמונתי נשבעתי דאס איך וויל מעהר ושבעתַיִם לתשוקתי לבוא שמה ואי"ה בבואי אליך ווירסט דוא מיר געשטעהן דאס פריר האבע איך ניכט קאממען קעננען. עס ווירד ניכט דויערן לאנג איך ערווארטע נור איינען בריעף אדער געלד אויס ווארשוי — פאן ליבש שור זאל דיך ניכט ערגערן ער ליעבט מיך עהרט אונד שעצט מיך ווי איינען גאטט. האבע איך דיך

2 פסחים דף קי"ב ע"א.

3 לייען: איין.

4 אַפּגעריסן.

דען צו ריידע געשטעלט? איך ווייס נאך מעהר וואלטע דיר אבער קיינע פאַרווירפע מאכען, ווייסט דוא ווארום? וויל עס אללעס פערציעהען, לבני רוחי נפשי. ענו ואמרו סלחתי, והפעם אֹמר כי לא שגית לא חטאת נגדי בשכבר הימים הכל ישכח ואהבה תכסה כל פשע, ווארום האבע איך ניכט איינען גרוס געהאבט פאן הערן יוסף כהנא — ווער ווייס וויא איך איהם מעודי נער געעהרט אונד געשעצט האבע אונד יעצט וואהרשיינליך ביי מיינעם רייפען פערשטאנד אוקיר ערכו כפלים ונפשי דבוקה חלקות לי כי גם בעיניו אֲכֻבַּד ומדוע לא נתנהו לבבו לדרוש שלומי פעם גם לא הודיעני אם דיא 50 עקזעמפלארע מקל נועמס [1] באו לידו, ווארום וואוע מיך ניכט גריסט ווייס איך, וויל ער וויל ניכט, אויף ר' יוסלי כהנא איז דאס אבער קיין תירץ ער מוס דיר זאגען ווארום, מאיר פיללייכט איזט מעגליך שיקע מיר אברהם נוסבוימס בילד גריסע אלע פריינדע איך מוז געהן גריסע אונד קיסע דיין מיר זעהר טהייערס ווייבכען אונד דיא גילדינע בוזע אדער בעטע. שמורה מעגסט דוא אנגרעטען על פסח למעני — הַמְנס אויף פורים אונ שמורה אויף פסח איזט היער זעהר בילליג נור מגלות און אגדות [2] זינד טהייער מאן פינדעט איבעראלל אן שטאט אגדות [2] אונ מגלות נור קינות. חיה בטוב ובנעימים כאשר מברכך אחיך אשר יבוא מהר בע"ה לראותך

בנימין וואלף עהרענקראנץ.

מיין וואונש איזט איך זאל ערשט חג הפסח קאמען איך זאלל נישט אנקוקען דיין ישיבה מיט די תלמודים נור ווען איך ווערדע פריהער קאממען איך אוכל התאפק? עוד בי תקותי דיך פאַר אויס רבי צו מאכען נור ניכט שמדן. [3] בעט בוזען למעני זאל מיר אויסארבייטען אתפילים זעקיל, גריס למעני משהלי חסיד און דוד משה מעשיל און פייגע נטע בערס.

איינע וועללע שפראַך צור אנדערן
„אך וויא קורץ איזט דיעזעס וואנדערן"
אונד די צווייטע צו דער דריטטען
„קורץ געלעבט איזט קורץ געליטטען"

ווארום די צווייטע צור דריטטען? וויל דיא ערשטע איזט שאן ניכט מעהר דא איז שאָן פארניכטעט.

וכה אמרתי אני
גַל לרעהו הָמָה
„חלדי כְּצֵל דָמָה"
ולשלישי השני
„קְצַר ימים קצר עֹנִי" [4]

הנ"ל.

1 מסתמא דאָס צווייטע העפט, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין לעמבערג 1868 (אויפן דייטשן טיטלבלאַט: 1869).

2 לייען: הגדות און טאַקע נאָך אַמאָל הגדות.

3 „אויס רבי — שמדן" גייט אויפן רבי ר' בעריניו, וואָס די קעגנער פון די סאַדיגורער האָבן אויף אים בעזאָגט, אַז ער וויל זיך שמדן. דערפון האָט דעמאָלט דער עולם אומעטום גערעדט.

4 געדרוקט מיטן טיטול: „גלי הים" אין שפתי ישנה ז' 60.



## נומ' 5

Lemberg den 2ten März 1869

לאחי יקירי מו"ה מאיר עהרענקראנץ נ"י.

מאיר! מי צוה אותך לאמור „עצרת תהיה לך לבל תען עוד את אחיך הקורא אליך מרחוק וישא קולו באהבת אמת ואחוות עולם" ופקודתו תשמור רוחך, אם טוב בעיניך לשים קנצי למלים ואהבתני כמאז תשב בדד ודומם כל היום מבלי הַשְׁמַע קולה, הלא לך לדעת אחי, כי כאשר הנני מהיר במלאכתי ת"ל לחוק עלי גליון ולכתוב בחר(ד)[ט] אנוש לגלות לעיני השמש כל מצפוני לבי, גם בכתב, גם בשפה, ככה, אין מחריש כמוני לו אבה, למה ירע בעיניך אם אמצא נחת רגע קטן בקראי מכתבך או אם גם כל היום ההוא? מה ממך יהלוך? בשמחי אל גיל באחים וירדוח [וירוח] לי רגע קטן, מי לי עוד בארץ אח או אחות זולתך? ואם למשא עליך לדבר עברית כי שיג ושי(ח) לך עם הבנים ללמדם ספר ווער צווינגט דיך העברעאיש צו שרייבען? איך ווילל מי דיר בעהיטע גאטס נישט אשידוך טוהן מיר געפעלט זעהר דאס ווייב וואס דיא האסט איך זוכע אויך זא וואס איך האבע צוואר דריי געפונדען נור איינע האטטע איינען מאן, דיא צווייטע איז נישטארבין דיא דריטטע האסט דיא לאורך ימים אל תתמהמה הפעם ואל תאחר רגע פקוד את אשתך ובווע בשמי אונד גלייך שריי-בע מיר אנטוואָרט אחיך המצפה לראותך וואלף עהרענ-קראַנץ

זא באלד דיא ווירסט דען בריעף על הפאסט געבען תפקוד בשלום אַחַי הנאהבים הנקובים בשמותם במכתבי הראשונים הנ"ל

בעאנטוואָרטע מיר אללעס אשר שאלתי אותך במכתבי הקודם.

## נומ' 6

Lemberg den 14ten Marz 1869

אחי חמדת חיי מאיר עהרענקראנץ נ"י.

אמת לעת הצהרים באתי הנה מדראהביטש — והנה כמראה הבזק בין חשכת עבים והשכת ליל היו לי שני המכתבים מידך אלי השגתי שמה בשבתי על מרכבת הבידור [5]. פתאום קול קורא „ווער פאן אייך מיינע הערען הייסט ב. ו. עהרענקראנץ, איך. קראתי, ואקח את שני המכתבים מידו ואחריש ואדום ואתאפק רגע קטן, אחר אמרתי אל לבי מה זאת על כנף רננים אלי שמה טשה ברוח! שור! כמו גליון כתוב בחרט גיל וששון „האח! בגד! [6] האח! בגדו" [6] וארא והנה מגלה עפה מזה ומזה היא כתובה, מזה בשורה נעימה מדשנת עצם ומשמחת לב, מזה אחוה ואהבת אמת מאח דבק רוח מרוח בשר מבשר ואמרתי על

5 מרכבת הבידואר (אדער דוור): דער פּאָסט־וואָגן.

6 מזל־טוב.

כן יעזוב איש את יגונו ואנחות נפשו ודבק באחיו אשר כצלמו וכדמותו ויתן אל לבו ענג ונחת. מזל טוב ברודער כזל טוב שוועגערין מזל טוב בעטי. העטטעסט דוא מיר געוועזען טעלעגראפהירט ווערע איך געקאממען אויף דעם ברית. יעצט איזט אונמעגליך. איך ווערדע ערשט על חג הפסח קאממען וויר ווערדען אונז איין נייעם ברית מאכען, נור ניכט נאך איין מאהל שניידען אונד בייסען אונד רייסען זאנדערן בייסען אונד טרינקען.

מאיר! למה רגשי רעיוני וסעיפי יהגו אימה בעלות על זכרוני כי אשים בעוד ימים אחדים פעמי לעיר זבאראז עיר מולדתי, הנה פעם רוחי החוזה ולבי הרואה המביט בראי מֻצק הזמן לדעת דבר בטרם היותו ומקרה יום בטרם הֻלדו הפעם חזות קשות יגיד לי, רעיונות מבהילים גדודים יבואו כתרו נפשי מנוחה ידריכוה, אמש ישבתי בדד באהלי גלמוד אין איש אתי ואתחשב ואשתונן כליות ואדלה עצה ממעקי לבבי לדעת מה זאת פתאום באה אלי התוגה הארורה.

## נומ׳ 7

Tarnopoll den 5ten May 1869

אחי יקירי מו"ה מאיר עהרענקראנץ נ"י.

איך האבע יעצט קיינע צייט צו שרייבען גריסע דיינע פרוי אונד בוזע אונד אלע גוטע פריינדע מיין בריוו זאמט גריסע לכל איש ואיש יקום בשמו ווערדע איך פאן לעמבערג שיקען אונד גיב אפ די מציאה דאס לייבצודעקעל[1] גרשון שולבוים ער מיינט ער האט מיך רייך געמאכט מיט דעם אלטען לייבצודיקעל די ציצית זענען נישט פריש איך האב מיר פערדארבען דעם מאגען. היר האט מאן מיר געמאכט צום פריזענט 2 לייבצודעקלען וואס זענען אנטיקעס. דיא אויפגיקלערטע חברה האבין מיר געשיקט איין וויים אטלאסינס מיט שענע ציצית פרישע אין דעם געה איך. און די חסידים האבען מיר געשיקט זעהר אנהיירס וואס איך וועל עס בעהאלטען לדור דורות. נאר או איך וועל זיין עריו"כ אין זבאראז וועל איך עס אנטיהן און וועל געהן מיך איבערבעטען מיט לייזער דעם בלינדען און וועל מיט איהם שלאגען כפרות. דיא חסידים האבין געפינען איין אַלטען ווערך[2] נאך פין נתנאליס ספאדיק און דעם רֶבס בעל תוקֶע האט עס צו געשניטין מיט אַמולמעססער און דער סופר האט עס גינייט מיט גידין און דיא כנפות האבין זע געמאכט פין דיא שפיצין פין ר׳ יקותיאל הסידס שטריימעל און יעדער ציצי פין 7 שטע-

1 וואָס פֿאַר אַ שפּאָס דער נדבן גרשון האָט מיט וועלוועלען געמאַכט, קען מען אויס דעם בריוו נישט זען. זע נאָך נומער 12 און נומער 32. — צלע די הייליקע זאַכן אין איין ווערעניק צריינצושטעקן, איז אַ ספּעציאַליטעט פון וועלוועלע, ווי, למשל, „משיחס צייטן".

2 ווערך, דער אייבערשטער טייל פונעם ספּאָדיק, אויס סאַמעט אָדער וועלוויט געמאַכט.



קאליך פין דער הושענא און דיא קניפען פין דעם רימידעל[3] פין דעם הליצה שוך און פיער חסידים האבין עס גיהאלטען בא דיא פיער עקען און איך אליין האב עס אנגעמאכט, נא? דארף איך גרשנס לייבצודעקיל ווען גרשון וויל איך זאלל איהם גידענקען זאלל ער מיר מאכען איין אנדערעס פריזענט מיט לייבצודעקליך בין איך שוין ב"ת פערזארגט. זאג אברהם נוסבוים איך פאהר נאך לעמבערג נאר איך האב קיין געלעגענהייט און דער פאסט וואגאן איזט בעזעצט דער היזיגער חזן איצט עבען יעצט גיוועזען בא מיר אונד בערעדעט מיך איך זאלל היער פערבלייבען איבער שבת אבער איך וויל ניכט ביז ווערדען קאממען אייניגע אנזעהענדע פערזאננען איז מעגליך איך זאלל אפאר טאגע היר אויסבלייבען חיה בטוב ובנעימים כאשר תברכך נפש אחיך

וואלף עהרענקראנץ.

## נומ׳ 8

לעמבערג דען 9 טען מאי 1869

אחי מאיר

מיר איזט אונמעגליך צו עררואטהען ווארום דוא האסט מיר קיינע אנטווארט געשריבען אויף מיינען בריעף פאן נוסבוים האבע איך שוין 3 בריעפע געהאבט פאן דיר ניכט איינען ווארום איזט דאס? שרייבע מיר באלד וויא דיר עס געהט אונד וואס טוהן מיינע שוועסטער חוה אונד חנה אונד ווא איזט חנה. אונד וואס האסט דוא געמאכט מיט בוזע איזט זיא נאך בייא דיר אדער איזט זיא שאן פעררייזט שרייבע מיר אללעס דייטליך אונד איך וויל וויססען די אורזאכע דיינעס שוויגענס ביז יעצט וואס מאכט רחל דיינע פרוי שרייבע מיר אללעס אונד באלד ולמען הקֶל מעט משאך שיקקע איך דיר 5 גולדען יותר אין ידי משגת כעת נאך ווארשוי פאהרע איך ערשט קינפטיגע וואכע דיא אורזאכע ווערדע איך דיר שרייבען אין דעם צווייטען בריעף לעבע וואהל אונד גליקליך זאמט דיינע טהיירע פרוי דיא איך גריסע אונד קיססע פיעל מאהל אחיך המצפה לראותך בקרב

וואלף עהרענקראנץ

מיינע פאטאגראפיע ווירסט דוא בעקאממען קינפטיגע וואכע יעצט איזט זיא נאך ניכט פערטיג. פערגעסע ניכט דיא אדרעסע

Herrn Oser Rohatiner[4] № 45 3/4

איך שרייבע יעצט אין דער גרעסטען איילע.

3 קליינער רימען פון לעדער.

4 וועגן עוזר ראָהאַטינער זע אויבן ז׳ 5.

## נומ׳ 9

Tarnopoll den 12 May 1869

אחי מאיר!

אדמה כי כמוני כמוך בלתי רודפים אחרי הכבוד. כל זה שמחני איש אחד מיושבי טארנאפאל. אמש פקד את נְוֵי ברכני לשלום ובידו מגלת ספר נוקב בשמו(השחר) מהחכם הגדול כמאלענסקע אשר שם עין בקרת על כל המליצים על כל חוברי מחברת ובכלם מצא מגרעת גם בספרי המליץ הגדול הישיש לעטעריס מצא מומם בם. הבט נא וראה בעבר השני אשר כתב על חבורי. כלו כבוד אמר מבלי מום וחסרון ולמה לא ישמח לבי ו[י]גיל כבודי? ת״ל כי תהלתי בפי חכמי ארץ ומהמבקו״ים הגדולים לא יירא לבי כאשר מאז מלתי על לשוני ורגל בפי כהמבקרים לא איר?? ולא להם אקוד ואשתחוה להלל מעשי בשער וזה אות כי לא שלחתי מעודי אליהם חבורי. וכאשר נשאתי משלי בהקדמתי לחבורי מקל נועם מחברת ראשונה לאמר (ובחץ לשוני אנקר גם עיני המבקר) והנה שאלתי את אחד מיושבי טארנאפאל להעתיק אות באות את דברי החכם הנ״ל ולשלחם אליך כי ידעתי כי שמות תשמח בם אחיך אוהבך וואלף עהרענקראנץ

אלף ברכות יחילו על ראש החכם המשכיל רופא נאמן כש״ת מו״ה אַ שנייד ד׳ יחייהו ויחלישהו ויטה ידו עליו לטוב כל הימים עם אשת חברתו המשכלת וכל אנשי ביתו

הנ״ל

והיה מאוד חשקה נפשי לבא ביתך על חג [1] הבע״ל ונתעלסה עוד ימים שלשה אך האחת לך אגיד כי תקותי בטארנאפאל נשארה מעל כי יושביה דלים ופתאים ואין באמתחתי זולת כסף הנסיעה ללבוב ואין נפשי לשאת עיני אל יושבי זבאראז כי אנשי שלומנו שם אין ידם משגת לתמוך ידי ואשר כסף תועפות להם כספם אלהיהם וזהבם מפלצתם לכן חיה בטוב ובנעימים ופקוד בשלום אשתך הנעימה מ׳ רחל תי׳ ובשלום בתך מרת בווע תי׳ ואל תאחר לשלוח לי מענה על מכתבי זה

הנ״ל

[העתקה נאמנה מאת המליץ המפואר

פרץ בן משה סמאלענסקין בעל השחר מן וויען חוברת שביעית וז״ל:

מקל נועם שירי עם (פאלקסלידער) בלשון המדוברה בין היהודים בארצות פוילין ומאלדווא עם העתקת לשון עברית מאת וואלף עהרענקראנץ זבארזער מחברת שניה.

Stauropigianische Drukerei Lemberg 1868

אם כי לא ישרו דרכי המשורר הזה בעיני כי עשה את שפת היהודים הנשהתה לעיקר ואת השפה העבריה לטפל לה, בכל זאת לא אוכל לשים מחסום למו פי להגיד לו ישרו, כי מעשה ידי אמן ופלא תחזינה עינינו בהספר

[1] שבועות איז דעמאָלט געווען דעם 18טן מאַי.



הזה, לא במלאכת השיר ולא בהשפה הגביר חיילים כי אם ברוחו, רוחו רוח משוררים מאוד נעלה וחן ונועם שפוכים על כל השירים האלה, וישנם גם שירים אחדים (כמו שיר כ״ז הימים הקדושים, החכמה הומיה, התבל מקום שעשועים, עתות משיח) אשר גם לגעטהע ולשיללער לכבוד התחשב לכתוב שירים כמו אלה. ועוד זאת אף כי עשה את השפה עבריה לטפל, וגם נראה בעינים כי לא ישגה בה יומם ולילה, בכל זאת נשתומם מאוד בראותנו איך תמצאנה לו מלות עבריות בהדרשן לו להלביש בהן רעיון חדש במחזות תוגה ועצב כמו בהשיר התבל מקום שעשועים ומחזות שחוק והתול כמו בעתות משיח עת ישים דבריו בפי חסיד שוטה אשר יחכה לקץ לעת יוכל רבו בשמחות וגיל אל הר הי ודש ויספר לאחת אחת את כל הכבוד הגדול אשר יעשה לו שחוק יעבור על פתחי פינו בראותינו את המרכבה המפארה המשוזרת מפתילי תכלת, אופניה מעצי שיטים בדיה מעצי גופר השוט לסוסים מן קרן איל עם גדילים הלא הוא מחזה נפלא מאוד. אך המחזה השני נפלא ממנו:

בהמה תמה תהי רתומה
כמוה אין בדורנו
לא סוס וחמור רק פרה אדומה
למשוך מרכבת מורינו!!

ישים הקורא לנגד עיניו המחזה הזה „מרכבה רתומה לפרה אדומה" ויבין את החסיד ודעותיו ומשאלות לבו— אך לוא לעצתי יקשיב המשורר, עצתי אמונה לו כי לא יוסיף עשות כלאים שפת יהודית עם שפת עבר, אז יוציא לאור שיריו בשפת עבר לבד וימצא לו קונים הרבה יתר מעתה אם אך ישים עיניו ללבשם במדי כבוד הלא המה ניר ודפוס טוב והגהה טובה — המשורר הזה הוציא כבר לאור חלק ראשון מן מקל נועם וספר חוזן למועד אשר גם בו ימצאון שירים ערבים מאוד.]

## נומ׳ 10

Lemberg den 31 Mai 69

אחי מאיר בחמישי העבר באתי הנה לעמבערג בגֵו נשבר ונדכה, וכמו על גבי חרשו חורשים ישברו עצם וגרם ולא נתנוני להנפש אוהבי ורעי ובתוכם הערר פעריל־מוטער ואביו ושררו שירי בלב רע. איך וואר ענטשלאססען לשום פעמי לווארשוי היום, אונד עס האט זיך צופעלליגער ווייזע אנדערס געמאכט ווערדע איך ערשט מיטוואך וויס־סען וואהין איך ווערדע מיינע רייזע אונטערנעהמען אללענפאלס ווערדע איך מיטוואך לעמבערג פערלאססען עס וואונדערט מיך מדוע לא שלחת לי מענה על מכתבי למעה״ש ברגע תקרא מכתבי מיר אנטוואָרט צו שרייבען דיא אדרעססע

Herrn Oser Rohatiner № 45 3/4 für W. E.

חבוק ונשוק ופקוד בשלום אשת הברוך הנעימה ותן

שלום לבתך בזוע ת'. וברך את אחיותנו חוה עם חנה אחיך המצפה כעת למכתבך ותקותו לראותך בקרב

Wolf Ehrenkranz

דיין בריעף ווירד מיר צור הענדען קאממען ווא איך זיין ווערדע

בנהר נוטה שלום וכל טוב לידידי אחי ידידי נפשי כמהו"ר מאיר יאר ד' פניו אליך סלה! עוזר ראהאטינער.

## נומ' 11

Warschau den 7 Juni 869

אחי מאיר

איך פויל מיך ניכט נאך איין מאהל דיר דיין בריעף צוריק צו שיקען און דיך פרעגען הסוד בעמוד ב' שורה 15 לגלות לי כי רזי לי. דאס וואס איך אברהםן פארגעצאגען דיר איזט ניכט וואר. דיא זאגסט פאן ריידען, וואס זאלטע איך מיט דיר ריידען? מיט איהם האב איך אויך נישט גערעד נאר געטרינקען דוא ביזט אבער פערקויפט. מיט וואס פיר איין הערץ איך בין אין זבאראז צום צווייטען מאהל 1 ווייסט דוא ניכט נוסבוים יא כי לא חפצתי להדאיב נפשך אם אין לאל ידיך לעזרני. וואס דוא אויסדריקסט פרעמד פאר דאס זייניגע דאס איז שטאק יודש אין אז מאטי אין רחל זינד דאס מייניגע? איך מוס יעצט צום צענזאר געהן איך קאנן ניכט פיעל שרייבען. פאן מיין רענצעל פעהלען מעהרע ליעדער, דיא פאר מיינער אברייזע פאן לעמבערג נאך זבאראז מיט מייגע הענדע הין געלעגט זינד ניכט דא, וואהרשיינליך האסט דוא זיא גענאממען, שיק זיא ר' עוזרן כי למשא כבוד הוא לכתוב עוד הפעם און איך ברויכע זיא וועגען הדפוס און ר' עוזר שרייבט אללעס אין ריינעם. מיט דער צווייטער פאסט ווערדע איך דיר שרייבען וויא מיט מיר היער צוגינג אונד וויא עס יעצט מיר היער געהט. גריסע מיר הערצליך דיינע טהייערע פרוי ותן שלום לידיד נפשי לאנדוי עס געברידער הארוויץ מאן ווירד מיר שיקען פאן לעמבערג נאך 4 בילדער ווערדע איך איינס העררן לאנדוי געבען הארוויץ קאן עס אבקופירין אין טארנפאל עס קאסטעט זעהר וויניג איינס מוס איך דען העררן דאקטאר שנייד שיקען דען איך הערצליך גריסע זאמט זיינע ווערטהעסטע געמאהלין איינס מוז איך אויך דען העררן דאקטאר רייזנער שיקען דען איך עבענפאלס גריסע אונד קיסע זאמט זיינע ווערטהעסטע פרוי איינס מוז איך אויך משה בנימן מינץ שיקען אונד מעהר האב איך ניכט העררן דאקטאר שנייד זאלסט דוא אויסווענדיג דען גרוס אבגעבען נור ניכט שפעטער דרייא טאג נאך מיינער אנקונפט נאך זבאראז ווייל איך קאן איהם ניכט עטוואס צושרייבען יעצט איך בין זעהר בעשעפטיגט זאג העררן דאקטאר רייזנער אז איך האב פאר איהם קיין מורא ניכט און ביטטע איהם ער זאלל גריסען

1 דערגאַנץ: בצוועזן. וועלוועלע האָט, ווי מיר זעען, געהאַלטן זיין צוזאָג פון נומער 9 צו קומען אויף שבועות.

מאיר העט ליבער רייצנביין עט פאמיליע פריינדליך, ווען עס פינדעט זיך איין באללען 2 ער זאלל מיין בילד אבקופירען וויא דוא זאגסט זא ווערע מיין וואונש ליבש שור מאיר רייצענביין עט ליבער אויך ידיד נעורי וואלף כהנא אונד מיינען פריינד גאָלדבערגער דעם איך הערצליך גריסע אונד קיססע זאמט זיינע ווערטהע פרוי אחיך וואלף עהרענקראנץ שרייבסט מיט פערבונדינע אויגען ביסט דוא אויף דער חתונה געפאהרען דאס איזט מיר אונבעגרייפליך ווער האט געצוואונגען אונד וואס פיר איינע דיענסט קאן מאן אין זא איינעם צושטאנד לייסטען אללעס לייכטזין אונד שגעון ווען מאן קראנק איזט זיצט מאן צו הויזע.

(צושריפט פון ר' עוזר)

לידידי ר' מאיר עהרענקראנץ נ"י

את זה השגתי היום דען 4 ד"מ ואשלחהו השיב דבר לאחיך כאות נפשו וכחפצך ואשלחהו לעיר ווארשא במכתבי השני שלח לי השירים כאשר יצוה עליך אחיך במכתבו זה ובפרט השיר „דער רבי אויף דעם ים" כי נחוץ הוא לי להעתיקהו כאשר הודעתיך כבר והחיים והשלום אתך ולכל בני ביתך מעת הועד עולם ידידך

Oser Ronatiner

## נומ' 12

Lemberg den 16ten Juni 1869

אחי מאיר! צוואר האב איך נאך די זכיה נישט געהאט איך זאל פון דיר איין שרייבען ערהאלטען אהנע צרות קרענקונגען דאבייא צו האבען אונד בלאז אויס דער אורזאכע וויל דיינע בריעפע זינד איממער כדברי ספר החתום אונפערשטענדליך אונד ניכט לעזובאר. דוא ווארפסט מעהר קיינען בליק אויף דיינעם שרייבען האסט איין מאהל געשריבען אונד ביזט עומד על דעתך דאס דיזעס שרייבען אהנע פעהל איזט. דאס קאן איך, ניכט דוא, איממער זינד דיינע בריעפע וויא זוהר, איך פערשטעהע זיא ניכט, ווען דוא קיינע צייט האסט אדער ניכט אויפגעלעגט ביזט דייגען ברודער אפאר ציילען צו שרייבען, אויך וואס נאָטהיג איזט ניכט בלאז איין מכתב שלומים, אונד עס איזט דיר למשא כָּבֵד ווילסט לאז ווערדען, טוהע וויא איך ווען איך אין דער איילע שרייבע וויא יעצט וויל איך פאהרע באלד האבע נור איינע האלבע שטונדע צייט דיא באהן געהט באלד אב שרייבע איך ניכט העברעאיש, ווער צווינגט דיך נור העברעאיש צו שרייבען, ווילסט דיך פאר מיר פארשטעללען? יעצט ווערדע איך אויפמערקזאם מאכען דאס דיין שרייבען איזט כלו מום וחסרון. נאך מעהר בעפאר איך האבע געעפנעט האבע איך דען גרעסטען פעהלער ערבליקט אן העררן עוזר ראהטינער זאללסט דוא דיא בריעפע אדרעססירען, אבער פיר מיך. שרייבסט אן העררן עוזר רא-

2 מסתם ניט בעלן — ווייל עס איז אים פשוט נישט איינגעפאַלן די עטימאָלאָגיע, אָבער נישט אויס פרינציפּ.

האטינער אין לעמבערג ער עפענטע דען בריעף אונד זאגטע ענטשולדיגען זיא הערר עהרענקראנץ דיעזער בריעף איזט פיר זיא. איזט דאס רעכט? דאן העבט זיך אן נסתרות ונעלמות ודברים סותרים זה את זה ניכט לאגיש ניכט גראמאטיקא=ליש ניכט העבראַיש ניכט דייטש ניכט יודעש, דא האסט דוא דיינען בריעף גיב איהם מאיר לאנדוי אדער ליבש הארוויץ לאזען צו דיר זאגען וואסט דוא מיינסט — פענגסט אן כי תגיד לי את כל לבך אונד באלד דארויף זאגסט דוא, לא תוכל להוציא מהשפה ולחוץ. אונד ווארום זאלל פיר מיך איין געהיימניס זיין? דאן ווידער דברים נעלמים וזאת נחמתי וכו'. מה זה הנחמה אונד וואס פיר איין צוזאמענ=האנג האט דאס עם דבריך מראשית? ואולי זאגסט דוא נחַמְתִּי ג"כ לא ידעתי פתרונו, אתה נחמתָ על אשר עשיתי אני, אונד ווארום זאלל איך דארט ניכט איינקעהרען מעהר שרייבסט דוא מיר ניכט ווארום. איזט דענן איין מאנן פערפפליכטען אלס עהרענמאנן, וואָהין ער קאמט ווילל איר=גענד וואָ אין איין האטעל איינקעהרען צו פראגען אב דער ווירטה ניכט איינסט א משרת וואר אדער דיא ווירטהין איי=נע מאגד? ואם רצונך כי אתקע אהלי בבואי לטארנופאל בבית האשה סילץ איזט מיר רעכט זא האסט דוא שריי=בען זאללען ואני אמלא רצונך למה שפכת בוז על דוד ואשתו? מה חטאו המה ואם חטאו מדוע לא הגדת לי ולמה לא כתבת לי וואס אן וואַן האבען דיא מענשען געגען מיך געפעהלט? ובאמרך כי כלם שמו ידם לפיהם, איז מיר רעכט וויל זע זעננען פארהעס בעזיצען קיינען מוטה, וויס=סען ניכט וואס פריינדשאַפט אונד וואס וואהרהייט איזט, אבער ווארום שרייבסט דוא עת לחשות? ווארום? מדוע ישאו פניו? הלא דל הוא גם ערום בדעת? ער איזט גרשנס [1] שוויגערפאטער? נון? וואס איזט? איזט גרשון מטיל אימה על כל יושבי זבאראז? עת לחשות? עת לדבר וואר איהם איין פערוויז צו געבען, [2] דאס ער איין גראבער ליג=נער איזט דען זיא צווייפעלן ניכט וויא אויך די גאנצע וועלט, דאס השיר אחד מבני הוא וראשית אוני הוא הבכור בין ילדי מליצתי דאס הייסט פאן דיא פאלקס ליעדער, ואיך הורה דרכי בעבריה וועון ער אויך יעצט ניכטס פערשטעהט, ווארום האט מאן איהם ניכט געזאגט, וויא אונטערשטעהט ער זיך צו קריטיזירען איבער איין ווערק המהולל בפי כל חכמי לב ודורשי תושיה המליצים הגדולים גדולי הדור ההוא וכלם יתנו כבוד לי אין אחד מצא מגרעת? פאן מאנ=

1 זע נומער 7, אַנמערקונג 1. אונזער ברייו גיט אַ שטיקל פּירוש צו דעם לייבצודעקל פון נומער 7. דער גאַנצער שם־רע גייט אַפּנים ארויס פון טאַרנאָפּאָל, און גרשון איז דער ראש־המדברים. דעם ברודער האָט עס אָנגעכאַפּט ביים הארץ, אַז וועלוועלע האָט אַזוי ווייניק מליצים געפונען, זאָגט אָבער אַלדינגס נישט ארויס. דאָס לייבצודעקל איז אפשר ממש אַ לייבצודעקל, כּדי וועלוועלן געבן צו פאַרשטיין, ער זאָל זיך האַלטן אָן די אָריגינאַל־מוסטערן און נישט נעמען ביי אַנ־דערע. זע דערצו „מקל נועם", ז' 5.

2 איין וואָרט איז פאַרמעקט און נישט איבערצולייענען.



שעסטער פאן לאנדאן פאן פאריס האט מאן געשיקט אום מיינע ווערקע מקל נעם מיינע ווערקע זייט 20 יאהרע [3] זינד אין דיא גאנצע וועלט פאַסט האט נאך יעמאנד געוואגט איינען פעהלער אויסצוזעצען? איין בעריהמטער העברעער האט בעוואונדערט דען מקל נעם ותהלות פיהו על מחברתי אין חקר. נור איין ווארט וואר איהם ניכט ריכטיג, האט ער זיך אויסגעדריקט בזה"ל „ער קאן זיך שאן זא וואס ערלוי=בען ווייל ער איין געווייהעטער דיכטער איזט" ווארום עת לחשות? לשלוח לך השירים רצונך? איכה יערב לבך לשאול זאת מידי? נאך דעם דאס מיין אינטימסטער פריינד אברהם נוסבוים, דעם איך מיין גאנצעס צוטרויען שענקטע לבי בטח בו מעהר וויא אין אללע מיינע פריינדע מעהר וויא אין דיך זעלבסט האט מיין גוט מיין פערמעָגען פעראונטרייעט זאלל איך נאכמאלס איין דומהייט בעגעהן? אברהם נוסבוים וואר פיזים [4] יעצט, פאן נון אן ווערדע איך ניע איינען פריינד האבען. צווייטענס, זינד דיא ליעדער שאן אין דער דרוק ביי ר' בעריש לֶאריע [5]. ואתה [עתה] אספר לך את כל. לאברהם נוסבוים כתבתי ושם בקשתי לבלתי גלות את אזניך מאומה וזה כי לא חפצתי להדאיב את נפשך כי יָודַע לך כי ברע הייתי פה ימים אחדים זאלשט דיר ניט פארווירפע מאכען [6] דאס דיא מיר צוריק נאך זבאראו פערלאנגטעסט דען דאס וואהר דיא אורזאכע דאס איך אהנע [געלט] גע=בליבען בין ועתה אספר לך את כל. באתי לבובה מיט 5 fl. אין דער טאשע (אונד האבע געשוואָרען איך זאלל מיך אין לעמבערג ניע פראדיצירען אויסער לפני הגדולים אין בייא איהנען מאכט זיך זעלטען) וואלטע ניכט מעהר איינקעהרען אין האטעל האבע איינגעקעהרט לבית ר' עוזר זאלל מיך וויינגסטענס קאסטקווארטיר ניכט קאסטען והוא יצא בריגה לקראתי ואחר כבוד אספני אליו הביתה. אין לעמבערג וואר [איך] שולדיג 25 fl. 25 fl. ברויכטע איך נאך ווארשוי, ווען איך ניכט אין קראקוי איינִיגע טאגע פערבלייבען ווערדע איזט 50 fl. 20 ברויכטע איך וועגען שְׂהע עטוואס קליידער דער גלייכען אונענטבעהרליכעס זינד 70 עטוואס פערצעה=רען מוס מאן אויך מאכט אויס 80 אדער 90 גולדען ווא נימט מאן דיעזע סוממע? איין הערר אויס קראקוי וואלל=

3 דאָס ערשטע ווערק „חזון למועד" איז ערשט 1858 גע־דרוקט געוואָרן; דער ערשטער אַרטיקל „העור והפסח" (באַאַרבעטונג פון דעם וויכּוח „אנטונינס ורבי" אין סנהדרין דף צ"א עב — צ"ב ע"א אין פערזען) איז געדרוקט 1848 אין 12טן העפט „כּוכבי יצחק".

4 Bisam דאָס לעצטע מיטל פאַר אַ חולה מסוכּן: טויט אָדער לעבן. מיט אברהם נוסבוים איז עס אין וועלוועלעס צייט שלעכט אויסגעפאַלן.

5 דרוקער אין לעמבערג און אין פּערעמישלע. ז' מיין -Kata log der Salo Cohnschen Schenkungen I, ז' XII. בּעריל לוריע האָט 1869 איבערגעדרוקט דעם „מקל נועם", I העפט, וועלכעס איז געדרוקט געוואָרן אין ווין 1865. דער „מקל חובלים", פון וועלכן עס רעדט זיך ווייטער, איז געדרוקט אין פּערעמישלע, אויך 1869. אויפן טיטל־בלאַט שטייט אָבער Verlag des Wolf Ehrenkranz

6 זע נומער II, אַנמערקונג I.

טע מיך מיטנעהמען אך למרות עיני היתה זאת. פאסט ניכט פיר וועלוויל זבאראזער, געשווייגע פיר וואלף עהרענקראנץ — דא קאַם צו מיר ר' בעריש לאריע קויפטע אָב בייא מיר רבין ר' בער זאמט דיא קנות אויך איין בעל תשובה צוגעזעצט איין מייסטערהאפטעס ליעד ומעגינא 1 אונד דען ערשטען טהייל מקל נעם זאַלל איך איהם ערלויבען אויפצולעגען, דאפיר גיבט ער מיר 90 גילדען איך האב איינגעשלאגען. ר' עוזר וואהר זא פריינדליך וויא אימער האט איבערשריבען אללעס אין ריינען אויך פונקטירט. אונד זינד אין דער דרוק. דאס ווערקכען הייסט מקל חובלים מחברת ראשונה. 20 גולדען האבע איך ביז נון פערצעהרט אדער פיללייכט מעהר 20 קליידער שוה אויך פיללייכט עטוואס מעהר 25 האבע איך אויף דער רייזע זינד 65 20 האבע איך בעצאהלט בין שולדיג געבליבען דיא 5 גולדען דיא איך דיר שיקטע, אונד פאהרע הייטע מיט גרוסע אויסזיכטען אונד גראסע האפנונג נאך קראקוי ומשם לווארשוי.

צווייטער באגען.

עמוד ב' שורה ט"ו ונא וכ' שרייבע מיר וויא עס מאכט אונד דיא בעדייטונג דאפאן איך זאמט ר' עוזר נאך אייניגע וויססען ניכט. שורה ט"ז אולי... ווען האסט דוא דען מיינער געברויכט, אונד האבע איך דיר ביז נון געהאלפען? אונד ווען איך אימשטאנדע זיין זאלט דיר צו העלפען איזט דיר איינע שאנדע? אדער דאבון לב חלילה? ווארום שטעכעלסט דוא מיך? וואס האבע איך דיר געטאהן? דאןווירסט מיר שיקען אויף אפאר יין טוב וואהרשיינליך פעהלט דאס ווארט מאָס. דאס האבע איך דיר ביז נון ניכט געשריבען מאן לאכט פאן ר"וו „בן לאדוני אבי ווילסט ערוועהנען אונזער גאטטזעליגען פאטער ז"ל לאססע איהם איין יזכר מאכען איך ליעבע מיינען פאטער זא וויא דוא. אונזער הערר פאטער האט זיך אויך אונטערגעשריבען משה עהרענקראנץ 2 ניכט בן ר' הירש.

רָחִינא! ווער האט דיר פארגעפלוישט אז מאן האט דיך בייא מיר פערקלאגט? ניעמאנד האט געוואגט אין מיינער געגענווארד איבער דיך זיך איינע שלעכטע זילבע זיך אויסצודריקען. נור דוא מוטהמאסט ווייל איך האבע בייא דיר קיין קווארטיר געהאבט. אַ! ביזט אנארר רחל לאַב ענטשולדיגע מיר — מיך זאלשט דוא קיינע שאלות פרעגען, איך בין קליגער וויא דוא אונד וויא דיין מאן. אבער איך ליעבע דיך וויא טרייער ברודער אונד ווינשע דיך צוא זעהן באלד אונד מיט גאטטעס הילפע איך ווערדע דיך זעהן אונד ווערדע בעססער אויף געלעגט זיין אדיע איך פאהרע באלד אחיך וואלף עהרענקראנץ זבאראזער.

1 און טאָקע פון דערזועלבער זאך. אין געדרוקטן בוך איז נאָך אָנטהאַלטן „ר' אברם יעקינא זיכט א זכות".

2 אין אָריגינאַל זענען די ווערטער „משה עהרענקראנץ" נאָכגעמאַכט דעם כתב פון וועלוועלס פאָטער.

יעצט מיין פערלאנגען.

1. ברגע תקרא מכתבי גלייך מיר איינען בריעף שרייבען לעזבאר אונד פערשטענדליך. על אדרעס העררן עוזר ראהטינגער פיר וואלף עהרענקראנץ עס ווירד מיר צור הענדען קאמען.

2. שרייבע מיר המלאָת רצוני אשר בקשתיך בדרך זאללסט בוזע מינץ איינען גרוס פאן מיר געבען. דוא האסט מיר פערשפראכען, האסט דאס געטאהן אדער ניין? פאלס ניכט ווערדע איך ניכט בעזע זיין.

3. ווילסט דיא כל ימי חלדנו מיט מיר ברידערליך לעבען אל תפל דבר מכל אשר אצוך אין עס זאלל דיר ניכט קשה זיין קיין שום זאך אין ווילל חנה3 און הוה זאללעןביידע זיין ביי דער מוטטער 4 וויא ווייט איך ווערדע קעננען ווערדע איך זיא אונטערשטיצען איך ווערדע פאלגען דיינען ראטה 2 גולדען קאן מאן אויך שיקען אויך 2 fl איזט אין זבאראז געלד בעזאנדערס ביי דער ארמער מומע 4 מיט דיא ארעמע 2 שוועסטער. נור אבער זאללען זע ביידע טעגליך דיך בעזוכען דוא האסט ניכט מעהר צו זארגען נור פיר דיך פיר רחלן פיר שלמה 5 בנך.

4. לאסף בנך שלמה לביתך מיט דיר זאלל ער לעבען עססען וואס דוא ווירסט עססען. אונד דוא זאלשט מיט איהם העברעאיש לערנען אונד זאלשט זארגען דאס ער זאלל זיך פערפאללקאמנען אין דייטשען אם ישראל 6 בן ידידי לאנדוי איזט אין זבאראז ערזוכע איהם למעני ער זאלל איהם איינע שטונדע געבען — כה תאבה נפשי.

אברהם נוסביים ווערדע איך ניכט פארהאלטען אבער שרייבען ווערדע איך איהם ניע. 25 fl וואלט מאן מיר געבען פיר דען אונציפריעדעם 7 איך וואלטע ניכט הערען.

3 חוה און חנה זענען וועלוועלס שוועסטער מצד האב.

4 מוטער פון חוה און חנה, אָבער מומע (הי מ'רופט א שטיפמוטער) פון וועלוועלע. משה עהרענקראַנץ, דער פאָטער וועלוועלס און פון די שוועסטערס, איז געשטאָרבן תרי"ז 1856 אָדער סוף 1855. זע די קינה „על מות אבי" אין „שפתי ישנה", ז"ז 30—33.

5 שלמה עהרענקראַנץ איז דער עלטסטער זון פון מאיר פון זיין ערשטער פרוי, וואָס ער האָט זיך מיט איר געגט. ער איז געבוירן 1854. זע זיין ווערקל „צרור פרחים" (בראָד, 1878) אין דער הקדמה. ער איז דעמאָלט נישט געוועזן ביים פאָטער, ווייל ער שרייבט אין דעם ווידמונגס-געדיכט צו וועלוועלע: אם כי מעולם פניך לא ראיתי. כדי צו פאַרשטיין, וואָס אין בריוו שטייט, ציטיר איך, וואָס דער מחבר שרייבט: „בעודני בן שנה התפרדו אבותי זה מזה, היתי בבית אב באין אם ובבית אמי באין אב". אויסער „צרור פרחים" האָט שלמה פאַרעפנטלעכט 1899 „משכיות לבב".

6 ישראל לאַנדוי איז אפשר דער איידעם לאַנדויס, וואָס איז דערמאָנט אין נומער 1, אָנמערקונג 1.

7 „דער אונציפריעדענער" אָפגעדרוקט אין „מקל נועם" IV, ז"ז 18—28.

(פונקט ווי די „קאָראָבקע" אָדער דעם מסחר מיט בראַנפן). וויפיל געוויכט די רעגירונג פון ניקאָלאַי I האָט געלייגט אויף דעם מאָנאָפּאָל פון יידישע דרוקערייען, איז צו זען אָט פון וואָס: אין דער „אַלערהעכסט באַשטעטיקטער אינסטרוקציע פאַר די גובערנאַטאָרן" פון 3 יוני 1837 איז, אַחוץ דער אַלגעמיינער פאַראָרדענונג, אַז זיי מוזן פאַרהיטן, מען זאָל אין ערגעץ ניט עפענען קיין דרוקערייען אָן אַ געהעריקער ערלויבעניש, נאָך צוגעגעבן געוואָרן אַ ספּעציעלער פונקט § 65: „אין יענע גובערניעס, וואו יידן מעגן באַשטענדיק וואוינען, דאַרפן די גובערנאַטאָרן באַזונדערס אויפמערקזאַם אַכטונג געבן, עס זאָלן זיך ביי זיי ניט געפינען קיין געהיימע דרוקערייען אָדער ליטאָגראַפיעס". דער מאָנאָפּאָל אויף יידישע דרוקערייען האָט, באַזייטיקנדיק יעטווידער קאָנקורענץ, נאַטירלעך אַרויסגערופן אַ יקרות אויף ביכער. אַזוי, צב"ש, איז אין ווילנער קאַנט דער מקח אויף מחזורים, וואָס פלעגט פריער קאָסטן 75 קאָפּ', געשטיגן ביז כמעט 3 רוב' [1]. אין דער פאַרבליבענער קאָרעספּאָנדענץ פון דעמאָלטיקע משכילים און כלל-טוער באַקלאָגט מען זיך זייער אָפט אויף יקרות פון ביכער. דער זעלבער מאָנאָפּאָל האָט אָבער נאָך געבראַכט צו אַ פיל ערגערן רעזולטאַט: די צוויי דרוקערייען זיינען געוואָרן אומבאַגרענעצטע באַלעבאַטים איבער דער גאַנצער ליטעראַטור. נאָך איידער עס פלעגט דערגיין צו דער געוויינלעכער, גענוג שטרענגער צענזור, האָט יעדער פאַרפאַסער אַפריער געמוזט מיט זיין ווערק אויסשטיין די פיל שטרענגערע צענזור פון די דרוקערייען — אָן זייער הסכם האָט קיין איין ווערק ניט געקאָנט זען די ליכטיקע וועלט. די זשיטאָמירער דרוקעריי האָט פאַרנומען דעם אָרט פון דער סלאַוואוטער, וואָס איז נאָך געגרינדעט געוואָרן דורך דעם חסידישן צדיק ר' פנחס קאָרעצער און באַוואוסט געוואָרן אין די 30ער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט דורך דעם טרויעריקן גורל פון זיינע אייניקלעך, די דרוקער ברידער שאַפּיראָ. אַריבערגעטראָגן קיין זשיטאָמיר, איז די דרוקעריי פעסט פאַרבליבן ביי אירע טראַדיציעס: זי האָט געדרוקט נאָר חסידישע ליטעראַטור, אויף העברעאיש און יידיש, סידורים אד"גל. דרוקן אין זשיטאָמיר וועלטלעכע, השכלה-ביכער איז קיין שום מעגלעכקייט ניט געווען; די לערער פון דער דאָרטיקער ראַבינערשול זיינען געצוואונגען געווען צו דרוקן זייערע ווערק ניט אין זשיטאָמיר, למשל ח. לערנער זיין „מורה הלשון" — אין לייפּציג (1859), י. אייכענבוים זיין „חכמת השעורים" — אין וואַרשע (1857). די פרומע זשיטאָמירער דרוק האָט זיך ניט בלויז אָפּגעזאָגט צו דרוקן אַזעלכע „אפּיקורסישע" ביכער, נאָר זי פלעגט אפילו ניט איבערדרוקן די סאַמע כשרסטע ווערק פון אונזער מיטלעלטערישער מחקר-ליטעראַטור. די ווילנער דרוקעריי איז געווען עטוואָס ליבעראַלער, טאָלעראַנטער. אָבער מכח דרוקן אין

1 זע „Разсвѣтъ", 1860, נומ' 9.

איר אַזעלכע ווערק, וואָס זאָלן זיין אָפן, שאַרף געצילט קעגן חסידות, רביים אד"גל, דאָט — ווי מיר וועלן באַלד זען — קיין שום רייד ניט געקאָנט זיין.

דאָס זיינען געווען די אומשטאַנדן, וואָס האָבן באַוואויגן אַקסענפעלדן צו ווענדן זיך אין אָקטאָבער 1841 פון אַדעס מיט אַ בקשה צום בילדונגס-מיניסטער ס. אוּוואַראָוון [2]. אַחוץ דעם עצם ענין, מכוח וועלכן עס האַנדלט זיך דאָ, איז די בקשה אינטערעסאַנט אויך אין דער הינזיכט, וואָס זי אַנטהאַלט אין זיך, אין אַ געוויסן זינען, אַקסענפעלדס ליטעראַרישן „אַני-מאמין".

„אַ סך יידישע שריפטשטעלער — שרייבט ער צום מיניסטער — האָבן זיך געמיט צו באַפרייען זייערע ברידער פון די טעותן, אין וועלכע יענע לעבן, באַווייזן זיי די ווילדקייט פון זייערע אָבערגלויבנס; באַזונדערס אָבער האָבן זיי זיך געסטאַרעט צו ראַטעווען זיי פון דער שעדלעכער ווירקונג מצד די חסידים. דאָס איז אַ סעקטע, וואָס באַהאַלט אונטער דער מאַסקע פון פרומקייט האַרבע מאָראַלישע חסרונות, פאַרדאַרבט די זיטן און שטערט די בילדונג. באַוואויגן דורך אמתן פּאַטריאָטיזם און ריינער מאָראַל, האָבן יידישע שריפטשטעלער געווענדט קעגן די חסידים זייער פען, — אָבער אָן ערפאָלג. פון יענע מיטלען, וואָס זיי פלעגן אָנווענדן, האָט מען זיך טאַקע ניט געקאָנט ריכטן, אַז זיי זאָלן אויסראָטן דאָס בייז, וואָס האָט זיך אַזוי טיף איינגעוואָרצלט: זיי פלעגן זייערע ווערק שרייבן אויף העברעאיש אָדער דייטש; צי האָבן אָבער זייערע ווערק געקאָנט האָבן אַ וואָסער ס'איז ווירקונג, וויבאַלד דער פשוטער עולם, פאַר וועלכן זיי זיינען געווען באַשטימט, פאַרשטייט ניט קיין איינע פון די ביידע שפּראַכן?

„עס איז אַלזאָ נייטיק געווען אָנווענדן אַן אַנדער מיטל: שרייבן אויף אַזאַ שפּראַך, וואָס איז פאַרשטענדלעך דעם פשוטן יידישן עולם, אַרויסגעפינען קאָמישע און צוגלייך באַלערנדיקע געשעענישן פונעם ווירקלעכן לעבן, צוציען דעם לעזער מיט אַ מעשה, אַזוי אַז אומעטום זאָל אַרויסטרעטן דער אמת, אָבער אין אַ פיינער פאָרם פון אַ אינטערעסאַנטער דערציילונג. אָט די שווערע אַרבעט האָב איך גענומען אויף זיך

„דאָס ערשטע, וואָס איך האָב אָנגעשריבן, איז — „ספר חסידים", אַ מין „דאָן-קיכאָט", וואו די סאַטירע, דידאַקטיק און דערציילונג וועגן די אַזוי-גערופענע „גוטע יידן" זיינען אַזוי צונויפגעבונדן, אַז דער עולם וועט זיך דאָרשטיק אָנכאַפּן אָן דעם אינהאַלט פונעם ווערק, אים וועט קלאָר ווערן זייער ווילדע צביעות, ער וועט מוזן דערפילן אַ פאַראַכטונג צו דער גאַנצער חסידישער סעקטע — און דערמיט ווערט דערגרייכט מיין ציל!

2 ביזן יאָר 1863 האָט אין רוסלאַנד די פאַרוואַלטונג איבער צענזור-ענינים אָנגעהערט צום בילדונגס-מיניסטער, און אויף די ערטער — צו די קוראַטאָרן פון די לערן-ראַיאָנען.

„אויף דער זעלבער שפּראַך האָב איך אָנגעשריבן אויך עטלעכע דראַמעס און קאָמעדיעס; דאָ איז דער לעבנסשטייגער פון די חסידים פאָרגעשטעלט אין סצענישע האַנדלונגען, און נישט קוקנדיק אויף די גרויסע שוועריקייטן (דער פּשוטער ייד האָט ניט אַפילו קיין מינדסטן באַגריף וועגן טעאַטער, אַקטן און סצענעס), האָב איך פונדעסטוועגן זוכה געווען, אַז אַלע אָדעסער געבילדעטע יידן האָבן געלויבט מיינע ווערק; באַזונדערס האָט אַפּראָבירט מיינע שטרעבונגען ה׳ ב. שטערן [1].

„דאָס ווערק „ספר חסידים" און די דראַמעס זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין ווילנע צו ה׳ טוגענדהאָלדן [2], און ער האָט אויסגעווירקט פאַר זיי אַ צענזור-דערלויבעניש; אָבער די ווילנער דרוקער אַנטשליסן זיך ניט אויף קיין פאַל אָפּצודרוקן זיי. אויף אַזאַ אופן פאַרבלייבן מיינע מאַנוסקריפּטן ניט-פּובליקירט, בעת אַז זייער פאַרשפּרייטונג וואָלט דורכאויס געבראַכט צו יענעם רעזולטאַט, אויף וועלכן מען קאָן זיך פון זיי ריכטן.

„דעריבער דערלויב איך מיר פאָלגזאַמסט בעטן אייער עקסצעלענץ פאָרצושרייבן וועמען מען באַדאַרף וועגן צוטרעטן אָן שום מניעות צום דרוקן מיינע ווערק". —

צו זיין בקשה האָט אַקסענפעלד צוגעלייגט צוויי בריוו, וואָס ער האָט פון ווילנע באַקומען פון וו. טוגענדהאָלדן. אין דעם ערשטן (פון 25טן אַפּריל 1840) אַנטשולדיקט זיך יענער, וואָס ער האָט אויף אַ לאַנגער צייט פאַרהאַלטן ביי זיך דעם מאַנוסקריפּט פון „ספר חסידים", וועלכן ער שיקט אָפּ ערשט איצט צוריק אַקסענפעלדן. „ווער אָבער איז דערין שולדיק, אויב ניט איר אַליין? דאָס ווערק איז אַזוי אינטערעסאַנט, אַז עס איז אוממעגלעך געווען אָפּצורייסן זיך פון אים. אָפּשיקנדיק אייך ענדלעך דעם מאַנוסקריפּט, ווילט זיך מיר אָפּדאַנקען אייך פאַרן פאַרגעניגן, וואָס איך האָב געהאַט ביים לייענען". אַזוי ווי דער אומגעדרוקטער כתב-יד פון „ספר חסידים" איז שפּעטער פאַרפאַלן געוואָרן, זיינען די ווייטערדיקע אויספירלעכע שבחים, מיט וועלכע עס איז פול טוגענדהאָלדס בריוו, אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס זיי גיבן אונז אַ באַגריף מכּוח דעם אינהאַלט פונעם ווערק און זיין באַדייטונג. „איר — שרייבט ער — האָט דערהויבן אייער סאַטירע ביז צו אַזאַ זעלטענער פולקומקייט, אַז אָפּשאַצן געהעריק אירע מעלות קאָנען נאָר יענע, וואָס האָבן לאַנג, לאַנג געבלאָנדזשעט צווישן די אָנהענגער פון דער חסידישער סעקטע. ווען איך וואָלט געווען רייך ווי קרעזוס, וואָלט איך געהייסן גאַנצע בויגנס, פאַר זייער זעלטענער לעבעדיקייט, אויסהעפּטן מיט גאָלדענע אותיות אויף טייערסטן אַטלעס!.. ווי גרויס זייט איר, טייערער פריינד, ווען איר ברענגט אַריין דעם לעזער אין די קלובן פון דער חסידישער סעקטע, אָדער ווען איר פירט אים מיט זיך בעת אייערע באַלערנדיקע וואַנדערונגען, אָדער ווען איר אַנטפּלעקט די נידעריקייט פון זייערע נפשות אין איר גאַנצער עקלהאַפטיקער נאַטירלעכקייט! זיי האָבן אַפּנים אַ לאַנגע צייט פּאָזירט פאַר אייך, מיין טייערער חסידים-ראַפאַעל; וואָרים אַזאַ אויסגעצייכנט, עכט בילד קאָן געבן נאָר דער, ווער עס האָט אויפן גענויסטן אופן שטודירט דעם אָריגינאַל". — דער צווייטער בריוו איז פון 15טן פעברואַר 1841. פון אים איז צו זען, אַז טוגענדהאָלד האָט געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט אַקסענפעלדס אַנדערע מאַנוסקריפּטן און אַז ער האָט אויך זיי הויך געשאַצט. וואָס אָנבאַלאַנגט דעם „ספר חסידים", שרייבט ער דאָ דעם פאַרפאַסער, אַז „קיינער וויל אים ניט דרוקן, מורא האָבנדיק צו פאַרלירן ביים פאָלק אין די אויגן דעם שם פון אַ גאָטספאָרכטיקן מענטשן".

באַקומען אַקסענפעלדס בקשה, האָט דאָס בילדונגס-מיניסטעריום געמאַכט אַן אָנפרעג ביים קוראַטאָר פון ווילנער לערן-ראַיאָן. יענער האָט געליווערט אויספירלעכע מאַטעריאַלן וועגן דעם ענין. ערשטנס, אַ באַריכט מכּוח „ספר חסידים", וואָס טוגענדהאָלד האָט צוגעשטעלט דעם ווילנער צענזור-קאָמיטעט. מיר געפינען דאָ אַ גענויע כאַראַקטעריסטיק פון אַקסענפעלדס אומבאַוואוסט ווערק:

„דאָס הויפּטציל פון דעם ווערק, מעלדעט טוגענדהאָלד, איז — אָפּצוציען די יידן פונעם מיסטישן און חלומדיקן חסידישן לעבנסשטייגער און אַראָפּצורייסן פון די רביים יענע שיין פון הייליקייט, מיט וועלכער דער פאַרנאַרטער עולם האָט זיי אַרומגערינגלט. צוליב דעם שילדערט דער פאַרפאַסער די נישטיקייט פון זייערע געשפּרעכן, זייער פּוסטע גאווה, זייער חוזק מאַכן פון אַנדערע סעקטעס און זייער פאַראַכטונג קעגן מענטשן בכלל; ער עפנט אויף די עסצימערן פון די רביים און באַווייזט, ווי זיי הוליען און פאַרשווענדן דעם שווייס פון די פרומע און נאַיווע לייט, וואָס ברענגען זיי פון אַלע זייטן פּדיונות; ער פירט אַריין דעם לעזער אין זייערע פינסטערע פאַרזאַמלונגען, וואו דער רבי ווערט אידעאַליזירט און דערהויבן ביז צו אַ געטלעכער מדרגה.

„דאָס אַלץ שטעלט פאָר דער פאַרפאַסער מיט די עכטע דיבורים פון דער סעקטע גופא, אַזוי אַז דורך זיי אַנטפּלעקט זיך דער גייסט אירער, און מען מוז ניט-ווילנדיק באַוואונדערן, ווי טיף ער האָט שטודירט זייערע זיטן, זייער שפּראַך, זייערע באַוועגונגען און געהיימסטע געפילן.

„אַ באַזונדער ווירקונג אויף דעם יידישן לעזער מוזן האָבן די בילדער, וואָס דער פאַרפאַסער שילדערט, ווי אַזוי מען דערגרייכט די מדרגה פון אַ חסידישן רבי, וואָסערע קונצן זיינע גבאים ווענדן אָן, כּדי צו מאַכן אים פאַר אַ בעל-מופת, צו וועמען עס איז אונטערטעניק די גאַנצע

1 בצלאל שטערן (1798—1863), דער דירעקטאָר פון דער יידישער שול אין אָדעס — איינער פון די אָנגעזעענסטע דעמאָלטיקע יידישע אינטעליגענטן; ער איז געווען פערזענלעך באַוואוסט דעם בילדונגס-מיניסטער אוּוואַראָוו.

2 וואָלף טוגענדהאָלד (1797—1864), שריפטשטעלער, יידישער צענזאָר ביים ווילנער צענזור-קאָמיטעט.

נאַטור; ס'אַראַ ווירקונג אויף דער גאַנצער סעקטע עס האָט דעם רביגס מינדסטער וואונק; ווי אַזוי' ער רואינירט דאָס גליק פון יעדערן, וואָס האָט דעם מוט צו שטעלן זיך קעגן זיין יאָך, און בכלל די בילדער פון דעם רבינס כלומרשטע שטרייטן מיט די „קליפות" און בייזע רוחות, וואָס ווילן אומברענגען דאָס פאָלק ישראל, אָבער זיי מוזן אָפּטרעטן פאַר דעם רבינס כוח און גדולה". —

ווייטער האָט דער קוראַטאָר צוגעשטעלט אַ צווייטן באַריכט פון טוגענדהאָלדן, וואו יענער מעלדעט, אַז ער האָט לויט דעם אויפטראָג פונעם צענזור־קאָמיטעט נאָך אַ מאָל געהאַט אַן אונטערהאַנדלונג מיט די ווילנער דרוקער, און זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי קאָנען זיך בשום־אופן ניט אַנטשליסן צו דרוקן אַקסענפעלדס „ספר חסידים". וועגן זייערע טעמים האָבן די שותפים — זימל טיפּאָגראַף און ראובן ראָם — דערלאַנגט אַ שריפטלעכע דערקלערונג:

„מיר פלעגן זיך קיינמאָל ניט אָפּזאָגן — שרייבן זיי דאָ — און מיר זאָגן זיך אויך איצט ניט אָפּ צו דרוקן אין אונזער דרוקעריי נייע ביכער, אַפּראָבירטע דורך דער צענזור, באַזונדערס די ווערק פון היינטיקע געלערנטע יידן, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך ליטעראַרישע, מאָראַלישע, פילאָלאָגישע און אַנדערע נוצלעכע ענינים, מיר זייגען זיי דערין אַפילו באַהילפיק. צ"ב די ווערק פון דעם געלערנטן, וואָס לעבט אין קרעמענעץ, י. ב. לעווינזאָן — „תעודה בישראל" [1], „אפס דמים" [2] און „בית יהודה" [3], ווי אויך דאָס בוך פונם מינסקער איינוואוינער י. קאַפּלאַן — „ארץ קרומים" [4] — האָבן מיר ביי זיך אָפּגעדרוקט אויף אונזערע הוצאות און געגעבן זייערע פאַרפאַסער אָן שום געצאָלט צו עטלעכע הונדערט עקזעמפּלאַרן, און אויך איצט ווערט ביי אונז אויף דעם זעלביקן אופן געדרוקט לעווינזאָנס ווערק „בית האוצר" [5].

„וואָס אָנבאַלאַנגט אָבער דעם מאַנוסקריפּט „ספר חסידים", איז דאָס ווערק פאַרפאַסט ניט אויף אַ וואָסער ס'איז ריינעם לשון, נאָר אויף דער שפּראַך, וואָס ווערט געברויכט צווישן דעם יידישן פשוטן עולם, און אַנטהאַלט אין זיך בלויז זילזולים קעגן דער חסידישער סעקטע, מיט שאַרפסטע באַשולדיקונגען אי קעגן דער סעקטע גופא, אי קעגן אירע רביים און מיט אומאָנשטענדיקע, אויסגעלאַסענע לצנישע דיבורים קעגן זייערע מנהגים און אויפפיר. דערייבער האַלטן מיר, אַז ניט בלויז וואָס דער ספר וועט ניט ברענגען קיין שום אַלגעמיינעם נוצן, וועט ער נאָך אַרויסרופן צווישן דעם יידישן פאָלק מחלוקות, האַס און פאַרשיידענע קריגערייען, בפרט אַז מכוח דער סעקטע איז שוין דער רעגירונג געניג באַוואוסט. באַזונדערס, געפינען מיר, וואָלט דאָס דרוקן דעם ספר אין אונזער דרוקעריי אונז פאַרשאַפט גרויסע היזקות, וואָרים דורכדעם וועלן קעגן אונז שטאַרק אויפגעבראַכט ווערן די חסידים, וואָס בילדן אַ גרויסן טייל יידן, און זיי וועלן אויפהערן נעמען פון אונזער דרוקעריי יידישע ספרים בכלל און באַזונדערס אַזעלכע, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן פאַר פּרענומעראַנטן, אויף וועלכע מיר האָבן שוין פאַרברויכט גרויסע סומען געליענע געלט, און זיי וועלן קויפן נאָר יידישע ביכער, געדרוקטע אין פּוילן, וואָס ווערן אַזוי אויך אָן אויפהער אַריינגעפירט מאַסנווייז דורך קיעווער צענזור. נאָך דעם אומגליק, וואָס האָט אונז שוין געטראָפן מחמת דער שרפה אין אונזער דרוקעריי אין יאָר 1840, קאָנען מיר דורכדעם רואינירט ווערן און אפילו קומען צום אָנזעצן.

„איבעריקנס, אויב די העכערע רעגירונג וועט, נאָכן איבערזעצן און באַטראַכטן דעם „ספר חסידים", פאָרט איינגעפינען אים פאַר נוצלעך, זייגען מיר אויף איר ערשטער פאָדערונג גרייט אָפּצודרוקן אים אָן שום טענות אין אונזער דרוקעריי, אויף יענע באַדינגונגען, וואָס וועלן פעסטגעשטעלט ווערן מיט דעם פאַרפאַסער". —

ראָם און טיפּאָגראַף האָבן ערקלערט, אַז דרוקן וועלן זיי דעם „סטר חסידים" נאָר דעמאָלט, אויב זיי וועלן באַקומען אַ דירעקטע פאַראָרדענונג פון דער רעגירונג: אין יענעם פאַל וואָלט פון זיי אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן די שולד קעגן דעם חסידישן עולם. די פראַגע איז אַלזאָ געשטעלט געוואָרן אַזוי, אַז דער ענדגילטיקער באַשלוס האָט זיך געווענדט אָן דעם בילדונגס־מיניסטער. אַקסענפעלד האָט דערויף געבויט; ער האָט גערעכנט, אַז דער מיניסטער וועט אים אומבאַדינגט שטיצן אין זיין שטרייט קעגן חסידות און וועט פאָרשרייבן די ווילנער דרוקער אָפּצודרוקן זיין ווערק. אַקסענפעלד האָט אָבער אַפּנים ניט געוואוסט וועגן דעם שטאַנדפּונקט, וואָס עס האָט נאָך אין יאָר 1834 פאָרמולירט דער אינערן־מיניסטער בלודאָוו און וואָס איז אַפּראָבירט געוואָרן דורך דעם קייזער ניקאָלאַי I: „אַזוי ווי דער יידישער גלויבן, וואָס איז געגרינדעט אויף דער אומזיניקער תלמודישער לערע, איז בכלל שעדלעך פאַר דער קריסטלעכער געזעלשאַפט, טאָר מען ניט טיילן די יידן אויף סעקטעס (מתנגדים און חסידים) און פאַרפאָלגן איין סעקטע צוליב דער אַנדערער, וואָרים דאָס וואָלט געקאָנט געבן דער אַנדערער אַ גרונד צו מיינען, אַז איר לערע אַפּראָבירט די רעגירונג". אָפּהיטן „נייטראַליטעט" ביים שטרייט צווישן מתנגדים און חסידים, רודפן — איז צוגלייך אי די, אי יענע: דאָס איז געווען די פּאָזיציע, אָן וועלכער די העכערע רוסישע רעגירונג האָט זיך דעמאָלט געהאַלטן. נאַטירלעך האָט אוואַראָוו ניט געוואָלט אָפּן שטעלן זיך אויף אַקסענפעלדס צד. סוף דעצעמבער 1841 האָט אַקסענפעלד באַקומען די אָפיציעלע מיטטיילונג: „געפינענדיק פאַר רעכט די לויבווערדיקע שטרעבונגען פון אייערע ווערק, האָט דער בילדונגס־מיניסטער דאָך ניט אָנערקענט פאַר

1 אין יאָר 1828.
2 אין יאָר 1837.
3 אין יאָר 1839.
4 אין יאָר 1839.
5 ערשינען אין יאָר 1841.

מעגלעך צו נײַטן די װילנער דרוקער, זײ זאָלן דרוקן אײַערע מאַנוסקריפּטן". צוגלײַך האָט דאָס מיניסטעריום אים רעקאָמענדירט, ער זאָל זיך װענדן צו דער אַנדערער ייִדישער דרוקערײַ, ד"ה אָנגעװיזן אים, „װוּ אַ גוטער ייִד װױנט"; װאָרים אין זשיטאָמיר האָט דער פֿאַרפֿאַסער פֿון „ספר חסידים" נאָך װײניקער געקאָנט רעכענען אױף ער־פֿאָלג, אײדער אין װילנע.

דער ענטפֿער פֿון בילדונגס־מיניסטעריום איז פֿאַר אַק־סענפֿעלדן געװען אַ האַרבע אַנטױשונג. אַ געפֿיל פֿון טרױער שפּירט זיך אין זײַן נײַער בקשה, מיט װעלכער ער האָט זיך אין אַפּריל 1842 װידער געװענדט צו אוװאַראָװן. „מײַן ציל איז ניט געװען — שרײַבט ער דאָ — אַרױסצושטעלן זיך אַלס פֿאַרפֿאַסער (װאָרים איך װאָלט דאָך געקאָנט שרײַבן אױף אַן אײראָפּעאישער שפּראַך), נאָר בלױז צו ברענגען נוצן מײַנע ברידער, װאָס לײַדן אונטער דעם יאָך פֿון אָבערגלױבן... איך האָב געהאָפֿט, אַז אײַער עקסעלענץ װעט מאַכן אַ סוף צום װילקירלעכן װידערשטאַנד פֿון די װילנער דרוקער, װאָס זאָגן זיך אָפּ צו דרוקן מײַנע װערק, כּדי ניט צו דערלאָזן, אַז די שײַן פֿון בילדונג זאָל אַרײַנ־דרינגען צװישן ייִדן. אָבער די מיטטײלונג, װאָס איך האָב ־אַקומען, האָט מיר באַװיזן קלאָר, אַז נײטן די דרוקער יז אוממעגלעך".

מיט גרױס צער האָט זיך אַקסענפֿעלד איבערצײַגט, אַז מכּוח דרוקן זײַנע װערק קאָן דערװײַל קײן רײד ניט זײַן. אָבער די שטרעבונג צו פּובליקירן זײ איז בײַ אים געװען אַזױ שטאַרק, אַז ער האָט זיך דערױף ניט געקאָנט באַרױיִקן. ער פֿאַלט באַלד אױף אַן אַנדער פּלאַן. „ניט זעענדיק קײן שום מיטל צו דרוקן מײַנע װערק, — שרײַבט ער אין זײַן נײַער בקשה צו אוװאַראָװן, — האָב איך באַשלאָסן זײ צו פֿאַרעפֿנטלעכן דורך ליטאָגראַ־פֿירן זײ אין אָדעס, װוּ איך לעב שטענדיק". און ער בעט דעם בילדונגס־מיניסטער צו דערלױבן אים ליטאָגראַ־פֿירן אין אָדעס זײַנע מאַנוסקריפּטן, װאָס זײַנען שױן פֿון דער צענזור דערלאָזט געװאָרן צום דרוקן. דאָסמאָל האָט אוװאַראָװ ערפֿילט זײַן בקשה: ער האָט מיטגעטײלט דעם קוראַטאָר פֿון אָדעסער לערן־ראַיאָן, אַז פֿון זײַן זײַט איז ניטאָ קײן מניעות, אַז אַקסענפֿעלד זאָל אין אָדעס, װוּ ס'געפֿינט זיך ניט קײן ייִדישע דרוקערײַ, אַרױסגעבן זײַנע װערק אױפֿן ליטאָגראַפֿישן אופֿן, אָפּהיטנדיק דערבײַ די גילטנדיקע צענזור־פֿאַראָרדענונגען.

מיר װײסן ניט, פֿאַרװאָס נעמלעך, אָבער פֿון דעם פּלאַן איז גאָרנישט אַרױס. ס'איז מעגלעך, אַז עס האָבן זיך באַגעגנט טעכנישע מניעות; ס'קאָן אױך זײַן, אַז דער ליטאָגראַפֿישער אופֿן האָט זיך אַרױסגעשטעלט פֿאַר צו טײַער. אַלנפֿאַלס אָבער האָט אַקסענפֿעלד ניט געקאָנט אױסנוצן די דערלױבעניש, װאָס ער האָט באַקומען אױף צו ליטאָגראַ־פֿירן זײַנע װערק אין אָדעס. זעלבסטפֿאַרשטענדלעך האָט ער געװיס געהאַט געטראַכט אױך װעגן דרוקן זײַנע מאַ־נוסקריפּטן אין אױסלאַנד, אַזױ װי דאָס האָבן געטאָן אײניקע פֿון די דעמאָלטיקע העברעאישע שריפֿטשטעלער (י. בן־יעקב, מ. א. גינצבורג). אָבער אין יאָר 1845 איז דער מאָנאָפּאָל אױף ייִדישע דרוקערײַען נאָך פֿאַרשטאַרקט געװאָרן דורכדעם, װאָס מען האָט באַשטימט אַ באַזונדער אָפּצאָל אױף ייִדישע ביכער, װעלכע װערן אַרײַנגעפֿירט פֿון אױסלאַנד, — $1^1/_2$ קאָפּ' פֿון יעדן דרוק־בױגן. בײַם דרוקן אין אױסלאַנד ביכער, װאָס זײַנען געװען באַשטימט פֿאַר פּשוטע, מײסטנס אָרעמע לעזער, װאָלט דער אָפּצאָל אַזױ געהעכערט דעם מקח, אַז אַקסענפֿעלד האָט זיך גע־מוזט אָפּזאָגן אױך פֿון דעם דאָזיקן פּלאַן.

געװיס האָט אַקסענפֿעלד ניט אױפֿגעהערט צו סטאַרען זיך װעגן פֿאַרעפֿנטלעכן זײַנע װערק. אָבער פֿאַר אַ לאַנגן משך צײַט האָבן מיר ניט קײן ידיעות װעגן דעם. מיר דערװיסן זיך ערשט װעגן די שריט, װאָס ער האָט פֿאָרגענומען מיט 18 יאָר שפּעטער, נאָכדעם װי ער האָט זיך דאָס צװײטע מאָל געװענדט צו אוװאַראָװן. אין אױגוסט 1860 האָט אַקסענפֿעלד דערלאַנגט אַ בקשה דעם אָדעסער גראַדאָנאַטשאַלניק װעגן דערלױבן אים צו עפֿענען אין אָדעס אַ ייִדישע דרוקערײַ[1]. אױך דאָסמאָל װײַזט ער אָן די זעלבע מאָטיװן, װאָס אין יאָר 1841. „די חסידות, װאָס איז אַנטשטאַנען מיט אַ יאָר אַכציק צוריק און זיך פֿאַרשפּרײט צװישן ייִדן — שרײַבט אַקסענפֿעלד — איז אַ מכּה, קעגן װעלכער עס האָבן געשטריטן אי די רעגירונג, אי דער בעסערער טײל ײ ־ן, אָבער אָן ערפֿאָלג. האַלטנדיק, אַז װירקן אױף אַזעלכע אָבערגלױבנס קאָן נאָר אַ לעבעדיק װאָרט, װאָס זאָל זײַן פֿאַרשטענדלעך דעם פּשוטן עולם, האָב איך דערױף אָפּגעגעבן יאָרן און געשטעלט פֿאַר זיך די אױפֿגאַבע — דורך פּאָפּולערע ראָמאַנען, דערצײלונגען און דראַמעס, געשריבענע אױף ייִדיש, געבן דעם פּשוטן מענטשן געזונטע השגות און קלאָר באַװײַזן אים די גאַנצע שעדלעכקײט און קאָמישקײט פֿון חסידות און פֿון די צדיקים". אַזױ װי ס'איז אוממעגלעך צו דרוקן די װערק אין זשיטאָמיר אָדער װילנע, בעט ער דעם גראַדאָנאַטשאַלניק „צו־שטעלן װעמען מען באַדאַרף [ד"ה דעם דאָרטיקן גענעראַל־גובערנאַטאָר] װעגן דערלױבן אים עפֿענען אין אָדעס אַ ייִדי־שע דרוקערײַ, װוּ ער זאָל קאָנען אונטער זײַן קאָרעקטור דרוקן זײַנע אײגענע װערק און אַנדערע נוצלעכע ביכער". אַקסענפֿעלד האָט געאַרבעט זײער ענערגיש און געלײגט פֿיל מי. ער האָט דערלאַנגט נאָך צװײ בקשות, װוּ ער רעדט אױסשליסלעך װעגן דרוקן זײַנע אײגענע־װערק — אַפֿנים, ער האָט אײַנגעזען, אַז די װערטער מכּוח דרוקן אױך „אַנדערע נוצלעכע ביכער" קאָנען אים שאַטן. אַזױ װי די אַרענדאַטאָרס פֿון די דרוקערײַען אין זשיטאָמיר און װילנע האָבן אױף זײער מאָנאָפּאָל־רעכט געהאַט אַ קאָנ־

1 די ידיעות װעגן דעם עפּיזאָד האָב איך באַקומען פֿון ה' ש. באָראָװאָי. איך זאָג אים גרױס מײַן דאַנק.

טראַקט מיט דער רעגירונג ביזן יאָר 1862, אונטערשטרייכט אַקסענפעלד אין איינער פון זיינע ווייטערדיקע בקשות, אַז ער האָט ניט אין זינען מיט זיי צו קאָנקורירן. איך סטאַרע זיך, שרייבט ער, וועגן אַ דערלויבעניש אויף אַ דרוקעריי „נאָר כדי צו דרוקן מיינע ווערק אויף פּראָסט יידיש", אָבער ער טראַכט ניט בכלל מכוח דרוקן ביזן יאָר 1862 „סידורים אזן רעליגיעזע ביכער, ווי די דרוקערייען אין ווילנע און זשיטאָמיר, וואָס האָבן דערפון גרויסע פאַרדינסטן".
דער ענין האָט זיך פאַרצויגן מער ווי אויף אַ יאָר צייט. אין דעצעמבער 1861 דערלאַנגט אַקסענפעלד ווידער אַ בקשה. באַלד דערויף האָט דער גראַדאָנאַטשאַלניק צוגעשטעלט די זאַך צום גענעראַל-גובערנאַטאָר גראַף סטראָגאַנאָוו און דערביי אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז אַקסענפעלדס בקשה פאַרדינט, מען זאָל זי באַפרידיקן. אָבער סטראָגאַנאָוו האָט איינגעפונען פאַר „אומבאַקוועם" צו־געבן אַ דערלויבעניש אויף אַ דרוקעריי, וויבאַלד עס איז נאָך ניט באַשלאָסן געוואָרן די אַלגעמיינע פראַגע וועגן יידישע דרוקערייען, וואָס איז דעמאָלט באַטראַכט געוואָרן אין מיניסטעריום, — און ער האָט דעריבער אָפּגעזאָגט אַקסענפעלדן אין זיין בקשה.
דאָס געזעץ פון 26 אַפּריל 1862 האָט אָפּגעשאַפט דעם מאָנאָפּאָל אויף יידישע דרוקערייען. די מניעות, וואָס האָבן כמעט 25 יאָר נאָכאַנאַנד געדריקט אַקסענפעלדן, זיינען ענדלעך באַזייטיקט געוואָרן. אָבער די ישועה איז געקומען צו-שפּעט. ער איז שוין געווען מיד, אַלט, ניט אימשטאַנד אַליין צו דרוקן זיינע ווערק און האָט געמוזט דערין אָנקומען צו אַנדערע. אין יאָר 1862, בעת א. ב. גאָטלאָבער איז אַ לענגערע צייט געווען אין אָדעס, האָט אַקסענפעלד אָנגעשריבן צו אים דעם פאָלגנדיקן בריוו:

„ידיד יקיר לי! והיה כי תמצא איש בעל יכולת אשר יתרצה להאמין לדבריך אודות הרָוח הגדול המיעוד לבוא לאמתחתו אם יקנה ממני את כל מכתבַי (כולם יחד דוקא) הרשומים פה על נייר מיוחד לתתנם להדפסה, אתה תזכה הרבים מבני עמנו ולי יהושיע, לי אשר מחסרון כיס אֵחר עד עתה להפיצם בישראל. עשה ותוכל! ואלהים יהי' בעזרך. אוהבך ומכבדך ישראל אקסענפעלד"[2].
קיין פּראַקטישע רעזולטאַטן האָט דער בריוו ניט געהאַט. אויך איז גאָרנישט געוואָרן פון דעמועלביקן פּאָר־שלאָג, מיט וועלכן אַקסענפעלדס פריינד האָבן זיך אין יאָר 1864 געווענדט צו דער יידישער בילדונגס-געזעלשאַפט („מפיצי השכלה"). באַלד דערויף איז אַקסענפעלד פון אָדעס אַריבערגעפאָרן צו זיינע קינדער קיין פּאַריז, וואו ער איז אין יאָר 1866 געשטאָרבן. פון דער גאַנצער מאַסע ווערק, וואָס ער האָט פאַרפאַסט, האָט ער זוכה געווען צו זען פּובליקירט נאָר צוויי („דאָס שטערנטיכל" און „דעם ערשטן יידישן רעקרוט").
די קללה, וואָס איז געלעגן אויף זיין לעבנס-ווערק, האָט זיך מיט דעם נאָך ניט געענדיקט. אַ גרופּע פאַרערער האָבן נאָך אַקסענפעלדס טויט פאַרעפנטלעכט דריי פון זיינע איבערגעבליבענע ווערק, דערנאָך אָבער האָט זיך די אויס־גאַבע אָפּגעשטעלט — און ס'איז ביז אויף היינטיקן טאָג ניט באַוואוסט, וואו זיינען אַקסענפעלדס מאַנוסקריפּטן אַהינגעקומען. אויב זיי זיינען — ווי מען קאָן רעכענען כמעט אויף געוויס — פאַרפאַלן געוואָרן, איז דערמיט פאַר־שוואונדן אַן אומשאַצבאַרער, מוראדיק רייכער אוצר בילדער פון יענער עפּאָכע אינעם יידישן לעבן, וואָס האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט אַזוי ווייניק שפּורן און זכרונות.

1 איך זאָג מיין דאַנק ה' י. צינבערגן, וועלכער האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט דעם אָריגינאַל פון דעם בריוו. — די רשימה פון אַקסענפעלדס מאַנוסקריפּטן, וואָס איז געווען צוגעלייגט צום בריוו, האָט ה' י. צינבערג אָפּגעדרוקט אינם זאַמלבוך „Пережитое", 4טער באַנד.

2 „צויב איר וועט געפינען אַ פאַרמעגלעכן מענטשן, וואָס וועט אייך וועלן גלייבן וועגן דעם גרויסן רווח, וועלכן ער וועט האָבן, אָפּקויפנדיק אַלע מיינע כתבים (דווקא אַלע צוגלייך), וואָס זיינען דאָ אויסגערעכנט אין אַ באַזונדער רשימה, אויף אָפּצודרוקן זיי, — וועט איר דערמיט מזכה זיין פיל מענטשן פון אונזער פאָלק, און עס וועט זיין אַ הילף פאַר מיר, וואָס האָט מחמת געלט-מאַנגל פאַרשפּעטיקט צו פאַר־שפּרייטן זיי צווישן דעם יידישן פאָלק. טוט דערין, און האָט ערפאָלג! גאָט זאָל אייך אין דעם העלפן".

# אַלטע און נייע ווערטער אין יהואָשעם יידישן חומש[1]

פון ד״ר חיים ספּיוואַק (דענווער, קאָלאָראַדאָ)

אפילו דער וואָס באַשעפטיקט זיך ניט מיט דער חכמה פון שפּראַך־פאָרשונג ווייסט, אַז עס קומען צו נייע ווערטער כמעט טאָג־טעגלעך. ווי אַזוי ווערן נייע ווערטער באַשאַפן? ווען מען נייטיקט זיך צו געבן אַ נאָמען צו אַ נייער זאַך אָדער אַ נייעם באַגריף, מוז מען שאַפן אַ ניי וואָרט. ווען מען האָט דערפונען אַן אינסטרומענט אויף זיך צו־נויפצורײדן פון דערווייטנס, האָט מען געמוזט געפינען אַ נאָמען פאַר דעם דאָזיקן אינסטרומענט, און „טעלעפאָן" איז באַשאַפן געוואָרן. ווען מען האָט דערפונען אַ מאַשין צום פליען, איז „אַעראָפּלאַן" געבוירן געוואָרן. „פאָנאָגראַף", „ראַדיאָ", „ראַדיום", „איקס־שטראַל", „הימלקראַצער", „אויטאָמאָביל", „טענק", „אָלרייטניק" און הונדערטער אַנדערע ווערטער זיינען אַלע באַשאַפן געוואָרן פאַר אונזערע אויגן און אין אונזערע טעג.

אָבער יעדער ניי וואָרט לאָזט אַרויס פון זיך, ווי אַ ניי געוויקס, נייע שפּראָצונגען. למשל, „טעלעפאָן" האָט געבוירן „טעלעפאָנירן", און אַזוי ווי דער טעלעפאָן באַשטייט פון אַ סך טיילן — עלעקטרישע איינריכטונגען, אַ זאַך, וואָס מען לייגט צו צום מויל, אַ זאַך, וואָס מען לייגט צו צום אויער, פאַרשיידענע דראָטן אאַז״וו, האָט מען פאַר יעדן פון זיי געפונען נייע נעמען. די צאָל פון ווערטער, וועלכע מען באַנוצט אין דער אויטאָמאָביל־אינדוסטריע, גרייכט אין די טויזנטער. און אַזוי איז מיט די ווערטער „ראַדיאָ", „אַעראָפּלאַן", „איקס־שטראַל" אאַז״וו. איטלעכס פון די ווערטער האָט ווידער באַשאַפן זיין וואָרט־שפּראָצונג אָן שיעור.

אויב מען וויל האָבן אַ באַגריף פון דעם וואוקס פון אַ שפּראַך, קען מען דאָס לייכט אויסגעפינען פאַרגלייכנדיק אַ ווערטערבוך פון אַ וואָסער ניט איז לעבעדיקער שפּראַך, געדרוקט הונדערט יאָר צוריק, מיט אַ מאָדערנעם ווערטערבוך פון דערזעלבער שפּראַך געדרוקט אין די לעצטע עטלעכע יאָר. דאָס מאָדערנע ווערטערבוך איז דריי און פיר מאָל אַזוי גרויס ווי יענץ פון פאַר הונדערט יאָר צוריק. וואָרים ניט נאָר זענען צוגעקומען נייע ווערטער, נאָר די אַלטע ווערטער האָבן באַקומען נייע באַדייטונגען און נייע שאַטירונגען.

וואָס איז נוגע אונזער מאַמע־לשון, יידיש, קען מען זען ווי די שפּראַך איז געוואַקסן, פאַרגלייכנדיק האַרקאַוויס יידיש־ענגליש ווערטערבוך, ערשטע אויסגאַבע (געדרוקט אין יאָר 1898) מיט דער לעצטער אויסגאַבע פון 1926. ווייניקער פון דרייסיק יאָר צווישן פאַרביי, און שוין איז זיין ווערטערבוך באַרייכערט געוואָרן מיט וואָסערע צען טויזנט נייע ווערטער צו וועלכע מען דאַרף צולייגן נאָך אייניקע טויזנט, אויב עס זאָל זיך איבערדאָסניי דרוקן אין 1927.

די פילאָלאָגן זיינען נאָך דערווייל ניט איינשטימיק בנוגע דער פראַגע ווי אַזוי שפּראַך איז אַנטשטאַנען. אָבער איין זאַך איז קלאָר, אַז נייע ווערטער זיינען תמיד געקומען צו באַפרידיקן אַ נויטווענדיקייט. די אַנטשטייאונג פון ווערטער ווי עס ווערט באַשריבן אין חומש איז אין איינקלאַנג מיט דעם מאָדערנעם באַגריף, און לייענט זיך אַזוי:

„און גאָט דער האַר האָט געפורעמט פון דער ערד אַלערליי חיות פון פעלד און אַלערליי פויגלען פון הימל, און געבראַכט צו דעם מענטשן צו זען, וואָס ער וועט זיי רופן, און וואָס נאָר דער מענטש וועט רופן איטלעכע לעבעדיקע באַשעפעניש, דאָס זאָל זיין איר נאָמען. האָט דער מענטש אָנגערופן נעמען פאַר אַלע בהמות און פאַר די פויגלען פון הימל און פאַר אַלע חיות פון פעלד" (חומש יהואָש, בראשית ב, 19—20).

מיר האָבן פריער געקענט יהואָשן אַלס דעם גרעסטן יידישן דיכטער פון אונזער צייט. איצטער, זייט עס איז דערשינען זיין חומש, קענען מיר אים אַלס דעם גרעסטן איבערזעצער פון ביבל פון אַלע צייטן. לייענענדיק און איבערלייענענדיק דעם יהואש־חומש, האָב איך געפונען, אַז כדי צו קענען איבערליידיקן דעם געווירציקן אַלטן וויין פון דער העברעאישער כלי אין דער יידישער, האָט ער, ווי אָדם הראשון, זיך גענייטיקט אין געפינען נייע נעמען ניט נאָר פאַר בהמות, חיות און פויגלען, אין וועלכע אונזער יידיש איז זייער אָרעם, אָבער אויך פאַר אַנדערע זאַכן און באַגריפן, פאַר וועלכע די פריערדיקע יידישע איבערזעצער האָבן ענטפער ניט געפונען די פּאַסיקע עקוויוואַלענטן, אָדער האָבן זיי גאָר אינגאַנצן ניט ריכטיק פאַרשטאַנען.

די איבערזעצונג פון דער ביבל אין אַ מאָדערנער שפּראַך האָט תמיד געווירקט אויף צווייערליי אופנים.

[1] די שטודיע איז געמאַכט געוואָרן בלויז אויפן חומש. אַ פולערע באַהאַנדלונג פון דעם געגנשטאַנד וועט געגעבן ווערן ווי נאָר די איבעריקע ספרים, וואָס האַלטן זיך אין דרוקן, וועלן דערשיינען.

ערשטנס האָט די איבערזעצונג געבראַכט דעם פאָלק דעם רייכסטן ליטעראַרישן אוצר, פון וועלכן ער האָט געקענט שעפּן גײַסטיקן און עסטעטישן געָנוס. צווייטנס, האָט די איבערזעצונג באַרײַכערט די שפּראַך מיט נייע ווערטער, נייע ווענדונגען און נייע ניואַנסן. ווי ברייט און גרויס די דייטשע און ענגלישע שפּראַכן האָבן זיך ניט אַנטוויקלט זינט די קינג-דזשיימס און לוטערס איבערזעצונגען זיינען אַרויס־געקומען, דאָך געפינט זיך דער חוט־השדרה פון די צוויי שפּראַכן נאָך אַלץ אין דער ביבל־שפּראַך. די דייטשן און ענגלענדער האָלטן זייער פון דער ביבל און שעצן זי — זיי לייענען די ביבל. אַלע זייערע גרויסע דיכטער האָבן אין זיך איינגעזאַפּט דעם טעם און ריח פון דער ביבל־שפּראַך, און האָבן דאָס דערנאָך צוריקגעגעבן זייער פאָלק אין זייערע דיכטונגען.

די זעלבעווירקונג וועט אויך האָבן די יהואָש־ביבל אויף דעם יידיש־ריידנדיקן טייל פון אונזער פאָלק. דאָס ערשט־קלאַסיקע ליטעראַרישע ווערק, וואָס אונזערע אור־פאָטערס האָבן איבערגעלאָזט אַלס ירושה דער גאַנצער וועלט, וועט ווערן צוטריטלעך אויך צו אונז יידן וואָס ריידן יידיש. מיט דער צייט איז צו האָפן, אַז דורך דעם, וואָס אונזערע שרייבער און דיכטער וועלן האָבן די געלעגנ־הייט זיך צו באַקענען מיט דעם ביבלישן סטיל, וועט די יידישע שפּראַך אין אַלגעמיין געווינען נייע ווערטער, נייע ווענדונגען און נייע ניואַנסן, וועלכע וועלן זי מאַכן נאָך שענער ווי זי איז.

מיר גיבן דאָ אַ רשימה, אין אַלפאַבעטישער אָרדענונג 1, פון די ווערטער וועלכע יהואָש האָט אַריינגעבראַכט אָדער פיקסירט אין זיין איבערזעצונג פון חומש, און מיט וועלכע ער האָט באַרייכערט די יידישע שפּראַך. זייער צאָל איז קרוב צו פינף הונדערט.

מען קען זיי גרופּירן אין פאָלגנדיקע קלאַסן:

א. אַלט־פרענקישע, זאַפטיקע ווערטער, וועלכע ווערן גע־ברויכט אין די אַלטע איבערזעצונגען, און וועלכע ווערן נאָך עד היום באַנוצט פון פאָלק, אויב אַפילו זייער זעלטן, ווי: אייבערשטידל, אויערלעפּל, אַקסלבענדער, אַרב, באַשוועגערן אאַז״וו.

ב. נעמען פון פויגלען, חיות און זאַכן, ווי: אוהו, אויער־האָן, אַמעטיסט, בושל, גאַזעל, גאַלאַבאַן, האָרנבין, האָרנשלאַנג, זאַמדעקדעש אאַז״וו.

ג. נייע ווערטער געשאַפן פון אַלטע וואָרצלען, ווי: אויס־גײַעניש, אויסהאַמערונג, אויסלייז, אויסקוקער, אומגע־טער, אומגענאַד, אומגעשאַט, אונטערנעם, איבער־חזרונג אאַז״וו.

ד. נייע וואָרט־פאַרבינדונגען, וואו צוויי ווערטער ווערן צוזאַמענגעשמאָלצן און שאַפן אַ נייעם באַגריף, ווי: אָדלערפליגלען, אַהיימברענגען, אויסלייזגעלט, אויס־לייזרעכט, זונציילן, זונאויפגאַנג אאַז״וו.

1 פונקט מיט דעם אויסלייג ווי ביי יהואָשן.

אָדלערפליגלען — כַּנְפֵי נְשָׁרִים, שמות יט, 4.
אַהיים־ברענגען, זיי וועלן — יְבִיאוּ, שמות טז, 5.
אוהו, דעם — הַתִּנְשֶׁמֶת, ויקרא יא, 18.
אויבערבעקער — שַׂר הָאוֹפִים, בראשית מ, 2.
אויבערטראַנקמייסטער — שַׂר הַמַּשְׁקִים, בראשית מ, 2.
אויבערלייבוועכטער — שַׂר הַטַּבָּחִים, בראשית לז, 36.
אויבערשטידל, דעם — הַמַּשְׁקוֹף, שמות יב, 7.
אויסגייעניש, פון — וְכִלְיוֹן, דברים כח, 65.
אויסדערוויילט, און האָט — וַיִּבְחַר, דברים ד, 37.
אויסהאַמערונג — מִקְשָׁה, שמות כה, 36.
אויסלייגונג, זיין — עֶרְכּוֹ, שמות מ, 4.
אויסלייז — כֹּפֶר, שמות כא, 30.
אויסלייזגעלט — כֶּסֶף הַפְּדוּיִם, במדבר ג, 51.
אויסלייזרעכט, זיין — גְּאֻלָּתוֹ, ויקרא כה, 29.
אויסקוקער — מְרַגְּלִים, בראשית מב, 9.
אויסשלייפער — לֹטֵשׁ, בראשית ד, 22.
אויסשפרייט — רָקִיעַ, בראשית א, 6.
אויערהאָן, דעם — הַדּוּכִיפַת, ויקרא יא, 18.
אויערלעפל — תְּנוּךְ אֹזֶן, שמות כט, 20.
אויפהייבונג — הַתְּנוּפָה, שמות כט 27; ויקרא ז, 34.
אויפזעאונג, און די — וּפְקֻדַּת, במד׳ ד, 16.
אומבאַשניטענער — עָרֵל, שמות יב, 48.
אומגעזייערטע קוכנס — מַצּוֹת, בראשית יט, 3.
אומגעטער — לֹא אֱלֹהַּ דברים לב, 17.
אומגענאַד, מיין — תְּנוּאָתִי, במד׳ יד, 34.
אומגעשאַט, בלייב — הִנָּקִי, במד׳ ה, 19.
אומפאָלק, מיט אַן — בְּלֹא־עָם, דברים לב, 21.
אומקלוג, און — וְלֹא־חָכָם, דברים, לב, 6.
אומריינערהייט — בְּטָמֵא, דברים כו, 14.
אונטערנעם, פון — מִשְׁלַח, דברים כח, 20.
איבערבלייב — שָׂרִיד, במד׳ כא, 35.
איבערחזרונג, פון — מִשְׁנֵה, דברים יז, 18.
איבערפאָר — מַעֲבַר, בראשית, לב, 23
איינזשמעלצאויוון, פון דעם — מִכּוּר הַבַּרְזֶל, דברים ד, 20.
אייזעלינם — אֲתֹנֹת בראשית לב, 16.
אייל, די — הַכּוֹס, ויקרא יא, 17.
איילבערטגאָרטן, מיט דיין — לְזֵיתֶךָ, שמות כג, 11.
איילגעפעסן, אירע — כְּלֵי שַׁמְנָהּ, במד׳ ד, 9.
איילקיכל — לְשַׁד הַשָּׁמֶן, במד׳ יא, 8.
איינברעכונג, ביי אַן — בַּמַּחְתֶּרֶת, שמות כב, 1.
איינגעלערנטער, זיינע — חֲנִיכָיו, בראשית יד, 14.

אײַנקום, דײַן — מַעֲשֵׂה יָדֶיךָ, דברים טז, 15.
אַלאָען, ווי — כְּאֹהָלִים, במד' כד, 6.
אַלדי — אֶת־כֹּל, שמות א, 14.
אַלדער, און פאַר — וּמִכֹּל, בראשית לב, 11
אַמעטיסט, און — וְאַחְלָמָה, שמות כח, 19.
אַנגסטן, זאָלסט — תֵּחַת, דברים לא, 8.
אַנגסטן, וואָס דו וועסט — תִּפְחָד, דברים כח, 67.
אָנגעהאַלטענע, און — וְנֶאֱמָנוֹת, דברים כח, 59.
אָנגעזיכט — פָּנִים, שמות כה, 30.
אָנוואוקס — מִחְיַת, ויקרא יג, 24.
אַנטפּלעקטע, אָבער דאָס — וְהַנִּגְלֹת, דברים כט, 28.
אַנטרונענער, דער — הַפָּלִיט, בראשית יד, 13.
אָניקלשטײן — אֶבֶן הַשֹּׁהַם, בראשית ב, 12.
אָנרעדער, אויף דעם — בִּדְבַר, במד' לא, 16.
אָפּגעגרענצט, האָבן — גָּבְלוּ, דברים יט, 14.
אָפּזונדערונג, פון דער — נִדַּת, ויקרא יב, 2.
אָפּמאַרקירן, זאָלסט דיר — תָּכִין, דברים יט, 3.
אָפּמעל, אַזוי ווי זײַן — כְּמִשְׁפָּטוֹ, שמות כו, 30.
אָפּנאַרער, אַזוי ווי אַן — כִּמְתַעְתֵּעַ, בראשית כז, 12.
אָפּפערגאָב, זײַן — קָרְבָּנוֹ, ויקרא ז, 13.
אָפּפערפעטס, מײַן — חֵלֶב־חַגִּי, שמות כג, 18.
אָפּקערונגען, אײַערע — זְנוּתֵיכֶם, במד' יד, 33.
אָפּקערער — סוֹרֵר, דברים כא, 18.
אָפּשײדונג — תְּרוּמָה, שמות כה, 2.
אַקסלבענדער — כְּתֵפֹת, שמות כח, 7.
אַקערצײַט, אין — בֶּחָרִישׁ, שמות לד, 24.
אַרב — מוֹרָשָׁה, שמות ו, 8.
אַרבעטגעצײַג, זײַערע — כְּלֵי־עֲבֹדָתָם, במד' ד, 26.
אַרבעטדינסט, פון דעם — מִצְּבָא הָעֲבֹדָה, במד' ח, 25.
אַרבפאָלק, פאַר אַן — לְעַם נַחֲלָה, דברים ד, 20.
אַרויסגעראַמט, איך האָב — בִּעַרְתִּי, דברים כו, 13.
אַרויסגראָזן — תַּדְשֵׁא, בראשית א, 11.
אַרויסשפּײַען, וועט — יָרֹק, ויקרא טו, 8.
אַרומבאַנד — חֵשֶׁב, שמות כט, 5.
אַרומגערײפט — מְחֻשָּׁקִים, שמות כז, 17.
אַרומהאַנגען, די — קַלְעֵי, במד' ד, 26.
אַשפּענדלאַך, אירע — וּמַחְתֹּתֶיהָ, שמות כה, 36.

באַהאַלטענערהײט, ביסטו — נַחְבֵּאתָ, בראשית לא, 27.
באַהעפטונג, פון אײן — בַּחֹבֶרֶת, שמות כו, 4.
באַװײנונג, פון זײַן — בְּכִיתוֹ, בראשית נ, 4.
באַזעצונג, אײַער — מוֹשְׁבֹתֵיכֶם, במד' טו, 2.

באַלאַגערוווערק — מָצוֹר, דברים כ, 20.
באַמאַנען, און זי — וּבְעַלְתָּהּ, דברים כא, 13.
באַקלויט — מַפְרֶסֶת, ויקרא יא, 3.
באַרגשעפּס, און אַ — וָזָמֶר, דברים יד, 5.
באַרוען, וועט — יָנִיחַ, דברים ג, 20.
באַשוועגערן — וְיַבֵּם, בראשית לח, 6.
באַשווערונג — אָלָה, ויקרא ה, 1.
באַשערונג, און די — וּפְקֻדַּת, במד' טז, 29.
בויגנשאָס, פאַר אַ — כִּמְטַחֲוֵי קֶשֶׁת, בראשית כא, 16.
בוימערפרוכט — פְּרִי־עֵץ, בראשית א, 29.
בונדסלײַט — בַּעֲלֵי בְרִית, בראשית יד, 13.
בושל, דעם — הָאֲנָפָה, ויקרא יא, 19.
בײנברעכער, דעם — הַפֶּרֶס, ויקרא יא, 13.
בײניקער — גָּרֶם, בראשית מט, 14.
בײשלאָף — שִׁכְבַת, ויקרא טו, 18.
ביסלאַך־ביסלאַכווײַז — מְעַט מְעָט, שמות כג, 30.
בְּכוֹרָהשאַפט — יְבַכֵּר, ויקרא כז, 26.
בלוט־חתן — חֲתַן דָּמִים, שמות ד, 25.
בלוטמאָנער, דער — גֹּאֵל הַדָּם, דברים יט, 6.
בלוטמאָנער, פון דעם — מִגֹּאֵל, במד' לה, 12.
בלוטפליסונג, איר — זוֹב דָּמָהּ, ויקרא טו, 25.
בלוטשולד — דָּמִים, שמות כב, 1.
בליאונג — אָבִיב, שמות ט, 31.
ברענערײַ, אין אַ — לִשְׂרֵפָה, בראשית יא, 3.
בשָׂמים־מישער — רֹקֵחַ, שמות ל, 24.

גאַזעל, און — וְדִישֹׁן, דברים יד, 5.
גאַלאַבאַן, און — וְחֶלְבְּנָה, שמות ל, 34.
גאָלדשטײן — תַּרְשִׁישׁ, שמות כח, 20.
גאָלדשטיק, צען — זָהָב (עשרה), בראשית כד, 22.
גאַרונג — תַּאֲוָה, בראשית ג, 6.
גאַרטלבאַנד, און דער — וְחֵשֶׁב אֲפֻדָּתוֹ, שמות כח, 8 — 1
גוטמוט, און אין זײער — וּבִרְצֹנָם, בראשית מט, 6.
גוטן — הַטּוֹב, דברים כו, 11,
גיבלדאַך — צֹהַר, בראשית ו, 16.
גײַער, דעם — הָרָחָם, ויקרא יא, 18.
גלײַכעניש — תְּמוּנַת, דברים ד, 16.
געבעקוואַכן — מַעֲשֵׂה אֹפֶה, בראשית מ, 17.
געגרונטפעסט, געוואָרן — הִוָּסְדָה, שמות ט, 18.
געדריקטקײט, אונדזער — לַחֲצֵנוּ, דברים כו, 7.
געהויפנט, האָבן זיך — נֶעֶרְמוּ, שמות טו, 8.

1 זע אַרומבאַנד.

גערעפטן, און — וּגְדֵרוֹת, במד׳ לב, 24.
געוואַי — יְלֵל, דברים לב, 10.
גערווירצראָר, און — וּקְנֵה־בֹשֶׂם, שמות ל, 22.
געהײליקט, וועל איך ווערן — אֶקָּדֵשׁ, ויקרא י, 3.
געפאַנג — צַיִד, ויקרא יז, 13.
געפאַנגענשאַפט, אין — בַּשֶּׁבִי, דברים כח, 41.
געפאַנגענשאַפט, איר — שִׁבְיָהּ, דברים כא, 12.
געפליגלטן — כָּנָף, דברים ד, 17.
געצײַטיקט, האָבן — הִבְשִׁילוּ, בראשית מ, 10.
געצנבוימער, זײַנע — אֲשֵׁרָיו, שמות לד, 13.
געקעסטלט, און זאָלסט מאַכן — וְשִׁבַּצְתָּ, שמות כח, 39.
געשוועלן, צו מאַכן — לַצְבּוֹת, במד׳ ה, 22.
געשניץ — פֶּסֶל, שמות כ, 4
געשפּרענגט, און האָט — וַיִּזְרֹק, שמות כד, 8.
גראָבמויז, און די — הָאֲנָקָה, ויקרא יא, 30.
גראָזפרעסער — הַסָּלְעָם, ויקרא יא, 22.
גרונטוועב, אין — בִשְׁתִי, ויקרא, יג, 48.
גרונטפעסטן — מוֹסְדֵי, דברים לב, 22.
גרינגגעשאַצט, געוואָרן — וַתֵּקַל, בראשית טז, 4.

דאַמהירש, און אַ — וְיַחְמוּר, דברים יד, 5.
דאַנקאָפּפער, דעם — זֶבַח הַתּוֹדָה, ויקרא ז, 12.
דאַנקגעבונג — תּוֹדָה, ויקרא ז, 12.
דאַרונג, פון — מְזֵי, דברים לב, 24.
דאָרשטיקייט, און אין — וּבְצָמָא, דברים כח, 48.
דאָרשטעניש, און — וְצִמָּאוֹן, דברים ח, 15.
דוימען — בֹּהֶן, שמות כט, 20.
דורכאָלן, און זאָל — וְרָצַע, שמות כא, 6.
דורכוואַרף, אין — בְעֵרֶב, ויקרא יג, 48.
דינסטאַרבעט — מְלֶאכֶת עֲבֹדָה, ויקרא כג, 7.
דערברייטן, וועט — יַרְחִיב, דברים יב, 20.
דערצערנונג — כַּעַס, דברים לב, 27.
דערצערענונג, איבער דער — מִכַּעַס, דברים לב, 19.

האַביך, און דער — וְהָעָזְנִיָּה, דברים יד, 13.
האַנטברייט — טֹפַח, שמות כה, 25.
האַנטפלעך — כַּף, ויקרא יד, 15.
האַנטקייטלאַך, און — וְצָמִיד, במד׳ לא, 50.
האַקאייזן, דײַן — חַרְבְּךָ, שמות כ, 22.
האָקן — לֻלָאֹת, שמות כו, 6.
האַרבסטן, זאָלסטו — תִבְצוֹר, ויקרא כה, 5.
האַרטיקייט, מיט — בְּפָרֶךְ, שמות א, 13.

האָרנבין, די — הַצִּרְעָה, שמות כג, 28.
האָרנשלאַנג — שְׁפִיפֹן, בראשית מט, 17.
האַרצביטערניש — מֹרַת רוּחַ, בראשית כו, 35.
הויזגעבאָרענע, זײַנע — יְלִידֵי בֵיתוֹ, בראשית יז, 23.
הויזגעבאָרענער, און... מײַנער אַ — וְהִנֵּה בֶן־בֵּיתִי, בראשית טו, 3.
הויפנסווייז — לִקְמָצִים, בראשית מ, 47.
היטונג, מײַן — מִשְׁמַרְתִּי, בראשית כו, 5.
הייכן — בָּמוֹת, במד׳ כא, 28.
הינטערוואַך — מְאַסֵּף, במד׳ י, 25
הינטערפליך, אויף דעם — בְקָרַחַת, ויקרא יג, 42.
הערונג — שֵׁמַע, בראשית כט, 13.
הערשעווען, ווילסטו — תִשְׂתָּרֵר, במד׳ טז, 12.
הערשערשטאָק, און אַ — וּמְחֹקֵק, בראשית מט, 10.

וואָגשטיינער, ריכטיקע — אַבְנֵי צֶדֶק, ויקרא יט, 36.
וואוילגעפעלן, און... זײַנען — וַיִּיטְבוּ, בראשית לד, 18.
וואוילזיין, און זייער — וְטֹבָתָם, דברים כג, 7.
וואוינהויז — בֵּית מוֹשָׁב, ויקרא כה, 29.
וואוינערטער, אײַערע — מוֹשְׁבֹתֵיכֶם, שמות יב, 20
וואוינשאַפט, דײַן — מְגוּרֶיךָ, בראשית יז, 8.
וואַכהויז, אין אײַער — בְּבֵית מִשְׁמַרְכֶם, בראשית מב, 19.
וואַכטלפויגלען — הַשְּׂלָו, שמות טז, 13.
וואַלדאייזל — פֶּרֶא, בראשית טז, 12.
וואָלקנזייל — עַמּוּד הֶעָנָן, שמות יד, 19.
וואַנדערשאַפט, זייער — מְגוּרֵיהֶם, בראשית מז, 9.
וואַסערברונעמער — בְּאֵרֹת הַמַּיִם, בראשית כו, 18.
וואַסעררינעס, אין די — בְּשִׁקֲתוֹת, בראשית ל, 38.
וואַסערשעפער, דײַן — שֹׁאֵב מֵימֶיךָ, דברים כט, 10.
וואַרזאָגעניש — קֶסֶם, במו׳ כג, 23.
ווידמענונגען — שֶׁרֶץ, ויקרא יא, 10.
ווידערפעלן, און — וְעֹרֹת אֵילִים, שמות כה, 5.
ווידערשפעניקער, איר — הַמֹּרִים, במד׳ כ, 10.
ווידערשפעניקער, און אַ — וּמוֹרֶה, דברים כא, 18.
וויי, די — הַדָּאָה, ויקרא יא, 14.
ווײַבערעכט, איר — וְעֹנָתָהּ, שמות כא, 10.
ווייצשניט — קְצִיר־חִטִּים, בראשית ל, 14.
ווילדציג, און אַ — וּתְאוֹ, דברים יד, 5.
ווירטשאַפטער — בֶּן־מֶשֶׁק, בראשית 16, 2.
וועבאַרבעט — מַעֲשֵׂה אֹרֵג, שמות כח, 32.
וועגם — דֶּרֶךְ, בראשית לא, 23.
וועלקעניש, און מיט — וּבַיֵּרָקוֹן, דברים כח, 22.
ווערמילרויט, און — וְתוֹלַעַת שָׁנִי, שמות כ־, 4.

זאָטלקישן, און דער — בְּכַר הַגָּמָל, בראשית לא, 34.
זאַמדעקדעש, און דער — וְהַחֹמֶט, ויקרא יא, 30.
זאַנגוואָרצל — קַשׁ, שמות ה, 12.
זאַקרויב, דעם — הַשָּׁלָל, במדבר לא, 11.
זונאויפגאַנג, צו — מִזְרָחָה, שמות, כז, 13.
זונאונטערגאַנג — בֹּא הַשֶּׁמֶשׁ, שמות יז, 12.
זונוילן, אייערע — חַמָּנֵיכֶם, ויקרא כו, 30.
זיגלרינג, דיין — חֹתָמְךָ, בראשית לח, 18.
זייגפרוי — מֵינֶקֶת, שמות ב, 7.
זיילשטיין — מַצֵּבָה, בראשית כח, 18.
זילבערשטיק, טויזנט — כֶּסֶף, אֶלֶף, בראשית כ, 16.

חַיִל־פירער — שָׂרֵי צְבָאוֹת, דברים כ, 9.
חָלומער, דער — חֹלֵם, דברים יג, 4.

טאָגטעגלאַכע — דְּבַר־יוֹם בְּיוֹמוֹ, שמות ה, 13.
טאַמאַריסקנבוים, — אֶשֶׁל, בראשית כא, 33.
טואונגען, אזוי ווי דיינע — כְּמַעֲשֶׂיךָ, דברים ג, 24.
טויגלאַכע מענטשן — אַנְשֵׁי־חַיִל, שמות יח, 21.
טויטזינד — חֵטְא מָוֶת, דברים כב, 26.
טויטשלעגער, דער — הָרֹצֵחַ, במדבר לה, 12.
טונקלווייץ, און דער — וְהַכֻּסֶּמֶת, שמות ט, 32.
טייגמולטערס, און אין דיינע — וּבְמִשְׁאֲרוֹתֶיךָ, שמות ז, 28.
טייטלבלעטער — כַּפֹּת תְּמָרִים, ויקרא כג, 40.
טייכגראָז, אין — בָּאָחוּ, בראשית מא, 2.
טירפאָרהאַנג — מָסַךְ הַפֶּתַח, שמות לה, 15.
״ — מָסַךְ פֶּתַח, במדבר ד, 26.
טעכטערשטעט, אירע — בְּנוֹתֶיהָ, במדבר כא, 32.
טראָגווייעניש, און דיין — וְהֵרֹנֵךְ, בראשית ג, 16
טראַכט — רֶחֶם, בראשית כ, 18.
טראַכטונג — יֵצֶר, בראשית ח, 21.
טראַנקמייסטער — שַׂר הַמַּשְׁקִים, בראשית מ, 1.
טרויבנבלוט, און — וְדַם עֵנָב, דברים לב, 14.
טרויערגעוויין — בְּכִי אֵבֶל, דברים לד, 8.
טרויערטעג — יְמֵי אֵבֶל, בראשית כז, 41.
טרייבגרויב, דעם — הַמַּלְקוֹחַ, במדבר לא, 11.
טריפגעווירץ — נָטָף, שמות ל, 34.
טריקעניש, און מיט — וּבַחַרְחֻר, דברים כח, 22.
טרעפער, אָדער אַ — וּמְנַחֵשׁ, דברים יח, 10.

יונגאייזל, זיין — עִירֹה, בראשית מט, 11.
ים־פויגל, דעם — הַשַּׁחַף, ויקרא יא, 16.

יאָריערלאַך — שָׁנָה שָׁנָה, דברים יד, 22
יאַרצום — לֶשֶׁם, שמות כח, 19.
יאַשפיז, און — וְיָשְׁפֵה, שמות כח, 20.

כאַמעלעאָן, און דער — וְהַתִּנְשָׁמֶת, ויקרא יא, 30.

לאַגערדערפער, זייערע — טִירוֹתָם, במדבר לא, 10.
לאַדאַן, און — וָלֹט, בראשית לז, 25.
לאַנגהאָריקע, פון די — פַּרְעוֹת, דברים לב, 42.
לאַנדקראָקאָדיל, און דער — וְהַכֹּחַ, ויקרא יא, 30.
לאַסטאַרבעט, מיט זייערע — בְּסִבְלֹתָם, שמות א, 11.
לויבגעבונג — הִלּוּלִים, ויקרא יט, 24.
לויבונגען — תְּהִלֹּת, שמות טו, 11.
ליבעפעלאַך — דוּדָאִים, בראשית ל, 14.
לייבינטע, און ווי אַ — וּכְלָבִיא, בראשית מט, 9.
לייבנאָנטער, זיינער — שְׁאֵר בְּשָׂרוֹ, ויקרא יח, 6.
לייכטונג, פאַר דער — לַמָּאוֹר, ויקרא כד, 2.
לעבהאַפטיג — חָיוֹת, שמות א, 19.
לעגערן, אַז דו ווערסט — תָּצוּר, דברים כ, 19.
לערנונגען, און — וְהַתּוֹרֹת, ויקרא כה, 46.

מאָגערלייביקע, און — וְדַקּוֹת בָּשָׂר, בראשית מא, 3.
מאַכטיקער — גִּבֹּר, בראשית י, 8.
מאַנדלקווייטיקע — מְשֻׁקָּדִים, שמות כה, 33.
מוטערמענטש, קיין — עָצוּר וְעָזוּב, דברים לב 36.
מורמלערייען, אייערע — תְּלֻנֹּתֵיכֶם, שמות טז, 7.
מיטטראָגן, זיי וועלן — וְנָשְׂאוּ, במדבר יא, 17.
מענטשנקינדער, די — בְּנֵי הָאָדָם, בראשית יא, 5.
מעסטשטאָק, אין — בַּמִּדָּה, ויקרא יט, 5.
מערונג, אָדער — וְתַרְבִּית, ויקרא כה, 37.
מירע, פליסיקע — רֹאשׁ מָר־דְּרוֹר שמות ל, 22.

נאָזרינג — נֶזֶם, בראשית כד, 22.
נאָכגעבורט, און צו איר — וּבְשִׁלְיָתָהּ, דברים כח, 57.
נאָכוואוקס — סְפִיחַ, ויקרא כה, 5.
נאַכטיקער היבה, דורך אַ — מִקְרֵה־לָיְלָה, דברים כג, 11.
נאַכטשפאַרבער, דעם — הַתַּחְמָס, ויקרא יא, 16.
נאָכקלייב, און דעם — וְלֶקֶט, ויקרא כג, 22.
נאָכקלייבן, זאָלסטו — תְעוֹלֵל, דברים כד, 21.
נידערונג, איר — רִדְתָּהּ, דברים כ, 20.
נידערונג, און אין — וּבַשְּׁפֵלָה, דברים א, 7.
נירנפעטס, פון — כְּלָיוֹת, דברים לב, 14.

נאָכטן־אייערנעכטן, פון — מִתְּמוֹל שִׁלְשׁוֹם, דברים יט, 6.
נעכטן־אייערנעכטן, ווי — כִּתְמוֹל שִׁלְשׁוֹם, בראשית לא, 2.
נעצאַרבעט — מַעֲשֵׂה רֶשֶׁת, שמות כז, 4.

נגע ערטער, אין זיינע — בִּמְבוּשָׁיו, דברים כה, 11.
עסבוימער — עֵץ־מַאֲכָל, ויקרא יט, 23.
ביקע, אן — מַמְאֶרֶת, ויקרא יג, 52.
עקסטן, פון דעם — הַקִּיצוֹנָה, שמות כו, 4.
ערשטגעבאָרענער, מיין — בְּכוֹרִי, שמות ד, 22.
ערשטפּרוכט, פון די — בִּכּוּרֵי, שמות כג, 16.

פּאַנצערהעמד — תַּחְרָא, שמות כח, 32.
פּאַסטוכערין — רֹעָה, בראשית כט, 9.
פּיפּערנאָטערגיפט, און — וְרֹאשׁ פְּתָנִים, דברים לב, 33.
פּלאַטאַנענבוים, און — וְעַרְמוֹן, בראשית ל, 37.
פּעליקאַן — הַקָּאָת, ויקרא יא, 18.
פּרוווונגען, מיט — בְּמַסֹּת, דברים ד, 34.

פֿאָדערזייט, צו — עַל עֵבֶר, שמות כה, 37.
פֿאָדערפּליך — גַּבַּחַת, ויקרא יג, 41.
פֿאָטערהויז, זיין — אֲבֹתָיו.
פֿאָטערהייזער, זייערע — אֲבוֹתָם, במדבר א, 2.
פֿאָטערשטאַמען — מַ·וֹת אֲבוֹתָם, במדבר א, 16.
פֿאַלקפויגל, דעם — הָאַיָּה, ויקרא יא, 14.
פֿאַנג — עַד, בראשית מט, 27.
פֿאַרבאָטזאַכן — מִצְוֹת, ויקרא ד, 2.
פֿאַרבאָרגעניש — סִתְרָה, דברים לב.
פֿאַרבאָרגעניש, אין — בַּסָּתֶר, דברים כז, 17.
פֿאַרברענונג, די — הַשְּׂרֵפָה, ויקרא י, 6.
פֿאַרדאַרבונג — שַׁחַת, דברים לב, 5.
פֿאָרהויט, אייער — עָרְלַתְכֶם, בראשית יז, 11.
פֿאַרוואַרפֿערין — מְשַׁכֵּלָה, שמות כג, 26.
פֿאַרזינדיקונג — חַטָּאת, דברים יט, 14.
פֿאַרזע — מִשְׁגֶּה, בראשית מג, 12.
פֿאָרכטיקייט, און מיט — וּבְמֹרָא, דברים כו, 8.
פֿאַרצערעדיק — אֹכֶלֶת, שמות כד, 17.
פֿאַרקויפֿונג, פון זיין — מִמְכָּרוֹ, ויקרא כה, 27.
פֿאַרקנַסט, האָט — אָנַשׁ, דברים כ, 7.
פֿאַרשולדיקונג, צו דער — לְאַשְׁמַת, ויקרא ד, 3.
פֿאַרשולדיקונג, פון — אַשְׁמָה, ויקרא כב, 16.
פֿאַרשטאַנדיקייט, און — וּבִתְבוּנָה, שמות לא, 3.
פֿאַרשטאַנדיקייט, און אייער — וַחֲכְמַתְכֶם, דברים ד, 6.
פֿאַרשטאַנדיקע, און — וְנָבוֹן, דברים ד, 6.

פֿאַרשמאַכטונג, פון — וְדַאֲבוֹן, דברים כח, 65.
פֿאַרשניטענער, און (אין די שאַנדגלידער)—וּכְרוּת שָׁפְכָה, דבר׳ כג, 2.
פֿולסגעשטע, איר — יְרֵכָה, שמות כה, 31.
פֿײַלבײַטל, דיין — תֶּלְיְךָ, בראשית כז, 3.
פֿײַלמענער — בַּעֲלֵי חִצִּים, בראשית מט, 23.
פֿײַנטן, וועל איך — וְאָיַבְתִּי, שמות כג, 22.
פֿײַערזייל, און אין אַ — וּבְעַמּוּד אֵשׁ, במדבר יד, 14.
פֿײַערפֿאַנען, און זיינע — וּמַחְתֹּתָיו, שמות כז, 3.
פֿײַערקוילן — גַּחֲלֵי אֵשׁ, ויקרא טז, 12.
פֿילפֿיסיק — מַרְבֵּה רַגְלַיִם, ויקרא יא, 42.
פֿישפֿרעסער, דעם — הַשָּׁלָךְ, ויקרא יא, 17.
פֿלאַסטערווערק, אַזוי ווי אַ — כְּמַעֲשֵׂה לִבְנַת, שמות כד, 10.
פֿלוס פֿון זאָמען — שִׁכְבַת זֶרַע, ויקרא טו, 16.
פֿלוסיק — זָב, ויקרא טו, 2.
פֿלוסיקער, דער — הַזָּב, ויקרא טו, 4.
פֿלוספֿעדערן — סְנַפִּיר, ויקרא יא, 10.
פֿליסונג, זיין — זוֹבוֹ, ויקרא טו, 2.
פֿלעכטאַרבעט — מַעֲשֵׂה עֲבֹת, שמות כח, 14.
פֿעלדמענטש — אִישׁ־שָׂדֶה, בראשית כה, 27.
פֿעלשונג — מַעַל, ויקרא ה, 21.
פֿרײַלאָזונג — דְּרוֹר, ויקרא כה, 10.
פֿרײַשאַפֿט — חֻפְשָׁה, ויקרא יט, 20.
פֿרימאָרגן אין פֿרימאָרגן — בַּבֹּקֶר בַּבֹּקֶר, שמות ל, 7.
פֿרימאָרגנוואַך, אין דער — בְּאַשְׁמֹרֶת הַבֹּקֶר, שמות יד, 24.
פֿרעמדגעבאָרענער, בֶּן־נֵכָר, שמות יב, 43.
פֿרעמדגעטער, מיט — בְּזָרִים, דברים לב, 16.

צוגעטיילט, חָלַק, דברים ד, 19.
צוגעשוואָרן, וואָס איך האָב — נִשְׁבַּעְתִּי, במד׳ לב, 11.
צוגעשוויגן, און האָט — וְהֶחֱרִישׁ, במד׳ ל, 12.
צווינגערס, די — הַנֹּגְשִׂים, שמות ה, 6.
צומינדסט, דער וואָס האָט — הַמַּמְעִיט, במד׳ יא, 32.
צונויפֿגעחברט, האָבן זיך — חָבְרוּ, בראשית יד, 3.
צונויפֿטאָפּלען, און זאָלסט — וְכָפַלְתָּ, שמות כו, 9.
צונויפֿמישונג, לויט זיין — בְּמַתְכֻּנְתָּהּ, שמות ל, 37.
צונויפֿרופֿונג — מִקְרָא, שמות יב, 16.
צושווייגן, — הַחֲרֵשׁ, במד׳ ל, 15.
צושווייגן, וועט איר — יַחֲרִישׁ, במד׳ ל, 15.
ציאונגען, אויף זיינע — לְמַסָּעָיו, בראשית יג, 2.
ציגנבאָקלאַך — גְּדָיֵי עִזִּים, בראשית כז, 9.
ציגנהאָר, און — וְעִזִּים, שמות כה, 4.

צייכנוועער — מְעוֹנֵן, דברים יח, 10.

צימערינג, געווירציקן — וְקִנְּמָן־בֶּשֶׂם, שמות ל, 22.

צינזהאַרן — שָׂרֵי מִסִּים, שמות א, 11.

צינזקנעכט, און איז אַ... געוואָרן — לְמַס עֹבֵד (וַיְהִי), בראש׳ מט, 15.

צעדולטקייט, אַ... פון — וּבְתִמְהוֹן, דברים כח, 28.

צעדערהאָלץ, און — וְעֵץ אֶרֶז, ויקרא יד, 4.

צעדריקטן (אין די שאַנד־גלידער) — פְּצוּעַ דַּכָּה, דברים כג, 2.

צעווילדערט — פָּרֻעַ, שמות לב, 25.

צענטנער — כִּכַּר, שמות כה, 39.

צערונג, און... פון — וּלְחֻמֵי, דברים לב, 24.

צערענען, זאָלסטו — תִּקְצֹף, במדבר טז, 22.

צערענער — קַנָּא, שמות לד, 14.

קאָכאויוון, אָדער אַ — וְכִירַיִם, ויקרא יא, 35.

קאַניל, און — וְקִדָּה, שמות ל, 24.

קאָריאַנדרזאָמען, אַזוי ווי — כְּזֶרַע גַּד, שמות טז, 31.

קאָרנבראַנד, און מיט — וּבַשִּׁדָּפוֹן, דברים כח, 22.

קויפגעלט — כֶּסֶף מִקְנָתוֹ, ויקרא כה, 51.

קיזלשטיין, פון — מִצּוּר הַחַלָּמִישׁ, דברים ח, 15.

קיניגל, דעם — הַשָּׁפָן, ויקרא יא, 5.

קלוגהאַרציקע — חַכְמֵי לֵב, שמות כח, 2.

קלוגשאַפט, אייער — חָכְמַתְכֶם, דברים ד, 6.

קלײנפי, פון — הַצֹּאן, ויקרא א, 10.

קנסען, און זיי זאָלן — וְעָנְשׁוּ, דברים כב, 19.

קנעכטשאַפט, פון זייער — מֵעֲבֹדָתָם, שמות ו, 6.

קעגנשטייער, דיינע — קָמֶיךָ, שמות טו, 7.

קענשאַפט, און אין — וּבְדַעַת, שמות לא, 3.

קראַנקשאַפט, אין איר — דְּוֹתָהּ, ויקרא יב, 2.

קריגסמאַן, — אִישׁ מִלְחָמָה, שמות טו, 3.

ראַנגלענישן, שטאַרקע — נַפְתּוּלֵי אֱלֹהִים, בראשית ל, 8.

רואָרט — מְנוּחָה, במד׳ י, 33.

רואונג — שַׁבָּתוֹן, שמות טז, 23.

רוטאָג, דעם — הַשַּׁבָּת, ויקרא כג, 11.

רויבפויגל, די — הָעַיִט, בראשית טו, 11.

רויטפלייש, און דאָס — הַיֹּתֶרֶת, שמות כט, 13.

רייַטוואָך — הַמֶּרְכָּב, ויקרא טו, 9.

רייכערוואַרג — מַעֲשֵׂה רֹקֵחַ, שמות ל, 34.

רייכערונג — מְקַטַּר, שמות ל, 1

רייכערנעגל, און — וּשְׁחֵלֶת, שמות ל, 34.

רייניקונג, פון איר — טָהֳרָהּ, ויקרא יב, 4.

רייפבענדער, און זייערע — וַחֲשֻׁקֵיהֶם, שמות כז, 10.

רעכטגעזעץ, פאַר אַ — לְחֻקַּת מִשְׁפָּט, במד׳ כז, 11.

רעכטפאַרטיק, וואָס איז — הַיָּשָׁר, דברים כא, 9.

רעכטפאַרטיקע, פון די — יְשָׁרִים, במד׳ כג, 10.

שאַלונג — תְּרוּעָה, ויקרא כג, 24.

שאַלטרומייטן, און די — וַחֲצֹצְרוֹת הַתְּרוּעָה, במד׳ לא, 6.

שאַלרוף — תְּרוּעָה, במד׳ י, 10.

שאַנדיונג — קָדֵשׁ, דברים כג, 18.

שאַנדפלייש — בְּשַׂר־עֶרְוָה, שמות כח, 42.

שאַנדפרוי — קְדֵשָׁה, דברים כג, 18.

שאָפגעהעפטן, די — הַמִּשְׁפְּתָיִם, בראשית, מט 14.

שאָפגעהעפטן — גִּדְרֹת צֹאן במד׳ לב 16.

שבת אין שבת — בְּיוֹם הַשַּׁבָּת, בְּיוֹם הַשַּׁבָּת, ויקרא כד, 8

שוואַרצאָדלער, דעם — הָעָזְנִיָּה, ויקרא יא, 13.

שוימיקן וויין — חָמֶר, דברים לב, 14.

שולדאָפּפער, זיין — אֲשָׁמוֹ, ויקרא ה, 15.

שופיג — מְחֻסְפָּס, שמות טז, 14.

שטאָקאַייל, די — הַיַּנְשׁוּף, ויקרא יא, 17.

שטויבקריכערס — זֹחֲלֵי עָפָר, דברים לב, 24.

שטיינבילד, און אַ — וְאֶבֶן מַשְׂכִּית, ויקרא כו, 1.

שטערנבאַנד, און פאַר אַ — וּלְטוֹטָפֹת, שמות יג, 16.

שטערנבלעך — צִיץ, שמות כח, 36.

שירעמענדיק, מיט — סֹכְכִים, שמות כה, 20.

שלאַכטמעסער, די — הַמַּאֲכֶלֶת, בראשית כב, 6.

שלעג, זאָל מען אים געבן — יַכֶּנּוּ, דברים כה, 3.

שניטצייט, און אין — וּבַקָּצִיר, שמות לד, 21.

שניידונג, און — וּבַחֲרֹשֶׁת, שמות לא, 5.

שניצונג, און אין — וּבַחֲרֹשֶׁת, שמות לא, 5.

שעכטינג — טֶבַח, בראשית מג, 16.

שענדונג, פון — קִלְלַת, דברים כא, 23.

שענדלאַכקייט — זִמָּה, ויקרא יט, 29.

שעפערינס, די — הַשֹּׁאֲבֹת, בראשית כד, 11.

שערינג — גֵּז, דברים יח, 4.

שפאַרבער, דעם — הַנֵּץ, ויקרא יא, 16.

שפייכלערשטעט — עָרֵי מִסְכְּנוֹת, שמות א, 11.

שפיצקאָפּ, און אויפן — וּלְקָדְקֹד, בראשית מט, 26.

שפרינגאָדער — גִּיד הַנָּשֶׁה, בראשית לב, 33.

שפרינגהיישעריק, דעם — הַחַרְגֹּל, ויקרא יא, 22.

שפרענגבעקנס, און זיינע — וּמִזְרְקֹתָיו, שמות כז, 3.

שפרענגוואַסער, פאַר — לְמֵי נִדָּה, במד׳ יט, 9.

שפרענגען, און זאָלסט — וְזָרַקְתָּ, שמות כט, 20.

שקאָרפּיאָנען, און — וְעַקְרָב, דברים ח, 15.

# דער קאַמף פאַר יידיש אין דער אַלט־יידישער ליטעראַטור

פון ד״ר ישראל צינבערג (לענינגראַד)

## I

ביי קיין שום אַנדער פאָלק האָט אין זיין קולטור־געשיכטע די שפּראַכן־פראַגע נים געשפּילט אַזאַ געוואַלטיקע ראָלע ווי ביי אונז יידן. איך שטרייך אונטער שפּראַכן־פראַגע, בלשון רבים, ווייל דאָס יידישע פאָלק איז דאָך דער איינציקער נאַציאָנאַלער קיבוץ מיט אַן אַלטער זעלבּשטענדיקער קולטור, וואָס האָט אין משך פון זיין לאַנגן טויזנטיאָריקן וואַנדער־וועג איינציקע מאָל זיין אומגאַנגס־שפּראַך געביטן.

די קעגנער פון יידיש, און צווישן זיי אפילו אַזאַ אָריגינעלער דענקער ווי אחד־העם [1], פּלייסן זיך צו דערווייזן, אַז דער „זשאַרגאָן" איז בלויז אַ פאַרבייגייענדיקער פאַקטאָר אין דער געשיכטע פון אונזער קולטורעלן לעבן, באשר דאָס יידישע פאָלק האָט מערערע מאָל זיין אומגאַנגסשפּראַך געביטן, איינע נאָך דער אַנדערער פאַרגעסן, און בלויז זיין איינציקער אמת־נאַציאָנאַלער שפּראַך, דער שפּראַך פון תנך, טריי געבליבן. די דאָזיקע טענה איז אָבער היסטאָריש ניט ריכטיק; ניט אַלע אומגאַנגשפּראַכן זיינען עס ביי יידן פאַרגעסן געוואָרן, און עס האָבן טאַקע דערצו גורם געווען ספּעציעלע קולטור־היסטאָרישע זייער וויכטיקע סיבות. אין דעם אַריינפיר צו מיין „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור" [2] האָב איך מיך באריכות אָפּגעשטעלט אויף אַ גאַנץ אייגנאַרטיקער ערשיינונג אין דעם ליטעראַטור־שאַפן פון אונזער פאָלק אין די קדמונישע צייטן. די קולטור־געשיכטע פון יעדן פאָלק באַווייזט אונז גאַנץ בולט, אויף וואָס פאַר אַן אופן דאָס פּרימיטיווע און אַנאָנימע פאָלקסשאַפן ווערט, ביסלעכווייז טריט ביי טריט, מגולגל אין נאַציאָנאַלער קונסט־ליטעראַטור. פון פּשוטע פאָלקסלידער און לעגענדעס, וואָס ווערן געשאַפן פונעם גאַנצן קיבוץ, אַנטוויקלען זיך אין משך פון דורות גאַנצע צווייגן פון קונסט און שיינער ליטעראַטור. דער קאָלעקטיוו, דער קיבוץ, דער איינציקער באַשעפער פון גייסטיקע אוצרות אויף די נידעריקע שטאַפלען פון קולטור, בייגט זיך אין די שפּעטערע צייטן פאַר דער שטאָלצער פערזענלעכקייט פון דעם גאוניש̇ן יחיד, וואָס דערהייבט זיך איבער דער מאַסע, שטייט העכער פונעם כלל. ער, דער יחיד, וואָס שעפּט טאַקע יניקה פון דער קולטור־נאַציאָנאַלער סביבה, ווערט דער באַשעפער פון די נאַציאָנאַלע אוצרות, ער לייגט אויף זיי זיין שטעמפּל, באַהעפט זיי מיט זיין גייסט און מיט זיין נאָמען.

אַנדערש איז דאָס אָבער צוגעגאַנגען ביי אונז יידן. אמת, אויך די קולטור־געשיכטע פונעם יידישן פאָלק דערציילט אונז, ווי אַזוי דער פּשוטער פאָלקסזינגער פון קדמונישע דורות ווערט מיט דער צייט מגולגל אין דעם קונסט־דיכטער, דעם מייסטער און באַשעפער. אויך די אַלטע ביבליש־יידישע קולטור האָט אויפגעצויגן געשיכטע־שרייבער, דענקער, דיכטער מיט גרויסע פעאיקייטן און טאַלענטן, אָבער — אַלץ בלייבט ווי פריער, די ליטעראַטור בלייבט נאָך אויף לאַנגע, לאַנגע דורות אַנאָנים. דער קיבוץ בייגט זיך ניט פאַרן יחיד, אדרבא: דער יחיד, דער פון גאָט באַגנעדיקטער קינסטלער, איז נכנע פאַרן כלל, ער ווערט ממש בטל אין אים. אַלץ, וואָס ער, דער יחיד, שאַפט, אַלץ, וועגן וואָס ער חלומט און האָפט און ס'לעכצט זיין נשמה — געהערט אויסשליסלעך דעם כלל, דער אומה. פעסט צונויפגעבונדן בלייבט אויף לאַנגע דורות דאָס קאָלעקטיווע פאָלקסשאַפן מיט דער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור. אַלע גייסטיקע אוצרות, וואָס ווערן געשאַפן און געזאַמלט אין פאָלק, געהערן דעם גאַנצן קיבוץ, זיי טראָגן נאָר זיין נאָמען, זיי ווייסן בלויז פון איין באַשעפער—דאָס איז דאָס גאַנצע פאָלק, די כנסת־ישראל.

אָט די אומבאַגרענעצטע שליטה פונעם קיבוץ איבער דעם יחיד און זיין שאַפן, דאָס צונויפגעשמאָלצנקייט פונעם פאָלקס־שאַפן מיט דער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור, ציט זיך אין משך פון דער גאַנצער ביבלישער תקופה און אויך פילע דורות נאָך איר. עזרא, נחמיה און זייערע נאָכפאָלגער האָבן פעסטגעלייגט דעם גרונד־געדאַנק פונעם שפּעטערדיקן יידנטום (יודאַאיזם בלע״ז): „גאָט, די תורה און

[1] זע זיין אַרטיקל „ריב לשונות", אין „על פרשת דרכים", IV, 116 — 123.

[2] Исторія еврейской литературы, Кіев, 1919, I—VII. עס זיינען ערשינען בלויז די ערשטע פינף קאַפּיטלעך.

דאָס פאָלק ישראל זיינען איינס". דאָס פאָלק האָט געשעצט און אויפגעהיט פאַר די קומענדיקע דורות בלויז דאָס, וואָס ס'איז געווען מסוגל דעם דאָזיקן דרייבונד צו שטאַרקן, אַלץ, וואָס ס'איז ענג פאַרבונדן מיטן כלל ישראל. אָבער דאָס, וואָס ס'האָט געהערט דעם יחיד, מעג זיין אפילו דעם גאונישן יחיד — דאָס האָט דאָס פאָלק (ריכטיקער — די מנהיגים פון פאָלק) רואיק און שטרענג אויסגעמעקט פונעם ספר החיים, אויסגעלאָשן אין זיין זכרון און געלאָזט גיין לטמיון. דער ספר „משלי", למשל, וואָס האָט אין זיך איינגעזאַפּט די חכמה און פקחות פונעם קיבוץ, איז געוואָרן געהייליקט און איינגעזאַמלט אין דעם גרעסטן נאַציאָנאַלן אוצר — אין די כתבי הקודש; אָבער „משלי בן סירא", ווייל זיי זיינען ענג פאַרבונדן מיטן נאָמען פון יחיד — איז אויף זיי אַרויס דער גזר, אַז זיי זיינען „אסור במקרא". אויסגעשלאָסן האָט מען זיי פונעם נאַציאָנאַלן אוצר, און מיט דער צייט זיינען זיי אינגאַנצן פאַרלוירן געגאַנגען [1].

אין יענער תקופה, אין דער צייט פון בית שני, איז אָבער אין דעם יידישן קיבוץ אין פאַלעסטינע פאָרגעקומען אַ געוואַלטיקער שינוי, וואָס האָט געהאַט זייער אַ גרויסן באַטייט פאַר דעם ווייטערדיקן קולטור־נאַציאָנאַלן לעבן: דאָס פאָלק האָט זיין לשון אָנגעוואוירן... אין די צייטן פון ישעיה הנביא און מלך חזקיה איז דאָס אַראַמישע לשון, די דעמאָלטיקע אומגאַנגשפּראַך אין גאַנץ פאָדעראַזיע, געווען זייער ווייניק פאַרשפּרייט ביי יידישן פאָלק. בלויז די רייכע און רעגירנדיקע שיכטן, די רוזנים, שועים און שרים, האָבן די דאָזיקע שפּראַך פאַרשטאַנען [2], דאָס פּשוטע פאָלק אָבער, די ברייטע שיכטן, האָבן פאַרשטאַנען בלויז זייער אייגענע שפּראַך — העברעאיש. אין דער צייט אָבער פון די בעלי־המשנה איז שוין דער אַראַמישער דיאַלעקט, צונויפגעמישט מיט אַ געוויסער צאָל העברעאישע און אויך גריכישע און לאַטיינישע ווערטער, געווען די אומגאַנג־שפּראַך פון דעם יידישן קיבוץ, און די בעלי־המשנה האָבן אים שוין גערופן „לשון הֶדיוט" — די שפּראַך פונעם פּשוטן עולם, פון דער ברייטער פאָלקסמאַסע. אויף דעם דיאַלעקט האָט מען דעם פּשוטן פאָלק אין די בתי־מדרשים און אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען דערקלערט די הייליקע תורה (מתרגם געווען), ער איז געוואָרן די אונטעררייכט־שפּראַך אין די יידישע פאָלקסשולן, ער איז געוואָרן דער גרויסער קולטור־פאַקטאָר, דער גייסטיקער וועכטער, וואָס וועקט אין די ברייטע מאַסן דאָס נאַציאָנאַלע געפיל און פאַרשטאַרקט דעם פאַראייניקונגס־בונד צווישן דער „דרייאיינהייט" — פאָלק, גאָט און תורה. דער אַראַמישער דיאַלעקט, די אומגאַנג־ און שאַפונג־שפּראַך פון די ברייטע פאָלקסשיכטן,

1 ערשט אין דער נייערער צייט האָט אַ יידישער געלערנטער פון 19טן י"ה, שעכטער, געהאַט די זכיה צופעליק צו אַנטדעקן אין האַלב־פאַרפוילטע גניזה־בלעטער דעם אַלטן פאַרלוירן געגאַנגענעם העברעאישן בן־סירא־טעקסט און אים אויפסניי אַנטפּלעקן פאַר דער וועלט.

2 ס' ישעיה, קאַפּ' לו, 11.

פלעכט זיך צונויף מיט דער נאַציאָנאַלער שפּראַך פון דער ביבל. צוויי צווילינג־שוועסטער ווערן זיי פאַר אַלע דורות.

אמת, עס זיינען אויך דעמאָלסט געווען אַזוינע „פּוריסטן", וועלכע האָבן שטאַרק מתרעם געווען דערויף, וואָס דאָס פאָלק רעדט אַ „ניט ריינעם" דיאַלעקט. זאָל מען — האָבן זיי געטענהט — ריידן אָדער העברעאיש אָדער רוימיש צי גריכיש. אין דער תּלמודישער ליטעראַטור געפינען זיך נאָך אפילו אָפּקלאַנגען פון דעם דעמאָלטיקן „ריב לשונות". די פּוריסטן האָבן געטענהט: עס שטייט דאָך אין דער תורה געשריבן: „אַזוי זאָלסטו זאָגן צו די בני ישראל!" — אין דער שפּראַך אויף וועלכער איך, גאָט, רייד, ד"ה אויף לשון קודש! [3] זאָל דער מענטש ניט בעטן אויף אַראַמיש לשון, האָבן די פּוריסטן געוואָרנט, וואָרים די מלאכי־השרת פאַרשטייען ניט די דאָזיקע שפּראַך [4]. די „אַראַמיסטן" האָבן אָבער דערויף אָפּגעענטפערט: „זאָל דאָס אַראַמישע לשון ניט זיין גרינג ביי דיר אין די אויגן, וואָרים גאָט ברוך הוא גופא גיט אים אָפּ גרויס כבוד!" [5] די אַראַמיסטן גייען אָבער נאָך ווייטער — זיי פּרוּוון דערווייזן, אַז העברעאיש איז ניט די איינציק אויסדערוויילטע שפּראַך. בשעת גאָט ברוך הוא האָט באַשלאָסן צו געבן יידן די תורה, האָט ער מיט זיי גערעדט אויף דער שפּראַך, וואָס זיי האָבן געקאָנט און פאַרשטאַנען — אויף מצרים־לשון [6].

און די פּוריסטן האָבן מיט זייער קאַמף גאָרניט געפּועלט — דאָס לעבן איז געווען קעגן זיי. דאָס „תּרגום־לשון", די שפּראַך פון די ברייטע פאָלקסמאַסן, האָט דערגרייכט די מדרגה פון דער ביבל־שפּראַך: ביידע געהייליקט אינעם באַוואוסטזיין פונעם פאָלק, ביידע צוזאַמען שפּינען זיי ווייטער דעם גאָלדענעם פאָדעם פון דער נאַציאָנאַלער קולטור, אפילו אין די שפּעטערדיקע צייטן, ווען אויך דער אַראַמישער דיאַלעקט איז אָפּגעשטאָרבן אין מויל פונעם פאָלק. אויף ביידע צוזאַמען ווערט בכל תּפוצות ישראל די תורה געלייענט (שנים מקרא ואחד תרגום), אויף ביידע צוזאַמען ווערן באַשאַפן תּפילות, אויף דעם אַראַמישן דיאַלעקט ווערן געשאַפן און געזאַמלט די גרויסע נאַציאָנאַלע אוצרות, וואָס ווערן מיט יראת־הכבוד געשעצט און געהייליקט פון פאָלק: ניט נאָר דער תלמוד, נייערט אפילו דער „זוהר" פון מיטלעלטער. אפילו די תפילה, מיט וועלכער דער לעבעדיקער דור געזעגנט זיך מיט דעם אָפּגעשטאָרבענעם (דער קדיש), איז אויף אַראַמיש לשון; און דער גרעסטער רעליגיעזער פּייטן פון דער שפּעטערער צייט, ישראל נאַגאַראַ, האָט אויך איניקע זיינע בעסטע פּיוטים געשריבן אויף אַראַמיש...

3 כה תאמר... אל בני ישראל — בלשון שאני אומר—בלשון קודש.

4 אל ישאל אדם צרכיו בלשון ארמי שאין מלאכי השרת נזקקים לו.

5 אל יהי לשון ארמי קל בעיניך, שהרי המקום חלק לו כבוד.

6 בשעה שבא הקדוש ברוך הוא ליתן תורה לישראל דבר עמהם בלשון שהם יודעים ומבינים — בלשון מצרי.

אין אַ פאָר הונדערט יאָר נאָך סיום התלמוד האָט דער רוב בנין ורוב מנין פונעם יידישן קיבוץ נאָכאַמאָל אָנגעוואוירן זיין לשון: אונטער דער השפעה פון דעו ניי־אויפגעוואַכטער אַראַבישער קולטור האָט דער גרויסער יידישער קיבוץ פון פאָדעראַזיע זיין אומגאַנגשפּראַך, דעם אַראַמישן דיאַלעקט, פאַרביטן אויף דער שפּראַך פון דער נייער געוואַלטיקער אַראַבישער וועלט־מלוכה. אָבער די נייע אומגאַנגשפּראַך ניט קוקנדיק דעריף וואָס אויך זי געפינט זיך, אַזוי ווי אַראַמיש, אין קרבות מיט דער ביבלשפּראַך, האָט שוין ניט געקאָנט פאַרנעמען דעם בכבודיקן אָרט אין דער נאַציאָנאַל־יידישער קולטור ווי בשעתו דער אַראַמישער דיאַלעקט. ניט די צווילינג־שוועסטער פון דער ביבלשפּראַך איז געוואָרן די נייע אומגאַנגשפּראַך, נאָר איר שטאָלצע קעגנערין. די אַראַבישע שפּראַך איז אויף לאַנגע דורות געוואָרן סאַרן חשובסטן טייל פונעם יידישן פאָלק דער וויכטיקסטער פאַקטאָר פון אַלמענטשלעכער קולטור, אָבער ניט פון נאַציאָנאַלן שאַפן. דאָס האָבן טאַקע גורם געווען זייער וויכטיקע קולטור־היסטאָרישע סיבות. קודם־כל, טאַקע אונטער דער השפעה פון דער אַראַבישער קולטור, איז ענדלעך בטל געוואָרן דאָס אייגנאַרטיקע, דאָס ספּעציפישע, מיט וואָס די אַלטע העברעאיש־אַראַמישע ליטעראַטור האָט זיך אַזוי שאַרף אונטערגעשיידט פון אירע אַנדערע שוועסטער. פון דער אַראַבישער תקופה אָן האָט אויך אין אונזער ליטעראַטור דער שעפערישער יחיד גובר געווען דעם קיבוץ; אויך די ליטעראַטור פון יידישן פאָלק האָט אויפגעהערט צו זיין אַ אַנאָנימע קיבוץ־זאַך אָן אייגענעם נאָמען, האָט אויפגעהערט צו טראָגן דעם אויסשליסלעכן שטעמפּל פונעם כלל. ניט דער קיבוץ, נאָר דער יחיד, דער דיכטער, דער דענקער, דער פאָרשער, וואָס שטייט קולטורעל איבער דעם קיבוץ, שאַפט אויף זיין אייגענעם חשבון און אחריות, זאַמלט אונטער זיין אייגענעם נאָמען נאַציאָנאַלע אוצרות.

זינט דער אַראַבישער תקופה איז שוין אויך ביי יידן די נאַציאָנאַלע ליטעראַטור אָפּגעזונדערט פונעם פאָלקסטימלעכן, פונעם קאָלעקטיוון פאָלקסשאַפן. אָבער אויך דאָ מיט זייער אַ וויכטיקן אונטערשייד: ביי דעם ריב אומות העולם אַנטוויקלען זיך ביידע צווייגן פון קולטורעלן שאַפן אויף איין און דער זעלבער שפּראַך, ביי יידן אָבער אויף פאַרשיידענע שפּראַכן: די נאַציאָנאַלע ליטעראַטור אַנטוויקלט זיך אויף דער אַלטער פאָלקסשפּראַך. ריכטיקער — אויף די אַלטע פאָלקסשפּראַכן — העברעאיש און אַראַמיש, און דאָס פאָלקסטימלעכע, דער אַזוי־גערופענער פאָלקלאָר — אויף דער אומגאַנגשפּראַך. די דאָזיקע צוויי גאַלדענע קולטורפעדים זיינען שוין מער ניט צונויפגעפלאָכטן אין איין קנויל, ווי דאָס איז געווען אין דער ביבל־תלמודישער תקופה, נאָר זיי ווערן געשפּונען באַזונדער פאַר זיך. דער תלמוד, למשל, אין דער פועל־יוצא, דער סך־הכל פון דורות־לאַנגן קאָלעקטיוון שאַפן, דעם דאָזיקן ריזיקן בנין האָט געבויט דער גאַנצער קיבוץ, גאַנץ כלל־ישראל. זיינען דערפאַר אין אים צונויפגעזאַמלט אַלע צווייגן, אַלע פאַרשיידענע אַרטן פון פאָלקסשאַפן: רעליגיעזע געזעצן און דינים, פילאָסאָפישע געדאַנקען און חקירישע ספקות, צוזאַמען מיט פאָלקסמעשהלעך, אגדות, כישוף־שפּראָכן, גלייכווערטלעך, משלים, לצנות, טאַנץ־לידער וכדומה. דער תלמוד איז לויט זיין עצם אַ אַנאָנים ווערק; זיין פאַרפאַסער און באַשעפער איז דער גאַנצער יידישער קאָלעקטיוו, פונעם גרעסטן תלמיד־חכם און געלערנטן ביזן לעצטן עם־הארץ און פאַרגרעבטן ערדאַרבעטער. דאָס דאָזיקע גרייסע זאַמלווערק איז אַ ריזיקער מאָנומענט הן פון פאָלקסשאַפן פון פשוטן פאָלקלאָר, הן פון נאַציאָנאַלער ליטעראַטור: דאָס ריין פאָלקסטימלעכע און קינסטלעריש־נאַציאָנאַלע. דאָס אינטים־פּערזענלעכע און שטרענג קהלשע. דער יחיד און דער קיבוץ — אַלץ איז ברידערלעך צונויפגעבונדן צוזאַמען, אין איין קנויל פאַרוויקלט און צונויפגעפלאָכטן. זינט דער אַראַבישער תקופה ווערט שוין אָבער אויך ביי אונז יידן די נאַציאָנאַלע ליטעראַטור געשאַפן פון יחידים. וואָס שטייען איבער דעם פאָלק, און דאָס פאָלק גופא, די שיכטן פון די ברייטע מאַסן, שאַפן באַזונדער פאַר זיך. פון מויל צו מויל גייט איבער איין דור דעם אַנדערן גאַנצע אוצרות פון אגדות, מעשיות, לידער און משלים, נאָר אַלץ בעל־פה; ניט אין ספר ווערט דאָס אַלץ פאַרצייכנט, ניט אין נאַציאָנאַלן אוצר ווערן זיי געזאַמלט, זיי בלייבן בלויז אין זכרון פונעם לעבעדיקן דור, אַ סך גייט דערביי לאיבוד, פיל באַקומט מיט דער צייט אַן אַנדער צורה, שטייט אויס אַ סך גילגולים. אַ טייל באַקומט אויך תיקון: עס ווערט אויסגענוצט פון די אויסדערוויילטע יחידים, די באַשעפער פון די נאַציאָנאַלע אוצרות.

אין דעם ערשטן טייל פון מיין „געשיכטע"[1] שטעל איך מיך אָפּ באַריכות אויף דעם וויכטיקן פרט, ווי אַזוי ס'האָט גראָד אונטער דער השפעה פון דער אַראַבישער קולטור אויפגעבליט דאָס נאַציאָנאַלע שאַפן אויף דער ביבלשפּראַך. און עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש, וואָס דער ערשטער גרויסער יידישער דיכטער, וועלכער האָט געשעפּט יניקה פון דער אַראַבישער קולטור, שלמה גבירול, האָט אויך זיך בעקוקט ווי אויף דעם גואל פון דער הייליקער שפּראַך און איר געטרייען וועכטער. דער דיכטער קלאָגט זיך. וואָס „בלינד איז געוואָרן דאָס אויג פון זיין פאָלק", פאַרגעסן האָט דאָס פאָלק זיין הייליק ספר און פרעמד איז אים געוואָרן זיין שפּראַך, אַז אַפילו דעם כתב איז ער מער ניט אימשטאַנד צו לייענען (לא ידעון חזון וגם לא ידעו ספר ואיכה יקראו אגרת). און אינעם נוסח פון די אַלטע נביאים ווענדט ער זיך מיט גרימצאָרן צו זיין פאָלק: „קריג ערקלער איך אייך, שארית יעקב! די איינציקע און אויסדערוויילטע שפּראַך האָט איר פאַרלאָזן, זעט! ווען אייערע עלטערזיידעס זיינען געוואָרן ווידערשפּעניק און געלאָזט זיך

1 דאָרטן, קאַפּ' 1 — 3.

בלינד אין פרעמדע וועגן, האָט זיי דער נביא (ישעיה) געשטראָפט מיט זיין צאָרניק וואָרט: „מיט דעם פאָלק וועט מען מוזן ריידן אויף אַ פרעמדער געמישטער שפּראַך מיט אַ שטאַמלענדיקער צונג!"

גבירול און די דיכטער, וואָס זיינען אַרויסגעטרעטן נאָך אים, האָבן טאַקע באַרייכערט די נאַציאָנאַלע ליטעראַטור, דערהויבן אויף אַ הויכער מדרגה די וועלטלעכע פּאָעזיע אויף דער ביבל-שפּראַך. זייערע ווערק, זייערע לידער זיינען אָבער פאַר די ברייטע שיכטן פון פאָלק געווען ניט צוטריטלעך, ווייל ניט נאָר פרויען, נייערט אויך אַ גאַנץ באַדייטנדיקער טייל פונעם פאָלק האָט ניט פאַרשטאַנען ניט די שפּראַך פון דער ביבל, ניט פונעם תלמוד. ווען גבירול באַקלאָגט זיך אויף זיין פאָלק, אַז „פרעמד איז אים געוואָרן די הייליקע שפּראַך", איז דאָס ניט בלויז אַ דיכטערישע איבערטרייבונג. אַזאַ באַגלויבטער עדות, ווי דער באַרימטער רב אויס דעם 14טן י"ה, ר' יצחק בר שישת (ריב"ש), דערציילט אַז דאָס רוב פונעם פּשוטן פאָלק איז ניט אימשטאַנד צו לייענען די תפילות, און מען באַנוגנט זיך דערפאַר דערמיט. וואָס דער חזן לייענט פאָר און דער עולם זאָגט נאָך [1]

עס איז אָבער קיין שום ספק ניט, אַז אין די טיפעניש פון די דאָזיקע ברייטע שיכטן איז אין דערזעלבער צייט פאָרגעקומען אַן אומאויפהערלעכער פּראָצעס פונעם איינגאַרטיקן פאָלקסשאַפן. עס ווערט געשאַפן ניט נאָר ספּעציעל פאַרן פאָלק, נייערט דורכן פאָלק גופא. ניט דאָס איז וויכטיק, וואָס אין געוויסע פאַלן, ווי צו ביישפּיל יום-טוב, פלעגט מען לייענען אין די שולן געוויסע שטעלן אויס דער ביבל אויף דער אומגאַנגשפּראַך: פּורים — די מגילת אסתר [2] און פּסח די הגדה; די פאָלקסמאַסע גופא האָט זיך געשאַפן אייף איר אומגאַנגשפּראַך לעגענדן, מעשיות, לידער, מיט וועלכע די מוטער פלעגט איר קינד פאַרוויגן, און יונגוואַרג די טענץ באַגלייטן אָדער די ליבע-ווייען און פריידן אין זיי אויסגיסן. אָבער דאָס אַלץ, ווי געזאָגט, איז געווען בעל-פה, וואָרים דעמאָלט אין מיטלעלטער האָט דאָס פאָלק פּשוט קיין ביכער ניט פאַרמאָגט.

אין יענע צייטן, איידער דער דרוק-וואַרשטאַט און דאָס שמאַטע-פּאַפּיר זיינען אַנטדעקט געוואָרן, האָט דאָס בוך געהערט צו די טייערסטע חפצים, וואָס ס'האָט זיך געקענט פאַרגינען בלויז אַ גאַנץ פאַרמעגלעכער מענטש. אַ פּאַרמעטענער חומש אָדער תנך פלעגט איבערגעגעבן ווערן בירושה צוזאַמען מיט פּערל, בריליאַנטן און אַנדערע טייערע תכשיטין; און ווען עס פלעגט פּאַסירן, אַז דער יורש איז נעבעך געוואָרן אַ יורד און געצוואונגען געווען די געירשעטע פּאַרמעטענע ספרים צו פאַרקויפן, בכדי זיך צו צעצאָלן מיט די חובות, פלעגט דאָס געטאָן ווערן אין בית-דין-שטיבל, און אויפן ספר גופא, אויף דעם לעצטן ניט-באַשריבענעם עמוד

1 ש"ות ריב"ש, סימ' 37.

2 דאָרטן, 38: נוהגים לקרוא לנשים המגילה בלע"ז וכתובה בלע"ז.



פלעגט מען מאַכן אַ פאָרמעלן שטר-מכירה, אויף וועלכן עס פלעגן זיך חתמענען ניט ווייניקער פון דריי עדות [3], און בכדי קיינער זאָל זיך ניט דערוועגן צו נעמען דעם דאָזיקן ספר אָן דעם וויסן פון זיין אייגנטימער, ווערט אינעם שטר-מכירה געוואָרנט מיטן האַרבסטן חרם און מיט קללות פון דער תוכחה.

אַפילו אין די חדרים אין די רייכע אַראַביש-שפּאַנישע קהילות פלעגט מען לערנען אָן ספרים, וואָרים אויך די, וואָס האָבן שוין יאָ פאַרמאָגט אייגענע ביכער, האָבן דאָך ניט געקענט אָנגעטרויען קליינע קינדער אַזאַ טייערן חפץ. דער רבי פלעגט דערפאַר אויפשרייבן די סדרה אויף אַ גרויסן טאָוול און זי איינחזרן מיט די קינדער [4].

עס איז דערפאַר קיין וואונדער ניט, וואָס בעת דער ראב"ד דערציילט אין זיין „ספר הקבלה" די שבחים פונעם באַרימטן יידישן געלערנטן און מלוכה-מאַן שמואל הנגיד, שטרייכט ער באַזונדערס אונטער, אַז יענער האָט געהאַלטן ביי זיך אַ גאַנצע כנופיא געניאַלע סופרים, וואָס פלעגן זיצן און אָפּשרייבן די ספרי הקודש און די מסיכתות פונעם תלמוד און מיט זיי באַזאָרגן די ישיבות און בתי-מדרשים

מיר זעען, אַז בכדי אַפילו ישיבות זאָלן זיין באַזאָרגט מיט די נייטיקע רעליגיעזע און געהייליקטע ספרים, האָט מען דערצו באַדאַרפט האָבן גרויסע נדבנים און מעצענאַטן. על אחת כמה וכמה איז דאָס געווען דער פאַל ביי ריין וויסנשאַפטלעכער און בכלל עולמשער ליטעראַטור. איז דער געלערנטער צי דער דיכטער גופא ניט געווען קיין פאַרמעגלעכער מענטש, האָט ער זיך געקאָנט באַשעפטיקן מיט וויסנשאַפטן און פּאָעזיע ביי דעם תנאי, ווען אים האָט געשטיצט עפעס אַ נדבן, אַ מעצענאַט. און טאַקע בלויז אַדאַנק נדבנים און יידישע שררות האָט אין דער אַראַבישער שפּאַניע געקאָנט בליען די וועלטלעכע העברעאישע ליטעראַטור. יהודה אבן תיבן (טיבאָן) האָט געמאַכט זיינע באַרימטע איבערזעצונגען לויט דער באַשטעלונג פון געבילדעטע מעצענאַטן; אַדאַנק נדבנים און רייכע תלמידים האָט אברהם אבן עזרא געשריבן זיינע וויסנשאַפטלעכע ווערק, און עס איז כמעט ניטאָ קיין איין באַטייטנדיקע פּאָעטיש ווערק אויס דעם יידיש-אַראַבישן מיטלעלטער, עס זאָל אויף זיין שערבלאַט ניט זיין אויפגעצייכנט אַ שבח און לויבגעזאַנג דעם און דעם יידישן „שר", וואָס האָט דעם דיכטער געגעבן די נייטיקע שטיצע. בעת דער גרויסער דיכטער שלמה גבירול לויבט דעם פריער דערמאָנטן נדבן שמואל הנגיד, שטרייכט ער אונטער, אַז אַדאַנק יענעמס מילדקייט איז אייך דעם דיכטערס בייטל פול מיט געלט:

3 אייניקע אַלטע פּאַרמעטענע בלעטער פון 11טן—13טן י"ה מיט אַזעלכע קולטור-עטנאָגראַפישע זייער אינטערעסאַנטע אויפשריפטן געפינען זיך אין דער ביבליאָטעק פון דער „חברה מפיצי השכלה" אין לענינגראַד. דאָרט זיינען אויך אָנגעוויזן די גאַנץ הויכע פּרייזן, פאַר וועלכע די דאָזיקע ספרים זיינען פאַרקויפט געוואָרן.

4 שו"ת רשב"ץ, I, נומ' 2.

תֵּבֵל תְּהוֹדֵךְ למען נמלאה — שמחה להיות
בצרור כספנו.

דער יידישער טרובאַדור, דער וואַנדערזינגער אַלחריזי, האָט געלעבט דערפון, וואָס פאַרשיידענע יידישע שררות האָבן אים געשטיצט און מיט גאָלדענע מטבעות באַצאָלט פאַר זיינע וויציקע פערזן און עקספּראָמטן. דער יונגער דיכטער יצחק ווידמעט זיין פּאָעמע „עזרת נשים" אַ יידישן נדבן, און די מאָטיוון זיינע ערקלערט ער אין דער פּאָעמע גופא אויף אַ גאַנץ פּראָזאַאישן אופן. ער ווענדט זיך צו זיינע לידער מיט אָט דעם וואונטש: „אַך, איילט מיינע לידער, וואָס גיכער — דעם גנעדיקן האַר פּליט אַנטקעגן! אונטער זיין אָפּדאַך זוכט הילף און שוץ. בּרייט איז זיין האַרץ און פילגיביק; גרייט וועט איר דאָרט געפינען דעם טיש, דעם שטול און די בלאַנקענדיקע מנורה (אַ ביבלישער אויסדרוק). געטריי דינט אים ווי קנעכט — ער וועט אייך באַהיטן, באַשיצן!"

עס איז לייכט באַגרייפלעך, אַז די פּראָדוקטן פון פאָלקסשאַפן, דאָס, וואָס האָט געדינט אַלס גייסטיקע שפּייז פאַרן פשוטן פאָלק, פאַר דער פרוי און איינפאַכן לאַנדסמאַן אויף דער אומגאַנגשפּראַך, האָט קיין מעצענאַטן און מנדבים צווישן די יידישע שררות ניט געפונען. אַפילו אין די וויסנשאַפטלעכע ווערק פון יענער תקופה געפינען מיר גאַנץ ווייניק, זאָל זיין בלויז אַלגעמיינע, ידיעות וועגן דער גייסטיקער שפּייז פון דעם פשוטן פאָלק, וואָס זאָלן אונז קענען געבן אַ וועלכן ס'איז קלאָרן באַגריף, וואָסערע לידער האָט די יידישע מאַסע געזונגען, וואָסערע לעגענדעס געשפּונען. עס איז קיין ספק ניט, אַז דאָס פאָלקסשאַפן אויף דער אומגאַנג שפּראַך האָט געפונען אַ געוויסן אָפּקלאַנג אין דער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור, אָבער שוין אין אַ געענדערטער פאָרם — אין דער אָפּשפּיגלונג פון דעם דיכטערס אינדיווידועלן שאַפן. דאָס רוב אָבער, ווייל עס איז געבליבן בעל־פה — איז עס געגאַנגען לאיבוד.

II

דאָס זעלבע, הגם ביי אַנדערע קולטורעלע אומשטאַנדן, האָט זיך איבערגעחזרט אין דעם באַטייטנדיקן יידישן קיבוץ פון דער קריסטלעכער אייראָפּע — ביים דייטש־פראַנצויזישן יידנטום. מיר ריידן וועגן דעם דייטש־פראַנצויזישן יידנטום ווי וועגן איין קיבוץ, ווייל אין 10טן—11טן י"ה איז נאָך פּאַקטיש קיין קולטורעלער אונטערשייד ניט געווען צווישן די יידן פון צפון־פראַנקרייך און די דייטשע יידן. דער יידישער קיבוץ פון די ביידע לענדער איז נאָך געווען ווי מעור אחד, מיט איין און דעמזעלבן שטייגער לעבן. עס האָט זיך נאָך געפילט די השפעה פון דער נאָר־וואָס פאַרגאַנגענער תקופה, בעת אונטער דער געוועלטיקונג פון דעם שטאַרקן קייסער קאַרל און זיינע יורשים זיינען די מלוכות אויף ביידע זייטן פונעם ריין פּאָליטיש ניט געווען צעטיילט. חוץ לזה מוז מען נאָך נעמען אין באַטראַכט, אַז דעם רוב מנין ורוב בנין פונעם דייטשן יידנטום האָבן אין יענע צייטן געבילדעט די קהילות פון דער ריינישער געגנט — די נאָענטסטע שכנה פון די פראַנצויזישע פּראָווינצן. די יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין דער ריין־געגנט, זיינען געווען געקומען פון די רוימישע פּראָווינצן און זייער וועג איז געלעגן איבער פראַנקרייך. עס איז אויך זייער וואָרשיינלעך, אַז זיי האָבן מיט זיך פון דאָרט מיטגעבראַכט די אָרטיקע שפּראַך — דעם ראָמאַנישן דיאַלעקט; און אַפילו אַ היפּש ביסל שפּעטער, אין 12טן און דער ערשטער העלפט פון 13טן י"ה, בעת די דייטשע יידן האָבן שוין איבערגענומען די דייטשע דיאַלעקטן, האָבן זיי אין דערזעלבער צייט געלויפיק גערעדט אויף פראַנצויזיש, אַדאַנק זייער ענגער פאַרבינדונג מיט די פראַנצויזישע ברידער און דעם טעטיקן מסחר, וואָס זיי האָבן געפירט מיט פראַנקרייך [1]. הן די דייטשע אַזוי אויך די פראַנצויזישע יידן פלעגן אַלס סוחרים קומען אין אַן ענגער פאַרבינדונג מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג; דער פועל־יוצא פון דעם דאָזיקן פאַרקער איז אָבער געווען לחלוטין אַן אַנדערער ווי אין דער הויך־קולטורעלער אַראַבישער שפּאַניע. די קריסטלעכע באַפעלקערונג אין דייטשלאַנד און אין צפון־פראַנקרייך איז נאָך אין יענער צייט געשטאַנען אויף זייער אַ נידעריקער קולטור־מדרגה. כמעט די איינציקע טרעגער פון וויסן זיינען דאַמאָלסט געווען די העכערע גייסטלעכע און די נזירים אין די קלויסטערס; און אויך זייערע ידיעות זיינען געווען גאַנץ איינזייטיק, ענג באַגרענעצט מיטן געביט פון דער קריסטלעכער דאָגמאַטיק. און אַפילו די דאָזיקע גאַנץ בצימצומדיקע קענטעניש פלעגן שטודירט ווערן אויף דער איינציקער קולטור־שפּראַך פון דער מיטלעלטערלעכער קריסטלעכער אייראָפּע — אויף לאַטיין. אויף לאַטיין אָבער האָבן די יידן קודם־כל געקוקט ווי אויף דער שפּראַך פון זייער געפערלעכסטן שונא — דער קאַטוילישער קירך. לאַטיין האָט ביי זיי געהייסן די „קריסטלעכע שפּראַך", די „גלחים־שפּראַך." [2] וואָס שייך די איבעריקע שיכטן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, איז דאָרט אַ יודע־ספר געווען פון די גרעסטע זעלטנהייטן. שון ניט ריידנדיק פון דעם פשוטן פאָלק, נאָר אַפילו ביי דעם ריטערטום. עס איז גענוג אָנצווייזן, אַז אַפילו דער גאונישער דייטשער דיכטער פון 12טן י"ה, וואָלפראַם פון עשענבאַך, וואָס איז געווען פון אַדלשטאַנד, האָט, ווי עס ווייזט אויס, ניט געקענט ניט לייענען ניט שרייבן [3]. עס איז דערפאַר לייכט באַגרייפלעך, וואָס די מיטלעלטערלעכע ריטער־פּאָע־

1 מער באַריכות וועגן דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן פאַקט רייד איך אינעם צווייטן טייל פון מיין — נאָך ניט פאַרעפנטלעכטער — געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור.

2 לשון נוצרת, לשון נוצרים, שפת גלחים, שפת גלחות.

3 ער דערציילט וועגן זיך מיט האַרציקער תמימות:
Zwar an den buochen stet es geschriben
Des bin ich künstelos beliben.

זיע, וועלכע איז געווען ענג פאַרבונדן מיטן אַדלשטאַנד און דעם פעאָדאַלן לעבנסשטייגער, איז אין איר עצם געווען אַ ריין מינדלעכע. דער ריטער האָט על-פי רוב ניט געקאָנט שרייבן און אויך ניט לייענען; זיין מאַכט האָט זיך געשטיצט אויף דער שווערד און דעם שפּיז, ניט אויף דער פעדער. ניט לייענען פלעגט דער ריטער און זיין הויזגעזינד לידער און פּאָעמען, נאָר צוהערן, ווי דער זשאָנגלער און שפּילמאַן דעקלאַמירט זיי, על-פי רוב נאָך מיט דער באַגלייטונג פון מוזיק.

אויף אַזאַ אופן איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז לעבנדיק אין אַזאַ קולטורעל אָפּגעשטאַנענער סביבה, האָט דאָס דייטש-פראַנצויזישע יידנטום, געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּע ידיעה אין וויסנשאַפטלעכע און פילאָסאָפישע פּראָבלעמען. לעבנדיק גייסטיק אָפּגעזונדערט, האָבן זיי אַלע זייערע גייסטיקע קרעפטן אָפּגעגעבן ספּעציעל רעליגיעזע פראַגן, וואָס זיינען ענג פאַרבונדן מיט דער יידישער אמונה און אירע דינים און געזעצן. זייערע ווערק האָבן די יידישע לומדים פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך געשריבן נאַטירלעך ניט אויף דער אומקולטורעלער אומגאַנגשפּראַך, נייערט אויף דער „הייליקער" שפּראַך, ריכטיקער אויף אַ געמיש פון ביידע אַלטע שפּראַכן — העברעאיש און אַראַמיש. אין דייטש-פראַנצויזישן קיבוץ זיינען אָבער ביכער געווען נאָך אַ גרעסערע יקרות ווי אין דער הויך-קולטורעלער אַראַבישער שפּאַניע. עס איז כדאי אָנצוּווייזן, אַז רבנו גרשומס אַ בן-דור, דער גרויסער למדן ר' אלעזר הגדול, האָט קיינמאָל די מסיכתא „עבודה זרה" ניט געלערנט „משום שלא היתה מצויה בידו" — ווייל ער האָט זי קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען; און בעת מען האָט זיך געווענדט צום באַרימטן רבנו-תם מיט אַ שאלה-ותשובה, האָט יענער זיך ניט געשעמט און געענטפערט בזה הלשון: „אם תשלח קלף אשיב תשובה" — שיק מיר פאַרמעט, וועל איך האָבן אויף וואָס דיר שרייבן מיין תשובה. דערפאַר טאַקע שטרייכט אַזוי אָפט אונטער דער פּאָפּולערסטער מוסר-ספר פון יענער צייט, דער „ספר חסידים", וואָס פאַר אַ גרויסע מצווה ס'איז צו לייען דעם אַנדערן אַ ספר [1].

דער העברעאיש-אַראַמישער דיאַלעקט איז אָבער געווען פאַרשטענדלעך בלויז פאַר לומדים. דאָס פּשוטע פאָלק, שוין ניט רעדנדיק פון דער יידישער פרוי, האָט געהאַט גאַנץ קנאַפּע ידיעות אין דער דאָזיקער שפּאַך. פאַר זיי האָט די אומגאַנגשפּראַך געמוזט אויך ווערן די קולטור-שפּראַך. זי איז געווען ניט נאָר די אונטעריכט-שפּראַך אין די חדרים, מען פלעגט אויך אויף איר פאָרלייענען געוויסע שטעלן אויס דער ביבל, מגילת אסתר און די פּסחדיקע הגדה [2] און אויך פאַרשיידענע תפילות. מיר ווייסן, אַז אין

1 ספר חסידים, סימ' ז"ן 869—871, 873—75, 911, 927 א"א.

2 זע מחזור ויטרי, חלק ב', 295: הלכות הגדה של פסח: הא לחמא ענייא וכו'... ולועז. מה נשתנה הלילה הזה וכו'... ולועז.

14טן י"ה האָבן ביי די דייטשע יידן עקסיסטירט ניט נאָר איבערזעצונגען פון תפילות, נאָר ספּעציעל געגראַמטע רעליגיעזע לידער, פאַרפאַסט לויט דעם מוסטער פון די תפילות „אדון עולם" און „יגדל". דער רב ר' יעקב בן משה מולין (מהרי"ל), וואָס דערציילט וועגן דעם, איז אפילו דערויף שטאַרק מתרעם [3]. ווי בשעתו וועגן דעם אַראַמישן דיאַלעקט, אַזוי האָט מען אויך אין מיטלעלטער געפירט וויכוחים וועגן די נייע דיאַלעקטן. עס זיינען געווען קעגנער און אויך פאַרטיידיקער. דער רמב"ן למשל איז אַ גרויסער מחמיר. ער ערקלערט קורץ און שאַרף: לא התירו לכתוב ספרי הקודש אלא בלשון הקודש אבל לא בלעגי שפה ובלשון אחרת — עס איז דערלויבט צו שרייבן די הייליקע ספרים נאָר אויף לשון-קודש, אָבער ניט אויף וועלכן ס'איז דיאַלעקט און אַנדערע שפּראַכן. אויף אַ גאַנץ אַנדערן שטאַנדפּונקט שטייט אָבער דעם רמב"נס אַ בן-דור, דער גרויסער ירא-שמים יונה גירונדי. ער ערקלערט אין זיין „ספר היראה", אַז ווען איינער האָט ביי זיך ניט קיין תורה מיטן תרגום, זאָל ער לייענען „שנים מקרא ואחד לעז". אַן אַנדערער בן-דור, יהודה בן בנימין, גייט נאָך ווייטער: ער ווייזט אָן „שהלעז שלנו הוא במקום תרגום שלהן" — אונזער איצטיקער דיאַלעקט שפּילט די זעלבע ראָלע, וואָס אַמאָל דער תרגום. און דער גאַנצער צוועק פון דעם „תרגום" איז דאָך אין יענע צייטן געווען בלויז צו ערקלערן די תורה פאַר נשים און עמי-הארצים, וואָס פאַרשטייען ניט קיין לשון-קודש [4]. דער בעל „שבלי הלקט" שטרייכט אונטער: ס'איז אַ מצווה, בעת מען לייענט די תורה, זאָלן דערביי שטיין תורגמין (דערקלערער, דאָלמעטשער), וואָס זאָלן איבערזעצן און דערקלערן אַלץ וואָס מען לייענט, כדי עס זאָלן אויך פאַרשטיין פרויען און עמי-הארצים, און דערמיט מקיים זיין דעם פּסוק: ויקראו בספר תורת אלהים מפורש ושום שכל ויבינו במקרא. און דער „ספר חסידים" לערנט: ווען עס וועט קומען צו דיר אַ ייד, וואָס פאַרשטייט ניט קיין לשון-קודש, נאָר ער איז אַ ירא-שמים און וויל דאַווענען מיט כוונה, אָדער אַז עס וועט קומען אַ יידענע, וואָס פאַרשטייט אוודאי ניט קיין לשון-קודש — זאָלסטו זיי זאָגן, זיי זאָלן דאַווענען אויף דעם לשון וואָס זיי פאַרשטייען. וואָרים די תפילה — דאָס איז דאָך דאָס געבעט פונעם האַרצן, און וויבאַלד דאָס האַרץ ווייסט ניט וואָס די ליפּן זאָגן, וואָס קאָן העלפן אַזאַ תפילה. לכן איז בעסער, יעדער מענטש זאָל מתפלל זיין אויף דעם לשון, וואָס ער פאַרשטייט [5].

דאָס אַלץ איז אָבער געווען בלויז בעל-פה. דער מתורגמן פלעגט אַמאָל פאַר זיך פאַרנאָטירן די איבערזעצונג

3 מנהגים, סימ' 112: הרוזות ומשקולות שעושין בלשון אשכנז על היחוד ועל י"ג עיקרים, הלואי שלא יעשו..

4 וכל עיקר של תרגום אינו אלא לפרש דברי תורה לנשים ולעמי הארץ שאינן מבינין בלשון הקודש.

5 דאָרטן, סימ' 588 און 785.

פון די באַטרעפנדיקע סדרות; אייניקע חשובע תלמידים פלעגן זיך באַנוצן מיט ספּעציעלע גלאָסאַרן און מקרי דרדקים, וואו עס זיינען צוזאַמען מיט אַ איבערזעצונג געווען פאַרצייכנט די ביבלישע האַרבע ווערטער; עס האָבן זיך געפונען געציילטע רייכע פרויען, וואָס האָבן דערלויבט אַזאַ לוקסוס ווי באַשטעלן פאַר זיך אַ געשריבענע איבערזעצונג פון תפילות[1]. אָבער דאָס גרעסטע רוב פונם פּשוטן פאָלק און פון די פרויען זיינען בכלל זיך באַגאַן אָן ביכער. ווען דאָס איז געווען אפילו בנוגע צו רעליגיעזע ספרים, על אחת כמה וכמה — צו ביכער מיט ריין עולמשן אינהאַלט. מיר ווייסן זייער גוט, אַז ניט קוקנדיק אויף אַלע רדיפות און אָנשיקענישן, וואָס יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין אין מיטלעלטער, האָט דאָך דאָס פּשוטע פאָלק געשוימט מיט חשק צום לעבן. אמת, די רבנים און מנהיגי־עם האָבן טאַקע מיט אייזערנער קאָנסעקווענץ געפּרוווט דורכפירן אין דעם יידישן אַלטעגלעכן לעבן דעם גרונד־פּרינציפּ: אל תשמחו אלי גיל כעמים — יידן טאָרן זיך ניט פרייען ווי אַנדערע פעלקער. דאָס פּשוטע פאָלק האָט זיך אָבער ניט געוואָלט אונטערגעבן; און אָט דער דאָזיקער עקשנותדיקער קאַמף איז געוויס איינס פון די אינטערעסאַנטסטע, ליידער נאָך ניט אויפגעשריבענע בלעטער פון אונזער קולטור־געשיכטע. די יידישע מאַסע, בפרט די יידישע יוגנט, האָט זיך געהאַט אירע טאַנץ־ און ליבע־לידער, סירוב טאַקע גענאַשט ביי די אומות־העולם, די יידישע פרוי — וויגלידלעך און קינדער־מעשהלעך; די יידישע „געזעליקייט־לייט", די בדחנים, לצנים און שפּילמאַנס, פלעגן אויף יידישע שמחות און פאַרזאַמלונגען, אויף חתונות, תנאים, מלווה־מלכּהס וכדומה, דעקלאַמירן לידער, פריילעכע און ערנסטע, אויך גאַנצע פּאָעמעס, אָריגינעלע און איבערגעזעצטע, אויס העברעאיש אָדער איבערגעמאַכט אויס דייטש. און טאַקע אין דער יידישער שפּילמאַן־סביבה איז בלי ספק געשאַפן געוואָרן דאָס מייסטערווערק „שמואל־בוך". אָבער דאָס אַלץ איז צוגעגאַן בעל־פּה. בלויז דער מער ערנסטער בדחן אָדער שפּילמאַן פלעגט פאַר זיך צונויפזאַמלען און אָפּשרייבן געוויסע לידער און פּאָעמען, בכדי ער זאָל זיי קענען אויסנוצן אין געהעריקן מאָמענט.

אַזוי איז עס צוגעגאַנגען אינעם יידישן קיבוץ אין דייטשלאַנד, און אַזוי אויך אין פראַנקרייך[2]. דער פראַנצויזישער קיבוץ איז אָבער שוין אינעם 14טן יאָרהונדערט חרוב געוואָרן (נאָך פריער איז חרוב געוואָרן דער יידישער קיבוץ אין ענגלאַנד). און אַזוי איז ביסלעכווייז אין פּראָצעס פון שטענדיקע רדיפות און איבערוואַנדערונגען פון די מערב־פּראָווינצן אין די מזרח־לענדער, דער דייטש־פראַנצויזישער יידישער קיבוץ צום סוף פון מיטלעלטער מגולגל געוואָרן אינעם דייטש־פּוילישן קיבוץ, וואָס רעדט איין שפּראַך — „לשון אשכנז". און טאַקע אין דערזעלבער צייט האָט זיך אין געוויסן זינען פאַרענדיקט דער לאַנגער פּראָצעס, וואָס האָט זיך געצויגן פילע דורות נאָכאַנאַנד: דער מיטלהויכדייטשער דיאַלעקט, וואָס די יידן פון די ריין־פּראָווינצן האָבן אין 11טן—12טן י"ה גערעדט, איז מגולגל געוואָרן אין אַ אייגנאַרטיקן יידיש־דייטשן לשון מיט אַ גאַנץ אייגענעם נוסח[1].

צום סוף פון מיטלעלטער זיינען אָבער אויך אין דער דרויסנוועלט, אין דער סביבה, אין וועלכער דער גרויסער יידישער קיבוץ האָט געלעבט, פאָרגעקומען געוואַלטיקע שינויים, וואָס האָבן געמאַכט אַ איבערקערעניש אין דעם גאַנצן סדר פונעם אייראָפּעאישן לעבן און אויך געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דעם קולטור־לעבן פון דעם דייטש־פּוילישן יידנטום.

## III

די דורות־לאַנגע קרייץ־צוגן, וואָס האָבן באַקענט די אייראָפּעאישע פעלקער מיט דער קולטור־רייכער און פילפאַרביקער מזרח־וועלט, האָבן געהאַט אַ גאַנץ גרויסע השפּעה אויף דעם קולטור־לעבן פון מערב־אייראָפּע. אַלץ מער וואַקסט דער באַטייט פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג, און ביסלעכווייז לעבט אויף און הייבט אָן זיך צו אַנטוויקלען די שטאָטישע קולטור. דורך די עקאָנאָמישע און ענג מיט זיי פאַרבונדענע פּאָליטישע שינויים הייבט

1 ווי צום ביישפּיל די פרוי רבקה, פאַר וועלכער עס איז אין 1383 געשריבן געוואָרן אויף פּאַרמעט אַ זאַמלונג פון אַן איטאַליענישער תפילות־איבערזעצונג („מאָנאַטסשריפט", 1898, 319).

2 עס זיינען צו אונז דערגאַנגען גלאָסאַרן מיט ערקלערונגען אויף פראַנצויזיש, דאַן סליחות מיט אַ פּאַראַלעלער איבערזעצונג אויפן פראַנצויזישן דיאַלעקט (מיט יידישע אותיות) פונעם 13טן י"ה, און אויך אַ זאַמלונג מעדיצינישע פאַרשריפטן אויף פראַנצויזיש מיט יידישע אותיות. (זע שטיינשניידער, האַנטשריפטען אין בערלין, I, 7; II, 85, 6—154; ליטעראַטור־בלאַט דעס אָריענטס, 1844, 738; דאָרטן 1845, 90; ראָמאַנישע שטודיען, I, 163—220; ראָמאַניאַ, I, 146—176; רעווי II.

1 ווי באַקאַנט, פלייסן זיך דאָס רוב יידיש־דייטשע פאָרשער פון פריערדיקן דור, ווי צונץ, שטיינשניידער, גידעמאַן (איין יאָסט אויסגענומען), צו דערווייזן, אַז די יידן אין דייטשלאַנד האָבן ביז אין 16טן י"ה גערעדט ר י י ן דייטש, און ערשט שפּעטער איז זייער לשון דורך די פּוילישע יידן פאַרדאָרבן געוואָרן. דאָס איז אָבער גרונד־פאַלש. ניט דאָ איז דער אָרט זיך דערויף לענגער אָפּצושטעלן; איך מאַך נאָר אויפמערקזאַם, אַז ביי דער דאָזיקער פראַגע דאַרף מען קודם־כל נעמען אין אַכט, אַז די פּשוטע אומגאַנגשפּראַך, וואָס איז געווען אינעם מ ו י ל פון פאָלק, האָט זיך באַדייטנדיק אונטערגעשיידט פון דער ליטעראַרישער שפּראַך, אין וועלכער עס זיינען געשריבן די עלטסטע צו אונז דערגאַנגענע ביבל־איבערזעצונגען, אָדער אַזעלכע פּאָעמען ווי „שמואל־בוך" און די יידישע איבערזעצונג פון „בן המלך והנזיר". אויך דאַרף מען געדענקען, אַז שוין אין טיפן מיטלעלטער, נאָך אין 12טן י"ה, האָבן זיך אין דער אומגאַנגשפּראַך פון די יידן אין די ריין־שטעט איינגעבירגערט, אויס ריין סאָציאַלע סיבות, אַ סך העברעאישע ווערטער, וואָס האָבן אַ שייכות צו מסחר און אַלטעגלעכן לעבן (שוין ניט רעדנדיק פון רעליגיעזע באַגריפן און כּלי־מכשירים). מער באַריכות רעד איך וועגן דעם אין דעם אַלטן בוך פון מיין געשיכטע.

אָן שוואַכער צו ווערן דער פאַרנעם און באַטייט פון דעם ריטער־קלאַס. און אויף דעם חשבון וואַקסט דער שטאָטישער בירגערשטאַנד. אינ׳ם געזעלשאַפלעכן לעבן הייבן אָן צו שפילן אַ געוויסע ראָלע די סוחרים־גילדיעס און די צעכן פון די בעל־מלאכות. דער שטאָטישער בירגער־קלאַס אין דייטשלאַנד הייבט אָן ביסלעכווייז צו ווערן דער טרעגער פון קולטור; די ריטערלעכע פּאָעזיע טרעט אָפּ איר בכבודן פלאַץ דער בירגערלעך־שטאָטישער. און די וואַנדערנדיקע טרובאַדורן און שפילמאַנס טרעטן אָפּ זייער אָרט די געלאַסענע, פעדאַנטיש ערנסטע מינעזינגער.

מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, ווי ווייניק עס איז אַפילו ביים אַדלשטאַנד געווען פאַרשפּרייט די קונסט פון לייענען און שרייבן. דער ריטער האָט זיך קודם־כל געניטיקט אין דער שווערד, ניט אין דער פען. און דער פריער דערמאָנטער גרויסער דיכטער וואָלפראַם פון עשענבאַך, וואָס דערציילט אַליין, אַז ער האָט ניט געלערנט די קונסט פון שרייבן, שטרייכט אָבער אַלס ריטער מיט גדלות אונטער, אַז זיין באַרוף איז צו טראָגן דאָס געווער אין דער האַנט („צום schildes ambet בין איך געבוירן“). אַנדערש איז אָבער מיט דעם בירגערקלאַס. דער סוחר, דער קרעמער און אַפילו דער בעל־מלאכה האָט געמוזט צו דער פרנסה קאָנען שרייבן, לייענען און רעכענען, אי דאָס ניט אויף דער אַלטער שפּראַך פון די רוימער, נייערט אויף דער שפּראַך פונעם אַלטעגלעכן לעבן. אין טיפן מיטלעלטער האָבן אַפילו אין דייטשלאַנד עקסיסטירט שולן בלויז לאַטייניש ע. ביסלעכווייז, מיט דער אַנטוויקלונג פונעם בירגער־לעבן, הייבן אָבער אָן זיך צו ווייזן אויך פשוטע דייטשע פאָלקסשולן, וואו די קינדער פון סוחרים און בעלי־מלאכות האָבן געלערנט לייענען, שרייבן און די ערשטע כללים פון חשבון. די געלערנטע קרייזן האָבן אין דער התחלה געקוקט מיט גרויס ביטול אויף די ראָזיקע „וואולגערע“ פאָלקסשולן, און נאָך אין 15טן י״ה איז אין די דערמאָנטע קרייזן געווען גילטיק דער כלל, אַז ווער עס וויל געבן בילדונג זיין זון, איז ער מחוייב אים צו שיקן אין אַ „רעכטער“, ד״ה, אין אַ לאַטיינישער שול, ניט אין אַזעלכע, וואו מען לערנט גאָר אויף דער פשוטער פאָלקסשפּראַך [1]. אויף די משגיחים אין די לאַטיינישע שולן איז געלעגן דער חוב צו פאַרצייכענען אויפן שוואַרצן שטראָפטאָוול די שילער „וואָסריידן דייטש אָדער טוען אַנדערע ניט אָנשטענדיקע מעשים“.[2] מע האָט פחד געהאַט, אַז דאָס דייטש־ריידן קאָן נאָך דעם שילער פאַרדאַרבן די ריינע לאַטיינישע אויסשפּראַך. דייטש גופא האָט מען דאָך ניט וואָס צו לערנען, מע דאַרף דאָך עס בלויז באַנוצן, כדי זיך צונויפצורייידן מיטן „גראָבן עולם“.

מיט דער צייט אָבער, וואָס שטאַרקער עס האָט געשטיגן דער באַטייט און די ראָלע פונעם „גראָבן עולם“, ד״ה פונעם שטאָטישן בירגערשטאַנד, וואָס ווייטער ס׳האָבן זיך אַנטוויקלט זיינע קולטורעלע הצטרכותן — אַלץ מער איז אויך געוואַקסן די ראָלע פון דער אומגאַנגסשפּראַך. די שפּראַך פון די פאָלקסמאַסן האָט ביסלעכווייז אַרויסגעשטופּט די לאַטיינישע פון די שטאָטישע קאַנצעלאַריעס און רעגירונגס־אַנשטאַלטן. ווער עס האָט געוואָלט ווירקן אויף דעם שטאָטישן בירגערטום, וואָס איז געוואָרן אַ באַטייטנדיקע געזעלשאַפטלעכע מאַכט, דער האָט געמוזט צו אים זיך ווענדן אויף זיין אומגאַנגשפּראַך. דער באַרימטער הומאַניסט און קולטור־קעמפער אולריך פאָן הוטען דערציילט אַליין: „אין דער התחלה האָב איך געשריבן אויף לאַטיין, האָבן דאָס אָבער זייער ווייניק פאַרשטאַנען. איצט ווענד איך מיך צו מיין פאָטערלאַנד, צום דייטשן פאָלק, אויף זיין אייגענער שפּראַך און רוף אים צום קאַמף, ער זאָל זיך נוקם זיין פאַר אַלדאָס שלעכטס, וואָס מ׳האָט אים געטאָן“.

און עס איז דערפאַר לייכט באַגרייפלעך, וואָס בעת אַ גאַנצע קייט פון קולטורעלע, סאָציאַלע און פאָליטישע סיבות האָבן אַרויסגערופן די ברייטע רעליגיעז־רעפאָרמיסטישע באַוועגונג, האָט זי זיך פאַרענדיקט דערמיט, וואָס דייטשלאַנד האָט זיך אָפּגעטיילט ניט נאָר פון דער אויסלענדישער פּויפּסט־קאַטוילישער קירך, נאָר אויך פון דער לאַטיינישער קירך. דער קולטורעל אויסגעוואַקסענער בירגערשטאַנד האָט געפאָדערט, אַז זיין גייסטיק־רעליגיעזע נערונג, די ביבל, זאָל זיין פאַר אים צוטריטלעך אויף זיין מוטערשפּראַך. די באַרימטע דייטשע ביבל־איבערזעצונג איז ניט געווען קיין גאונישע המצאה פון מאַרטין לוטער — דאָס איז געווען דער לאָגישער פועל־יוצא פון אַ לאַנגן און וויכטיקן קולטור־פּראָצעס: ווי דער דיאַלעקט פון קנעכט און פּויערים, די פשוטע אומאַנטוויקלטע אומגאַנגשפּראַך פונעם מאַרק און וואָכעדיקן אַלטעגלעכן לעבן ווערט מגולגל אין אַן אויסטערליש קונציק געפעס פאַר רייכער פילפאַרביקער קולטור. און טאַקע ענג פאַרבונדן דערמיט, אויך אַלס לאָגישער פועל־יוצא, אַלס מוז־זאַך, טרעט גוטנבערג אַרויס מיט זיין גאונישער המצאה — דעם דרוק־וואַרשטאַט, פּונקט ווי צו דער זעלבער צייט איז אויך דער פּולווער צוגעטראַכט געוואָרן. וואָס ערשט מיט זיין הילף האָט דער בירגער־קלאַס באַקומען די מעגלעכקייט צו צעשטערן די רויבערישע ריטער־שלעסער אויף די משופּעדיקע פעלזן און הויכע שפּיציקע בערג.

די המצאה פון ביכער־דרוקן האָט געהאַט אַ געוואַלטיקע השפּעה אויף דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די אייראָפּעאישע פעלקער. דער דרוק־וואַרשטאַט האָט אין אַ געוואַלטיקער מאָס דעמאָקראַטיזירט דאָס בוך, געמאַכט עס מיט אַמאָל צוטריטלעך פאַר די ברייטע שיכטן פון דעם פאָלק. די גאַנצע לוטערישע ביבל־איבערזעצונג האָט מען געקאָנט באַקומען פאַר אָנדערטהאַלבן גולדן. אויפן אָרט פונעם מעצענאַט, דעם ברייטהאַרציקן „שר“, וואָס פלעגט שטיצן די ליטעראַטור און אירע דינער און פּריסטער, איז אַרויסגע-

1 ...in die rechte schul schicke, vnd nit in tütsch lere.

2 ...die deutsch reden oder sust unzüchtig sein.

טראָטן דאָס פאָלק גופא, אָבער ניט אַלס נדבן, נייערט אַלס כּשרער קונה. פון אַ טייערן לוקסוס־אַרטיקל איז דאָס בוך געוואָרן די ביליגסטע סחורה, עובר לסוחר...

פריער איז ניט נאָר די ריטער־פּאָעזיע, נאָר אויך די בירגערלעכע געווען ענג פאַרבונדן מיט מוזיק און געזאַנג; דעם דרוק־וואַרשטאַט איז אָבער געלונגען אָפּצוטיילן דאָס ליד פון דער מעלאָדיע, מאַכן אַ מחיצה צווישן דעם לירישן שאַפן און דער מוזיק, צווישן דעם וואָרט און דעם געזאַנג. בלויז ער, דער דרוק־וואַרשטאַט, האָט עס צום ערשטן געגעבן די מעגלעכקייט, אַז די פּשוטע פאָלקס־שפּראַך מיט איר מינדלעכן פאָלקלאָר זאָל דערהויבן ווערן צו דער מדרגה פון פאָלקס־ליטעראַטור, וואָס ווערט אַ גאַנץ וויכטיקער פאַקטאָר פון נאַציאָנאַלער קולטור. עס הייבט זיך אָן אַ נייע תּקופה אין דער קולטור־געשיכטע.

אין סוף פונעם 15טן און אין דער ערשטער העלפט פונעם 16טן י"ה האָט זיך אין דייטשלאַנד אויף דעם ביכער־מאַרק באַוויזן אַ געוואַלטיקער סכום פאָלקס־ביכער. עס איז אָבער אַ טעות צו מיינען, אַז דאָס זיינען זיי ערשט צו יענער צייט באַשאַפן געוואָרן. זייער שטאָף האָט זיך געזאַמלט אין משך פון גאַנצע דורות אין די טיפענישן פונעם פאָלקס־קיבוץ. ווי נאָר דאָס בוך איז געוואָרן אַ גאַנגבאַרע און ביליגע סחורה, וואָס האָט אַריינגעדרונגען אין די ברייטע פאָלקסשיכטן, האָבן זיך גלייך געפונען אונטערנעמער מיטן פּראַקטישן חוש און האָבן צונויפגעזאַמלט די מענגעס מעשיות, לעגענדעס, אַנעקדאָטן און קאַטאָוועסן, מיט וועלכע די פאַנטאַזיע פונעם פאָלק האָט מיט באַזונדערער פאָר־ליבע באַצירט געוויסע העלדן, ווי די ריטער פונעם אַרטוס־הויף, פאַוסט, דער וואַנדערנדיקער אַהאַספער, טיל אוילענשפּיגל און פיל אַנדערע. זייער כאַראַקטעריסטיש איז דערביי אָט דער פּרט: די באַליבטסטע און פּאָפּולערסטע פאָלקס־ביכער פון יענער צייט האָבן ניט קיין טאַטן — זיי זיינען אַנאָנימע ווערק. די זאַמלער, רעדאַקטאָרן און אַרויסגעבער פון די פאָלקסביכער, וואָס זיינען אין יענער צייט ערשינען, שטעלן פאָר אַ אמתן ערב־רב: גלחים, קרעמער, מאָנאַכן, סטודענטן, קאָפּיסטן, אַרכיוואַריוסן, ווער עס האָט נאָר געקאָנט האַלטן אַ פּען אין דער האַנט — דער איז געוואָרן אַ זאַמלער און אַרויסגעבער. דאָס פאָלק האָט צוריק אין בוכפאָרם באַקומען דאָס, וואָס ער גופא האָט אין משך פון דורות געשפּונען און געשאַפן. די ברייטע פאָלקסמאַסע האָט אויפגעהערט צו זיין בלויז דער אונטערגרונד פאַרן נאַציאָנאַלן בנין, דער פּרוכטבאָדן, דער הומוס פאַר דער נאַציאָנאַלער קולטור — זי גופא איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטערין אין דעם שאַפן און זאַמלען פון קולטור־נאַציאָנאַלע אוצרות.

דאָס אַלץ האָט נאַטירלעך געמוזט געפינען דעם שאַרפסטן אָפּקלאַנג אין דער יידישער סביבה, וואו דער פּראָצענט „יודעי־ספר" איז דאָך געווען אַ בערך גרעסערער ווי אין דער קריסטלעך־דייטשער באַפעלקערונג. און עס איז דערפאַר גאַנץ באַגרייפלעך, וואָס צוזאַמען מיט דעם אויפבליען פון דער דייטשער פאָלקס־ליטעראַטור זעען מיר אויך דאָס גיכע אויפבלעבן פון דער „יידיש־דייטשער" ליטעראַטור.

## IV

דאָס עלטסטע געדרוקטע בוך, וואָס איז צו אונז דערגאַנגען אויף יידיש, איז ר' אַנשלס „מרכבת המשנה" (קראָקע, 1534). עס איז אָבער קיין שום ספק ניט, אַז נאָך באַדייטנדיק פריער זיינען שוין אין דייטשלאַנד (און אפשר אויך אין צפון־איטאַליע, וואו עס האָט דעמאָלט עקסיסטירט אַ בערך באַטייטיקער קיבוץ פון דייטשע יידן) ערשינען פיל ביכער אויף יידיש־דייטש; נאָר אַלס פאָלקסביכער, וואָס זיינען געגאַן פון האַנט צו האַנט, אי דאָס צווישן אַזאַ לייענער־פּובליקום, וואָס זיינען ניט געוואוינט געווען אָפּצוהיטן אַ בוך — זיינען זיי אין גיכער צייט פאַרלוירן געגאַן. גאַנץ צופעליק ווייסן מיר אויף זיכער, אַז אליהו בחור האָט זיין „בבא־בוך" געשריבן נאָך אין 1507. אָבער די ערשטע אויפלאַגע, און אפשר אויך אויפלאַגעס, זיינען צו אונז ניט דערגאַן. עס איז אויך זייער וואָרשיינלעך, אַז אליהו בחור איז ניט געווען דער ערשטער אין דער צווייג, און נאָך פיל אַנדערע אין זיין צייט האָבן זיך געפליסט צו באַקענען דעם נאָר־וואָס אויפגעקומענעם ברייטן יידישן לייענער־פּובליקום מיט פּאָעמעס און ראָמאַנען אויס דער קריסטלעכער וועלט. שטיינשניידער, גידעמאַן און אַנדערע פאָרשער זאָגן עדות, אַז כמעט אַלע דייטשע פאָלקס־ביכער, וועגן וועלכע מיר האָבן גערעדט אין סוף פונעם פאָריקן קאַפּיטל, זיינען אויך איבערגעדרוקט געוואָרן מיט יידישע אותיות און על־פּי רוב בלויז מיט גאַנץ אומבאַטייטיקע שינויים[1]. געוויס שוין מיט די ערשטע יידישע דרוקן האָבן זיך אויף דער יידישער גאַס באַוויזן אויך די שפּעטער אַזוי גוט באַקאַנטע „פּאַקנטרעגער", וואָס האָבן אויפן בוך געקוקט ווי אויף אַ מסחר־אַרטיקל, פון וועלכן זיי האָבן געשעפּט חיונה. זיי פלעגן אַליין זעצן די ביכער אין די פּרימיטיווע דרוק־וואַרשטאַטן און דערנאָך אַליין צעפירן זייער געדרוקטע סחורה בכל תּפוצות ישראל. קיין רעקלאַמעס מיט אַנאָנסן און אַפישן זיינען נאָך דעמאָלט ניט געווען, פלעגט מען דערצו אויסנוצן דאָס שער־בלאַט פונעם בוך גופא. אונז זיינען, אמת, באַקאַנט בלויז די שער־בלעטער פון די שפּעטערדיקע אויסגאַבעס. עס איז אָבער קלאָר, אַז זיי זיינען צונויפגעשטעלט לויט דעם נאָך פריער פעסטגעזעצטן נוסח. דער פאַרלעגער ווענדט זיך צום לייענער קודם־כּל ווי צום קונה, פאַר וועלכן ער לויבט אויס אין פּרימיטיווע „קניטלפערזן" זיין סחורה: „קומט געשווינד צו

[1] דערעיקר פלעגן געענדערט ווערן די שטעלן, וואָס האָבן געטראָגן אַ ריין קריסטלעכע פאַרבונג. ווי אַזוי די דאָזיקע שטעלן פלעגן „געיידישט" ווערן, זע: „מאָנאַטסשריפט", 1876, 354—61; „סעראַפּעום", 1864, 74—76; „צייטשריפט פיר די געשיכטע דער יודען", II, 238, 269—70, 294.

לויפן, דיז שַיין מעשה צו קויפן, דען עש זיין ניט פיל ווארדן גידרוקט, דרום ווערדן זיא באלד פַר צוקט" „קומט צו לויפן, אונ' גיכר קויפן... קויפט זיא ביהענד, אֵי זיא ווערין קומן אין פרעמדי לענד". שולמאַן ברענגט אין זיין ווערק[1] פאָלגנדיקן כאַראַקטעריסטישן אויפרוף פון אַ פאַר־לעגער אַ „פאַקנטרעגער": „עש דריקט מיך דרום דרוק איך, ווש מיך דריקט איז הש"י ביקאנט, זַנויל פאפערט בין איך גינאנט" [2].

און דער פשוטער לייענער האָט זיך גערן אָפּגערופן און ניט געלאָזן זיך לאַנג בעטן. וואָס פאַנטאַסטישער די מעשה איז געווען, וואָס מער פרעמד און אומבאַקאַנט דעם יידישן לייענער ס'איז געווען דאָס מיטלעלטערלעכע ריטער־לעבן מיט זיינע העלדן און זייער וועלט־באַנעם — אַלץ צוציענדיקער און אינטערעסאַנטער איז דאָס געווען פאַר די תמימותדיקע תושבים פונעם ענגן איינטעניקן געטאָ...

אָבער ניט נאָר ביכער מיט פרעמדן שטאָף האָבן גע־דרוקט די יידישע פאַרלעגער. מיר ווייסן דאָך, אַז איינס פון די עלטסטע יידישע ביכער, וואָס זיינען צו אונז דערגאַנגען, איז דאָס באַקאַנטע מוסר־ספר „ספר מדות". באַזונדערס טיפּיש איז אין דער הינזיכט איינער פון די עלטסטע יידישע פאַרלעגער און דרוקער, וואָס זיינען אונז באַקאַנט, יוסף בר יקר. יוסף בר יקר איז בכלל אַ גאַנץ אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט. מיר ווייסן גאַנץ ווייניק וועגן זיין לעבן, עס איז בלויז באַקאַנט, אַז ער איז געווען אַן איידעם און אויך אַ שותּף פון באַוואוסטן יידישן דרוקער חיים שוואַרץ. יוספס פאָטער איז, ווי עס ווייזט אויס, גע־שטאָרבן אַלס „קדוש" [3]; קיין גרויסער למדן איז יוסף ניט געווען, ער זאָגט אַליין אויף זיך עדות „דען איך בין איין עם־הארץ אונ' טרופפא". ביי פריערדיקע צייטן וואָלט אַזאַ מענטשן אַפילו אויפן געדאַנק ניט געקומען צו ווערן אַ מחבר און זיך שטופּן צווישן די יודעי־ספר. האָט זיך אָבער דער דרוק־וואַרשטאַט באַוויזן, דאָס בוך איז אַריינגעדרונגען אין די ברייטע שיכטן פונעם פאָלק, די פאָלקסשפּראַך איז געוואָרן אַ ליטעראַטור־שפּראַך — און אויס די ברייטע שיכטן פונעם פאָלק טרעט אַרויס אַ מענטש, וואָס פילט זיך באַרופן צו ווערן אַ קולטור־טרעגער פון גאָר אַ נייעם שניט און פלייסט זיך באַוואוסטזיניק אונטערצושטרייכן די שאַרפע מחיצה, וואָס טיילט אים אָפּ פון די לומדים און טרוקענע בעלי־פּילפּול, צו וועלכער ער פאַרהאַלט זיך מיט אַ שמייכל פון ביטול...

עס איז כמעט קיין ספק ניט, אַז יוסף בן יקרן האָט מען צו פאַרדאַנקען די ערשטע אויסגאַבע פונעם „שמואל־בוך", וואָס איז אַרויס אין אויגסבורג 1544 [4]; ער איז אויך געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געדרוקט פאַר די ברייטע שיכטן פון פאָלק דעם סידור אין יידישער איבער־זעצונג [5]. אין דער דאָזיקער אויסגאַבע באַגרענעצט ער זיך שוין ניט מיט דער ראָלע פון בלויז פאַרלעגער און זעצער [6] — ער טרעט פאַר אונז אַרויס אַלס פאָלקס־ליטעראַט און קעמ־פער פאַר יידיש. ער שרייבט אַפילו, אַז „אויך האב איך דיא תפילה ניט בור טוייטשט אויש מיינם קאפפא, זונדר האב מיר אייני אויש גילעזן, דיא מיך הוט נידוכט זיא זייא דיא בעשט גיוועזן". עס פילט זיך אָבער די גאַניסטע האַנט פון אַ רעדאַקטאָר, און עס איז אויך קיין ספק ניט, אַז אייניקע תפילות האָט ער טאַקע אַליין איבערגעזעצט, ווי עס איז צו דערקענען אין זיין זאַפטיקער שפּראַך, וועלכע אַנטפּלעקט זיך אין איר גאַנצער אייגנאַרטיקייט אין דער הקדמה צום סידור. יוסף בר יקר קאָן עס גאָר ניט באַ־גרייפן, צו וואָס מען האָט עס פאַרפאַסט אַזוי פיל תפילת און פיוטים אין אַזאַ הארבן און אומפאַרשטענדלעכן לשון: „אונ' מאכט אין דיא תפלות גאר הערבי לשונות, דאמיט דש מן בעוונות אונטר טויזענטן וִינט [= געפינט] קוים איינן, דר דא ווייש וואש זיא מיינן".

און יוסף בר יקר ערקלערט גאַנץ אַנטשיידן: „דרום האלט איך נַר אייטל טאָרן דיא אין לשון הקדש וואלן אָרן [דאַוונען] און נַר שטין דארינן קיין וואָרט; איך וואלט דוך גערן ווישן נארט, וואש זיא קונן האבן נַר איין כוָנה". בר יקר האָט דערפאַר באַשלאָסן צו געבן די תפילות דעם פשוטן פאָלק אויף דער אים פאַרשטענדי־לעכער אומגאַנגשפּראַך: „דרום האבן מיר גימאכט איין מַסקָנה צו דרוקן דיא תפלה אין טויטשר שפרוך אונ' אנדרי ספרים מער דער נוך".

און דער דאָזיקער מענטש פון פאָלק שיַיט זיך ניט אַריינצוברענגען אין דעם ערנסט־רעליגיעזן ספר דעם פאָלקס־טימלעכן, לעבנסלוסטיקן הומאָר. אין דעם נאָכוואָרט צום סידור האָלט יוסף בן יקיר פאַר פּאַסיק אויסצולויבן זיין ווערק אויף אַזאַ מין אופן: [9]„איך האב זי אום איין קרונן דרלאויבט, אבער איך שוִיר בייא מיינם האויבט, זי איז איר וואל ווערט צעהן, איר ווערט עז זעלבשט וואל זעהן,

1 שפת יהודית וכו', VII.

2 פון דעם דאָזיקן פּאַפּערטס משפחה האָט אגב געשטאַמט היינריך היינע — רעד.

3 דערויף זאָגט עדות די צושריפט ביים פאָטערס נאָמען „הי"ו" (ה' ינקום דמו).

4 אין אויסלאָז צום סידור ערקלערט יוסף בן יקר צוזאַמען מיט זיינע צוויי שותּפים (דעם שווער חיים שוואַרץ און דעם שוואָגער, יצחק בר' חיים): נון וואלן וויר ביטן גוט, דער אונש ביש הער גיהולפן הוט; דש ער אונש ווייטר זול שטערקן ווי די לֵיבן, צו דעם שמואל בוך דש וויר אן הֵיבן, דש וויר עז בצלד בולענדן און זול אונש דש יאר משיח זענדן.

5 אין איכנהויזן, 1544.

6 אַלס פאַרלעגער ווענדט ער זיך צום לייענער־פּובליקום אין דעם פעסטגעשטעלטן נוסח: קומט הער איר וְרומי ורויאן, דא ווערט איר הויפש דינג שויאן, איר ווערט עש וואול גיוואר, איין תפלה בום גאנץ יאר, וואול בור טוייטשט אונ' בישיידליך, דרום קומט אונ' קויפט ויידליך, איר ווערט זיא זובשט בור זוימן, דען זי וַוכשין ניט אויף דען בוימן, אויך איז זיא ניט צו טייער, אום איין קרוגן איז זי אויער.

ווען איר אנדרי תפילות ביזעכט [=באַזעט] דערבייא, מן מאג וואל זאגן יוא, עש איז אזא גרושר אונטר שאייד אז צווישן איינם אלטן ווייבא אונ' איינר יונגן מיידא".*

אין איין צייט מיט יוסף בר יקר איז אַרויסגעטרעטן אַלס פאַרלעגער אויף יידיש דער באַקאַנטער דרוקער קאָרנעליאָ אַדלקינד. דאָס איז געווען אַ מענטש פון אייראָפּעאישער בילדונג; אַ צייט מיט יאָרן (1524 — 1544) האָט ער געאַרבעט אין דער באַרימטער העברעאישער דרוק פון דעם ווענעציאַנישן קריסטלעכן קויפמאַן דניאל באָמבערג, אַרויסגעגעבן תנ"ך מיט פּירושים, געדרוקט פיל אַנדערע העברעאישע ביכער. אויף דער עלטער האָט ער אָבער חרטה געקראָגן דערויף, וואָס ער האָט ווייניק יוצא געווען פאַרן פּשוטן פאָלק, און האָט באַשלאָסן, אַז אויף אים ליגט דער חוב צו זאָרגן אויך פאַר די, וואָס זיינען ניט באַהאַוונט אין די „קליינע אותיות". ער דערציילט אַליין וועגן דעם אין דער פאָררעדע צו דער תהילים-איבערזעצונג, וואָס ער האָט באַשטעלט ביי אליה בחור (געדרוקט אין 1545): 0 „קורנילייוו אַדלקינד שרייבט דש דען ורומן בחורות אונ' דען בעלי בתים דיא דא האָבן ניט צייט גיהאס צו לערנין. אין מיינר יוגנט האב איך ויל קוישטליכי אונ' גרויש, ספרים העלפין דרוקן אונ' האב אל מייבין ולייש [=פלייס] דרוף גליגט, אז מאן וואל מאג זעהן אין אל ספרים דיא מן האט גידרוקט אין דניאל באמבערגש דרוקעריי, דא איך בין אינען גיחתמט בורנן אדער הינטין. איצונדר אז איך בין אין די עלטער קומן דא הון איך מיר גידאכט, וויא איך ניכס האב גימאכט בור דיא ורומן בחורות אונ' בור איטליכי בעלי בתים דיא דא ניט האבן צייט גיהאט צו לערנין אין אירר יוגנט נוך דונוכטר וואלטן זיא גערן איר צייט פר טרייבן אן אם שבת אודר אם יום טוב מיט לייאן גוטליכי שמועות אונ' ניט פון טיטריך פון בערן אודר פון דער שוינן גלויק. אונ' דען זעלביגן צו ליב דיא דא גערן וואלטן לייאן פון גוטש ווארט אונ' דאָך וינט מן וויניג ספרים אין טויטשר שפרוך גשריבין דיא דא וואל אונ' רעכט גטויטשט זייאן, בין איך גנגן צו רבי אליה בחור אונ' הון מיך מיט אים פר טראגין ער זאל מיר איטליכי ספרים טויטשן".

אין דער דאָזיקער ערקלערונג אַדלקינדס מוזן באַזונדערס אונטערגעשטראָכן ווערן צוויי פּרטים. ראשית זיינע תּרעומות אויף די פון פרעמדע ליטעראַטורן אימפּאָרטירטע ביכער, ווי „טיטריך פון בערן" און „דער שיינען גליק". דער דאָזיקער מאָטיוו חזרט זיך גאַנץ אָפט איבער ביי פאַרשיידענע פאַרפאַסער פון יענער צייט. די רבנים, לומדים און וואוילקענעוודיקע זיינען זייער ניט צופרידן געווען פון די אַלע ריטער-ראָמאַנען און פאַנטאַסטישע מעשיות, וואָס האָבן אַדאַנק דעם דרוק-וואַרשטאַט און די „ספרים-טרעגער" מאַסנווייז אַריינגעדרונגען אין דער יידישער גאַס. זיי האָבן

* דער סימן 0 באַטייט, אַז די ציטאַטע איז גענומען ניט דירעקט פון אָריגינאַל; דעריבער איז דער מחבר ניט ערב פאַר דער פּינקטלעכקייט פון אויסלייג. — רעד.



אָבער זייער גוט פאַרשטאַנען, אַז אַרויסרייסן דאָס אינטערעסאַנטע און „קורצווייליקע" בוך אויס די הענט פונעם פאָלק איז אַ גאַנץ שווערע אויפגאַבע, נייערט מע מוז זאָרגן צוצוגרייטן פאַר די ברייטע מאַסן אַנדערע גייסטיקע שפּייז, שאַפן אויף דער פאָלקסשפּראַך ביכער, וואָס זאָלן זיין אַי יידישלעך, דורכגעדרונגען מיט יידישער מסורה, און טאַקע דערביי זאָלן זיי צוציען דעם פּשוטן לייענער און זיין אים צום הארצן. דאָ באַרירן מיר אגב שוין דעם צווייטן פּונקט, וואָס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן אין אַדלקינדס ערקלערונג. אַדלקינד רעדט ניט נאָר וועגן די „ורומי בחורות", נאָר אויך וועגן „בעלי בתים די דא ניט האבן צייט גיהאַט צו לערנן אין אירר יוגנט". די דייטש-יידישע פאָרשער ווי גידעמאַן, פּערלעס, שטיינשניידער און אַנדערע ריידן שטענדיק וועגן דער אַלט-יידישער ליטעראַטור ווי וועגן אַ ספּעציעלער „פרויען-ליטעראַטור". דאָס איז אָבער פאַקטיש ניט ריכטיק. ס'איז כדאי אָנצווייזן אויף אָט דעם פּרט. איך האָב צונויפגעזאַמלט דעם טעקסט פון עטלעכע און זיבעציק שער-בלעטער פון אַלט-יידישע אויסגאַבן, און צווישן זיי זיינען בלויז ניין וואָס ווענדן זיך אויסשליסלעך צו „ורומי ווייבר, בחורות אונ' פוילצילש", די איבעריקע אָבער (בערך זיבעציק) שרייבן ניט נאָר „פר ווייבר אונ' מיידן", נור אויך פאַר „בחורים אונ' בעלי בתים אלי ביידן", „פאר מאנען אונ' ווייבר יונגן אונ' מיידן"; אייניקע ווענדן זיך צו די „ליבע ברידער", צו „ליבה לייט מאנן אונ' ווייבער יונגן אונ' מיידן", אַנדערע ווידער צו סתם „בן אדם... עש זיי דר למדן אודר גמייני מן בעלי בתים אונ' נשים", אָדער צו „איטליכן יהודי... ווער ער איז... זייא עז מאן אודר ווייב ווער נייארט לייאנן קאן" [1].

ריכטיק איז אָבער אָט וואָס: ווען אפילו די אַלט-יידישע ביכער זיינען פאַרפאַסט געוואָרן ניט ספּעציעל פאַר פרויען, דאָך האָבן די פאַרפאַסער און פאַרלעגער זייער גוט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ געוואַלטיקע רעוואָלוציע די פאָלקס-ליטעראַטור האָט אַרויסגערופן אינעם לעבן פון דער יידישער פרוי. ביז דער דרוק-וואַרשטאַט האָט געשאַפן די מעגלעכקייט, עס זאָל קאָנען אַנטשטיין אַ פאָלקס-ליטעראַטור, איז דאָך די יידישע פרוי געווען אינגאַנצן אָפּגעזונדערט פון דער נאַציאָנאַלער קולטור, ווייל איר איז געווען פרעמד און אומפאַרשטענדלעך די שפּראַך, אויף וועלכער די נאַציאָנאַלע קולטור-אוצרות זיינען געווען געזאַמלט. אזאַ מין אייגנאַרטיקע ערשיינונג אין יידישן לעבן ווי גליקל האַמיל, למשל, מיט איר האַרמאָנישער וועלט-אָנשויאונג און לעבנס-באַנעם, איז אין דייטשן אָדער פראַנצויזישן יידנטום פון די פריערדיקע מיטלעלטערלעכע דורות געווען לחלוטין אוממעגלעך. די מעשה מיט רש"יס טאָכטער, וואָס פלעגט כלומרשט שרייבן שאלות-ותשובות פאַר איר פאָטער בעת יענער איז קראַנק געווען, האָט זיך דאָך אַרויסגעוויזן אַלס פּשוטע בבא-מעשה: דאָס האָט ניט רש"יס טאָכטער די שו"ת

1 באַריכות שטעל איך מיך דערויף אָפּ אין דעם אַכטן טייל פון מיין „געשיכטע".

געשריבן, נאָר דער טאָכטערס זון, דער באַרימטער למדן און בעל התוספות, דער רשב״ם. און טאַקע פאַר דער מיטלעלטערלעכער פרוי זיינען געווען צום פּאַסיקסטן די באַקאַנטע גאָרדאָנישע פערזן:

אשה עבריה, מי ידע חייך?
בחשך באת, בחשך תֵּלֵכי!

די פאָלקס־ליטעראַטור, וואָס האָט אויפגעבליט אינעם 16טן י״ה, האָט אָבער אין אַ גאַנץ באַדייטנדיקער מאָס פאַרברייטערט דעם וועלט־באַנעם פון דער יידישער פרוי. די גרויסע מענגע אויס דער פרעמד אימפּאָרטירטע ביכער האָבן זי באַקענט מיט דער דרויסנדיקער, אין ראָמאַנטישע, צאָפּט אויך פאַנטאַסטישע פאַרבן געשילדערטער וועלט. באַלד זיינען געקומען מענטשן מיט אַ פאָלקסטימלעכן חוש, וואָס האָבן זיך געשטעלט די אויפגאַבע מאַכן צוטריטלעך פאַר די ברייטע שיכטן מיט דער הילף פון דעם פאָלקסבוך די נאַציאָנאַלע קולטור־אוצרות. האָבן זיי עס דערביי שטאַרק מיטגעהאָלפן די פאַרלעגער מיטן ריין פּראַקטישן חוש, וואָס האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס פאָלקסבוך קאָן אין פאַסיקע הענט ווערן אַ גאַנץ גאַנגבאַרער מסחר־אַרטיקל. און דאָ האָט זיך גלייך אַנטפּלעקט די גרויסע רעוואָלוציע, וואָס איז פאָרגעקומען אינעם לעבן פון דער יידישער פרוי. די פרוי, די מוטער פון דעם קומענדיקן דור, איז געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער קולטור־פאַקטאָר אין דעם פאָלקס לעבן. פאַר איר, דער עקרת־הבית, האָבן זיך אין באַדייטנדיקער מאָס געעפנט די קוואַלן פון דער יידישער מסורה, פון דעם יידישן רעליגיעז־קולטורעלן היסטאָרישן עבר. דאָס איז געווען אַזאַ אויסשליסלעכע ערשיינונג, אַז די, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער פאָלקס־ליטעראַטור, האָבן עס געמוזט צום שאַרפסטן אונטערשטרייכן.

דער באַקאַנטער פאַרלעגער און איבערזעצער, יצחק בן אהרן פּראָסטיץ, איז אין דער פאָררעדע צו „מגלת אסתר", וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אויף יידיש אין קראָקע אין 1590, שטאַרק מתרעם אויף די „°נאַרן דיא טון קלאַפּן, זיא מיינן דיא וועלט זיי פון אירן וועגן אליין בשאפן, אונ׳ איין אנדר איז אין אירן אויגן נישט." ער אָבער געפינט, אַז „°אלש וואש גוט [גאָט] יתב׳ האָט בשאפן אויף דער וועלטן, דאש מאן זאל זיין תורה אונ׳ מצות האלטן, עש זיי אים גרושן אדר קליינן, ווייבר אדער מאנן, ארם אדר רייך — ביי גוט גלאָבט איז אלש גלייך." „°דער סדר עולם אישט — שטרייכט פּראָסטיץ ווייטער אונטער — מאן האלט בפרט פון ווייבר גאָר נישט, אונ׳ זיין גאר פיר ניקש, עש זיי יונג אונ׳ אלט טוט מאן אין אונרעכט אונ׳ גוואלט. אונ׳ דש איז ווידר גוט יתברך ווילען, דאש מאן זאל אויש זיין בשעפניש שפילן. דא השם יתברך וואָלט געבן די תורה אזו הייליג, דא ליש ער די גרושן הוכן בערג בלייבן, אונ׳ אויף דעם קלייני נידרן בערג טעט ער זיך דֶר צייגן; אונ׳ די ערשט ריידן די גוט יתברך מיט דעם פאלק ישראל היש רֵידן ד א ז ו ו א ר ן ד י ו ו י י ב ר אונ׳ דז קליין גזינדן, אז איר אין דען חומש ווערט גפינדן."



דעם זעלבן מאָטיוו באַרירט אויך פּראָסטיצעס בן־דור, משה הענעכש אַלטשול, דער פאַרפאַסער פונעם באַקאַנטן פאָלקסבוך „בראַנטשפּיגל." אינעם ערשטן קאַפּיטל פון זיין ווערק ערקלערט ער, אַז „°דש בוך ווערט גימאכט טויטש, דֶן ווייברן אונ׳ מַנען דיא דא זיין אז ווייבר אונ קענן ניט ויל לערנן", און ווען עס „קומט אָם שבת אונ׳ לעזען דרין, דא קענן זיא עש פערשטֶין וואז זיא לעזען, דֶן אונזרי ספרים זיין אין לשון הקודש אונ׳ שרייבן צו ויילן פלפול אויש דער גמרא, מעכטן זיא ניט פארשטיין." און טאַקע תּיכּף דערביי שטעלט ער זיך אויך אָפּ אויף דער ראָלע פון דער פרוי, און שטרייכט אונטער, אַז זי איז דאָס „זעמלמעל", און שטיצט זיך דערביי אויף דערזעלבער אגדה, וואָס ווערט אויך דערמאָנט ביי פּראָסטיצן. אין חומש שטייט, ווייזט אָן משה הענעכש, כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבית ישראל! „°דא דרשן דיא חכמים אין מכילתא: דש גזינד יעקב זיין דיא ווייבר אונ׳ קינדר, ישראל — זיין דיא מַנען; דא האט ער עש דן ווייברן פֶר גיזאָגט אונ׳ דר נאך דֶן מַנען. שטֶיט אין מדרש, זיא פרגטען דיא רבנים: וואו ער מיט זיין דיא ווייבר זוכה גווען דש אינן משה הט גוטש ווארט מישן פֶר דען מנען זאגן? שפרעכן זיא: דר וייל זיא דיא קינדער גוויינן פון יוגנט אויף צו לערנען תורה אונ׳ פירן זיא צום רבי אונ׳ האבן אויף דיא קינדר אכטונג אונ׳ רידן מיט זיא גוטש ווארט".

בעת די אַרויסגעבער פון יידישע ביכער מיט ריין וועלטלעכן, פון די פרעמדע ליטעראַטורן געשעפּטן אינהאַלט האָבן, ווי פּראָסטיץ פאַרזיכערט, בלויז דעם צוועק „נייארט דש זי [די לעזער] זיך זאָלען די וייל פר טרייבן", האָבן מענטשן ווי משה הענעכש געוואָלט ניט נאָר אונטערהאַלטן, נאָר אויך מוסר זאָגן, מאָראַליש דערציען, פאַרשפּרייטן די רעליגיעז־עטישע יסודות פון דער יידישער קולטור אין די ברייטסטע שיכטן פונעם פאָלק. זיי האָבן דערביי אין דעם פאָלקסבוך אויף יידיש געזען נאָך איין אויפגאַבע און זי טאַקע באַזונדערס באַטאָנט. אין דער הינזיכט איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש דער פאַרפאַסער פון דער באַרימטער „ווייבערשער תורה", דעם „צאינה וראינה", יעקב בן יצחק אויס יאַנאָוואָ.

אויפן שער־בלאַט פון זיין איבערזעצונג (ריכטיקער — פאַראַפראַזע) פון נביאים און כתובים (ערשינען אין 1576)* ערקלערט יעקב בן יצחק: למען דעת כל עמי הארץ מקטנם ועד גדולם מעצמם ידעו ובניו לקרות כל העשרים וארבע אשר לא היה כבר לעולמים. כל אחד מעיר ושנים ממשפחה אשר היה להם יד ושם ל ה ג י ד, ועתה מלאה הארץ דעה א י ן צ ר י ך ל ה ג י ד. און טאַקע גלייך דערביי איז ער מסביר דעם זעלבן געדאַנק אויך אין יידיש: „°דרום הוט מן גמאכט דאז עשרים וארבע גנץ אויס דש דער מענש בידארף ניט צו זוכן איין מגיד דער אים זאל זאגן דאש

* לויט שטערק־לייצמאַן איז די ערשטע אויפלאַגע לובלין 1623. — רעד.

עשרים וארבע... און ער קאן לערנן זעלבסט. דרום האט מן גהייסן דאז ספר ספר המגיד, כלומר מן בדרף קיין מגיד דער אים עשרים וארבע זאל זאגן..."[1]

אָט דער וואונטש, אַז דאָס פאָלקסבוך זאָל פאַרנעמען דעם אָרט פונעם בעל־דרשן, און דאָס געשריבענע און געדרוקטע וואָרט זאָל דערפילן די אויפגאַבע פון דער בימה מיט דער דרשה — איז זייער אַ אינטערעסאַנטער פונקט אין דער געשיכטע פון דער יידישער קולטור. דער אַלטער מנהג, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן נאָך אין עזרא הסופרס צייטן — איבערזעצן און עפנטלעך דערקלערן דעם פאָלק אויף זיין אומגאַנגשפּראַך די סדרות פון דער תורה, איז מיט דער צייט געוואָרן זייער באַליבט און אָנגענומען. פון דעם „דערקלערן" די תורה זיינען ביסלעכוויז נולד געוואָרן גאַנצע דרשות פול מיט מוסר און דרך־ארץ. אַזוינע דרשות פלעגן האַלטן שבת און יום־טוב אין די בתי־כנסיות און בתי־מדרשים די לערער און מדריכים פון פאָלק. שוין די באַרימטע ראשים פונעם סנהדרין, שמעיה ואבטליון, האָבן געטראָגן דעם נאָמען „דרשנים", ווייל זיי פלעגן דרשענען פאַרן פאָלק, זאָגן אים מוסר, טרייסטן אין דער נויט און שטאַרקן אין אים דעם בטחון אויף גאָטס באַלדיקער ישועה. אַזעלכע דרשות פלעגן זיך תמיד אָנפאַנגען מיט אַ פסוק אויס דער סדרה, נייערט דער בעל דרשן איז דאָ כלל ניט אויסן געווען צו דערקלערן דעם פשט פונעם באַטרעפנדיקן פסוק: דאָס האָט בלויז געהערט צום נוסח. דער פסוק איז געווען דער אַריינפיר, די רעם, אין וועלכער דער בעל־דרשן פלעגט אויסשפינען און אויסשטיקן זיין קונציק געוועב פון האַרציקן מוסר, ערנסטע שטראָפרייד און שיינע לעגענדעס און משלים. די דאָזיקע בעל־פה געהאַלטענע דרשות, דאָס לעבעדיקע, צום פאָלק געווענדטע וואָרט איז מיט דער צייט מגולגל געוואָרן אין נאַציאָנאַלער ליטעראַטור — דער אַגדישער טייל פון תלמוד און די אַלטע מדרשים. די דאָזיקע מדרשים, וואו דאָס פיקחות און געניטקייט פונעם חריף דעם בעל־דרשן איז צונויפגעבונדן מיט דער האַרציקער נאַיווער פשטות פון פאָלקסטימלעכע מעשיות און לעגענדעס — האָבן פאַקטיש ניט קיין באַשטימטן באַשעפער. דאָס פאָלק, דער קיבוץ האָט פאַר זיי בווישטיינער געלייגט, דער יחיד, דער בעל־דרשן פון זיי אַ בנין געמאַכט. אינטים־שיינע אגדות, פון וועלכע דאָס פאָלק האָט געפלאָכטן לויבקרענץ פאַר זיינע געליבטע העלדן, האָט דער למדן, דער בעל־דרשן אויף זיין שטייגער מסביר געווען, זיי אין אַ מאַנטל פון עטישן מוסר איינגעהילט און באַפּוצט מיט פסוקים פון תנך. די פאַרשריבענע מדרשים האָבן אין די שפּעטערדיקע דורות געדינט אַלס האַנטביכער און אומאויסשעפּלעכער קוואַל פאַר

1 דעם זעלבן געדאַנק חזרט יעקב בן יצחק אויך איבער אין זיין „מליץ יושר": „ווען דיא לייט הערין דרשות אין שולן אונ' פרשטינן ניט חש די דרשה איז, מן זאגט צו בלד אין דר שול. אבר אין דן ספר קאן ער בילנצום [= לאַנגזאַם] לייאנן זעלברט צו פרשטין."

מגידים און דרשנים, וואָס פלעגן זיך שוין ווענדן צום פאָלק ניט אויף דער שפּראַך פון די מדרשים, דעם אַראַמיש־העברעאישן דיאַלעקט, נייערט אויף די נייע אומגאַנגשפּראַכן. נאָר אָט האָט אַ נייע תקופה אָנגעפאַנגען. דאָס בוך דרינגט אַריין אין די ברייטע שיכטן פונעם פאָלק, עס ווערט געשאַפן אַ פאָלקס־ליטעראַטור אויף זיין אומגאַנגשפּראַך, דעם „פלאַט־יודאַאישן אידיאָם" ווי עס הייסט ביי היינען, — און דער רב פונעם פוילישן שטעטל יאַנאָוואָ, דער בעל „ספר המגיד" יעקב בן יצחק, שאַפט זיין „צאינה־וראינה"[2], וואָס איז דער האַרמאָנישער המשך פון דער אַלטער מדרש־ליטעראַטור. ניט קוקנדיק אויף דער שפּראַכפאַרשיידנקייט, איז דער נייער פאָלקס־מדרש אין זיין קלאַסישן פאַרטרעטער, דעם „צאינה־וראינה", דורכגעדרונגען מיט דעמזעלבן ריטם און האַרמאָנישער גאַנצקייט ווי די אַלטע מדרשים. פאַרשיידן דורך זייער וואָרטזאַץ, עטימאָלאָגישן בוי און אָפּשטאַמונג, זיינען די צוויי יידישע דיאַלעקטן, דער אַמאָליקער אַראַמישער און דער מיטלעטערלעכער יידיש־דייטשער, ענג פאַרברידערט געוואָרן; אָבער געשמאָלצן און דורכגעלייטערט אין דעם שאַפונגסגייסט פונעם פאָלק — בילדן זיי צוויי רינגען אין דער „גאָלדענער קייט" פונעם אַלטן קולטור־פאָלק דעם נע־ונדניק...

דאָס האָבן אינטואיטיוו געפילט ניט נאָר דאָס פּשוטע פאָלק, נאָר אויך אַ טייל פון די למדנים, וואָס זיינען געבענטשט געווען מיט אַ חוש פאַר פאָלקסטימלעכקייט. זיינען זיי דערפאַר טאַקע געוואָרן איבערצייגטע קעמפער פאַר יידיש און פאַר דער יידישער ליטעראַטור. אויפן אָרט פון טרוקענע שאלות־ותשובות און חידושים מיט פילפול האָבן זיי געשריבן פאָלקס־ביכער אין אַ ווייכן האַרציקן טאָן. טיפּיש איז אין דער הינזיכט דעם בעל „צאינה־וראינה"ס אַ יינגערער בן־דור, יצחק בן אליקום אויס פוזן, דער פאַרפאַסער פון דעם באַליבטן מוסר־ספר „לב־טוב".

דער פרומער און גאָטספאָרכטיקער יצחק בן אליקום האַלט אמת ניט שטאַרק פון די וועלטלעכע יידישע ביכער, פון די אַלע ריטער־ראָמאַנען און ליבע־מעשיות. „די טויטשע ביכער — ערקלערט ער — דיא ניט רידן פון דר תורה אודר פון מצות, דיא הייסן דברי לצים, דא איז איין עבירה דרויס צו לייאן, די זעלביגן ביכר זיינן אייטל שיבושים". אָבער גלייך דערביי שרייבט ער אונטער, אַז ווער ס'איז „איין עני, דאש ער זיך ניט פר מאג אין רבי צו דינגן, זוא זאל ער לייאן אין טויטש, איין טויטש־חומש אדער איין טויטש־תהלים אדער זונשט טויטש גוטליכע [= געטלעכע] ספרים". ער אַליין האָט פאַרפאַסט אַזאַ „טויטש־גוטליך"

2 ווי באַקאַנט, איז די עלטסטע אויסגאַבע פון „צאינה־וראינה", וואָס מיר באַזיצן, געדרוקט אינעם יאָר 1622; עס איז אָבער קיין שום ספק ניט, אַז דאָס ווערק איז צום ערשטן געדרוקט באַדייטנדיק פריער. מע טאָר דערביי נעמען אין באַטראַכט, אַז דעם יאַנאָווערס צווייט ווערק „ספר המגיד", וואָס איז דאָך ענג פאַרבונדן מיטן „צאינה־וראינה", איז געדרוקט נאָך אין יאָר 1576. [שטערק־לייצמאַן ווייזן אָן: ערשטע אויפל' צאינה־וראינה — אומבאַוואוסט; צווייטע — קראָקע 1620 — רעד'].

ספר, אין וועלכן ער זאָגט עדות אין דער פאָררעדע, אַז ווער „עש דורך אויש לייענט דר פינט דיא גאנץ יידישקייט" י. אַרויסגייענדיק פון דעם גרונדזאַץ, אַז „תפילה בלא כונה כגוף בלא נשמה", איז ער שטאַרק מתרעם דערויף, וואָס דאָס פשוטע פאָלק זאָגט תפילות און פיוטים אויף אַזאַ לשון, וואָס עס פאַרשטייט ניט. ער האַלט דאָס ממש פאַר אַ גאָטלעסטערונג (מחרף ומגדף). „דאז מויל רעט, דיא לעפצן כרעפלן אונ' דז הערץ ווייז נישט דר פון... דארום זאל איין איטליכר זייני תפלה וואל פר שטין, אונ' ער זאל זיך וויסן וואש ער זאגט אונ' וואס ער ביגערט פון הקדוש ברוך הוא; אונ' ווער דאז לשון קודש ניט פר שטֵיט זאל ער זיין תפלה טאן אין אזו איינם לשון דאז ער וואול פר שטֵיט... עש איז בעשר איין ווינציג תפלה אז ער פר שטֵיט אונ ער אָרט [דאַוונט] דש ווינציג בכוונה איז טויזנט מאל בעשר דען דאז איינר פיל אָרט אונ' פר שטֵיט עז נית" (מיר ציטירן לויט דער אויסגאַבע פון 1681).

נאָך ווייטער גייט אין דער הינזיכט אַ צווייטער פאַרפאַסער פונעם 17טן י"ה, יחיאל מיכל עפשטיין, רב אין פראָסטיק. ער האָט געלעבט אין אַ צייט, ווען דאָס יידישע געטאָ איז געווען איינגעהילט אין מרה=שחורה און אומבאַגרענעצט האָט דאָרט געוועלטיקט דער אַסקעטיש=מיסטישער וועלטבאַנעם פון יצחק לוריא. אויך יחיאל=מיכל איז געווען אַ הייסער מיסטיקער, געחלומט וועגן באַלדיקער גאולה, נאָר מער פון אַלץ האָט ער זיך געפלייסט צו דערווייזן „דש איין גמיינר מַן קאן קומען אין דער העכשטר מעלה וואו דיא תלמידי חכמים א הין קומען". אין זיין „דרך הישר לעולם הבא", בעת ער רעדט וועגן דער „הנהגה פון דען וואס קיין למדן איז", שטרייכט ער באַזונדערס אונטער, אַז „ווען איין איטליכער טוט נאך זיין פארמעגן גאך איז שוין געגוג, הש"י באגערט ניט מער". „אזוי אויך — פירט אויס דער רב יחיאל=מיכל — מיט דעם לערנן: איין איטליכר איז שולדיג צו לערנן נאך זיין פרשטנד נאך; ווען איינר דער קיין לשון הקודש פר שטייט אונ' לערנט אלע טאג אין איין טייטשן ספר פון דיא דינים ווי א מענש זאל זיך נוהג זיין, אדר זונסט ספרים די דא זיינן גימאכט גווארן, דהיינו ספר „לב טוב", ספר טייטש חומש, ספר „ארחות צדיקים" אויף טייטש, ספר היראה — דש אזעלכי לערנן ווערט פר הש"י אן גינומן אזו וואל אלץ דר תלמיד חכמים לערנט אין זיינע ספרים די לשון הקודש זיינן נאך זיין פר שטנד"...

באַזונדערס אינטערעסאַנט איז דאָס 31טע קאַפיטל פון דעם דאָזיקן ווערק. „אין דיזן פרק — ערקלערט דער פרומער פאַרפאַסער — ווערט בשׂייה, דש איז פיל בעשר ווער קיין לשון הקודש פר שטייט אונ' טוט זיין תפלה אויף אזוי איין לשון וויא ער פר שטייט. עש גיבט פיל ווייבר ווען מאן צו זייא זאגט: עש איז בעשר ווען זיי איר תפלה טוהן אויף טייטש וויא זיא עש פר שטיין, אזוי ענטפערן זיי: עש איז אונז געזאגט גווארן דש דיא מלאכים פר שטייען קיין אנדערן לשון אלש לשון הקודש; אבר אין אמת זייגן זיי זיך טועה, דען די זעלביגן דיא אים דש גיזאגט האבן ניט פיל ספרים גילערנט... ווען איינר קיין לשון הקודש פר שטייט אונ' טוט זיין תפלה אויף זא איין לשון דש ער פר שטֵייט מיט זיינם גנצן הערצן, מיט איינם צו בראכן הערצן, זעלכי תפלה איז פר הש"י פיל מֵין אן גינעם ווייל זי פון הערצן קומט, אלש איין תפלה די מן טוט אויף לשון הקודש די מן ניט פר שטייט; דען וייל הש"י איז בוחן לבבות דש ער פרובט אלע הערצער, דא בדארף מן קיין מלאך דר צו, דֶן הש"י נעמט אזו איין תפלה זעלבסט אן... אין תהלים ק"ב שטייט: תפלה לעני כי יעטוף ולפני ד' ישפוך שיחו... עני איז טייטש דער דא אָרֶם איז אין זיין דעה, דהיינו ער איז ארם אין פר שטַנד, ער פר שטייט קיין לשון הקודש אונ' טוט זיין תפלה אויף אזו איין לשון וויא ער פר שטייט אונ' טוט זיין תפלה פר גאט דש קיין מלאך ניט דר מיט צו שאפן האט נייערט הש"י נעמט זי זעלבסט אן. אזוי שרייבן אויך עטלעכע ספרים: איין ווארט דש מן פר שטייט טוט מער פעולה אלש הונדרט ווערטר די מן ניט פר שטייט... דרום מייני גוטי פריינד, זעכט [=זעט] דש אונזרי פאר עלטרין האבן אלי אונזרי תפלות אודר תהלים אדר אנד רי בקשות אונ' אלץ אויף טייטש גימאכט. דיא גנצי תפלה איז אויף טייטש גמאכט, אויך תהלים, אויך סליחות, אויך די יוצרות פון אלי ימים טובים אויך איין טייל מחזורים גידרוקט, אויך מעמדות אונ' אלי תחנות אונ' בקשות. אפילו ביי די תפלות האט מן פר לאנג יארן דש טייטש דר בייא גידרוקט. אונ' וואש מן זאגט דש דיא מלאכים קיין טייטש פר שטייען העטין אונזרי עלטערין זעלכי מיה אונ' ארבייט דש זיי אלץ אויף טייטש גמאכט האבן וואול שפָּרין קאנן, אלס זייא האבן דרום אלץ פר טייטשט דש האבן זיי דרום גטאן דש זעלכי לייט די קיין לשון הקודש פר שטיין זאלין אלץ אויף טייטש זאגן. דען ווש מן פר שטייט דש גייט צום הערצן, דש טוט מן גוויס מיט גאנצער כונה, דא ווערט פר גוויס איר תפילה אן גינומן"*.

## V

ביי די באַדינגונגען, אין וועלכע דאָס יידישע געטאָ האָט געלעבט אין יענע דורות, ווען די אַסקעטיש=רעליגיעזע וועלט=אָנשויאונג האָט געוועלטיקט אומבאַגרענעצט איבער דעם לעבן און די קולטורעלע הצטרכותן, האָט נאַטירלעך אויך דער קאַמף פאַר יידיש געמוזט טראָגן אַ שטרענג רעליגיעזן כאַראַקטער. די נייטיקייט פון ביכער אויף יידיש

1 ס'איז אינטערעסאַנט ווי אויך דער בעל „לב טוב" שטרייכט אָפּט אונטער דעם גרויסן ווערט פון דער פרוי. „איינער דער ניט שלאגט — ערקלערט יצחק בן אליקום — נייארט ער היבט זיין הַנט אויף צו שלאגן זיין ווייב — גאך הייסט ער איין רשע אונ' ער איז פסול לעדות אז וויא איין אנדרר רשע, אונ' ער טאר ניט ווערדן אויף גירופן אויף דער ספר תורה... אך ווען ער וועהר גחתמט אויף איין בריב דא ווער דער בריב פסול אזו לאנג ביז דאש ער רעכט תשובה טוט כראוי...

* ליידער ווייזט דער מחבר ניט אָן, לויט וואָסער אויסגאַבע ער ציטירט. דער אויסלייג זעט אויס צו מאָדערן פאַר אַ דרוק פון סוף 17טן אָדער אָנהייב 18טן י"ה. — רעד'.

ווערט דערעיקר באַלויכטן פונעם ריין רעליגיעזן שטאַנד־פונקט: „דער וואש ניט קאַן לערנען אוני אויך דיא ווייבר זאלן ליינן ספרי טייטש כדי זייא זאלן ווישן אוני פר שטיין וויא גאט צו דינן", און אום שבת קודש זאלן זיי „רואן פון אלי ארבייט אוני אויך פון ווערטר וואש מן דארף ניט ריידן נייארט צו רידן דברי תורה אוני צו לערנן איטליכער נאך זיין יכולת נאך". דער אַרויסגעבער פון „שבט יהודה" אויף יידיש, אליקום שך, שטרייכט אונטער, אַז ער גיט אַרויס דאָס דאָזיקע היסטאָרישע ווערק „ווייל דיא לייט אין שבתות וימים טובים שטֶענין [= שטייען] בשוקים וברחובות, אוני רידן מיט אננדר שמועות לא טובות אלערליי ליצנות ולשון הרע ושקרים, איז בעשר זיא לייאנן אין זעלכי ספרים, קן מן זעהן נסים ונפלאות שנעשו לאבותינו בימים ההם". באַזונדערס טיפּיש איז אין דער הינזיכט אין ספר „מנהגים", וואָס שמעון הענוי אויס פראַנקפורט האָט אַרויסגעגעבן [1], דאָס קאַפּיטל „שבת צו מאָרגן": „נאך טיש זאל מן לערנן, אוני וועלכר ניט קן לערנן זאל אין טייטשן געטליכן ביכר לייאן, דען דר שבת בקלאגט זיך גיגן הקב"ה וויא אלי זאכן זיין בן זוג הוט אוני דער שבת הוט ניט זיין זוג. דא זאגט הקב"ה: ישראל זאל דיין זוג זיין, דז איז די תורה זאלן לערנן אן דיר די וייל זי מיסיג זיין. אך די תורה ביקלאגט זיך אוני זאגט: צו ווען ישראל אין ארץ ישראל [ווען] קומן, דר ווערט אין זיין פעלד גֵין, דער אין זיין גארטען, ווער ווערט מיך לערנן. דא זאגט הקב"ה: אם שבת זיין זיא מיסיג, דא זאלן זיא דיך לערנן".

און דאָך זיינען פיל פון די רבנים געווען זייער ניט צופרידן ניט נאָר פון דער וועלטלעכער ליטעראַטור, מיט די ריטער־ראָמאַנען און „בבא־מעשיות" אויף יידיש, קעגן וועלכע עס האָבן אויך געקעמפט, ווי מיר האָבן פריער געזען, אַזעלכע „יידישיסטן" ווי אַדלקינד, דער בעל „לב טוב" וכדומה [2], נאָר אפילו פון רעליגיעז־דידאַקטישן יידיש־דייטשן ספר, מיט דעם פאָלקס־בוך בכלל. די תביעות און באַדערפענישן פונעם פשוטן פאָלק זיינען גאַנץ אָפט געקומען אין קאָנפליקט מיט די באַגריפן און אויך אינטערעסן פון די לומדים. האָט עס טאַקע געמוזט קומען צו צוזאַמענשטויסן. דער פריער דערמאָנטער יוסף בר יקר מיט זיין פאָלקסטימלעכן באַנעמען און איראָנישן פאַרהאַלטן זיך צו די יוצרות און פיוטים האָט ניט געקאָנט באַזונדער אויסנעמען ביי די רבנים און למדנים. מיר האָבן אָבער

1 מיר ציטירן נאָך דער אויסגאַבע 1733, דף כו, עמ' ב.

2 אויך דער אַרויסגעבער פונעם באַרימטן „מעשה־בוך" שטרייכט אונטער אין זיין פאָררעדע: „לייאנט איר אופט דארויש... אום ניט צו לייאנן אויש דעם ביכר פון קויאן [קו־בוך] אוני פון דיטריך פון בערן אוני מיינסטר הילדאברנט... נון עש זיין תערליך אייטל שמיץ, זיא געבן אייך ניט ווארם נוך היץ אך אייכש גוט (גאָט) פר צייא. אונזרי ספרים שרייבן עש איז איין זינט אז איין הויש צו לייאנן אן דעם הייליגן שבת דר אויש. וועלט איר אייער צייט מיט לייאנן פר טרייבן, אזו וויל איך איין שֵין מעשה־בוך שרייבן".





געזען, אַז אפילו אַזאַ גאָטספאָרכטיקער און פאַרפרומטער פאַרפאַסער, ווי דער בעל „לב טוב", האָט געהאַט דעם מוט צו ערקלערן, אַז ווען דער פשוטער מענטש זאָגט אין שול די אים ניט פאַרשטענדלעכע שטיקער פּיוט מיט זייער האַרבער שפּראַך, איז ער אַ „מחרף ומגדף", און יחיאל־מיכל עפּשטיין טענהט אין זיין „דרך הישר": אבער דיא ווייבער זאלן קיין מעמדות זאגן, קיינע קרבנות זאגין... וויא ווייניגר דאס מען זאגט וואס מען ניט פר שטייט וויא בעסער איז עס. יוסף בר יקר האָט נאָך ווייניקסטנס אָנערקענט, אַז „דאָס לשון הקודש איז דאָס זעמלמעל", עס זיינען אָבער צווישן די פאַרפאַסער אויף „יידיש־טייטש" געווען אויך אַזעלכע, וואָס זיינען געגאַן נאָך ווייטער און ערקלערט, אַז ס'איז בכלל אַלץ איינס, צי מען לייענט אויף העברעאיש צי אויף דער אומגאַנגשפּראַך. „דען — ערקלערט דער פאַרפאַסער פון טייטש „עשרים וארבע", חיים בן נתן אויס פּראָג (1674) — „עש דארף זיך אפילו קיין מאן צו שעמין אין דיזי ספרים צו לייאינן, דען עש איז קיין שאנד ווען ער שוין [שיין] טייטש לייאנט, דען פער צייט [פאַרצייטן] האבן אינגרי [אונזערע] חכמים פר טייטשט די גמרא אוני משניות אויף דֶר מן זיא האט קענן פר שטֵין; דען ווען ער ניקש קאן — אלש דען איז עש איין שנד... איין אֵייביקה שנד; עש גילט גון גלייך ער לערנט עש אויף לשון הקודש אודר אויף טייטש. דען ווען מן יוא איין הלכה לערנט דוא רעט מען יוא אויך טייטש דער מיט. דרום הענגט עש נייארט דש מן עש גאר וואול פער שטֵיט" [3]. „עש איזט קיין אונטערשייד — טענהט נעבעך די אומגליקלעכע פרוי ביילה בת יעקב פערל, וואָס האָט אַלע אירע זיבן קינדער באַגראָבן — מיט וואש מן מזכה רבים איזט, הן לשון הקודש הן טייטש". דאָס האָט זי צו איר מאַן יששכר בער, דעם רב דעם למדן, געטענהט און אים געבעטן, ער זאָל זייערע „זיבן קינדר וואז גשטארבן זיין, צו איין גדעכנס" אַ טרייסט־ און מוסר־ספר אָנשרייבן אויף יידיש „דש ער מיר דיא ווארטונג זיינה טרייסט בשרייבן זול, פיליכט מעכט ער איין אנדרן מענשן דער אין דיזם בוך לייאנן אונ' ווערט וייני טרייסטונג פינדן". האָט אָבער דער רב דער למדן ניט געוואָלט זיך פאַרנעמען מיט אַ ספר אויף פּראָסט יידיש, ער וויל בעסער זיינע למדנישע העברעאישע ווערק, אַ פירוש אויף תורה און חידושים אויף תלמוד גיכער פאַרענדיקן („ער וואלט עש אבר ניט טוהן, דערווייל ער מוז זיין ספר פארטיג מאכין"). האָט די אומגליקלעכע מוטער געבעטן „פון טאָג צו טאָג", ביז ענדלעך „דורך מיין פיל רידן האט ער גיזאגט, ווייל איך בפינדן האב, דש דר רמב"ם איין זולכר למדן וואהר אוני ער שרייבט זיינה ספרים אין צרפתן?] דא מיט אלז יעדוועדער עש פר שטֵיין לאזן זאל... דא האט ער זיך אהין זעצט אוני' האט דאש בוך גימאכט". אָבער דרוקן אַ פּראָסט יידיש ספר האָט

3 מיר ציטירן לויט שולמאַן, השלח, VIII, 135.

דער למדן יששכר־בער דאָך ניט געוואָלט, איז עס טאַקע געבליבן אין כתב־יד [1].

די פאָלקסליטעראַטור האָט זיך אָבער אַלץ מער פאַרברייטערט, און ווען דער אַרויסגעבער פונעם „מעשה בוך" שרייבט: „איר האט נון דיא טויטשי בויכר אלי וואר, איצונדר האט איר אַך דיא טויטשי גמרא, אזו וועט איר האָבן כל התורה כולה גאַר" — ערקלערט מיט שטאָלץ אין עטלעכע דורות שפּעטער דער בעל „אמונת ישראל", גדליה טייקוס: „אין אמת אלי שמועות, וואָס ער [דאָס חדר־יינגל] הערט צו פון דעם מלמד, קאן עש בעשר לייאנן אין טייטש ספרים, דען היינט אין אונזרי צייטן איז ממש דיא גאנצי תורה אונ׳ אלי דינים אויף טייטש". (מיר ציטירן נאָך דער ווילנער אויסגאַבע, 1816).

אָט טאַקע דערמיט זיינען אָבער פיל ניט שטאַרק צופרידן געווען, ניט די מלמדים האָבן געקאָנט פיל נחת קלייבן דערפון, וואָס די „טייטשע ספרים" ערקלערן בעסער ווי זיי, און אויך ניט אַלע רבנים איז עס געפעלן געוואָרן, וואָס „ממש דיא גאנצע תורה אונ׳ אלי דינים" זיינען לייכט צוטריטלעך פאַרן פשוטן עולם. כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט אָט דער אינצידענט: אין אייניקע אויסגאַבן פון דעם זייער פּאָפּולערן מוסר־ספר „שמחת הנפש" זיינען צום סוף צוגעגעבן אַלס ספּעציעלע ביילאַגע „דינים פון אַ גאַנץ יאָר." די דאָזיקע דינים זיינען נאַטירלעך אַן אויסצוג אויס דעם „שלחן ערוך." איינער אַ פאַרלעגער האָט זיך אָבער מיישב געווען און האָט די דאָזיקע דינים מיט נאָך פיל אַנדערע געפּרוווט אַרויסגעבן אונטער דעם פולן נאָמען „שלחן ערוך אורח חיים ויורה דעה ומנהגים של כל השנה." קעגן דעם, אַז דער „שלחן ערוך" זאָל ערשיינען אויף יידיש, זיינען אָבער אַרויסגעטראָטן די רבנים און האָבן געאַסרט די אויסגאַבע [2].

דער „שלחן ערוך" איז אָבער ניט געווען דער איינציקער ספר, וואָס די רבנים האָבן ניט געפונען פאַר פּאַסיק, נשים און עמי־הארצים זאָלן זיך מיט אים קאָנען באַנוצן. זיי האָבן בכלל געפונען, אַז מען טאָר ניט אַנטפּלעקן פאַרן פשוטן עולם די טיפע סודות, וואָס זיינען באַהאַלטן אין מדרשים און אַנדערע הייליקע ספרים. זיי האָבן אויך געפונען, אַז אַזוינע מוסר־ספרים ווי „חובת הלבבות" און „מנורת המאור", זיינען צו הייליק און טיף, זיי זאָלן איבערגעזעצט ווערן אויף „לשון אשכנז." ערשט נעמענדיק דאָס אַלץ אין באַטראַכט, ווערט באַגרייפלעך דאָס אַרויסטרעטן פון דעם אַמסטערדאַמער דיין משה פראַנקפורט. אין 1722 האָט ער פאַרעפנטלעכט דעם „מנורת המאור" מיט

1 אַ פולשטענדיקע אָפּשריפט איז געווען ביי שולמאַנען אין די הענט (זע זיין ווערק, 104—105).

2 איך קאָן מיך ליידער ניט דערמאָנען די קוועלע, וואו איך האָב וועגן דעם געלייענט. אויב איך האָב ניט קיין טעות האָט מיר וועגן דעם פאַרבאָט אַרויסצוגעבן דעם „שלחן ערוך" אין יידיש מיטגעטיילט דער באַוואוסטער ביבליאָגראַף שמואל וויגער.

זיין יידישער איבערזעצונג. אין דער הקדמה [3] האַלט משה פראַנקפורט פאַר נייטיק אַרויסצוטרעטן קעגן די „לומדים", וואָס מיינען „דש עש ניט רעכט גטאן ווער, דש מן זעלכי ספרים אין לשון אשכנז שרייבט און דש מן איטליכן מגלה איז דיא זאכן וואש אין מדרשים און גמרות שטיט; דארום האב איך זיא אן גוויזן דש עש להפוך איז, עש איז איין מצוה דש מן זאל אין אלי לשונות ספרים מאכן... דער קיין לשון הקודש קען לערנן זאל אין זיין לשון לערנן."

„וגדולה מזו, שרייבט משה פראַנקפורט ווייטער, נאָך אין גרעשרי זך וויל איך זיא אן ווייזן, דש איינשט אלי אונזרי ספרים דיא צום הארבשטי און שווערשטי זיין צו לערנן, זיין גאר ווייניג אין לשון הקודש גמאכט גווארן נייערט אין דש לשון וואש דער גמיינר מאן גירעט האט: פר ערשט דער תלמוד ירושלמי איז גמאכט אין דש לשון וואש מאגין, ווייבר, קינדר אין ארץ ישראל גירעט האבן, און ניט אין לשון הקודש; אך אונזר גמרא וועלכי גהייסן ווערט תלמוד בבלי איז גאר פיל דרינן וואש קיין לשון הקודש איז. דער מדרש איז גאר פיל דש קיין לשון הקודש איז, נייארט אין דש לשון ווי דער גמיינר מאן אין דיא לענדר גירעדט האט וואו דש ספר גמאכט איז; דער תרגום יונתן און ירושלמי וואו פיל סודות דרינן שטין, איז גימאכט אין גמיין לשון דש איטליכר זאל קענין פר שטין; דער זוהר איז איין ספר קדוש ונורא מאוד וועלכס אייטל סודות התורה איז — איז גמאכט ניט אין לשון הקודש, נייארט אין דען לשון וואש מן אין דאש לאנד פון בבל גירעט האט, אונ׳ דר גלייכן נאך פיל מער ספרים."

פיל ווייטער ווי דער אַמסטערדאַמער דיין איז אין זיין קאַמף פאַר יידיש אַלס ליטעראַטור־שפּראַך געגאַנגען משה פראַנקפורטס אַ בן־דור, אַ „גמיינר מאַן", אַ תושב פון אַ קליין שטעטעלע אין דרום־דייטשלאַנד, אהרן בן שמואל אויס הערגערסהויזן. זייער פרי אַ יתום געבליבן, האָט ער זיך פון קינדווייז אָן צווישן פרעמדע מענטשן געוואַלגערט, וואו ער פלעגט דורך „פלעטן" עסן טעג. אָן ליכט און פרייד איז זיין יוגנט פאַרגאַנגען. „אליין דלות ועניות צרות אונ׳ ווידר ווירדיקייט דער שונאים האט מיך גיצוואונגן דש איך הב השם יתברך מוזן אום הילף אן רופן דער וייל מיך מיינה עלטערן אליין גילאזין האבן און קיין פריינט אין דער גאנצה וועלט, הב איך מיין גנצה הפנונג צו השם יתי׳ גישטעלט". האָט ער „טרושט גזוכט" אין דער תורה און אין די הייליקע ספרים, האָט ער אָבער זייער ווייניק לשון־קודש געקענט. געפונען האָט ער דאָס, נאָך וואָס עס האָט אַזוי געבענקט זיין פאַראיינזאַמטע נשמה, אין די יידישע „ליבליכי ספרים", אין דער פאָלקס־ליטעראַטור. אין איר האָט ער דעם געזוכטן טרייען פריינד און מורה־דרך געפונען, זי איז געוואָרן זיין טרייסט און שטיצע אויף

3 וועגן דער דאָזיקער הקדמה האָב איך געשריבן מיט פיל יאָר צוריק אין מיין אַרטיקל „די ערשטע יודישיסטן" (מאָמענט, 1911, נומ׳ 26).

זיין גאַנץ לעבן. אין האַרציקע רירנדיקע תפילות גיסט ער אויס זיין שבח און דאַנק דעם באַשעפער פאַר דער גרויסער גנאָד, וואָס ער האָט מיט אים געטאָן. ער באַנוגנט זיך אָבער ניט דערמיט. ער וויל אויך אַנדערע מזכה זיין, עפענען די אויגן, דערלייכטערן די הערצער אַזוינע ווי ער. זאָלן — ערקלערט ער — יענע דורך אים פיל פרייד און גליק געניסן. זאָלן דורך אים מענטשן אַזוינע ווי ער, אַזוי אויך מענער, פרויען און קינדער, וואָס שטייען נאָך נידעריקער, דעם גוטן און ריכטיקן וועג דערזען, וואָס פירט צום קוואַל פון לעבעדיקן וואַסער, וואָס ער גופא האָט געשעפּט פון די ספרים אויף יידיש! און ער שרייבט אַ אייגנאַרטיק געבעטבוך „ליבליכה תפלה אודר גרעפטיגה ארטצנייא פאר גוף אונ׳ נשמה" (פיורדא, 1709) [1].

איך ווייס, זאָגט פאָרויס דער פּראָפעסאָר — מאַנכער שטאָלצער למדן וועט לאַכן איבער מיינע פשוטע רייד, נאָר בן־סירא האָט דאָך געזאָגט: בעסער ווייניק למדנות אָבער מיט יראת־שמים, איידער אַ סך חכמה געמישט מיט צביעות... זאָלן די גאוהדיקע מענטשן מיט די פאַלשע הערצער לאַכן פון מיר און ניט וועלן פאַרשטיין מיין האַרציקן וואונטש, איך האָף אָבער, אַז אַלע אויפריכטיקע גוטע הערצער וועלן אין מיין ווערק דערקענען דעם גוטן ווילן פון מיין האַרץ...

דער פּראָפעסאָר איז כלל ניט מגזם, בעת ער ערקלערט אויפן שערבלאַט, אַז דאָס איז אַ ווערק „דיא ניט אין זולכעם טייטשן דרוק גיוועזן איז וויל [זינט] דיא וועלט שטיט". דערויף זאָגט שוין גענוג עדות די גאַנץ גרויסע הקדמה, וואָס דער מחבר האָט פאָרויסגעשיקט זיין „ליבליכער תפלה". [2] אהרן בן שמואל, אָט דער פשוטער פאָלקסמענטש („לַנטק־מַן", ווי ער גופא דריקט זיך אויס), האָט געהאַט דעם מוט אַנטשיידן אַרויסצוטרעטן אַקעגן דעם גאַנצן דעמאָלטיקן סדר פון קינדער־ערציאונג ביי יידן. און ער שטרייכט נאָך דערביי אונטער, אַז ער האָט טאַקע מהאַי טעמא די „גאנץ לאנגע הקדמה אויף טייטש גימאכט" בכדי אויך דער פשוטער געמיינער מאַן זאָל זען און פאַרשטיין די גרויסע פעלער, וואָס ווערן ביי אונז געמאַכט; פון די העבראעישע ספרים קענען דאָך מיר „לנטק־לייט" גאַנץ ווייניק פאַרשטיין.

אין „ספר חכמות" — ווייזט אָן אהרן בן שמואל —

1 דאָס שער־בלאַט פון אהרן בן שמואלס „ליבליכה תפלה": ליבה ברידר, קויפט דיזה ליבליכה תפלה אודר גרעפטיגה ארטצנייא פאר גוף אונ׳ נשמה דיא ניט אין זולכעם טייטשן דרוק גיוועזן איז וויל דיא וועלט שטיט, אונ׳ לאזט אייער וייב אונ׳ קינדר פלייסיג דארין לייאנן, זא ווערדן זיא גוף אונ׳ נשמה רעכט ערקוויקן, דען דיזעש ליכט ווערט לייכטן ביז אין איהרם הערצן. זא באלד אלז דיא קינדר איבר לייאנן ווערן זא ווערן זיא גלייך אך ורשטין אירה תפלות, דאדורך ווערן זיא גניסן עולם הזה אונ׳ עולם הבא וכו״ר.

2 די הקדמה האָט צוריק מיט אַ יאָר 80 אַ דייטשער ראַבינער פאַרעפנטלעכט אין בושס „יאהרבוך" (1846), ליידער אָבער שטאַרק פאַרטייטשמערט. עס וואָלט געווים כדאי געווען זי איבערדרוקן אויפסניי.



שטייט געשריבן, אַז באַם מען וויל, עס זאָל אויפוואַקסן אַ קלוג דור, דאַרף מען זען, מע זאָל די קינדער גוט דערציען און אויף אַ קלאָרער פאַרשטענדלעכער שפּראַך זיי באַקענען מיט מוסר און דרך־ארץ. דאָס אַלץ מוז דערפאַר געשען אין דעם „מוטער־לשון", אלא ניט וועט דאָך דאָס קינד ניט פאַרשטיין. ווייטער פאַררופט זיך דער פּראָפעסאָר אויפן „ארחות צדיקים", וואו עס שטייט געשריבן, אַז „דעם קינדס הערץ איז אז וויא איין נוי בוך דש מן דרויף שרייבן וויל: נון קומט דש בוך אין איינעס נארן האנט אונ׳ שרייבט אלערליי שטות דארויף ביז עש פר דאָרבן איז". קומט דאָס קינד צו אַ נאַרישן רבין אין די הענט לערנט ער דערמיט אויף זיין נאַרישן אופן און פילט אָן מיט לויטער שטות דעם קינדס האַרץ. וואָרים, שטרייכט אהרן בן שמואל אונטער, אַ קינד פון פינעף ביז צוועלף יאָר איז ווי אַ ניי נאָך ניט באַשריבן בוך, און דאָס וואָס ווערט אין משך פון די דאָזיקע יאָרן איינגעקריצט אינעם קינדס האַרץ, דאָס בלייבט אויף זיין גאַנץ לעבן. פאַרצייכנט מען דערויף קלוגע זאַכן, קלאָר און פאַרשטענדלעך, אַז דאָס קינד זאָל עס באַגרייפן און פאַרשטיין, דאַן קאָן דאָס קינד אַ חכם ווערן. לערנט מען אָבער אין די דאָזיקע קינדישע יאָרן אויף אַזאַ אופן, אַז דאָס קינד איז ניט אימשטאַנד עס משיג צו זיין, בלייבט זיין מוח און זיין האַרץ פאַרשטאָפּט אויף אַלע זיינע יאָרן. „דרום זאל מן מיט דעם קינט לערנען אין דר מוטר לשון", חזרט דער פּראָפעסאָר איבער. לערנט מען אָבער מיטן קינד אויף אַן אַנדער שפּראַך, דאַן אַקערט מען מיטן קינד זעקס־זיבן יאָר דורכאַנאַנד און זיין האַרץ בלייבט פאַרשטאָקט און ווייס ניט „ניט פון יראה ניט פון אהבה". ליידער, שטרייכט אהרן בן שמואל אונטער, „בייא אונז איז דער מנהג, דאש איין קינט פון יוגנט אויף מוז לשון הקודש לֶרנן, וועלכש זיין יונג לֵב גאר ניט ורשטֵיט, אונ׳ אויך דר רבי ניט אנדרש קאן אלז וויא ער אך גילֶרנט האט, אלזא קאן קיינר יראה טהורה הָבֶן, ווי אלישע, בן אבויה זאגט, דען אין דער יוגֶנט האט ערש ניט ורשטַנדן; אונ׳ ווען ער קומט בייא יארן, דש ער דש טייטש לייאנן וַר שטֵיט, זא איז זיין לֵב וַר שטאקט אונ׳ קאן אויז דעם טייטשן קיין רעכט געמיאט פַסֶן דען ער לייענט עז איבר הין אונ׳ נימט צו הרצן פיל וויֶניגר דש לשון הקודש, דארום קומן אלי לייכט פרטיג דרכים דער פון, אונט פון אלי אונזר בוזהייט איז דש די אָרזַך דש מן דען קינדר אין דער יוגנט אירן למוד ניט צו הערצן ברינגט".

דערפאַר טאַקע, ערקלערט ווייטער אהרן בן שמואל, „וועלכס איבל שטנד אב צו הֶלפן הָב איכש גיוואגט אונ׳ הָב מיך אונטר שטַנדן דיא פאַר גֶמשטה צו זַמֶן גילֶזונה תפלות אונ׳ כוונות זמט איין טייל קאפיטי תהלים זא גוט אלש איכש גיקענט האב אין טייטש מוסר לשון דרוקן צו לוזן, זֶלכה תפלות וֶרן דורך דרינגן, ביי גאט דעם אלמֶכטיגן אונד אויך דעם מענשן אין זיינם הערצן, דש ער זיך אין פיל מעשים ווערט בֶסרן אונ׳ וֶרט ניט זא הֵיז מער זיין

און׳ וֶוערט גרויס שלום ברינגן... אונט אך דיא קינדר וֶורן לערנן מיט איין שֵין לשון רידן און׳ אך שרייבן אָנן גריוון״.

פאַקטיש האָט אהרן בן שמואל ניט געגעבן קיין פשוטע איבערזעצונג פון דעם געברויכלעכן סידור, נייערט אַ נייעם סידור. בלויז אַ באַשטימטע צאָל פעסטגעזעצטע תפילות און אויך געוויסע קאַפּיטלעך תהלים האָט ער איבערגעזעצט, דאָס רוב האָט ער אָבער גאַנץ נייע פון אים גופא פאַרפאַסטע תפילות געגעבן: תפילות פאַר קינדער, אַ תפילה ווען מען „אין דיא שואל [שול] גֵיט״, „איין שין תחנה בר איין לַנטץ מן דער קיין למדן איז״, „איין שֵין תפלה בַר איין משרת אודר פילצל [מיידל]״, איין שינה תפלה צו ביטן דז מאן און׳ ווייב ליבליך לעבן זאלן״ און פיל אַנדערע. און געדרוקט האָט ער זיין „ליבליכה תפלה״ ניט ווי אַלע יידישע ביכער פלעגן געדרוקט ווערן מיט ספּעציעלן „ווייבער־כתב״, נאָר טאַקע מיט העבראַישע קוואַדראַט־אותיות מיט נקודות, ווי אַלע סידורים און מחזורים פלעגן געדרוקט ווערן.

אהרן בן שמואל האָט געמיינט, אַז זיין ווערק „וֶורט גרויס שלום ברֶינגן״ ער האָט אָבער אַ טעות געהאַט: ניט שלום האָט זיין סידור געבראַכט, נאָר צאָרן און פאַרדראָס. די רבנים האָבן אין זיין הקדמה און בכלל אין זיין גאַנצער אונטערנעמונג געזען לויטער אפיקורסות און הפקרות, און זיי האָבן זיין ווערק, גלייך ווי עס איז נאָר אַרויס פון דרוק, מחרים געווען. קיינער האָט ניט געוואַגט דעם אפיקורסישן סידור אין די הענט צו נעמען, און מיט אייניקע דורות שפּעטער, אין 1830, האָט מען אויפן בוידעם אינעם בית־המדרש פון אהרן בן שמואלס געבורט־שטאָט געפונען פיל הונדערטער עקזעמפּלאַרן פון דעם דאָזיקן קאָנפיסקירטן סידור.

די רבנים איז ניט שווער געווען בייצוקומען אַזאַ קעמפער פאַר דעם „מוטער־לשון״ ווי דער „אפיקורסישער״ אהרן בן שמואל. זיי זיינען אָבער געווען מאַכטלאָז בייצוקומען אַנדערע קעמפער פאַר דער פאָלקשפּראַך אויס דעם לאַגער פון די מיסטיקער און בעלי־קבלה. מיר האָבן שוין אויף אַן אַנדער אָרט אָנגעוויזן, אַז אויף דער יידישער גאַס האָט די אמתע מיטלעלטערלעכע תקופה פון קולטורעלער פאַרווילדערונג און אָפּגעשטאַנענקייט אָנגעפאַנגען ערשט אין 17טן י״ה, נאָך דעם דרייסיקיאָריקן קריג אין דייטשלאַנד און גזרות ת״ח אין מדינות פוילן. די אַסקעטיש־מרה־שחורה־דיקע מיסטישע שטרעבונגען פון דעם „אר״י הקדוש״ און זיינע אָנהענגער האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן פאָדערגרונד פון דעם יידישן לעבן. דאָס, וואָס די רבנים פון די פריערדיקע דורות איז ניט געלונגען דורכצופירן: די ברייטע שיכטן פון פאָלק זאָלן לעבן לויטן פּרינציפּ פון אל תשמחו אלי גיל כעמים — האָבן איצט, נאָך די שרעקלעכע צרות און רדיפות, וואָס דער יידישער קיבוץ איז אויסגעשטאַנען, מיט גרויס ערפאָלג דערגרייכט די בעלי־קבלה פון אר״יס חדר. אַחוץ די רעאַלע שונאים און פאַרפאָלגער, פון וועלכע דער ייד האָט געהאַט אויסצושטיין אויף טריט און שריט פון זיין לעבן — האָט די איבערגעשראָקענע פאַנטאַזיע געשאַפן נאָך גאַנצע מחנות מלאכי־חבלה, משחיתים און מקטרגים, וואָס האָבן אָנגעפילט דעם גאַנצן חלל פון דער וועלט. בעת די מוסר־ספרים פון די פריערדיקע דורות, ווי דער „אורחות צדיקים״ און „לב טוב״, האָבן געשטרעבט צו זיין וועגווייזער פאַרן פאָלק, לערנען אים ווי מען דאַרף זיך פירן אין לעבן, האָבן די נייע מוסר־ספרים ווי „שבט מוסר״ און „קב הישר״ בלויז געפלייסט זיך אָנוואַרפן אַן אימה אויפן מענטשן, אים דערשרעקן, ער זאָל אַנטלויפן פונעם זינדיקן לעבן, וואו עס לויערן אויף אים גאַנצע חיילות געפערלעכע שונאים און פאַרפירער. פיל רבנים, ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, האָבן מתרעם געווען דערויף, וואָס מען זעצט איבער אויף דער וואָכעדיקער פאָלקשפּראַך אַזעלכע „הייליקע ספרים״, אין וועלכע עס זיינען באַהאַלטן זייער טיפע סודות. די בעלי־קבלה אָבער זיינען אַנטשיידן אַרויסגעטראָטן קעגן דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט. אַדרבא, זיי האָבן זיך געשטעלט די אויפגאַבע באַקאַנט מאַכן די ברייטע שיכטן פונעם פאָלק מיט דער תורת הנסתר, און קודם־כל מיט דער מיסטישער וועלט פונעם „זוהר״. דער מקובל צבי־הירש חאָטש, דער פאַרפאַסער פונעם „טייטש־זוהר״, דעם ברייט באַקאַנטן „נחלת צבי״, ערקלערט גלייך אין דער פאָררעדע: „די גאולה קאָן ניט געכר קומן בייארט דורך דעם זוהר ווען מַן דרינן לערנט איטליכר נאך זיין השגה און׳ פאר שטאנד״. און טאַקע דערביי האַלט ער פאַר נייטיק אונטערצושטרייכן, אַז אויך די לומדים, די „יודעי ספר״ האָבן זיך ניט וואָס צו שעמען לייענען דעם זוהר אויף דער פאָלקשפּראַך, וואָרים דער זוהר גופא איז דאָך אויך געשריבן אויף דער פשוטער פאָלקשפּראַך פון די אַמאָליקע דורות: „אין יענר מדינה וואו מן רעט לשון תרגום איז דאש ספר הזוהר פר איטליכם אפילו פר המוני עם, ווי במדיתנו איז אונזר לשון אשכנז שוה לכל נפש אדם, דש מענכר יודע ספר זאָל ניט מיינן עש וואר אים איין חרפה צו לייאנן טייטשי ספרים, איז דאך דארטן אויך אזו דש לשון הזוהר איר טייטש לשון״.

אַז די לומדים דאַרפן גלייך מיטן פשוטן עולם לייענען אין די דאָזיקע „טייטשע״ ספרים, שטרייכן אונטער אויך פיל אַנדערע מקובלים, ווי צום ביישפּיל דער בעל „אביר יעקב״, עקיבא הענעכס. זיין ספר, ווייזט ער אָן אין דער הקדמה, „מאג עש קויפין ארים און׳ רייכן, אויך לומדים דארפין גאר וואול דרינן לייאן, עש ווערט זיך גיוויש איר הערץ דריני דער פרייאן. פון דען הייליגן מאן ר׳ שמעון[1] און׳ זיין דור ווערט איר פיל וואונדר הערן, איר ווערט גיוויש ניט דער פיר צו עשין ביגערין, און׳ שבת ווען מן האט גישלופין טאן, זאל זיך דריביר זעצין ווייב און׳ מאן, פיל חדושים ווערט איר פר נעמן, עש דרף זיך קיין למדן

1 ר׳ שמעון בר יוחאי — די צענטראַלע פערזאָן אינעם „זוהר״.

שעמין. פיל סודות ווערין איך אפין באר, פיל חידושי תורה ווערט איר דא ווערין גיוואר, כדי עש זאל אן אונש מקוים ווערין: ומלאה הארץ דעה כמים לים מכסים".

די בעלי־הקבלה זיינען אָבער געגאַן נאָך ווייטער־עס זיינען געווען צווישן זיי אויך אַזוינע, וואָס האָבן אויף דער פאָלקשפּראַך געפירט זייער קאַמף קעגן די לומדים און רבנים, וועלכע האַלטן זיך גרויס מיט זייער בקיאות אין ים התלמוד [1]. מיט ביטול ערקלערט דער בעל „תקוני המועדים", אַז „עש איז ניט אלש גילעגן אן דער גמרא אודר הלכה ותוספות". „איטליכר מיינט—זאָגט ער ווייטער, אָנווייזנדיק אויף די רבנים—ווען ער נאר קאן איין בלאט גמרא לערנן, אזוי איז ער שוין איין למדן אוני אזוי זיכט ער קיין אנדר ספר מעהר אן. אבר מיינה ליבה לייט, איר מוזט ווישן ווען איין בן אדם אלי גמרות אוני תוספות אויז לערנט אוני האט קיין ידיעה ניט אוני ווישן שאפט פון סודות אוני חכמת הקבלה, איזט ער קעגן דיא זעלביגי לייט דיא יוא קענין חכמת הקבלה, גלייך אלז וויא איין קינד אלז ער ערשט אן הייבט צו לערנן"...

דער „יידישער מיטלעלטער" האָט זיך געצויגן ביז דער צווייטער העלפט פונעם 18טן י"ה, ווען עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע השכלה־שפּראָצונגען. דאַן הייבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין דער יידישער קולטור און אויך אין דער געשיכטע פון דער יידיש־ליטעראַטור. דער קאַמף פאַר און קעגן יידיש נעמט אָן נייע פאָרמען; נאָר דאָס איז אַ ענין פאַר זיך און געהערט ניט צו אונזער טעמע.

---

1 וועגן דער אַנטיתלמודישער שטרעמונג ביי אַ טייל פון די מקובלים דייר איך באריכות אין מיין „געשיכטע".

# די קאָנסאָנאַנטן־אַסימילאַציע אין זאַץ

צושטייער צו אַ פאָנעטיק פון ליטווישן יידיש

פון טעאָדאָר גוטמאַן (לאָדוש־ליעזש)

עס איז ניט קיין גענוג פינקטלעכע דעפיניציע, אויב מיר זאָגן, אַז אַ קאָנסאָנאַנט וואָרט־אויס, וואָס איז שטימיק בכּתב, בלייבט שטימיק אין דער אויסשפּראַך אין איין שפּראַך, און אין אַ צווייטער שפּראַך ווערט ער אויסגערעדט שטימלאָז. וואָרים אַ וואָרט איינס אַליין קען דאָך גאָרנישט געכאָלט זיין און שטייט אַלעמאָל אונטער דער ווירקונג פון די אַרומיקע ווערטער, אין אונזער פאַל—דערהויפּט אונטער דער השפּעה פון ערשטן קלאַנג פון פאָלגנדיקן וואָרט. דעריבער קען אַ כּלל ווי דער אָקאָרשט דערמאָנטער נאָר חל זיין אויף דעם לעצטן וואָרט אין זאַץ אָדער פאַר אַ פּויזע; וועגן די פאַרהעלטענישן אין מיטן זאַץ דאַרפן מיר האָבן באַזונדערע כּללים. מיר ווייסן אַ שטייגער, אַז אין דייטש קען וואָרט־אויס אין דער אויסשפּראַך נאָר שטיין אַ שטימלאָזער קלאַנג: wog ווערט אויסגערעדט vók; אויף פראַנצויזיש (חוץ בעלגיע) און אויף ענגליש בלייבט דער בכּתב־שטימיקער קאָנסאָנאַנט אויך שטימיק אין דער אויס־שפּראַך; צווישן די לעצטע צוויי שפּראַכן איז נאָר די נפקא־מינה, וואָס אין פראַנצויזיש בלייבט די שטימיקייט אַזוי לאַנג, חי ס'גערעדט ווערט דער קאָנסאָנאַנט (vog=vogue), אין דער צייט ווען אין ענגליש איז דער לעצטער טייל פון קאָנסאָנאַנט שטימלאָז (vogue ←– vougℊ). אין ליטווישן יידיש האָבן מיר אין דעם פּרט דיזעלביקע זאַך וואָס אין ענגליש (וואָג=vogℊ); אין פּוילישן יידיש[1] האָבן מיר אינגאַנצן נישט קיין שטימיקייט (וואָג=vuℊ), נאָר אַ שטימלאָזן לינדן קאָנ־סאָנאַנט (fenis).

דאָ וועל איך ברענגען אַ קורצע דערקלערונג וועגן דער אַרטיקולאַציע פון lenis,[2] אַ באַגריף וואָס איז גוט באַקאַנט נאָר די דייטשע פאָנעטיקער, ווייל אין דייטש טרעפן זיך — לכל הפּחות אין אַ גרויסן טייל פון דייטש־לאַנד — די לינדע קאָנסאָנאַנטן אויך וואָרט־איין און וואָרט־אין. ביי אַ געוויינלעכן שטימלאָזן קאָנסאָנאַנט, ד״ה אַ fortis (= שטאַרקער קאָנסאָנאַנט), דערווייטערן זיך די שטימבענדער אויף ווי ווייט מיגלעך איינס פון צווייטן, בכדי דורך דעם אַזוי אַרום געבילדעטן שפּאַלט אַדורכצו־לאָזן וואָס מער לופט. ביי די שטימיקע קאָנסאָנאַנטן אָדער שטימיקע לינדע דערנענטערן זיך די שטימבענדער אויף אַזוי פיל, אַז זיי קומען זיך כּמעט צונויף און די לופט, וואָס גייט אַדורך, לאָזט זיי וויברירן. די שטימלאָזע לינדע פאַרמאָגן נישט די שטאַרקייט פון די fortes און נישט דעם וויבריר־רעזאָנאַנס פון די שטימיקע לינדע; די שטימבענדער פאַרנעמען דערביי אַ מיטלסטע שטעלונג.

אויב עס גייט וועגן דער שטימיקייט פון קאָנסאָנאַנטן וואָרט־אויס אין מיטן זאַץ, קענען מיר איינטיילן די פאַר־שיידענע שפּראַכן אין דריי קאַטעגאָריעס:

1) דער ערשטער קלאַנג פון פאָלגנדיקן וואָרט איז לחלוטין נישט משפּיע אויף דעם קאָנסאָנאַנט.

2) דער קאָנסאָנאַנט וואָרט־אויס פּאַסט זיך צו צום ערשטן קלאַנג פון פאָלגנדיקן וואָרט (ד״ה: אויב דער דאָ־זיקער קלאַנג איז שטימיק, ווערט ער אויך שטימיק, — און פאַרקערט) בלויז יעמאָלט, אויב דער דאָזיקער קלאַנג איז אַ רייביקער אָדער אַן אויפרייס־קאָנסאָנאַנט.

3) דער קאָנסאָנאַנט וואָרט־אויס פּאַסט זיך צו לויט זיין שטימיקייט אפילו צו אַ סאָנאַנט (l,m,n,r) אָדער אַ וואָקאַל, מיט וועלכן ס'הייבט זיך אָן דאָס פאָלגנדיקע וואָרט. כּידוע זענען די וואָקאַלן און סאָנאַנטן בדרך־כּלל אַלעמאָל שטימיק און נאָר אין אויסנאַם־פאַלן טרעפן זיי זיך שטימלאָז.

די ערשטע קאַטעגאָריע, ד״ה די, ביי וועלכער די שטימיקייט פון קאָנסאָנאַנט ווערט נישט נאָרמירט דורך דעם פאָלגנדיקן קלאַנג, קענען מיר ווייטער איינטיילן אין צוויי מינים:

a) די שפּראַכן, אין וועלכע אַ קאָנסאָנאַנט וואָרט־אויס מוז אַלעמאָל אַרויסגערעדט ווערן שטימלאָז; אַזוי איז עס אין דייטש. דאָס וואָס עס הערט זיך אַ שטימלאָזער לינדער אין אַזוינע פאַלן ווי das ℓbûx (das Buch) קענען מיר נישט באַטראַכטן פאַר קיין השפּעה פון שטימלאָזן קאָנסאָנאַנט פון ערשטן וואָרט (פּראָגרעסיווע אַסימילאַציע), וואָרים דאָס רוב דייטשן זאָגן דווקא אויך ein ℓbûx.

1 זע מיין אַרטיקל וועגן לאָדזשער יידיש אין לאַנדוי־בוך, ז' 377 א״וו.

2 אין טראַנסקריפּציע דריק איך אויס אַ lenis דורך אַ קורי־סיוון אות.

b) די שפּראַכן, אין וועלכע די שטימיקייט פון קאָנסאָנאַנט ווערט נאָרמירט בכּתב, למשל ענגליש [1]. דאָ דאַרף אָבער דערמאָנט ווערן, אַז דאָס פאָלגנדיקע וואָרט האָט פּאָרט אַ שוואַכע השפּעה אויפן קאָנסאָנאַנט: אין ענגליש פאַלט אַרויס פאַר שטימיקע קלאַנגען (ד"ה אויך פאַר סאָנאַנטן און וואָקאַלן) דער לינדער וואָס הילכט־נאָך פאַר שטימלאָזע און פאַר אַ פּויזע: dhə bōd əvv treidd (the Board of Trade).

די ראָמאַנישע שפּראַכן פאַרנעמען אַן איבערגאַנג־שטעלונג: פאַראַן אַ געוויסע טענדענץ צו אַסימילירן, אָבער אַן אַבסאָלוטע פאַרוואַנדלונג פון fortis אויף שטימיק און פאַרקערט טרעפט זיך בדרך־כּלל נאָר וואָרט־אין: למשל פראַנצ' transbordement — zb, obscur—ps; וואָרט־אויס טרעפט זיך דאָס רוב אַ שטימלאָזער לינדער. אין פראַנצ' laide fille הערט זיך ביי לאַנגזאַם רעדן ddf, ביי גיכן רעדן df; נאָר אַ בעלגיער קען אַמאָל זאָגן tl. אַזוי אויך une tasse de café — zd. [2] נאָר אַזעלכע ווערטלעך ווי de אדג"ל קענען זיך אַמאָל אויך אַסימילירן פולשטענדיק: morceau de pain — tp, dp.

צו דער צווייטער קאַטעגאָריע שפּראַכן (זע פריער) דאַרף מען פאַררעכענען די מזרח־סלאַווישע שפּראַכן און דעם צפון־מזרחדיקן טייל (זע ווייטער) פון פּוילישן שפּראַך־שטח. למשל, אין רוס' рот брата=род брата הערט זיך ביידע מאָל dbr; אין рот Петра=род Петра הערט זיך ביידע מאָל tp; פּויל' buk daje=Bóg daje ביידע מאָל gd אאַז"וו.

צו דער דריטער קאַטעגאָריע געהער דער דרום־מערבֿדיקער טייל פון פּויליש. די גרענעץ־ליניע צווישן די צוויי טעריטאָריעס פון פּוילישן שפּראַך־געביט איז צום ערשטן פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך קאַזימיעזש ניטש [3]. די ביידע שטחים שיידן זיך אונטער למשל אין אַזעלכע וואָרט־פאַרבינדונגען ווי brat rodzony אָדער Bóg ojców; אין קראָקע זאָגט מען brad rodzony, bug ojcuf, אין וואַרשע brat rodzony, buk ojcuf.

צי מיר פאַרמאָגן אין דער יידישער שפּראַך אַ געביט פון דער דריטער קאַטעגאָריע (ד"ה אַזאַ, וואו מען וואָלט אויסגערעדט גרויס עשירות grojzašires*, וואָלט נאָך ערשט געדאַרפט אויסגעפונען ווערן. מיר איז דאָס נישט באַקאַנט, און ס'לייגט זיך ניט אויפן שכל, אַז אַזאַ אויס־שפּראַך זאָל זיין בנמצא, ווייל דווקא דאָס געביט, וואָס פאַלט צונויף מיטן דרום־מערבֿדיקן טייל פון פּויליש — דער דרומדיקער טייל פון פּוילישן יידיש — קען נישט די

1 אחוץ געוויסע פאַלן פון טאָטאַלער אַסימילאַציע, למשל sit down, less zeal. פגל' ריפּמאַן (Rippman) The Sounds of Spoken English, לאָנדאָן 1907, ז' 75.

2 הגם Noel-Armfield, General Phonetics, 1924 הערט דווקא שטימיק zd.

3 Kazimierz Nitsch. Polska fonetyka międzywyrazowa. Mat. i Prace Kom. Jęz. Ak. Um. V, Kraków 1912.

דערשיינונג פון שטימיק־ווערן. ווי אַזוי עס האַלט מיט דעם ענין אין אוקראַאינער יידיש, ווייס איך נישט.

דאָס ליטווישע יידיש געהער צו דער צווייטער קאַטעגאָריע, ד"ה דאָרטן איז די שטימיקייט (אָדער שטימלאָזיקייט) פון אַ קאָנסאָנאַנט אָפּהענגיק פון דעם ערשטן קאָנסאָנאַנט פון צווייטן וואָרט, אָבער נאָר יעמאָלט, אויב דער לעצטער איז אַן אויפרייסיקער אָדער אַ רייביקער. ביישפּילן: אין „דאַרף זיין" זאָגט דער ליטווישער ייד vz, „דאָס ווייס" — zv, „האַלט זי" — dz, „דער גייסט זוכט" — zdz (דאָ איז די צווייטע ז אפילו משפּיע אויף דער ערשטער ז אויך), „אַ סך געדענקען" — γg, „נאָך בעסער" — γb, „אַכט זלאָט" — γdz. אין די דריי לעצטע ביישפּילן ווערט די כ (x) שטימיק; באַקומט זיך אַ קלאַנג γ וואָס איז פאַרהאַן אויף רוסיש (מאָסקווער אויסשפּראַך פון (бога, благо), און אויף דייטש (די g אין Sage, logen, ווי עס ווערט אויסגערעדט אין צפון־ און מיטלדייטשלאַנד). אָבער אַזוי ווי דער דאָזיקער קלאַנג ווערט געבילדעט כמעט אויף דעם־עלביקן אופן וואָס די ווילנער צעפּל־R (אָבער דאָס צעפּל אַליין וויברירט ביים γ נישט, ווייל דער חלל צווישן גומען און צונג ווערט גאַנץ ענג), קלינגט די שטימיק־געוואָרענע כ פונקט אַזוי ווי אַ R — לכל־הפּחות אין ווילנע. דרך־אגב האָבן מיר דיזעלביקע פאַרבייטונג אויך אין דייטש; אין בערלין, אַ שטייגער, איז כמעט נישטאָ קיין אונטערשייד צווישן Waren און Wagen.

אין ליטווישן יידיש ווערט אפילו פאַרקערט אַ ר שטימלאָז, פאַר אַ שטימלאָזן קאָנסאָנאַנט. zi šteχt קען זיך נעמען סיי פון שטעכן, סיי פון שטערן. אַנדערע מיספאַרשטייענישן וואָס קענען זיך זייער לייכט טרעפן אין ווילנע זיינען: איך בעט=איר בעט, איך וועט=איר וועט, איך טייט=איר טייט.

אַראָפּגערעכנט די פאַרבייטונג פון x און R אין געוויסע פאַלן — וואָס דאָס טרעפט זיך, ווי מיר האָבן שוין געזען, אויך אין דייטשן — ווייזט מיר אויס, אַז די קאָנסאָנאַנטן־אַסימילאַציע אין ליטווישן יידיש האָט אַ גאַנץ בולטן מקור: דאָס ליטווישע יידיש האָט זיך געלאָזט באַאיינפלוסן דורך מזרח־סלאַוויש (רוסיש, ווייסרוסיש), אין דער צייט ווען דאָס פּוילישע יידיש האָט אָפּגעהיט אין דעם פּרט דאָס לכתחילהדיקע געשטאַלט. און דאָס איז גאָר נישט קיין חידוש, וואָרים פונקט אַזוי איז אויך אין אַנדערע פאָנעטישע פּרטים, למשל די אָפּגעהיטענע וואָקאַל־קוואַנטיטעט (דאָס פּוילישע יידיש האָט, בהסכּם מיט דייטש, לאַנגע און קורצע וואָקאַלן), דאָס אויסריידן אומדייטלעך די נישט־באַטאָנטע וואָקאַלן, די שטעלונג פון אַקצענט אין אַזוינע סלאַווישע ווערטער ווי קאַפּאָטע (ליטוויש kapōtə, פּויליש kápyty) אאַז"וו. אַרום און אַרום מעגן מיר זאָגן, אַז די פאָנעטיק פון ליטווישן יידיש איז אַ מער מזרח־סלאַווישע, די פון פּוילישן יידיש אַ מער גערמאַנישע.

# דער שורה־גריס

פון ד״ר י. ווילער (לעמבערג)

ד״ר פ. שאַרגאָראָדסקאַ, לעני‌נגראַד, קומט פאַר איר אַרטיקל וועגן „שורה־גרוס״ אַ האַרציקער יישר־כוח, און ס׳איז צו דאַנקען ווײַנרײַכס פילאָלאָגישן חוש, וואָס דער דאָזיקער אַרטיקל איז אַרײַן אין לאַנדוי־בוך, ז׳ 67 א״וו. דעם זאַכלעכן טײַטש פון טערמין גיט די מחברטע אַליין; מיר וועלן זיך אָפּשטעלן דערעיקרשט אויף דעם מקור פון דעם טעכנישן טערמין. עטימאָלאָגיע איז נאָך אין די גימנאַזיסטישע יאָרן געווען אַ באַליבטער ענין בײַם מחבר פון איצטיקן אַרטיקל.

לאָמיר זיך קודם אָפּשטעלן אויף דער שפּראַכיקער פאָרם: שורה־גרוס. דער ערשטער טייל איז העברעאיש און איז דורכן חדר אַריבער אין ייִדיש. לאָז דאָס דערווײַל זײַן גענוג. ווײַטער וועלן מיר זיך נאָך אומקערן צו אָט דעם וואָרט. דער צווייטער טייל באַווײַזט זיך אַמאָל אין אַ ליטעראַרישער פאָרם: גרוס = grus, אַן אַנדערמאָל širə-gris און אַלס אַ דעמינוטיוו: šîre-grîzl, לויט פ. אַלפאַבעט, פון פּיאָסק, לובלינער קאַנט [1]. אָט הערן מיר, אַז קיין שום שייכות צו „גרוס״ פילט זיך שוין נישט, וואָרים גרוס ווערט דאָ אַרויסגערעדט לויט אָנמ׳ 2: gris. איז די קשיא: צי האָבן מיר דאָ גאָר אײַנגאַנצן צו טון מיט אַ „גרוס״?

ראיות, אַז די דאָזיקע טײַטש איז אַ פאַלשע, האָבן מיר ע־לעכע,

1) a) ד״ר שאַרגאָראָדסקאַס און איר חברטעס בײַשפּיל אַליין: „אין בין געפאָרן קיין אַדעס קויפן סחורה״. b) אין דער רעצענזיע פון מ. ספּעקטאָר, נומ׳ 35 פון „ייִדישן פאָלקסבלאַט״ 1886 געפינען מיר דאָס אייגענע בײַשפּיל, נאָר שוין אַ ביסל מער באריכות, די סחורה אַנטפּלעקט זיך דאָ פאַר 100 פערטל ווייץ און עס ווערט נאָך צוגעגעבן דער ריווח. c) לסוף גייט נאָך דעם פּאָעט קוויטקאָס בײַשפּיל: „דער פעטער איז געפאָרן קיין אַדעס קויפן סחורה״. אין די דרײַ בײַשפּילן זעט זיך לחלוטין נישט אַרויס דער „גרוס״.

2) שטעלט זיך אַ גרוס בידוע אַלעמאָל צום סוף בריוו און קיינמאָל נישט אין אָנהייב. אויף ז׳ 70 פון לאַנדוי־בוך לייענען מיר אָבער אין דער פּיאָסקער מיטטיילונג בפירוש: „געוויינלעך איז דאָס שירע־גריזל אַן אָנהייב פון אַ בריוו״. הייסט עס, ס׳גייט דאָ בשום אופן נישט וועגן קיין גרוס. און לסוף: וואָסער שייכות האָט אַ גרוס צו אַ שורה?

איצטער לאָמיר זיך נענטער צוקוקן צום טײַטש פון „טעכנישן טערמין״.

דער „שורה־גרוס״, שרײַבט ווײַנרײַך, איז אין דער ליטע פרעמד. אין ווילנע זענען געווען באַקאַנט באַזונדערע בויגנס מיט פאָרשריפטן, וועלכע האָבן געהייסן „אַפּאָר״, אין מינסק (לויט ז. רייזען) „אַפּיר״ אָדער (לויט אַ. פרידקין) אין האָמלער קרייז גאָר „אופיר״. בײַ ישראל אַקסענפעלדן געפינען מיר: „פּירגריזין אָף גיווירט פּאַפּיר געשריבין״ [3].

דער מחבר האָט זיך געלערנט שרײַבן ייִדיש בײַ אײנעם פּינסקער אין לעמבערג. ער פלעגט אים פירשרײַבן וועלכן ס׳איז זאַץ, און דער מחבר פלעגט עס איבערשרײַבן וואָרט בײַ וואָרט. הייסט עס, גריזן האָבן אַ שייכות צו „פירשרײַבן״, „אַפּיר״.

אַצונד לאָמיר זיך באַקענען מיט די אויסדריקן אויף „שרײַבן״, וואָס מיר געפינען אין די גערמאַנישע שפּראַכן. לאָמיר אָנהייבן מיט די ווערטער, וואָס ווערן גענוצט אין אַ טייל גערמאַנישע שפּראַכן (און בפרט אין דײַטש). די דײַטשן האָבן אָנגענומען דעם באַגריף פון „שרײַבן״ אין דער זעלבער צײַט, וואָס דעם רוימישן גלויבן. אַה״ד scrîban (=מה״ד schrîben, ייד׳ שרײַבן) שטאַמט פון לאַטייניש scribere (פראַנצויזיש écrire, écriture). דערפון נעמט זיך דאָס ווערבאַלע אַבסטראַקטום: די שריפט; סקאַנדינאַוויש skrift [3].

די גאָטן, וואָס זענען געווען אַריאַנער און דעריבער געשטאַנען נענטער צו דער גריכישער קירך, קענען

1 לאַנדוי־בוך ז׳ 70 — צו דער פאָרם „גריזל״ פגל׳ דעם סוף פון דעם איצטיקן אַרטיקל, וואו דער מחבר ציטירט זײַנע מקורים.

2 לאַנדוי־בוך, ז 70, אָנמ׳ 1 און די מקורים צום סוף פון דעם אַרטיקל.

3 אויסגערעדט: שריפט.

נישט דאָס וואָרט. זייער בּיסקופּ וואולפילאַ [1] (311—383) באַנוצט אין זיין בּיבּל-איבּערזעצונג פאַר „שרייבּן" דאָס וואָרט gamêljan, דעריבּער פאַרטייטשט ער דעם פּסוק פון דעם גריכישן עוואַנגעליום ὡς γεγραμμένον ἐστίν (פון העבר׳ כַּכָּתוּב) אויף גאָטיש בזה הלשון: Swê gamêlith ist [2], וואָס דאָס הייסט אייגנטלעך „אַזוי ווי ס׳איז געמאָלט": גאָט׳ gamêljan [3] = אַה"ד, מה"ד mālen, ייד׳ מאָלן [4]. מען מוז מודה זיין, אַז דער אויסדרוק „מאָלן" כאַראַקטעריזירט אַמבעסטן די וואונדערלעכע פורפורענע בּלעטער מיט די זילבּערנע אותיות פון דעם גאָטישן Codex argenteus [5].

אַ אינטערעסאַנטע פּאַראַלעלע צו גאָטיש האָבּן מיר אין סלאַוויש. דאָס סלאַווישע וואָרט אויף „שרייבּן" איז פּויל׳ pisać, אוקר׳ писати, סערבּאָקראָאַטיש psat. דער שורש — pis אַנטשפּרעכט גריכי׳ poik אין poik-ílos מיטן טייטש „בּונט, געשפּרענקלט"; פגל׳ פּויליש pstry בּונט, pstrąg „אַ פאָרעלע" — ווייטער pisanka [6] „אַ בּונט איי אויף פּאַסכע", עפּעס אָנגעמאָלטס; דער אייגנטלעכער פּשט פון pisać איז „מאָלן". דעם אייגענעם שורש געפינען מיר אויך אין גערמאַניש: אינדאָגערמ׳ poik וואָרט גערמ׳ faih*, אַה"ד מה"ד vêch [7] „בּונט, געשפּרענקלט", אין מזרח-גאַליציש יידיש פ ע כ ל ע ן [8] „גלאַנצן", נה"ד Feh „אַ פיי".

איצט לאָמיר זיך צוקוקן צום דריטן און עלטסטן גערמאַנישן אויסדריק אויף „שרייבּן". די ווערטער „בּוכשטאַבּן", „בּוך" בּאַווייזן דאָס, וואָס עס דערציילט טאַציטוס (אין ערשטן יאָרהונדערט נאָך קריסטוסן) אין זיין „Germania": אַז די אַלטע גערמאַנער פלעגן איינקריצן צייכנס (רונעס) אין דער קאָרע פון בּיימער און בּאַנוצן די אויסגעשניטענע רונען-שטעקעלעך אויף טרעפן די צוקונפט. פון דאַנען נעמט זיך די קרובהשאַפט פון גאָט-גערמ׳ bôka, פּויל׳ buk, אַלטבּולג׳ און רוסיש букъ מיט אַה"ד buohha, מה"ד buoche, נה"ד Buche, ענגל׳ beech פון איין זייט און ענגל׳ book, אַה"ד (מה"ד) buoch, נה"ד Buch פון דער צווייטער זייט. צום דייטשן Buchstabe פגל׳ נאָך ענגל׳ stave

1 ס׳איז פּונקט די אייגענע צערטל-פאָרם (גאָט׳ wulfs=וואָלף) ווי ייד׳ וועלוועלע.

2 th אַרויסצורעדן ווי אין ענגליש.

3 גאָט׳ ga=אַה"ד gi=מה"ד, נה"ד ge.

4 דער אויסדרוק איז אַגב אויך אַריבּער אין פּויליש: malować.

5 Codex argenteus — דער זילבּערנער כתב-יד — רופט זיך דער פּרעכטיקער כתב-יד פון וואולפילאַס בּיבּל, וועלכער געפינט זיך היינט אין דער אוניווערסיטעטישער בּיבּליאָטעק אין אופּסאַלאַ (שוועדן).

6 דערפון ייד׳ פּיסאַנקל.

[אויבּ אין פּויליש איז דער פּשט פון וואָרט שוין פאַרעלטערט (זע פוו"ב IV 205), איז ער אין רוסיש נאָך אינגאַנצן לעבּעדיק: писать картину, писаный красавец. אויך לאַט׳ pingere, pictura איז פון דעם נעמלעכן אינדאָגערמאַנישן שטאַם. — מ. וו.]

7 פגל׳ לעקסער I 36.

8 למשל אין לעמבּערג: סע פעכלט אין אַלע ווינקאַלעך (פאַר דיינקייט).





„אַ כטראָפּע" [9]. אין דער קאָרע פלעגט מען, הייסט עס, איינקריצן, איינראַצן די רונעס; „ראַצן" (נה"ד ritzen) איז אָבּער דער אייגענער שורש, וואָס ענגל׳ write (אַלט-ענגליש wrîtan) „שרייבּן". ענגליש האָט דאָ אָפּגעהיט, ווייט פון קאָנטינענט, אינאיינעם מיט אַ סך אַלטגערמאַנישע אינסטיטוציעס, אויך דאָס אַלטגערמאַנישע וואָרט אויף „שרייבּן" [10].

ווי אַזוי איז אָבּער מיט דעם דאָזיקן וואָרט אין דייטש? צי איז עס אינגאַנצן ניט געוואָרן? ניין, מיר געפינען עס דאָ אויך, געבּיטן לויט די בּאַוואוסטע קלאַנגען-געזעצן: אַה"ד (w)rîzan, מה"ד rîzen, נה"ד reissen.

„רייסן"! ס׳איז דאָך אונדזערער אַן אַלטער בּאַקאַנטער. אָבּער דורך לאַט׳ scribere איז זיין ערשטער בּאַטייט כמעט אינגאַנצן בּטל געוואָרן. אויפגעהיט האָט ער זיך בּלויז אין געציילטע אויסדריקן און פאַרבּינדונגען, למשל: דייטש der Ab-riss, der Grund-riss, Auf-riss, Um-risse (קאָנטורן). דעם פּאַרטיציפּ פון umreissen (-eine scharf umris„ sene Gestalt", אַ שאַרף געצייכנט געשטאַלט) ניצט מען סיי וועגן אַ ממשותדיקער צייכענונג (דעריבּער das Reiss-brett „צייכן-בּרעט" און Reiss-nägel, קליינע טשוועקעלעך מיט גרויסע פלאַכע קיילעכדיקע קעפּ), סיי אין אַ ליטעראַרישער בּאַשרייבּונג. ס׳איז אַ מערקווערדיקער פאַקט, וואָס אַ סך פון די דאָזיקע אויסדרוקן זענען אַריבּער אין סלאַוויש (למשל פּויליש) מיט זייער מה"ד וואָקאַל (y פון î). למשל: rys-ować, rys-unek, za-rys, (=דייטש Ab-riss) rys, (twarzy, charakteru) און rysik „אַ שרייבּגריפל", וואָס מיט אים פלעגט מען לערנען די קינדער שרייבּן אויף זייערע טאָוועלעך [11].

וואָס שייך די פאָרמען פון ענגל׳ write, הייסן זיי: to write—written [12] „שרייבּן—געשריבּן". דיזעלבּיקע פאָרמען אין אַה"ד זענען rîzan—girizzan, מה"ד rîzen—gerizzen, ייד׳ רייסן — געריסן;

אַצונד לאָמיר גיין ווייטער. דאָס ווערבּאַלע אַבּסטראַקטום הייסט קלאַנגגעזעצלעך נה"ד Gereiss לויטן פּרעזענס אָדער Geriss(e) לויטן פּאַרטיציפּ, פּונקט אַזוי ווי מיר האָבּן די פאָרם das Geschmeiss פון schmeissen, פון דער צווייטער זייט das Gebiss פון beissen אָדער das Geschoss (פגל׳ יידיש: דער שאָס) פון שיסן—געשאָסן. אָט די פאָרם נה"ד Ge—riss גיט אויף יידיש grîs

9 וועגן דעם אויסדרוק Stabreim, וואָס ווערט גענוצט בּנוגע דער אַלטגערמאַנישער פּאָעזיע, זע ווייטער.

10 פון לאַט׳ scribere נעמט זיך בּלויז דאָס ענגל׳ בּיטולדיקע to scribble, „שמירן מיט אַ פען", „שרייבּן קאַטשערעס און לאַפּעטעס".

11 דער בּאַטייט „רייסן" איז אויך אַריין אין פּויליש, און אויך מיט y (פון î): למשל rysa (na murach)=אַ ריס (אין מויער); mury się zarysowały.

12 די פאָרם wrote מעגן מיר דורכלאָזן, ווייל אין יידיש איז נישטאָ קיין אימפּערפעקט (פּרעטעריטום).

און נישט אַנדערש, וואָרים מיר האָבן דאָ דעם וואָקאַל פון פּאַרטיציפּ; הייסט עס grîs איז אַ צונויפגעזעצט וואָרט, פּונקט ווי „גליק" נעמט זיך בעצם פון ge-lücke.

איך זע שוין פאָרויס די טענה, אַז דאָס וואָרט grîs פאַרמאָגט אַ לאַנגע i [1], בשעת ווען דער פּאַרטיציפּ gerissen האָט אַ קורצע i. אָבער אַנטקעגן דעם קאָן מען אָנווייזן, אַז דאָס וואָרט איז צונויפגעמישט געוואָרן מיטן שורש „גרוס" (מה"ד gruoz, נה"ד Gruss). דאָס באַווייזט די אָנמערקונג אויף ז' 70 און ס'האָט זיך אויך געמוזט טרעפן מיט ד"ר שאַרגאָראָדסקאַ, ווייל זי אַלס פּסיכאָלאָגין האָט בײַ די בריוונשטעלערס און בריוו אַוודאי געטראַכט וועגן גרוסן; דעריבער הייסט דאָס קעפּל פון איר אַרטיקל שורה־גרוס (מיט אַ ן).

מען וואָלט נאָך געקענט זאָגן, אַז גערמ' t (אַנגלאָסאַקסיש writen) ווערט מה"ד zz (= אַ שאַרפע s), דעריבער וואָלט די פאָרם, אויב מײַן עטימאָלאָגיע זאָל זײַן ריכטיק, באַדאַרפט קלינגען grîsl—grîs * און נישט grîzl, ווי מען הערט דאָס אין פּיאָסק און אויך בײַ אַקסענפעלדן פּירגריזין, אַלזאָ ביידע מאָל אַ שטימיקע z און ניט קיין שטימלאָזע s [2]. אָבער דערויף קאָן מען אָפּענטפערן מיט דער פּשוטער באַמערקונג, אַז דווקא מה"ד gruoz = ייד' גרוס פאַרמאָגט אין דעמינוטיוו אַ שטימלאָזע s (למשל איראָניש גריסל און נישט גריזל); הייסט עס, דאָס איז אַ ראיה גיט נאָר קעגן מײַן עטימאָלאָגיע.

ווי אַזוי וועל איך אָבער דערקלערן די דערמאָנטע z? פּשוט פאָנעטיש; אין יידיש ווערן שטימלאָזע רייביקע קאָנסאָנאַנטן שטימיק אין שכנות פון סאָנאָרע קלאַנגען (ר, ל, נ). למשל: גאָט' lêtan (ענגל' let), אַה"ד lâzan, מה"ד lâzen, ייד' לאָזן; גאָט' gamôt (נאָך אין הילדעבראַנד־ליד, 8 י"ה: muotin [3] = ענגל' meet), מה"ד müezen = ייד' מוזן; ווייטער: בריף—בריוול; זשים (לעמבערג), פון פּויל' szum; גאַנץ (= גאַנדז; לעמבערגער אויסשפּראַך) — גענדזל; ענג' street (לאַט' strata, מה"ד strâze, נה"ד Strasse; גאַליציש־יידיש = שטראָס: שטראָזן [4].

מיר זענען אָבער נאָך נישט פאַרטיק. פאַרוואָס איז דײַטש gerizze נייטראַל און ייד' גריס דווקא לשון־זכר? ענטפער: פּונקט אַזוי ווי לעבן דײַטש das gerîme געפינען מיר ייד' grâm. מען דאַרף נעמען אין אַכט, וואָס גראַם איז טײַטש „וויץ", אייגנטלעך אַ געגראַמטער זאַך. מיט דעם איבערבײַט פון דעם פּשט בײַט זיך אויך דער גראַמאַטישער מין [5]. אַלזאָ איז „דער גריס" אַנטשטאַנען אונטער דער השפּעה פון „דער גרוס", פּגל' אויבן.

1 ווײַנרײַך, לאַנדוי־בוך ז' 70.

2 פּגל' ווײַטער אונטן צום סוף: די פאָרם „גריזל".

3 זע די ציטאַטע ווײַטער אונטן.

4 אויסשפּראַך: Štrūs : Štrūzn.

5 זע דעם מחברס אַרטיקל וועגן גראַמאַטישן מין פון די הויפּטווערטער אין מזרח־גאַליצישן יידיש, לאַנדוי־בוך 249—264.

אָבער ווײַבאַלד ס'רעדט זיך וועגן אַ „גריס", קומט אויך צו לאָגיש אַ שורה, ווייל ס'גייט דאָ דווקא וועגן אַ שורה (= צײַל) און נישט וועגן אַ פּסוק, ד"ה אַ גאַנצן זאַץ. דאָ דערמאָנען מיר זיך אין דײַטש Grundriss, Abriss (פּויל' zarys), למשל פּוילס Grundriss der germanischen Philologie אָדער זיווערסעס Abriss der angelsächsischen Grammatik. מיט ביידע ווערטער און אויך פּויל' zarys רופט מען אָן אַ קיצור, אַ קירצערע אָפּהאַנדלונג. אמת, די ציטירטע שורה־גריסן זענען זאַצן, אָבער אין איין פּרט דערמאָנען זיי אין די גערמאַנישע עפּישע „לאַנג־שורות", דער עיקר דאָס בײַשפּיל, וואו ס'רעדט זיך וועגן „פּעטער". [6]

*

דערקלערנדיק דאָס וואָרט „ריצן, write", האָבן מיר שוין גערעדט וועגן רונעס. דער אַלטגערמאַנישער פערז האָט פאַרמאָגט אַן אַזוי־גערופענעם Stabreim [7] אָדער אַליטעראַציע, ער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די באַטאָנטע ווערטער פון איין שורה פלעגן זיך אָנהייבן מיט דעם זעלביקן קלאַנג. די עלטסטע סקאַנדינאַווישע רונע־שריפטן, געזאַמלט און אַרויסגעגעבן דורך דעם פאַרשטאָרבענעם פּראָפעסאָר ווימער, האָבן דאָס רוב די פאָרם פון איינציקע עפּישע לאַנגסטראָפעס מיט פיר הייבונגען, וואָס „שטאַבן" זיך (גראַמען זיך). די עלטסטע דורך אים אַנטדעקטע שורה אויפן גאָלדענעם מעד־האָרן אין אַרהווס (נאָרוועגן), וואָס שטאַמט פון 8 י"ה, לייענט זיך, געשריבן מיט לאַטײַנישע אותיות, אַזוי:

EC(k) HLÉWAGASTIR HÓLTINGAR HÓRNA TÁWIDO [8]

איך (ה)לעוואַגאַסט [דער] האָלצינג האָב געגרייט דעם האָרן [9].

פון דײַטשע אַליטערירנדיקע סטראָפעס ציטיר איך אַ שורה פון די מערזעבורגער צויבערשפּראָכן (8 י"ה)

Phol ende Uuodan vuotun zi holza [10]
dū uuart demo Balderes volon sîn vuoz birenkit.

פאָל און באַלדער זענען געפאָרן צו האָלץ [אין וואַלד], האָט זיך באַלדערס פערד אויסגעלונקען דעם פוס.

אָט האָבן מיר צוויי שורות, וואָס אין זיי „שטאַבן" צווישן זיך צוויי מאָל צו צוויי ווערטער. איצט לאָמיר נע־

6 לאַנדוי־בוך, ז' 69. „דער פּעטער איז געפאָרן קיין אדעס קויפן סחורה".

7 פּגל' בוכשטאַב און ענגל' stave (סטראָפע).

8 גאָט'—אורנאָרדיש taujan (פּרעז') — tawido(a) (פּרעט'). פּגל' רוס' ga-towy = פּויל' gotów; גאָט' ubiltôjis „שלעכטס־טוער". ענגל' tow „שיף־שטריק" און אה"ד zouwen „גרייטן".

9 בײַ די ווערטער אין אָריגינאַל וואָס „שטאַבן" זיך זענען די ערשטע אותיות אונטערגעשטראָכן.

10 ציטירט לויט בראַונע (Braune), Althochdeutsches Lesebuch, 7טע אויפלאַגע, האַללע 1911, ז' 85.

מען קוויטקאָס ביישפּיל (לאַנדוי־בוך ז׳ 69). עס לייענט זיך אַזוי:

„דער פּעטער [1] איז געפאָרן קיין אַדעס קויפן סחורה".

וועלכע ווערטער אַליטערירן דאָ? אין ערשטן טייל: פּעטער און געפאָרן, אין דער צווייטער העלפט: קיין און קויפן. די דאָזיקע שורה איז, הייסט עס, געבויט פּונקט אַזוי ווי אַן אַלטגערמאַנישע עפּישע סטראָפע; אַז אויך דאָרט פלעגן זיך טרעפן צוויי אַליטעראַציעס אין איין שורה, באַווייזט אַזאַ סטראָפע פון הילדעבראַנד־ליד, דעם עלטסטן דייטשן שפּראַכיקן דענקמאָל פון 8 י"ה:

dâr man mih eo scerita in folc sceotantero [2].

וואו מען האָט מיך שטענדיק געשטעלט אין דער ריי פון די שיסנדיקע.

אָט האָבן מיר אין דער ערשטער העלפט mih—man, אין דער צווייטער sceotantero — scerita [3]. ביי אונזער ביישפּיל וואָלט מען געקענט אָפּפרעגן, צי פּעטער — געפאָרן בילדן טאַקע אַן אַליטעראַציע, ווייל איין וואָרט הייבט זיך אָן מיט אַ פּ, דאָס אַנדערע מיט אַ ג. די דאָזיקע טענה איז אָבער נאָר פאַראַן פאַרן אויג און נישט פאַרן אויער, וואָרים דער פּרעפיקס גע — איז נישט באַטאָנט, מיר לייענען געפאָרן, און אַזוי אַרום איז די אַליטעראַציע אָפּגעראַטעוועט. אגב, לאָמיר נאָך הערן דעם אַריינפיר פון הילדעבראַנד־ליד:

Jk gihôrta dat seggen
daz sih urhêttun aenon muotîn [4].

דאָ „שטאַבן" זיך gi—hôrta און ur—hêttun (די נישט־באַטאָנטע פּרעפיקסן gi=ייד׳ גע און ur=ייד׳ דער (דערציילן אאַז"וו) האָבן נישט קיין שום באַדײַטונג).

נוט, אָבער פון וואַנען נעמט זיך די אַליטעראַציע צו קיין (אַדעס), בשעת ווען דער טראָפּ וואָלט דווקא געדאַרפט זיין אויף אַדעס? ס׳איז אָבער גרינג דאָס צו דערקלערן. דאָס ביישפּיל האָט פירגעשריבן דער רבי, און עס איז געווען באַשטימט דערצו, דער תּלמיד זאָל עס איבערשרייבן אות־באות. קען מען זיך אָנשטויסן, אַז דער תּלמיד און אויך דער רבי פלעגן פירשרייבנדיק אָדער איבערשרייבנדיק נאָכזאָגן די איינציקע ווערטער הויך אויף אַ קול אָדער שטיל פאַר זיך, און פון דאַנען נעמט זיך, וואָס קיין האָט אויך באַקומען אַ זעלבשטענדיקן טראָפּ.

אַצונד פאַרשטייען מיר שוין, פאַרוואָס דער טעכנישער טערמין איז דווקא שורה־גריס. בלויז ביי אַן אַליטערירנדיקער סטראָפע איז דער אויסדרוק גריס געווען אויפן אָרט סיי היסטאָריש סיי לאָגיש. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז שפּעטער, ווי באַלד ס׳איז שוין געווען פאַראַן דער טערמין, האָט מען אים שוין געקענט אַריבערטראָגן אויף שורות און זאַצן אָן אַן אַליטעראַציע. דאָס באַווייזן די אַנדערע ביישפּילן, וואו עס שטייט, לויט ז׳ 69, דאָס פאַרעווע איך אָנשטאָט דעם אַליטערירנדיקן פּעטער, אָבער ס׳איז נאָך לכל־הפּחות אָפּגעהיט די שאַרפע קורצקייט פון פריערדיקן ביישפּילן; אינעם ביישפּיל אויף ז׳ 70 („...קויפן סחורה און האָב געקויפט הונדערט טשעטווערט ווייץ אאַז"וו") איז שוין צעשטערט דער פאַרנעם און דער כאַראַקטער פון דער אַלטער שורה. אַדאַנק דער פּראָזאַאיש־ניכטערער דערגאַנצונג ווערט דער זאַץ לאָגישער און באַשיימפערלעכער, נאָר אין דערזעלבער צייט אויך פאַרוואַסערט.

דער מחבר האַלט, אַז זיינע דערקלערונגען האָבן בולט דערוויזן, אַז דער טעכנישער טערמין דאַרף ריכטיק געשריבן און געלייענט ווערן ניט „שורה־גרוס", נאָר שורה־גריס (מיט אַ י), און אַז נאָר אַזוי אַרום קען מען פאַרשטיין דאָס שייכות מיט שורה.

*

אויב עס גייט וועגן שפּראַכגעשיכטיקע באַשלוסן, איז כּדאַי אונטערצושטרייכן, אַז דאָס וואָרט גריס איז איינס פון יענע ווערטער אין יידיש, וואָס זייער מקור גייט צוריק אין גאָר אַלטע צייטן. מיר זעען אויך פון דעמזעלביקן ביישפּיל, אַז דער קיבוץ, וואָס האָט אין זיין לשון אָפּגעהיט דאָס וואָרט כּמעט אומפאַרענדערט ביזן היינטיקן טאָג, האָט זיך געפונען אין אַ נאָענטער שייכות מיט דעם קיבוץ, וואָס פון זיין שפּראַך שטאַמט דער אויסדריק. דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, מיר האָבן דאָ נאָך אַ בפירושן באַווייז, אַז די יידן אין פּוילן האָבן פאַרן באַגריף „שרייבן" אין דער גערעדטער שפּראַך איבערגענומען דערהויפּט דייטשע ווערטער און אַז זיי האָבן צווישן זיך ניט גערעדט קיין סלאַוויש [5]. זיי האָבן אַריבערגענומען פון דייטשלאַנד גאָר אַלטע אויסדריקן, וואָס די דייטשן אַליין האָבן זיי שוין נישט גענוצט, און נישט, ווי פּרוי צענטנערשווער איז

1 אַצונד איז שוין קלאָר, פאַרוואָס ס׳שטייט דווקא פּעטער און נישט למשל פאָטער. „פאָטער" זאָגט מען נאָר וועגן אַ צווייטנס פאָטער; אויפן אייגענעם זאָגט מען טאַטע. דאָס וואָלט מבטל געווען די אַליטעראַציע, און דעריבער האָט געמוזט בלייבן פּעטער. וועגן פאָטער לגבי טאַטע און מוטער לגבי מאַמע פגל׳ אויך פראַנצויזיש: le père—papa, la mère—maman און ענגל׳ the father—pa(pa), the mother—ma(ma); די ערשטע הויפּטווערטער זענען טאַקע צערטלנעמען, די צווייטע נעמען פון קרובים (אויף -er).

2 בראַונע, ז׳ 81, פּערז 51.

3 ווערטלעך: שערן, שניידן, מיט „Ablaut" אין דייטש: die Schar „מחנה".

4 איך האָב עס געהערט זאָגן, אַז די קעמפער האָבן זיך באַגעגנט אַליין. (בראַונע, ז׳ 80). וועגן muotîn זע אָנמ׳ 3 אויף ז׳ 115.

5 אַלס כאַראַקטעריסטישן סימן פון דעם פאַקט ציטיר איך דאָס שפּאַסיקע לעמבערגער „פּיש נאַשטשאַנע" וואָס גיט איבער דעם אויסדריק: „מעגסט אָנשרייבן אויפן קוימען"; פגל׳ pisz na Berdyczów, דייטש schreiben hinter die Esse (ווערטשפּיל מיט pisz פּישן; na ścianie—naszczany).

משער י, גערעדט פויליש אפילו ביזן 18 י"ה און ערשט פון די איינגעוואַנדערטע דייטשן (וואָס זענען אין דער אמתן שוין פון לאַנג אָן געווען אַסימילירט) אָנגענומען אויסדריקן, וועלכע זענען שוין לאַנג אַרויס פון ליטעראַרישן דייטש.

פאַרן מחבר איז זיכער למשל[*] אַזאַ זאַך: אַזוינע ווערטער ווי ר ב י (rebə פון rabi) האָבן נאָר געקענט אויפקומען אין אַן אמתן דייטשן שפּראַך-געביט, ווייל די a פונעם שורש איז אונטער דער השפּעה פון i אין דעם נאָכקומענדיקן בייטראַף אַריבער על-פּי איבערקלאַנג אין e. דאָס איז אַ קלאַנגען-געזעץ פון 9 י"ה, און ממילא האָבן פּוילישע יידן דאָך נישט געקענט איבערנעמען די פאָרם פון די דייטשן, וואָס זענען אין מיטן 13 י"ה געקומען קיין פּוילן. אין עקסטן פאַל וואָלט מען נאָך געקענט רעדן וועגן אַן אַנטלייאונג ביי די יידן, וואָס זענען איינגעוואַנדערט פון דייטשלאַנד. גיכער ווי אַ דייטשע השפּעה דאַרף מען אויסטייטשן דעם נאָמען פון דער שטאָט Helicz, סלאַוויש Halicz (פון דאַנען שטאַמט אגב דער נאָמען ג אַ ל י צ י ע = „האַליטש-לאַנד") ביים דניעסטר.

ס'איז אויך מערקווערדיק, וואָס יידן, וועלכע זענען אין אַלע לענדער געקומען אין באַרירונג מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג (דהיינו: פראַנצויזן, דייטשן, פּאָליאַקן אאַז"וו), האָבן נישט אין זייער עכטער יידישער שפּראַך די סלאַווישע באַצייכענונגען פאַר דעם באַגריף Kirche [2]. דאָ קען מען אָפּענטפערן, אַז אמת איז דאָס, נאָר די יידן ניצן דאָך דאָס דייטשע וואָרט Kirche אויך ניט, וואָס וואָלט אין יידיש אייגנטלעך געדאַרפט קלינגען *קערך [3]. די דאָזיקע טענה האָט דער מחבר דווקא אַרויסגערופן, וואָרים זי איז גראָד אויף זיין מיל וואַסער. דאָס יידישע וואָרט פאַר דייטש Kirche הייסט כּידוע קלויסטער [4], וואָס שטאַמט פון שפּעטלאַטייניש clôstro (לאַט' claustrum) [5]; אַה"ד clôster, נה"ד Kloster. נאָר צי איז דען אַ Kloster (монастырь, klasztor) די אייגענע זאַך

1 R. Centnerszwerowa, O języku Żydów w Polsce, na Litwie i Rusi. Szkic dziejowy. Warszawa 1907

2 כּידוע אונטערשיידן די פּאָליאַקן צווישן אַ רוימישן תּפילה-הויז (kościół) און אַ גריכישן (cerkiew). דעם ערשטן אויסדריק האָבן פּאָליאַקן אַריבערגענומען פון טשעכיש אין 10 י"ה.

3 פגל' קערמישל, פון kiermasz, פון kirmëss, פון kirch-messe מיטן פּשט a) יריד, b) פאַרוויילונג.

4 פלג' ענגלי' cloister.

5 פגלי' אויך דאָס פון דעמזעלביקן שורש געבילדעטע ייד' ק ל ו י ז, ק ל י י ז ל. דאָס דייטשע Klause באַטייט =clûsa דעם איינזאַמען אויפהאַלט פון אַ מתבודד, גריכיש monachos. דאָס דאָזיקע וואָרט האָט געגעבן אין מה"ד münch, נה"ד Mönch, פּויל' mnich. דערפון דער פּראַוואָסלאַווער monastyr, דייטש Münster (שטאָט אין וועסטפאַלן, אָבער אויך „אַ קאַטעדרע", למשל das Strassburger Münster).

וואָס אַ ק ל ו י ס ט ע ר? ניין. אין איטלעכן מאָנאַסטיר געפינט זיך אַ „קירך", אָבער אַחוץ דעם געהערן נאָך צו דעם וואוינצימערן, גערטענער אאַז"וו, הייסט עס אַ מאָנאַסטיר איז אַ גאַנצער קאָמפּלעקס בנינים. מיר ווייסן, אַז דעם ערשטן בענעדיקטינער-מאָנאַסטיר האָט געגרינדעט אין יאָר 529 אין מאָנטע קאַסינאָ (אונטער נעאַפּאָל) דער הייליקער בענעדיקט פון נורסיע. די עלטסטע בענעדיקטינער אַבאַטשאַפטן אויף דער דייטשער שפּראַך-טעריטאָריע איז סאַנקט-גאַללען אין שווייץ (9 י"ה), וואָס איז באַרימט דערהויפּט דורך אירע ליטעראַרישע אוצרות פון מיטלעלטער [6]. ווי ס'באַווייזט דער נאָמען, האָבן קלויסטערס-מאָנאַסטירן עקסיסטירט נאָך אין 9 י"ה; דאָס זענען געווען אמתע פעסטונגען, גוט געשיצט קעגן דעם שונאס אַטאַקעס [7]. יעמאָלט איז געווען בלויז אַ נאַטוראַלע ווירטשאַפט, דאָס לעבן פון די מאָנאַסטישע קלאַסן האָט זיך אָפּגעשפּילט אויפן דאָרף. דעריבער האָבן זיך דאָרט געפונען דאָס רוב קלויסטערס און קלויסטערשולן. וועגן „קירכעס" וואָס שטייען איינציקווייז אין די שטעט איז נאָך קיין רייד ניט געווען. קאַטעדרעס (דייטש Dom) זיינען אַנטשטאַנען ערשט אַ סך שפּעטער. דאָס ייד' וואָרט ט ו ם (tum) [8], וואָס נעמט זיך פון דייטש Dom, איז באַקאַנט נאָר ביי די מערב-יידן. אין מזרח האָט געוועלטיקט אויסשליסלעך דאָס וואָרט ק ל ו י ס ט ע ר. דערפון איז געדרונגען, אַז דאָס וואָרט שטאַמט פון אַ תּקופה, ווען ס'זענען שוין געווען קלויסטערס-מאָנאַסטירן (מיט קירכעס), אָבער נאָך נישט קיין זעלבשטענדיקע קלויסטערס-קירכעס. דאָס זענען, האַלט איך, איבערצייגנדיקע ראיות, אַז יידן האָבן געשעפּט זייער יידיש לשון דירעקט ביים קוואַל, וואָרים אויב זיי וואָלטן גענומען די „יידיש-דייטשע" שפּראַך ביי די דייטשע קאָלאָניסטן וואָס זענען איינגעוואַנדערט קיין פּוילן, וואָלטן מיר שוין פון תּמיד אָן געהאַט אין יידישן דאָס וואָרט „קערך". די סלאַווישע פאָרם klasztor טרעפט זיך אָבער אויך נישט אין דעם עכטן יידיש.

נאָך אַ ראיה, אַז יידן האָבן נישט גערעדט קיין סלאַוויש: דער מנהג, וואָס ביי דער עליה גיט מען די יידישע מענער-נעמען צוריק אַ העברעאישע פאָרם; וואָרים זיי תּחילתדיקע העברעאישע נעמען האָט מען פאַרדייטשט, נישט פאַרפּויליִשט. איך וועל דאָ דערמאָנען מערנישט איין נאָמען: מ נ ח ם מ ע נ ד ל. מנחם איז העברעאיש. אָבער וואָס איז מענדל? דער געוויינלעכער אויסטייטש „קליינער מאַן" (אַזוי ווי קאַן—קענדל: מאַן—מענדל) לייגט זיך נישט אויפן שכל. דער מחבר טייטשט אויס מ ע נ ד ל (מענדעלע) אַלס אַן אה"ד איבערזעצונג פון העברי' מנחם „דער טרייסטער

6 כּתב-יד B פון ניבעלונגענליד.

7 די דאָזיקע קלויסטערס באַזינגט י. שעפעל (Scheffel) אין זיין ראָמאַן „עקעהאַרד", וועלכער באַהאַנדלט די צייט פון 10 י"ה.

8 איבערגעגעבן דורך ה' י. קאַהן, ביבליאָטעקער פון דער יידישער קהילה-ביבליאָטעק אין לעמבערג.

דיקער, דערפרייענדיקער", אה"ד mendi=מה"ד mende „די פרייד" [1].

*

אצונד לאָמיר זיך אומקערן צו אונזער ענין און אָפּשטעלן זיך אויף דער געאָגראַפישער פאַרשפרייטונג פון אונזער טערמין. די נאָכפרעגענישן ביי אוקראַאינער יידן האָבן נישט געהאַט קיין פעולה, אָבער ביי זיינע לאַנדסלייט האָט דער מחבר געהאַט מער הצלחה. ווי ס'איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן אין אַריינפיר, איז דעם מחבר אַליין דער אויסדריק ניט באַקאַנט. נאָר ד"ר מ. גייער, קולטור-רעפערענט פון דער יידישער קהילה אין לעמבערג, קען אַ שורה-גריזל (šîrə grîzl̥); ער טייטשט עס אויס ווי די אַנדערע פאַר אַ גרוס אין איין שורה, אָבער ווען איך האָב אים דערמאָנט דעם זאַץ פון לאַנדוי-בוך, האָט ער געזאָגט, אַז מען טאָר נישט נעמען צו „ווערטלעך" דאָס „גריזל". דעמזעלביקן טאָג האָט ד"ר ס. איגעל, דירעקטאָר פון דער קלאַסישער גימנאַזיע פון יידישן שול-פאַריין אין לעמבערג, איבערגעגעבן דעם מחבר אויף זיין אָנפרעג, אַז דאָס שורה-גריזל איז גוט באַקאַנט אין זלאָטשעוו. עס גייט דאָ וועגן געווירעטן פאַפיר, וואָס דער רבי שרייבט אָן דערויף אַ שורה אויף יידיש און די תלמידים שרייבן זי נאָך; ער האָט אויך אָנגעוויזן, אַז מיט דעמזעלבן נאָמען האָט מען אויך אָנגערופן „קאַליגראַפישע מוסטערן", אַפירן.

אינזש' י. ציין, לערער פון גימנאַסטיק אין דערזעל-

1 וועגן אה"ד פגל' שאַדע (Schade), Altd. Wörterbuch

2 אויפל', האַלע 1872—1882, ז' 602a; וועגן מה"ד: לעקסער I 2098. — אַז מיר האַלטן שוין ביי נעמען, וואָלט מען געקענט פון דעם טיטל „הער" אין יידיש פאַרשטעלן דאָס היסטאָרישע פאַרהעלטעניש פונקט פאַרקערט. אין אָנהייב האָט זיך דער דינער געווענדט צו זיין האַר מיטן טיטל בעל-הבית און צום בעל-הביתס ווייב מיט בעל-הביתטע. שפּעטער האָט מען אונטער דער השפּעה פון דער דייטשער אויפקלערונג צוועקגעוואָרפן די דאָזיקע טיטלען, באַטראַכטנדיק זיי פאַר פּראָווינציעל און אָפּגעשטאַנען, און איינגעפירט אָנשטאָט דעם די דייטשע טיטלען „הער" און „פרוי" (מה"ד vrouwe, herre), וואָס מיט די נעמען האָבן זיך לכתחילה גערופן פערזאָנען פון ריטערשן שטאַנד (דער עפּיקער גאָטפריד פון שטראַסבורג איז ניט געווען קיין „הער" נאָר אַ „מייסטער", אָבער וואָלפראַם פון עשענבאַך און וואַלטער פאָן דער פאָגעלווייַדע זענען געווען „הערן"). נאָך אין 18 י"ה זענען די דאָזיקע טיטלען נאָך געווען באַגרענעצט אויף אַדללייט; „פריילין" האָט זיך געזאָגט וועגן אַ פּערזאָן פון אַדלשטאַנד, אַ בירגערלעכע איז געווען אַ „יונגפרוי", „יונגפער", אַ „מאַמזעל" (פון פראַנצויז' mademoiselle). מיט האַר האָט מען אָנגערופן עפּעס אַ יחסן, אַ פיינעם מאַן, „אַ פּאַרנעם"; למשל נאָך היינט אין לעמבערג: אַ האַרן-מענטש — אַ „יפהפיה"; אייבער-האַר — „טיראַן".

לעצטנס האָבן מיר שוין אין יידיש אָנשטאָט דעם אַלטן רב יעקב, רב שלמה אאַז"וו (וואָס ווערט אָבער נאָר גענוצט ביי באַווייבטע) דאָס אָפיציעלע פּוילישע panie (ביי פאַמיליע-נעמען), למשל: פאַניע מינצער; אָבער קיינמאָל נישט רב מינצער אָדער פאַניע יצחק, הגם אויף פּויליש זאָגט מען דווקא panie Józefie אאַז"וו. דאָס איז פּסיכאָלאָגיש גאַנץ אויסגעהאַלטן, וואָרים צו אַ יצחק אָדער יעקב קלעפּט זיך אַ „פאַניע" ווי אַן אַרבעס אָן וואַנט.



ביקער גימנאַזיע, וועלכער שטאַמט פון טלומאַטש (Tlumacz,) (Bolszowce), סטאַניסלאַווער וואָיעוואָדשאַפט, קאָן אויך די פאָרם שורה-גריזל. לויט די ביידע דערמאָנטע פערזאָנען איז נישטאָ קיין „פעסטער" זאַץ אויף אַ שורה-גריס. דאָס איז מסתמא דער לעצטער אַנטוויקלונגס-שטאַפּל פון וואָרט, וואָרים דאָ אין גאַליציע האָט דאָס ביישפּיל וועגן אַדעס שוין נישט געהאַט קיין זינען, האָט דער רבי זיך געמעגט אויסקלייבן אַבי וואָס פאַר אַ זאַץ.

בכן זעען מיר, אַז דער טערמין איז פאַרשפּרייט אין מזרח-גאַליציע, הגם אין לעמבערג איז ער נאָר באַקאַנט דעם עלטערן דור. ד"ר גייער איז געווען דעם מחברס אַן אַלטער שכן. זיינע עלטערן האָבן געוואוינט אין דעמזעלביקן הויז. ער האָט באַקומען אַ שטרענגע חסידישע דערציאונג. פאַר לעמבערג, זלאָטשעוו, (טאַרנאָפּאָלער וואָיעוואָדשאַפט) און סטאַניסלאַווער וואָיעוואָדשאַפט איז אַלזאָ דאָס וואָרט אויפגעוויזן. די געאָגראַפישע פאַרשפּרייטונג גייט, הייסט עס, אין אַ ליניע פון אוקראַאינע: פון איין זייט קיין מזרח-גאַליציע, פון דער צווייטער קיין לובלינער קאַנט. אָבער מען מעג זיך ריכטן, אַז די ווייטערדיקע אָפּרופן אויף ווײַנרײַכס ווענדונג וועלן אַ ביסל פאַרענדערן דאָס בילד. דער מחבר האָפט, אַז אפשר וועט זיך אויך מזרח-גאַליציע אָפּרופן. אָבער איין זאַך איז קלאָר שוין היינט: אַז צפון-מערב-יידיש (ד"ה ליטע, קורלאַנד) קענען נישט דאָס וואָרט.

דער מחבר מיינט, אַז ד"ר ווײַנרײַכס בקשה צום סוף פון ד"ר שאַרגאָרדאָסקאַס אַרטיקל אויף ז' 72 פון לאַנדוי-בוך האָט ער צום ווייניקסטן טיילווייז אויסגעפאָלגט, און ס'דוכט זיך אים, אַז ער האָט גענוג בולט דערוויזן דעם טעזיס: גיט גרוס, נאָר גרים (פון גע—ריסן). „גרוס" איז בלויז אַ פאָלקסעטימאָלאָגיע.

מען קען ברענגען אַ סך פאָלקסעטימאָלאָגישע אויסטייטשן פון אַלטדייטשע ווערטער אין יידיש. לאָמיר זיך אָפּשטעלן מערנישט אויף איין ווערטער-פּאָרל: נישט געשטויגן, נישט געפלויגן. מען פאַרטייטשט דאָס: nicht gestiegen, nicht geflogen. אָבער מיך באַפרידיקט נישט אַזאַ אויסטייטש. אחוץ דעם, וואָס דאָס צייטוואָרט שטייגן איז גענומען דירעקט פון נה"ד און האָט דעם פאַרטיציפּ געשטיגן, וואָלט די קלאַנגענגעזעצלעכע פאָרם אין לעמבערג געדאַרפט הייסן gešîgn—štâgn. אַזאַ צייטוואָרט איז אָבער ביי אונז לחלוטין נישטאָ [2]. אַזוי אַרום וואָלט מען געקענט מיינען, אַז „געשטויגן" איז געבילדעט בתור גראַם אויף געפלויגן. אָבער ס'לייגט זיך נישט אויפן שכל, אַז מען זאָל האָבן אַזוי „פאַרגוואַלטיקט" דעם וואָקאַל. דעריבער האַלט דער מחבר, אַז דעם וואָקאַל oj דאַרף

2 „ביי אונז" איז מסתמא שייך נאָר צו לעמבערג, אפשר אויך צו מזרח-גאַליציע און אַנדערע טיילן פון אונזער שפּראַכגעביט; נאָר ווילנע אַ שטייגער האָט דאָס צייטוואָרט „שטייגן" און דעם פּאַרטיציפּ „געשטויגן" אין אַזאַ פּראָזאַאיש זאַץ ווי: „דער דאָלאַר איז געשטויגן", ד"ה אויסער יעטווידער שטייענדיקער פאַרבינדונג. [מ. וו.]

טאַקע שטיין לויטן קלאַנגען-געזעץ, אָבער דער קאָנסאָנאַנט איז פאַרביטן געוואָרן, און אַז לכתחילה איז געווען דער אויסדרוק: * נישט געשטויבן, נישט געפלויגן (= nicht gestoben, nicht geflogen [1]) = נישט געשטויגן, נישט געפלויגן. gestoben איז דער פּאַרטיציפּ פון (gestoben)—stob—stieben (דער אייגענער שורש וואָס Staub „שטויב") „פונאַנדערפליען זיך ווי שטויב" [2]. "Nun stieben die Vögel erschreckt auseinander."

אַז דער איבערבייט פון b אויף g איז מעגלעך, דאָס באַווייזט אַ יידיש קינדערליד (לעמבערג):

האָסטו ביילע גוטן מעד
נאַ זשע דיר דעם הייבער [3];
ווּסטו מיינען, ס'איז שוין שפּעט,
צוועליף איז דער זייגער.

דער גראַם איז אַלזאָ: הייבער — זייגער. וועגן גראַם b—g פגל' נאָך פויליש co nagle to po djable.

סעפּטעמבער 2, 1926.

*

[הוספה].

ווייטערדיקן מאַטעריאַל האָבן צוגעשטעלט דעם מחבר:

a) ד"ר י. מינצער, פאָרשטייער פון יידישן פאָלקסשול- און מיטלשול-פאַראיין אין לעמבערג. ער קען דאָס שורה-גריזל פון זלאָטשעוו. פאַראַן דאָרטן פאַרשיידענע, נאָר צווישן אַנדערע דערמאָנט ער: „איך בין געפאָרן קיין לעמבערג". זעען מיר אַ באַשיימפערלעכע פאַראַלעלע צום גריזל: „איך בין געפאָרן קיין אדעס". פאַרן מזרח-גאַליצישן ייד איז לעמבערג געווען דער אייגענער האַנדלס-צענטער, וואָס פאַרן אוקראַאינער אַדעס.

b) און c). פון כאַרנאָפּאָלער וואָיעוואָדשאַפט ווייז איך ווייטער אָן ה' מ. זיידען, אַ געבוירענער אין פשעמישלאַן (אַ כטאַראָסטעשאַפט, וואָס געפינט זיך 2½ שעה אויף דרום-מזרח פון לעמבערג) און מ. פעלד, לערער פון העבראיש אין דער „יידישער גימנאַזיע" אין לעמבערג, פון בושע-זשאַן (5 שעה אויף דרום-מזרח), וועלכער פאַרמאָגט היינט אַ טאַבאַק-„פאַרלאַג" אין לעמבערג. די צוויי קענען די פאָרם שורה-גריזל, וואָס דער רבי פלעגט פירשרייבן

1 פגל' ביי פריץ רויטערן, דעם צפון-דייטשן דיאַלעקטישן דיכטער (1810—1874): net staben, net flagen. אויף נידערדייטש האָט דער פּאַרטיציפּ נישט דעם פּרעפיקס ge; פגל' ענגל' given = נה"ד ge-geben, אויך גאָטיש ga-leiko [ei=î]: אה"ד gi-lîhho; מה"ד gelîch: נה"ד gleich — און אַנטקעגן דעם ענגל' like (אָן דעם ge).

2 גאָט' stab-jus, אה"ד stoub; העבר stioban, מה"ד stieben; ענגל' steam „פּאַרע"; פגל' פויל' kurz, kurzawa און kurzyć; און ענגל' dust „שטויב" מיט דייטש Dunst, dünsten.

3 דייטש: Heber.



די קינדער אַלס מוסטער, און יענע פלעגן עס נאָכשרייבן. פאַראַן פאַרשיידענע ביישפּילן.

d) פון מיטלגאַליציע, פערעמישלער געגנט, האָט דעם מחבר צוגעשטעלט מאַטעריאַל דער לעמבערגער ראַבינער ד"ר ל. פריינד. ער קען נאָר די פאָרם שורה-גריזל. לויט אים גייט עס דאָ וועגן אַ העבראישער ציטאַטע פון אַ בריוו און שפּעטער האָט שוין יעדער בריוו געהייסן אַ שורה-גריזל. נאָר די דאָזיקע מיינונג איז אַן איינציקע.

e) ס'איז אינטערעסאַנט, וואָס ה' זיידען האָט געגעבן אַ פרעג דעם מחבר „וואָס איז אייגנטלעך דער טייטש פון גריזל?" דערפון איז געדרונגען, אַז וועגן אַ גרוס האָט ער אינגאַנצן נישט געטראַכט, אין דער צייט ווען ד"ר גייער און ד"ר פרענקל, מיטגליד פון קאָמיטעט פון יידישן פאָלקס- און מיטלשול-פאַראיין, דער לעצטער אין אַ שמועס מיט ד"ר מינצערן, האָבן געטראַכט וועגן אַ „גריסל" (פון גרוס).

f) צום סוף לאָמיר נאָך דערמאָנען דעם אייבער-חזן פון לעמבערגער טעמפּעל, ה' לוואָוויטש, אַן אוקראַאינער ייד. ער ווייזט אויף דאָס „שורה-גריסל(!)" פאַר קיעווער און פּאָלטאַווער געגנד. ס'איז געווען, זאָגט ער, דער אַריינפיר צו אַ בריוו, וואָס אַ יינגל פלעגט שרייבן צו זיין טאַטן, סיי אויף יידיש, סיי אויף לשון-קודש. לוואָוויטש טראַכט אַלזאָ אויך וועגן אַ גרוס. דעריבער נעם איך צוריק דעם זאַץ, אַז די אוקראַאינער יידן האָבן מיר נישט געקענט געבן קיין שום דערקלערונג פון דעם וואָרט.

אַזוי ווי ד"ר פריינד רעדט וועגן העבראישע ציטאַטעס, האַלט דער מחבר פאַר זיין חוב אויסצופאָרשן דעם ענין, וואָרים אַניט וואָלט מען געקענט טענהן, אַז ער האָט זיך בכיוון געמאַכט נישט ווייסנדיק וועגן אַן אַרגומענט וואָס האָט אים נישט געפּאַסט.

אָט ליגן פאַרן מחבר די „יידישע פּריוואַטבריוו פון יאָר 1619" פון ד"ר א. לאַנדוי און ד"ר ב. וואַכשטיין [4], וואו ס'רעדט זיך אויף ז' XXII (פון אַריינפיר) וועגן אַריינפאָר-פאָרמולן אין פרויען-בריוו. זיי גייען בזה הלשון: „גאָר פיל [אָדער: טויזנט] גוטר זעליגר יאר | דיא זאלן דיר ווערן וואר", אָדער נאָך מיט אַ צווייטן גראַם פאַר אַ צוגאָב „... וואר | אויף דיין הייפּט אונ' האר" [5]. איך ווייז אָן אויף דער באַמערקונג ווייטער (דאָרט), אַז די קירצערע פאָרמולן זיינען די עלטערע און די ייִנגערע זענען פאַרברייטערט געוואָרן [6]. זעלטענער זענען די אָנהייבן: „שלום אונ' גיזונד", „פיל שלום אונ' גיזונד | צו אַליר צייט אונ' שטונד"; נאָר איין שרייבערקע הייבט אָן אויף העבראיש:

4 ווין און לייפּציק 1911.

5 גאָט' haubith, אה"ר, מה"ד houbet, höubt. די לעצטע פאָרם דערהויפּט שלעזיש: פון דאַנען נעמט זיך דער פויל' „העטמאַן" (höu(b)tmann) און דער אוקראַאינער „אַטאַמאַן".

6 פּראַגער בריוו ז' XXIV, וואו ס'זענען אויך פאַרצייכנט העבר' פאַרמולן.

חיים ושלום וכל טוב [1]. די אַרויסגעבער פון די בריוו זענען גערעכט, וואָס זיי רופן די דאָזיקע פאָרמולן אָן „וואונטשן", וואָרים קיין גרוסן זענען דאָס בשום אופן נישט. די מאַנסבילשע בריוו הייבן זיך אָן מיט שלום אַליין אָדער מיט אַ פאַרברייטערונג, למשל: „מאלהי עולם רב שלום לאיש שלום ומעשיו שלמים"; אָדער: „יהי שלום בחילך ושלוה בארמנותיך" [2]. אויסלאָזן לאָזן זיך אויס די בריוו מיט די ווערטער: „איך וויש דיר אויף דער צייט ניקש מער צו שרייבן | גאט ית׳ זאל דיך לאזן פריש אונ׳ גיזונט בלייבן" אָדער ענלעך, און דערנאָך, שוין גאָר צום סוף, גייען די עצם גערוסן: „גריש מיר אל אונזר ליבה הייפט", „גריש מיר דיין ליבש וייב... אונ׳... אונ׳... אונ׳ אל דיא נאָך מיר פרעגן לטובה" [3]. דאָ איז כדאי צו דערמאָנען, אַז נאָך היינט בעט מען איבערגעבן גרוסן אין אַזאַ פאָרם: „גריסט אים מיר גאָר פריינטלעך"; „לאָזט מיר דעם פעטער גריסן". בקיצור, ביי גרוס טאָר נישט פעלן דאָס וואָרט „גריסן". אמת, פאַראַן אויך גרוסן, וואָס הייבן זיך נישט אָן מיט „גריסן", למשל „זייט געזונט", אָבער נאָכדעם גייט פאָרט דער צוגאָב: „פאַרגעסט מיר נישט צו גריסן די קינדער" אד"גל.

נאָך דער דאָזיקער הוספה בלייבט דער מחבר ביי זיין איבערצייגונג: אַז דער זאַץ, וואָס דער רבי פלעגט פירשרייבן, שטאַמט פון דער האַנדל־ספערע, וועלכע איז ביי יידן געווען גוט באַקאַנט; אַז די דאָזיקע פאָרמול דריקט אויס אַ פשוטע מיטטיילונג, וואָס האָט אַ נאָענטע שייכות צום האַנדל, און אַז גראָד אויף דער דאָזיקער מיטטיילונג איז אַמבעסטן אָנגעמאָסטן דער טערמין „שורה־גריס". נאָך אַ ראיה אויף דעם געפינען מיר אין די יידישע פריוואַט־בריוו [4]. דער מחבר ציטירט דאָ דעם זאַץ כמעט אות־באות די ווערטער פון אַריינפיר: „אין בריוו 39 און אין ייִנגלשן בריוו 4 גייט דער יידישער זיי־געזונט נאָך אַ העברעאישן אַריינפאָר; אין 4 [5] איז עס אפשר אַ ראיה, אַז ביים לערנען שרייבן האָט מען דעם ייִנגל אויסגעלערנט נישט נאָר די העברעאישע פאָרמולן, נאָר אויך די יידישע, וואָס דער שרייבער [6] פוצט זיך איצטער אויס מיט זיי".

דער בריוו גופא לייענט זיך אַזוי: [7]

ב"ה

אשר נפשי קשורה בנפשו נזר אלקי׳ על ראשו הוד והדור לבושו לעולם לא יכבה אשו ולא יבא שמשן

1 דאָרט ז׳ XXIII.

2 תהלים קכב, ז — דאָרט.

3 דאָס איז אַ שאַבלאָן, וואָס באַגעגנט זיך אויך אין די דייטשע פריוואַטע בריוו פון יענער צייט. זע דאָס ציטירטע ווערק, ז׳ XXXIII, וואו ס׳ווערן געגעבן דייטשע מוסטערן.

4 ז׳ XXII.

5 ד"ה ביים ייִנגלשן בריוו.

6 ד"ה דאָס ייִנגל.

7 בריוו 4.

הלא הוא אהו׳ אחי ידידי חביבי עטרת ראשי היקר והמפואר בכל מיני פאר ותואר איש ירא אלקים וחכם ונבון כהר"ר אהרן יצו ולאשתך הצנועה והיקרה כאימנו שרה אשת חיל כאכתר וכאביגיל מרת פרומט שתי׳ ר"ד בריאותי תהא לכם בל יהא מניע ומחוסר אב אהו׳ אחי [דאָ גייט דער מחבר אַריבער צו יידיש] זאל איך ענק שרייבן פון מיין גיזאנט דעשגלייכן זאל איך הערן פון ענק [8] צו אלר צייט און שדונט [9] שוב ליבר ברודר זאל איך ענק פיל חדושים שרייבן איך וויס אויף דער צייט נישט צו שרייבן ווייטר ליבר ברודר זאל איך דיר שרייבן כל דבר. דער טעט [10] האט דיר עש געשריבן ווייטר ליבר ברודר זייא ווישן דז מיר האבן דיין בריב מקבל גיוועזן און׳ האבן זיך משמח גיוועזן דז עטך [11] אל גיזאנט זייט. [דערנאָך איבעראַנייס העברעאיש] ובזה תקבל ברכה ושלום מאדון העולם ממני אחיך הקטון [!] ישעי׳ בן חנוך שליט המר שלג [און ווייטער יידיש] דיא באב [12] הענדיל לאשט דיך גרישן.

אַז צום סוף פון אַ יידישן בריוו טאָר נישט פעלן אין גרוס דאָס וואָרט „גריסן", באַווייזט אַזאַ לעמבערגער גראַם, וועלכער מעג אָבער גיכער אָנגערופן ווערן אַ קללה איידער אַ גרוס:

לאָז אים גריסן: זאָל עס אים אַרויסשיסן. [13]

אָט זענען מיר טאַקע די גרוס־פאָרמול צום סוף און נישט אין אָנהייב בריוו. דער אָנהייב דריקט אויס אַ וואונטש, אַ מיטטיילונג. אָט דאָס איז דער שורה־גריס אָדער דאָס שורה־גריזל. אונטער דער השפעה פון גרוס איז ג—ריז געוואָרן לשון־זכר. אַ שיינע באַשטעטיקונג פון פראַנצויזישן ווערטל Les extrêmes se touchent.

סעפטעמבער 29, 1926.

## [נאָכשריפט פון מ. וויינרייך]

ווי אַזוי מען זאָל זיך ניט באַציען צו ד"ר ווילערס געדראַנג וועגן „שורה־גרוס" אָדער „שורה־גריס" איז אָבער קלאָר, אַז ס׳איז וויכטיק אויפצוקלייבן וואָס מער פאַקטן וועגן דער פאַרשפרייטונג און דעם באַטייט פון דעם מערקווערדיקן וואָרט, וואָס איז מיטאַמאָל, אַזוי צו זאָגן, אַרויסגעשוואומען פון דעם ליטעראַרישן אונטערבאַוואוסטזיין. וואָס מער פאַקטישער מאַטעריאַל, צאָלך מער שאַנסן צו דערגרונטעווען זיך צום אָפשטאַם פון וואָרט; איינמאָל אויסגעפונען די עטימאָלאָגיע, וועט מען שוין קענען פסקענען, צי האַלטן אויס די פייער־פרווו ד"ר ווילערס אַרגומענטן קעגן האַרקאַווי־צענטנערשווער־רובשטיינס „סלאַווישער טעאָריע".

8 דואַל־פאָרם: ענק, גאַט׳ igquis = אייך.

9 = שטונד.

10 טעט = טאַט(ע); פגל׳ גאָטיש דימינוטיוו tôtila (פגל׳ attila), דער איינספּאַרלעצטער קיניג פון די אָסטגאָטן, געשטאָרבן 552.

11 פגל׳ בייעריש ös, דואַל פון דער צווייטער פערזאָן; = „איר".

12 = באָבע.

13 ער זאָל קריגן שלשול.

אין גיב דאָ אַ ריי פֿאַקטן, ניט צו מאַכן דערווײַלע כּון זיי קיין שום אויספֿיר. על רגל אחת וויל איך נאָר זאָגן, אַז די פֿאָרס „גרייזל“ (grejzl), וואָס איך ברענג אונטער 2, ווייזט אויס צו ליגן אויף דער ליניע פֿון ד״ר ווילערס באַווײַזן.

1. אין „אונזער וואָרט“, בוקאַרעשט, פֿון 8 פֿעברואַר 1926, איז געדרוקט מעשה־קאַטאָוועס אַזאַ מין זאַץ: „אַן אָפֿן שורה־גרוסל צו ראָמולוס וואָינעסקו—... חשובער קאָלעג [!] נעמט ניט אָן מײַן יידיש שורה־גרוסל פֿאַר אומגוס“...

דאָ איז אַלזאָ שורה־גרוסל = בריוול, אומאָפּהענגיק פֿון דעם, ווער עס איז דער אַדרעסאַט מיט דעם שטאָלצן רוימישן נאָמען. לײַדער ווייסן מיר ניט (און דאָס אינטערעסירט אונז מער), ווער עס איז דער מחבר פֿון אָט דעם בריוול. אפשר וועט ער זיך אָפּרופֿן און דערציילן, פֿון וואַנען ער האָט דאָס וואָרט?

וועגן דעם פשט „בריוול“ זע אויך a2.

2. ה. פֿירער פֿון טראָכנבראָד (trochmbrod, דער פּוילישער נאָמען איז Sofijówka) לעבן לויצק אין וואָלין, אַ תּלמיד פֿון ווילנער יידישן לערערסעמינאַר, רעדט אַרויס דאָס וואָרט grejzl; נאָר ער גיט צו, אַז „אַ סך פֿון יענעם געגנט“ רעדן אַרויס grîzl. די באַשרײַבונג זײַנע איז אַזאַ:

a. שורה־גרייזל. בשעת דאָס קינד האָט שוין געקאָנט שרײַבן דעם אלף־בית, פֿלעגט דער רבי אָנשרײַבן אַ זאַץ אויף דער ערשטער שורה פֿון אַ זײַטל; דאָס קינד פֿלעגט איבערשרײַבן דעם זעלבן זאַץ אויף די ווײַטערדיקע שורות פֿון דעם זײַטל. די רביים פֿלעגן געבן אַזאַ זאַץ: „צו מײַן ליבן פֿאָטער זאָל לעבן און געזונט זײַן“. די „שרײַבער“ האָבן שוין געהאַט אַן אַנדער זאַץ: „איך בין געפֿאָרן קיין לויצק קויפֿן סחורה“.

b. אַחוץ שורה־גרייזל איז געווען נאָך גרייזל סתם. דאָס איז געווען אַ העכערע מדרגה. ווען דאָס קינד האָט זיך גוט געהאַט אײַנגעאיבט מיטן שורה־גרייזל, פֿלעגט אים דער רבי אָדער דער שרײַבער אָנשרײַבן אַ טעקסט אויף אַ גאַנצן זײַטל, און דאָס קינד פֿלעגט שוין נאָכשרײַבן זײַטנווײַז. בײַ די רביים פֿלעגט דאָס זײַן אַ טעקסט פֿון אַ פֿאַמיליע־בריוו, וואָס פֿלעגט זיך אָנהייבן אַשטײגער אַזוי: בעזרת השם יום ג׳ פרשה שמיני שנת תרע״ג לפ״ק פה לאָזישט“. די שרײַבער פֿלעגן שוין געבן אַ סוחרישן טעקסט, אָן „בעזרת השם“ און אָן אַ דאַטע.

3. ב. ווײַנריב פֿון לודמיר, וואָלין (איצט אין בּרעסלע) שרײַבט צום ייוו״א:

„דער אַרטיקל פֿון ד״ר שאַרגאָראָדסקאַ וועגן שורה־גרוס האָט מיך דערמאָנט אינם גאַנצן ענין פֿון לערנען יידיש. אַזוי פֿלעגט מען בײַ אונז אַ שטײגער לערנען אויסלייגן אײנצלנע ווערטער, אויפֿגעשריבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר: צוערשט ווערטער מיט איין טראַף, דערנאָך מיט אַ ה אינמיטן („געהט“), ווײַטער מיט צוויי טראַפֿן אאַז״וו. דאָס פֿלעגט מען זיך אויסלערנען אין דער היים און דעם לע־

רער זאָגן כּסדר פֿון אויסווייניק ווי אַזוי יעדעס וואָרט לייגט זיך אויס.

גריזלעך (grîzlech) זײַנען געווען צווייערליי: a. ביים שרײַבער (אָדער לערער) בכדי זיך אויסצולערנען שרײַבן, און b. פּורים־גריזלעך. דער פשט פֿון „גריזל“ איז דאָ: בריוו, ווענדונג בכלל [1].

a. דאָס גריזל האָט אַנטהאַלטן אַ בריוו אויפֿגעשריבן אויף אַ בלעטל פּאַפּיר, און די תּלמידים פֿלעגן עס איבערשרײַבן אַ פּאָר מאָל און אַזוי אַרום זיך אויסלערנען שיין שרײַבן און צוזאַמענשטעלן אַ בריוו. גריזלעך זענען געווען קלענערע און גרעסערע. אָנגעהויבן האָט זיך עס מיטן קעפּל: „צו מײַן האָכגעשעצטן אָנקעל“, „צו מײַן טײַערע טאַנטע“ אָדער „צו מײַנע פֿילגעליבטע עלטערן“. צוערשט איז געקומען די הודעה „פֿון מײַן ליבן געזונט“ און „גיבע גאָט דאָס נעמלעכע פֿון אײַך צו הערן“, דערנאָך האָט מען דערציילט וועגן גאַנג פֿון די לימודים, בײַ גרעסערע גריזלעך אויך וועגן היימישע ענינים און צום סוף די ווענדונג „פֿון מיר אײַער פֿילגעליבטער“... אאַז״וו.

b. דער ענין פֿון פּורים־גריזלעך איז אַ גאַנץ פֿאַרצווייגטער.

דער רב, דיין, חזן, פֿאַרשיידענע חברות און חברה־לעך שיקן פּורים־גריזלעך צו די באַלעבאַטים, און יענע שיקן דערפֿאַר אָפּ אַ געוויסע סומע. (אויף טייל ערטער שיקט דער רב אָדער דיין נישט קיין פּורים־גריזלעך, נאָר משלוח־מנות — אַ קיכל, פּאָמעראַנץ אד״ג, אויף אַ טעלער איבערגעדעקט ווי דער שטייגער.) אַזאַ מין פּורים־גריזל באַשטייט פֿון אַ פּאָר שורות: אָפֿט אין העברעאיש (רבניש לשון־קודש), טייל מאָל אויך יידיש. אַמאָל זענען די שורות געגראַמטע, און אַנדערש מאָל שטעלן צוזאַמען די אותיות פֿון אָנהייב אָדער פֿון סוף די ווערטער: פּורים, מרדכי, אסתּר, דאָס יאָר, דעם נאָמען אָדער באַשעפּטיקונג פֿונם שיקער אאַז״וו; דאָס געווענדט זיך שוין אין דער געשיקטקייט און פֿעאיקייט פֿונעם צוזאַמענשטעלער.

אַן ענין פֿאַר זיך זענען די פּורים־גריזלעך פֿון די מלמדים און לערער. דאָ שרײַבן די תּלמידים אַליין די גריזלעך (פֿאַרשטייט זיך, נישט בײַ די דרדקי־מלמדים).

אַ חודש אָדער נאָך מער פֿאַר פּורים איז מען שוין באַשעפֿטיקט מיט די גריזלעך; אַלע לימודים ווערן דעמאָלט אַוועקגעשטעלט אין אַ זײַט. יעדער זאַץ ווערט צענדליקער מאָל איבערגעשריבן, ביז מ׳באַקומט דאָס בייגעלע פּאַפּיר מיט די „וואַסער־ווירעס“, וואו מ׳דאַרף שוין אָנשרײַבן אויף

1 פֿאַרגלײַך:

Heyne, Deutsches Wörterbuch, Leipzig 1890, I 1269.

Weigand, Dentsches Wörterbuch[5], Giessen 1909, 777.

ריין. און נישט אין איין מאָל און אין איין טאָג חערט עס אָנגעשריבן. יעדן טאָג איין אָדער צוויי שורות. מ׳מוז זיין שטאַרק זהור נישט צו מאַכן קיין פלעק אָדער טעות. יעדעס וואָרט ווערט געשריבן אונטערן אויפזיכט פונעם לערער אָדער געהילף, וואָס שטייט און קוקט צו ווי יעדער שרייבט אָן די פּאָר ווערטער. דערנאָך ווערט עס צוריקגעגעבן דעם לערער צו באַהאַלטן ביזן צווייטן טאָג, ווען מ׳וועט ווי־טער אָנשרייבן אַ פּאָר ווערטער.

אין חדר האָט מען געשריבן יידיש אָדער רבניש לשון־קודש (ביי גרעסערע גמרא־מלמדים). צוערשט אַ גע־צאַצקעט קעפּל מיט אַ לפ״ק מיט געקינצלט געדרייטע אותיות. דערנאָך גייט אַ „לכבוד" אויך מיט געצאַצקעטע אותיות.

דאָס גריזל אַליין: צוערשט אַן אַנטשולדיקונג, וואָס מען באַאומרואיקט די עלטערן, און אַדאַנק פאַר זייער גוטס־קייט; דערנאָך פלעכט מען עפּעס אַריין אַ פּשטל, וואָס האָט אַ שייכות צו פּורים, און צום סוף ווערט דערמאָנט וועגן חוב אום פּורים מקיים צו זיין די מצווה פון „משלוח מנות" און „מתנות לאביונים".

ביים לערער איז דאָס פּורים־גריזל יידיש (מ׳האָט באַזונדער אויך געשריבן רוסישע אָדער פּוילישע גריזלען). דער איבערשריפט, שוין אָן אַ לפ״ק, אויך מיט געצאַצקעטע אותיות. דער אינהאַלט פון אַזאַ גריזל: אויף אַ נאַאיוו קינ־דערשן אופן דערציילט מען וועגן נס פון פּורים, וועגן דער גרויסקייט פונם יו״ט, און מ׳פאַרגעסט אויך נישט צו דער־מאָנען וועגן דעם ענין פון „משלוח מנות", ווי אויך וועגן דערפאָלג אין די לימודים.

מיט אַ האַרצקלאַפּן פלעגט מען וואַרטן פּורים בייטאָג אויף דעם, אַז מ׳זאָל שוין ברענגען די גריזלעך פון רבין און לערער. מ׳האָט זיך געוואָלט באַווייזן פאַר די עלטערן מיט דעם וואָס מ׳קען. און ווי גליקלעך איז מען געווען, אַז די עלטערן האָבן געלויבט דאָס כתב, די ריינקייט אאַז״וו.

דעם רבין אָדער לערער האָט מען דערפאַר אָפּגע־שיקט אַ פּאָר גילדן, און יענע האָבן פון דעם „משלוח מנות" געהאַט אויף פּסח (אַזוי איז געווען די רעכענונג).

4. יחיאל שטערן פון טישעוויץ, לובלינער געגנט, תּלמיד פון ווילנער לערערסעמינאַר, קען ביידע אויסדריקן: „שורה־גריזל" און „גריזל" מיט דער זעלבער טייטש, ווי ח. פּירער (זע 2) — מיט דעם אונטערשייד, וואָס ביי אים אין שטעטל ווערט דאָס וואָרט אַרויסגערעדט דווקא מיט אַ לאַנגער i (גרִזל). פאַר דעם שורה־גריזל געדענקט ח׳ שטערן צוויי זאַצן: א) „האָב ליב דעם חבר ווי דיך אַליין"; ב) „דער טאַטע איז געפאָרן קיין וואַרשע קויפן סחורה".

אויך דער ענין און נאָמען פּורים־גריזל איז באַקענט אין טישעוויץ (דאָס שטעטל געפינט זיך אַ פיר־פינף מייל פון לודמיר). ה׳ שטערן האָט איבערגעגעבן אין אַרכיוו פון ייוו״א עטלעכע מוסטערן פון גריזלעך, צווישן זיי איינס אַ פּורים־גריזל. דאָס איז אַ בלאַט שרייבפּאַפּיר בערך 34×21 צ״מ, אויסגעווירעט מיט אַ בלייער; די איי־בערשטע 10×21 צ״מ זיינען פאַרנומען מיט אַ צייכענונג אין רויט און פיאָלעט (צוויי פאָן אַ בלישקע, פייגל, געשלענגלטע ליניעס אאַז״וו), דערנאָך גייט „עת הקץ בא" און „ליהודים היתה אורה ושמחה", און ענדלעך הייבט זיך אָן דאָס גריזל גופא:

„ב״ה[1] יום ג׳ פרשת צו י״ד לחודש אדר שנת תרס״ח טישיוויץ.

פיהל פרייד אונד [פ]אלקאממען גיזונדהייט צו מיינע טרייע אונד גישעטצטי עלטערין. אזוי וויא עס איז אייך בעוויסט האב איך מיר אנטשלאססען אייך משמח צי זיין מיט איין שלח מנות וועליכס זיא וועלין אנהאכסטען צי פרידן זיין; אזוי וויא מיר פאלק ישראל זענין פערבאטין אין דער הייליגער תורה אז עס איז אינז ניט ערלויבט זיך צו נייגען אונד ביקען צו דער עבודה זרה: הָמָן הָרָשע וועלכער ער איז ארויס גיקימען פין אינזער גרעסטען שונא עָמלק פערבאטין אז יעדער מענש זאל זיך צי איהם נייגען אונד ביקען; האט זיך דאָן [!] גיפינגען צי ווישען יודען איין גאטס־פארכטיגער מענש מיט זיין נאמען מָרדכי, האט ער זיך ניט גיוואלט ביקען צי דעם המן הרשע, בעווייל ער האט אויף זיך איין צֶלם גיטראגין; פין דעם האט זיך גימאכט דיא שנאה אין דער המן הרשע האט זיך גיוואלט רעכענען אין אהן [!] טרינקען מיט יודיש בלוט; המן הרשע דער מיניסטער פון דעם קעניג אַחשורוש האט זעהר פיהל שלעכטעס גערייד פיר דעם קעניג אויף יודען; האָט ער מיט דעם נארישין קייזר איין גזֵרה ארויס געגעבען אויף אללע יודען וועליכע פינדען זיך אין אללע 127 מדינות וואס אחשורות [!] שיטצט איבער זייא[2] זאל מען צים טויט שלאגען: נאר דארך דיא תעניתים פין די יודען, אין דארך די תפילות פין דיא צדיקים מרדכי ואֶסתר האט הש״ית פערקערט דאס שלעכטץ אויף אינזערע שונאים: המן הרשע מיט זיינע 10 זאהן האט מען אויף איין האלץ פין 50 איילען דיא הויך [!] אויפגעהאנגען, אין המן׳ס עשירות האט דער קייזר גישענקט צי מרדכי הצדיק, איבער דעם גרויסען נס וואס הש״ית האט דיא יודען בעוויזען האבען דאן אללע יודען פערבאטין אויף אייביגע צייטען אז אללע יודען זאלין איין אנדענק מאכען אין דעם זעלבין טאָג 14 טאג אין

1 דער ב״ה שטאַרק פאַרצוקט, קוים צו דערקענען.

2 די אין פלוג מאָדנע קאָנסטרוקציע „שיצן איבער..." איז ניט קיין פאַראיינצלטע. מיר האָבן זי אויך אין גלית־שפּיל, למשל פריי־לוצקיס זאַמלביכער I 114 און אין עטלעכע וואַריאַנטן אין ייוו״א: „איך בין דער קיניג שאול, איך שיץ איבער דער וועלט". אין דוו״ב IX 2128 איז אַזאַ באַנוץ ניט פאַרצייכנט; נאָר ער ווערט אפשר פאַרשטענד־לעכער דורך דער חקירה דח״ב I 1599, 4 וועגן beschütten, וואָס האָט אויך דעם פּשט פון באַשירעמען. גרים פרעגט דאָ:

„Wie hat man sich aber dies „beschütten", dies Decken sinnlich zu denken? als ein Halten des Schwertes über einem?"

חודש אָדר זאל מען פייער-סאגין אין זיך פרייען, איינער צו דעם צווייטען שלח מָנות שיקען, בפרט יעדען קינד צי דיא עלטערין איז געוויס דאס שאלריגקייט דיזען גיבאז צי ערפיללען; אַז איהר וועט מיר איין שיינעם פרעזענט שטעלען: דאַן וועל איך וויסען מיין שלח מנות איז אייך גיפעלען: אייער ווילען: זאָל גאָטט ערפיללען: אין דיא נייע דירות: זאָלט איהר האָבען געזינד אין עשירות: מיינע ווינשען אויף טינט: זאָלען ניט פאלען צים גרינד: איהר זאָלט נחת ערלעבען פין דעם עלטסטען ביז דעם יונגסטען קינד. פון מיר אייער טרייער טאָכטער פעשי צווייג Отъ меня вашей дочери “Песи Цвайгъ

5. און 6. פון ראָוונע (מיטגעט׳ ש. לאַסטיק) און מילניצע, מזרח-גאַליציע, באָרשטשאָווער קרייז (מיטגעט׳ פ. ווייטמאַן), געדענקען די דערציילער, אַז מיט אַ יאָר 15 צוריק איז דער אויסדריק „שירע-גריזל״ געווען דאָרט אין אומגאַנג. קיין מוסטערזאַצן געדענקען זיי ניט.

7. פ. סעגאַל פון אַזדוטיטש, וואָלין, תּלמידה פון וויל. נער לערער-סעמינאַר, קען בלויז דעם אויסדרוק „שורה-גריסל״, דווקא מיט אַ s און מיט אַ קורצער i. זי האָט אָנגעפרעגט אינדערהיים ביי איר עלטערן ברודער און באַקומען אַ קאַטעגאָרישע תּשובה, אַז וועגן „גריזל״ (מיט z) איז ניטאָ קיין רייד. דערזעלבער עלטערער ברודער, וואָס האָט זיך געלערנט שרייבן ביי אַ לערער מיט אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק צוריק, דערציילט: דער לערער האָט מיר פאָרגעשריבן אַ צוויי-דריי שורות, מיט גרויסע אותיות, בערך אַזעלכע ווערטער: „פיל געליבטע עלטערן איך קען אייך בענאַכריכטען אַז איך פינדע זיך גאָט צו דאַנקען געזונד״. דער לערער פלעגט שוין דאָס שורה-גריסל געוויינטלעך ברענגען פאַרטיקערהייט, אָנגעשריבן אויפן אָנהייב פון אַ פערטל בויגן פאַפיר.ביים שילער פלעגט ער דאָס אָפרייסן אָדער אָפשניידן פון דעם איבערגעבליבענעם ווייסן פאַס פאַפיר און דאָס איבערגעבן דעם שילער צום נאָכשרייבן. לויט דעם דערציילערס פאַרשטאַנד קומט אויס, אַז דער נאָמען נעמט זיך פון דעם, וואָס אַזאַ שורה-גריסל האָט קיינמאָל ניט פאַרנומען מער שורות, איידער אַ גרוס (gris) אין אַ בריוו.

8. און 9. פון ראַדזין-פּאָדלאַסיע (מיטגעטיילט פ. ליכטענשטיין) און מאַלעריטע, בריסקער קרייז (מיטגעט׳ ח. קאָרנבוים) גיט מען איבער, אַז דאָרט איז גריזל אינגאַנצן אומבאַקענט, און אָנשטאָט שורה-גריזל זאָגט מען שירעלע. אין מאַלעריטע איז דער טעקסט: צו מיין ליבער מוטער זאָל לעבן און געזונד זיין״, אין ראַדזין: „איך בין געפאָרן קיין וואַרשע״.

10. פריינד משה לערער שרייבט: ביי אונז אין כעלעם ווערט שירעגריזל געניצט פונקט ווי אין פּיאָסק (לאַנדויבוך ז׳ 70 — 71). טעקסט: „איך בין [אָדער: מיין פאָטער איז] געפאָרן קיין וואַרשע און געקויפט סחורה״. אָפט האָט מען אויסגעפירט אַ גאַנצע קאַלקולאַציע: וואָסער סחורה וכד׳. אַ „גאַנץ בלעטל״ פלעגט מען שרייבן אויף פורים וועגן נס וכד׳; אַ מיטל צו נעמען שלח-מנות. אויך פלעגט מען שרייבן: איק בכר גלש דמת הנך וסס זען חפף טצץ.

שירעגרוס — פאַרגרעסער-פאָרם מיט אַ פאַראַכטונג-ניואַנס. אָפט — נישט עטלעכע שורות אויף איין זייט, נאָר איין זאַץ (=געדאַנק) אויף צוויי זייטן איינע נאָך דער צווייטער צו איין שורה.

געשריבן האָט מען (בגנבה פאַרן רבין, לערער) נישט האָריזאָנטאַל, נאָר ווערטיקאַל: יעדער וואָרט באַזונדער, אָפּגעשריבן מיט איין קנאַק ס׳ערשטע וואָרט ביז אַראָפּ, זיך גענומען צום צווייטן וכו׳. דאָס זאָל גיין גיכער, שאַרעמענט. ווען אַ גאַנץ בלעטל אָפּגעשריבן, האָט מען עס אויסגעריסן און געהאַלטן גאַנץ לאַנג פאַר אַ מוסטער, איבערצושרייבן עס.

ווי אַ רבניש קינד און שטיקל פּאַיקער, האָט מיך דער טאַטע געשיקט שטענדיק אין אַ חדר וואו ס׳לערנען עלטערע קינדער, כ׳זאָל האָבן „קנאה״. האָט מיין רבי, אַן אָפּגעדינטער סאָלדאַט, וואָס האָט קוים מיט שווייס זיך צוגעגרייט צו יעדער קומענדיקער סדרה, ער זאָל זי קאָנען לערנען מיט די קינדער, געפּרוּווט אַמאָל אַ „פּירואָגן״ (=דיקטאַט): נו, בָק שֵׁם, יום...״ וכו׳. איז דער מנהג געווען (און אַזוי עד-היום), אַז דער „ב״ה״ איז געווען אַ טראַדיציאָנעלער דריידל, צו ציקלען זיך, וואָס מער פאַרצוקט. דעם רבינס שנעל דיקטירן אַזעלכע ווערטער, ענינים אין מיין לעבן נישט געהערטע (6—7 יאָר געווען) האָט מיך צעמישט, כ׳האָב זיך בגנבה צוגערוקט צו אַ גרעסערן חבר און נאָכגעמאַכט יענעמס „קאַטשקעס״. דער רבי האָט עס באַמערקט, דערזען מיין לאַגע, מיך באַפרייט (געשלאָגן גראָד נישט; כ׳בין געווען אַ יחסן).

11. מיטטיילונג פון משה לערער: אַ וואַרשעווער יינגל זאָגט מיר, אַז אים האָט מען פאָרגעשריבן: „מיין אָנקל איז געפאָרן נאָך לאָדזש קויפן וואַרע״.

12. אין דער ביבליאָטעק פון ייוו״א געפינט זיך אַ „הגדה של פסח עם פירוש לקיטת יצחק״, געדרוקט אין וואַרשע ביי נתן בן צבי שריפטזעצערן 1848. דער מחבר איז געווען רב אין לובראַניעץ (לעבן וולאָצלאַוועק); דער צושיקער, שלמה מיכל ראַוויצקי, וואוינט אויך אין דעם זעלבן שטעטל; מעג מען הייסט עס משער זיין, אַז איידער דאָס ביכל איז געקומען קיין ווילנע האָט עס קיינמייל דעם גבול פון לובראַניעץ ניט פאַרלאָזן. אין דעם איינבונד פון דער הגדה איז פאַרנוצט ווי אַ פאָרזאַץ אַ פאַרשריבענער בויגן פאַפיר, וואָס האָט לכל-הדעות געדינט אַמאָל פאַר שרייב-געניטונגען. דער זאַץ וואָס חזרט זיך דאָ כסדר איבער לייענט זיך אַזוי:

„טהיירסטע עלטערען. צוואהר עס ווארע שאן לענגסט מיין שולדיגקייט גוועזען אן אייך בעסטע עלטערען מיין בפינדען צא מעלדען בלוס בעסטה

עלטערן לעבען דס סועה איך ניט פר פאעלקייט נאר וויל דיא צייטע ער לובט מיר עס ניט בוויל איך דיא שטונדען זעהר פלייסיג אפ ווערטע שרייבען צא לערנען איבריגסטען לעבען זיא וואהל פאן מיר איהר טרייער זאהן ישראל שטיינבאך".

דער שרייבער האָט געוויס געמיינט, אַז דאָס דייטש זײַן דעם זאַץ איז גאָר לעילא ולעילא.

•

די אַלע מיטטיילונגען באַשטעטיקן אויף יעדן פאַל דעם זאַץ, וואָס איך האָב אַרויסגעזאָגט אין לאַנדויבוך ז׳ 69, אַז אין דער ליטע איז דער אויסדרוק שורה-גרוס פרעמד. קיינער פון מײַנע צענדלינגער תּלמידים אין ווילנער סעמינאַר, וועלכע רעדן דאָס ליטווישע יידיש, האָט ניט געהערט פון אַזאַ וואָרט.

בײַ דער געלעגנהייט וויל איך נאָך צוגעבן, אַז לויט דער מיטטיילונג פון ב. לעווין זאָגט מען אין ביאַליסטאָק: „אַנטפאָר". מיר האָבן אַלזאָ פאַר דעם ליטוויש-יידישן שפּראַך-שטח גאַנצע 4 פאָרמען: א) אַפאָר (ווילנע); ב) אַפיר (מינסק); ג) אופיר (האָמלער קרייז), ד) אַנטפאָר (ביאַליסטאָק).

ליפשיץ פאַרצייכנט ניט „שורה-גריזל" און ניט „גריזל"; בײַ אים האָב איך בלויז געפונען (I 161, II 302):

„די פירשריפט (צום נאָכשרייבן) Ярописъ".

מיר פאַרמאָגן שוין היפּש מאַטעריאַל פאַר אַ וואָרטגעאָגראַפישער שטודיע, איצטער דאַרף מען זאַמלען נאָך מער ידיעות פון וואָס מער פונקטן. איבערהויפּט זײַנען וויכטיק די איבערגאַנגס-פּאַסן צווישן דעם ליטווישן יידיש און די אַנדערע טעריטאָריעס.

מיר זײַנען זיכער, אַז די מיטהעלפער פון ייוו״א וועלן אונז לאָזן וויסן אַלצדינג וואָס עס איז זיי באַוואוסט וועגן דער זאַך און וועגן דער באַצייכענונג.

---

# מיכאַעל אַדאַמס דריי יידישע ביכער

פון נ. שטיף (קיעוו)

ווען געוויסן ציריכער מיכאַעל אַדאַם איז באַקאַנט, אַז ער האָט איבערגעזעצט דעם „יוסיפון“, וואָס איז אַרויס צוערשט אין ציריך דאָס יאָר 1546. נישט אַזוי פּעסט האַלט דאָס מיט זיין שייכות צו דער איבערזעצונג אָדער צו דער רעדאַקציע פון אַ צווייטן בוך, פון דעם יידישן חומש (מיט הפטרות און מיט די 5 מגילות), וואָס איז אַרויס אין קאָנ־סטאַנץ דאָס יאָר 1544 אין דריק ביי פּוילוס פאַגיוס (פאַר־קירצט וועל איך ציטירן דעם חומש: C). ס'איז באַוואוסט, אַז אַדאַמס אַ בן־דור און לאַנדסמאַן, קאָנראַד געסנער, — דערמאָנט אַדאַמען פאַר דעם איבערזעצער פון C. אייניקע חכמי־ישראל האָבן ניט ווייניק פּלפּול אַוועקגעלייגט צו באַ־ווייזן, אַז דער איבערזעצער איז דער געוויסער העברעאי־שער גראַמאַטיקער אליהו הלוי (אליהו בחור). איך האָב שוין אין אַן אַנדער אָרט געוויזן, אַז אליהו הלוי קאָן דאָ בשום אופן ניט געמאָלט זיין. פאַרקערט — מיכאַעל אַדאַם איז דאָ מיגלעך [1]. אין דער איצטיקער אַרבעט וועל איך, אגב, פּרוּוון פאַרפעסטיקן דעם דאָזיקן טעזיס.

איך וויל נאָך אָבער געבן מיכאַעל אַדאַמען אַ „הוספה“ אויף זיינע ליטעראַרישע פאַרדינסטן (און דאָס איז דער וויכטיקסטער טייל פון מיין איצטיקער טעמע). איך מיין דאָ די יידישע איבערזעצונג פון דעם „ספר היראה“ (ציריך, 1546).

דער „ספר היראה“, אַ גוט־באַקאַנטער מוסר־ספר (גע־שריבן אין 13טן י"ה), איז אין דעם העברעאישן אָריגינאַל אַרויס צוערשט אין ווענעציע דאָס יאָר 1514 * און איז אַ סך מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן.

די יידישע איבערזעצונג, געדרוקט אין ציריך 1546, איז ביז דאָ ניט לאַנג געבליבן אומבאַקאַנט. פון אַלע מיר באַקאַנטע ביבליאָגראַפישע האַנטביכער און קאַטאַלאָגן פון די גרויסע אייראָפּעאישע ביבליאָטעקן איז די איבערזעצונג פאַרצייכנט (דאָס יאָר און דאָס דרוקאָרט) בלויז ביי באַר־טאָלאָטשין, וואָס מ'נוצט אים שוין איצט זעלטן [2]. פאַר דעם יידישן „ספר היראה“ איז באַקאַנט דער „ספר חיי עולם“ (די ערשטע אויסגאַבע: פרייבורג אין ברייסגוי, 1583), וואָס דאָס איז אייגנטלעך אַ באַאַרבעטונג אין גראַמען פון דעם „ס' היראה“, נישט קיין איבערזעצונג. דער ערשטער אין אונזער צייט האָט אַנטפּלעקט די ציריכער אויסגאַבע פון דעם יידישן „ספר היראה“ דער באַזעלער ראַבינער ד"ר א. קאָהן פון בוקסטאָרפס ירושה אין דער באַזעלער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק [3], און ווייל דאָס ווערק איז ביז דער לעצטער צייט געבליבן אומבאַקאַנט [4] — איז כדאַי זיך דערויף צו פאַרהאַלטן אַ ביסל ברייטער.

לאָמיך דאָ ברענגען קודם כל דעם טיטול פון דעם ווערק, ריכטיקער דאָס שער־בלאַט. דאָס איז אַזוי:

„ספר היראה שיסד החכם החסיד השלם רבי יונה גירונדי עליו השלום וכלל בו כל חיי אדם איך שיתנהג בכל מדותיו עד שיגיע לתכלית החסידות כדי שימצא חן בעיני אלהים ואדם וכדי שיזכה לחיי העולם הבא ולזה יזכני השם, אמן כן יהי רצון.

דיזס ספר הוט גימאַכט דער גאנץ ורום חסיד רבי יונה בון גירונדי עליו השלום אונ' ער האט עש גינענט ספר היראה דארום דאז ער דארינן ניכס אנדרש גישריבן הוט דען נויארט יראת שמים אונ' אין איינר קורצן מיינונג וויא זיך איין איטליכר מענש האלטן זול אין זיינם גאַנצן לעבן הן במילי דעלמא

1 זע מיין אַרבעט: „ווען־דען“ אין די „שריפטן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט“ ב' I (לאַנדויי־בוך), ווילנע 1926, ז' 122.

* לויט „יעווור' ענצ' VI, 386 איז „ספר היראה“ געדרוקט נאָך 1490 ווי אַ ביילאַגע צו יהושע בן יוספס „הליכות עולם“. — רעד'.

2 Julius Bartolocius, Bibliotheca Magna Rabbinica (קרית ספר) רוים, 1675—1693, ב' III, ז' 787.

3 זע: Rabb. Dr. A. Cohn. Über einige alte jüdisch-deutsche Drucke in der Baseler Universitätsbiblio-thek אין Festschrift z. 70 Geburtstage D. Hoffmanns, בערלין, 1914.

4 לויט מיין וויסן ווערט דאָס בוך דאָס ערשטע מאָל ציטירט (אָבער ניט באַשריבן) אין ד"ר מ. וויינרייכס לעקסיקאָלאָגישן עטיוד־„טרייבן“ אין „צייטשריפט“, מינסק, 1926, ז' 219—222, און ביי מיר אין „צייטשריפט“ ז' 174 און אין „לאַנדויי־בוך“ ווילנע, 1926, ז' 104,

הן במילי דשמיא דאמיט דאז ער אין דיום עולם וואל גיבאלן ווירט אין דען אויגן גוֹטש אוני׳ אין דען אויגן דער מענשן. אוני׳ צו ליטשט דאז ער ווירט זוכה זיין לחיי העולם הבא. דש ורלייה אונש גוט ית׳ אלען מיט אינגדר. אמן וכן יהי רצון".

צום סוף ביכל שטייט:

„הועתק מלשון העברי ללשון אשכנזי ונדפס פה צוריך הבירה שנת ש"ו [1546] ליצירה".

דאָס ביכל האָט 27 בלעטער, 40 (קליינער קוואַרט).

איך וועל נאָך שפּעטער ברענגען טעקסט-מוסטערן פון דעם ביכל, וועט דער אינהאַלט ממילא קלאָרער ווערן, דערווייל איז מיר גענוג צו דערמאָנען, ווי ס'איז צו זען פון דעם טיטול, אַז דאָס איז איינער פון די עלטסטע מוסר-ספרים, פון דעם טיפּ „ספר הסידים", „ספר מידות", — דאָס איז די לערע פון פרומקייט און מענטשלעכע מידות[1].

איך וועל פּרוּוון באַווייזן, אַז די יידישע איבערזעצונג פון „ספר היראה" געהער אויך צו מיכאַעל אַדאַמען.

ווי געזאָגט זיינען ביידע ספרים, — דער „יוסיפון" (פאַרקירצט: „J") און דער „ספר היראה" (פאַרקירצט: „SJ"), — געדרוקט אין איין אָרט, אין איין יאָר, איך וויל נאָך דאָ צוגעבן: מסתמא אין איין דרוק אויך, ווייל יעדנפאַל, — זיכער מיט דעמזעלבן שריפט. לאָמיר דאָס אין זינען האָבן.

כדי צו באַווייזן מיין הויפּט-טעזיס (מיכאַעל אַדאַם איז דער איבערזעצער פון SJ) און דעם צווייטן טעזיס (מ. אַ. איז אויך דער איבערזעצער, — ריכטיקער, — דער רעדאַקטאָר פון C), וואָלט דאָס נאַטירלעכסטע געווען אַנאַליזירן און פאַרגלייכן די שפּראַך אין אַלע דריי ספרים (וואָרט-אוצר, וואָרט-בילדונג, זאַצבוי וכדומה). דאָס לאָזט זיך אָבער ליידער נישט טון. מ'דאַרף געדענקען, אַז 1) דער וואָרט-אוצר איז אין די יידישע שריפטן די ערשטע העלפט פון XVI יאָרהונדערט, אינגאַנצן און אין גרויסן גענומען, איינער און דערזעלבער (אין זיינע דייטשישע עלעמענטן), 2) די דריי ספרים זענען איבערגעזעצט לויט גרונט-פאַרשיידענע מעטאָדעס: C איז, ווי אַלע יידישע חומש-איבערזעצונגען אין XVI יאָרהונדערט, אַן איבערזאָגן דעם העבּרעאישן טעקסט מיט יידישע ווערטער: דאָ איז דער טעקסט איבערגעגעבן וואָרט ביי וואָרט, מיט דעם העבּרעאישן זאַצבוי, דורכאויס „פאַרטייטשט", ד"ה אָן די העבּרעאישע ווערטער, וואָס זענען שוין דעמאָלסט זיכער געווען אין דער יידישער פאָלקס-שפּראַך[2], בפרט אין דער ליטעראַטור-שפּראַך.[3]

1 יונה גירונדי שטאַמט פון געראָנאַ אין קאַטאַלאָניע, ער האָט געלערנט אין מאָנפּעליע, איז געשטאָרבן דאָס יאָר 1263 אין טאָלעדאָ.

2 גענויער וועגן דער מעטאָדע פון די ערשטע ביבל-איבערזעצונגען זע מיין אַרטיקל: „דער טייטש-חומש" אין „צוקונפט", ניו-יאָרק, סעפּטעמבער, 1924.

3 אַז מיר האָבן שוין דעמאָלט געהאַט אַ ליטעראַטור-שפּראַך,



J איז שוין איבערגעזעצט אַ ביסל פרייער, שוין פּער געהיס דער יידישער זאַצבוי איידער אין C, מיט אַ קליין ביסל העבּרעאישע ווערטער, אַקעגן איז דער SJ אַ ל י ט ע-ר אַ ר י ש ע איבערזעצונג, דורכגעפלאָכטן מיט אַ מענגע העבּרעאישע ווערטער און אויסדרוקן נאָך מער ווי דער „ספר מידות".

ווי ווייט דער פאַרגלייך איז דאָ שווער, — דאָס קאָן מען אַרויסזען פון די זעלבע פּסוקים, וואָס טרעפן זיך אין C און אין J (תק"א a) אַ שטייגער:

C „אונ ער ווירט זיין — טאג איינר ער[4] ווירט
J אונ עש ווירט זיין איין טאג — ער —

C — — — — — ביקאנט ווערדן צו גוֹט
J איז דער טאג דער דא ביקאנט איז צו גוט

C ניט עז ווירט זיין טאג אוני׳ — — ניט נאכט
J ער איז ניט — טאג אוני׳ ער איז ניט נאכט

C אוני׳ עש ווירט זיין צו דער צייט דוש
J אוני׳ עש ווירט זיין צו דער צייט דוש

C אבנט — ווירט עז זיין — ליכט
J אבנטש זא ווירט — ווערדן איין ליכט[5]

(זכריה י"ד, 7, הפטורה צום ערשטן טאָג סוכות: „והיה יום אחד הוא ידוע לה׳ לא יום ולא לילה והיה לעת ערב יהיה אור").

אָבער פון דעם דאָזיקן פאַרגלייך לאָזט זיך ניט דרינגען, אַז C און J שטאַמען פון פאַרשיידענע הענט, פונקט ווי פאַרקערט אויך דאָס אייגענע: פון די פּאָר פּסוקים, וואָס זיינען אידענטיש דאָ און דאָרטן, לאָזט זיך ניט זאָגן, אַז — פון איין האַנט (אַ שטייגער: בראשית י"א 1, 2, 4, 5, 6, 7, 8, 9, — אין J בל׳ a1 זענען דאָ די פּסוקים איבערגעזעצט בלויז טיילווייז).

בכן קאָן מען דאָ נישט גיין אויפן ברייטן שפּראַכן-וועג און מ'מוז אָנקומען צו קלענערע, פיינערע סימנים, וואָס וואַרפן זיך ניט אין אויג פונעם ערשטן קוק.

איך מוז דערביי זאָגן וועגן דעם מאַטעריאַל וואָס איך נוץ: J האָב איך אינגאַנצן. פון C האָב איך עטלעכע פאָטאָגראַפישע קאָפּיעס און פאַרשריבן אין העפטן פּסוקים, אויסדרוקן און איינצלנע ווערטער פון פאַרשיידענע שטעלן. בשעתו האָב איך אָבער אין זיי ניט געזוכט און ניט גרופירט דאָס, וואָס איך דאַרף איצט האָבן (זע ווייטער), אַזוי אַז מאַטעריאַל פאַר די פאַרגלייכן, וואָס איך ברענג ווייטער,

דאָס איז פאַר מיר קלאָר. די באַווייזן מוז איך אָפּלייגן אויף אַן אַנדערשמאָל. דערווייל וויל איך דאָ פּשוט דערמאָנען דעם „ספר מידות", (איסני 1542) און דעם „ספר היראה", וואָס איך ציטיר סוף אַרטיקל.

4 אין C בטעות צוויי מאָל: „ער".

5 דער צייכן „—" הייסט, אַז דאָס זעלבע וואָרט איז אין צווייטן אָדער ערשטן טעקסט נישט פאַראַן.

האָב איך נישט גאָר גענוג. פון SJ האָב איך 2 זייטן פאָטאָגראַפישע קאָפּיעס און פאַרשריבן איינצלנע שטעלן, פּסוקים אאַז"וו. דער עיקר אָבער: דאָ איז ביי מיר גראָד גרופּירט דער מאַטעריאַל וואָס איך דאַרף אים איצט האָבן: בשעת איך האָב געשטודירט SJ (1924), האָבן זיך מיר שוין געוואָרפן אין אויג די אייגנטימלעכקייטן אין אויסלייג, פאָרמען אאַז"וו, וואָס איך ברענג דאָ ווייטער, זייער פּאַראַלעליזם מיט J, און איך האָב דאָס שוין געזוכט און נאָטירט, אַזוי אַז דעם מאַטעריאַל פון SJ האַלט איך פאַר גענוג.

ליידער האָב איך דערנאָך ניט באַוויזן ממלא צו זיין פון C דאָס, וואָס איך האָב באַדאַרפט.

איך האָב אָבער אין J אויך נישט געציילט, אַפילו ניט יענע אייגנטימלעכקייטן, וואָס קומען קלאָר פאָר אין פּאַראַלעלע געשטאַלטן, כּדי פעסטצושטעלן. וואָסער געשטאַלט טרעפט זיך דאָ אָפטער (אַ שטייגער דער אויסלייג פון איניקע ווערטער אַמאָל מיט „ש" פאַר דעם האַרטן „s"-קלאַנג, אַמאָל מיטן „ס" אדג"ל): איך האָב געהאַלטן, אַז פאַר מיין איצטיקן צוועק וואָלט דאָס געווען צופיל לוקסוס.

מיט דער דאָזיקער התנצלות בלייב איך דאָך פעסט וועגן די פאַרגלייכן און נאָך מער וועגן די אויספירן, וואָס איך מאַך דאָ, און איך בין זיכער, אַז מיט C אין די הענט וואָלט מען מיינע טעזיסן נאָך מער באַשטעטיקט.

איך טייל איין די אייגנטימלעכקייטן אין עטלעכע גרופּעס: א. אויסלייג. ב. אויסלייג אָדער פאָנעטיק? ג. וואָרטפאָרמען. ד. ווערטער און אויסדריקן.

## א. אויסלייג:

I קודם-כּל: ווי אַזוי ווערן דאָ איבערגעגעבן דער sch-קלאַנג, דער האַרטער s (ss), דער לינדער s.

A) אין J:

1) דער sch — דורך ש:

שטארק, שטערן, שטרייטן, שטיין, שטערבן, שטאט, שטין [=שטיין], שטול.

שפרעכן, שפיס, אויש שפעהן.

שענקונג, שעכטן, שוואכר, שווארץ, שלאנג.

בינשן [=בענטשן], דר בּורשן, הירשארן [צבאות], בישיירונג, בישירמן, אבשערן, גישעהן, פאלשקייט, גישטאלט.

מענש, ולייש אאַז"וו.

2) דער לינדער s — דורך ז:

אלזוי, זון [בן], ביזעהן, צוזאמן, ביז, אז, ור זוכן, ור זמלט, זיידן, זאגן, זיינן, איז, אב זוינדרן, זיטן, האלזן [חבק], בוזם [=Busen], שפייז, דער גרייז [זקן], הויז, אן גזיכט [פּנים], דיא זך [אָדער: זאך], בויז [=böse]. אאַז"וו.

3) דער האַרטער s —

a) דורך ס:

בּויר באס, בעסער; בייסן; בוסקייט; גאסן [חוצות]; ורגיסן, ור גוסן; ור הייסן, ור היס, הייסט, גיהייס; האסט [פון hassen], גיהסט; וואסר; וואוסן [Infin.: wissen], ווייס, וואוסיגליך, וואוסנהייט; ווייס זאגן, ווייס ואגר; שוועסטר; עטווס; זויס, זויסיקייט, זויסר; זאס, גיזעסן; שטוסן, ור שׂטוסונג, צר שטוסן; לאסן, ליס, לאס [.Imperf, זייער זעלטן: „לאש"]; זיא אנטפלויסט, בלוס; ולייס, ולייסן; בישלויסן, בישלוסן, ור שלוסן, שלוס; ולוס [=Fluss], גיפלוסן, עש ולוס [.Imperf], אויבר ולויסיגין; דיא אומייסן [פון Ameise]; מעסר, שעכטמעסר; מיטל מעסיג, מעסליין, אב מעסן, מיסיטאט, מיסגרייפונג; אינסול [=Insel], עיסן [=essen], עסן, דו איסשט, זיא אזן, גיגעסן; בוס [Fuss], בויס, [מערצאָל]; פעסיל [=קייטן], גיבּעס [=געפּעס]; שפיס; פאס [=Fass]; קויסן, ער קויסט [זייער זעלטן: ער „קוישט"], געקויסט; צו ריסן, איך רייס, ריסן אב; ורעסן, גיפרעסן; שטראסן [אדער: „שטרוסן"]; דרייסיג; שויסן, זיא שוסן, איין שויסר; שוס [=שויס].

נאָך ch (ks=chs):

אכסיל, אוכסן, בוכס בוימן, ור וועכסלן, וואכס, זעכס, ניכס, פוכס, פיכס [מערצאָל].

די ענדונג „נוס" (נה"ד: nis; מה"ד: nusse, nisse):

בּון וירנוס [מרחוק], גיצויגנוס, גידעכטנוס, [איין מאָל באַמערקט: „גידעכטנוש"], ביקאנטנוס, ביהילטנוס, ביגריבטנוס, בילטנוס, גלויבטנוס, גיברעכנוס, גלייכנוס, גיהיימנוס, שריקנוס, דר שריקנוס, ור בירקנוס, גיבּענקנוס, וינשטרנוס, ציטרנוס.

אָפטמאָל דער „s-", פאַר נייטראַל געשלעכט:

איין היר איין גרוס [אבער דא דערביי: (ז' שי"ש bs) היר איין גרוסן], איין בּולקליין איין קליינס אוני איין צאלהאפטיגס, איין בּולק איין שטארקס.

דער s פון דעם צונויפגעצויגענעם es:

זי האבנס אנפאנגן; אויעוור הערק דש ווילס ניט גלויבן; האב איכס גיטון אאַז"וו.

נעמען:

סטרבון, סילוקייא, סוסיפטר, סראפיש, סיקרנוס, אגוסטוס, מניליאוס, הורקנוס, אלכסנדרוס, פיליפוס, פומפיאוס, אנטיוכוס, קונציאוס, מימיאוס, שיפיאוס אאַז"וו. [זעלטן: „ניקולאוש"].

b) וואַקלונגען צווישן „ש" און „ס".

גרוש, גרוס; וואש, ווש [צומייסטנס], וואס; עש, עס [es]; אונש, אונס.

אויס:

אויסגישטוכן, אויס שפרייטט, אויס גין, אויס ווינדיג, אויבר אויס.

אויש:

אויש, אויש גיצוגן, אויש ציהר; אויש גיזאגט, אויש גין, אויש רוימט, אויש שפרייטן, אויש ווינדיג, איבר אויש אאַז"וו.

הירויס, הירויסקומן, הירויש; הינויס, הינויש; אלעס,

אלעש; אבר מאלס, אבר מאלש; אויבלס, אויבלש; זעלבס, זעלבש; בור מאלס, פיל מאלש.

אין גענעטיוו־„s“:

אין דער צייט אירס הונגרס; דיש ווינטרס; גישטאלט איינש ווידרס; נאמן אירס גוֹטס; דיא ראכונג דיינש באַטרס; שטים אונזרס גוֹטש; דיש בוֹלקס, אויעוורס לאנדס, בון וועגן זיינס גרוסן אלטר אאַז״וו.

אָבער:

קלוגהייטן דיש הימלש, באַטר דיש קוינִיגש, דיא גישטאלט אירש קויניגש, אין דער תורה אונזרש גוֹטש, דיא זיכרהייט אירש גוֹטש, דער אן באַנג דיש לאנדש יון, די מאנן דיש לאנדש, די טויר זיינש לעבנש אאַז״וו.

c) וואַקלונגען צווישן „ש“ און „ז“:

דאש, דש [צומייסטנס], דאז [זעלטענער: „דס“] — אַלע פאָרמעס פאַר das און dass; אלש [als] אלז.

d) ש־שרייבונגען:

אנגשט; דינשט [עבודה]; קונשט, קוינשטן, קוינשט־לר; לושט, גילושטן; לישטיקייט; קושטליך [=köstlich], קושטליכער; וישט [=fest]; בֿענשטר; פאשטונג; קישטיגן [יסר]; פאלשט [ארמון]; ערנשטליך; דעשטר מיא; לעש־טרונג, לאשטר; מיישטר [איינמאָל: מייסשטרן].

s פון דער צווייטער פערזאָן איינצאָל פרעזענס:

בישט [=bist], הושט, לוגשט, אב װענדשט, ביגערשט, קאנשט, טראגשט, בידארפשט, אאַז״וו [זייער זעלטן ס: „ור שניידסט“].

B) אין SJ.

§ § 1, 2 (sch און דער לינדער s) בכלל אַזוי ווי אין J.

3) דער האַרטער s—a) דורך ס:

בעסר; זעלבס; גיגוסן; ור געסן; גיהאסט, [ער] האסט, הייסט; וואַזר; וואוסן, ווייסט, ווייס; גיועס; לאסן; ולייסן; ולייס; אנטבלוסן, בלוס; בישלויסן, בישלוסן, שלוס; מעסר מיטלמעסיג; מיסט; עיסן, איסט [=ער עסט]; בייסטיקייט [פעטס], בוֹס; צו רייסן; גרוס, ורעסן, וריסט [פון „פרעסן“].

אויס:

אויסגין, אויסגאנגן, אויסשפריכט, הינויס.

נאָך ch (ks=chs);

ור וועכסלט, ניכס.

די ענדונג „נוס“:

גידעכטנוס, בולטנוס, גיברעכנוס, ור בירקנוס, דר שריקנוס, צויברנוס, ציטרנוס.

s פאַר גייטראַל געשלעכט:

עטוואס גוטס אודר ווארהאפטיגס.

דער s פון דעם צונויפגעצויגענעם es:

גלויבט מן אימס ניט.

b) וואַקלונגען צווישן „ש“ און „ס“:

עטווס, עטוואס [אַזוי צומייסטן, אָבער זעלטענער:] עטווש; אלעס, אלעש.

אין גענעטיוו־s:

דיש שלאפנס, אירס אויגס, העמדס.

אָבער:

אירש באטרש, דיינש באַטרש, דיש לוגנרש, גוֹטש בֿיינד, נאמן גוֹטש.

c) וואַקלונגען צווישן „ש“ און „ז“:

דש, דז [ביידע פאָרמען פאַר das און dass].

c¹) וואַקלונגען צווישן „ס“ און „ז“:

דעשטר באס, דעשטר באז.

d) ש־שרייבונגען:

אנגשט, וואש, עש, אונש, מיישטר, זונשט, אומזונשט, לוש [=las].

s פון דער צווייטער פערזאָן איינצאָל פרעזענס:

הושט, מושט, ווירשט, בידארפשט, קומשט, גידענקשט, גיבשט.

C) אין C.

§ § 1, 2 בכלל אַזוי ווי אין A, B.

3) דער האַרטער s:

a) אנבוס; בוסהייט; גאסן; ור געסן; האסן, זיא האסט; שוועסטר; זויס; בֿלוס ועדערן; בישלוסנן; אנפלוסט, שער מעסר; מיסרידט; דיא אינסלן; בוֹס, בֿויסן; גיבֿעס; קויסן, קויסונג; זיא שפרוסן, די שפרוסן; וריסט [פון „פרעסן“]; שטרויס.

b) וואַקלונגען צווישן „ש“ און „ס“:

נאָך ch:

ור וועכסלן, ור וועכסלונג, וואכסן.

אָבער:

וואכש, בֿויכש [שועלים].

בייסונג,ביישן [תשיך, נשך]; בעסר, בעשר, בעשרן [צייטוואָרט]; וואוסן, גיוואוסט, וואושן; ור לאסן, לאסט, לאשן, לאש מיך, ליש [Imperf.]; גויסונג, גויסן, ור גוסן, ור גויסט, ור גישן; אולסטר, אולאשטר, לאשטר; געסן [=געגעסן], געשן, עשן; צו ריסן, צו רייש, אויש ריישן.

c) וואַקלונגען צווישן „ש“ און „ז“:

דש, דאש [צומייסטן אַזוי; זעלטענער:] דאז [ביידע פאָרמען—פאַר das און dass]; עש, עז; הויש, הויז.

d) ש־שרייבונגען:

מיישטר; וענשטר; וואשר; וואושט, וואושטני, ור וואושטן [wüst]; גרוש; ווייש זאגר; בײַשט [פעט], ור שטושונג; אופש.

אויש:

אויש, אויש שפרייטונג, אויש ציהן, אויש בין, אויש זעציג.

אלעש.

אין גענעטיוו-s:

ווינד גוֹטש, דיש אבגרונדש, דיש טאגש, דיש מירש, דעש בֿעלדש, זיינש בֿאטרש, דיש גארטנש אאַז״וו.

s פון דער צווייטער פּערזאָן איינצאָל פּרעזענס:

דו הושט, האשט; ווירשט; זאגשט; זוכשט.

די ענדונג „נוש״:

בֿון בֿערנוש, גלייכנוש, גלויבנוש, טרוקנוש, גידעכטנוש, בישיידנוש, רעטנוש, גיבֿענקנוש, וינשטרנוש.

•

כּדי צו האָבן אַ קלאָר בילד, וואָס איז דאָ אויפגעטאָן אין אונזערע דריי ביכער מיט דעם איבערגעבן דעם š (sch), s (ss), לינדן s (z), איז לאָמיר זיך קלאָר מאַכן, וואָס זאָגן וועגן דעם די באַקאַנטע כּללים פונעם יידישן אויסלייג און ווי אַזוי איז דאָס געווען פּאַקטיש אין דער יידישער ליטעראַטור צו יענער צייט.

אין יאָהאַן ב ע ש ע נ ש ט ײ נ ס „בשם ארבע אותיות״ (אויגסבורג, 1514) שטייט, אַז די אותיות ח, ס, ת ניצט מען נאָר אין דער „הייליקער שפּראַך״, אַנדערש גערעדט הייסט עס, אַז קיין „סמך״ נוצט מען אין יידיש נישט; דאָס הייסט, אַז דעם האַרטן s גיט מען איבער מיט דעם „ש״ צום טייל מיט „ז״ [1].

אין די געוויסע אויסלייג-כּללים פון דעם „ס פ ר מ י ד ו ת״ (איסני, 1542), וואָס זענען אַגב געדרוקט גאַנצערהייט אין „יוסיפון״, ציריך 1546, רעדט זיך בכלל פון די וואָקאַלן; פון קאָנסאָנאַנטן — קיין וואָרט נישט [2].

פ ו י ל ו ס פ אַ ג י ו ס גיט אין זיין Compendiaria isagoge in linguam hebraeam (קאָנסטאַנץ, 1543) אַזוינע כּללים:

דער s-קלאַנג ווערט באַצייכנט מיט דריי אותיות: ש, ז, ס; דער sch ווערט אויך באַצייכנט דורך אַ „ש״. דאָ איז שוין פאַראַן אַ פּרווו פון אַ דיפערענציאַציע: „ס״ — פ אַר דעם האַרטן s; „ז״ — פאַר דעם לינדן s; „ש״ — פאַר דעם s און sch [3].

לסוף — פ ו י ל ה אַ ל י ט ש אין זיין ביכל Elemental oder Lesebüchlen, Hundsfeld 1543. בכלל גיט ער אָן די זעלבע כּללים, וואָס אין „ספר מידות״, ער באַצייכנט נאָך: ז=s, ס=s, ש=sch, און אין אַלפאַבעט:

| s | ss | sch |
| --- | --- | --- |
| ז | ס | ש |

און אין דעם „וטר אונזער״ און אין וועקסל, וואָס ער ברענגט אַלס מוסטער, שרייבט ער: „ביסט, אונס, דינסט, גוינסטיגר, איסט, וואלעסט (wollest), דעס מונאט״.

בכן קאָן מען זאָגן, אַז טעאָרעטיש האָט מען יאָ געפּרוווט דיפערענצירן די פונקציעס פון „ז״, „ש״, „ס״ און אַרויפלייגן ספּעציעל אויף דעם „ס״ די פונקציע פון דעם האַרטן s-קלאַנג. פּראַקטיש איז דאָס אָבער נ י ט געווען אַזוי:

פּאַקטיש איז אין דער יידישער ליטעראַטור אין XV און אין דער ערשטער העלפט XVI יאָרהונדערט ד ע ר „ס״ נ י ש ט פ אַ ר אַ ן, אָדער ער איז זייער אַ זעלטענער גאַסט. דער „ש״ איז דער צייכן פאַר דעם האַרטן s אויך, אין זעלטענע פאַלן — דער „ז״. אַזוי איז דער כּלל אין די ג ע ד ר ו ק ט ע זאַכן:

אין אליהו הלויס „תשבי״ (איסני, 1541), אין דעם זעלבנס „שמות דברים״ (דאָרט, 1542), אין „ספר מידות״ (דאָרט, 1542), אין „ספר מלכים״ (אויגסבורג, 1543), אין פוילוס עמיליוסעס חומש (אויגסבורג, 1544), אין „שמואל-בוך״ (אויגסבורג, 1544), אין יוסף בר יקרס סידור (איכנהויזן, 1544), אין אליהו הלויס „תהילים״ (ווענעציע, 1545).

אין די תנ״ך-מ אַ נ ו ס ק ר י פ ט ן: קאַרלסרוהער תהילים-משלי-איוב (אַרום 1440), בערלינער תהילים נומ׳ 310 (געשריבן ניט שפּעטער ווי 1490), דע-ראָסיס חומש (בערך 1501—1538), דעמזעלבנס תהילים-יהושוע-שופטים (ברעשיא-מאַנטואַ 1510 — 1511), האַמבורגער תהילים-משלי (1532), מינכענער חומש נומ׳ 152, בערלינער חומש נומ׳ 691 (שטיינשניידער נומ׳ 145), דער חומש פונם בריטישן מוזיי נומ׳ 102, דער באָדלעיאַנער חומש נומ׳ 170 (געשריבן 1544); מאַנוסקריפּט „בבא-בוך״ פון פּאָרגעסעס זאַמלונג (ערשטע העלפט XVI יאָרה׳) אאַז״וו [4].

[1] זע מ. ווײנרייך „שטאַפּלען״, בערלין 1923, ז׳ 69.

[2] דאָרט 108—109.

[3] דאָרט 113.

[4] עטוואָס גענויערע ביבליאָגראַפישע ידיעות וועגן די מאַנוסקריפּטן זע מיין אַרבעט „וועג-דען״ אין „לאַנדוי-בוך״, ז׳ 102—103.

ס׳איז כּדאַי דערביי צו באַמערקן, אַז דער „ש״ פאַר דעם האַרטן s איז געבליבן אין די שפּעטערדיקע שריפטן אויך; ער האָט זיך אַזוי ווייט איינגעבירגערט, אַז מיר טרעפן אים נאָך אין די יידישע דרוקזאַכן די צווייטע העלפט פונעם 19 יאָרהונדערט. אַזוי, אַ שטייגער, טרעפן מיר אין אַקסענפעלדס „דיא גינאַרטע וועלט״ (אָדעס 1870): „גרוש״ און „גרויש״ [=גרויס], גרעשטער [=גרעסטער], וואַש [=וואָס], דוש [=דאָס, אָבער אויך: „דאָס״], אויש געקריצט, אַ גיבראַטענש [=אַ געבראָטנס], עשין [=עסן, אָבער אויך: „עסין״]. צי איז דאָס געווען בלויז אַ דרוק-טראַדיציע, אָדער אַזוי האָט געשריבן אַקסענפעלד גופא — דאָס איז שווער צו זאָגן, בעת מ׳האָט ניט פאַר זיך זיינע מאַנוסקריפּטן.

דעם „ס״ טרעפן מיר אַלס אויסנאַם און פּאַראַלעל מיט דעם „ש״ אין די זעלבע ווערטער, אין אייניקע ווערטער אין די שריפטן פון דער צווייטער העלפט 16 יאָרהונדערטס, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין קראָקע ביים געוויסן יצחק בן אהרון מפּרוסטיץ, אַ שטייגער: אין מרדכי סבאָס „משלי״-איבערזעצונג (1582), אין „ספר יהושע״ (1594) אאַז״וו.

אונזערע דריי ביכער זענען די איינציקע, צו זייער צייט, וואָס 1) פירן אַריין דעם „ס", און 2) מיט אַ געוויסער סיסטעם.

די סיסטעם איז צומקלאָרסטן אַרויסצוזען אין J. פעסט מיטן „ס" זענען געגעבן די ווערטער, וואָס אין מה"ד האָבן זיי דעם z, zz, (=אין נה"ד sz אָדער ss) — די גרופּע a3, ז' 139 א"וו.

מה"ד:

vürbaz, bezzer, gazze, wizzen, lâzen, liez, fuoz, drîzec, mezzer...

נה"ד:

fürbass, besser, Gasse, wissen, lassen, liess, Fuss, dreissig, Messer...

אין „אומייסן" און אין „עטווס" גייט מען דאָ נאָך די מה"ד Ameize און etewaz, ניט די נה"ד Ameise און etwas; ס'איז אָבער שווער צו זאָגן, צי שטעקט דאָ אין יידישן פאַר „אומייסן" אַ האַרטע אויסשפּראַך, אָדער ס'איז בלויז אַ קאָנסעקווענטע שרייבאַרט.

אַן אויסנאַם זענען די ווערטער:

„בּוסקייט" (מה"ד: bôs-heit), „ווייס זאגר" (מה"ד: wîssager), „שווּעסטר" (מה"ד: swëster), אינסול (מה"ד: insel). פון דער אַנדערער זייט איז דאָ אַן אויסנאַם דאָס וואָרט „גרוס — גרוש" מה"ד grôz, נה"ד gross, און די גרופּע מיט „אויש" — מה"ד ûz, נה"ד aus.

אין דער ענדונג „נוס" אָריענטירט מען זיך אויף דעם מה"ד nusse, nisse.

פאָנעטיש איז נאַטירלעך דער „ס" נאָך דעם דומפּן „ק"-קלאַנג (ch) אין דער קאָמבינאַציע „קס" (chs): אכסיל אוכסן אאַז"וו.

אין אַלע איבעריקע פאַלן, דאָרטן וואו אין מה"ד האָבן מיר s, האָבן מיר אין J פּרוּוון איינצופירן דעם „ס" (פאַר נייטראַל געשלעכט, פאַר דעם צונויפגעצויגענעם es), וואַקלעניש צווישן „ס" און „ש" (גרופּע b), צווישן „ש" און „ז" (גרופּע c), אָדער בּלויז „ש" (גרופּע d):

mhd: angest, dienest, kunst, lust, listec-heit, kostec-lich, veste, vënster, vasten, kestigen, palast, ërnestlich, dëster, mê; laster, meister etc.

דאָס זעלבע זעען מיר צו אין SJ אויך, מיט אַזוינע אונטערשיידן: 1) דאָ ווערט דער „ס" גענוצט

דעם „ס" אין „ספר של ר' אנשיל" (קראָקע, 1584) האָט שוין באַמערקט ד"ר וויינרייך („שטאַפּלען" 119).

אַ סך גרעסער איז שוין דער פאַרנעם פונעם „ס", לויט מיין וויסן, אין איין בוך פון 16 יאָרהונדערט, דאָס איז די ערשטע אויסגאַבּע פון „ספר דניאל" (באַזל, 1557): גרוס, עסן, ווער דרוס, צו ריסן, בוס הייט, ור הייסן, ור געסן, ער מוס, בשלוס אד"גל.

אין דעם מינכענער מאַנוסקריפּט נומ' 100 פון „מעשה בריאה וזמרה" (צרום 1580) טרעפט מען אויסנאַמווייז: קוסט [=קושט], שאר מעסר, גיגוסן, שטרוס [גאַס], אס מן [מ'האָט געגעסן] אד"גל פּאַראַלעל מיט דעם „ש".





נאָך קאָנסעקווענטער: „גרוס", די גרופּע מיט „אויס"; 2) אַקעגן איז דאָ דער s פון דער צווייטער פּערזאָן איינצאָל פּרעזענס איבערגעגעבן מיטן „ש".

אין C איז דער „ס" גענוצט אומקאָנסעקווענט; מע קאָן אַפילו ניט זיכער זיין מיט דער גרופּע ווערטער (a3), וואָס זענען ביי מיר געבראַכט בלויז מיטן „ס", ווייל, ווי געזאָגט, האָב איך איצט פאַר זיך בלויז אַ קליינעם טייל מאַטעריאַל פון C. איין זאַך קאָן מען דאָ זאָגן זיכער: דער „ס" איז דאָ אַ בּכיוונדיקער, אַ מאַסנדיקער, אַן ערנסטער קאָנקורענט צו „ש", ניט קיין צופעליקער אַזוי ווי, אַ שטייגער, אין די קראָקעווער דרוקן די צווייטע העלפט פונם 16 יאָרהונדערט.

II „עי" וואָרט-איין.

A) אין J:

עי [מה"ד: ê—פריער, איידער. זעלטענער: „איי"]; עיבן, עיבנן [צייטוואָרט, מה"ד: ëben]; עיטליכי [מה"ד: etelich, אייניקע; אָבער אויך: „עטליכי"]; די עילטרן, דער עילטרר [מה"ד: eltern]; עינגל [מה"ד: engel]; עינג [מה"ד: enge]; עינד [מה"ד: ende]; ור עינדרן [מה"ד: endern]; עיסן, עישן [מה"ד: ezzen]; עיק [מה"ד: ecke]; דיא עיר, עירליך, אונעירליך, גיעירט מיך [מה"ד: êre, êren]; עירב טייל, עירבן [מה"ד: erbe]; עירד [מה"ד: ërde; זעלטענער: „ערד"] [אָבער „אירשטן", „ערבייט"], „עישן" [=אַש] און „עשן".

B) אין SJ:

עי, עיבנן, עיטליכר, עילטרן, עינד, ור עינדרן; עיסן; עיר, עירן [צייטוואָרט זעלטן: „איר", „אירן"]; עירד.

C) אין C:

עי [אָבער אויך „אֵי" „איא"]; עיבגי, עילנדר [מה"ד: el-lende]; עינד [אָבער אויך: „ענד"]; עיר; עירבן; עירשט; דיא עירשטן [מה"ד: êrste]. אָבער: „ערד".

אין די יידישע דרוקזאַכן און מאַנוסקריפּטן פון יענער צייט שטייט דאָ אָנשטאָט דעם „עי": „אי", „אֵיי" און „ע".

איין אויסנאַם איז מיר באַקאַנט,—דאָס איז דער ראָסיס Cod. Judaeo-Germ נומ' 1, דער חומש מיט הפטורות מיט מגילות פון אָנהייב XVI יאָרהונדערט. דאָרט טרעפט זיך אָטער:

עיזל [אייזל, מה"ד: esel]; עילטר, די עילשט; עילינדר; עינגל; עינד; עיפנאן [מה"ד: offenen]; עירא; עירבא; עירבן; עירבייט, עירבטן [מה"ד: erbeit, erbeiten], עירשטר; עישן.

אָבער פּאַראַלעל:

איזלין; אילשט, די אילשטן; אילינדר; ערבן, אֵיר [1].

1 אגב, דאָרט טרעפן מיר אויך „עיי" פאַר ei וואָרט-איין: „מיין עייט" [מה"ד eit, שבועה]; „עיידם" [מה"ד eidem, eiden].

אלס אויסנאם האב איך באמערקט אין א צווייטן דע־ראסיס מאנוסקריפט .Cod. Polon נומער 1: „איר". אבער פאראלעל „איר" אויך.

אין בערלינער מנהגים־האנטשריפט Cod. Or. Qu. 1049 (צווייטע העלפט 16 י"ה) האב איך באמערקט אלס אויס־נאם: „עירשט". אבער פאראלעל און געוויינלעך: „אירשט" און „ערישט".

אין Cod. Reuchlin נומ' 13 טרעפט זיך: „עינג", „עיק". דערבײַ דארף מען זאגן: מיגלעך, אז דער „י" איז דא אריינגעשטעלט פון דעם רעדאקטארס האנט. דער רעדאק־טאר שרייבט אבער: „עיש" פאר „איז" (ist) און „עס" (es); ד"ה ער נוצט דעם „ע" אזוי ווי געוויינטלעך אין יידישע שריפטן נוצט מען דעם „א" (פאר „עיש"=איז):[1]

אין די פריערדערמאנטע כללים פון יידישן אויס־לייגן איז אזא שרייבפארם ניט פאראן.

III „יי" פאר „j".

A) אין J:

ייאר [מה"ד: jâr]; ייאגן, גייגט [פארטיציפ; מה"ד: jagen]; אויף ייענר זייטן [מה"ד: jëner, אבער אויך: „יענר"].

B) אין SJ:

ייאר, ייאגן.

אבער: „יענם".

C) אין C:

ייאר, ייאגן.

אין די באקאנטע יידישע שריפטן איז דא דער כלל: „יי"[2].

IV דער אויסלאז־e (טרעפט זיך אפטמאל, אבער ניט אלס כלל):

A) אין J:

הימעל; דינער, דינען; אלעש, אלעס; צו אלען דענן, די אלער בעסט, מיט אלעם ור מויגן, אלערלייא.

גיען [אינפיניטיוו: גיין; אבער אויך: „גין"], גיען [פרעזענס מערצאל], גיע [אימפעראטיוו], גיענד [אימפעראַ־טיוו מערצאל צווייטע פערזאן], בוס גיער; בון דיינער עשן [=אש], בלוט פילער זילן.

B) אין SJ:

צו דינען; אלעש, אלעס, אלער, אלעם, מיטאלען, אלערליי, זי גיען [=גייען], דו גיעשט.

1 דא טרעפט זיך אויך: עינר [מה"ד: einer], עייד [מה"ד: eit], קלעיד [מה"ד: k eit], אין לעצטן ווארט איז דער „י" זיכער אריינגעשטעלט פון דעם רעדאקטאר.

2 אין „ספר יהושע" (קראקע, 1594), האב איך געטראפן: „דיא ייעגיר", אבער פאראלעל „די יעגר", „יאגן"; „צו ייענין בערגין", „אויף ייעניר זייט".

C) אין C:

דער הימלען [גענעטיוו מערצאל, אבער אויך: „הימלן", „הימל"]; אלעש; זיען [=זייען]; זאמעט זאמן [מזריע זרע].

אין די יידישע שריפטן פאלט געוויינטלעך ארויס דער אויסלאז־e, אדער ס'קומט דער „א", א שטייגער אין אזא ווארט ווי „זיאן", „רואן" (אינפיניטיוו).

## ב. אויסלייג אדער פאנעטיק?

### וואקאליזם.

I דער „o" אן איבערקלאנג.

A) אין J:

אופנן, גי אופנט [=עפענען, מה"ד: offenen]; זיא הורטן, גיהורט [פון „הערן", מה"ד: hôren, hoeren, hôrten]; שונהייט [מה"ד: schônheit]; די לוכר [=לעכער, מה"ד: loch, löcher]; בון אירן אורטרן [=ערטער], אויעוורי טוכטר [מערצאל, מה"ד: tohter, töhter], די בולקר [=פעל־קער]; הורנר [מערצאל: הערנער], קוסטליך [מה"ד kostec-lich]; טורעכט [מה"ד: tôrëht, toerëht]; מורדר [מה"ד mordaere]; דורפר [מה"ד: dorfaere].

אבער: טוידן, טויטן, גיטויט ווערן; [=טייטן, מה"ד: toeten]; זיין הויהי [=הייך, מה"ד: hoehe]; דר הויכט [מה"ד: er-hoehen]; ור שטוירט [מה"ד: ver-stoeren]; מויגן [מה"ר: mugen, mügen]; מוירדר; ורוילִיך [מה"ר: vroelich]; בויז [מה"ד: bôse, boese]; לויזר [גואל; מה"ר: loesare].

B) אין SJ:

אופנן, גיאופנט; ער הורט, גיהורט; דער בולקרן [גע־נעטיוו מערצאל: פעלקער]; גרוסר [קאמפאר': גרעסער], אין פיל אורטן; שונהייט.

אבער: ער הוירט, מויגן.

C) אין C:

גיאופנטי אורן; זיא הורטן, גהורט; נאז לוכר [אבער אויך: „נאז לעכר"], בון נעגבר לוכרן; ליכט דער בולקר; די טוכטרן; טודן [אינפיניטיוו: טייטן]; אונזרי גוטר [=געטער]; שון, דיא שוני.

אבער: לויזר; מויגן; בויז.

אין די באקאנטע יידישע שריפטן שטייט אין אזוינע פאלן בכלל וי (=ö) מיט דעם איבערקלאנג, אזוי ווי אין נייהויכדייטש. אויסנאמען טרעפן זיך אין בערלינער תהילים־מאנוסקריפט נומ' 310 פון יאר 1490:

„גהורט", „ואלקר", „הערלאזט [erlöst]; אין פריער־דערמאנטן דע־ראסיס קאדעקס .Jud. German נומ' 1:

איין שוני, גהורט, בווא, הורונג.

אין צווייטן דע־ראסיס קאדעקס Cod. Polonicus נומ' 1:

שוניא, הורן, גהורט, לוזן [lösen], אבער: דיא בויזן, בויז, בויגיל אאז"וו.

אין די כללים פון „ספר מידות“ איז אָנגעוויזן, אַז:

mögen, bosen אד״גל דאַרף מען שרייבן: „מויגן, בויזן“; אין די כללים פון „יוסיפון“ איז דער דאָזיקער פּאַסוס דורכגעלאָזט

II איי ניקע פאַלן פון „u“ אָן איבערקלאַנג.

A) אין J:

ור וואוסטן, וואוסטנייא [מה״ד: wüeste, wuoste, ver-wüesten]; ברוקן [מערצאָל; מה״ד: brücke, brucke]; איין שטוק [מה״ד: stück, stuck]; דורפן [מה״ד: durfen, dürfen]; לוגן [= ליגן; מה״ד: lüge, luge].

אָבער:

איבר [מה״ד: über]; הוילף [מה״ד: helfe, hilfe, hülfe]; ברויא, ורא יא [מה״ד: vrüe, vrüeje]; בוירכטן [מה״ד: vurhten, vürhten]; בוירן [מה״ד: vüeren]; זוינד, זוינדיגן [מה״ד: sünde, sünden]; אאַז״וו.

B) אין SJ:

איין שטוק; לוגנר [= ליגנער; מה״ד: lügenaere];

אָבער: זוינדיגר.

C) אין C:

ור וואוסטן; וואוסטנייא, וואוסט.

אין די באַקאַנטע יידישע שריפטן איז דאָ דער כלל „וי“ (= ü) מיט איבערקלאַנג. אויסנאַמווייז טרעפט מען דעם „u“ אָן איבערקלאַנג אין דע־ראָסיס Cod. Jud. German. נומ׳ 1:

„זונדיג, זונדא, אובלן, די טורא“ [= די טיר].

אין דע־ראָסיס Cod. Polonic. נומ׳ 1:

„אובר, הולף, אוביל“; אין בערלינער תהילים־מאַנוסקריפּט נומ׳ 310:

וואושטניי, זונטן זיא [זיי האָבן געזינדיגט; אָבער פּאַרטיציפּ: „גווינט“].

אין די כללים פון „ספר מידות“ איז אָנגעוויזן, אַז מ׳דאַרף שרייבן „קוינן“ [kühn] און מ׳קאָן דאָס פּינטלען מיט אַ שורק. אין די זעלבע כללים אין „יוסיפון“ איז אָנגעוויזן, אַז מ׳דאַרף שרייבן: „קוינן“, דוינן [dünn] און מ׳קאָן דאָס פּינטלען מיט אַ שורק.

III u אין די ווערטער:

„צוואושן“ [מה״ד: Zwischen]; „וואוסן“ [מה״ד: wizzen] אין אַלע דריי ביכער. [אין c זעלטענער: „צווישן“, „ווישן“].

aIII דער „u“ אין סופיקס „נוס“ (אין J און SJ) „נוש“ (אין C) = מה״ר nusse (אויך nisse, nüsse); זע פריער א I 3).

אין די באַקאַנטע יידישע שריפטן איז דער כלל: „ניש“.

IV דער מה״ד „uo“ אָנשטאָט נה״ד „u“.

A) אין J:

גואט [מה״ד: guot]; דו טואשט, זיא טואן [מה״ד: tuon, tuost]; ער רואט, גירואט, זי רואטן [מה״ד: ruowen, ruon].

אָבער:

בוך; בוזם; בלוט; בוס; גימוט, גימויט; טון; קלוג, קלוקהייט; שטול, רופן אאַז״וו.

[מה״ד: buoch, buosem, bluot, buos, gemuot, tuon, kluoc, kluoc-heit, stuol, ruofen]

B) אין SJ:

ער רואט.

אָבער:

בלוט; גוט; טון, ער טוט; שוך [מה״ד: schuoch].

C) אין C:

בואך [זעלטענער: „בוך“]; בלואט [זעלטענער: „בלוט“]; גואט; ער טואט טואט, [אימפּעראַטיוו]; ער רואט [אין אויגסבורגער ביבל אויך אַזוי]; גרואט; בור טואך [= אֵפוד, מה״ד: tuoch]. אָבער:

טון; ער רופט, גירופט, פוס.

אין די באַקאַנטע יידישע שריפטן איז דאָ דער כלל „u“ אַזוי ווי אין נייהויכ־דייטש. מ׳קאָן טרעפן: „רואט“, „גרואט“, אָבער דאָ איז דאָס ניט דער מה״ד „uo“. דאָ ציט זיך דער „א“ פון דעם אינפיניטיוו, וואָס שרייבט זיך: „רואן“. אין מינכענער מאַנוסקריפּט נומ׳ 235 (דאָס דריטע פערטל פון 15 יאָרהונדערט) האָב איך געטראָפן: „גואט“.

V אויעוור, אויי עוור = מה״ד: iuwer, iwer, iur; נה״ד: euer. אין J און אין C.

(פון SJ איז ביי מיר דער געניטיוו די צווייטע פערזאָן פון דעם דאָזיקן פּראָנאָמען בכלל ניט פאַרצייכנט, מייסטנס רעדט ער בלשון „דו“, אָדער „ער“).

אין די באַקאַנטע יידישע שריפטן — שטענדיק: „אוייער“, „אויער“.

קאָנסאָנאַנטיזם.

VI „שארפף“, „שערפפי“ אין J, SJ און C [מה״ד: scharf, scharpf, scharfe; scherpfe, פרנה״ד: scharpf, נה״ד: scharf]. אין די באַקאַנטע יידישע שריפטן שטענדיק: „שאַרף, שערפּי“.

VII אָפּטמאָל דער „d“ אָנשטאָט נה״ד „t“.

A) אין J:

אונדן; אונדר גאנג [זייער זעלטן: אונטר טעניג]; הינדר ווערק; הינדן טוידן [אָבער אויך: טויטן].

[מה״ד: hinder, under, unden, toeten, hinden; נה״ד: hinter, unter, unten, töten, hinten].

B) אין SJ:

אונדר לייגן, הינדר ווערף, טוידן.

C) אין C:

אונדן [זעלטענער: „אונטן"] אונדר שיידן, אונדר לייגן, הינדר, טודר [toter], טודן [töten].

אין די באקאנטע יידישע שריפטן איז דא דער כלל: „t".

אין די דאזיקע פאלן איז מיר שווער צו זאגן, צי האבן מיר דא צו טון מיט א געוויסער אויסשפראך, אדער מיט א פארעלטערטן ארט שרייבן. אין די פאלן: I, II, IV איז גיכער אנצונעמען דאס צווייטע, ווייל ס'איז ניט קאנסעקווענט; אין דעם פאל IIIa — גיכער דאס ערשטע.

אין III, V, VI, VII האבן מיר בכלל געציילטע ווערטער מיט דעם געוויזענעם ארט שרייבן.

VIII אויסגעבליבענע דיסימילאציע.

אין די צווייטראפיקע ווערטער מיט „r" טראף-אויס אין ביידע טראפן איז דער כלל אין יידיש (אזוי ווי אין מה"ד), אז פון דעם צווייטן „r" ווערט „l"; מ'האט געשריבן: „מורמל שטיין" [מה"ד: marmel — mermelstein; נה"ד: Marmor].

„קורפיל" [מה"ד: korper, körper, körpel].

אזוי איז אין J און אין C אויך. איין אויסנאם איז פאראן: „פורפור-זייד" [ארגמן] אין C און אין J. אין SJ האב איך אזא ווארט ניט פארצייכנט.

אין די תנ"ך-איבערזעצונגען פון 15, 16 יארהונדערס איז דא דער כלל: „פוירפיל", „פורפיל".

## ג. ווארטפארמען.

די דריטע גרופע אייגנטימלעכקייטן נעמט ארום די ווארטפארמען.

דאס וויכטיקסטע איז דא:

I די מה"ד פארם פון דער צווייטער פערזאן איינצאל פרעזענס אינדיקאטיוו פון די צייטווערטער „ווען" און „זאלן". דא איז געשריבן דורכאנאנד: „דו ווילט", „ווילטו", „דו זולט", „זולטו", אין J, אין SJ, אין C (אין SJ טרעפט זיך זעלטענער: „דו זולסט" און „זולשט" אויך).

אין די באקאנטע יידישע שריפטן איז דא דער כלל: „דו ווילשט", „דו זולשט". אויסנאמווייז האב איך געטראפן: „דו זולט" אין בערלינער תהילים-האנטשריפט נומ' 310; „דו זולט" און „זולטו" אין מינכענער האנטשריפט נומ' 235; „ווילטו" און „דו זולט" — אין מינכענער האנטשריפט נומ' 347, אין דער אסתר-פאראפראזע (פון די יארן 1480—1489, אבער קלאר איבערגעשריבן פון אן עלטערן מאנוסקריפט).

II די ענדונג „ent" אין מערצאל פרעזענס, אינדיקאטיוו און אימפעראטיוו.

אזוי ווי אין אלעמאנישע[1] און ריינפרענקישע דיאלעקטן[2]. ספעציעל אין J האבן מיר די דאזיקע ענדונג אין דער ערשטער און דריטער פערזאן אויך, אזוי ווי אין מה"ד:

A) אין J:

אינדיקאטיוו.

זא לאסנד וויר דיך וואוסן [של"ט a]; דיא וייל איר ביגערנד צו שטערבן [של"ט b]; וואש ראטינד איר' [שמ"ר b] אאז"וו.

אימפעראטיוו.

„אונ' אצונדר איר הירטן ישראל ור נעמן צו מיר, און ור זאמלנד אוייך... אונ' הירנד מייני רייד". [שפ"ב a].

„טואנד תפילה" [ר"ז b]; „אונ' איצונדר דא וואוסנד נון" —— אונ' איר זולנד וריד מאכן [ר"ח a] אאז"וו.

אינדיקאטיוו 3טע פערזאן.

„זיא וועלנד זיין" [שנ"ו a]; „נון שלאגנד זיא מיך" [צ"ו a]; אאז"וו.

B) אין SJ:

„צורייסנד אוייעוורי הערצן, אונ' קירנד אום צו גוט... [פון יואל ב, 13].

איר זולנד אוייך ניט ור אונרייניגן [פון ויקרא, יא, 43] אאז"וו.

C) אין C (ניט אזוי קאנסעקווענט):

„ורוויכטיגט אונ' מירנד אוייך אונ' וילנד דיא וואשר" (בראשית א, 22); ורוויכטיגט אונ' מירט אוייך אונ' בוילעט דיא ערד אונ' ביצווינגט זיא אונ' גוואלטיגנט אם ויש..." [דארט, 25].

הוירנד נון דען טרוים [בראשית ל"ז, 6]; אונ' איצונדר קומנד אונ' וויר ווען דר שלאגן אין [דארט, 20] אאז"וו.

אין די באקאנטע יידישע שריפטן איז דא דער כלל די נייהויכדייטשע פארם. אן אויסנאם איז: די בערלינער תהילים-האנטשריפט, וואו מ'קאן טרעפן אין אימפעראטיוו:

„זינגנד, לאבנד, רעדנט, זיינד לאבן" אד"גל [תהילים קה, 2, 3: שירו, זמרו, שיחו, התהללו]; און די מינכענער האנטשריפט נומ' 347, וואו מ'קאן טרעפן:

„נעמנט" רוט [88 a]; „געבנט מיר איין שער" [94 a]; „זיא האבנדא נוך לויט נוך לאנט" [88 a].

[1] זע:
Karl Weinhold, Kleine mittelhochdeutsche Grammatik, III Auflage, Wien u. Leipzig 1905, p. 89.

[2] Hermann Paul, Mittelhochdeutsche Grammatik, X u. XI Auflage, Halle 1918, p. 73.

## ד. ווערטער און אויסדריקן:

I „אַן גזיכט" [פנים] אין J, אין SJ און אין C.
אין די באַקאַנטע יידישע שריפטן איז דער כלל:
„אנצליט", „ענצליט" (Antlitz). [1]

II „ג י ש ט א ד" [ברעג] מיט אַ ראַנדגלאָס: „י"א [=יש אומרים] בורטן" אין J און C [אין J: „בורטן" מיט אַ ראַנדגלאָס: י"א גישטאדן, כה"ד: gestat; נה"ד Gestade]; אין J אָפטמאָל פשוט: „בורטן". אין SJ האָב איך דאָס וואָרט נישט פאַרצייכנט.

אין די אַלטע יידישע שריפטן איז דער כלל: „בורטן" [2].

III „ו ו י י ב" און „ו ר ו י".

אין די אַלטע יידישע שריפטן איז דער כלל אַזוי: פאַר דעם מין נקבה בכלל [„אשה"] נוצט מען דורכויס „ורויא"; „ווייב" נוצט מען בלויז פאַר אַ באַמאַנטער נקבה. ריכטיקער: פאַר אַ פרוי פון אַ קאָנקרעטן מאַן.

אין J, SJ און C נוצט מען בכלל: „ווייב" פאַר ערשטן פאַל אויך; „ורויא" נוצט מען זעלטענער.

A) א י ן J:

„איין מאן אודר איין ו ו י י ב בון דעם זאמן דער יהודים" [ר"ז b: „איש או אשה מזרע היהודים"] אאַז"וו.

אָבער אויך:

„דא זאגט צו אים איין ורויא" [ר"יb; „ותגד לו אשה"] אאַז"וו.

B) א י ן SJ:

„ווען אים ביגעגנט איין דבר ערוה אלז דא איז איין ו ו י י ב... עש זייא זי הוט איינן מאן אודר זיא איז לידיג" [טa: אם פגע בך דבר ערוה כגון אשה...]; „איין נאקנדיג ו ו י י ב; דו זולט ניט לובן איין ו ו י י ב; קליידר דר ו ו י י ב ר ן".

אומעטום איז דאָ געמיינט דער מין נקבה.

C) א י ן C:

„איין מאן אודר איין ווייב" [איש או אשה, במדבר ו 2]; דאָס זעלבע: „ווייב" אין פסוק: „לא יהיה כלי גבר על אשה" [דברים כב, 5] אאַז"וו [3].

IV „מ א נ ט". „מ ע ג ט" (מערצאָל) [=שפחה, אָמה] אין אַלע דריי ספרים.

אין די באַקאַנטע יידישע שריפטן. דערהויפּט אין די ביבלאיבערזעצונגען, שרייבט מען: „מייד". „מאגט" האָב איך געטראָפן אין „שמואל-בוך". אין מינכענער האַנטשריפט נומ׳ 347 (דאָ איז אָבער מער: „מייט").

V דאָס באַשטימטע אַרטיקל „דער" פאַר „גאָט" אין אייגנעמען (אָבער אויך אָן דעם).

A) א י ן J:

„ד ע ר גוט דיין גוט" [תצ"הט, ה אלהיך, פון דברים ל, 4].

„וויא וויר מויגן ליפא האבן ד ע ן גוט אונזרן גוט". [של"א a, „איכה נוכל לאהוב את ה׳ אלהינו"].

„אלזו אונ׳ הוט גירעט ד ע ר אנטיפטר" [רנ"ה b].

„ער זייט צו אים דש ד ע ר אלכסנדר און ד ע ר אריסטובלוס די טרוישטטן זיך דש זיא וואלטן דר ש׳ אגן אין" [רנ"ה a; לאמור כי אלכסנדר ואריסתובלוס הם מתנחמים להרוג].

B) א י ן J S:

„זיא לובט מיין נשמה ד ע ן גוט" [ברכי נפשי את ה׳] [4].

(קיין אייגנעמען האָב איך אין J S ניט פאַרצייכנט).

C) אין C:

„דש ער הט ור אונרייניגט ד י א דינה" [בראשית לד, 5, 13, 27]; „אונ׳ דו זולט גינעהן ד ע ן אהרון" [שמות מ, 12]; „דש צו ד ע ם שלמה" [שיר השירים, א, 1].

מוסטערן פון „דער" (אָדער „דען") פאַר „גוט" זיינען ביי מיר פון C ניט פאַרצייכנט. „ה׳ אלהים" איז איבערגעזעצט: דער הער גוט" [בראשית ב, 4, 5, 7] אאַז"וו.

1 „אַן גזיכט" האָב איך געטראָפן אין דער „יהושע"-פּאַראַפראַזע אויך, אין דע-ראָסיס Cod. Polon. 1.

2 L=לוטערס ביבל; Z=ציריכער ביבל דאָס יאָר 1525; Z'=דאָס זעלבע 1531; E=עקס ביבל, 1537.

| חוף | בראשית, מט, 13 | דברים א, 7 | שופטים ה, 17 |
| --- | --- | --- | --- |
| L | Anfurt | Anfurt | Anfurt |
| Z E | gstad | furt | hafen |
| פנים | בראשית ו, 14 | דאָרט מג, 3 | שמות כה, 20 |
| L | antlitz | antlitz | antlitz |
| Z Z' | angesicht | angesicht | angesicht |

זע:

Dr. H a n s B y l a n d. Der Wortschatz des Züricher Alten Testaments von 1525 und 1531. Verglichen mit dem Wortschatz Luthers. Berlin 1903.

אין דעם שווייצער אדאם פעטרי׳ס ביבל-גלאָסאַר צו זיין אויסגאַבע פון לוטערס ביבל איז דאָס לוטערשע Ufer אויסגעטייטשט מיט Gestad. אגב איז דאָרט לוטערס Morgenland (מזרח) אויסגעטייטשט: Aufgang der Sonnen. דאָס זעלבע אין C: „מקדם" אין בראשית ב, 8 איז דאָ איבערגעגעבן „בון (מזרח)", מיט אַ ראַנדגלאָס: „י"א אויף גאנג דער זוני".

זע:

Andreas Schütt, Adam Petris Bibelglossar. Freiburg im Breisgau 1908.

3 „אשה", אין בראשית ב, 23, איז איבערזעצט אין C: „מענין" [פון „מאן"—איש], מיט אַ ראַנדגלאָס: „י"א [=יש אומרים] ווייב", אין אויגסבורגער חומש (און מסתמא אין אַלע איבערדריקן), אין דע-ראָסיס חומש-האַנטשריפט שטייט דאָ: „ורויא"; אין מינכענער חומש-האַנטשריפט, קאָדעקס נומ׳ 152 שטייט דאָ: „ווייבא". „אשה" 2 מאָל אין במדבר י"ב, 1 איז אין C איבערגעזעצט: „ווייב"; אין אויגסבורגער חומש און אין אַלע איבערדריקן, אין בערלינער חומש-האַנטשריפט נומ׳ 691, אין מינכענער חומש-האַנטשריפט נומ׳ 152 שטייט דאָ: „ורויא". אין בראשית ג, 14 (על מה לא הגדת כי אשתך היא) איז אומעטום: „ווייב".

4 דער זעלבער פסוק אין יוסף בר יקרס סידור (אַנאָנימער עקז׳ אין דער פרייסישער מלוכה-ביבליאָטעק): „לוב מיין זיל גוט".

אין קיין אנדערע באַקאַנטע יידישע שריפטן האָב איך דאָס באַשטימטע אַרטיקל פאַר „גאָט" אין איינגעמען ניט געטראָפן.

VI „דען".

אַלע דריי ספרים געהערן צו דעם שטרענגן „דען"-ציקל, דאָס הייסט, מ'נוצט דאָרט דעם „דען" סיי קויזאַל פאַר דעם העברעאישן „כי" (ווייל, דען, וואָרים), סיי נאָך דעם קאָמפּאַראַטיוו („דען" אַנשטאָט איצטיקן als, sondern). וועגן דעם האָב איך שוין אויספירלעכער גערעדט אין אַן אַנדער אָרט [1].

„וואָלט גוט".

דער העברעאישער ווינטש-אויסדרוק: „מי יִתֵּן" איז אין די תנ"ך-איבערזעצונגען איבערגעגעבן מיט „ווער וואָלט", אָדער „ווער געב". אין C שטייט געוויינטלעך: „ווער וואָלט", ס'טרעפט זיך אַזאַ פאָרם ווי „וואָלט גאָט" אויך: אַ שטייגער: דברים כ"ח, 17: בבקר תאמר מי יתן ערב, איז אין C איבערגעזעצט:

„אם מורגן ווירשט דו זאגן (ווער וואלט עש ווער) אבנט", מיט אַ ראַנדגלאָס: ר"ל [=רצוני לאמר וואלט גאָט דש אבנט ווערד", דאָס הייסט: אַ לוטערשע קאָנסטרוקציע [2].

דאָס זעלבע זען מיר אין J אויך:

פאַראַלעל מיט „ווער וואלט" טרעפן מיר „וואלט גאָט" אויך:

„ווער וואלט דש איך זולט שטערבן הוייט" (קנ"ב, a, מי יתן מותי היום הזה) אאַז"וו.

„מייני קינדר וואלט גאָט אוני דש איך זולט ליגן גיזאגט האבן" (קנ"ב, a, מי יתן בני והיה כזב); „וואלט גאָט אוני דש וויר זולן שטערבן אין האנט דער רומיים" (שנ"ב, a, מי יתן מותנו ביד הרומיים) פון SJ איז ביי מיר דער וואונטש-אויסדרוק „מי יתן" בכלל ניט פאַרצייכנט.

איך וויל רעזיומירן:

1) מיר האָבן געזען, אַז J (איך נעם J פאַר אַן אויסגאַנגספּונקט), ווייכט אָפּ אין געוויסע פּרטים: אין אויסלייג, אויסלייג אָדער פאָנעטיק, פאָרמען, וואָרטגעברויך, פון דעם וואָס מיר טרעפן אַלס כלל אין די באַקאַנטע יידישע דרוקזאַכן אַרום יענער צייט.

2) אין די דאָזיקע אונטערשיידן לאָזט זיך מערקן אַ געוויסע סיסטעם. איך וואָלט דאָס פאָרמולירט אַזוי:

א) דער שרייבער (איבערזעצער) קען דאָס שריפטדייטש, סיי דאָס שפּעטמיטלהויכדייטש, סיי לו-

1 זע מיין אַרבעט: „ווען-דען" אין „לאַנדוי-בוך" (שריפטן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, ב' I), ווילנע, 1926, ז' 104 א"ו.

2 דאָרט, ז' 110, 111.

טערס נייהויכדייטש: דאָס ערשטע זע איך איין אין דער דיפערענציאַציע פון די יידישע צייכנס פאַר דעם s-קלאַנג: מיט דעם „ס" גיט ער איבער צומייסטנס דעם מה"ד z (האַרטן s) (ער קאָן, ניכר, די קוואַליטעטן פון דעם מה"ד z), נה"ד sz אָדער ss (זע פריער ז' 145–146), אין דעם נוצן אויסנאַמווייז „פורפור" אַנשטאָט „פורפל" אד"גל. דאָס צווייטע זע איך אין דעם נוצן די קאָנסטרוקציע: „וואלט גאָט".

ב) אויף דעם שרייבער פילט זיך שטאַרק די ווירקונג פון שריפטלעך מה"ד אָדער פון אַ לעבעדיקן דיאַלעקט, וואָס איז געבליבן ביי דער מה"ד אויסשפּראַך, פאָרמען אאַז"וו, וואָס האָבן, הייסט דאָס, נישט דורכגעמאַכט די אַנטוויקלונג פון מה"ד צו נה"ד. דאָס איז צו זען פון דעם „o" און „u", וואָס טרעפן זיך דאָ אָן דעם איבערקלאַנג, אָפטער איידער אין אַנדערע שריפטן, און גראָד אין די ווערטער, וואו מיר טרעפן דאָס אין מה"ד אויך; אין דעם „u" אין דעם סופיקס „נוס", „נוש"; אין דעם נוצן דעם דיפטאָנג „uo" אַנשטאָט נה"ד „u"; אין „אויעוור", „שארפף"; אין דעם מה"ד „d" אַנשטאָט נה"ד „t"; נאָכמער אין דעם נוצן דורכאַנאַנד אַזוינע פאָרמען ווי „דו ווילט", „ווילטו", „דו זולט", „זולטו", און אין דער ענדונג „ent" פאַר דער צווייטער און דריטער פערזאָן מערצאָל פרעזענס אינדיקאַטיוו און פאַר דער צווייטער פערזאָן מערצאָל אימפּעראַטיוו.

די ניט אויסגעהאַלטנקייט אין די דערמאָנטע פאַלן לאָזט זיך דערקלערן מיט דעם געראַנגל צווישן דער לעבעדיקער מונדאַרט און דער נה"ד שריפטשפּראַך.

ספּעציעל אין אַריינפירן דעם „ס" פאַר דעם האַרטן s-קלאַנג און צומטייל דעם ע אין די ענדונגען en, er, el קאָן מען זען אַ פּרווו צו רעפאָרמירן דעם אויסלייג, מער צופּאַסן דעם יידישן אויסלייג צו דער נה"ד שריפט-שפּראַך.

3) דאָס איז נאַטירלעך פאַר דעם משומד מיכאַעל אדאַם, וואָס האָט געלעבט אין ציריך, ד"ה אין אַלעמאַנישן שפּראַכראַיאָן. ער האָט געקענט (אָדער געקאָנט קענען) גוט יידיש און יידישע שריפטן, האָט אָבער געמוזט קענען דייטשישע שריפטן אויך, ספּעציעל לוטערס ביבל. האָט אויף זיך געפילט די ווירקונג פון די אַלעמאַנישע דיאַלעקטן, וואָס זיינען געבליבן אין אַ סך פּרטים ביי דעם צושטאַנד פון מה"ד.

אין J קאָן מען נאָך געפינען אַזוינע מה"ד פאָרמען ווי „פאהן", „אן ספאהן" [=פאַנגען, כאַפּן, אויפנעמען, אָנהייבן, אין SJ און C אויך], אַזאַ אַלעמאַנישע פאָרם ווי „וייזל" [דימינוטיוו מערצאָל: יתומים, אָבער בכלל מיט דער ענדונג ein; למשל „גלעוליין"] אד"גל.

„גישטאד" און „מאגט" ווייזט די געוואוינהייט צו דרום-דייטשישע דיאַלעקטן.

4) אין די אַלע דערמאָנטע פונקטן גייען SJ און C פּאַראַלעל מיט J. דערביי איז צו זען אַזוי:

אין SJ (הוץ דעם געברויך פון uo) איז דער פּאַראַלעליזם שטאַרקער, אין C — שוואַכער.

5) די דיפערענצן אַקעגן אַנדערע יידישע שריפטן זענען אַזוי גרויס און האָבן אין זיך אַזוי פיל סיסטעם, אַז דאָס לאָזט זיך ניט דערקלערן מיט גרייזן אָדער מיט אויפטועז פון זעצערס, קאָרעקטאָרס (אַפילו די דיפערענצן אין אויסלייג), בפרט, אַז ס'איז נישט פאַראַן קיין שום באַווייז, אַז אין C האָבן זיך באַטייליקט די זעלבע זעצערס, קאָרעקטאָרס.

דערפון מוזן מיר קומען צום אויספיר: J, SJ און C געהערן צו איין שרייבער (איבערזעצער).

היות ווי פאַר J גיט מען זיכער אָן מיכאעל אַדאַם פאַר דעם איבערזעצער, איז מוז דאָס גילטיק זיין פאַר SJ און C אויך.

איצט קאָנען מיר שוין פאַרשטיין דעם חילוק אין דעם פּאַראַלעליזם: J און SJ זענען געדרוקט אין ציריך, אין איין יאָר, אין איין דריק, מסתּמא מיט דעם איבערזעצערס השגחה, דעריבער איז דער פּאַראַלעליזם ביי זיי שטאַרקער. C האָט זיך געדרוקט מיט 2 יאָר פריער, אין קאָנסטאַנץ, הינטער דעם איבערזעצערס אויגן; — דער פּאַראַלעליזם צווישן C און J מוז דעריבער זיין שוואַכער. אפשר איז דאָס נאָך פאַרבונדן דערמיט, וואָס אין C האָט דער שפּעטערדיקער איבערזעצער פון J מסתּמא רעדאַקטירט אַ פרעמדן מאַנוסקריפּט און אים ניט אַזוי גענוי אויסגעקאָריגירט; אפשר האָט נאָך דער איבערזעצער דעמאָלסט ניט געהאַט אַזוי קלאָר זיין סיסטעם ווי אין צוויי יאָר אַרום; ביי C, מעגלעך, האָט נאָך צוגעלייגט אַ האַנט דער אַרויסגעבער פּוילוס פאַגיוס אויך.

וועגן SJ און J דאַרף מען נאָך אָנווייזן אַזאַ פּאַראַלעליזם:

אין ביידע ברענגט דער איבערזעצער זייער אָפט העבּרעאישע שטעלן פון דעם אָריגינאַל, צומייסטנס פּסוקים פון תנ"ך (אין SJ — מער ווי אין J), און גיט דערביי אָן די יידישע איבערזעצונג, געוויינטלעך מיט די אַריינפירווערטער: „דש איז אין טויטש".

ספּעציעל וועגן די אייגנטימלעכקייטן פון C אַקעגן אַנדערע יידישע ביבל־איבערזעצונגען און וועגן דער נאָענטקייט פון C און J דאַרף מען נאָך זאָגן אַזוי:

C שרייבט שטענדיק: „יונק ורויא", „יונק ברויאשאַפט" פאַר „בתולה", „נערה", „בתולים"; „מול צייט" (אָדער „מול־צייט" אויך) [1] פאַר „משתה" [אסתר ב, 18], און נישט די איטאַליענישע ווערטער: „פּוילצילי", „פּוילצילקייט" „פּושט", ווי מיר טרעפן דאָס אַלס כלל אין די איבעריקע ביבל־איבערזעצונגען [2].

1 „מול צייט" פאַר „משתה" איז ביי מיר פון C פאַרצייכנט סך־הכל איין מאָל.



פאַר „ויברך" גיט ער אין טעקסט דאָס ראָמאַנישע וואָרט „ער בינשט [=בענטשט]" (ס'איז געווען זייער פּאָפּולער און געבליבן אַזוי ביז אויף היינטיקן טאָג), אָבער אין אַ ראַנדגלאָס גיט ער אָן דאָס דייטשע וואָרט: „י"א ער זעגנט".

J נוצט אויך: „יונק ורויא", „מאל צייט", אָבער „פּושט" אויך (צומייסטנס דאָס לעצטע).

C האָט אין זיך פּשטות, זעצט ניט איבער אַ שטייגער די האַרבע ווערטער; אייגננעמען פון שטעט, לענדער אד"גל.

C שרייבט אַ שטייגער אין טעקסט: „טוטפות" [דברים ו, 8] „שמטה" [דאָרט ט"ו, 1], „בערג דער עברים" [הר העברים, דאָרט ל"ב, 49], „איין לאנד עוץ" (איכה ד, 20), בעת אין אַנדערע איבערזעצונגען טרעפן מיר: „תפילין", „אנטשלופפונג" אָדער „שלופפונג", „בערג דער אויבר וערט", „איין לאנד קונשטנטינופל".

בלויז אין די ראַנדגלאָסן באַמערקט C פאַר „טוטפות": י"א תפלין, פאַר „שמטה": י"א אבלוזונג, י"א רואונג, י"א שלופף ייאר, פאַר „עברים": י"א אויבר וארונג.

די זעלבע טענדענץ באַמערקן מיר אין J אויך. אין J געפינען מיר: „שמטה", „אֵפוד" אד"גל (אָבער: בערג דער אויבר באַרונג).

דאָס וויכטיקסטע אָבער, וואָס מאַכט בולט קלאָר די נאָענטקייט פון C און J איז די סיסטעם טעקסט און ראַנדגלאָסן, וואָס מיר זעען זי צו אין C און J גלייך, מיט דער זעלבער מעטאָדע און מיט די זעלבע צוועקן.

איך האָב שוין אין אַן אַנדער אָרט געוויזן די אייגנטימלעכקייט פון דער איבערזעצונגס־מעטאָדע אין C אַקעגן אַנדערע יידישע ביבל־איבערזעצונגען [3]. דער גרעסטער טייל יידישע ביבל־איבערזעצונגען זענען מער־ווייניקער קאָמענטירט (דרש־סיסטעם), זיי נעמען אַריין אין טעקסט גופא אויסטייטשן פון הגדה, מדרש. C געהערט צו דער פּשט־סיסטעם, דאָרט איז פּשוט פאַרטייטשט דער ביבל־טעקסט וואָרט ביי וואָרט. דאָס איז אין טעקסט. C האָט אָבער נאָך זייער אָפט ראַנדגלאָסן אויך. די דאָזיקע ראַנדגלאָסן קאָן מען איינטיילן אין דריי גרופּעס מיט אַזוינע צוועקן:

1) פאַרשטענדלעכער מאַכן דאָס וואָרט אָדער דעם אויסדרוק פונעם טעקסט, ווייל דער טעקסט איז לעצט נכנע דעם העבּרעאישן אָריגינאַל, ממילא קומט ער אויס ניט קלאָר. אַ שטייגער: פאַר „ויתן אותם אלהים ברקיע השמים"

2 אין באַזעלער חומש (1583) שטייט „מולט" פאַר „משתה" אין „אסתר" ב, 18.

3 זע מיין אַרטיקל „דער טייטש־חומש", אין „צוקונפט", ניו־יאָרק, סעפּטעמבער 1924, ז' 568—573, אויך מיין אַרבעט „וועגן־דען" אין „לאַנדוי־בוך" ז' 121, באַמערקונג 2.

(בראשית א, 17) שרייבט ער אין טעקסט: „אונ' (ער גאב) זיא גוֹט" אאז״וו מיט אַ ראַנדגלאָס צו „ער גאב": „ר״ל [=רצונו לאמור] ער טעט אודר ער זעצט" („setzt" שטייט ביי לוטערן); פאַר „ויקם העם כל היום ההוא" (במדבר יא 32) שרייבט ער: „(אל דען טאג) דען זעלביגן" מיט אַ ראַנדגלאָס צו „אל דען טאג": „ר״ל דען גאנצן טאג" אאז״וו.

צו דער דאָזיקער גרופּע געהער אויך איבערצוגעבן אין יידיש וואָרט מיט נאָך אַן אַנדער וואָרט, וואָס ער האַלט דאָס פאַר קלאָרער: אַ שטייגער, אין טעקסט שרייבט ער: „נון" פאַר „הנה", בראשית, א, 29 (אַזוי פלעגט מען דאָס דעמאָלט איבערזעצן אין יידיש), און אין אַ ראַנדגלאָס דערצו: „י״א זיהי [אַזוי, sehet, שרייבט לוטער] אודר נים וואר". דאָס וואָרט „די (אינסלן)" (ישעיה מב) האָט דאָ אַ ראַנדגלאָס: „י״א ווערדער".

אַמאָל איז דאָס אַ גאַנצער זאַץ. אַ שטייגער: פאַר „וכעסתה צרתה גם כעס" (שמואל א' א, 6) שרייבט ער: „זיא רייצט זי (איר געלין) אויך רייצן", מיט אַ ראַנדגלאָס צו „איר געלין": „ווען צווי״א ווייבר איינן מאן האבן זא הייסט אייני דער אנדרן געלין".

די דאָזיקע גרופּע איז פּאַקטיש די גרעסטע.

2) פּאַראַלעל אַן אַנדער טייטש אויף דעם העברעאישן טעקסט: פאַר „בראשית ברא אלהים" שרייבט ער: „(אֵי דען) ער האָט דר שאפן גוֹט" מיט אַ ראַנדגלאָס צו „אֵי דען": „רד״ק [=ר' דוד קמחי] אם עירשטן", ד״ה דער רד״ק פאַרטייטשט „בראשית": „אם עירשטן".—פאַר „ונחלת" אין פסוק „ונחלת בך לעיני הגוים" (יחזקאל כב, 16, הפטורה צו קדושים) שרייבט ער: „(אונ' ווירשט ור שוועכט ווערדן)" מיט אַ ראַנדגלאָס דערצו: „י״א דו ווירשט אינטעירבט" (enterbt) אאז״וו.

3) אין דער דאָזיקער גרופּע גייען אַריין אַלע אויסטייטשן פון אַגדה און מדרש, וואָס אין אַנדערע ביבל־איבערזעצונגען געפינען מיר זיי געוויינטלעך אין טעקסט גופא, אָבער ניט אַלעמאָל, אַ שטייגער: פאַר „היש בה עץ אם אין" (במדבר יג, 20) שרייבט ער: „אוב איז אין איר (בוים) אוב ניט" מיט אַ ראַנדגלאָס אויף העברעאיש צו „בוים" (דאָס טרעפט זיך אָפט): „רש״י [דאָס הייסט: רש״י מאַכט דערויף] אדם כשר שיגין עליהם איין בידרמאן". דער אויגסבורגער חומש און די איבערדרוקן, די בערלינער חומש־האַנטשריפט נומ' 691 האָבן דאָ אין טעקסט גופא פאַר „עץ": „איין בידרמן".

פאַר „וחברון שבע שנים נבנתה לפני צוען מצרים" (דארט, 22) שרייבט ער: „אונ' חברון (זיבן ייאר זיא איז ווארדן גיבויאט) צו בור צוען מצרים" מיט אַ ראַנדגלאָס צו די ווערטער אין קלאַמערן: „י״א זיבן מאל זיא וואר בעשר גיבויאט". דער דאָזיקער אויסטייטש (זיבן מאָל בעסער) געפינט זיך אין די פריער דערמאָנטע חומש־איבערזעצונגען אין טעקסט גופא.

פאַר „כי לחמנו הם סר צלם מעליהם" (במדבר יד, 9) שרייבט ער: „דען אונזר (ברוט) זיין זיא עש אישט אב קירט (איר שאטן) בון אב אינן" מיט צוויי ראַנדגלאָסן: א) צו „ברוט": „פ' [=פירוש] נאכלם כלחם", ב) צו „איר שאטן": „י״א איוב שהיה מגין עליהם".

אויגסבורגער חומש און די איבערדרוקן האָבן דאָ גראָד דעם פשט, אָן יעדער דרש. בערלינער חומש־האַנטשריפט נומ' 691 האָט דאָ: „ווען זי זיין גלייך אז אונזר בראט" אאז״וו.

גענוי דאָס זעלבע בילד האָבן מיר אין J: אין טעקסט איז פשט, דערצו דערקלערונגען אין ראַנדגלאָסן.

1) פאַר „להודיעו את הגזרה אשר גזר עליו ה' אלהנו" שרייבט ער: „צו לאסן וואוסן אין (דיא ור שניידונג) דיא ער האט ור שניסן אויבר אין דער הער אונזר גוֹט" מיט אַ ראַנדגלאָס צו „דיא ור שניידונג": „ר״ל דש אורטייל אודר דיא שטרוף" [ט a].

פאַר „ויאמר איש אלהים" שרייבט ער: „דא זייט (איין מאן גוֹטש)" מיט אַ ראַנדגלאָס: „ר״ל איין ורומר אונ' גוטש בוֹרכטיגר מאן דער דא צו מאל אל דא וואר" [קיג a] אאז״וו.

פאַר „ויצו הבחור להריע ולתקוע" שרייבט ער: „אונ' ער גיבוט דער יונגלינג דש מן זולט שאלן (אונ' טויטשן)" מיט אַ ראַנדגלאָס צו „טויטשן": „ר״ל מן זולט מיט דען שופרות בלאזן" [קלט a]. פאר „על הארץ והים והאיים" שרייבט ער: „אויבר דיא ערדן אונ' אויבר דש מיר (אויבר די ווערדר)" מיט אַ ראַנדגלאָס צו די לעצטע דריי ווערטער: „י״א אויבר דיא אינסולן" [כב a די זעלבע גלאָסע, אויך נט b] אאז״וו.

דער דאָזיקער טיפּ דערקלערונגען גייט אָפטמאָל זייער ווייט, אַ שטייגער: „ויאמר לה אלכסנדרוס כל זה יגיע לך ממורך לבבך ושפלות דעתך" הייסט דאָ: „דש אלעש איז גישעהן (אום ווילן) צאגן הערצן אונ' אום ווילן דיינר קליינן ור נופט", מיט אַ ראַנדגלאָס:

„ר״ל העטשט דו אין ניט גיפראגט וואש דר קויניג אין זיים הערצן הוט גטראגן זא העט איך אין ניט דר שלאגן" [נג a].

אויף די ווערטער „משיח מלחמה" גייט אַ גאַנצער לאַנגער פּירוש, אַ היסטאָרישע דערקלערונג, וואָס איז דאָס פאַר אַ פונקציע [ק״ח b].

צו דעם אייגננאָמען „פיאוס" קומט אַזאַ ראַנדגלאָס: „פיאוס דש איז אין שפראך דער רומיים איין ורומר מאן" [קמב b].

גרויסע ראַנדגלאָסן געבן זיך אָפּ מיט דערקלערן רוימישע און יידישע זיטן אאז״וו. ווען דאָס זעלבע וואָרט אָדער אויסדרוק טרעפט זיך ביי אים אַ צווייט מאָל, פאַררופט ער זיך אין אַ ראַנדגלאָס, אַז ער האָט שוין דאָס דערקלערט און ווייזט אָן וואו [קיד b, קיו b, קיט b אאז״וו].

דער דאָזיקער טייל זאַכלעכע, היסטאָרישע, געאָגראַ־

פישע, פאָלקלאָריסטישע, פילאָלאָגישע וכדומה דערקלערונגען צו איינצלנע ווערטער און צו גאַנצע טעקסטן איז אין J דער איבערגרעסטער.

2) דער צווייטער טיפּ ראַנדגלאָסן, פּאַראַלעל אַנדערע טייטשן, איז דאָ פּראָפּאָרציאָנעל ווייניקער ווי אין C, און ס'איז קלאָר פּאַרוואָס: אין חומש זענען שוין געווען טראַדיציאָנעלע טייטשן פון דעם שורש-וואָרט, וואָס האָבן אָפּטמאָל ניט געשטימט מיט דעם אינהאַלט פון דעם קאָנקרעטן העברעאישן טעקסט. בנוגע אַזוינע טייטשן איז דער איבערזעצער אָדער רעדאַקטאָר ניט געווען פריי: מ'איז שוין צו זיי געוואוינט געווען, האָט ער זיי געמוזט ברענגען און אָנגעבן פּאַראַלעל אַ צווייטן טייטש. דער „יוסיפון" איז אָבער געווען אַ נייער ספר, און ניט קיין „הייליקער ספר" דער־צו, איז דער איבערזעצער געווען פריי צו געבן יעדעס מאָל דעם טייטש, וואָס האָט אים אויסגעוויזן צו זיין דער פּאַסיקסטער. דאָך געפינען מיר ראַנדגלאָסן פון דעם טיפּ אויך. אַ שטייגער: „ויבנה על העיר דיק" הייסט ביי אים אין טעקסט: „ער בויאט בייא דער שטאַט איין (שאנץ גראבן)" מיט אַ ראַנדגלאָס: „י"א איין בילײדן [מה"ד: blîde, אַ געווערק צום וואַרפן שטיינער] אודר איין בול ווערק" [קל"ה b. מה"ד: bol-wërc, אויך אַזאַ שליידערמאַשין]. „בעט ברזל" הייסט דאָ: „(מיט איינר פעדר) אייזריין", מיט אַ ראַנדגלאָס: „י"א מיט איינם גריפל" [קס"ט b] [1]; „ברוך אלהים ומת", הייסט דאָ: „(לוב) גוט אונ' שטירב" מיט אַ ראַנדגלאָס: „י"א ולוך גוט אונ' שטירב" [שלג a]

3) די דריטע קאַטעגאָריע ראַנדגלאָסן מוז דאָ נאַטירלעך אויך זיין שוואַך פאַרטרעטן איבער די מאָטיוון, וואָס איך האָב שוין פריער געבראַכט (פּונקט 2). דאָך טרעפן זיך אַזוינע אויך: פרומע אויסטייטשן, גענומען פון דער טראַדיציע, אָדער פון אייגענעם אויפטו. אַ שטייגער צום נאָמען „יהודה (מכבי)" איז פאַראַן אַזאַ ראַנדגלאָס: „י"א מכב"י דאש איז ר"ת [=ראשי תיבות] מי כמוך באלים ה' אונ' דערום דאז גוט יתי' [=יתברך] אַלזו איז גיוועזן אין זיינר הוילף דארום הוט מן אין גינענט יהודה מכבי" [קכר b].

„כי יוסף [דער שרייבער פון „יוסיפון"] היה מלא רוח חכמה" הייסט דא: „דען יוסף דער וואר בול (מיט גימויט) דער קלוגהייט", מיט אַ ראַנדגלאָס צו די ווערטער „מיט גימויט": „י"א מיט נבואה" [שע"ה a]. אזוי: „נבואה" טייטשט מען אָפטמאָל אין אַזוינע פאַלן דאָס וואָרט „רוח" אין די יידישע ביבל-איבערזעצונגען; אַ שטייגער אין C „ורוח אלהים מרחפת על פני המים" (בראשית א, 1) הייסט דא „אונ' (ווינד) גוטש" אאַז"וו, מיט אַ ראַנדגלאָס: „י"א די נבואה גוטש. רש"י—כסא הכבוד" [א a].

1 דער קלאַסישער טייטש פון „עט" אין די יידישע ביבל-איבערזעצונגען איז: „פען". אין האמבורגער הצנטשריפט נומ' 120 (שטיינשניידער 124) איז אָנגעגעבן: „עט גריפל, קולמוס פינא".





יוסף (דער שרייבער פון „יוסיפון") באַשרייבט אין זיין קינה אויף חורבן ירושלים גאָטס וואונדער: „וגם גלי הים היו רודפים ונלחמו מאז ברודפיך", אין J הייסט דאס: „אונ' אויך דיא אינדן דיא וואלן דיש מירס דיא האבן גייאגט" אאַז"וו. אין אַ ראַנדגלאָס ווערט דאָס אויסגעטייטשט: „ר"ל דען יונה הנביא" [ש"פ b] אאַז"וו.

סיי אין C סיי אין J זענען די ווערטער, וואָס צו זיי קומען ראַנדגלאָסן, גענומען אין קלאַמערן.

זאָל דאָ אַגב געזאָגט ווערן: אין SJ, וואָס איז איבערגעזעצט, ווי שוין פריער דערמאָנט, פריי ליטעראַריש, איז פאַר אַזוינע דערקלערונגען קיין אָרט נישטאָ. דאָך האָב איך דאָרט אויך געטראָפן עפּעס אַזוינס. דער איבערזעצער שרייבט לויט דעם העברעאישן אָריגינאַל נאָך:

מ'דאַרף מעביר זיין די סדרה שנים מקרא ואחד תרגום, דאָך איז בעסער, מ'זאָל אַלע דריי מאָל לייענען דעם העברעאישן אָריגינאַל, וואָרים דער תרגום איז געגעבן געוואָרן בלויז דערפאַר, אַז די שלעכטע העברעאישקענער זאָלן אויך פאַרשטיין. באַלד נאָך דער דאָזיקער שטעל גייט אַזאַ אייגענע „הגהה" פון דעם איבערזעצער (אין טעקסט).

„הגהה דען זיא האבן צו דער זעלביגן צייט דען תרגום אלי גימיינליכן גירעס אין איר גימיינן שפראך. גלייך אלז וויר היא צו לאנד אלי גימייניקליך טוייטש רידן. אונ' זיא האבן דען תרגום ויל בעסר קוינן רידן אונ' ור שטין דען לשון הקודש אודר לשון מקרא".

אָט די דאָזיקע קאָמבינאַציע פון טעקסט מיט ראַנדגלאָסן איז צווישן יידישע געדרוקטע ספרים יענע צייט, ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, אַן אייגנטימלעכקייט בלויז פון C און J. אַזוינס איז ניט פאַראַן ניט אין „ספר מידות" (1542), ניט אין אויגסבורגער חומש (1544), ניט אין יוסף בר יקרס סידור (1544), ניט אין אליהו הלויס תהלים (1545). אין אייניקע האַנטשריפטלעכע יידישע ביבלישע איבערזעצונגען קען מען טרעפן עפּעס פון דעם מין, מיט דעם נאָמען „פי'" [=פירוש]: אין דע-ראָסיס חומש-האַנטשריפט (קאָדעקס יודי' גערמ' נומ' 1) אין די מגילות, אין חומש-האַנטשריפט פונעם בריטישן מוזיי נומ' 102, אין באָדלעיאַנער חומש-האַנטשריפט נומ' 170 [2]; אָבער ערשטנס שטייט דאָס אין טעקסט גופא, ס'איז ניט קיין ראַנדגלאָסן. צווייטנס געהערן אַלע דערקלערונגען צו דער דריטער קאַטעגאָריע (לויט מיין פריערדיקער איינטיילונג): צו זיי פרומע אויסטייטשן, גענומען פון הגדה און נד"ש. בלויז אין בערלינער חומש-האַנטשריפט נומ' 691 איז אין אייניקע הפטורות צו זען עפּעס פון דעם מין ראַנדגלאָסן, אָבער אויך נאָר פון דער דריטער קאַטעגאָריע. אַזאַ סיסטעם טעקסט

2 ס'איז פאַר מיר אַ ליבער חוב דאָ צו באַדאַנקען קאָלעגע מאַקס עריק, וואָס האָט פריינטלעך באַזאָרגט פאַר מיר אין דער באָדלעיאַנאַ אַ ביסל פאָטאָגראַפישע קאָפּיעס פון דעם מאַנוסקריפּט.

מיט ראַנדגלאָסן האָט דער איבערזעצער געקענט זען אין די דייטשישע לוטערישע ביבלס, וואָס האָבן זיך געדרוקט יענע צייט אין דער שווייץ.

איך האַלט די קאָמבינאַציע פון טעקסט און די ראַנדגלאָסן, וואָס באַווייזט אַזוי פיל אינערלעכן פּאַראַלעליזם אין דעם כּאַראַקטער פון C און J, פאַר דעם שטאַרקסטן באַווייז, אַז ביידע שטאַמען זיי פון איין האַנט: ווער ס'האָט איבערגעזעצט J, דער האָט איבערגעזעצט, אָדער רעדאַקטירט C אויך.

און ס'איז נאָר צו באַוואונדערן, ווי ווייט מ'האָט אין דער פאָלעכיק וועגן דעם איבערזעצער אָדער רעדאַקטאָר פון C (מיכאַעל אַדאַם אָדער אליהו הלוי) איגנאָרירט דעם דאָזיקן פאַקט, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן שוין פשוט ביים בלעטערן ביידע ספרים.

❀

איך קער זיך אום צו SJ. דאָ איז שוין דערמאָנט געוואָרן, אַז ער געהער צו דעם טיפּ „ספר חסידים", „ספר מידות" (פאַרקירצט SM). SJ שטייט לויט דעם עלטער צווישן די ביידע, נעענטער צום ערשטן.

דעם SM האָב איך שוין ספּעציעל באַהאַנדלט אין אַן אַנדער אָרט[1]. דאָרט איז אויך דערמאָנט (לויט א. רייפמאַן), אַז SM האָט גענומען געוויסע מוסר-פרינציפן אָדער מוסר-אויסטייטשן בײַ SJ, דער SJ איז אַ סך קלענער, בערך אַ פערטל פון SM. ער האָט אויך נישט אין זיך די סיסטעמאַטישקייט וואָס SM, וואָס איז איינגעטיילט אין 27 קאַפּיטלען לויט די מידות נאָך (ליבשאַפט, קנאה, מילדקייט, פוילקייט, שווייגן אאַז"וו). דאָ אין SJ קאָנט איר טרעפן איינס נאָכן אַנדערן: זאָלסט קיינעם ניט נאַרן, אַפילו קיין גוי, און זאָלסט נישט דערמאָנען גאָטס נאָמען אומזיסט. פאַרשטייט זיך, אַז יראת-שמים און מצוות איז דאָ קודם כּל; ווייטער איז דער אויטאָר פאַרנומען מיט אַזוינע פּרטים אַ שטייגער, ווי אַזוי צו וואַשן די הענט פאַר דעם עסן (דריי מאָל וואַסער, ער זאָל די הענט האַלטן אין דער הייך, די ערשטע וואַסערן זאָלן זיך ניט אומקערן און ניט מטמא זיין די הענט אאַז"וו). אָבער אין דערזעלבער צייט איז SJ ניט ווייניקער פאַרטאָן אין „מעשים טובים" און מענטשלעכע מידות, וואָס שטייען ביי אים, געוויינטלעך, אונטער דעם אויטאָריטעט פון אמונה.

אָט וואָס מיר הערן דאָ:

האָב רחמנות אויף דעם מענטשן בכלל, אויף דעם געפאַלענעם און נויטבאַדערפטיקן בפרט, שטיץ אים מיט דיין גוטס, מיט דיין שטאַרקער געמיט. זיי מוחל מענטשן זייער שוואַכקייט, און פּרוּוו זיי אַרויספירן אויף דעם רעכטן וועג מיט גוטע רייד, מיט דיין אייגענער גוטער אויפפירונג. זיי ערלעך מיטן „גוי" אויך. די באַציאונג צום „גוי" איז דאָ אַ ביסל איינגעהאַלטענער, איידער אין SM: דעם גוי זאָלסטו לויבן בלויז נאָך זיינע גוטע מעשים נאָך, און ס'איז פאַר יידן קיין מעלה ניט, אַז „גויים" זענען צו פרום. זאָלסט ניט מצער זיין אַפילו קיין פיך, קיין פויגל. היט דיינע רייד, זאָג ניט קיין שלעכטס אויף קיינעם, טרייב ניט קיין רכילות, קיין חניפה, זיי אָבער ניט מגזם יענעמס מעלות אויך, אַפילו אַ געשטאָרבענעמס: ס'איז פאַר יענעם קיין כבוד ניט, האַלט זיך ניט גרויס מיט דיין לערנען. גיי ריין אַרום זיך מיט דיין קליידונג, טו ניט פאַר דיין חבר אין די אויגן אַזוינס, וואָס אים קאָן זיין מיאוס אאַז"וו.

קורץ, — די פרום-הומאַניטאַרע לערע, וואָס איז אונז שוין נעענטער באַקאַנט פון SM.

איינקע טעקסט-אויסצוגן (איינקע שטעלן פאַראַלעלע מיט „ספר חיי עולם") זאָלן דאָס אילוסטרירן.

אַ פּאָר ווערטער וועגן „ספר חיי עולם". דער טיטל איז (פאַרקירצט):

„ספר חיי עולם... דאז בוך דעש איביגן לעבנש וועלכש דענן זא עש ליזן אוני מיט ולייס ווש דארינן ביגריפן אישט ביהלטן.

אונ' אין צו ווערק ריכטן. גינאד אין דיזר וועלט בייא גאט אונ' אונטן [אונטר?] מענשן.

דר נוך אבר דאש איביג לעבן ער ווירבט. דאר צו אונ"ש דאן דער גוטיכי גאט זאמטליכי וועלי ור העלפן.

נדפס במדינת בריסגויא ע"י [=על ידין] ישראל י"ץ [=ישמרהו צורו] שנת שמ"ג [1583]", 14 בלעטער, קליין קוואַרט[2].

דערפון איז שוין צו זען, אַז דער „ספר חיי עולם" איז אין פאַרנעם בערך די העלפט וואָס SJ, בלויז אַ ביסל געדיכטער געדרוקט. דאָס איז, ווי שוין דערמאָנט, אַ געגראַמטע באַאַרבעטונג פון SJ, בכלל מיט דעמזעלבן אינהאַלט, אָבער קורץ געפאַסט, אָן דער מענגע פּסוקים, וואָס אין SJ, פאַרווירצט מיט אַ ביסל „ליטעראַריש" אייגנס צום גראַם און כּדי לעבעדיקער צו מאַכן דעם מרה-שחורהדיקן פרומען טעקסט.

מערץ 3, 1927.

1 זע מיין אַרטיקל „דער אָנהייב פון יידיש" אין „צוקונפט", ניו-יאָרק, פעברואַר 1924, ז' 125—130.

2 נישט אויסגעשלאָסן, אַז דער ישראל איז אידענטיש מיט „ישראל הזפרוני", וואָס האָט דאָס זעלבע יאָר איבערגעדרוקט אין באַזעל קרעמאָנער יידישן חומש, „אויסגעבעסערט", ד"ה פאַרביטן דערביי איינקע הפטורות מיט דרש פון קרעמאָנער חומש אויף די געהעריקע פּשט-הפטורות פון קאָנסטאַנצער חומש. זע וועגן דעם מיין אַרבעט „וועגן־רען" אין „לאַנדוי-בוך", ז' 124.

ס'איז געווען באַקאַנט אַ קאָרעקטאָר ישראל אויך יענע צייטן אין באַזעל.

## [צוגאָב: אויסצוגן פון „ספר היראה“ 1546 און פון „ספר חיי עולם“ 1583]

### A. ספר היראה.

[a 16] אונ׳ דו זולט ניט בישלויסן דיין האנד בֿון צו לייהן איינם ענֿי אין דער צייט ווען עש אים בֿון נויטן איז אונ׳ ווען ער גרוסן דוחק הוט. דען עש איז גרוס דיא מצוה ווען איינר צדקה גיבט. אונ׳ זיין גירעכטיקייט דיא בלייבט בישטין ביז אין [b 16] דיא איביקייט דאז ער ניט ווירט גיברעכֿן קיינרלייא זך׳ אונ׳ ער זול גידענקן דאז ער צו פֿילן גוים צו צייטן הוט געליהן און ריבית. אונ׳ אוב עש וואורד שווער זיין אין זיינן אויגן דאז ער זול לייהן אים און משכון׳ זא מאג ער וואל בֿון אים נעמן איין משכון אונ׳ ער זול זיך זעצן צו אים איין צייט צו זיינר ביצאלונג׳ אונ׳ אין דער זעלביגן צייט דיא וויל ער אים שולדיג איז דא זול ער אין ניט בירופֿן דאז ער זולט טון צו אים זיין ערבייט אודר קיינרלייא זאכן. עש זייא דען דאז ער אים גיבט זיין בילונונג אלזו באר [=במזומן]׳ דען עש העטי איין גישטאלט אלז ריבית: אונ׳ אין דיינם מעשר געבן דא זולט דו דייני הענד ניט לאסן שלאף ווערדן אונ׳ דו זולט דיך הויטן דאז דו אין גיבשט אז עש רעכט אונ׳ ביליק איזי אונ׳ אויך בֿון אלרלייא זאכֿן דארינן זיך איין מענש ור דינגט עש זייא צו לערנן עש זייא צו שרייבן אודר זונשט צו טון איין אנדר ווערק׳ אודר ווען ער העטי גיבֿונדן איין מציאה אודר דש מן אים העטי עטווס געבן במתנה אודר אין אלערלייא וויין אונ׳ וועג וויא עש אים קעמי עש זייא זילבר אודר גולד אודר געלט׳ בון דעם אלעם זול ער אב שיידן מעשרי דען דיא זך דיא דאזיגי דיא הוט קיין ערך׳ אונ׳ וויא וואל דש דער בורא ית׳ ור בוטן הוט אין אלן דינגן דאז מן נימאנטן ור זוכֿן זולי׳ זא הוט ער עש דוך דר לויבט אם מעשר:

אל תגנוב דו זולט ניט זיין גונֿב דעת הבריות צו קיינם מענשן אונ׳ אפילו צו קיינם גוי דש מיינט דז איינר מיט זיינם מונד עטווס ריט אונ׳ אין זיינם הערצן גידענקט ער עטווס אנדערש׳ אונ׳ דו זולט ניט ווידר שפֿעניגן ווידר דיינן גיזעלן מיא דען צו פֿילי׳

אונ׳ דו זולט ניט זאגן צו אים דיזי אונ׳ דיזי זך האב איך גיטאן אום דיינן ווילן ווען דו זיא אום זיינן ווילן גיטאן הושט׳ נוייארט ווען ער זיך זעלבר טועה ווער אונ׳ דאז ער ור מיינט דו העטשט אום זיינם ווילן עטווס גיטאן זא בידארפשט דו ניט צו אים צו זאגן איך האב עש ניט גיטאן אום דיינן ווילן׳ [a 17] דען ער איז זיך אן דעם דאזיגן זעלבר טועה אונ׳ דו הושט אים דארום ניט גונֿב דעת גיוועזן׳

זה הכלל אין אלי וייז אונ׳ וועג זא איז עש אסור דאז מן ניט זול גונֿב דעת זיין צו קיינעם מענשן: דו זולט ניט גידענקן דען נאמען גוטש אום זונשט׳ דען איין איטליכר דער דא גידענקט דען נאמן גוֹטש אום זונשט דער איז ווירדיג דש מאן אין זאל מנדה זיין׳ אונ׳ אויך זא זולט דו דען נאמן גוטש ניט גידענקן ווען עש דיר שון זיר בון נויטן איז אן איינם אונרייננ אורט׳ אונ׳ דו זולט גאנץ אונ׳ גאר ניט שווירן בייא דעם נאמן גוֹטש אונ׳ אויך ניט בייא זיינן צו נאמן׳ אונ׳ אויך ניט בייא זיינן מידות׳ אונ׳ ניט בייא זיינן ווערקן׳ דש מיינט בייא דער זונן אודר בייא זיינן דינגרן די דא זיין דיא אוברשטן מלאכים׳ אונ׳ אלזו זול ער אויך ניט שווירן בייא דער תורה׳ און אויך ניט בייא דער ווארהייט׳ דען גוֹט דער ווירט גינענט דיא ווארהייט אונ׳ גוט אונזר גוֹט דער איז ווארהאפֿטיג: אונ׳ ער זול ניט ולוכן זיינם גיזעלן מיט דעם נאמן גוֹטש אונ׳ אויך ניט זיך זעלבר׳ אבר ער מאג וואל זאגן כה יעזרני השם דש איז אין טוייטש׳ אלזו העלף מיר דער בורא ית׳:

אונ׳ ער זול ניט גיהורט ווערט קיינרלייא שם טומאה בֿון דיינן לייפֿצן׳ אז דא זיין דיא שמות דער קדישים׃

אונ׳ ווען דו זיא גדענקשט צו דייינר נוטורף דש דו עש מושט טון צו בור דען גוים׳ זא ריד דייני ריד מיט איינר שוואכֿן ריד אונ׳ מיט בישווערטם הויבט: אונ׳ קיינרלייא ניבול פה נוך גאר קיין שאנטליכֿי ריד דיא זול ניט גהורט ווערדן בֿון בון דיינם מונד׳ אונ׳ אויך ניט צו גידענקן קיין זונה נוך גאר קיין שאנטליכֿי זך דא עטווס נבֿלות דראן איז׳ אז דער פסוק שפריכט׳ כי שוחה עמוקה פי זרות׳ דש איז אין טוייטש׳ דען איין גרובן איין טיפֿי איז דער מונד דער ורעמדן׳ דש מיינט דער מונט דער דא פון זנות רידט׳ אונ׳ זי ברינגן אין גאר טיף הינאב אין דאש גיהנם אונ׳ זי ור קירן צו אים זיין בישטימטי צייט דיא [b 17] זיבֿציג ייאר דיא ער לעבן זול צו בויום:

### וועגן ליגנער

[a 14] אונ׳ אלזו איז אויך דיא שטראף דיש ליגנרש דאז ווען ער שון צו צייטן איין ווארהייט זאגט דא גלויבט מן אימס ניט.

### וועגן פאַלשע שבחים

[a 13] [שבחים אויף אמת זאָל מען זאָגן]. מיט איינר מיטלמעסיגן מדה. דען עש איז דעם טוטן מענשן קיין ער ווען מן בון אים זאגט גוטי מדות דיא ניט אן אים גיוועזן זיין.

### וועגן מעביר זיין די סדרה

[a 25, b 25] ...עש איז אבר ויל בעסער דאז ער זול לייאן [=לייענען] דריי מאל אין דער מקרא׳ דען דער תרגום דער איז אליין דארום דאז מן דעשטר באז זול מויגן ור שטין דיא מקרא׳ איינר דער ניט זיר בקי איז אין לשון

הקודש: אונ׳ מכל שכן דש מאן ניט זאל לייאן דיא תורה אין לשון לעזי דש מיינט אין וועלשר שפראך [ווייטער גייט די „הגהה", וואָס איז געבראַכט ז׳ 162].

אונ׳ די פסוקים, די ער לייאט די זול ער לייאן מיט אירן נגינות דען איין איטליכער מענש דער דא לייאט דיא תורה און געזאנג אונ׳ און נגינות׳ דער איז גלייך אלז אוב ער דיא תורה אום גוירטט מיט איינם זק.

## וועגן הכנסת־אורחים

[b11] אונ׳ אפילו ווען ער העטי טויזנט קנעכט אונ׳ מעגט נוך דענוך זול ער זיך זעלבר מויהן אונ׳ ער זול שטין צו בור אינן [פאר די אורחים] צו דינען אינן׳ דען ווער איז אכפרר צו אונש דען אברהם אבינו עליו השלום אונ׳ דער הוט זעלבר גידינט צו דען מלאכים.

[a12] אונ׳ עש איז גרעסר דיא מצוה הכנסת אורחים מי דען דאז מן אנפ־אהט דש אן גזיכט דער שכינה.

[b12] אונ׳ ער טוט אים [דעם אורח] מיא נחת רוח מיט דעם דאזינן דאז ער אין ליגט אין איין גוט ביט [=בעט] וועדר מיט דעם דאז ער אים הוט צו עיסן אונ׳ צו טרינקן געבן. אונ׳ עש איז איין גלגל דש דא אלזו אום לויפט אין דעם עולם׳ איצונדר איז דער אונפאל אויף איינם אונ׳ מורגן איז ער אויף איינם אנדרן.

## וועגן דער פאַרהאַלטונג צו „גויים"

[b22] דו זולט ניט לובן קיינן גוי ניט מיט לויט זעליקייט אונ׳ ניט מיט שוינהייט. נוייארט אליין מיט זיינן מעשים. אונ׳ ווען דו זיכשט איינן גוי דער דא טוט עטוואס גוטס אודר וואָרהאפטיגס אודר צדקה׳ דא זייא אנגשטהאפטיג, דען דיא ורומקייט דער בולקרן דיא איז איין זוינד צו דען ישראלי אונ׳ דו זולט זיא ניט דן זיין לכף זכות עש זייא דען צו בור אירם אן גזיכס. אונ׳ דש זעלביגי זולט דו טון משום דרכי שלום.

### B. ספר חיי עולם.

[b7] נוך בוויליג דש הערץ דיין׳ אונ׳ דיין הנט זול אופן זיין: צו לייהן איינם ארמן דש קומט אים עבן׳ דיא מצוה אישט גרוש ווידר דש דו אים העשט געבן: אז דער פסוק וויל זגן׳ זיין גירעכטיקייט שטיט צו לנגן טגן: דש זול דיר אין דיין הערץ גינן׳ דש דו אך מענכם גוי מושט לושן און ריבית שטין: אונ׳ משכון איז עש דיר עבן׳ זא הייש דיר איין משכון געבן: אך אין דען זעלוויגן צייטן׳ ארמן צו קנולן [1] זולטו מיידן: ווש דער עני דש דו אים זיין לון גוטליך ווילט געבן׳ זא קומשטו אים אבער עבן:

1 „קנולן"=knöllen (שמעללער I, 1351) — שטויסן. דאָ אין זין פון פייניקן.

מעשר צו געבן זיך עבן בור דייך [2]׳ זא ווערשטו גי־וויש רייך: אזא שטיט גישריבן אין דען בויכן [3]׳ דא מיט מגשטו דען בורא וואל ווער זויכן: בון אל דעם גוט דש דו קיינשט [4] הר ווערבן׳ זא קיינשטו אך ניט בור דערבן: עש זייא מיט לערנען אודר מיט שרייבן אודר דש דו איין מציאה העשט גיבונדן׳ גיב מעשר עש גיא דיר אובן אודר אונדן: געלט אודר געלטש ווערט אוב מן דיר העש געבן קליין אודר גרוש׳ מעשר צוגעבן האט קיין מוש:

[a8] דער דין בורא נענט אום זוינשט אודר אישט ואל ווייך׳ אים חרם זול ער זיין: אך צו אלן צייטן׳ דא עש אישט אונריין צו נענן זיין נמן זולטו מיידן:

אך בייא זיינם נמן צו שווערן דש קיינשטו וואל אנטפערן [5]:

אך ניט בייא זיינן מלאכים דער זיין ויל׳ און מוש אונ׳ און ציל: אך זיין זיינר נמן ויל דו ווישט ניט וואו אן דו שפערשט רעכט דארום זייא מיט דיינן ווארטן ועשט אונ׳ שלעכט [6]: בייא זיינם נמן זולטו קיין מענשן שעלטן: דו מושט עש אנדרש זעלוורט געלטן [7]: מיט זיינם נאמן זיך זעלוורט צו ולוכן אודר בייא דיר זעלוורט צו שווערן: זא זול זיך אך נימנט אן קערן:

[a6] „דש איינר אישט איין לויגנר. ווען עש שון וואר ווער. זא שפריכט מן דאך עש זייא איין מער [8]:

[a5] זג דעש גויטן אך ניט צו ויל. ורשט [ור שטוירשט?] אנדרש איין גויט שפיל.

טו אים לויה אונ׳ אין דעש בורא דינשט טו דיין הערץ גנץ. גידענקט דש מיר מושן אל אן דין טנץ [9]:

[a13] אל וואוך דיא סדרה זולטו לייאן מיט אנדר לוייטן. צווייא מול עברי אונ׳ תרגום איין מול. הושטו ניט איין תרגום צו איינם מול טויטש זולטו זיין בירייט. אונ׳ דש טראפא [10] מיט דש אישט דער תורה קלייט: הושטו צו טויטש זגן איין בויזן מגן [11]. זא מגשטו דרייא מול עברי זגן.

2 צום גראַם אַנשטאָט „דיך"?

3 ביכער, אין די הייליקע ספרים.

4 קאָנסט. „יי" אַנשטאָט „א" טרעפט זיך אַ סך מאָל אין „מעשה־בוך" (באַזל 1602). גיכער איז דאָס אַ שרייבגרײַז, איידער אַן אויסשפּראַך.

5 אויסמיידן.

6 פשוט, קלאָר.

7 אָפּקומען דערפאַר.

8 אַ מעשה, אַן אויסגעטראַכטע זאַך.

9 שטאַרבן; אַ בילד גענומען פון דער מיסטעריע „טויטנטאַנץ", געבליבן עד היום אין דער שפּראַך: מען מוז איבערטאַנצן.

10 טראָפּ.

11 קאָנסטו דאָס ניט פאַרדייען.

# אַ נײַ קלאָגליד אויף אַ משרת פון פראַנקפורט

פון פּראָפעסאָר ד״ר אַ. פרײמאַן (פראַנקפורט־מאַין)

די פראַנקפורטער שטאָטישע ביבליאָטעק פאַרמאָגט אונטער דער סיגנאַטור .Jud. Germ 815 אַ יידישן חיבור מיטן נאָמען: „איין נייא קלאג ליד אויף איין משרת פון פראַנקפורט״. אינגאַנצן זײַנען דאָס פיר זײַטן, וואָס פון זיי האַלטן די ערשטע דרײַ דאָס קלאָגליד, די פערטע ברענגט אַ פּאָר רעצעפּטן. די גרייס איז 14×9 צ״מ. אויף ז׳ 4 שטייט געשריבן:

„נדפס פה באזיל בשנת תס״ח לפ״ק״.

נאָר היות 1708 איז אין באַזעל ניט געווען קיין יידישע דרוק און דער לייסט אויף די גליונות ווייזט אָן אויף האַנוי, וואו ס׳זײַנען אין יענער צייט יאָ געדרוקט געוואָרן אויף יידיש עטלעכע זאַכן, בין איך משער, אַז דער חיבור איז געדרוקט 1708 אין האַנוי. די בלעטלעך זײַנען 1903 אַראָפּגענומען געוואָרן פון דעם טאָוול פון אַן אַנדער בוך, וואוהין אַן אײַנבינדער האָט זיי אַרײַנגעקלעפּט; ביים אַראָפּנעמען איז דער טעקסט אין עטלעכע ערטער צעשעדיקט געוואָרן. אַ צווייטן עקזעמפּלאַר, פונעם זעלביקן טאָוול געוואונען, פאַרמאָגט דער יידישער טעאָלאָגישער סעמינאַר אין ניו־יאָרק [1].

דער פראַנקפורטער טויער־שומר איז באַקאַנט דעם גרויסן עולם לייענער פון היינריך היינעס „דער רבי פון באַכאַראַך״ [2]. היינע גיט אים דאָרטן אַזאַ כאַראַקטעריסטיק [3]: „ווי שלעכט באַשיצט איז דאָס פאָלק ישראל! פאַלשע פרײַנד היטן זײַנע טויערן פון דרויסן, און פון אינעווייניק זײַנען זײַנע היטער נאַרישקייט און מורא!״ דער פראַנקפורטער טויער־שומר פון אונזער ליד איז ברוטאַל קעגן פרעמדע יידן, מסתמא אַנטקעגן היימישע אויך.

די פראַנקפורטער יידישע גאַס האָט 3 טויערן („פּפאָרטן״ האָט מען זיי גערופן). איין טויער, צו דער Fahrgasse צו, האָט געהייסן Bockenheimer Pforte; דער צווייטער טויער איז געווען ביים Wollgraben, דער דריטער אינמיטן, ביים יידישן בריקל (Judenbrückchen). ביי וועלכן טויער מען האָט רעווידירט די פרעמדע איז אין ליד ניט אָנגעוויזן.

אויך לאָזט זיך מער ניט אויסגעפינען, צי דער נאָמען יעקב פול וואשיר איז ניט קיין צונעמעניש. אין די אַקטן לכל הפחות איז אַזאַ נאָמען ניט בנמצא.

דער חיבור געהער צו די שפּעטסטע פון דער גרופּע Vagantenlieder [4], פון יענע לידער, וואו דער וויץ און די סאַטירע דערגייען ביז חילול־הקודש. אין זײַן בייסיקייט האָט דאָס קלאָגליד ווייניק זיינסגלייכן אין דער יידישער ליטעראַטור; פונדעסטוועגן איז דער קולטורהיסטאָרישער ווערט פון דעם ליד אַ גאַנץ אָנזיכטיקער [5].

## איין נייא קלאג ליד בניגון אני הגבר אויף איין משרת פון פראנקפורט

הערט צו איר ליבן לייט:
וואז דא פאר גיט אין דיזר צייט:
ווען מיר נאך פראנקפורט זיין בּרייט:
אך מיר ארמי לייט
ווען מיר אורחים נאך פראנקפורט טונין מארשירן:
זא לאט [6] מן אונש ניט פר די טירן:
דא קומט יעקב פול וואשיר מיט זיין שטאק איין
רויז צו לאוירן:
אונ טעט איינם נאך דען אנדרן אין דער וואך שטוב אניין
פירן
אונ דא מיר טונין אין דער וואך שטוב אניין גין:
דא מאכין דיא גבאים אויף דש בוך אונ יעקב פול וואשיר
טעט איין הער גין:
ער שפראך וו״א לנג בישטו היר גיוועזן אונ וויא איז דיין נאמן:
דז יעקב פול וואשיר זאל מיט גאט וויל בלד פר לאמין.
ווען מיר אורחים שון מיט חרפת [!] האבין אונזר
צערונג ביקומן:
זא האט ער גימאכט דז מן האט אונש דז פלעטי [7]
געלט אב גיצוגן אונ וועק גינומין:

1 דער חיבור איז ניטאָ ניט אין קאַט׳ באָדלי׳ ניט ביי בן־יעקבן.

2 Heinrich Heines sämtliche Werke mit Einleitungen, erläuternden Anmerkungen und Verzeichnissen sämtlicher Lesarten von Ernst Elster. IV, p. 468 sq.

3 דאָרט ז׳ 474.

4 אפשר וואָלט פּאַסיק געווען אײַנצופירן אין יידיש פאַר זיי דאָזיקע לידער פון וואַנדערנדיקע סטודענטן, וויבאַלד זיי אַליין רופן זיך אורחים, דעם נאָמען „אורחים־לידער״. [מ. וו.]

5 דאָס ליד איז אָפּגעדרוקט אין באַסינס אַנטאָלאָגיע, נאָר ניט אינגאַנצן פּינקטלעך. [רעד׳]

6 לאָזט.

7 פלעט.

אבר מיר אורחים זעהין דז זיך דיא ק"ק מיט דען מסור
טונין פר זינדן:
מיר האבן גרושה מורא ח"ו דז דארך אירה צדקה ווערט איר
עשירת [!] בלד פר שווינדן
אך טונין זיא זיך מיט איר עשירות איבר נעמן:
אלז ווען זיא זיך העטין אליין בישאפין אונ ווען גאט ניט
דר קענן:

איין נייא קלאג ליד בניגון אנו הגבר אויף
איין משרת פון פראנקפורט

הערט צו איר ליבן לייט: וואז דא פאר גיט
אין דיזר צייט: ווען מיר נאך פראנקפורט
זיין בר'יט: אך מיר ארמי לייט ווען מיר
אורחים נאך פראנקפורט טונין מארשירן: זא לאט מן
אונש ניט פר דיא טירן: דא קומט יעקב פול וואשיר
מיט זיין שטאק איין רוה צו לאווירן: אונ טעט איינם
נאך דען אנדרן אין דער וואך שטוב אניין פירן אונ
דא מיר טונין אין דער וואך שטוב אניין גין: דא
מאכין דיא גבאים אויף דש בוך אונ יעקב פול וואשיר
טעט איין הער גין: ער שפראך וויא לנג בישטו היר
גיוועזן אונ וויא איז דיין נאמן: דז יעקב פול וואשיר
זאל מיט גאט וויל בלד פר לאמין ווען מיר
אורחים שון מיט חרפה האבין אונזר צערונג ביקומן:
זא האט ער גימאכט דז מן האט אונש דז פלעטי געלט
אב גיצוגין אונ וועק גינומין: אבר מיר אורחים זעהין
דז זיך דיא ק"ק מיט דען מסור טונין פר זינדן: מיר
האבין גרושה מורא חו דז דארך אירה צדקה
ווערט איר עשירת בלד פר שווינדן אך
טונין זיא זיך מיט איר עשירות איבר נעמן:
אלז ווען זיא זיך העטין אליין בישאפין אונ וועלין גאט
ניט דר קענן: אונ לאזין אונש אורחים פר דען
מקום שטין אין דר זונין: דז מיר בלד פר שמעלצין
אונ פר ברענין אבר וויל מיר ארמן
לייט

אונ לאזין אונש אורחים פר דען מקום שטין אין דר זונין:
דז מיר בלד פר שמעלצין און פר ברענין
אבר וויל מיר ארמן [ז' 2] לייט זעהין דז זיא דען מסור
דאז טונין ניט ווערן:
קענין מיר וואול גידענקין דז זיא אים האבין אך גערין:
דרום וועלן מיר שווייגן שטיל:

השי' ווערט פרזיך [!] נעמין דז ביזה שפיל
דרום אלי גוטה לייט גידענקט אן הש"י און נעמט
דאז צו הערצן:
וויא מיר דארך דען רשע לייז֗ן שמערצן:
אונ מיר בעטין בייא נאכט אונ בייא טאגין
דז אים דער דונדיר[1] זאל במהרה דר שלאגין.
אבר הש"י לאט אים זיין זכות אויף דען עולם גניסן:
אבר אויף ע"ה[2] ווערט מן דען רשע בראטין אונ
ברענין מיט גלידיגי[3] שפיסן:
הש"י ווערט אים אויף ע"ה זיין לון טאן געבין:
מיר פר האפין דז ער ווערט זיין איין רוח רעה אונ ווערט
אים עולם ארום שוועבין
אבער דער רשע טעט ניקש דר נאך פראגין:
וייל ער האט בייא דיא ק"ק גוטה טאגין:
ער שפראך איך וויל מיך מיט דיא אורחים צענקין
אונ רייסן:
ווען איך בין גישטארבין לאז מיר דער הונט אויף
דז גראב שייסן
דרום איר לייט קענט איר וואול גידענקין:
וויא זיך דר רשע אין גאטש וועק[4] וויל ניט לענקין:
דרום וייל ער וויל זיך ניט קערן צו גאטש גיבאט:
דא זאל ער קרענקין פריא אונ שפאט
דז איז פון זומר אליין:
אבר אם ווינטיר טעט ער פיל ערגיר אום גין מיט
דיא ארמן גימיין:
ער לאט אונש פר דען טאר שטין גרויש אונ קליין:
אונ לאט קיינם פר דיא גבאים ביז אונש טוט אויף
פירן הענט און ביין
אונ מיר שרייאן מיט גוואלט:
אך דוא ליב גאט וויא איז אונש אזו קלט:
אונ דיא ערילים בעו"ה טעטן דר בייא שטין:
פר גרויש רחמנות טעטין זייא אן דען ריקם[5] בטין דאז
זיא זאלין אונש אניין ווארמן לאזין גין
אונ דא מיר זיין פר גרויש רחמנות [ז' 3] צו ווארמען גיקומן
דא קומט דר יעקב פול וואשיר אונ טעט איינים נאך דען אנדרן
ארויז שלאגן דז מיר שרייאן אונ ברומן:
ער טעט ניקש דער נאך פראגין:
אונ טעט אלז פארט צו שלאגין:
דא מוזן מיר ווידר שטין פר דען טאר דרוישן:
איינר שרייאט איך האב קיין קלייד אונ אך קיין הויזן:
דר אנדר שרייאט אך דוא ליבר גאט וויא קאנשטו אזו איין
רשע צו זעהין:
וויא ער מיט אונש טוט אום געהין

1 דונער.
2 = עולם הבא.
3 = גליענדיקע.
4 = וועג.
5 =ריקים=רשעים.

אבר הקב״ה איז איין מאריך אף אונ לאט אים פארט מכין:
אבר אויף ע״ה ווערט מן אים זיין גלידר צו בראכין:
דיא מ״ח [1] ווערין אים זייני גלידר צו שמעטרן:
אונ ווען אים כף הקלע שליידרן:

דרום איר ליבן לייט דז לידליין זאלט איר צו
איין גידעכניש האן:
אונ זאלט מיט אונש ניט אזו אום גין טאן:
דר מיט אז מיר ניט שרייאן אונ קלאגין:
אזו ווערט במהרה משיח קומן אין אונזרן טאגין:
דרויף ווען מיר אמן זאגן

וואלט איר ווישן ווער דז לידליין האט טאן מאכין:
איין מענש אויף צווייא פיס האט עז טאן אויז טראכטין:
אונ יעקב פויל וואשיר זאל זיין גניק צו
בראכין אמן ואמן:
דרום איר ליבן לייט ווערט איר מיין וויניג שרייבן ניט
פר אום גוט האן:

— מלאכי חבלה.

דען איך העט גימווט פיר אדר פינף ביגן פפיר דר צו האן:
דרום וויל איך עז אין קארצין [2] בשליסין
אונ דו מיר זאלין זכות אבות גניסן
אמן ואמן ׳

[ז׳ 4] זא איין מענש רוט היציגי אויגן האט: דוציאן
אין פריש ברונן וואשיר גליגט: דיא אויגן דא מיט אויז
גיוואשין: צו אבנט איין ליינוואנט טיכל אין אייער איל
איין גיטונקט: אונט אויף דיא אויגן גליגט: פר טרייבט
דיא היץ פון דיא אויגן

זא איין מענש דאז רייסן אין לייב האט דר צווינג
דרייא טראפין אוין [?] פערט דרעק מיט בראנט ווין איין
גינומן: אונט זיך ווארם דר בייא גיהאלטין:

נדפס פה באזיל בשנת
תס״ח לפ״ק [3]

2 קורצן.

3 עטלעכע ערטער, וואָס זיינען אין דעם פראַנקפורטער עקזעמפּלאַר אָפּגעריבן, זיינען דאָ פאַרריכט לויט אַ פאָטאָגראַפיע פון דעם ניו־יאָרקער עקזעמפּלאַר, וועלכע עס האָט איבערגעשיקט אין רשות פון ייוו״א פריינד י. ריוווקינד, ניו־יאָרק. [רעד]

# די ראָלע פון נעמען אין אונזער מאַמע-לשון

פון צבי שפּירן (מיעלעץ)

בײַ אַלע פעלקער און אין אַלע שפּראַכן ווערן נעמען פון מענטשן באַנוצט ניט בלויז אַלס נעמען, נאָר אָפט אויך אַלס באַגריפן, אַלס שמות נרדפים, אַלס סימבאָלישע ווערטער, אַלס ווערטער, מיט וועלכע ס'לאָזט זיך לייכט אילוסטרירן אַ געוויסער געדאַנק אָדער עפּעס כאַראַקטעריזירן, — אַלס סינאָנימען. די דאָזיקע נעמען האָבן דאַן גאָרניט קיין געמיינזאַמס מיט זייערע טרעגערס, זיי זענען, אַזוי צו זאָגן, אַבסטראַקט, און ווערן געברויכט נאָר אַלס משל ומליצה, אַלס בילד. דערפאַר טאַקע געפינען מיר אין די אַלערליי פאָלקס-משלים און שפּריכווערטער און אין די פאַרשיידענע פאָלקסטימלעכע רעדנסאַרטן פיל נעמען. אַזעלכע אַבסטראַקטע נעמען אין דער פאָלקס-שפּראַך שטעלן מיט זיך עפּעס פאָר, זיי סימבאָליזירן אַ אידעע, אַ געדאַנקענגאַנג אָדער עפּעס אַ פּאַסירונג.

אַזוי, למשל, ווען אַ קאַרגער קמצן ווערט פּלוצים אַ מילדער מחותן, אַ פּזרן, זאָגט מען אויף אים אין פּויליש, אַז ער איז געוואָרן אַ „שטשאָדרי [מילדער] מאַרטשין", אַ דאַמען-פריינד, אַ קליידל-יעגער, ווערט גערופן אין אַלע לשונות אַ „דאָן זשואַן", אאַז"וו. באַזונדערס געפינען זיך פיל נעמען אין שפּריכווערטער און אין אַפאָריזמען; אַזוי למשל: „וואָס האַנסל האָט ניט געלערנט, וועט האַנס שוין קיינמאָל ניט אויסלערנען" (אין דייטש); „אַז ניט פּאַוועל — איז גאַוועל" (אין פּויליש), א"אַנד. אַפילו לענדער און פעלקער ווערן גערופן מיט פאַרשיידענע פּערזאָנענעמען: דאָס ענגלישע פאָלק האָט אַ צונעמעניש „דזשאָן בול" (דעם דאָזיקן נאָמען האָט דער ערשטער געברויכט אַן ענגלישער סאַטיריקער), און דאָס פאָלק פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע ווערט שפּאַסיק גערופן „ברודער יאָנאַטאַן" (צוליב אַ וואָרט פון דזשאָרדזש וואַשינגטאָן אין יאָר 1775). אַמעריקע האָט חוצדעם נאָך אַ צונעמעניש — דעם באַרימטן שפּאָט-נאָמען „אָנקל סעם" (Uncle Sam), מיט וועלכן די ענגלענדער האָבן זיי מכבד געווען, חוזק מאַכנדיק אויס דעם שטאָלצן אַמעריקאַנישן U S (די ראשי-תיבות פון United States). דער גראָבלעכער תמעוואַטער דייטש ווערט אַלגעמיין גערופן מיט דעם שפּאָט-נאָמען „דייטשער מיכעל", וועלכער איז אַ פּאַראָדיע, אַ חוזק-נאָמען פונעם העברעאישן נאָמען „מיכאל", אין וועלכן ס'דריקט זיך אויס די גרויסקייט און שטאַרקייט פון גאָט (קען זיין, אַז מהאַי טעמא רופט מען אויך אין יידיש אַ פּראָסט-פּשוטן חי-וקים, אַ נאַרישוואַטן פאַרשוין, אַ „גולם מיכל").

בײַ קיין שום אומה ולשון אָבער האָבן זיך אַזעלכע נעמען אַלס איינפאַכע שפּראַכווערטער, אַזעלכע נעמען-סינאָנימען ניט איינגעבירגערט אין אַזאַ ריזיק גרויסער צאָל, ווי בײַ יידן. עס ווייזט אויס, אַז מיר יידן האָבן פון אייביק אָן געהאַט אַ נייגונג צו אָפּערירן מיט נעמען אין אונזער שפּראַך. שוין אין אונזער פאַרצייטיקער ליטעראַטור געפינען מיר אַ היפּש ביסל נעמען פאַרבראָקט אין פאָלקס-ווערטלעך, וועלכע ווערן באַנוצט נאָך אַפילו ביזן היינטיקן טאָג, ווי למשל: „הלך חמורך, ר' טרפון"; „הגם שאול בנביאים?" „רבי לא שנא, ר' חייא מנין?" „עושה מעשי זמרי, ומבקש שכר כפנחס"; „טוביה חטא, וזיגגוד מינגוד" און ענלעכע.

אָבער אין העברעאיש איז די צאָל פון אַזעלכע נעמען פאָרט באַשרענקט, מחמת העברעאיש איז דאָך שוין אַזאַ לאַנגע צייט ניט קיין לעבעדיקע שפּראַך אין פאָלקס-מויל. דערקעגן אין יידיש זענען אַזעלכע נעמען פאַראַן גאָר-גאָר פיל, אַ גאַנצע מאַסע. די יידישע שפּראַך האָט איינגעשלונגען כמעט אַלע פאַראַנענע נעמען, און פיל נעמען אַפילו אין מערערע וואַריאַציעס, אויף פאַרשיידענע אופנים. און ניט נאָר די אייגענע, יידישע נעמען, נאָר אויך פיל העברעאישע, מיט וועלכע יידיש איז דאָך ענג פאַרקניפּט, און אַפילו פרעמדע, גוייִשע, האָט יידיש אַריינגעצויגן און איינגעזאַפּט אַ שפּאָר ביסל. די צאָל פון אַזעלכע נעמען-סינאָנימען אין יידישן לשון איז אַזוי גרויס, אַז מען קען זיי אַזש, צוליב זייערע באַדייטונגען פון פאַרשיידענערליי כאַראַקטער, איינטיילן אין עטלעכע קאַטעגאָריעס. פאַראַן נעמען, וועלכע מען באַנוצט בדרך שפּאַס, איראָניש, שטיפעריש, נעמען, וועלכע דינען אַלס אָנצוהערעניש, אַלס זידלווערטער, נעמען אַלס אָביעקט פון וואָרטשפּילן און קינדערשפּילן, און אַפילו פּיקטיווע נעמען, וועלכע עקסיסטירן לגמרי ניט, נאָר די פאָלקספאַנטאַזיע האָט זיי אויס-

געטראַכט, — ווי מיר וועלן דאָס ווייטער זען. פאַראַן אַזעלכע נעמען, וואָס ווערן באַנוצט ביי יידן אומעטום, און פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס זענען באַקאַנט נאָר אין געוויסע געגנטן און האָבן בלויז אַ לאָקאַלן כאַראַקטער.

ווען מען וויל חוזק מאַכן אויס עמעצן, וועלכער מענטשט זיך און גרייסט זיך, און זאָגן אויף אים שפּאַסיש „אויך מיר אַ מענטש!" איז דאָ אויף דעם אַן איראָנישע אָנצוהערעניש: „אָדם — אַ מענטש!"

אויף אַן אַלטן מאַן זאָגט מען גוזמאדיק: „ער האָט מתושלחס יאָרן" (נאָכן ביבלישן מתושלח, וועלכער האָט געלעבט 969 יאָר). — אין דעם זעלבן זין ווערט דער דאָזיקער נאָמען באַנוצט אויך ביי די אומות העולם.

אַן באַזויפענער איז „שיכור ווי לוט".

אַ מערדער, אַ שלעגער, ווערט געקרוינט מיטן נאָמען פונעם ערשטן מערדער: קין.

אַ אַלטער ייד אַ בעל-עבירהניק הייסט ביי יידן: „אַן אַלטער תרח".

אַ רויער מענטש, אַ ברוטאַלער יידנפיינד, איז ביי יידן אַן עשו.

המן איז דער טיפּישער נאָמען פאַר אַ אַנטיסעמיט. — חוצדעם, ווען מען וויל זאָגן אויף איינעם, אַז ער וועט האָבן אַ מפּלה, זאָגט מען, אַז ער וועט האָבן „המנס סוף".

אַ שוטה ווערט גערופן מיטן נאָמען פונעם יינגסטן פון די עשרת בני המן: ויזתא.

אַן עושר, אַ גביר, ביי וועמען ס'געפינט זיך אַ שלל מיט געלט, איז „רייך ווי קורח", אָדער: „ער האָט קורחס אוצרות" (ביי די גויים באַצייכנט מען אַ גרויסן עושר מיטן נאָמען פון זייער אַ רייכן מלך אין אַלטערטום: קרעזוס).

ווען מען וויל אַ שונא „אָנלערנען דרך ארץ", אים געבן אַ האַרטע נוס צו קנאַקן, ער זאָל זיך דערביי צעברעכן די ציין, „לערנט מען מיט אים בלק" (מסתמא איז עס אַ שווערע סדרה פאַר די חדר-יינגלעך, וועלכע באַקומען דערביי קלעפּ מיטן רבינס קאַנטשיק).

ווען עמעצער איז פרעסעריק, אַז ער וואָלט אויפגעגעסן „אַן אָקס מיט די הערנער" און ניט איבערגעלאָזט קיין שריד ופליט, — איז ער „הונגעריק ווי אַ נבוזראַדן"

אַז מ'וויל איינעם מאַכן צו קליינגעלט, צו נישט-מאַכן. זיינע מעלות, זיין בקיאות און לומדות, גיט מען אָנצוהערן, אַז „ער איז גאָרניט אַזאַ מר-בר-רב-אַשי".

אַ מיאוס באַשעפעניש, אַ פּאַרזעניש, אַ פאַרקרימעכץ איז אַ יויזל.

אַ פאַרנומענער מענטש, וואָס איז כסדר פאַרהאַוועט, פאַרעוסקט און פאַרטרודעט, איז פאַרשמעיהט [1].

ווען איינער איילט כסדר, האָט קיינמאָל ניט קיין

1 אין אפשר שטייט דאָס וואָרט אין צוזאַמענהאַנג מיט „שמייע" — עס רינט פון אים די שמייע — [ז. ר.].

צייט, רק ער יאָגט און לויפט, רק ער האַוועט און שוויצט, מוסרט מען אים מיט דעם וואָרט: „יאָג, לייבוש!"

אַז מען איז מיט עמעצן אין אינטימער פריינדשאַפט, „קנעפּל בקנעפּל", אַ נאָענטער מחותן, איז מען מיט אים „אַ גאַנצער שמעלקע".

ווען איינער האָט צוויי אַנטקעגנגעזעצטע מיינונגען, ער איז אַ פוסח על שני סעיפים, איז ער „האַלב יאָקיש און האַלב פייוויש".

ווען איינער גייט אַרום תמיד אָנגעבלאָזן, פאַרריסן די נאָז און האָט צו יעדן און צו אַלעם בלויז טענות און תביעות, אומזיסט און אומנישט, בלויז אויס איינרעדעניש, איז דאָ אויף דעם אַ וואָרט: „ער טראָגט זיך אַרום מיט גימפּלס פּרעטענזיעס".

אַז איינער דרייט זיך אַרום ווי אַ נאַר אויפן מאַרק פּוסט-און-פּאַסט און ווייסט ניט, וואָס ער זאָל מיט זיך טון, זאָגט מען אויף אים, אַז „ער דרייט זיך אַרום ווי ברוך אויפן יאַריד".

ווייל איינער כאַפּן ביים צווייטן אַ מציאה, און יענער לאָזט זיך ניט, גיט ער אַ אָנצוהערעניש: „ניט ביי מאָטיען!"

פאַרלאַנגט איינער פון צווייטן אַ זאַך, וועלכע יענער האָט ניט קיין חשק צו געבן, פּטרט ער אים אָפּ מיט אַ תשובה: „כ'וועל דיר דאָס שיקן מיט ר' שבתין".

אַ שלימזלדיקער מענטש, אַ לא-יוצלח, איז אַ שלומיאל (מסתם פאַרגרייזט פון „שלימזל". — דער שפּאָטנאָמען ווערט באַנוצט אויך ביי דייטשן).

אַ אומבאַהאָלפענער פאַרשוין, אַ אומגעלומפּערטע בריאה, אַ „ליימענער גולם" און אַ לעמעשקע דערצו, ווערט באַשיינט מיטן נאָמען למך (קען זיין, אַז פאַרגרייזט פון „געליימט", אָדער „לעמעשקע" אָדער גאָר פון וואָרט „ליים". נאָר וואָרשיינלעכער איז, מחמת דער ביבלישער למך איז טאַקע געווען אַ „געליימטער טערק" און אַ בלינדער דערצו, און איינמאָל האָט ער ניט-ווילנדיק דערהרגעט מיט אַמאָל צוויי מענטשן, זיין עלטער-זיידן קין און זיין זון תובל-קין, צוליב וואָס זיינע צוויי ווייבער זענען מיט אים ברוגז געוואָרן און האָבן ניט געוואָלט וואוינען מיט אַזאַ „למך". — לויט אַ ווערט פאַרדינט זיך אַ נאַר אַ לעקיש גערופן צו ווערן „למך", דערפאַר, ווייל למך איז געווען דער ערשטער מאַן, וואָס האָט גענומען צוויי ווייבער...).

„נחַ מיט זיבן גרייזן" איז אַ געלונגענע קריטיק אויף עמי-הארצים, וואָס ווייסן ניט קיין „צלם פאַר קיין אלף". דאָס האָט אָבער ניט צו טון מיט נחן גופא, נאָר מיט זיין קליינטשינקן נאָמען פון קוים צוויי אותיות, וועלכן עמי-הארצים שרייבן פונדעסטוועגן (גוזמאדיק) מיט גאַנצע זיבן גרייזן.

אַנדערש אָבער נחס בן חם, וועלכער האָט זוכה געווען, אַז עמי-הארצים, אומדערצויגענע גראָבע יונגען, בורים, גראָביאַנעס זאָלן געקרוינט ווערן מיט זיין נאָמען. דאָס איז אפשר צוליב דער מיאוסער מעשה, וועלכע ער האָט געטאָן מיט זיין פאָטער, וועגן וועלכ— ס'דערציילט

אונז דער חומש. און אפשר גאָר צוליב דעם עצם נאָמען, וועלכער איז אַן אָפּקירצונג פון „חמור". ס'איז דערביי כדאַי צו באַמערקן, אַז אויך אין פויליש[1] זידלט מען אַן עם־הארצישן מענטשן, אַ פּויערניונג, מיטן צונאָמען „כאַם" (chamstwo).

אין פוילן האָבן יידן נאָך אַנדערע צונעמענישן פאַר עמי־הארצים: די טיפּישע פּויערנעמען וואַיטעק און מאַציעק. שטראָפט אַ פאָטער זיין זון, וואָס וויל ניט לערנען, זאָגט ער אים: „וואָס וועט אויס דיר ווערן — אַ וואַיטעק?"[2] (ענלעך רופט מען אַ גראָבע מויד מיט גראָבע מאַנירן מיט דעם שיקסע־נאָמען: אַ גראָבע קאַשקע).

אין רוסלאַנד־אוקראַאינע האָבן יידן ווידער אַן אַנדער צונאָמען פאַר אַ פאַרגרעבטן יידן: אַ איוואַן.

אַחוץ די דאָ דערמאַנטע זענען פאַראַן נאָך אַנדערע גויאישע נעמען, וועלכע זענען אריינגעצויגן געוואָרן אין דער יידישער פאָלקסשפּראַך, אַ שטייגער: פריץ, אַלפאָנס, מאָריץ און אַנדערע.

אויף אַ ניט דערפאַרענעם מענטשן, אַ יונגן שנעק, אַ צוציק, זאָגט מען: „ער איז נאָך אַ פריץ" (פאַרצויגן פון דייטשן נאָמען „פרידריך").

אַ חתן אָדער געליבטער (אייגנטלעך: שותף אָדער באַלעבאָס) פון אַ גאַסנמיידל ווערט גערופן מיטן באַקאַנטן נאָמען פון די שפּאַנישע מלכים: אַלפאָנס (דער טייטש פון דעם נאָמען איז: „גרייט צו אַלץ").

מאָריץ — דאָס איז דער טיפּישער יידישער אַסימילאַטאָר, וואָס רופט זיך דווקא מיט אַ גויאישן נאָמען. דער נאָמען איז שוין אַזוי פאַריידישט, אַז די גויים שעמען זיך מיט אים, און זיי באַנוצן אים נאָר אַלס שימף־נאָמען אויף אָפּצוחוזקן אין זייערע וויצנבלעטער און אין די קאַבאַרעטן אויס די יידן, וועלכע זוכן אין אַלעם נאָר נאָכצוקרימען די גויים, אַזוי וווייט, אַז ס'געפעלט זיי ליבער צו הייסן „מאָריץ" ווי למשל „משה".

משה — דער נאָמען פאַרנעמט אַ באַזונדערע גאַלעריע אין אונזער נעמען־קאָלעקציע. עס זענען פאַראַן פילערליי „משהס".

דאָס נאַאיווע פובליקום, דער נאַרישער, תמעוואַטער עולם, וואָס גלייבט אין אַלץ, וואָס מען רעדט אים איין, הייסט פּראָסט־פשוט „משה" אָדער „משה־גולם".

אַז מען וויל אָנווייזן אויף עפּעס, וואָס איז איינעם דערלויבט און דעם צווייטן פאַרבאָטן, איז דאָ דערויף אַ ווערטל: „משהלע מעג, און משה טאָר ניט". משהלע, דאָס איז דער „שיינער ייד", וועמענס נאָמען מ'דערמאַנט בהכנעהדיק, דרך־ארצדיק, פאַרצויגן; משה — דאָס איז דער המון־מענטש, דער סתם־ייד פון גאַס.

1 און אויך אין רוסיש—[ז. ר.].

2 אין מינסקער געגנט געברויכט מען אין דעם פאַל דעם נאָמען יורקע; אין האָמלער געגנט געברויכט מען די נעמען: סטיאָפּקע, יעחטוך—[ז. ר.].

און ניט נאָר ביי אונז יידן, — אויך די גויים האָבן שוין אַזאַ „חזקה", אַז סתם אַ ייד איז אַ „משה".

אין פוילן, למשל, און מסתמא אויך אין מאַנכע אַנדערע לענדער, ווען אַ שייגעץ טשעפּעט אַ יידיש ייִנגל, און דאָס ייִנגל אַנטלויפט, שליידערט אים דער שייגעץ נאָך שפּאָטיש: „מאָ־יִשעו!"

ווען אַ פוילישער פויער טענהט־איין מיט אַ פרעמדן יידן, וועמענס נאָמען ס'איז אים ניט באַקאַנט, רופט ער אים פאַר יוצא־וועגן גלאַט־אַזוי אין דער וועלט אַריין „מאָישע" אָדער „מאָשעק" (מאָשקע).

אין דייטשלאַנד ווידער האָט מען דעם נאָמען „משה" אַ ביסל צוגעדייטשט אויף מוישעל (לייען: מאַאושעל), און אויס אים געמאַכט גאָר אַ זידלוואָרט אויף יידן. אַלץ וואָס ס'איז יידיש, ווערט באַצייכנט מיט אָט דעם „שימף"־נאָמען; אַפילו, אַז מ'רעדט יידיש, הייסט עס מ'מוישעלט... דערביי מאַכן די „געלערנטע" דייטשן אַ פרומען אָנשטעל, אַז „מוישעל" איז ניט עפּיס אַנדערש ווי דאָס העברעאישע וואָרט „מושל" (געוועלטיקער, האַר), מיט וועלכן מ'איז חלילה ניט אויסן צו באַליידיקן, נאָר ס'איז פשוט אַזאַ מין טיטולירן „הער" אויף לשון־קודש...

אין די לעצטע יאָרן האָט זיך דער זידלנאָמען „מוישעל" אַריבערגעכאַפּט אויך אין דער יידיש־נאַציאָנאַליסטישער ליטעראַטור אויף דייטש אַלס באַצייכענונג אויף די אַסימילירטע „יאַהודים" און „איזראַעליטן", — די מאָשקעס.

מאָשקע. — דאָס איז אַ באַקאַנטער טיפּ פון יידישע רעדלפירערס אין גאַליציע, וואָס זענען גאַנצע קאָכלעפל ביים „פריץ", פאַר וועמעס אַ שמייכל זיי פאַרקויפן אַלע יידן און זייערע אינטערעסן. דער נאָמען „מאָשקע" שטאַמט פון יענע צייטן, ווען יעדער פוילישער פריץ האָט געהאַט זיינע יידישע ארענדאַרס און „מענטשן", וועלכע ער פלעגט מעשה־חוזק דווקא רופן מיט אָט דעם נאָמען. אַז דער פריץ האָט געמאַכט אַ שמחה, האָבן זיך, אויף זיין באַפעל, זיינע „מאָשקעס" פאַרשטעלט פאַר פּאַיאַצן, געטאַנצט און געזונגען „מה יפית". צוליב זייער סערוויליזם ווערן טאַקע די גאַליציש־יידישע פּאָליטיקאַנער, עסקנים און שתדלנים פון אַלטן שניט, אַחוץ מיטן נאָמען „מאָשקעס", גערופן אויך „מה־יפיתניקעס".

צוליב דעם, וואָס דער נאָמען „משה" באַצייכנט דעם סתם־ייד, כאַראַקטעריזירט מען מיט דעם נאָמען אין איינוועגס פאַרשיידענע יידישע טיפּן.

אַזוי למשל, זאָגט מען אויף אַ אויפגעקומענעם מענטשן, אַ בעל־גאווה, וועלכער איז „אין גרויסן", שטאָלץ, קוקט אויף אַלעמען פון אויבן אַראָפּ און בלאָזט פון זיך, אַז „ער איז שוין משה־גרויס".

איינער, וואָס טוט אַלץ פאַרקערט ווי עס באַדאַרף צו זיין, מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף, אַ מענטש

מיט אַ פאַרקערטן שכל. וואָס האָט אַ טבע יעדן צו איבערשפּאָרן, אַ איפּכא־מסתּבראניק, איז אַ „משה־קאַפּויר".

אפילו די קאָמישע פיגורן, די שוטים, לעקישעס און גולמס, וועלכע מ'רופט געוויינטלעך מיט „קאָמישע" נעמען („אַזאַ יונה!" „אַזאַ יאָקלו!" אָדער „גרונם־צדוק"). אפילו די דאָזיקע קאָמישע פאַרשוינען באַקומען צוגעשענקט במתּנה צו זייערע שטיפעדישע צונעמענישן דעם נאָמען „משה", און מען רופט אַזאַ לעמעשקע־טיפּ משה־יונה אָדער משה־יאָקל. ס'איז אפילו פאַראַן אַ ווערטל אויף גראַם, מיט וועלכן מ'באַצייכנט אַן „אָפּגעריסענעם נאַר", וועלכער מאַכט זיך לעכערלעך מיט זיינע נאַרישע העוויות: „ער האָט אַ פּנים ווי משה־גראָנים" (גרונם).

פיל מער ווי „משה" דריקט־אויס דעם ייד, נאָר אין אַ פיל ברייטערן זין, דער נאָמען ישראליק, יידל אָדער יאַנקל. אונטער יעדן פון די דאָזיקע דריי נעמען, וועלכע ווערן אין פאָלקסלשון אַזוי אָפט געברויכט, פאַרשטייט מען אַלוואָריש דאָס יידישע פאָלק, דעם יידישן כּלל. ווען מען זאָגט למשל „ר' יאַנקל משלם" (וואָרטשפּיל פונעם נאָמען „משולם"), מיינט מען דערמיט צו זאָגן, אַז דער ייד, דאָס יידישע פאָלק, מוז שטענדיק באַצאָלן פאַר יערנס חטא, איז דער אייביקער שעיר לעזאזל.

אַ באַזונדערן אָרט פאַרנעמען די ווייבערשע נעמען:

אויף אַ יצר־הרעדיקער פרוי זאָגט מען: „זי איז חווהס טאָכטער".

ווען מען וויל אָנווייזן אויף אַ זאַך, אַז זי איז שוין אַלט און ניט מאָדערן, גיט מען אָנצוהערן, אַז זי איז נאָך „פון דער באָבע יאַכנעס צייטן". היינטיקע צייטן, הייסט דאָס, רופט מען מיט שענערע און „מאָדערנערע" נעמען, און יאַכנע האָט געלעבט מיט יאָרן צוריק און איז ניט געווען קיין „מאָדערנע דאַמע".

ברײַנדל איז אויך ניט קיין „מאָדערנער" נאָמען, און די יידענע, וועלכע טראָגט אָט דעם פּשוטן, אַלט־פרענקישן נאָמען, איז געוויס אַ פּשוטע יידענע, אַ פרומע יידענע, און פירט אוודאי אַ כּשר הויז און דערפאַר: „אַז די יידענע הייסט ברײַנדל, מוז מען עסן פון איר ברײַנדל" [1].

אַ יידענע אַ כוואַט איז אַ „ברײַנדעלע קאָזאַק".

אַ שלעכטע באַלעבאָסטע, וואָס קען ניט פירן קיין ווירטשאַפט, רופט מען איראָניש: „באַלעבאָסטע ראָניע".

„דיזעלבע יענטע, נאָר אַנדערש געשלייערט" — איז אַ באַקאַנט ווערטל.

יענטע, פונקט אַזוי ווי אירע חברטעס יענטע־דוואָשע און חנה־פּעסל, רעפּרעזענטירן די פאַרשמאָדערטע ווייבער מיט מענה־לשונס, די פאַרצייטיקע יידענעס מיט צען מאָס רייד, מיט שאַרפע צינגלעך, וואָס האָבן ליב צו באַריידן און סתּם צו יענטעווען — די דאָזיקע דריי

1 ליטווישער וואַריאַנט: אַז ער הייסט מענדל, מעג מען עסן פון זיין פענדל — [ז. ר.].

ווייבער־העלדן, וועלכע זענען אייגנטלעך איין־און־דערזעלבער טיפּ, האָבן מיר, דוכט מיר, גענומען פון דער ליטעראַטור.

אויך אַנדערע נעמען זענען פון דער ליטעראַטור אַריבערגעגאַנגען אין רעאַלן לעבן, אין טאָג־טעגלעכן שמועס, ווי למשל: דער כוואַטסקער שאַרלאַטאַן שייקע פייפער, דער אייביק שטילער באָנציע שוויַיג אָדער דער היינט שוין אַזוי פאָלקסטימלעך געוואָרענער לופטמענטש מנחם־מענדל. דערקעגן ווידער האָט די ליטעראַטור גענומען פונעם לעבן אַנדערע באַקאַנטע טיפּן, אַ שטייגער די קאָמישע פאַרשוינען האָצמאַך און שמענדריק, וועלכע פיגורירן אפילו אַלס העלדן אין דראַמען. הגם זיי זיינען גאָר פיקטיווע נעמען, וועלכע עקסיסטירן בכלל ניט אין דערווירקלעכקייט.

אויסגעטראַכטע נעמען זענען אין דער יידישער שפּראַך דאָ מערערע. אַפּנים, אַז דעם יידישן וואָרטשאַץ איז נאָך ווייניק געווען די גרויסע מאַסע אמתע נעמען, וועלכע ער האָט איינגעשלונגען אַלס הילפסווערטער, האָט דאָס יידישע לשון נאָך געשאַפן קינסטלעכע נעמען צום אויסהעלפן זיך.

אָט האָבן מיר דעם באַרימטן חוזק. אַלע וויציקע מעשיות האָבן מיט אים פּאַסירט (די באַרימטע „חוזקס מעשיות"!), אַ גאַנצע ליטעראַטור איז דאָ וועגן אים, — און ער איז גאָר אַן אויסגעפּאָטיזירטער העלד, אַן אויסגעטראַכטער נאָמען, וועלכער שרייבט זיך גאָר, מעשה־חוזק, לויט דער העברעאישער אָרטאָגראַפיע, כּדי מען זאָל ניט זען, אַז „ער האָט אַ פּנים ווי כויזעק".

אָדער נעמען מיר דעם באַוואוסטן רבין ר' צאָץ, דעם „זיידען" פון די אַלע „שיינע" יידן, וועלכע ווילן באַגעוואַלט גילטן אַלס מיוחסים. אַ קלייניקייט זיין „יחוס"! — זאָגט מען אויף אַזאַ „שיינעם יידן" איראָניש — דעם רבין ר' צאָצעס אַן אייניקל!...

פונקט אַזוי זענען אויסגעטראַכטע העלדן דער נאַרישעוואַטער לעקיש, דער קבצן דלפון (געמאַכט אויסן וואָרט „דלות") [2] און „דער אַלטער יצמח" (פאַרגרייזט פון „צמח"), וועלכער וויל נאָך „מיטמאַכן", געניסן פון לעבן און שפּילן די ראָלע פון אַ יונגן.

אַ ייד בלייבט קיינמאָל ניט אין אַ פאַרלעגנהייט, ווען ס'פעלט אים בעתן דערציילן עפּעס אַ מעשה גראָד אויס אַ נאָמען. ער האָט תּמיד אונטער דער האַנט אַ ריי נעמען־סוראָגאַטן אין רעזערוו: ר' פּלוני, ר' אלמוני, ר' ייד, ר' קרוב, אָדער גאָר: ר' אָץ, ר' קוצק און ענלעכע. מיט דעם טיטל „רב" ווערט בכלל אין יידישן לשון כּמעט יעדעס וואָרט געקרוינט פאַר אַ נאָמען.

גאָר אינטערעסאַנט און אָריגינעל זענען די וואָרטשפּילן מיט נעמען צוליבן לשון נופל על לשון. יידן האָבן

2 די פראַגע וועגן דעם אָפּשטאַם פון „דלפון" איז אַ שטריטיקע — רעד'.

בטבע ליב וואָרטקוּנצן, בייגיקע ווערטער, וועלכע מ׳קען טייטשן אי אַזוי אי אַנדערש, און זיי שפּילן זיך מיט אַזעלכע ווערטער, דרייען זיי אַהין און אַהער, אַז זיי זאָלן האָבן פאַרשיידענע באַטייט.

אַז מאַנספּאַרשוינען און פרויען זאָלן האָבן די זעלביקע נעמען, איז באַקאַנט. למשל: זיסל און פּיניע (דער מאַנסבילשער „פּיניע" איז פאַרצויגן פון „פּנחס"). אָבער אַזאַ קוריאָז, אַז אַ מאַנסביל זאָל הייסן אסתּר, איז ניט בנמצא. דאָס איז אַ ריין-ווייבערשער נאָמען! דערציילט אָבער אַ חדר-יינגל שטיפעריש און מיט גדלות פאַר זיינע חברים טאַקע אַזאַ „וואונדער". אַז ביי זיי אין שכנות וואוינט אַ ייד אַ מאַנסביל — אסתּר.

— ס׳איז ניט מעגלעך! — אַמפּערן זיך די חברים.

— איר זעט דאָך! — טריאומפירט דער קליינער שטיפער — איך האָב אַליין געזען: אַזוי ווי מ׳דערלאַנגט אים נאָר עפּעס צום טיש — — עסט ער!.

מיידלעך זיצן און שמועסן פון ליבעס און פון בחורים. איינע אַ שטיפערקע שעמט זיך ניט אַרויסצוגיין מיט לשון:

— איך האָב ליב מאירן...

זי ווערט אַפילו ניט רויט נאָך אַזאַ אָפענער דערקלערונג, און די חברטעס פרעגן פאַרחידושט, וואָס פאַר אַ מאירן זי מיינט. ווייל זיי קענען גאָרניט אַזאַ איינעם אין זייער סביבה.

— איך האָב ליב מייערן [1]. וואָס — — וואַקסן אין גאָרטן... — גיט די שטיפערקע צו פאַרשטיין, און שמייכלט איבער דעם געלונגענעם שפּאַס מיטן נאָמען פון איר „געליבטן".

אַ יידענע, וועלכע איז ניט שווה-בשווה מיטן מאַן, רופט אים איראָניש „מיין מענדל" (פאַרצויגן פון „מאַן", אַ שטייגער ווי „ווייבל" פון „ווייב"). הגם ער האָט גאָר אַ אַנדערן נאָמען.

איז איינער אַ אומגעלומפּערטער „טויגעניכטס", אַ שלימעזאַלניק, רופט מען אים שפּאַסיק שלמה-זלמן (שלימעזאַלמען).

אַ שלימזלדיקער קאָרטנשפּילער האָט כּסדר שרנ"א (ראָשי-תיבות פון די פיר קאָרטן-פאַרבן: שעל-רויט-גרין-אייכל).

אַ באַקאַנט ווערטל וועגן דעם, אַז „אין זכות פון עסן לעבט מען", זאָגט, אַז „הבל איז נאַריש, — קין [=קייען] איז דער עיקר".

אויף אַ דאַרן, אויסגעמאָגערטן מענטשן, וועלכער „לעבט פון תּעניתים", זאָגט מען: „ער איז דאַר ווי ר׳ צדוק" („גרוגרות דר׳ צדוק"). גלייכצייטיק אָבער ווערט אין געוויסע געגנטן מיט דעם זעלבן נאָמען באַצייכנט גאָר אַ דיקער, גראָבער פאַרשוין, אַ בעל-בשר מיט אַ קיילעכיק בייכל. ווען אַזאַ געזונטער יונג ווערט למשל אין גאַליציע באַפרייט ביים

1 ליטוויש אויסגערעדט מערן — רעד׳.

פריזיוו פון מיליטער, זאָגט מען אויף אים, אַז ער איז באַפרייט געוואָרן, מחמת ער איז אַ צדוק (דייטש: צו-דיק, ד"ה צו-גראָב). אין דעם פאַל איז אַלזאָ דער נאָמען גורם, אַז מען זאָל מיט אים באַצייכענען צוויי פאַרקערטע טיפּן.

פאַראַן אַ ווערטל, אַז „דאָס גאַנצע לעבן איז נאָר פאַר אַבאַס ווען". ווער איז דאָס דער „אַבאַ"? ער איז גאָרניט אַזאַ לעב-בחור, — ער איז סך-הכל אַ אומשולדיק פּויליש וואָרט! אַ ייד האָט קיינמאָל פון זיין לעבן ניט קיין הנאה, און אַלעס, וואָס ער טוט, איז נאָר פאַר יוצא ווען, — אַבי געטאָן, אַבי געהאַנדלט, אַבי געגעסן, אַבי געלעבט!... הכלל: „אַלעס איז נאָר פאַר אַבאַס (אַביס) ווען".

ווינטער, ווען ס׳פאַלט אַ שניי, קומט „דער פעטער שניאור" (שנייער, שניי). די קינדער ערוואַרטן אים מיט בענקעניש, כּדי זיי זאָלן טרייבן ווינטער-ספּאָרט.

יידן האָבן צוויי אַנדערע „פעטערס": איינער, וואָס קומט איין מאָל אין יאָר אויף אַכט טאָג, און מ׳דאַרף אים מקבל זיין מיט ספּעציעלע יום-טובדיקע מאַכלים, דער „פעטער פּסח" (דער יום-טוב פּסח), און דער צווייטער איז אַ אמתער פעטער, אַ היסטאָרישער: „דער פעטער ישמעאל", מיט וועלכן טיטל יידן האָבן געקרוינט דעם טערק צוליב אַלטער קרובהשפט.

ס׳איז אַן אייגנטימלעכקייט פון דער יידישער שפּראַך, וואָס זי האָט ליב צו שמועסן וועגן זאַכן און פּאַסירונגען אויף אַזאַ אופן, ווי זיי וואָלטן געווען לעבעדיקע באַשעפענישן, און זיי שפּראַכלעך פאָרשטעלן אין דער געשטאַלט פון מענטשן. דאָס איז אויך דער פאַל, ווען מ׳שמועסט פון געוויסע וואַלד-חיות, וועלכע האָבן מענטשלעכע נעמען (אייגנטלעך זענען די חיות די אמתע, אָריגינעלע באַלעבאַטים פון די דאָזיקע נעמען, וועלכע מיר יידן האָבן ביי זיי צוגענומען!). דערציילט זיך אַ מעשה פון ווּלדער חיות, זאָגט מען אָפט ר׳ וועלוול, ר׳ לייביש אָדער ר׳ בערל אין אַזאַ טאָן, גלייך עס וואָלט זיך געהאַנדלט ניט וועגן חיות, נאָר וועגן מענטשן, וועגן בכּבודע יידן.

יידן האָבן ליב אַסאָציאַציעס פון קלאַנגען, האָבן אַ „געפיל" פאַר גראַם, און דאָס דאָזיקע געפיל האָבן זיי אויסגעגאָסן אין אויסגעפונען גראַמען צו די פאַרשיידענע נעמען, אין שאַפן אַזעלכע „פּאָעטישע" שטיפערייען ווי: „ניסן האָט ליב אַ גוסן ביסן"; „יונה, — וואו נעמט מען אַ סך אַזוינע?" „משה-אהרן לאָזט זיך ניט אָפּנאַרן" אאַז"וו. אַפילו קינדער האָבן זיך געשאַפן אַ מאַסע גראַם-ווערטלעך, אָפּלאַכערישע צונעמענישן און קינדערשפּילן פון דעם מין: „איציק שפּיציק"; „איטשע-פּיטשע-פּוי, דריי וועגן שטרוי"; „מאיר דרייער, לאָקשן מיט אייער"; „רייצי, — אַז מען שלאָגט זי, שרייט זי"; „אלה תולדות נח, פון טרינקען האָט מען כּח", און פיל אַנדערע.

ווי מיר זעען, שפּילן די נעמען אין דער יידישער שפּראַך ניט קיין קליינע ראָלע. זיי באַטייטן טיילמאָל לגמרי

עפּעס אַנדערש ווי נעמען, זיי זענען אָפּט באַגריפן, אַ מיטל צו אַ פאַרשטענדלעכערן אויסדרוק אויף אַ אייגנאַרטיקן אופן, זיי זענען אַ מין טערמינאָלאָגיע אַזאַ. דערמאַנט מען אין אַ אַנטשפּרעכנדיקן ווערטל דעם אָדער יענעם נאָמען, שטעלט מען זיך פאָר בילדלעך אַזאַ אָדער אַזאַ פאַרשוין אָדער פּאַסירונג.

אַחוץ די דאָ אויסגערעכנטע נעמען זענען פאַראַן נאָך פיל, פיל אַנדערע, וועלכע האָבן אָבער נאָר אַן אָרטיקן כאַראַקטער. אין יעדן קאַנט קורסירן אַנדערע ווערטלעך, אַנדערע „זאַגעניש ן", אין וועלכע ס'זענען אַריינגעבראָקט אַנדערע העלדן מיט אַנדערע נעמען.

די אַלע רעדנסאַרטן מיט די נאָמענטלעכע העלדן זיינען נולד געוואָרן ביי עפּעס אַ פּאַסירונג, צוליב עפּעס אַ מעשה שהיה (מאַנכע האָבן אפילו אַ היסטאָרישן אָדער אַ לעגענדאַרישן הינטערגרונד). דער העלד פון אַזאַ געשעניש האָט זיך קונה־שם געווען און איז געוואָרן אַ שם־נרדף. באַלד איז זיין נאָמען געוואָרן אַריינגעפלאָכטן אין אַ געפליגלטן ווערטל, מיט וועלכן דער המון האָט ליב צו כאַראַקטעריזירן אַ געוויסע זאַך אָדער אָנצומָשלען פאַרשיידענע טיפּן, פּאַסירונגען און צושטאַנדן, און די דאָזיקע נעמען האָבן זיך שוין אַזוי איינגעבירגערט אין דער שפּראַך, אַז אָן זיי קען מען ממש ניט אויסקומען. פיל אַזעלכע נעמען זענען געבליבן לאָקאַליזירט און זענען באַקאַנט אין די רעדנסאַרטן נאָר פון געוויסע געגנטן. אַנדערע ווידער, וואָס זענען טרעפלעכער, און האָבן מער אויסגענומען, זענען אָנגענומען געוואָרן בכל תפוצות ישראל און זענען געוואָרן אַ אָרגאַנישער טייל פון פאָלקס־לשון.

דאָס יידישע לשון, וואָס האָט זיך געשאַפן פיל אויסדריקן אויף אַ קינסטלערישן אופן און האָט אין זיך איינגעזאַפּט אַלץ, וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזט, און אַרויסגעזוכט זיך ווערטער ווי פון הינטער די הרי חושך, האָט אויך די נעמען איינגעשפּאַנט אין זיין רייטוואָגן.*

* די לייענער ווערן געבעטן אָנצונעמען דעם אַרטיקל ווי אַ מין אַנקעטע און צוצישיקן אין דער עטנאָגראַפישער קאָמיסיע פון וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט וואָס מער מילואים. — רעד'.

# צו דעם געברויך פון די בייגפאַלן אין יידיש

פון פּראָפעסאָר יעווגעני קאַגאַראָוו (לענינגראַד)

דער סינטאַקסיס פון דער יידישער שפּראַך איז כּידוע איינע פון די טונקלסטע און צום ווייניקסטן באַאַרבעטע פּראָבלעמען פון דער יידישער פילאָלאָגיע. מיט דעם אַרטיקל מיינעם וויל איך מאַכן אַ פּרוּוו אַריינצוטראָגן סיסטעם און אויפקלערונג אין דעם דאָזיקן ענין, אין דער האָפענונג, אַז אַלס ערשטער פּרוּוו אויף אַ נאָך ניט באַאַרבעטן געביט וועט מיין שטודיע ניט אַרויסרופן קיין שטרענגע באַציאונג צו זיך מצד די ספּעציאַליסטן.

## I. דער נאָמינאַטיוו.

דער נאָמינאַטיוו איז דער בייגפאַל פון דעם סוביעקט, פון דער טוענדיקער פּערזאָן, דאָס איז זיין גרונד־פונקציע, צוליב וואָס עס איז אַפילו פאָרגעלייגט געוואָרן אָנצורופן אים אין דער גראַמאַטיק subjectivus (קאַפּ׳ 2). אָבער דער נאָמינאַטיוו דינט ניט נאָר צום באַצייכענען דעם סוביעקט; ער קען אויך פאָרשטעלן מיט זיך אַן אויסטייטשונג פון סוביעקט, ענג פאַרבונדן מיט אים, שטייענדיק מיט אים אין פּרעדיקאַטיווער, אַפּאָזיטיווער אָדער אַטריבוטיווער פאַרהעלטעניש (קאַפּ׳ 3). פונדעסטוועגן ווערט די דאָזיקע קאָנסטרוקציע אין די מערסטע פאַלן פאַרביטן דורך אַנדערע, למשל — דורך אַן אָפּהענגיקן בייגפאַל מיט אַ פּראָוואָרט אאַז״וו (קאַפּ׳ 4). טיילמאָל פאַרטרעט דער נאָמינאַטיוו אַנדערע בייגפאַלן (קאַפּ׳ 5). ענדלעך זיינען פאַראַן פאַלן, ווען דער נאָמינאַטיוו ווערט געברויכט מחוץ דעם זאַץ אַלס זעלבשטענדיקער נאָמינאַטיוו — nominativus absolutus (קאַפּ׳ 1).

### 1. זעלבשטענדיקער נאָמינאַטיוו.

דער נאָמינאַטיוו: שטייט עפּעס ווי מחוץ דער זאַץ־קאָנסטרוקציע, און די ריידנדיקע פּערזאָן באַצייכנט דורך אים קורץ, אָבער שאַרף דעם געגנשטאַנד, אויף וועלכן זי וויל ציען דעם צוהערערס אויפמערזאַמקייט. למשל: **גזלנים!** אין פאַרבינדונג מיט אַ פּראָנאָמען אָדער מיט אַן אַדיעקטיוו קען דער דאָזיקער בייגפאַל געברויכט ווערן צום אויסדריקן איראָניע, פאַרוואונדערונג, כעס, התפּעלות. למשל: **אַן אַלטע מעשה! אַ גוטע זאַך! אַ שיינער טאָג!** אאַו״וו. אַן אַנאַלאָגישע ערשיינונג איז אויך פאַראַן אין דער דייטשער שפּראַך. ענלעך צו סובסטאַנטיוון קענען אין דעם דאָזיקן בייגפאַל אויך פאָרקומען אַדיעקטיוון אָדער מיטלווערטער אין אומפלעקטירטער פאָרם: **ריכטיק, שיין, נאָך ערגער, פאַרשפּאַרט!**

להיפּוך צו דער דייטשער שפּראַך ווערט דאָס מיטלוואָרט פון דער פאַרגאַנגענהייט ניט געברויכט אין באַפעלערישן אָדער אָנמוטנדיקן זין — nominativus participii perfecti jussivus sive adhortativus, ווי אין דייטש: Aufgestanden![1].

פון דער אַנדערער זייט שטימט מיט דעם געברויך פון דער דייטשער שפּראַך די אין יידיש געוויינלעכע פאַרבינדונג פון צוויי סובסטאַנטיווישע אָדער אַדיעקטיווישע אויסרופן אין נאָמינאַטיוו אָנשטאָט אַ גאַנצן זאַץ: אַ נייער אָרט — אַ נייער מזל! (ווי אין דייטש: Träume—Schäume).

אַ באַליבטער סטיליסטישער מיטל צוצוגעבן דער רעדע עמאָציאָנאַליטעט און לעבעדיקייט איז באַהעפטן אַ גאַנצן זאַץ צו אַן איזאָלירטן זעלבשטענדיקן נאָמינאַטיוו, לויט דעם טיפּ: миг один — и нет волшебной сказки!; נאָך אַ ווײלע — ער וואָלט געפאַלן! (פּרגל׳: Eine Stunde, dann ist alles vorbei).

ווען אַן איזאָלירטער נאָמינאַטיוו ווערט דורך אַ פּראָנאָמען, וועלכער ווייזט אויף אַ פריער שטייענדיקן סוביעקט, באַהעפט צו אַ נאָכקומענדיקן פולן זאַץ, באַקומט זיך דער אַזויגערופענער **אַנאַקאָלוט**, ד״ה אַן איבעררייס פון דער קאָנסטרוקציע, וואָס איז זייער אייגן דער דייטשער פאָלקסשפּראַך (die Kinder, die hören es gerne), טיילווייז דער רוסישער שפּראַך (вечерний звон, как много дум наводит он). די דאָזיקע ווענדונג טרעפט זיך אויך אין יידיש: די קינדער, זיי האָבן ליב שפּילן; די פייגעלעך, זיי זינגען. דער איזאָלירטער נאָמינאַטיוו קען קומען נאָך אַ פולן זאַץ אין דער פאָרם פון אַ פרייעם צוגאָב צום פּראָנאָמען, אַזוי ווי אין דייטש: ער איז געקומען, אונזער מלמד (פּרגל׳ אין דייטש: sie ist dahin, die schöne Zeit!).

דער איזאָלירטער נאָמינאַטיוו קען אַלס אויסטייטשנדיקע אַפּאָזיציע זיך באַציען צו דעם אינהאַלט פון דעם גאַנצן פאָרנטיקן זאַץ, אָבער אין יידיש איז דאָס שוין אַ השפּעה פון דער ליטעראַרישער דייטשער אָדער רוסישער שפּראַך.

### 2. דער נאָמינאַטיוו אַלס סוביעקט ביים צייטוואָרט.

וועגן דעם דאָזיקן געברויך פון דעם נאָמינאַטיוו, ווי אויך וועגן אויסלאָזן אים אין די אָנסוביעקטיקע זאַצן (ס׳דונערט, ס׳בליצט) וועל איך ריידן אין אַנדערע דערצו געהעריקע אַרטיקלען מיינע.

1 אין זעלטענע פאַלן קען דאָס מיטלוואָרט פון דער פאַרגאַנגענהייט יאָ געברויכט ווערן אין יידיש אין באַפעלערישן זין. למשל: **נו, געגאַנגען!** [ז. ר.]

### 3. דער נאָמינאַטיוו אַלס ביינפאַל פון פּרעדיקאַט, אַפּאָזיציע אָדער אַטריבוט.

#### א) דער נאָמינאַטיוו אַלס ביינפאַל פון פּרעדיקאַט.

אַ באַהעפטונג פון צוויי נאָמינאַטיוון, וואָס דער צווייטער פון זיי איז אַ פּרעדיקאַטיווער אָן אַ בינדער (copula), ווי דאָס איז דער פאַל אין דער רוסישער שפּראַך, פעלט אין יידיש.

אַ טאָפּלטער נאָמינאַטיוו (פון סוביעקט און פּרעדיקאַט), וואָס איז אַ געוויינלעכע ערשיינונג אין די אינדאָגערמאַנישע שפּראַכן, ווערט געברויכט אין יידיש אויכעט, למשל: ער איז געוואָרן אַ מלמד, ער איז געבליבן אַ בחור. דאָס-גלייכן קען אויך אַן אַדיעקטיוו אריין אין באַשטאַנד פון אַ צונויפגעזעצטן פּרעדיקאַט: יאָסל איז געווען תּמעוואַטע, זיי זיינען טרוד.

די סובסטאַנטיווירטע סדר-ווערטער און די פאָרמען פון סופּערלאַטיוו מיטן באַשטימטן אַרטיקל קענען זיך באַהעפטן צום צייטוואָרט אַלס נאָמינאַטיווער פּרעדיקאַט: איך האָב אים די ערשטע געזאָגט (פּרגלי אין דייטש: wer kommt der erste?).

אַן אייגנטימלעכקייט פון יידיש איז דער פּרעדיקאַטיווער געברויך פון דעם פּראָנאָמענדיקן אַדיעקטיוו **זאַלבע** אין פאַרבינדונג מיט דעם שטאַם פון דעם סדר-וואָרט: זאַלבענאַנד, זאַלבעדריט אאַז"וו, למשל: מיר זיינען דאָ זאַלבעדריט (אין רוסיש: сам - третей). די דאָזיקע ווענדונג גייט צוריק צו מיטלהויכדייטש; אין נייהויכדייטש איז זי פאַרשוואונדן, געבליבן בלויז אין אַ רודימענטאַרער פאָרם אין אַזעלכע פאַרשטיינערטע אויסדרוקן, ווי: selbander, selbdritt, selbviert, פּרגלי אין מיטלהויכדייטש: ich wil selbe (פּאַרציפאַל); Ich pin hinne selbe andert zwelfter in Gunthers lant (ניבעלונגען).

פרייערע פאָרמען נעמט אָן דער אַדיעקטיוו אַלס פּרעדיקאַטיווער נאָמען: ער איז אַ בלינדער געבוירן געוואָרן. אַ געוויינלעכע פאָרם אין מיטלהויכדייטש, אָבער ביי לוטערן: daz er blinder ist geboren.

#### ב) דער נאָמינאַטיוו אַלס אַפּאָזיציע.

די אַפּאָזיציע מיט אַ פּרעדיקאַטיווער בייטייטש פאַרנעמט אַ מיטלפּלאַץ צווישן פּרעדיקאַט און אַפּאָזיציע. און מבחין זיין צווישן די דאָזיקע צוויי פאַלן קען מען בלויז מיט דער הילף פון אינטאָנאַציע און אינטערפּונקציע. למשל: אַ שטילע מיידל, זי האָט געפּאָלגט אירע עלטערן.

די אַפּאָזיציע אין עכטן זין פון דעם וואָרט איז אַן אויסטייטשנדיקער צוגאָב אין נאָמענפאָרם צו אַן אַנדערן נאָמענוואָרט. פון נאָמינאַטיוון פּרעדיקאַט שיידט זי זיך אָפּ דערמיט, וואָס זי אַנטהאַלט ניט אין זיך קיין וועזנטלעכן טייל פון דער אַרויסזאָגונג און איז ניט פאַרבונדן ענגערהייט מיטן פּרעדיקאַט. פון דעם אַטריבוט שיידט זי זיך אָפּ דערמיט, וואָס זי שטעלט פאָר מיט זיך אַ צוגאָב-באַגריף, וואָס גיסט זיך ניט צונויף אין איינס מיט דעם אויסגעטייטשטן נאָמענוואָרט: שלום-עליכם, דער גרויסער שרייבער פון דעם יידישן פאָלק.

די אַפּאָזיציע שטימט מיט דעם אויסגעטייטשטן וואָרט אין געשלעכט, צאָלפאָרם און ביינפאַל. למשל: ער, דער שרייבער, אָבער: זי, די שרייבערין (מיטשטימונג אין געשלעכט), דאָס קינד, אַ יינגל, האָט געוויינט. — איך האָב דערזען דאָס קינד, דעם יינגל... (מיטשטימונג אין ביינפאַל). וואָס איז שייך מיטשטימונג אין צאָלפאָרם, קומט דאָ אָפטמאָל פאָר די אַזויגערופענע מיטשטימונג לויט דעם זין (ad sensum), למשל: מיר, דאָס פאָלק פון דעם גלות.

#### ג) דער נאָמינאַטיוו אַלס אַטריבוט.

דער אַטריבוט קען פאָרקומען אין דער פאָרם פון אַן אַדיעקטיוו, אַ סובסטאַנטיוו און אַ פּראָנאָמען אין פאַרבינדונג מיט אַ סובסטאַנטיוו אָדער מיט אַן אַדיעקטיוו.

דער סובסטאַנטיוו און דער אַדיעקטיוו מיטן אומבאַשטימטן אַרטיקל קומט אין מיטלהויכדייטש פאָר אין פירערליי פאָרמען, ווי עס איז צו זען פון אָט דער טאַבעלע:

| | פּרעפּאָזיטיוו | פּאָסטפּאָזיטיוו (באַזונדערס ביי דיכטער) |
|---|---|---|
| פלעקטירטע פולע פאָרם | 1) ein schoenez wîp | 3) ein wîp schoenez |
| אומפלעקטירטע קורצע פאָרם | 2) ein schoene wîp | 4) ein wîp schoene |

פון אָט די פאָרמען איז די דריטע די זעלטנסטע. אין נייהויכדייטש איז דער פּאָסטפּאָזיטיווער סדר פון די ווערטער און די אומפלעקטירטקייט פאַרשוואונדן, און דער דאָמינירנדיקער טיפּ איז דער ערשטער, אין דער פּראָזע — דער איינציק מעגלעכער; די צווייטע פאָרם און די פערטע געהערן צו דער אַרכאַאיזירנדיקער און פּאָעטישער שפּראַך, די דריטע קומט לגמרי ניט פאָר, טיידן אין דער פאָלקסשפּראַך: mein Vater seliger.

אין דער יידישער שפּראַך זיינען מעגלעך פאָלגנדיקע קאָמבינאַציעס: 1. אַ גוטער מענטש האָט אַלעמען ליב. 2. אַ מענטש אַ גוטער האָט...

דער אַדיעקטיוו **גרויס** פאַר אַן אַבסטראַקטן סובסטאַנטיוו אָן אַרטיקל ווערט געברויכט אין אַלע ביינפאַלן אין אומפלעקטירטער פאָרם: גרויס פרייד.

דער סובסטאַנטיוו און דער אַדיעקטיוו מיטן באַשטימטן אַרטיקל קומט אין מיטלהויכדייטש פאָר אין דריי פאָרמען, דהיינו: 1) der guete got (אין פּראָזע — די איינציק מעגלעכע); 2) der got guot און 3) got der guote (טרעפט זיך אין דער פּאָעזיע; אָבער דער 2טער טיפּ — אויך נאָך איינגנעמען).

אין נייהויכדייטש ווערט די ערשטע פאָרם געוויינטלעך געברויכט סיי אין פּראָזע סיי אין פּאָעזיע, די צווייטע — בלויז אין פאַרבינדונגען מיט אייגענע נעמען, די דריטע — בלויז אין דער אַרכאַאיזירנדיקער פּאָעזיע.

אין יידיש איז די ערשטע פאָרם, אָבער מיט דער פולער פאָרם פונעם אַדיעקטיוו, אַ גאַנץ געוויינלעכע ערשיינונג; די צווייטע ווערט געברויכט בלויז ביי אייגענע נעמען, די דריטע — בלויז ביים איבערחזרן דעם אַרטיקל. למשל: 1. דער גוטער מענטש האָט מיך זייער פיין באַגעגנט.
2. ניקאָלאַי דער צווייטער האָט פיל מענטשן פאַרדאָרבן.
3. דאָס פייגעלע דאָס שיינע איז געקומען צו פליען.

די באַשטימונג אין דער פאָרם פון אַ סובסטאַנטיוו קומט געוויינלעך פאַר דעם מתואר: די שטאָט כאַרקאָוו, אָבער רב לייזער. די טאָפּלטע באַשטימונג לויט דעם טיפּ דער פרינץ־רעגענט אאַז"וו איז אין יידיש זעלטן; אָפטער — אין פאַרבינדונג מיטן אַרטיקל: אַ יינגל אַ מלאך.

היות די באַהעפטונג פון אַ פערזאָנען־נאָמען מיט סובסטאַנטיוו צום באַצייכענען אַ געגנשטאַנד, וואָס שטייט אין דעם ענגסטן צוזאַמענהאַנג מיט דער פערזאָן, קומט אין דער דייטשער שפראַך פאָר בלויז אין דער נייער תקופה פון זיין געשיכטע (Café Bauer, Sammlung Göschen, Kravatte Hindenburg, Papyrus Ebers), קענען די קאָרעספּאָנדירנדיקע ווענדונגען אין יידיש, ווי: דאָס הויז מאָזער, פּאַפּיראָסן ראַקאָווסקי אאַז"וו, צוריקגעפירט ווערן אָדער צו דער מאָדערנער דייטשער שפראַך (דורך דער פאַרמיטלונג פון די געבילדעטע גרופּעס פון דער יידישער באַפעלקערונג) אָדער צום העבּרעאישן status compositus („בית אל“ וכדומה).

אַהערצו געהערן אויך די פאַלן פון באַהעפטן די שטאָף־נעמען מיט דער באַצייכענונג פון מאָס אָדער סכום. אין מיטלהויכדייטש און נאָך ביי לוטערן ווערט אויסשליסלעך געברויכט דער געניטיוו. אָבער שוין זינט דעם XVI יאָרהונדערט ווערן אָן די מענלעכע און ווייבלעכע פאָרמען פון געניטיוו די פלעקסיעס, הגם רעשטלעך פון דעם אַלטן genitivus partitivus זיינען געבליבן אין דער פּאָעטישער שפראַך און אין לשון רבים (den besten Becher Weins, eine Menge Menschen). דערביי פאַסט דער באַוואוסטזיין פון דער ריידנדיקער פערזאָן אַלץ מער און מער אויף דעם שטאָפלעכן אַטריבוט אַלס נאָמינאַטיוו: אַ שטיקל רוי חזיר, אַ שטיקל רויט ציץ.

אויפמערקזאַמקייט פאַרדינט די פאָלגנדיקע באַזונדערהייט פון יידיש: ביי עפּעס און איין ווערט פאַר אַ סובסטאַנטיוו אין איינצאָל געברויכט דער אומבאַשטימטער אַרטיקל: איך זע עפּעס אַ זעלנער, איך האָב עס דערציילט איינעם אַ זקן. די אַנטשטייאונג פון אַזאַ ווענדונג דערקלער איך אָט ווי אַזוי: אין מיטלהויכדייטש איז דאָ אַ קאָנסטרוקציע, וועלכע באַשטייט אין באַהעפטן דעם סובסטאַנטיוו, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ צוגעהעריקייטספּראָנאָמען אין נאָמינאַטיוו, צו אַ אומבאַשטימטן פּראָנאָמען אָדער צום צאָלוואָרט ein. דאָסגלייכן קען ביי אַ סופּערלאַטיוו מיטן באַשטימטן אַרטיקל שטיין ein, למשל: ein der allerbeste (נאָמינאַטיוו!) Scham ist ein diu hoehste tugent. אָט מיט אַזאַ ווענדונג שטעל איך אין צוזאַמענהאַנג די יידישע קאָנסטרוקציע: איינעם אַ זקן, עפּעס אַ מענטש אאַז"וו.

### 4. די פאַרטרעטונג פון נאָמינאַטיוו דורך אַנדערע ווענדונגען.

א) די פאַרטרעטונג פון אַ נאָמינאַטיוו דורך אַן אָפּהענגיקן פאַל מיטן פאָרוואָרט צו קומט אין יידיש, להיפוך צו דייטש, ניט פאָר: דאָס וואַסער איז ווייִן געוואָרן [1].

ב) די פאַרשטאַרקונג פון פּרעדיקאַטיוון און אַפּאָזיטיוון נאָמינאַטיוו דורך דעם בינדוואָרט ווי אין יידיש שטימט מיטן דייטשן als, למשל: ווי אַ יינגל פאַרשטייט ער דאָס נאָך ניט [2]. (די ווירקונג פון סלאַווישע שפראַכן?).

### 5. דער נאָמינאַטיוו אַלס פאַרטרעטער פון אַן אומדירעקטן בייגפאַל.

א) דער פּרעדיקאַטיווער נאָמינאַטיוו, וואָס שליסט זיך אָן צום אַקוזאַטיוו ביי די צייטווערטער לאָזן, הייסן א"אַנד, ווערט אין יידיש אָפט געברויכט: לאָז מיך אַ ברודער זיין.

ב) דער נאָמינאַטיוו אָנשטאָט דעם אַקוזאַטיוו ביי צוריקקערנדיקע צייטווערטער קומט אין יידיש, להיפוך צו דייטש, ניט פאָר און ווערט פאַרביטן דורך אַ קאָנסטרוקציע מיט ווי, למשל: ער האָט זיך באַוויזן ווי אַ קלוגער מאַן.

ג) דער נאָמינאַטיוו אַלס אַפּאָזיציע צו אַן אָפּהענגיקן בייגפאַל קומט אַמאָל פאָר אין יידיש, צעשטערנדיק דעם כלל פון מיטשטימונג, למשל: איך רייד וועגן שרהן, די פרוי פון מיין ברודער.

ד) דער פאַר דער דייטשער שפראַך אייגנטימלעכער נאָמינאַטיוו אין דער ראָלע פון אַן „אַלגעמיינעם בייגפאַל“ נאָך אַ פאָרוואָרט אין די פאַרשטיינערטע פאָרמלען, וואָס פאַראייניקן צוויי געגנשטאַנדן אין איין באַגריף אָן אַ פלעקסיע, איז אין יידיש פאַרבליבן בלויז אַלס רודימענטאַרע פאָרם: מיט ווייב און קינד, וועגן אַלט און יונג, טאָג און נאַכט, צווישן מאַלפּע און מענטש איז ניטאָ קיין גרויסער חילוק.

## II. דער אַקוזאַטיוו.

1. דער accusativus absolutus, ד"ה דער אַקוזאַטיוו, וועלכער שטייט אָן שום צוזאַמענהאַנג מיטן זאַץ, קומט אין יידיש, אַזוי ווי אין אַנדערע אינדאָגערמאַנישע שפראַכן, פאָר אַלס אויסרוף, אויסגעשריי, פאָדערונג, למשל: אייער האַנט! דעם דאָקטאָר!

[1] אין דער אַרכאַאיזירנדיקער שפראַך האָבן מיר אָבער אויך אין יידיש אין אַט די פאַלן די קאָנסטרוקציע מיט צו: דאָס וואַסער איז צו ווייַן געוואָרן. [ז. ר.]

[2] קאָנסטרוקציעס מיט ווי אין אַזעלכע פאַלן זיינען ניט יידיש און דאַרפן בעסער פאַרביטן ווערן דורך קאָנסטרוקציעס מיט אַלס: אַלס יינגל פאַרשטייט ער עס נאָך ניט. [ז. ר.]

2. דער אַקוזאַטיוו פון אויסערלעכן אָבּיעקט בּיי איבּערגייענדיקע צייטווערטער קומט אין יידיש פאָר זייער אָפט. צוליב מאַנגל אין פּלאַץ קען איך דאָ ניט איבּערבּליקן אַלע צייטווערטער, וואָס פאַרבּינדן זיך מיטן אַקוזאַטיוו פון אויסערלעכן אָבּיעקט, און וועל נאָר אָנווייזן אויף אייניקע אינטערעסאַנטע ערשיינונגען אויף דעם געבּיט. דאָס איז:

א) די אַנטוויקלונג פון איבּערגייענדיקייט אונטער דער ווירקונג פון וואָרטבּילדונג: די טיילכלעך בּאַ, אָנ, אָפּ א"אַנד גיבּן צו דעם צייטוואָרט אַן איבּערגייענדיקן כאַראַקטער: בּאַקלאָגן, אָנקוקן, אָפּאַרבּעטן אאַז"וו.

בּ) די וואַקלונג צווישן אַקוזאַטיוו און דאַטיוו בּיי געוויסע צייטווערטער, וועלכע גייט נאָך צוריק צו דער מיטלהויכדייטשער תקופה: למשל: בּאַגעגענען מיר און מיך [1].

ג) בּיי פילע אומפּערזענלעכע ווענדונגען שטייט דער אַקוזאַטיוו פון אויסערלעכן אָבּיעקט צום בּאַצייכענען די טעטיקייט אָדער דעם צושטאַנד פון דער פּערזאָן. למשל: מיך הונגערט, מיך דאָרשט (נאָך אין גאָטיש און אין אַלטהויכדייטש).

ד) דער accusativus reflexivus וועלכער בּאַצייכנט אַ טואונג, וואָס דער סובּיעקט טוט איבּער זיך אַליין, קומט פאָר אין יידיש אין אָט די פאַלן:

a) בּיי איבּערגייענדיקע צייטווערטער: ער וואַשט זיך, ער לייגט זיך שלאָפן. די דאָזיקע קאָנסטרוקציע איז דערנאָך אַריבּערגעטראָגן געוואָרן אויך אויף אַזעלכע סובּיעקטן, וועלכע קענען ניט אויסאיבּן איבּער זיך קיין טעטיקייט אין אייגנטלעכן זין פון וואָרט, בּפרט צום בּאַצייכענען די טראַנסלאָקאַציע פון אומבּאַלעבּטע געגנשטאַנדן אין רוים: די ערד דרייט זיך, די טיר עפנט זיך. אין די אַלע פאַלן טוט פאַרבּייטן די צוריקקערנדיקע פאָרם די פּאַסיווע פאָרם, ווערט אַפילו אָפטמאָל געבּרויכט צום איבּערגעבּן דעם פּאַסיוו. למשל: דער שוך גייט זיך, די זאַך מאַכט זיך.

b) דער accusativus reflexivus בּיי אומאיבּערגייענדיקע צייטווערטער: ער האָט זיך דערבּאַרעמט. כ'וועל נאָך אָנווייזן אויף אָט די דריי פּרטים:

אין דער דייטשער פאָלקסשפּראַך ווערט דער פּראָנאָמען פון דער 3טער פּערזאָן אין איינצאָל sich פאַרבּונדן מיט דער 1טער און 2טער פּערזאָן פון מערצאָל. אין יידיש ווערט פאַר אַלע דריי פּערזאָנען געבּרויכט נאָר זיך [2].

1 בּאַגעגענען קומט מיטן דאַטיוו מיר נאָר אין יענע דיאַלעקטן (ליטווישע), וואָס קענען בּכלל ניט די פאָרם מיך. [ז. ר.]

2 דער u-דיאַלעקט געבּרויכט זיך נאָר פאַר דער 1טער פּערזאַן פון דער מערצאָל און פאַר דער 3טער פּערזאָן פון בּיידע צאָלפאָרמען; אין די איבּעריקע פאַלן — די געהעריקע פּערזאָנען-פּראָנאָמענס: איך וואַש מיך, דו וואַשט דיך, איר וואַשט אייך. [ז. ר.]





געווייינטלעך זעט מען אין דעם אַ סלאַוויזם. פּרגל' אָבּער גרימס Deutsche Grammatik IV, 36 א"וו: 319.

c) אויבּ פון דעם צוריקקערנדיקן צייטוואָרט הענגט אָפּ דער אינפיניטיוו פון אַן אַנדערן צוריקקערנדיקן צייטוואָרט, ווערט איינער פון די צונויפגעקומענע פּראָנאָמענס אַרויסגעלאָזט: למשל: ער פלייסט זיך איינצוּוואַשן (אַזוי אויך אין מיטלהויכדייטש). אויבּ אָבּער איינער פון די פּראָנאָמענס האָט אַ זעלבּשטענדיקע בּאַדייטונג, קומט דער פּראָנאָמען זיך צווײמאָל נאָכאַנאַנד: ער פלייסט זיך זיך איינצורײדן.

d) פון צוריקקערנדיקן מין דאַרף מען אונטערשיידן דעם genus reciprocum, למשל: שלאָגן זיך, איך האָבּ זיך צעקריגט מיט מיין פרוי.

e) אַדנאָמינאַלער אַקוזאַטיוו (accusativus adnominalis) קומט פאָר בּיי אַדיעקטיוון, וועלכע זיינען אויף אַ פּרעדיקאַטיוון אויפן פאַרבּונדן מיט די צייטווערטער זיין און ווערן. היסטאָריש האָט ער זיך אַנטוויקלט פון דעם פרימערן גענעטיוו, ווען דער אַדיעקטיוו האָט זיך נאָך אַזוי ענג ניט צונויפגעוואַקסן מיט דעם פאַרבּלאָזן צייטוואָרט, כּדי אויפגעפּאַסט צו ווערן ווי איין איבּערגייענדיק צייטוואָרט. למשל: איך בּין אים שולדיק געלט, איך בּין אים דאָס ניט שולדיק. וואָס איז שייך די דייטשע פאַרבּינדונגען מיטן אַקוזאַטיוו es (ich bin es gewöhnt אאַז"וו), האָבּן זיי אין יידיש קיין אַנאַלאָגיע ניט צו זיך, דערפאַר אפשר וואָס זיי זיינען פריש פון אָפּשטאַמונג (אין מיטלהויכדייטש ווערט געבּרויכט בּלויז דער געניטיוו). אַזוי זאָגט מען אין יידיש: איך בּין געוויינט דערצו (אָבּער ניט: איך בּין דאָס געוויינט), איך בּין צופרידן דערמיט, איך בּין מיד דערפון אאַז"וו.

דער אַקוזאַטיוו אין אָפּהענגיקייט פון אַ סובּסטאַנטיוו האָט אין יידיש אַזעלכע בּיישפּילן, ווי: דאָס דערציילן די מעשה אאַז"וו.

3. דער אַקוזאַטיוו פון אינעווייניקסטן אָבּיעקט (accusativus factitivus).

בּשעת ווען דער אויסערלעכער אָבּיעקט איז דאָ בּמציאות מחוץ און צוגלייך מיט דער ווערבּאַלער טעטיקייט, בּאַצייכנט דער אינעווייניקסטער אָבּיעקט אַ געגנשטאַנד, וועלכער איז ווי איינגעשלאָסן אין דער האַנדלונג גופא; בּאַזונדערס אָפט ווערט דער דאָזיקער גענעטיוו געבּרויכט בּיי די צייטווערטער פון אַלגעמיינעם אינהאַלט: טון, מאַכן אאַז"וו. למשל: איך וועל טון שוואַרצע אַרבּעט, ער האָט געמאַכט אַ לאַנגן וועג אאַז"וו. די פאַקטיטיווע בּאַדייטונג פון דעם אַקוזאַטיוו טרעט צום בּולטסטן אַרויס אין אַזעלכע מיני פאַרבּינדונגען: אַ פאָדעם דרייען (פּרגל' אין רוסיש: скрутить в нитку), אַ שרייפל אָפּגעדרייט אאַז"וו. טיילמאָל קען דער פאַקטיטיווער אַקוזאַטיוו שטיין אויך בּיי אומפּערזענלעכע צייטווערטער, למשל: עס גיסט גרויסע טראָפּנס, עס שנייט גרויסע שנייעלעך.

אַ ספּעציעלער פאַל פון דעם אַקוזאַטיוו פון אינע־ווייניקסטן אינהאַלט איז די אַזוי גערופענע figura etymologica; אַלס אָביעקט דינט דאָ אַ סובסטאַנטיוו פון דעם זעלביקן שורש, וואָס דאָס צייטוואָרט: לעבן אַ גוטן לעבן, שניידן צייטיקן שניט, שלאָפן אַ רואיקן שלאָף אאַז״וו.

4. Accusativus adverbialis.

א) דער accusativus loci ווערט אין יידיש אָן אַ פּאַרוואָרט ניט געברויכט.

ב) דער accusativus temporis קומט פאָר סיי אין דייטש (אין אַלע פּעריאָדן פון זיין געשיכטע) סיי אין יידיש, למשל: איך וויל בלייבן ביי אייך אַ גאַנצן טאָג, איך האָב געלערנט פיר יאָר, ער וואוינט זומער אין שטאָט.

ג) דער accusativus quantitativus באַצייכנט די אויסשפּרייטונג פון דער האַנדלונג, ענטפערנדיק אויף דער פראַגע „אין וואָספאַר פאַרנעם?״; קומט פאָר אין מיטל־נייהויכדייטש און אין יידיש. למשל: ער איז געוואָרן אַ קאָפּ גרעסער, דער טיש איז אַן אַרשין די הייך.

ד) דער accusativus modi באַצייכנט דעם שטייגער פון דער טואונג, און לויט מיינע אָבסערוואַציעס קומט ער אין יידיש ניט פאָר, ווערט פאַרביטן דורך קאָנסטרוקציעס מיט פּאַרווערטער, ווי, למשל: ער שפּילט אין קאָרטן (פרגל׳ אין דייטש Karten spielen), אויסגעגאַנגען פון הונ־גער. איבעריקנס זיינען אויך אין יידיש פאַרבליבן רודימענ־טאַרע פאָרמען פון דעם דאָזיקן בייגפּאַל אין אַזעלכע אויס־דרוקן, ווי: שפּילן פּיאַנאָ, טאַנצן אַ קאַראַהאָדל.

5. טאָפּלטער אַקוזאַטיוו.

א) צוויי אַקוזאַטיווישע אָביעקטן ביי איין צייטוואָרט (דער אַקוזאַטיוו פון פּערזאָן און זאַך): איך לערן דאָס קינד מוזיק, אָט דאָס בעט איך זיך, דאָס האָט מיך געקאָסט אַ סך בלוט.

ב) דער אַקוזאַטיוו פון אָביעקט און פּרעדיקאַט ביי אַ צייטוואָרט:

a) דער פּרעדיקאַטיווער אָביעקט אין סובסטאַנטיווי־שער פאָרם האָט זיך אין יידיש פאַרביטן דורך פּרעפּאָזי־ציאָנעלע ווענדונגען, ווי אויך אין נייהויכדייטש: ער רעכנט אַלע מענטשן פאַר ניט־גוטע, מאַך מיך פאַר אַ גוטן יינגל אאַז״וו.

b) דער פּרעדיקאַטיווער אָביעקט אין אַדיעקטיווישער פאָרם ביי אַ צייטוואָרט איז אַ געוויינלעכע ערשיינונג: ער האָט זיך פריי געמאַכט, ער האָט אים געזען אַ קראַנקן. די אָנגעוויזענע ערשיינונג האָט באַקומען איר אַנטוויקלונג נאָך אין מיטלהויכדייטש.

## III. דער געניטיוו.

### 1. דער געניטיוו ביי אַ צייטוואָרט.

דער געניטיוו אַלס איינציקער אָביעקט ביי די צייטווער־טער פון באַנעמונג, פון פּסיכישע רעגונגען און שפּירונגען, פון אַלטרואיזם א״אַנד (זען, הערן, דערמאָנען, העלפן, בעטן, רחמנות האָבן א״אַנד), וועלכער קומט אַזוי אָפט פאָר אין מיטל־ניי־הויכדייטש, איז אין יידיש אינגאַנצן אַריבער אין אַקוזאַטיוו אָדער דאַטיוו מיט אַ פּאַרוואָרט: איך טראַכט וועגן אייך, פאַרגעס מיך ניט, האָב רחמנות אויף דיין זון.

2. דער געניטיוו אין דער ראָלע פון אַ צווייטן אָביעקט ביי אַ צייטוואָרט לעבן אַנדערע בייגפּאַלן איז אין יידיש אַריבער אין פּרעפּאָזיציאָנעלע ווענדונגען, און לגבי דעם דייטשן ihres Amtes entbinde ich Sie, unsere Kühe haben sich gesättigt ungedroschener Garben האָבן מיר אין יידיש: באַפרייען פון פּאָסטן, אָנגעגעסן זיך מיט שטרוי. פרגל׳ אָפּהאַלטן זיך פון עסן. איבעריקנס האָט דער אַלטער געניטיוו זיך אויפגעהיט אין דעם אויסדרוק מיינער פטור ווערן.

3. Genitivus adverbialis.

א) צום באַצייכענען דעם אָרט (gen. loci) ווערט אין יידיש ניט געברויכט: אָנשטאָט דעם דייטשן seines Weges gehen זאָגט מען: גיין מיט זיין וועג.[1]

ב) צום באַצייכענען די צייט (gen. temporis) ווערט ניט געברויכט; אָנשטאָט דעם קומט דער אַקוזאַטיוו אָדער אַ פּרעפּאָזיציאָנעלע ווענדונג: איך בין געקומען זונטאָג (אַקוזאַטיוו) איינס אַ זייגער בייטאָג. באַזונדער איז צו פאַר־צייכענען די פאַרבינדונגען מיט **אום**: אום שבת, אום יום־טוב.

ג) דער genitivus modi צום באַצייכענען דעם שטיי־גער פון דער טואונג האָט אין דייטש נאָך געהאַט אַ גע־ברויך אין XVII יאָרהונדערט (der blinden Kuh אָדער des Königs spielen), אָבער אין יידיש ווערט ער אויסגעדריקט דורך אַ פּרעפּאָזיציאָנעלער ווענדונג: שפּילן אין באַהעלטע־ניש, שטאַרבן מיט אַ מיאוסן טויט.

4) דער צעטיילנדיקער גענעטיוו (genitivus partitivus) איז אין יידיש פאַרשוואונדן. אַלס איינציקער רודי־מענט קען באַטראַכט ווערן דער אומבאַשטימטער פּראָנאָ־מען אַלדינגס אויס דעם געניטיוו al(es) Dings.

5. דער געניטיוו אין דער ראָלע פון אַ פּרעדיקאַ־טיוון נאָמען קומט אין יידיש ניט פאָר.

## II. דער געניטיוו ביי אַ נאָמען.

### 1. ביי סובסטאַנטיוון.

צום אָפטסטן קומט פאָר דער genitivus possesivus צום באַצייכענען דעם אייגנטימער, דעם בעל־דבר, דעם באַזיצער אאַז״וו. למשל: דעם פאָטערס הויז, דבורהס קינד, שרהס אַרבעט, בערל כאַנטשעס.

דער genitivus objectivus ווערט אין יידיש פאַר־ביטן דורך פּרעפּאָזיציאָנעלע ווענדונגען: משהלעס ליבע

1 עכטער איז די פאָרם גיין זיין וועג. די פאָרם וועגס אַלס רודימענט פון gen. adverbialis איז דאָ אין פּוילישן יידיש אין צלע פּצלן. [ז. ר.]

צו מיר איז גרויס. אַקעגן זשע איז דער genitivus objectivus געבליבן.

דער gen. explicativus, וועלכער ווערט באַהעפט אַלס פּרעדיקאַט צום אינהאַלט פון רעגירנדיקן סובסטאַנטיוו, ווערט אין יידיש אויסגעדריקט דורך דעם פּאָרוואָרט פון מיטן דאַטיוו: דאָס איז אַ טייוול פון אַ ווייב. דאָסגלייכן איז מיט דעם genitivus identitatis פון רוסיש און דייטש — Luxus einer Hochzeitsreise, трагедия одиночества.

דער געניטיוו צום באַצייכענען אַן אייגנשאַפט (ווי, למשל, ביי שילערן: Haus des Glanzes, אין רוסיש: домъ труда) — ווערט אין יידיש אויסגעדריקט דורך צונויפגעזעצטע בילדונגען (וועגן זיי אין אַ באַזונדער אַרטיקל).

דער צעטיילנדיקער געניטיוו ווערט אין יידיש פאַרביטן דורך אַן אַפּאָזיציע, אָדער—לויט דער טערמינאָלאָגיע פון פעשקאָווסקי — דורך אַפּאָזיטיוון אָנשלוס, למשל: אַ שטיקל ברויט, פיל גליק, מער שמערץ, ווייניק אַרבעטער...

2. געניטיוו ביי ביייווערטער.

יידיש האָט פאַרלוירן דעם gen. pretii; אָנשטאָט וואָס אויף דייטש זאָגט מען der Arbeiter ist seines Lohnes wert, זאָגט מען אין יידיש: דער אַרבעטער איז ווערט דעם לוין. איבעריקנס באַמערקט מען שוין אין דייטש דעם איבערגאַנג צו פּרעפּאָזיציאָנעלע ווענדונגען, למשל: ich bin stolz auf...; אויף יידיש: איך שטאָלציר מיט מיין זון.

## IV. דער דאַטיוו.

אין יידיש איז דער דאַטיוו אַ סינקרעטישער בייגפאַל, ד"ה אַ סינטעז פון פאַרשיידענע דייטשע בייגפאַלן.

1. דאַטיוו ביי צייטווערטער.

1. ביי צייטווערטער פון באַוועגונג און רו: ער איז מיר נאָכגעגאַנגען.

2. ביי הילפסצייטווערטער זיין און ווערן: מיר איז געוואָרן שלעכט [1].

3. ביי צייטווערטער פון שמועס (verba dicendi און declarandi): זאָג מיר, ער האָט מיר געענטפערט, באַווייז מיר וואָס דו האָסט געמאַכט.

4. ביי צייטווערטער פון סאָציאַלער באַדייטונג: העלף מיר, דו וועסט אים שאָדן, גלייב מיר.

5. ביי צייטווערטער מיט דאַטיוו פון דער פּערזאָן און אַקוזאַטיוו פון דער זאַך: שענק מיר עפּעס־וואָס.

6. פרייער דאַטיוו, וואָס איז ניט קיין דערגאַנצונג פון דעם ווערבאַלן באַגריף: דיר בליט דאָס שענסטע גליק אויף דער ערד. אָפט ביים באַצייכענען טיילן פון קערפּער: זי האָט געבראָכן מיר דאָס האַרץ, זי האָט אים אויסגעשטאָכן די אויגן.

נאָענט צו דעם דאָזיקן דאַטיוו איז דער אַזויגערופענער dativus ethicus, וואָס באַצייכנט אַ פּסיכאָלאָגישע פאַראינטערעסירטקייט פון דער פּערזאָן אָדער, פאַרקערט, אַן אינדיפערענטיזם, למשל: זייַ מיר געזונט, האָב מיר אַ גוטן טאָג, מיר גייען זיך.

דער dativus reflexivus באַצייכנט אַ נאָענטן אָנטייל פון דעם סוביעקט אין דער האַנדלונג: ער האָט זיך דאָס לעבן גענומען; באַטראַכט זיך (dativus incommodi).

2. דער דאַטיוו ביים נאָמען.

א) דער דאַטיוו ביי ביייווערטער: מיר איז אייבגענעם, ער איז מיר ערנסט.

ב) דער דאַטיוו ביי סובסטאַנטיוון: זיי מיר אַ פריינד, ער איז אָנפירער דעם פאָלק געוואָרן.

[1] מיר דאַכט, אַז דער דאַטיוו איז דאָ אָפּהענגיק פון אַדיעקטיוו שלעכט. [ז. ר.]

# די סלאַווישע עלעמענטן און השפּעות אין יידיש

## די צונויפגעזעצטע צייטווערטער

פון ד״ר אַלפרעד לאַנדוי (ווין)

אומעטום, וואו פאַרשיידנשפּראַכיקע גרופּעס מענטשן האָבן מיטאַנאַנד אַ מגע־ומשא, קומט פאָר אַ שפּראַכמישונג. ביז אַהער האָט די פילאָלאָגיע זיך ווינציק־וואָס אָפּגעגעבן מיט אויספאָרשן די דאָזיקע דערשיינונג; הוגאָ שוכאַרדטס ערשטקלאַסיק ווערק Slawo-Deutsches und Slawo-Italienisches (גראַץ 1884) האָט ניט געפונען דעם אָפּקלאַנג וואָס עס וואָלט אים געקומען לויט זיין ווערדע. עס איז דעריבער קיין חידוש ניט, וואָס די שפּראַכמישונג אין יידיש האָט ניט צוגעצויגן קיין שום אויפמערקזאַמקייט, הגם זי איז ווערט אַ באַזונדער אַכט שוין צוליב דעם, וואָס דאָ באַגעגענען און באַווירקן זיך ניט קיין צוויי לשונות, נאָר דריי: דייטש, סלאַוויש און העברעאיש.

ווען עס קומט צו רייד וועגן שפּראַכמישונג און ספּעציעל וועגן דער השפּעה פון סלאַוויש אויף יידיש, ווערט איטלעכער געוויס באַלד אַ טראַכט טון וועגן דעם אַנטלייען איינציקע ווערטער פון סלאַוויש; דאָס איז טאַקע אַ פאַקט, וואָס וואַרפט זיך פריער פאַר אַלץ אין די אויגן. אַ סך מערקווערדיקער און וויכטיקער איז אָבער די השפּעה פון סלאַוויש אויף דער יידישער גראַמאַטיק. דאָ שפּירט מען זי אומעטום: אין די קלאַנגען, אין דער וואָרטבילדונג, אין דער בייגונג, אין דעם סינטאַקסיס און אַפילו אין די איינצלנע ווענדונגען, פראַזעס און ווערטלעך. פון דעם שלל שפּראַכיקע דערשיינונגען פון דעם מין וויל איך היינטיקס מאָל אַרויסהייבן איינע, וואָס איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש און אָפּט: די סלאַווישע השפּעה אויף דער פורעמונג פון דער צונויפגעזעצטע צייטווערטער [1].

### I אינגאַנצן סלאַווישע צייטווערטער

די פשוטסטע און אַלגעמיינסטע פאָרם פון שפּראַכמישונג איז, ווען איין שפּראַך לייט אויס ווערטער פון דער צווייטער, צופּאַסנדיק די קלאַנגען צו זיך און אָפּטמאָל בייטנדיק פּיל־ווייניק אויך דעם פּשט. פון צייטווערטער אַנטלייט יידיש ביי סלאַוויש ניט נאָר פשוטע, נייערט אויך צונויפגעזעצטע, ד״ה אַזוינע, וואו סיי דער פאָדערטראַף סיי דאָס צייטוואָרט גופא זיינען סלאַווישע. די דאָזיקע צייטווערטער רופן ניט אַרויס קיין ספּעציעלע פאַראינטערעסירונג (סיידן דאָס, וואָס זיי באַקומען קאָניוגיר־ענדונגען, וועלכע שטאַמען פון דייטש); מיר וועלן זיך דעריבער מיט זיי דאָ ניט אָפּגעבן ברייטער, זיי דאַרפן באַהאַנדלט ווערן אין אַ ווערטערבוך. מערניט עטלעכע ביישפּילן וועלן מיר ברענגען [2].

זיך דאַביוועןn — einbrechen (פ' dobywać się, אוי' добуватися).

דאַקיטשען — belästigen (סל' докучити, dokuczyć).

דאַדזשוויגען — mit Mühe erheben, tragen (פ' do-, zadźwignąć).

דאַדישען — ersticken (פ' do-, zadusić).

דאַמיטשען — quälen, martern (אוי' замучити, פ' do-, zamęczyć).

נאַרישען — verletzen, versehren (אוי' нарушити, פ' naruszyć).

ניראַיען — empfehlen (אוי' нараїти, פ' naraić).

אווירען (uwîrin) — pflegen, betreuen (אוי' увірити, פ' uwiarować)*.

1 אַלע יידישע ווערטער אין דעם אַרטיקל זיינען גענומען פון דעם יידיש פון בראָד, מזרח־גאַליציע, אין מיטן פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. די שרייבונג איז אין עטלעכע פאַלן געגעבן נעענטער צו דער אויסשפּראַך: היסן אַנשטאָט „הוסטן״ אאַז״וו. חוץ דעם איז אין עטלעכע פאַלן די אויסשפּראַך נאָך ספּעציעל באַצייכנט מיט לאַטייַנישע אותיות אין קלאַמערן. זאָל באַמערקט ווערן: א) ע אין ווערן איז לאַנג (ê); ב) די ענדונג ־ען פון אינפיניטיוו קלינגט ווי in-. ג) ' נאָך ל באַטייט פּאַלאַטאַליזירונג.

2 קירצונגען: פ' (p.) — פּויליש; אוי' (u.) — אוקראַאיניש; ר' (r.) רוסיש; סל' (sl.)—סלאַוויש=פּויליש און אוקראַאיניש; ד'—דייטש.

* איך וואָלט וועלן אַרויסזאָגן די השערה, אַז דאָס דאָזיקע צייטוואָרט שטאַמט ניט פון סלאַוויש, נאָר פון מה״ד hovieren (פון לשון hof, געג' hoves), וואָס זיין ערשטער פּשט איז: צודינען עמעצן אַזוי ווי ביים הויף; ווייטער באַטייט דאָס: זיין העפלעך (ווידער־אַמאָל דער נעמלעכער שורש Hof) קעגן עמעצן, חנפענען; זען אויסצונעמען ביי

זאַנאַדען — anlocken (אוק' занадити, פּ' zanadzić).

פּיטאַקעווען — beipflichten, zu allem ja sagen (אוק' потакувати, פּ' potakiwać).

זאַטשמעל'ען — betäuben (אוק' зачмелити).

זאַטשעפּען — mit einem anbinden, ihn reizen (פּ' zaczepić).

די נאָענטע קרובהשאַפט אין פּשט פון די פּאָדערטראַפּן da- און za- האָט מסתמא געבראַכט צו קלאַנגיקער פאַרענלעכונג; מען הערט אויך דאַטשמעל'ען און דאַטשעפּען.

אין אופּילעווען, besorgen, warten, pflegen (פּ' upilnować, עלטער און דיאַלעקטיש pilować, אוק' пилувати) ווערט דאָס פּוילישע פּאַרטיקל u- פון וועגן דעם p צום אָנהייב ציטוואָרט באַנומען ווי דאָס יידישע פּאַרטיקל אָפּ = ד' ab.

## II. סלאַווישע צייטווערטער צונויפגעזעצט מיט דייטשע פּאָדערטראַפּן

### 1) מיטן פּשט פון דעם דייטשן פּאָדערטראַף.

אָנשטוקעווען [ûnštikiwin] — anstückeln (אוק' наштуковати, פּ' sztukować).

צוקלעיען — anleimen (פּ' doklеić).

צופּילעווען — mit besonderer Sorgfalt pflegen, betreuen (פּ' dopilnować).

צופּל'עסקען — Beifall klatschen (אוק' приплескати).

פאַרפּלאָנטען — verfitzen, verwirren (פּ' zaplątać).

פאַרדריפּען — die Kleider mit Kot beschmutzen (פּ' zadrypać się, אוק' задрипатися).

פאַרגרויזן (oj) — einzäumen, absperren (פּ' zagrodzić).

אַ פרוי, מאַכן די קור (פראַנצ' cour=הויף). דאָס וואָרט איז אַלטגעוועסן אין אונזער שפּראַך און איז פאַראַן ביז היינט ניט נאָר אין דעם בראָדער יידיש. אָט זיינען אַ פּאָר אויפווייזן: א) מלכים-בוך, קראָקע 1583, בויגן b27: „דו הוסט... דיין ווייב לושן הובירן". ב) צוכט-שפּיגל, אייסג' 1680, הקדמה: „דא וונשט דיא ווייבר אונ' מאנין על הרוב מיסיג גין... איין טייל מיט שפּאצירן אונ' איין טייל מיט הובירן". ג) אחשורוש-שפּיל [לעמבערג] 1849, בויגן g5: „אַ קליין ווייליכן וועל איך מיך פרינץ המן [!] טון אווירן [:שטאַנדירין]". ד) אליקום צונזער, איין כלל איז באַשטימט... (לויט בעל-מחשבות, דרום-יידנטום, בערלין 1922, ז' 47): „אין שול קאָן מען אים נישט האווירן [:פירן]". ה) ליפשיץ I 2: „אווירען — ухаживать, заботиться о комъ". ו) דרייזין 783: „האווירין — ухаживать". ז) הארקאַווי (1925) 181: „מע קען אים ניט האווירן — קשה להשביעו רצון — he is hard to please". ח) אין ווילנע איז „אווירן" אַ וואָרט פון דער פאָלקסשפּראַך.

קשה איז נאָר די ענדונג -en ביי אַ. לאַנדוין אין ליפשיצן (ביי ג) און ו) איז ניט קיין זיכערקייט, אַז פאַר n- הערט זיך טאַקע אַ וואָקאַל). אפשר איז דאָ פאַרגעקומען אַ קאָנטאַמינאַציע מיט דעם סלאַווישן שורש. [מ. וו.]

פאַרסמאָל'עווען (o) — beschmutzen (אוק' засмолити, פּ' zasmolić).

פאַרסמאַרקען — rotzig machen, werden (אוק' засмаркатися, פּ' zasmarkać).

פאַרבלאָנדזען זיך — sich verirren (פּ' zabłądzić).

פאַרזשאַווערט ווערן — verrosten (אוק' заржавити).

פאַרוויאַנעט ווערן — verwelken (אוק' завянути).

פאַרטאַכל'עווען — vertun, verschwenden (פּ' zatachlować).

צעכאַפּן — vergreifen, auseinander raffen (אוק' розхапати).

צעכראַסטעט — aufgerissen, entblösst (אוק' розхрістанний).

צעקאָשמעט — zerzaust (אוק' розкошманний, פּ' koszmacić).

צעפּיקעט ווערן — platzen (אוק' розпукатися, פּ' rozpukać).

צעטראָשטשען — zertrümmern, zerschlagen (אוק' розтрощити).

דערראַטעווען — erretten (פּ' ratować).

### 2) מיטן פּשט פון דעם סלאַווישן פּאָדערטראַף.

איבערבידעווען — eine Zeitlang erdulden (פּ' przebiedować).

איבערצילען — einfädeln (אוק' надсилити).

אויסכאַפּן (ous) — entreissen.

אויסקוילען — durch Morden ausrotten (פּ' kłóć, אוק' колоти).

אויסשטעכעווען — um-austauschen, (פּ' sztychować).

אָנמיטשען זיך — sich abplagen, (פּ' nameczyć się).

אָנפּאָיען (po) — zur Genüge tränken (פּ' napoić).

אָנהאָדעווען — zur Genüge füttern, (פּ' nahodować).

אָנצאַפּן — aufgabeln, erwischen, ergreifen (פּ' nacapać).

פאַרקאַטשען — streifen, aufschürzen (פּ' zakasać).

פאַרכמאַרען זיך — sich bewölken (אוק' захмаритися).

פאַרטערפּנעט ווערן — erstarren (אוק' затерпнути).

## III דייטשע צייטווערטער מיט סלאַווישע פּאָדערטראַפּן

דאַגיסן — nachfüllen, zugiessen, פּגל' dolać.

דאַלייגן — ergänzen, zuschiessen, פּגל' dołożyć.

דאַלאָזן — zulassen, פּגל' dopuścić.

דאָ איז דאָס יידישע דאַ- (הגם מען שרייבט עס דער-) בלי שום ספק דאָס סלאַווישע do-. יידיש האָט נאָך צוּבער דעם פּאָדערטראַף דער- (אין בראָד: dar-), וואָס

שטימט מיט הויכדייטש -er, אָדער — פּינקטלעכער — מיט דעם אייבערדייטשן דיאַלעקטישן -der, למשל, בייעריש-עסטרייכיש derschlag=ה"ד erschlagen. דאָס צעפל-ר איז אָבער אין בראָדער יידיש קוים וואָס מען הערט עס; הייסט עס, סלאַוויש -do און דייטש -der גיסן זיך קלאַנגיק צונויף. איז אויב מען וויל וויסן, מיט וועלכן פון די צוויי פּאָדערטראַפּן מען האָט צו טון, מוז מען אָנקומען צו אַן אַנדער קריטעריום; הערן הערן מיר ניט קיין חילוק.

נעמען מיר אַ שטייגער דאַפרעגן זיך — erfragen (פ' dopytać się) אָדער דאַוואַרטן זיך — erwarten (פ' doczekać się), שטימט אין פּשט מיט -do, דייטש -der (דערגרייכונג פון אַ ציל), נאָר צוליב דער רעפלעקסיווער פאָרם און דער ניט-טראַנזיטיווער קאָנסטרוקציע מוז מען קומען צום באַשלוס, אַז דאָ האָט לכל הפּחות מיטגעווירקט אַ סלאַווישע השפּעה.

ניט אַזוי זיכער קען מען פּסקענען וועגן אַזעלכע פאַרבינדונגען ווי:

דאַגיין (dageiin) — ertappen, einholen, erreichen (פ' dochodzić, dojść).

דאַציען — irgendwohin gelangen (פ' dociągnąć), אויב מען פאַרגלייכט זיי מיט

דאַלאַנגען — erreichen (פ' dosięgać, אייבערדייטש dergle𝔫gen),

דאַהייבן — פּרנה"ד erheben, זיין אימשטאַנד אויפצוהייבן עפּעס (פ' dodźwignąć).

דאַיאָגן — מיטלדייטש einholen, erjagen (פ' dogonić),

דאַשלעפּן — אייבערדייטש derschleppen, זיין אימשטאַנד צו שלעפּן (פ' dowlec),

וואָרים אין דאָזיקע ווערטער פאַלט אינגאַנצן צונויף דער פּשט פון דער- (אַרויסגערעדט דאַ-) מיט -do.

פּונקט אַזאַ צונויפפאַל ווי ביי דאַ- (דייטש -der) און סל' -do האָבן מיר אויך ביי אָפּ (up, דייטש ab) און פ' ob. אין די ווייטערדיקע ביישפּילן שטימט דאָס יידישע אָפּ. ניט, ווי שטענדיק, מיט פּ' -od, דייטש -ab, נאָר דאָס -up (געקירצט -u) באַזירט זיך אויף פּ' -ob (געקירצט -o); און דערצו נאָך ניט בלויז אין פּשט (=דייטש -be), וואָס באַטייט די אויסשפּרייטונג פון דער האַנדלונג אויפן גאַנצן געגנשטאַנד, נייערט אויך לויט דעם קלאַנגיקן געשטאַלט.

אָפּבריען — verbrühen (פּ' oparzyć).

אָפּפאַרבן — färben (פּ' ofarbować).

אָפּגילטן — vergolden (פּ' ozłocić).

אָפּגיסן — begiessen (פּ' oblać).

אָפּנאַרן — betrügen (פּ' oszukać, omamić).

אָפּפּישן (upišn) — bepissen (פּ' oszczać).

אָפּוידלען — besudeln, beschimpfen (פּ' obrudzić און ענלעכע).

אָפּשיטן — beschütten (פּ' osypać).

אָפּשמירן — beschmieren (פּ' osmarować).

אָפּשפּריצן — bespritzen (פּ' obryzgać, oplusnąć).

דער פּוילישער פּאָדערטראַף -u איז אויך פאַרביטן געוואָרן דורך יידיש -u, -up, ערשטנס צוליב דער קלאַנגיקער ענלעכקייט, צווייטנס צוליב דער קרובהשאַפט אין פּשט:

אָפּשטיין — einen Niederschlag bilden (פּגל' דייטש: abgestandenes Wasser, פּ ustać).

אָפּטראָגן זיך — abfahren, sich entfernen (פּ' unosić się).

אָפּטרעטן — zurückziehen, sich zurücktreten, abstehen, weichen (פּ' ustąpić).

## IV דייטשע צייטווערטער מיט דייטשע פּאָדערטראַפּן.

אין אַלע פאַלן וואָס זיינען אַרומגערעדט געוואָרן ביז איצטער זיינען דורכאויס אַנטליען געוואָרן סלאַווישע וואָקאַבלען. אַצונד גייען מיר צו צו דעם אין פאַרנעם גרעסטן און וויכטיקסטן מין פון סלאַווישער השפּעה. דהיינו, מיר וועלן באַהאַנדלען אַזוינע ווערטער, וואו דער סלאַווישער קלאַנגיקער קערפּער בלייבט אויסן און ס'זיינען שייך אויסשליסלעך די אידעעלע עלעמענטן פון דעם וואָרט — דאָס וואָס שוכאַרדט האָט אָנגערופן „די אינעווייניקסטע שפּראַכיקע פאָרם". דער מהות פון אָט די „לייוווערטער לויטן פּשט" אָדער „איבערגעזעצטע לייווערטער" אָדער „בילדונגלייוווערטער" (אַלץ אויסדרוקן פון נייערע פילאָלאָגן) איז אַזאַ: אַ צונויפגעזעצט וואָרט ווערט אַריבערגעטראָגן דורך דעם, וואָס זיינע באַשטאַנדטיילן ווערן אות באות איבערגעזעצט אין דער נייער שפּראַך, וואו אַזוינס איז נאָך פריער לחלוטין ניט געווען אָדער, אויב יאָ, איז מיט אַן אַנדער באַטייט. למשל ע"פ אַנאַלאָגיע מיט דעם פּוילישן przeprosić ווערט געשאַפן דורך אַ ווערטלעכן איבערזעץ דאָס יידישע איבערבעטן מיטן פּשט פון דער פּוילישער צונויפזעצונג, אין דער צייט וואָס אין דייטש איז אַזאַ überbitten ניטאָ. אָדער לויט דעם פּוילישן zabawić (dziecko) קומט אויף אין יידיש: פאַרשפּילן (אַ קינד), דורך שפּיל אַרויפברענגען קינדער אויף אַנדערע געדאַנקען. דייטש האָט דאָס צייטוואָרט verspielen בלויז מיטן פּשט „אָנווערן אין אַ שפּיל"; יידיש פאַרמאָגט ביידע באַטייטן. ס'קאָן נאָך ענדלעך אויפקומען אַ יידיש צייטוואָרט, וואָס אויסנווייניק פאַלט עס אינגאַנצן צונויף מיט אַ דייטשן, נאָר דער פּשט איז גאָר אַן אַנדערער; אַ שטייגער ייד' צונעמען אַנטקעגן דייטש zunehmen.

איך נעם דאָ צונויף וואָס אַ גרעסערע צאָל אַזוינע ווערבאַלע צונויפזעצונגען, גרופּירט לויט די פּאָדערטראַפּן, כדי צו געבן אַ לערכדיק בילד פון דעם פאַרנעם פון דער דאָזיקער דערשיינונג. נאָר קיין פולשטענדיקייט האָב איך געוויס ניט געקאָנט דערגרייכן, מחמת עס איז דאָך פאַראַן

צו אימבאַגרענעצטע מעגלעכקייט צו בילדן נייע צונויפזעצונגען לויטן מוסטער פון די ביזאיצטיקע. פאַר טייל בילדונגען, וואָס וואַקסן בלי־ספק פון אַ סלאַווישער השפּעה, האָב איך ניט געבראַכט קיין סלאַווישע פּראָטאָטיפּן. טיילווייז נעמט זיך דאָס פון דעם, וואָס איך האָב אין מיין רשות ווייניק סלאַווישע ליטעראַטור; חוץ דעם זיינען פיל יידישע צונויפזעצונגען באַזירט ניט דירעקט אויף באַשטימטע פּראָטאָטיפּן, נאָר זיי זיינען געפורעמט ע״פּ אַנאַלאָגיע מיט אַנדערע אַנטלייאונגען.

1) אויס־ (-ous), פּ' -wy.

א) כמעט דאָס אייגענע ווי דאָס פּשוטע צייטוואָרט, נאָר ס'באַטייט אַ פאַרענדערטע טואונג:

אויסבייטן — wechseln (פּ' wymienić).

אויסבעטן (ê) — erbitten (פּ' wyprosić).

אויסבעטן (ĕ) — betten (פּ' wyścielać).

אויסגלייכן (lâ) — ebnen, gerade machen (פּ' -wy równać, wyprostować, אוי' вирівнати, випростати).

אויסזוכן (i) — finden (פּ' wyszukać).

אויסזידן (i) — kochen (פּ' wywarzyć).

אויסלערנען (lê) — lehren (פּ' wyuczyć).

אויסלערנען זיך — erlernen (פּ' wy- się).

אויסמישן — mischen, vermischen (פּ' wymieszać).

אויספלעכטן אַ צאָפּ — flechten (פּ' wypleść).

אויסקרימען — verbiegen (אוי' викривити).

ב) פונאַנדערוויקלען אַ גרויסע טעטיקייט, טון עפּעס ביזן סוף:

אויסדערציילן — erschöpfend erzählen (איבער־הויפּט אין נעגאַטיווע ווענדונגען: ער קען נישט גענוג אי; פגל' אין לוטערס ביבלאיבערזעצונג: wer kann die Taten des Herrn ausreden; פּ' wypowiedzieć).

אויסוואוינען — lange wohnen (פּ' wymieszkać).

אויסגעווייקט ווערן (פּאַסיוויש) — ganz durchnässt werden (פּ' wymoknąć).

אויסזיין (אויסגעוועזן וואו די וועלט האָט אַן עק) — sehr lange, überall sein (פּ' wybywać).

אויסלויבן — zur Genüge loben (פּ' wychwalać).

אויסלויפן — sehr viel laufen (פּ' wybiegać).

אויספאָרן די גאַנצע וועלט — bereisen.

ג) אָפּטיילן, דערווייטערן:

אויסזעצן אַ פענסטער — einschlagen (פּ' -wy sadzić).

אויסרייסן — entreissen (פּ' wyrywać).

אויסרייסן זיך — sich losreissen (פּ' -wyry wać się).

אויסשלאָגן = אויסזעצן, (פּ wybić)

ד) אָפּטון אַ פלוצימדיקע טואונג, באַזייטיקן אַ מניעה:

אויסזאָגן — verraten (פּ' wypowiedzieć, פגל' דייטש heraussagen).

אויסרעדן — das Schweigen brechen (פּ' wymówić).

אויסשיסן — losschiessen (פּ' wystrzelać).

2) אונטער- (-intar), פּ' -pod, ד' -unter.

אונטעראַרבעטן אַ זאָק — anstricken (פּ' -pod robić pończochę, אוי' подробити нoгавку).

אונטערגאַרטלען זיך — sich zusammennehmen (פּ' podpasać się).

אונטערהאַקן — unten beschneiden (פּ' podciąć, podrąbać).

אונטערהערן — belauschen (פּ' podsłuchać).

אונטערוואַרפן — etwas heimlich hinlegen (פּ' -pod rzucić).

אונטערווישן — unten abwischen (פּ' podetrzeć)

עס טראָגט אונטער (אומפּערזענלעך) — es empört (אוי' аж мі пiдносит; פגל' aufbringen).

אונטערלייגן (פייער) — anlegen (פּ' podkładać ogień).

אונטערנייען — füttern (פּ' podszyć).

אונטערנעמען זיך — unternehmen (צום רעפלעקסיוו פגל' sich unterfangen; פּ' podejmować się).

אונטערשפרינגען — in die Höhe springen (פּ' -pod skoczyć).

3) איבער- (-ibâr), פּ' -prze, אויך נידערדייטש.

א) טיילן, אָפּזונדערן; דייטש -entzwei:

איבערבייסן — entzweibeissen (פּ' przekąsić).

איבערברעכן — entzweibrechen (פּ' przełamać).

איבערהאַקן — zerhauen (פּ' przerąbać).

איבעררייסן — unterbrechen (פּ' przerwać).

איבערשניידן — zerschneiden (פּ' przekroić, przerznąć).

ע״פּ אַנאַלאָגיע זיינען געבילדעט:

איבערבויען (bouin) — טיילן אַ רוים דורך אַ שיידוואַנט.

איבערשלאָגן — איבעררייסן יענעמס רייד — unterbrechen (פּ' przeskadzać).*

ב) בייטן דעם אָרט, דייטש -um:

איבערגיסן — umgiessen (פּ' przelać).

איבערדרייען — verdrehen, -um (פּ' przekręcić).

איבערזייען — durchseihen (פּ' przecedzić).

איבערזיפּן — durchsieben (פּ' przesiać).

איבערזעצן — umsetzen (פּ' przesadzić).

איבערטראָגן זיך — sich mit seinen Sachen anderswohin begeben (פּ' przenosić się).

* דאָ דאַרף אפשר דערמאָנט ווערן ר' перебивать. [מ. וו.]

**איבערלייגן** — umordnen, בייטן דעם סדר, למשל „א' די שאַפע" (פ' przekładać); פאַרקערט **איבער־לייגן זיך** מיטן אַקצענט אויפן צייטוואָרט גלייך דייטש überlegen.

**איבערמישן** — umblättern (פ' przewracać).

**איבערציען זיך** — umziehen (פ' przeprowadzić się). הגם דאָ בעט זיך אַ פאַרגלייך מיט ד' übertragen און übersiedeln, זאָגט אָבער די רעפלעקסיווקייט עדות אויף סלאַווישער השפעה.

**איבערקערן** — umstürzen, -kehren (פ' przewrócić).

מיט אַן אַריבערגעטראָגענעם פשט: דורך געלט, בקשות, אַרגומענטן אַריבערציען אויף זיין צד (ד' „herumkriegen"):

**איבערבעטן** — um Verzeihung bitten (פ' przeprosić).

**איבערקויפן** — bestechen (פ' przekupić).

**איבערשפּאַרן** — im Wortstreit besiegen (פ' przeprzeć).

ג) בייטן עפּעס אין זיין באַשטאַנד, אין זיין פאָרם, מאַכן עפּעס איבעראַנייס, דייטש -um:

**איבערגעאַנדערשט** — verändert, umge- (פ' przeinaczyć).

**איבעראַרבעטן** — umarbeiten (פ' przerabiać).

**איבערבויען** — umbauen (פ' przebudować).

**איבערבייטן** — umtauschen (פ' przemienić).

**איבערבעטן** (אַ בעט) — umbetten (אוי' перестелити).

**איבערדרוקן** — neu drucken (פ' przedrukować).

**איבערטון זיך** — sich umkleiden (פ' przebierać się; „טון" ווי אין ד' antun=אָנטון).

**איבערמאַכן** — umändern (פ' przerabiać, אוי' переробити).

**איבערשפּאַנען** — umspannen (פ' przeprzęgnąć).

**איבערשרייבן** — umschreiben (פ' przepisać).

ד) איבערחזרן אַ טואונג כדי זי צו מאַכן בעסער:

**איבערגיין** (געשריבנס מיט בליי איבערציען מיט טינט) — überfahren.

**איבערוואַשן** — nochmals waschen (פ' przemywać).

**איבערווישן** — nochmals wischen.

**איבערפּרעגלען** — nochmals schmoren (פ' przeprażyć).

ה) אָפּטון עפּעס דורך אַן איינמאָליקער טואונג:

**איבערגיין זיך** — ein wenig Bewegung machen (פ' przechodzic się, אוי' перейтися).

**איבערפאָרן זיך** — eine Spazierfahrt machen (פ' przejeżdżać się).

**איבערשוויצן זיך** — durchschwitzen (פ' przepocić się).

**איבערשלאָפן זיך** — ein Schläfchen machen (פ' przespać się).

ו) טון אַ טואונג דויערדיק, מיט התמדה, מיט פיל פעולה:

**איבערוואוינען** — sehr lange an einem Orte wohnen (פ' przemieszkać).

**איבערזיין** — sehr lange an e. Orte sein (פ' przebyć).

**איבערטון** — sehr viel tun; אומפערזענלעך: וואָס דאָרט 'אָס זיך איבערגעטון!

**איבערליגן** — sehr lange liegen (פ' przeleżeć).

ענלעך:

**איבערגעפרוירן ווערן** — eine längere Zeit Kälte leiden.

ז) אָפּוואַרטן ביז וואַנען עפּעס וועט זיין געענדיקט:

**איבערוואַרטן** — warten bis etw. aufgehört hat.

ח) אַריבערכאַפּן די מאָס (פאַלט צונויף מיטן פשט פון ד' über-):

**איבערגעבן זיך** — über seine Mittel geben (אָבער דייטש־דיאַלעקטיש אויך sich übergeben מיט דעם פשט; פ' przedawać się).

**איבערקלויבן** (ou) — allzu wählerisch sein (פ' przebierać).

**איבערגעשטאַנען וואַסער** — Wasser, das zu lange gestanden hat (פגל' abgestandenes W., פ' przestawać).

ט) פאַרשיידענע אַנדערע באַטייטן:

**איבערגיין** (וועגן אַ גוטן אָדער אַ בייזן באַגעגעניש) — vorübergehen (פ' przechodzić).

**איבערשרעקן** (טראַנזיטיוו) — erschrecken (פ' przestraszyć).

4) **איינ-** (ân-), **אַריינ-** (arân-), פּ' w-:

**איינבייגן** — biegen, beugen (פ' wgiąć).

**איינבעטן** (ê) — durch Bitten zu etwas bewegen; אי' זיך; אַן איינגעבעטענער (פ' wprosić się).

**איינהאַלטן זיך** — sich zurückhalten (פ' wstrzymać się).

**איינזיצן** — längere Zeit sitzend aushalten (פ' wysiedzić).

**איינשטייען** — längere Zeit stehend aushalten (פ' wystać).

**אַריינדרייען זיך** — sich durch List, Geschicklichkeit eindrängen (פ' wkręcić się).

**אַריינלייגן זיך אין שלום** — (פ' włożyć sie w co, אָבער אויך פרנה"ד: sich darein legen).

5) אָנ- (ûn-), פּ' na-.

א) נאָענט לויטן פּשט צום איינפּאַכן צייטוואָרט, וואָס רוב אויסדריקנדיק די מאָמענטאַלקייט פון דער טואונג:

אָנבייגן זיך — sich bücken (פּ' nachylić się).

אָנגיסן — einschenken (פּ' nalać).

אָנוואַרימען — erwärmen (פּ' nagrzać).

אָנזאָגן — einen Auftrag geben (פּ' nakazać).

אָנטאַפּן — erfühlen (פּ' namacać).

אָנטרעטן — treten, einen Tritt versetzen (פּ' na-deptać).

אָנטרעפן אויף (of) — treffen, stossen (פּ' na-trafić na).

אָנלייגן אַ פייער — anzünden (פּ' nakładać ogień).

אָנציען — (פּ' naciągać):

Blasen ziehen (פּ' n. bęblów).

אַ זייגער — aufziehen (פּ' n. zegar).

אַ קישן — beziehen.

ניט־טראַנזיטיוו: heranziehen, nahen (פּ' nadciągać).

אָנרופן זיך — heissen (פּ' nazywać się). בשעת עס באַטייט: ענטפערן אויף אַ רוף (וואָס אין לעמבערג זאָגט מען יעמאָלט: אָפּרופן זיך), שטימט עס מיט פּ' odezwać się.

אָנשאַרפן — schärfen (פּ' naostrzyć).

אָנשפּייען — spucken (פּ' napluć).

6) אָפּ- (up-), פּ' od-.

א) מיטן פּשט צוריק:

אָפּגעבן — zurückgeben (פּ' oddać).

אָפּזוכן — finden, sich zu finden bemühen (פּ' od-szukać).

אָפּטון — vergelten, e. Possen spielen (פּ' od-czynić).

אָפּטראָגן — zurücktragen (פּ' odnieść).

אָפּנעמען — wieder zurücknehmen (ווין אייגנס), אין דער צייט וואָס דאָס פּוילישע odebrać האָט חוץ דעם נאָך (פּונקט ווי ד' abnehmen) דעם פּשט: צונעמען.

אָפּפירן — zurückführen (פּ' odprowadzić).

אָפּשיקן — zurückschicken (פּ' odesłać).

ב) אָפּטיילן, שיידן; דער פּשט דערנעענטערט זיך צום דייטשן ab-:

אָפּבעטן — losbitten (פּ' odprosić).

אָפּגעבן פאַר אַ זעלנער — abstellen (אויך אין דער עלטערער אייבערדייטשער קאַנצעלאַרישער שפּראַך איז פאַראַן דער אויסדרוק: abgeben ad militiam; פּ' oddać, או' віддати).

אָפּוואַרפן — absetzen (פּ' zrzucić).

אָפּזיצן — abstehen (פּ' odsadzić się).

אָפּלאָזן — loslassen (פּ' o-, odpuścić).



אָפּלייגן — verlegen, verschieben (פּ' odkładać, או' відложити).

אָפּרוען זיך — von der Mühe ausruhen (פּ' od-począć).

אָפּרעדן אַ דינסט — abwendig machen (אייבערדייטש abreden, פּ' odmówić sługę).

אָפּשפּרעכן — besprechen (אייבערדייטש absprechen, פּ' odmawiać, odrzekać).

ג) מיטן פּשט: פאַרענדיקן אַ טואונג.

דאָ זיינען מעגלעך צונויפצוונגען אָן אַ שיעור, אַ שטייגער:

אָפּזידן — פּ' odkipiać; אָפּטון — odczynić; אָפּלאַכן — odsmiać się; אָפּלויבן — odchwalić; אָפּלייענען — odczytać; אָפּנייען — odszyć אאַז״וו; אויף דייטש: aufhören zu sieden etc.

אָפּבייזערן זיך — mit den Vorwürfen aufhören (פּ' odgniewać się); אָבער אויך: jemd. strafend anfahren.

אָפּזאָגן — a) mit dem Reden zu Ende sein; b) verweigern (פּ' odmówić, פּגל' Absage); c) letztwillig vermachen (פּ' odkazywać, או' відказати).

7) צו־ (tsî), פּ' przy-.

א) מיטן פּשט: אַ ביסל, נאָך אַ ביסל דערצו־:

צובראָטן — noch ein wenig braten (פּ' przy-piekać).

צוגעברענט — ein wenig angebrannt (פּ' przy-palony, או' припаленый).

צוהערן זיך (ê) — hinhören (פּ' przysłuchiwać się).

צולייגן זיך — sich zu einem kurzen Schläfchen niederlegen.

צופאַרבן — noch etwas färben (פּ' przyfarbować).

צוקעמען — ein wenig kämmen (פּ' przyczesać).

אַנאַלאָגיש: צוברוינען, צוקערן, צושמירן אאַז״וו.

ב) דערנעענטערן, פאַרבינדן:

צוזוכן, ־קלויבן (ou), ־פּאַסן — zu einem Gegenstand einen passenden zweiten suchen (פּ', przy-dobrać).

צולייגן אַ פּלאַסטער — auflegen (פּ' przyłożyć).

צומעסטן — zwei Gegenstände aneinander messen; zumessen (פּ' przymierzyć).

צונעמען אַ באַדינער — aufnehmen (פּ' przyjmo-wać). זיסט באַטייט „צונעמען" אָמאָל wegnehmen, מסתּמא ווייל דאָס „נעמען צו זיך" איז כולל אין זיך דאָס אַוועקנעמען ביי אַ צווייטן.

צוקלעבן — an-, zukleben (פּ' przylepić).

צושטיין — freiwillig als Soldat eintreten (פּ' przy-

stać do wojska). חוץ דעם איז נאָך פאַראַן דער באַטייט פון או׳ приставати: מיה, שלאַבעריק ווערן.

אין אַ סך פאַלן שטימט דער יידישער פּשט סיי מיט דייטש, סיי מיט סלאַוויש, מחמת דער באַטייט פון די צונויפצוזעצונגען אין ביידע שפּראַכן פאַלט זיך צונויף. למשל:

| | צופאָרן | צופירן | צוקומען |
|---|---|---|---|
| ד׳ | hinzufahren | hinzuführen | hinzukommen |
| פ׳ | dojechać | doprowadzić | przychodzić |

8) צע־ (tsi-), ד׳ zer-, פ׳ roz-.

א) רעפלעקסיוו: זיך אינטענסיוו אַריינטון אין עפּעס, פאַרשטאַרקן די טואונג וואָס ווייטער מער:

צעברענען זיך — in Brennen geraten (פ׳ roz-palić się).

צעדונערן זיך — immer stärker donnern (פ׳ rozgrzemieć się, ר׳ разгреметься).

צעוויגן זיך — in Schwung kommen (פ׳ roz-kołysać się).

צעזינגען זיך — ins Singen kommen (פ׳ roz-śpiewać się).

צעטאַנצן זיך — ins Tanzen kommen (פ׳ roz-tańcować się).

צערעגענען זיך — anhaltend regnen (פ׳ roz-deszczyć się).

צערעדן זיך — ins Reden kommen (פ׳ rozga-dać się).

צעשפּילן זיך — ins Spielen kommen (פ׳ roz-igrać się): אויך פיגוראַל.

צעשרייבן זיך — ins Schreiben kommen (פ׳ rozpisać się).

ב) מיט אַן אינקאָאַטיוון (אַאָריסטישן) פּשט:

צעבייזערן זיך — in zornige Äusserungen ausbrechen (פ׳ rozgniewać się).

צעוויינען זיך — in Weinen ausbrechen (פ׳ rozpłakać się).

צעלאַכן זיך — plötzlich in Lachen ausbrechen (פ׳ rozśmiać się).

צעשרייען זיך — ins Schreien kommen (פ׳ roz-krzyczyć się).

ג) מיטן פּשט פונאַנדער (ר׳ auseinaner-), וואָס איז דאָס רוב נאָענט צום ד׳ zer-:

צעבייגן — auseinanderbiegen (פ׳ rozgiąć).

צעגראָבן (û) — durch Graben auseinanderwerfen (פ׳ rozkopać).

צעהענגען — auseinanderhängen (פ׳ rozwiesić).

צעזעצט ווערן — zerplatzen (פ׳ rozsięść się).

צעלאָזן — auseinander-, entlassen, auflösen, zerlassen (פ׳ rozpuścić).

צעלייגן — auseinanderlegen (פ׳ rozłożyć).

צענעמען — auseinandernehmen (פ׳ rozbierać).

צעפאַלן — zerfallen (פ׳ rozpaść się).

צעקעמען — auseinanderkämmen (פ׳ rozczesać).

צעשטעלן — auseinanderstellen (פ׳ rozstawić).

צעשיטן — verstreuen, verschütten (פ׳ rozsypać).

צעשמירן — auseinanderschmieren (פ׳ rozma-zać).

צעשענקען — verschenken (פ׳ rozdarować).

רעפלעקסיוו:

צעגיין זיך — auseinandergehen (פ׳ rozejść się).

צעלויפן זיך — a.laufen (פ׳ rozbiegać się).

צעפאָרן זיך — auseinanderfahren (פ׳ rozje-chać się).

צעפליען זיך — a.-fliegen (פ׳ rozlecić się).

צעקריכן זיך — a.-kriechen (פ׳ rozleźć się).

אַ צעקראַכענער מענטש — (פ׳ roz azły).

אין צעבלוטיקן (פ׳ rozkrwawić) באַטייט צע־ (roz—) אַ ווייטערדיקע אויסברייטערונג פון דער טואונג: בלוטיק מאַכן דאָס גאַנצע לייב.

ד) אַ סך צונויפזעצונגען וואָס ווערן באַנוצט ניט־רעפלעקסיוו שטימען סיי מיט סל׳ roz-, סיי מיט מה״ד צייטווערטער מיט zer-. הייסט עס, אויך ביים באַטייט auseinander- גיסט זיך צונויף די ווירקונג פון ביידע שפּראַכן. אַ שטייגער:

צעגיסן — מה״ד zergiezen (פ׳ rozlać).

צעוואַרפן — מה״ד zerwerfen (פ׳ rozrzucić).

צעזייען — מה״ד zersaejen (פ׳ rozsiać).

צעטראָגן — מה״ד zertragen (פ׳ roznieść).

צעטרייבן — מה״ד zertrîben (פ׳ rozpędzić).

צעפלעכטן — מה״ד zerflehten (פ׳ rozpleść).

צעציען — מה״ד zerziehen (פ׳ rozciągać).

צערוקן — מה״ד zerrücken (פ׳ rozsunąć).

9) פאַר־, ד׳ ver-, פ׳ za-.

דאָ דעקן זיך אויך אין אַ סך פאַלן די דייטשע און די סל׳ צונויפזעצונגען. אַ סל׳ השפעה איז מסתמא פאַראַן אין:

פאַרבלוטיקן — blutig machen (פ׳ zakrwawić).

פאַרבעטן — einladen (פ׳ zaprosić).

פאַרבענקען זיך — vor Sehnsucht ver-schmachten (פ׳ zatęsknić się).

פאַרברענט — leidenschaftlich, למשל: „אַ פאַר־ברענטער קאָרטנשפּילער (û)״ לויט פ׳ zapalić się, człowiek zapalony.

פאַרגלוסטן זיך — ein Gelüst nach etwas bekommen (פ׳ zechcieć się).

פאַרדרייען דעם קאָפּ — schwindlig werden (פ׳ głowa się zakręca).

פאַרהאַלטן — auf-, zurückhalten (פ׳ zatrzymać).

**פאַרהיסטן** (î) זיך — einen Hustenanfall bekommen (פ' zakaszlać się).

**פאַרהיקען זיך** — stottern (פ' zająkać się).

**פאַרטראַכטן זיך** — sich in Gedanken vertiefen (פ' zamyślić się, אי' замислятися).

**פאַרלאָזן זיך אַ באָרד** — sich einen Bart stehen lassen (פ' zapuścić brodę).

**פאַרלייגן די הענט** — die Arme verschränken (פ' założyć ręce).

**פאַרנעמען פּלאַץ** — einnehmen (פ' zająć miejsce, אי' занимати місце).

— **אַ קלייד** — aufschürzen (פ' zawziąć suknię).

**פאַרנעצן** — nass machen (פ' zamoczyć).

**פאַרפּישן** — anpissen (פ' zaszczać).

**פאַרפאָרן** — einkehren (פ' zajechać).

**פאַרקאַטשען** — aufstreifen (אי' закачати).

**פאַרקעמען** — frisieren (פ' zaczesać).

**פאַררייסן**, אַ פאַרריסענע נאָז, — die Nase aufwerfen, Stumpfnase (פ' zadrzeć, zadarty nos).

**פאַרשלאָפּט ווערן** — erkranken (פ' zasłabnąć).

**פאַרשניצן אַ פען, אַ בלייפעדער** — schneiden, spitzen (פ' zarznąć, zastrugać).

**פאַרשעמען** (ê) — beschämen (פ' zawstydzić).

**פאַרשפּילן אַ קינד** — durch Spiel beschäftigen (פ' zabawić); פ' זיך — sich ins Spiel vertiefen (פ' zagrać się).

די צייטווערטער פון העברעאישן אָפּשטאַם גייען פונקט אַזוי ווי די וואָס פון דייטש. זיי ווערן צונויפגעזעצט מיט די זעלבע פאָדערטראָפן אָדער לויט אַ סלאַווישן מוסטער, אָדער ע"פ אַנאַלאָגיע.

צו III. **דאַהאַרגענען** — ermorden (פ' zamordować: פגל' **דאַטשמעל'ען** און **דאַטשעפּען** פאַר zaczepić און зачмелити אונטער I).

צו III. **אָפּשייגעצן**.

צו IV. 1 ב) **אויסהאַרגענען** — durch Morden ausrotten (פ' wymordować).

צו 3 ד) **איבערכאַזערן** — wiederholen.

צו 3 ה) **איבערשמועסן** (šmîsn) — durchsprechen.

צו 3 ט) **איבערפידיענען** — des Guten zu viel tun.

צו 4) **איינישוועגען** — einsperren (פ' wsadzić).

**איינגאַנווענען זיך** — sich hineinstehlen (פ' zakraść się).

צו 5 ב) **אָנשיקערן** — betrunken machen. אָ' זיך — sich betrinken (פ' napić się).

צו 8 א) **צעשמועסן זיך** — ins Reden kommen (פ' rozgadać się).

צו 8 ב) **צעיאַכמערן זיך** — in Zorn geraten, sich erhitzen (פ' rozgniewać się, אי' разяритися).

צו 8 ג) **צעגאַנווענען** — alles ohne Rest stehlen (פ' rozkraść).

צו 9) **פאַרגאַנווענען זיך** — sich hineinstehlen (פ' wkraść się).

**פאַרמיעסן** (mîsn) — verekeln (פ' obrzydzić).

**פאַרשמועסן זיך** — sich in ein Gespräch vertiefen (פ' zagadać się).

# די ערשטע געשיכטע פון יידישן טעאַטער

## צו ד״ר י. שיפּערס ווערק

פון ד״ר י. שאַצקי (ניו־יאָרק)

I

וועגן דעם ערשטן באַנד פון ד״ר י. שיפּערס טעאַטערגעשיכטע איז מיר שוין אויסגעקומען אַמאָל צו שרייבן [1]. אין שייכות מיטן צווייטן באַנד וועל איך איצט דאַרפן זיך צוריקקערן צום ערשטן באַנד: איך וועל אָבער אָנרירן נאָר די פּונקטן, וועלכע זענען דעמאָלט צוליב מאַנגל אין פּלאַץ נישט געוואָרן אַנאַליזירט באַריכות — אַזוי ווי ס׳פאַרדינט אַזאַ באַכת פּיאָנערישע אַרבעט.

דער גרויסער מאַנגל אין פאָרשטודיעס אויפן געביט פון דער יידישער טעאַטערגעשיכטע לייגט אַרויף אויף דעם היסטאָריקער זייער שווערע אויפגאַבעס. ער מוז זיין גלייכצייטיק דער זאַמלער פון מאַטעריאַלן, דער „אַנטדעקער" פון קוועלן, דער אַנאַליסיקער און דער סינטעטיקער. דערצו קען נאָך נישט ביי אונז אָפּגעטיילט ווערן די געשיכטע פון דער יידישער דראַמע פון דער געשיכטע פון דעם יידישן טעאַטער, און דער יידישער היסטאָריקער מוז זיך אָפּגעבן מיט צוויי געביטן, וועלכע זענען שוין ביי די אומות־העולם לאַנג אָפּגעטיילט. ד״ר שיפּער איז גערעכט, ווען ער זאָגט אין דער הקדמה, אַז ביים היינטיקן צושטאַנד פון אונזערע פאָרשונגען זענען נאָך די געביטן פון טעאַטער און דראַמע „אָרגאַניש צונויפגעבונדן". דעריבער האָט ער זיך באַנוצט מיט ביידע מעטאָדעס: מיט דער ליטעראַטור־היסטאָרישער און מיט דער ריין טעאַטראַלישער. אחוץ דעם, וואָס ער באַהאַנדלט די דראַמע און טעאַטער אויף יידיש, האָט שיפּער געהאַלטן פאַר נייטיק זיך אָפּצושטעלן אויך אויף דער יידישער דראַמאַטישער שאַפונג און יידישע פאָרשטעלונגען (און סתם פאַרווײַלונגען) אין פרעמדע שפּראַכן. דאָס האָט ער געטאָן כדי געהעריק צו „באַלויכטן די וואָרצלען און די אַנטוויקלונג פון דער ייד־שער דראַמע און טעאַטער" — ווי ער קלערט אויף אין דער הקדמה (I, 11).

די אַלגעמיינע טעאַטערגעשיכטע האָט געמוזט באַרירט ווערן ברייטלעך, ספּעציעל דאָרטן, וואו דער יידישער מאַטעריאַל איז אָרעם אָדער פעלט לחלוטין, אָדער דאָרט וואו ס׳איז געווען נייטיק אַ פאַרגלייך־מאַטעריאַל, כדי צו קענען פעסטשטעלן השפּעות און „אַנטנעמונגען". דערעיקרשט איז דאָס געווען וויכטיק ביים אַנאַליז פון דעם „טראַדיציאָנעלן" מאַטעריאַל — ד״ה פון די פּורים־שפּיל־טעקסטן, וועלכע זענען פאַרבליבן פון די שפּעטערדיקע צייטן און פון די פרישע אָפּשרייבונגען, בשעת עס איז געגאַנגען וועגן פעסטשטעלן זייער תחילתדיקן כאַראַקטער לויט שפּראַך, סטיל, פערסאָנאַזשן, טעכניק און קאָנסטרוקציע פון שפּילן.

אַלזאָ, עס האָט זיך געפאָדערט זייער אַ ברייטער צוגרייט־מאַטעריאַל און אַ פאַרצווייגטער פאָרשונגס־אַפּאַראַט, כדי אַרויסצובאַקומען דאָס, וואָס עס איז נייטיק פאַר דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער.

די פראַגע איז אָבער: צי איז דאָס אַלץ געווען נייטיק? צי האָט מען באַדאַרפט די קנאַפּע אַלטע ידיעות וועגן דעם שפּאַנישן טעאַטער אָדער וועגן דעם טעאַטער ביי די איטאַליענישע יידן? וואָלט נישט געווען כדאַיער און וויכטיקער זיך דערווייל אָפּגעבן נאָר מיט טעאַטער אויף יידיש און איבערלאָזן די אַלע אַנדערע געביטן אויף אַ צייט, ווען עס וועט מער נייס אַרויסגעבראַכט ווערן אויפן סמך פון נייע שטודיעס? [3].

דאָס זענען אַלץ פראַגעס, וועלכע לאָזן זיך דיסקוטירן. אָבער קוים האָט שיפּער די פרעמדשפּראַכיקע טעאַטער־עלעמענטן אין די יידישע געטאָס שוין אַריינגעבראַכט, בלייבט צו אָנערקענען דעם פאַקט און צוצוקוקן זיך נעענטער, ווי אַזוי האָט ער אויסגעפירט זיין אויפגאַבע.

דער ערשטער באַנד פון שיפּערס געשיכטע איז די געשיכטע פון דער יידישער „געזעליקייט": פאַרווײַלונגען, שפּילן, מאַסקאַראַדן, טיילווייז אויך חזנות פון די עלטסטע צייטן ביזן יאָר 1750. אין דעם באַנד ווערן באַ־

1 ד״ר יצחק שיפּער. געשיכטע פון יידישער טעאַטער־קונסט און דראַמע פון די עלטסטע צייטן ביז 1750. ערשטער באַנד מיט 19 בילדער, 222 ז׳, 1923. צווייטער באַנד מיט 22 בילדער, 264 ז׳, 1925. וואַרשע, פאַרלאַג „קולטור־ליגע".

2 „טעאַטער", ניו־יאָרק 1924, נומ׳ 3.

3 אַזוי איז, למשל, צוגעקומען אַן אינטערעסאַנטער מאַטעריאַל פאַר איטאַליע אַ דאַנק דעם אַרטיקל פון ד״ר י. צאָללער Theater und Tanz in den italienischen Ghettis, Mitt. 1926.

האַנדלט די אַלע עלעמענטן און היסטאָרישע מאָמענטן, וועלכע האָבן גורם געווען, אַז ביי אונז האָבן זיך אַנטוויקלט טעאַטער און טעאַטראַלישע פאַרווייילונגען אין ברייטן זינען פון וואָרט.

דער ערשטער באַנד באַשטייט פון 16 קאַפּיטלען. דאָס ערשטע קאַפּיטל באַהאַנדלט „די טעאַטער-קונסט ביי יידן אין אַלטערטום". דאָס קאַפּיטל איז אַ ריין קאָמפּילאַטיווס און טראָגט נישט אַריין קיין שום נייס — אחוץ דעם, וואָס אין אים פאַרפלאָנטערט שיפּער אַ וויכטיקן ענין מכּוח דער עלטסטער יידישער פאַנטאָמימע. די פראַגע וועגן „מימוס" ביי די יידן אַמאָליקע צייטן איז זייער אַ וויכטיקע. אויף שפּורן פון מימוסן ביי די יידן האָט שוין אַמאָל אָנגעוויזן יוסף האָראָוויץ אין זיין אינטערעסאַנטן בוך [1]. שיפּער האָט די פראַגע אינגאַנצן נישט אָנגערירט. אויך די תּלמודישע מאַטעריאַלן (וועלכע פאַרדינען, דרך אגב, אַ ספּעציעלע אָפּהאַנדלונג) זענען ביי אים דירעקט נישט אויסגענוצט געוואָרן. זאָס, וואָס ער האָט צו פאַרדאַנקען גאָרינען און לעווס אַן אַרטיקעלע, האָט קיין שום ווערט נישט [2].

וועגן אַקטיאָרן-יידן אין אַלטן רוים לאָזט זיך אויך אַ סך מער זאָגן, ווי דאָס, וואָס מיר לייענען אין דעם קאַפּיטל [3].

אין דעם קאַפּיטל ווערט אויך באַהאַנדלט די עלטסטע יידישע פאַנטאָמימע, וועלכע איז באַקאַנט אין דער אַלט-העברעאישער ליטעראַטור א"נ „משוורתא דפוריא" (סנהדרין סד ע"ב). דאָס איז דער מנהג מיטן הילצערנעם מאַנעקען פון המנען, וועלכן מען פלעגט אויפהענגען אויף אַ תּליה און שפּעטער פאַרברענען מיט אַ באַגלייטונג פון געזאַנג און טענץ. דאָס איז אונזער עלטסטע ריין-טעאַטראַלישע פאַנטאָמימע. די ערשטע שפּורן פון דעם מנהג פירן קיין ביזאַנץ — הגם אין תּלמוד ווערט ער שוין דערמאָנט. דער בעל-הערוך, וועלכער האָט געלעבט אין XI יאָרהונדערט, דערמאָנט וועגן דעם מנהג. אין דער קאַירער גניזה האָט זיך אויך אָפּגעזוכט אַ אינטערעסאַנטער דאָקומענט וועגן „משוורתא דפוריא". מיר ווייסן, אַז נאָך ביז די לעצטע צייטן האָט זיך דער דאָזיקער מנהג אָפּגעהיט ביי די יידן אין מזרח. יידישע רייזנדערס באַטירן אים אַ פּאָר מאָל. אין דער שווייץ האָט ער זיך פּראַקטיקירט נאָך אין דער ערשטער העלפט פון XIX יאָרהונדערט. מיר פּאַרמאָגן אַפילו אַ אינטערעסאַנטע שילדערונג פון דעם מנהג פון דער פּרערויער געטאָ (מערן) פאַר 1848 [4]. דאָרטן האָט מען דעם מאַנעקען אַריינגעוואָרפן אין אַ וואַסער, לעבן דער מקווה.

דער מנהג פאַרמאָגט אַנאַלאָגיעס מיטן „יודאַש"-מנהג, וועלכער איז אַמאָל געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אין פּוילן. שיפּער איז אָבער נישט גערעכט, ווען ער זוכט דאָ דירעקטע השפּעות. עס קען דאָ זיין אַ רייד פון אַנאַלאָגיעס. אָבער ענלעכע מנהגים זענען אויך באַקאַנט אין פראַנקרייך, אין אַראַביע אאַז"וו. אויב זוכן דעם אָפּשטאַם, וואָלט מען באַדאַרפט קודם-כּל אויספאָרשן דעם גענעזיס פונעם מנהג ביי אַלע פעלקער און אויך ביי אונז [5].

וועגן דעם, אַז עס איז נישט ריכטיק שיפּערס מיינונג וועגן דעם פאַרבאָט פון יאָר 408, איז מיר אויסגעקומען צו דערמאָנען אין מיין רעצענזיע אין „טעאַליט". דער מנהג האָט זיך אויפגעהאַלטן, און אפשר עקסיסטירט ער נאָך אין מזרח ביז היינטיקן טאָג. זיין שייכות מיט די שפּעטערדיקע פּורים-פאַרווייילונגען איז אַ גאַנץ לויזער. דאָרט וואו עס עקסיסטירט דער פאַנטאָמימישער מנהג איז נישטאָ קיין שפּור פון פּורים-שפּילן און פאַרקערט. עס איז אָבער נישט אויסגעשלאָסן, אַז אין די אייראָפּעאישע געטאָס איז דאָס ברענען דעם מאַנעקען געווען אַ פאַרווייילונג נאָר פאַר קינדער און די פּורים-שפּיל — פאַר בחורים און עלטערע.

דאָס צווייטע קאַפּיטל באַהאַנדלט די „אַקטיאָרן און טעאַטער-קונסט ביי יידן אין מיטלאַלטער". שיפּער באַרירט דאָ די פראַגע פון יידישן באַזוך פון די פאָרשטעלונגען. דער קירכלעכער כאַראַקטער פון מיטלעלטערישן טעאַטער איז געווען אַ גרויסע שטערונג פאַר די יידן אַלס באַזוכער. דאָס וואָס מיר האָבן געהאַט אייגענע וויצלער אָדער לצים שוין אין XIII יאָרהונדערט איז באַקאַנט — אָבער נאָך אַלעמען איז די פראַגע פון דעם יידישן באַזוך אויף די קריסטלעכע פאָרשטעלונגען דערמיט נישט פאַרענטפערט געוואָרן.

מיר ווייסן, אַז אַ סך קריסטלעכע לצים פלעגן זיך

1 Spuren Griechischer Mimen im Orient. Berlin 1905, p. 89—95.

2 שוין אין לעווס (Löw) גרעסערער אַרבעט, געדרוקט אין זיין בוך „Die Lebensalter", Szegedin 1875 איז פאַראַן אַ סך מער מאַטעריאַל, הגם אויך אַ צופעליקער און אַן אויפנאַוויפּיקער.

3 זע: Vogelstein-Rieger, Geschichte der Juden in Rom און מונקס אַרטיקל אין Breslauers Jahrbuch 1852, 82—88.

4 Bries. Schilderungen aus dem Prerauer Ghettoleben, p 78.

5 וועגן „משוורתא דפוריא" איז פאַראַן אַ סך מאַטעריאַל ביי Frazer, The Golden Bough, IX, 392 א"וו. לעצטנס האָט די פראַגע באַרירט (ניט רירנדיק זי אָבער פון אָרט) B. Heller אין זיינע „Notes de folk-lore juif" אין REJ 1926.

וועגן „יודאַש" אין פּוילן ביי L. Lepszy, Lud wesołków w Polsce 9,13 f. יידישער און אַנדערער מאַטעריאַל ביי גרונוואַלד: מיטטיילונגען III. זע אויך מיין אַרטיקל אין „טעאַליט" 1923 נומ' 3 (דאָרט ווערט געבראַכט דער טעקסט פון דער גניזה לויט גינזבורגס Gaonica).

געפֿן ״־יישע נעמען [1]. מיר האָבן אויך ידיעות, אַז יידן האָבן גע...ט די מיסטעריע־פֿאָרשטעלונגען; ווייל אַנדערש וואָלט מען נישט אַרויסגעגעבן די פֿאַראָרדענונגען, אַז זיי זאָלן זיי נישט באַזוכן. אמת, אין די מיסטעריע־שפּילן זײַנען געווען שטאַרקע אַנטיסעמיטישע עלעמענטן, וועלכע האָבן געווירקט אויף דעם המון. מיר ווייסן, אַז אין פראַנקרייך האָבן צווי יידן געגעבן אין 1400 געלט אויף פאַסטנאַכטשפּילן — וועלנדיק ווירקן מסתמא, אַז מען זאָל אין זיי נישט אויסלאַכן יידן. אין די נירנבערגער פאַסטנאַכטשפּילן שפּיגלט זיך אָפּ דער קאַמף פון די שטאָטישע בירגער קעגן די יידן, וועלכער האָט דערפירט צום גירוש אין 1498. די זאָרג פאַר באַפרייען די טעקסטן פון אַנטי־יידישע עלעמענטן האָט געמוזט ברענגען דערצו, אַז געוויסע קרייזן יידן זאָלן דווקא באַזוכן די פאָרשטעלונגען [2].

און טאָמער פעלט אונז דער פּאָזיטיווער באַווייז פאַר מערב־אייראָפּע אין מיטלעלטער, האָט מיר אַזאַ באַווייז פאַר אוקראַאינע אין 18טן יאָרהונדערט. דער גלח טורטשינאָווסקי דערציילט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, אַז אין 1775 פלעגן יידן קומען אין דעם „בלאַגאָוויעשטשענסקי״ קלויסטער זען די אינטערמעדיעס [3]. דאָס וואָס עס איז מעגלעך געווען אין אוקראַאינע, איז אויך נישט אויסגעשלאָסן אין מערב־אייראָפּע.

דערצו דאַרף מען אויך נעמען אין אַכט דעם אָנטייל פון די יידן אין פאַרשיידענע ספּאָרטן און די געזעליקייטס־פאָרמען אין יידישן לעבן, וועלכע זיינען אַ דירעקטער איינפלוס פון דער קריסטלעכער סביבה, פון דאָרטן אַנטנומען און אַסימילירט. מיר ווייסן, אַז אין מיטלעלטער פלעגט מען די פראַנקאָ־גערמאַנער יידן איינלאַדן אויף קריסטלעכע חתונות. זיי פלעגן זיך אויך אויסצייכענען אין פערד־געיעג און פאַרשיידענע קאַמפּספּילן [4]. אין די טורנירן אין ווייסנפעלס באַגעגענען מיר אין 1384 צווישן אַנדערע אויך יידן. „דער יידן־טורניר האָט נאַטירלעך אַרויסגערופן אַ סך אויפמערקזאַמקייט און פיל אומצופרידנהייט״, שרייבט אַ היסטאָריקער [5]. די פאַראַדן, וואָס די אָפּענער יידן האָבן אין יאָר 1476 געמאַכט פאַר מאַטעאוש האַרווין, באַווייזן דעם טעאַטראַלן עלעמענט ביי די יידישע פאַרוויילונגען, וועלכער איז מערסטנטייל אַנטנומען פון דער אַרומיקער סביבה און אַ ביסל פאַראַדירט. די פאַריידישונג באַשטייט אין טראָגן די חתימה פון דער קהילה, אַ מגן־דוד און אַנדערע ענלעכע אַטריבוטן [6]. לייענט מען די באַשרייבונגען פון די בונטע, דעקאָראַטיווע יידישע דעלעגאַציעס אין יאָר 1527 און אין יאָר 1558 (ביידע אין פראָג), מוז מען קומען צום באַשלוס, אַז דאָס יידישע לעבן איז נישט געווען אַזוי אָפּגעצוימט פון דער נישט־יידישן און אַז ביים אַנאַליזירן דעם אויפקום פון די טעאַטראַלישע עלעמענטן אין אונזערע געטאָס מוז גענומען ווערן אין אַכט אין זייער אַ ברייטער מאָס דער איינפלוס פון די געזעליקייט־פאָרמען ביי די קריסטן אויף די יידן (אַלזאָ: פאַראַדן, טורנירן אאַז״וו) [7].

אין דעם זעלבן אַרטיקל ווערט באַהאַנדלט דער אויפקום פון דעם טויטן־טאַנץ ביי יידן ווי אויך דער איינפלוס פון די Narrenfeste אויף דעם איינפיר פון דעם „פורים־רב״. דער מאַטעריאַל איז דאָ אויך אַ מאָגערער. דער „נאַרן־פעסט״ איז אַ סך שפּעטער ווי שיפּער נעמט אָן. שוין יאָהאַן אילג [8] האָט עס באַוויזן, און טשעמבערס [9] האָט עס דאָקומענטאַל באַשטעטיקט. אַפילו קרייצענאַך, וועלכער האַלט, אַז דער Episcopus puerorum געהער מער צו דער זיטן־געשיכטע, איידער צו דער גייסטלעכער דראַמע, ווייזט אָן, אַז אייגנטלעך קומט אויף דער מוסטער פון אונזער „פורים־רב״ אין XII יאָרהונדערט [10].

אַ קלאַסישע שילדערונג פון אויסקלייבן אַ פורים־רב אָדער אַ „שבת הבחורים״ געפינען מיר אין דעם באַרימטן

1 זע:

a) Schwab. Mots hébreux dans les mystères du moyen âge. REJ, 1903.

b) Bartsch. Jüdische Namen in einem geistlichen Schauspiel. «Germania» 1858, p. 275.

c) Manheimer. Die Juden im altdeutschen Fastnachtspiel. Allg. Ztg. d. Judentums, 1870, № 34—35.

אין אַ עלזאַסישער פאָלקספּיל פון 16טן י״ה האָט מען אַרויסגעבראַכט אַ אויטענטישע יידישע פיגור פון אַ רייכן יידן אולמאַן, וועלכער האָט דאָרטן געלעבט. Dr M. Spenle-Colman, Die Lebensdarstellung im elsässischen Volksschauspiel des 16. und 17. Jh. 1916.

די פראַגע פון יידישע טיפּען אין די קריסטלעכע מיסטעריעס און פאָלקספּילן פאַרדינט אַ גרינדלעכע פאָרשונג.

2 Creizenach. Geschichte des neueren Dramas. Band I, III, 204—205, 208, 238, 421—422 etc.

3 Киевская Старина. 1885, p. 326—328.

4 Zunz. Zur Geschichte und Literatur, p. 174.

Dr. Kauschnik. Das Bürgerwesen und Städtewesen der Deutschen im Mittelalter.

6 די באַשרייבונג קען איך פון קאַרמאָלי׳ס אַרטיקל: Wanderungen im Gebiete jüdischer Vorzeit. Ben-Chananja 1859, 176—177.

וועגן „אויפצוג״ אין פּראָג — דאָרטן, ז׳ 370.

7 זע: מאָנאַטשריפט, 1861, ז. 278. איך קען אין אַ רעצענזיע נישט באַרירן די פראַגן באַריכות. איך וועל נאָר באַמערקן, אַז אַן אַרבעט וועגן דער יידישער געזעליקייט און יידישע פאַרוויילונגס־פאָרמען אין מיטלעלטער וואָלט געווען אַ גוטער באַזיס פאַר אַ טעאַטער־געשיכטע. זי וואָלט געשאַפן די נייטיקע אַטמאָספערע, וועלכע וואָלט אָפּגעשפּיגלט די רייפקייט פון דעם דאַמאָלדיקן יידישן קיבוץ צו פאַרוויילונגען פון אַזאַ קאָמפּליצירטער פאָרם ווי טעאַטער.

8 Johan Ilg. Gesänge und mimische Darstellungen nach den deutschen Konzilien des Mittelalters, 1906.

9 Chambers. The Mediaeval Stage I, 275.

10 Creizenach. I, 90—91.

מנהגים־בוך פון יוזפא שמש פון וואָרמס. די ערשטע ידיעות פון פורים־רב אין וואָרמס שטאַמען פון 1499 [1].

בנוגע דעם „טויטן־טאַנץ" איז כדאי צו באַמערקן, אַז ער גייט אונטער אַן ערך 1800 [2]. עס וואונדערט אַ ביסל דאָס פאַרשווייגן די אַנטוויקלונג פון דער העברעאישער פּאַראָדיע אין מיטלעלטער. די דאָזיקע פּאַראָדיע איז דאָך דער מאַטעריאַל, אויף וועלכן עס איז באַזירט דער פּאַראָדיסטישער עלעמענט פון אונזערע שפּעטערדיקע יידישע „פּורים־דרשות", „פּורים־קידושים" און סתם מאָנאָלאָגן — טראַוועסטירונגען פון תורה. ווי עס וויל דער בעסטער קענער פון יידישע פּאַראָדיעס, פּראָפ׳ ישראל דאווידזאָן, שטאַמען די שפּעטערדיקע פּורים־שפּיל און „פּורים־רב" גראָד פון די עלטערע פּאַראָדיסטישע טעקסטן. אויך דער מנהג צו קלייבן אַ „פּורים־מלך" (ווי מיר לייענען דאָס אין „מגלת סתרים", אַן איטאַליעניש פּאַראָדיע פון XVI י"ה: „כל עיר שיש בה עשרה מישראל חייבין למנות עליהם מלך") — געפינט זיין אָפּקלאַנג אין דער דאָזיקער ליטעראַטור [3]. אפילו די שפּעטערדיקע יידישע פּאַראָדיעס מאַכן אַן איינדרוק, ווי זיי וואָלטן געווען אַ טייל פון אַ פּורים־שפּיל, מעגלעך פאָרגעלייענט אַלס אַן אינטערמעדיע מיט אַ סך סאַטירישע רמזים אויף די קהילה־אָרדענונגען, וועלכע מיר באַגעגענען אין געוויסע פּורים־שפּיל־טעקסטן [4].

עס ווערט הייַנט שטאַרק אָפּגעלייקנט דער אַמאָליקער קוק אויף די מיטלעלטערישע פּאַראָדיעס ווי אויף „קלעריקאַלע פאַרוויילונגען", וועלכע האָבן אַ שייכות מיט די מימוסן־וויצן און פּאַראָדיעס. לעמאַן, דער נייסטער פאָרשער פון דער פּאַראָדיע אין מיטלעלטער, ברענגט אַזוי פיל טעקסטן פון ביבל־פּאַראָדיעס, וועלכע דערמאָנען אונז די יידישע (העברעאישע) פּאַראָדיעס אין מיטלעלטער, אַז עס מוז דורכגעפירט ווערן אַ פאַרגלייך־אַרבעט, וועלכע וועט פעסטשטעלן די אַנאַלאָגיעס און געמיינזאַמע השפּעות [5].

אין דריטן קאַפּיטל שילדערט שיפּער די טעאַטער־קונסט ביי די איטאַליענישע יידן אין דער תקופה פון רענעסאַנס. דאָס קאַפּיטל איז געבויט אויף די באַקאַנטע אַרבעטן פון אַנקאָנאַ, בירנבוים און אַנדערע. ווייזט זיך אָבער

1 Epstein. Die Wormser Minhagbücher. געדרוקט אין Gedenkbuch Kaufmann. פאַרגלייך אויך: ש. אסף. שמחת בחורי הישיבות בחג הפורים, „התור", ירושלים 1923, נומ׳ 15, דאָרטן אויך זיין אַרטיקל איבער דעם „פּורים־רב".

2 מיטטיילונגען III, 39.

3 Davidson. Parody in Jewish Literature, 26—27. אין דעם בוך געפינט זיך אַ רייכער מאַטעריאַל פאַר דער פּראַגע בכלל.

4 למשל, די „הגדה לפרחות" געדרוקט מאת טוביה פרץ שווינבערג (המכונה טפ"ש) לעמבערג 1911; 16 בל׳.

5 Lehmann. Die Parodie im Mittelalter 1922. זע אויך זיינע זייער וויכטיקע: Parodistische Texte. München 1923.

אַרויס, אַז אַנקאָנאַן האָט שיפּער ניט באַנוצט דירעקט, ווייל אַנדערש וואָלט געווען אוממעגלעך דאָס נישט אויסנוצן דעם בערך רייכן מאַטעריאַל פון דעם קאַפּיטל איבער יידן [6].

צו דער ביאָגראַפיע פון יהודה דע סאָממאָ (אָדער מער באַקאַנט אַלס לעאָנע העברעאָ) דאַרף צוגעגעבן ווערן, אַז ער האָט אויך געשריבן איטאַליענישע קאָמעדיעס און אַז ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1592 [7].

די דראַמע „אסתר" פון שלמה אושקי האָט גאָרנישט צו טאָן מיטן „אחשורש שפּיל", וואָס איז שפּעטער [illegible]פּרייט געוואָרן אין די גערמאַנישע און סלאַווישע געטאָס (שיפּער ז׳ 50—51). זי איז אויך נישט געשריבן אויף שפּאַניש, נאָר אויף איטאַליעניש [8].

די פאַקטן און דאַטן וועגן ראָדריגאָ קאָטאָ — דער „פאָטער פון דער שפּאַנישער דראַמע", ווי קייזערלינג האָט זיך אויסגעדריקט — זענען שטאַרק פאַרעלטערט (ז 51). די לעצטע פאָרשונגען האָבן אַ סך קאָריגירט און צוגעגעבן. זייער רעזיומע געפינט מען ביי Crawford [9].

אין דעם פערטן קאַפּיטל, וואָס הייסט: „דער וועג צו טעאַטער־קונסט ביי די יידן אין די גערמאַנישע און סלאַווישע געביטן בעתן 16 יאָרהונדערט", ווערן באַרירט די געזעליקייט־אינסטיטוציעס אין די דעמאָלסטיקע יידישע קהילות: יידישע קאַפּעלעס, חזנים, טאַנצהייזער, טאַנץ־לידער אאַז"וו. דער מאַטעריאַל איז זייער אַן אָרעמער. וועגן טאַנצהויז איז ווינציק וואָס געזאָגט געוואָרן נייס; אפילו דער גוט באַקאַנטער מאַטעריאַל איבער די טאַנצהייזער אין אויגסבורג, וואָרמס, פראַנקפורט־מאַין, קעלן, שפּייער, ערפורט, ראָטענבורג און אַנדערע קהילות איז נישט אויסגענוצט געוואָרן. דאָס זעלבע קען מען זאָגן וועגן די קלעזמער־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זענען ערטערווייז עלטער ווי דאָס 16 י"ה; און די טאַנצהייזער שטאַמען נאָך פון XII אָדער XIII י"ה (ווי, למשל, אין אויגסבורג פון 1290).

בנוגע אַלטע טענץ ביי יידן לאָזט זיך אויך זאָגן אַ סך מער. איך וויל דאָ נאָר אָנווייזן אויף דעם אַלטן „דאָקטאָר־פויסט־טאַנץ", וואָס איז געווען זייער פּאָפּולער אין די יידישע געטאָס. אין דעם „דיסקוהרש" — אַ פּעריאָדישע יידישע אויסגאַבע פון אַמסטערדאַם (סוף 18 י"ה) — לייענען מיר אין אַ באַריכט פון אַ יידישער פאַרוויילונג:

„צום בשלוס איין טאנץ פון דאקטאר פויסטוס וואר דיא אללי דאמפע דער טייבל אונטר אזאמין טאנצטין מוזיהק פון שפילים" (נומ׳ 19).

פאַר אַ פאַרגלייכנדיקן אַנאַליז וואָלט געווען נייטיק אָנצווייזן אויף די מיינונגען איבער טאַנץ און טאַנצן אין

6 Ancona. Origino del teatro Italiano. 1891. קאַפּיטל א"נ Gli ebrei di Mantova, 398—429.

7 Jewish Quarterly Review X, 458—59.

8 שטיינשניידער אין מאָנאַטשריפט 1899, 31.

9 Spanish Drama before Lope de Vega, 18—19.

יענער צייט (תקופה פון רעפאָרמאַציע), און דערמאָלט וואָלטן מיר באַמערקט, וויפיל אַנאַלאָגישעס ס'איז פאַראַן אין דער אַרגומענטאַציע פון די רבנים און די פּאַסטאָרן מיט די גלחים בנוגע דעם ענין טאַנצן. עס איז אויך צו באַדויערן, וואָס שיפּער האָט כמעט ווי נישט אָנגערירט די רייכע שאלות־ותשובות־ליטעראַטור, וואו עס איז פאַראַן זייער אַ רייכער מאַטעריאַל וועגן איסור אויף טענץ [1].

דאָס פינפטע קאַפּיטל — וועגן דער קונסט פון יידישע נאַרן אין 16 י"ה — איז זייער אינטערעסאַנט און גוט קאָנסטרואירט. אויף דער פאַלשער געגעאַלאָגיע פון די וואַליכס האָב איך שוין אָנגעוויזן אַמאָל [2].

אַ פּאָר קאָרעקטיוון זענען נייטיק. פון וואַנען שעפּט שיפּער די ידיעות (ז' 68), אַז מנחם בן נפתלי אָלצנדאָרף האָט זיך פאַרנומען מיט „נאַרן־קונסט"? פון די באַקאַנטע קוועלן זעט מען דאָס נישט. אויף ז' 69 ווערט פאַרשוואונדן ווערן שיפּערס אויסרוף־צייכן אין דער ציטאַטע, אויב מיר וועלן קאָריגירן די צוויי ווערטער: אַנשטאָט „טועט תשבעה" דאַרף זיין „טועט תשובה מיט ש ערק אויף איירע בעזע ווערק". דערמיט ווערט דער זאַץ פאַרשטענדלעכער. צו ז' 80—81 דאַרף באַמערקט ווערן, אַז אויף די חתונות אין פוילן האָבן זעלטן געזונגען היסטריאָנען (לצים), ווייל די „דרוושבעס" און די סטאַראָסטעס האָבן אויסגעפירט די פונקציע פון לצים" [3].

אין דעם זעקסטן קאַפּיטל ווערן אַרומגערעדט די יידישע שול־דיאַלאָגן און ביבלישע דראַמעס פון 16 י"ה — מערסנטייל די, וועלכע לעווענשטיין האָט פאַרעפנטלעכט. זייער גוט איז אייגעטיילט די ביבלישע דראַמע „יונה" — דער איינציקער עלטערער יידישער טעאַטער־דאָקומענט (אויב מען קען בכלל זאָגן, אַז „יונה" איז געוואָרן געשפּילט!). שיפּער „רעווינדיצירט" פון דעם 17 י"ה אַ דיאַלאָג צווישן משה רבינו און פרעה, וועלכער איז געוואָרן אַן אינטערלודיע פון אַ שפּעטערדיקער מעלאָדראַמע. ער טוט עס, שטיצנדיק זיך אויף דער שפּראַך פון דעם דיאַלאָג. אַזוי ווי ער ווידמעט צו די טעקסטן דעם צווייטן באַנד פון זיין אַרבעט, וועלן מיר זיך אָפּשטעלן ביי דעם אַנאַליז אויספירלעכער, ווען מיר וועלן האַלטן ביי דעם דאָזיקן באַנד. בנוגע די ביבלישע דראַמעס פון יענער צייט וויל איך באַמערקן: די נעענטערע באַקאַנטשאַפט מיט דער דאָ־זיקער ליטעראַטור באַווייזט, אַז מען קען נישט זאָגן, אַז „עקדת יצחק", „מכירת יוסף" און רות זענען די באַליבטסטע טעמעס. עס איז גענוג זיך צו באַקענען מיט שוואַרצעס און ראָזענבערגס אַרבעטן איבער דעם „אסתר־שטאָף" אָדער מיט ראָטשילדס מאָנומענטאַלער ביבליאָגראַפיע, וועט מען באַקומען גאָר אַן אַנדערע מיינונג וועגן דער פראַגע [4].

וועגן „עקידת יצחק" (ז' 96) זאָגט שיפּער, אַז דער יידישער באַאַרבעטער האָט זיך געשטיצט אויף דעם פוילישן טעקסט פון פויזן, פון יאָר 1577. באַוויזן געוואָרן איז דאָס נישט. אָבער אַזוי ווי דאָס איז אַן ענין, וועלכער איז ענגער פאַרבונדן מיטן צווייטן באַנד פון שיפּערס געשיכטע, וועלן מיר איצט די פראַגע נישט באַרירן.

אין דעם קאַפּיטל דאַרף אויך קאָריגירט ווערן די באַהויפּטונג, אַז דעם „וויכוח צווישן יצר טוב און יצר הרע" האָט אָלדנדאָרף אָנגעשריבן אין יאָר 1517, ד"ה גראָד אין דעם יאָר, ווען ער האָט בכלל פאַרענדיקט זיין זאַמלונג. שטיף האָט שוין ריכטיק אָנגעוויזן אויף דער אויטאָביאָגראַפישער רעמאַרקע, אַז אָלדנדאָרף האָט עס געשריבן אין זיין יוגנט, אַלזאָ מיט אַ יאָר 50 פריער, לפי ערך 1467 (פאַרגלייך „יידישע פילאָלאָגיע" I, 7).

דאָס זיבעטע און אַכטע קאַפּיטל פאַרנעמען זיך מיט די עלטסטע דראַמאַטישע שאַפונגען אויף יידיש, ד"ה מיט די יידישע פּאַרסן, זיטן־קאָמעדיעס און שפּורן פון יידישע זינגשפּילן. דאָ האָט שיפּער ריכטיק אָפּגעשאַצט דאָס „פורים־ליד" פון אייזיק וואַליכס זאַמלונג; ער האָט עס צעגלידערט און באַוויזן, אַז דאָס איז אַ פורים־פּאַרס, וואָס איז לויט זיין כאַראַקטער נאָענט צו דעם רעפּערטואַר פון די „פאַסטנאַכטשפּילן".

דאַקעגן די השערה, אַז דער דאָזיקער פורים־פּאַרס שטאַמט פון פוילן, ווייל ער דערמאָנט די פאָרם פון די פוילישע „קאָלענדעס", איז נישט איבערצייגנדיק. איך מיין, אַז דער פּאַרס, וועלכער שטאַמט בלי ספק פון XVI י"ה, האָט זיך געקענט באַווייזן אין דייטשלאַנד און איינוואַנדערן קיין פוילן, אויב עס וואָלט זיך בכלל געלאָזט פעסטשטעלן, אַז מען האָט אים אין פוילן געשפּילט. וואָס איז שייך דער ערשטער סטראָפע פון דעם ליד, וועלכע דערמאָנט דאָס שפּאָט־ליד: „Pomey, Pomey ihr Polen" (A. Heufler האָט עס פאַרעפנטלעכט), ווייסן מיר, אַז דאָס ליד איז זייער באַקאַנט געווען אין דייטשלאַנד, און דעם פּאַרס אונזערן האָט

1 אויספירלעך וועגן טאַנצהייזער און טענץ ביי יידן אין מיין נער אַן אַרבעט, וועלכע וועט זיין אין גיכן פאַרעפנטלעכט. אַ ביסל מאַטעריאַל וועט דער לייענער געפינען אין מיין אַרטיקל איבער שיפּערס ערשטן באַנד אין „טעאַליט".
וועגן די אַנאַלאָגיעס:
Otto Clemen. Urteile übers Tanzen aus der Reformationszeit. Arch. f. Kulturgeschichte III, 28 ff.

2 „טעאַליט", 1923, נומ' 3.

3 Lepszy. o. c. 22—23.

4 Schwarz. Esther in dem Drama der Reformation. 1898.
Rosenberg. Der Estherstoff in der romanisch-germanischen Literatur.
James de Rothschild. Mistére du Viel Testament, פּאַריז, 6 בענד, 1878.
דאָס איז אַ וויכטיקע קוועלע מיט אַ ביבליאָגראַפיע פון אַלע ביבלישע פּיעסן אין אַלע שפּראַכן. נאָך ראָטשילדס טויט האָט די ביבליאָגראַפיע פאַרענדיקט Emil Picot.

מען אפשר געזונגען אויך מיט דעם זעלבן ניגון וואָס דאָס דייטשישע ליד. וואָס איז שייך צום וואָרט pomey, פאַרטייטשט הויפּער, אַז דאָס מיינט: pomagaj [1].

דער צווייטער פורים־פאַרס, וועלכן מיר פאַרמאָגן פון דער זעלבער צייט, איז „איין שפּיל פון טויב יעקליין". עס איז אַן אַנאָנימער חיבור, וואָס שטאַמט אויך פון וואַליכס קאָלעקציע. ער איז געווען אפילו געדרוקט אין יאָר 1620; נאָר עס איז ניט באַקאַנט קיין איין עקזעמפּלאַר.

שיפּער באַנוצט זיך אויך מיט דעם „טראַדיציאָנעלן" מאַטעריאַל, וועלכער איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די לעצטע צייטן און וועלכער פאַרמאָגט לויט אַלע סימנים שפּורן פון אַלטקייט. דאָס זענען רעשטלעך פון אַמאָליקן יידישן טעאַטער־רעפּערטואַר, וועלכער האָט זיך אָפּגעהיט ביים פאָלק. וועגן דער אינטערפּרעטאַציע פון די מאַטעריאַלן וועט אויסקומען צו ריידן אַ ביסל שפּעטער אין שייכות מיטן צווייטן באַנד.

דאָס נייַנטע קאַפּיטל באַהאַנדלט די „טעכניק פון סצעניש פאָרשטעלונגען אין די דייטשע און סלאַווישע געטאָס בעתן XVIטן יאָרהונדערט". דער מאַטעריאַל איז באַזירט מערסטנטייל אויף די רעמאַרקעס פון די באַקאַנטע מאָגערע טעקסטן. שטיצנדיק זיך אויף דעם דאָזיקן מאַטעריאַל און אויף די קראָקעווער תקנות פון 1595 און פאַרגלייכנדיק אים מיט דער שפּיל־טעכניק פון די פאַסטנאַכטשפּילער, קומט שיפּער צום ריכטיקן אויספיר, אַז די לעצטע האָבן שטאַרק באַאיינפלוסט אונזערע ערשטע „אַקטיאָרן".

אין דער פּרט פון חזנים אַלס מעגלעכע שוישפּילער האָט שיפּער ליידער זייער ווינציק אויפגעוויזן, הגם ער דערמאָנט, אַז די משוררים האָבן געהאַט אַ חלק אין די יידישע פאָרשטעלונגען. פאַר די שפּעטערדיקע צייטן לאָזט זיך פעסטשטעלן, אַז אויך אַנדערע יידישע פּראָפעסיאָנאַלן האָבן געהאַט אַ שייכות צו טעאַטער און עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דאָס האָט געקענט פּאַסירן אויך אין XVI י"ה.

מיר ווייסן למשל, אַז אין 18 י"ה זענען יידישע קלעזמער אַרויסגעטראָטן אַלס קופּלעטיסטן, זינגענדיק פאַרשיידענע הומאָריסטישע Weisen (דאָס וואָרט קאָן באַטייטן סיי ניגונים, סיי טעקסטן מיט ניגונים אינאיינעם), ווי אויך טעאַטער־קופּלעטן.

חזנים, וועלכע נעמען אָן איינלאַדונגען אויף בריתן, סעודות, חתונות אאַו"וו און פיגורירן דאָרטן אַלס אימפּראָוויזאַטאָרן, זינגער און פּאַראָדיסטן, באַגעגענען מיר אין די דייטשע און סלאַווישע געטאָס שוין אין XVI י"ה. דער חזן איז דאָס קערנדל פון אונזער אַקטיאָר־זינגער. דער בעל „עמודי שש" (ר' שלמה אפרים ב"ר אהרן לענטשיץ) כאַראַקטעריזירט זיי אַזוי:

„זיי ציען צו לאַנג זייער געזאַנג. זיי גיבן אַליין צו, אַז זיי האָבן נישט דערביי קיין שום כוונה. דער גרעסטער טייל וויל דערמיט נאָר דערוועקן דעם בייפאַל פון המון".

אין דעם „תעודת שלמה" פון ר' שלמה ליפשיץ ווערט כאַראַקטעריזירט דער חזנישער שטייגער זינגען אַזוי ווי שענקען־געזאַנג („כך מנגנים בבתי משתאות"), און די ניגונים, זאָגט ער, שטאַמען פון טעאַטערס (מבתי תיאטראות).

דער מהרש"ל באַשטעטיקט אין זיינע שאלות ותשובות, אַז חזנים זענען וואַגאַבונדן און לעבן „פול מיט עבירות".

דער בעל „עץ חיים" (18 י"ה) דערציילט אונז, אַז חזנים זינגען אויף אַלע סעודות, דאָרטן וואו „פושעים ליצנים וואז מאכן לידר אונ' ריימן איויז פסוקים אדר אויז הייליגי ווערטר", וואו מען זינגט „הורין לידר" און מען רעדט ניבול פה. אין אַזאַ געזעלשאַפט האָט זיך אויך געפונען דער חזן, דער פאַרווײַלער. אים קומט אַ גרעסערער פּלאַץ אין אַ יידישער טעאַטער־געשיכטע; זיין באַדייטונג דאַרף מען נישט זוכן איצט אין 18 י"ה, ווי דאָס טוט שיפּער אין פערצנטן קאַפּיטל, נאָר אין 16 י"ה [2].

דאָס צענטע קאַפּיטל באַהאַנדלט „די דראַמאַטישע שאַפונגען פון די שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע מאַראַנען בערך אין 17טן י"ה". דאָס גאַנצע קאַפּיטל איז לחלוטין איבעריקער טראָגט אַ קאָמפּילאַטיוון כאַראַקטער און איז דערצו געשריבן אויפן סמך פון פאַרעלטערטע קוועלן. דער ענין בינדט זיך בכלל נישט מיט דער אַלגעמיינער קאָנסטרוקציע פון שיפּערס אַרבעט. אָנשטאָט דעם קאַפּיטל וועגן דער מאַראַנען־דראַמע וואָלט געווען אַ סך וויכטיקער צו ווידמען אַ קאַפּיטל דער אַנטוויקלונג פון דער „געזעליקייט" ביי די ספרדים אין די דייטשע שטעט, ווי למשל, אין האַמבורג. אין האַמבורג קומען פאָר יידישע פאָרשטעלונגען אין יאָר 1624, 1650, 1672 א"אַנד. די ספרדים האָבן באַקעמפט די פאַרשיידענע פאַרווײַלונגען, און אַזוי ווי די אשכנזים אין האַמבורג זענען געווען אָפּהענגיק פון זיי, האָט מען די שפּילן פאַרפאָלגט. אין 1656 האָט די קהילה אַרויסגעגעבן אַ תקנה, אַז „קיינער פון אונזער קהילה [ד"ה פון די ספרדים]" זאָל נישט ערלויבן אין זיין שטוב פאַרווײַלונגען אָדער טענץ פון די דייטשע יידן מיט מוזיק אָדער אָן מוזיק [3].

די ספרדים האָבן זיך משמעות געקלאָגט פאַרן שטאָטראַט, ווייל אין מערץ 1650 באַשליסט דער ראַט, אַז מען זאָל „קיינע סינאַגאָגן אָדער קאָמעדיען האַלטן". דאָס באַווייזט, אַז עס זענען געווען ביי די האַמבורגער יידן ספּעצי

[1] Ztsch. f. deutsche Volkskunde 1901, 288.

[2] מיין גאַנצער מאַטעריאַל וועגן די חזנים וועט זיין אינגיכן פאַרעפנטלעכט אין אַן אַנדער אָרט.

[3] דער מאַטעריאַל פאַר טענץ און טעאַטער־ענינים ביי יידן אין האַמבורג געפינט זיך אין די פּראָטאָקאָלן פון דער ספרדישער קהילה, זע:

Aus dem ältesten Protokollbuch der Portugiesisch-Jüdischen Gemeinde in Hamburg, Jahrbuch der jüd. lit. Ges. Frankfurt a/M, Band VI—XI, XIII.

עלע פלעצער, וואו ווי האָבן „געהאַלטן קאָמעדיעס" (להבדיל פון די סינאַגאָגן) [1].

דאָס קורצע עלפטע קאַפּיטל איז געווידמעט דער טעאַטער-קולטור אין די איטאַליענישע געטאָס בעתן 17טן י״ה. די קוועלן, וועלכע ווערן באַנוצט אין דעם קאַפּיטל, זענען זייער שוואַכינקע. די באַרימטע תשובה פון „דבר שמואל" ווערט געבראַכט via נח פרילוצקי; שמחה לוצאַטאָס אומבאַדייטנדע איטאַליענישע דראַמע ווערט כאַראַקטעריזירט via קאַרפּעלעס. „די טעאַטער-קולטור אין די איטאַליענישע געטאָס", וואָס שטייט אין קעפּל, איז לחלוטין ניט אָנגערירט געוואָרן.

וואָס האָט מען געשפּילט אין די געטאָס? שיפּער נעמט ר' שמואל אבוהבס ווערטער, אַז דער עולם פאַרברענגט אין טעאַטער און הערט אויס ניבול-פּה, אין בוכשטעבלעכן זינען פון וואָרט, און קומט באַלד צום אויספיר: דאָס באַווייזט, אַז „די יידישע אַקטיאָרן האָבן זיך בעתן 17טן י״ה געווענדט צו דעם איטאַליענישן פאָלקס-פאַרס" (I, 148). צו שנעל איז די השערה געמאַכט געוואָרן!

מיר האָבן אַ טעקסט פון אַ מעלאָדראַמע, וועלכע דער פּאָעט יעקב פראַנסעס האָט אָנגעשריבן אין יאָר 1670. דאָס איז אַן אַלעגאָרישע פּיעסע [2].

ווען מען לייענט די פיר דיאַלאָגן וועגן דער טעאַטער-קונסט פון יהודה בן יצחק סאממא (1527—1592), דעם באַדייטנדסטן ייד-רעזשיסאָר און פּיעסן-שרייבער פון יענער צייט, זעט מען, אַז די קונסט פון די קאָמעדיאַנטן האָט נישט נושא-חן געווען אין די יידישע קרייזן אין איטאַליע, וועלכע האָבן זיך אינטערעסירט מיט טעאַטער. „קאָמעדיעס, וועלכע ווערן איבערגעריסן מיט זייטיקע באַנאַלע אינטערמעדיעס, פאַרלירן אַ סך פון זייער ווערט" — שרייבט דער דאָזיקער יידישער רעזשיסאָר אין איינעם פון זיינע דיאַלאָגן [3].

דער פאָלקס-טאָן, וועלכער לאָזט זיך געפינען אין דעם טעאַטער פון די געבילדעטע יידן, דריקט זיך אויס אין פּאַסטאָראַלן, וועלכע זענען געווען בכלל באַליבט צו יענער צייט. די קלאַסישע פּיעסע „Il pastor fido" פון גוואַריני (1590), וועלכע האָט אַגב פאַרבלאָנדזשעט שנעל קיין פּוילן, האָט אויך שטאַרק באַאיינפלוסט משה חיים לוצאַטאָ אין 18טן י״ה אָנצושרייבן אַ דראַמע אין דעם גייסט [4].

אפילו יהודה דע מאָדענאַ, וועמענס טעאַטראַלישע טעטיקייטס ווערט ביי שיפּערן כמעט ווי פאַרשוויגן, איז געווען אַ טעאַטראַל אין דעם ענגסטן זינען און נישט אין גייסט פון דער „קאָמעדיאַ דעל אַרטע". ער האָט געשריבן פּיעסעס אויף ביבלישע טעמעס, ווי „יעקב און רחל". ער האָט עס באַאַרבעט אויסקיס טראַגעדיע „אסתר" פאַר דער בינע.

דער ווענעציאַנער רב האָט אויך אין דער משפּחה זיינער ליידנשאַפטלעכע טעאַטראַלן. זיין שוואָגער משה איז אַ זינגער, אַן אַקטיאָר און אַ פּיעסן-שרייבער. מיר האָבן אין מאָדענאַס בריוו, וועלכע פּראָפעסאָר בלוי האָט פאַרעפנטלעכט, אַ פּאָר וויכטיקע פאַקטן וועגן זייער טעאַטראַלישער טעטיקייט.

אין יאָר 1605 האָט יהודה דע מאָדענאַס זון מרדכי געשריבן צו זיין פעטער משה: ער ווייס, אַז עס „דערנענטערט זיך די צייט ווען מען דאַרף שטעלן דיין קאָמעדיע: האָב מיך אין זינען און גיב מיר צו וויסן, איך בעט דיך, ווער פון די בחורים האָט געשפּילט די ראָלע, וועלכע איז געווען באַשטימט פאַר מיר" (ידעתי כי קרבו ימי הקומידיא שלכם, זכרו אותי לטובה ויודיעני נא כבודך מי מהנערים יכנס במקומי״).

אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער באַרירט דער יינגל (ער איז דעמאָלט אַלט געווען 14 יאָר) נאָך אַמאָל די פראַגע. ער איילט זיך צו ענדיקן דעם בריוו צום פעטער, ווייל ער ווייס, אַז יענער איז זייער שטאַרק פאַרנומען מיט דער קאָמעדיע. זייער כאַראַקטעריסטיש איז דער אויסלאָז פון בריוו. אַזוי ווי ער שרייבט אים אין דער וואָך פון „שבת שירה", פאַראָדירט ער דעם טעקסט און דאַטירט אַזוי דעם בריוו: „פּירארה פ' אז ישיר משה באינטרמידיאה השס״ה" (די שטאָט פעראַראַ — וואו ער איז דעמאָלט, 1605, געווען) [5].

פון דעם איז צו זען, אַז די באַציאונג צום טעאַטער איז געווען אין די יידישע קרייזן אין איטאַליע זייער אַן ערנסטע. דער אינטעלעקטועלער כאַראַקטער פון דער טעאַטער-קונסט ביי די איטאַליענישע יידן איז אַזוי בולט, אַז

1 Grunwald. Portugiesengräber auf deutscher Erde. Hamburg 1902, p. 16.

פאַר דער ביבליאָגראַפיע פון פּיעסעס זע:

Kayserling. Biblioteca Española-Portugueze Judaica (passim).

דאַ וויל איך באַמערקן, אַז אין שפּאַניע גופא איז „עקידת יצחק" געווען די באַליבטסטע שפּיל, ווי עס לאָזט זיך אורטיילן לויט דער שפּאַנישער טעאַטער-ביבליאָגראַפיע. זע:

La Barrera. Catalogo del teatro antiquo español. Madrid 1860.

און פאַרוואָס זאָל אינגאַנצן פאַרשוויגן ווערן דער יידישער טעאַטער אויף לאַדינאָ (שפּאַניאָליש)? מיר ווייסן, אַז אין יאָר 1551 האָט מען אין אַמסטערדאַם געשפּילט אויף שפּאַניאָליש „יהודית און האָלאָפערנעס". עס וואָלט געווען זייער אינטערעסאַנט צו וויסן עפּעס מער וועגן דעם שפּאַניאָליש-יידישן טעאַטער. זע: Zeitschrift für romanische Philologie, II, 315.

2 דער טעקסט איז אָפּגעדרוקט אין „קובץ על יד", I, 129—131.

3 פראַגמענטן פון די דיאַלאָגן אָפּגעדרוקט אין אַנקאָנאַס בוך, II, 578—584.

4 תומת ישרים או מגדל מעז — אַרויסגעגעבן אין 1837 פון מ. לעטעריס, ליפּציג. שפּעטער אָפּטמאָל איבערגעדרוקט, פגל׳ צייטלין, Bibliotheca Hebraica, 197.

5 די וויכטיקסטע קוועלן פאַר יהודה דע מאָדענאַס (= די מודינא) לעבן און טעטיקייט איז זיין אויטאָביאָגראַפיע א״נ „חיי יהודה" און די בריוו, וועלכע בלוי האָט אָפּגעדרוקט א״נ „כתבי הרב יהודה אריה ממודינא", בודאַפּעשט 1906. די געבראַכטע אויסצוגן געפינען זיך אויף ז׳ 113 און 115. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז דעם ווענעציאַנער רבס אַן איידעם איז געווען אַ זינגער אין אַ טענצער. (דאָרט, ז׳ 48).

מען מעג דרייסט זאָגן, אַז זיי האָבן גענייגט מער צו דער „drama erudita", איידער צו „קאָמעדיאַ דעל אַרטע".

וואָס איז שייך צו די צירקן און טעאַטערס אין דער „יידישער גאַס", זענען זיי געווען גיכער אַלגעמיין=איטאַליענישע, איידער ספּעציעל יידישע. אין איטאַליע האָבן יידן פאַרשטאַנען די שפּראַך, קיין גייסטיקע געטאָ איז נישט געווען צו יענער צייט, און דער „קאָמעדיאַ דעל אַרטע"=גייסט איז געווען אַזוי מענטשלעך, פּשוט, אַז די רעליגיע האָט נישט געקענט זיין קיין שטער אין הנאה האָבן פון דעם איטאַליענישן פאָלקס=טעאַטער. אַזוי ווי מיר ווייסן נישט, וואָס עס איז געשפּילט געוואָרן אין דעם טעאַטער, וועלכן עס האָט געעפנט אַן אַנאָנימער מיטגליד פון דער ווענעציאַנער קהילה, קענען מיר אויך ניט אורטיילן, צי איז דאָס געווען „ניבול=פה"=טעאַטער צי נישט. אַלנפאַלס דאַרף מען נישט נעמען אַזוי ערנסט די שאלה פון דעם ווענעציאַנער דרשן ר' עזריה פיגא (נישט קיין רב, ווי עס שרייבט שיפּער I, 145) צו ר' שמואל אבוהב. דאָס האָט אַזוי גערעדט דער אַסקעטישער גייסט אין זיי ביידן: ביי זיי איז דאָך אַלץ געווען „ניבול=פה" — אַפילו די אומשולדיקע טענץ. פון דעם איז אָבער זייער וויט צו דער השערה, אַז „קאָמעדיאַ דעל אַרטע" האָט באַאיינפלוסט דאָס יידישע טעאַטער=לעבן. די דאָקומענטן מיט וועלכע שיפּער אָפּערירט באַשטעטיקן דאָס אַלנפאַלס נישט.

דאָס צוועלפטע קאַפּיטל שילדערט „די אַנטוויקלונג פון דער געזעליקייט און טעאַטער=קולטור אין די יידישע און סלאַווישע געטאָס בעתן 17טן י"ה". מיר האָבן דאָ אַלזאָ דעם פאַקט פון שטענדיקע כאָרן אין די שולן און די הערשאַפט פון דער וועלטלכער מעלאָדיע אין די חזנישע ניגונים. עס ווערן אָנגעוויזן די יידישע קלעזמער=אָרגאַניזאַציעס; די קאַפּעליעס, וועלכע עס האַלטן אויס פאַרשיידענע גבירים. די עוואָלוציע פון דעם מאַרשעליק, דעם יורש פון דער אַמאָליקער „נאַרן=קונסט", ווערט ריכטיק אָפּגעשאַצט. אַחוץ דעם שפּילן אַ גרויסע ראָלע די וואַנדערנדיקע איטאַליענישע און ענגלישע קאָמעדיאַנטן=קאָמפּאַניעס, וועלכע באַזוכן די סלאַווישע לענדער און ברענגען מיט זיך די פרייד פון דעם פאָלקסמענטשן און דעם נוסח, וועלכן מען האָט זייער שנעל אַדאָפּטירט און אויסגענוצט פאַר די יידישע פּורים=שפּילן.

דער מאַטעריאַל פון דעם קאַפּיטל איז ניט אין אַן ערך רייכער ווי אין די פריערדיקע. דער חזנישער מאַטעריאַל איז אַ ביסל אָרעמלעך. פאַר דער קונסט פון די מאַרשעליקעס אין 17טן י"ה וואָלט מען געקענט באַנוצן דעם שפּעטערדיקן „טראַדיציאָנעלן" מאַטעריאַל, וועלכער איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער דאָזיקער פּראָפעסיע בכלל אין אַלע צייטן. די פאָרמען פון דער דאָזיקער קונסט האָבן זיך נישט געביטן, און פונקט אַזוי ווי עס איז מעטאָדאָלאָגיש דערלויבט צו באַנוצן די „טראַדיציאָנעלע" טעקסטן פון די פּורים=שפּילער, אַזוי קענען אויך דינען די צאָלרייכע שילדערונגען פון יידישע מאַרשעליקעס און לצים פון 18טן און 19טן י"ה אַלס מאַטעריאַל פאַרן 17טן און אפשר אויך פאַרן 16טן י"ה.

צו די פראַגן, וועלכע לאָזן זיך באַטראַכטן, געהער (ז' 166) די מיינונג, אַז „איטאַליעניש איז געווען זייער פאַרשפּרייט אין די סלאַווישע געטאָס", ווייל מיר באַגעגענען אַ סך איטאַליענישע יידן אין פּוילן. מיר געפינען עפּעס נישט קיין שום דאָקומענטאַלע שפּורן פון אַ קאָנטאַקט צווישן דעם יידיש=איטאַליענישן קיבוץ אין פּוילן, וועלכער איז סוף=כל=סוף געווען אומבאַדייטנדיק, מיט דער איטאַליענישער קולטור. אויך די פּוילישע קולטור=היסטאָריקער, ווי פּטאַשניק[1] און מאָראַווסקי[2], ברענגען נישט קיין וויכטיקע ראיות פאַר אַ פאַרשפּרייטונג פון דער קענטעניש פון איטאַליעניש אין פּוילן. דער אַרגומענט פון דער קרעמאָנער תנ"ך=איבערזעצונג, וועלכע איז דערשינען צום צווייטן מאָל לערך 1583 מיט איטאַליענישע ווערטער אין רש"י, איז קיין שום באַווייז נישט. די דאָזיקע אויסגאַבע איז באַשטימט געווען פאַר איטאַליע, וואו ס'זענען אין יענע צייטן אַרויס אַ סך יידישע ספרים און מען האָט בכלל געלייענט פיל אויף יידיש. וואו איז דער באַווייז, אַז די באַזעלער אויסגאַבע פון 1583 איז געווען פאַרשפּרייט אין פּוילן?[3]. גרינבוים, אויף וועלכן שיפּער איז זיך סומך, זאָגט עס נישט. אַ קאָנקרעטער באַווייז וואָלט געווען דעמאָלט, ווען מיר וואָלטן געקענט פעסטשטעלן, אַז אַזאַ ספר האָט זיך געדרוקט אין די סלאַווישע לענדער אָדער לכל-הפחות, אַז אַזאַ אויסגאַבע האָט זיך דאָרטן פאַרשפּרייט אין אַ גרעסערער צאָל. לעת=עתה איז דאָס נישט באַוויזן געוואָרן.

אין דעם קליינעם דרייצנטן קאַפּיטל ווערן באַרירט אַ פּאָר טעמעס. קודם=כל די אַנטוויקלונג פון דער דראַמאַטישער ליטעראַטור צווישן די פּאָרטוגעזישע, איטאַליענישע און טערקישע יידן סוף 17טן און אין דער ערשטער העלפט פון 18טן י"ה. דאַן די דראַמאַטורגן=ספרדים אין די האָלענדישע געטאָס, משה חיים לוצאַטאָ, טעאַטער ביי די אשכנזים אין אַמסטערדאַם אאַז"וו — און דאָס אַלץ אויף גאַנצע זעקס זייטלעך!

עס איז ניט ריכטיק שיפּערס מיינונג, אַז די „טעאַטער=קונסט צווישן די איטאַליענישע יידן האָט בעת דער ערשטער העלפט פון 18 י"ה פאַרלאָרן יעדע באַדייטונג" (I, 177). די דראַמאַטישע ליטעראַטור אין איטאַליע האָט,

[1] P t a ś n i k. Kultura włoska wieków średnich w Polsce. 1922.

[2] M o r a w s k i. Czasy Zÿgmuntowskie.. 1922.

[3] אין אַלגעמיין זע:

Steinschneider, Die italienische Literatur der Juden MGWJ 43.

גראָד אין דער העבּרעאישער שפּראַך, צו יענער צייט אַ באַדייטנדיקע צאָל שריפטשטעלער. אמת, זייער קינסטלערישע באַדייטונג איז נישט צו הויך. דאָס זענען מערסטנטייל „הויף"-פּאָעטן, מחברים פון קאַנטאַטעס, דיאַלאָגן אין גראַמען אויף חתונות, אויף אַ חנוכת-הבית פון אַ שול, פון אַ מושב-זקנים און ענלעכע געלעגנטלעכע פייערונגען. צו די פּעאיקסטע פון זיי געהערט **דניאל ב"ר משה דוד טירנו** — דער פאַרפאַסער פון אַ ליבּרעטאָ צו דער **ערשטער יידישער אָפּערע** „שמחת מצוה" (פלאָרענץ 1793). די דאָזיקע אָפּערע-קאַנטאַטע פאַרמאָגט שיינע שירים און איז פאַרטיילט אין אַקטן מיט אַריעס, כאָר, דועטן, רעטשיטאַטיוואָס אאַז"וו און איז אויפגעפירט געוואָרן אין פלאָרענץ ביי אַ חנוכת-הבית פון אַ סינאַגאָגע.

אַן אַלעגאָרישע דראַמע האָט אין יאָר 1734 אַרויסגעגעבן אין ווענעציע **שמחה קלימני**, אין יאָר 1765 **אברהם יצחק בן יוסף קשטילו** אאַז"וו [1].

דאָס פּערצנטע קאַפּיטל, וועגן דער נאַרן-קונסט און מאַסקנשפּילן אין דער ערשטער העלפט פון 18 י"ה (אין דייטשלאַנד און אין די סלאַווישע לענדער) איז אויך אָרעמלעך אין מאַטעריאַל.

די הויפּט-קוועלן פאַר פּראָג זענען די באַרימטע יידישע „אויפצוגן" פון 1716 און 1741. די באַשרייבונג פון דעם פּראָגער אויפצוג פון 1716 איז געגעבן לויט **שודטן** (Jüdische Merckwürdigkeiten). געוויסע גראָד אינטערעסאַנטע איינצלהייטן, ווי למשל, אַז **משה** און **אהרן** זענען געגאַנגען אויף שטאָלצן, אָדער אַז די קלעזמער האָבן פּאַזירט פאַר פּויערים, זיינען דורכגעלאָזן געוואָרן. אַ פולן טעקסט פון דער באַשרייבונג האָט אין יאָר 1905 אַרויסגעגעבן **ווילהעלם שראַם** [2].

דער מאַסקאַראַדן-מאַטעריאַל וואָלט געקענט זיין בכלל רייכער אין דעם קאַפּיטל (בעסער וואָלט געווען צו געבן אַ באַזונדער קאַפּיטל וועגן יידישע מאַסקאַראַדן!). דעם רוימישן קאַרנאַוואַל האָט באַשריבן **ראָדאָקאָנאַקי** [3]; **יאַקוב סאָביעסקי**, יאַן סאָביעסקיס אַ זון, האָט זיך צו אַזאַ מאַסקאַראַד צוגעקוקט און אים באַשריבן אין זיין טאָג-בוך [4].

1 אַ רשימה, נישט קיין פולשטענדיקע, פון העבּרעאישע דראַמעס פון יענער צייט געפינט מען אין ZfhB 1914 און אין צייטלינס Bibliotheca Hebraica.

2 W. Schram. Östr. Bausteine zur Kultur und Sittengeschichte. Brünn 1905, p. 110—113.
זע אויך וואָלפס אַרטיקל איבערן „אויפצוג": Die Gegenwart, 1867, נומ' 49.

3 Rodoconachi. Le saint Siège et les Juives. Paris 1891, p. 208—229.
זע אויך זיין אַרבעט א"נ:
Le carnaval à Rome au XV et au XVI siècle 1890.

4 Dziennik podróży Jakóba Sobieskiego. Wydał Aleksander Kraushar.



**באָדענשאַץ** [5] דערציילט אונז, אַז די יידן פלעגן זיך „פאַרמאַסקירן און איבּערטון אין פאַרשיידענע נאַרישע מלבושים, אַרומלויפן אין די הייזער, פאָרשטעלן די היסטאָריע פון אסתר אָדער אויך בכלל פאַרשיידענע לוסטיקע היסטאָריעס און אויך שפּילן געוויינלעכע קאָמעדיעס". זיין באַריכט איז וויכטיק נישט נאָר פאַר דער טעאַטער-געשיכטע, נאָר אויך פאַר דעם ענין מאַסקאַראַדן ביי יידן. עס איז אינטערעסאַנט, אַז די „אַקטיאָרן" פלעגן אַרומגיין איבּערגעטאָן אין די גאַסן.

די מאַסקאַראַדן ביי די „הולדיגונג"-סצענעס זענען זייער וויכטיק. זיי וואַרפן אַ ליכט אויף דעם דעקאָראַטיוון און טעאַטראַלן אינסטינקט ביי די יידישע מאַסן. וועגן אַזאַ מין מאַסקאַראַד לכבוד פירשט **טשאַרטאָריסקי** דערציילט אונז אַ פראַנצויז, וועלכער האָט דאָס בייגעוואוינט אין **זאַמאָשטש** [6]. עס איז פאַראַן אַ טשיקאַווער באַריכט פון אַזאַ מין „הולדיגונג" פון סטאַניסלאַוו-אויגוסטס רייזע קיין אוקראַאינע [7]. אין יאָר 1793 איז אין אַ פּויזנער שטעטל **ראַוויטש** פאָרגעקומען אַ יידישער מאַסקאַראַד לכבוד דעם קייזער פרידריך ווילהעלם דעם II [8]. אפילו די באַשרייבונגען פון דער ערשטער העלפט XIX י"ה קענען דינען אין דעם פאַל פאַר אַ מאַטעריאַל, ווייל אין תוך גענומען זענען די קאָסטיומען מערסטנטייל טראַדיציאָנעלע. אַזוי איז פאַראַן אַ שילדערונג פון פּראָג אין 1839 [9], פון פּילזען פון 1861 [10] א"אַנד.

אָפּטמאָל ווערן יידן געשילדערט אין אַלגעמיינע פאָלקס-יום-טובים. אין שלעזיע, למשל, גייען אין אַלטן „פעסטצוג" צוזאַמען ווי אַ פּאָרל: אַ ייד און אַ פּיעראָ [11].

בנוגע די נאַרן קען מען זאָגן דאָס זעלבּע, וואָס וועגן די מאַסקאַראַדן. דער מאַטעריאַל איז ביי שיפּערן אָרעם. ווען ער וואָלט זיך באַנוצט מיט דעם מאַטעריאַל איבּער דער טעכניק און רעפּערטואַר פון די יידישע לצים פון סוף 18 און אָנהייב 19 י"ה, וואָלט ער אַרויסבאַקומען דעם ריכטיקן אויספיר פאַר די פריערדיקע תקופות. ווייל אויך דער מאַטעריאַל איז אַ טראַדיציאָנעלער.

מיר ווייסן למשל פון אַ לץ **יוקל**, וועלכער איז גע-

5 Bodenschatz. Kirchliche Verfassung der heutigen Juden. Erlangen 1748, I, 256.

6 Reinach. Un épisode de la vie des Juifs polonais aux dix-huitieme siècle. Paris 1891.
לויט ריינאַקס בראָשור האָט די געשיכטע איבּערדערציילט נ. מ. **געלבּער** אין מיטטיילונגען 1919.

7 Podróż Króla St. Augusta do Kaniowa. Wydał Kraszewski. 1860.

8 Aus dem Posener Lande. 1913 (VIII), p. 9—16.

9 Landau. Stammbuchblätter. Prag 1880, p. 1—3.

10 Deutsche Kalender uud Jahrbuch. 1862, p. 93—95.

11 Thomsen. Ein altes Volksfest. Niedersachsen 1912 (XVII), p. 266—268.

שטאָרבן אין ניקאָלסבורג אין 18טן י״ה [1]. מיר האָבן באַשרייבונגען פון די בראָדער מאַרשעליקעס פון 1806 [2]. מיר פאַרמאָגן געוויסע ידיעות וועגן משה באָדענהיים, אַ באַרימטן לץ, וועלכער איז געשטאָרבן אין יאָר 1815 [3], פון אַן עלזאַסער מאַרשעליק זעליגמאַן, וועלכער האָט נאָך געלעבט אין 1857 [4]. וועגן אַ יידישן לץ פון 1813 גיט אונז איבער פיקאַנטע איינצלהייטן היימאַן אין זיינע מעמוארן [5]. עס איז אַ גרויסער מאַטעריאַל, וועלכער וואָלט געקענט קלעקן אויף אַ לעבעדיק קאַפּיטל אין דער יידישער טעאַטערגעשיכטע [6].

וועגן דעם פירטער לץ, באַקאַנט א״נ לייבל פירטער, זענען ביי שיפּערן די ידיעות נישט קיין ריכטיקע (I, 185—186). קודם=כל האָט ער פון לעוו (יהודה) דעם קהל[illegible]ר און פון „לעמל דער לוסטיקמאַכער" — געמאַכט צוויי באַזונדערע פאַרשוינען, ווען באמת איז דאָס איין און די זעלבע פּערזאָן. ער האָט געהייסן ירמיהו אריה (לייב) און איז געווען דעם דיין שמואל פּאַפּיטרעס אַ זון, לויט זיין פּראָפעסיע אַ זעצער. אין דער פירטער דרוק האָט ער געאַרבעט אין די יאָרן 1694—1722. אין דעם שלוסוואָרט צו „ברכת המזון" (פירט 1722) טיטולירט ער זיך אַזוי: „הירושלמי והרב והחזן הגדול והמפורסם ירמית הנקרא בפי כל אדם ליב ליצן אָדער ליב באסין מאכר" (=פּאָסנמאַכער) [7].

אַחוץ אים איז געווען אין פירט אַ קאַרליקל, פּאָפּערלע, וועלכער פלעגט ווײַלן די ישיבה=בחורים. לייב פירטער האָט געהאַט אַ ברודער, יעקב פּאַפּיטש, וועלכער איז געווען אַ זעצער, אַ קלעזמער און אַ לץ. עס איז אויך כדאי צו דערמאָנען, אַז זייער פאָטער האָט געשטאַמט פון פוילן, פון קראָקע [8].

צו ז׳ 188 דאַרף מען צוגעבן, אַז די כאַראַקטעריסטיק פון די חזנים אין „ריח ניחוח" פון ר׳ יואל חזן מלייפּא וועלכער ווערט געבראַכט ביי שיפּערן פון וואָלפס „Fahrende Leute bei den Juden", איז נישט איבערגעטריבן.

1 ער איז געווען אַ הויפנאַר ביים פירשט דיטריכשטיין, לעבן ניקאָלסבורג. די עפּיטאַפיע פון זיין זון האָט פערעפנטלעכט פּויכטוואַנג אין מיטטיילונגען, 1907, ז׳ 31.

2 Sulamith. 1806, p. 237.

3 Römer-Büchner. Die Lustigmacher bei den Hochzeiten der Juden. Mitt. d. Vereins f. Gesch. und Alt. Frankfurt a M. 1864, II p. 113—114.

4 Wolf. Fahrende Leute bei den Juden, p. 42—43.

5 A. H. Heymann. Lebenserinnerungen. Her. von H. Loewe. Berlin 1909, p. 107, 111—113.

6 אויספירלעכער אין מיין אַרבעט איבער „די יידישע לצים אין דייטשלאַנד אין 17טן, 18טן און אין דער ערשטער העלפט 19טן י״ה", וועלכע וועט זיין געדרוקט אין דעם טעאַטער=באַנד פון די פילאָלאָגישע שריפטן פון ייוו״א.

7 Jahrb. d. Jüd. lit. Gesellsch. VIII, 102.

8 דאָרט, ז׳ 139—140.

עס איז דאָך אייגנטלעך אַ ציטאַטע פון אַ העבּרעאישן פלוגבלאַט, וואָס איז דעמאָלסט אַרויס, און דער חזן האָט דערויף געענטפערט, נעמענדיק די חזנים אונטער זיין שוץ [9].

די לעצטע צוויי קאַפּיטלען פון דעם ערשטן באַנד זענען געווידמעט דעם יידישן וואַנדערנדיקן טעאַטער אין דער ערשטער העלפט 18 י״ה און דער קאַמף קעגן דעם דאָזיקן טעאַטער. דער הויפּט=מקור איז דער אומפּאַרטייאישער — דער אומפאַרבייטלעכער שודט מיט זיינע „יידישע מערקווירדיקייטן". עס ווערן אויך דערמאָנט די פאָרשטעלונגען אין פּראָג, האַמבורג און ניקאָלסבורג. צי פּאַסט זיך אָבער פאַר זיי די באַצייכענונג „וואַנדערנדיקע קאָמעדיאַנטן"? מיר ווייסן דאָך להלוטין נישט, צי די ישיבה=בחורים האָבן געוואַנדערט און געשפּילט טעאַטער — אַחוץ דער ידיעה ביי שודטן, אַז אייניקע פון די שפּילער, וועלכע האָבן געשפּילט אין פראַנקפורט, האָבן אויך געשפּילט אין מעץ. אָבער אין פּראָג, פירט, האַמבורג, ניקאָלסבורג, ברין אאַז״וו האָבן געשפּילט מסתמא סתם ישיבה=בחורים. צי עס זענען דאָרט געווען קאָמעדיאַנטן=טרופּעס, איז נאָך ביז איצט אַלנפאַלס נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן — אַחוץ פירט, ווי מיר וועלן דאָס באַלד באַווייזן.

אַ פּאָר קוועלן=מאַטעריאַלן האָט שיפּער פאַרזען. אַזוי ווייסן מיר, אַז אין יאָר 1703 האָט מען אין בערלין געשפּילט די „אחשורוש=שפּיל". אין דער פאָרשטעלונג האָבן זיך אויך באַטייליקט קלעזמער, וועלכע מען האָט צו יענער צייט שטאַרק גערודפט, פאַרבאָטנדיק זיי זיך פאַרנעמען מיט אַנדערע אַרבעטן, אַחוץ שפּילן, פון וואָס זיי האָבן קוים געקענט צו יענער צייט פאַרדינען אויף חיונה [10].

וועגן אַ יידישן טעאַטער אין פירט אינפאָרמירט אונז די תקנה פון 1747, אין וועלכער די קהילה גיט עפנטלעך צו וויסן, אַז קיינער „הן קטן וגדול" זאָל נישט גיין באַזוכן די „קומעדיע און שפּיהל די יעצט דא זינד" (אונטערגעשטראָכן פון מיר). ווער עס וועט גיין זען די „קאָמעדיע", וועט באַשטראָפט ווערן. דאָ האָבן מיר אַ בולטן באַווייז, אַז אַ טרופּע איז געקומען צו פאָרן פון אַן אַנדער שטאָט, און גלייכצייטיק האָבן מיר דאָ אַ דאָקומענט, ווי אַזוי מען האָט גערודפט דעם יידישן טעאַטער צו יענער צייט [11].

די רעאַקציע קעגן דעם יידישן טעאַטער דריקט זיך אַם בעסטן אויס אין דער באַציאונג פון מחברים פון מוסר=ספרים און סתם ספרים צו די פאַרוויילונגס=אינסטיטוציעס אין די יידישע געטאָס.

9 איבער „ריח ניחוח" און דעם קאַמף מיט די חזנים זע מיין אַרבעט א״נ „די יידישע אַפּאָלאָגיע פון חזנות פון דער ערשטער העלפט 18טן י״ה", וועלכע דאַרף דערשיינען אין מינסקער „צייטשריפט" באַנד II.

10 König. Annalen der Juden in der Mark Brandenburg.

11 Jahrb. d. j-l. Geselschaft VIII, 184.

אַ פּראַגער ייד משה זרח איידליץ האָט אין 1775 אַרויסגעגעבן אַ יידיש לערנבוך פאַר רעכענען א״נ „מלאכת מחשבת״. אין דער הקדמה צו דעם בוך שרייבט ער: ער האָפט, אַז פון יעצט און ווייטער „מען גאהר ניט אום ניציג לידיג ווערט גין אונ׳ אלי קאמעדישי אונ׳ אין קאפע און ווערטץ הייזר גין בלייבן לאזין אונ׳ ליבר מיט עקזערצירן אין דיזין בוך די צייט צו ברענגין״ [1].

אויפן קאַמף קעגן דעם טעאַטער ביי יידן צו יענער צייט ווייזן אָן די פיל באַשלוסן צו רודפן די טעאַטער־פאָרשטעלונגען אין האַמבורג. עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז מערסטנטייל זענען די פאָרשטעלונגען פאָרגעקומען ביי די אשכנזים און נישט ביי די ספרדים.

אויף נאָך אַ וויכטיקער קוועלע איז כדאַי זיך אָפּצושטעלן בנוגע דעם קאַמף קעגן טעאַטער. דאָס איז דער מוסר־ספר „אומר מיהודא״ פון ר׳ יהודה ליב, אַ פּרעסבורגער מלמד. זיין ספר האָט ער פאַרענדיקט אין 1787 און אָפּגעדרוקט אין ברין אין 1790.

ער באַקלאָגט זיך דאָרט, אַז מען פטרט צייט ראש־חודש — אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ יום־טוב. מען עסט און מען טרינקט, מען ווילט זיך און מען גייט אין דער קאָמעדיע („וימלאו שחוק פיהם בכל מיני שחוק וקלות בהליכת קאמעדא״). דעריבער איז ער מזהיר, אַז אויב מען וועט אפילו דעם ערשטן האַלבן טאָג פון ראש חודש די קינדער פריי לאָזן, זאָל אָבער דער לערער אַכטונג געבן אויף די קינדער, זיי זאָלן נישט אַרומשפרינגען אין די גאַסן און נישט גיין אין דער קאָמעדיע („שלא ירקדו ברחובות קריה ולא ילכו בקאמעדא ושאר מיני שחוק״) [2].

אין דעם פאַל איז שווער פעסטצושטעלן, צי עס האַנדלט זיך וועגן אַ יידיש טעאַטער צי אַ טעאַטער בכלל. פאַר דער קעגנערשאַפט צום טעאַטער אין 18 י״ה איז אָבער דער פאַקט זייער אַ כאַראַקטעריסטישער!

אויך איז זייער כאַראַקטעריסטיש די שטימונג פון די יידן, אַ ביסל עמאַנציפירטע פון געטאָ, וועלכע פלעגן אַמאָל באַזוכן אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג. שמעון געלדערן, היינעס זיידע פון דער מוטערס צד, האָט אין 1750 באַזוכט אין ווין די אָפּערע און די קאָמעדיע. זיי זענען אים משמעות געפעלן געוואָרן, ווייל ווען ער איז אַרויסגעפאָרן צוליב געשעפט קיין פּרעסבורג, האָט ער דאָרטן אויך באַזוכט אַ טעאַטער. אין זיין העברעאישן נאָטיץ־ביכל

1 דער מחבר פון דעם דאָזיקן האַנטבוך פאַר מאַטעמאַטיק איז בכלל אַ טשיקאַווער פאַרשוין. אין דער הקדמה זאָגט ער, אַז ער „העטי ניכט דיזוש ווערק אן גפאנגין ווען ניכט זולכש צו בהילף מיין פרנסה טעהטי״. זיין ספר איז שפּעטער געווען אַ פּאָר מאָל איבערגעדרוקט — הויפּטזעכלעך אין רוסלאַנד אין דער השכלה־תקופה (בערדיטשעוו 1823, סודילקאָוו 1834, וואַרשע 1857 און 1870). די הקדמה געפינט זיך אָבער נאָר אין דער ערשטער פּראַגער אויסגאַבע פון 1775.

2 ש. אסף. מקורות לתולדות החנוך בישראל. כרך ראשון תל־אביב. תרפ״ה, דף רכ (220) סעיף יב.

פאַרשרייבט ער, אַז ער האָט געזינדיקט דערמיט, וואָס ער האָט זיך געווײַלט און פאַרטראַכט זיך איבער דעם ענין און שרייבט צו: „אוי לי שחטאתי״ [3].

זייער אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פאַר אַ וועלטלעכן רייזנדער־סוחר אין דער ערשטער העלפט פון 18 י״ה. דאָ האָבן מיר אַן אַטמאָספערע, וועלכע לאָזט אונז לייכטער פאַרשטיין די אַלגעמיינע רעאַקציע קעגן טעאַטער מצד דער אָרטאָדאָקסיע. פון יענער צייט זיינען אַזעלכע מאַטעריאַלן פאַראַן, אמת נישט גרויס אין צאָל [4] — אָבער זיי וואָלטן געווען אַ וויכטיקע דערגאַנצונג פאַר דעם בילד, וואָס ד״ר שיפּער מאָלט אונז אין די לעצטע צוויי קאַפּיטלעך פון זיין לעבעדיק געשריבענעם און נישט קוקנדיק אויף די אָנגעוויזענע בלויזן און מעטאָדאָלאָגישע פעלערן וויכטיקן בוך.

דער ערשטער באַנד באַהאַנדלט, ווי מיר האָבן געזען, די פּראַגמאַטיק פון דעם יידישן טעאַטער אין ברייטן זינען פון וואָרט.

דער צווייטער איז אַ ליטעראַריש־טעאַטראַלישער אַנאַליז פון דעם רעפּערטואַר אין דער יידישער שפּראַך אין די זעלבע כראָנאָלאָגישע ראַמען ווי אין ערשטן, ד״ה ביז 1750. דאָ איז ליטעראַטור־געשיכטע צונויפגעבונדן געוואָרן מיט טעאַטער־געשיכטע.

מיר וועלן זיך איצט אָפּשטעלן אויספירלעכער אויף דעם צווייטן באַנד פון שיפּערס געשיכטע.

3 Kaufmann. Aus Heinrich Heines Ahnensaal. Breslau 1896, p. 115.

4 אין די זכרונות פון אַ פּוילישן ייד, משה וואַסערצוג, וועלכער איז געשטאָרבן לפּי־ערך 1818 — אַלזאָ ער געהער אויך צום 18 י״ה — געפינען מיר אַן אינטערעסאַנטן פּאַסוס וועגן טעאַטער. ער דערציילט, אַז דער ראש הקהילה פון פּלאָצק ר׳ אייזיק (ער רופט אים „שר היהודים״) איז אַמאָל געקומען אין זיין שטעטל צוליב געשעפטן און איינגעשטאַנען ביי אים אין אכסניא. פאַרנאַכט האָט ר׳ אייזיק געפרעגט ביי וואַסערצוגן, צי עס איז פאַראַן דאָ אַ טעאַטער „הנקרא קאמעדיע״. גראָד איז דאָרט געווען אַ טעאַטער (די ראַדזיווילס האָבן דאָרט געוואוינט), און דער פּלאָצקער ייד האָט אויך געוואָלט, אַז דער בעל־אכסניא זאָל מיטגיין. „עמדתי משתומם לאיש אשר תוארו כנגידי עמינו״, באַמערקט ער אין זיינע זכרונות און גיט צו, אַז ער האָט אים געענטפערט, אַז זינט ער איז דאָ איז זיין פוס נישט געווען דאָרטן אין טעאַטער און בכלל דאַרף אַ מענטש פון זיין שטייגער זיך דאָרט נישט ווייזן („ולא נכון פה לאיש כמוני להתראות שם״). דאָס, וואָס שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער ייד איז געקומען צוליב געשעפטן און האָט געמוזט גיין צו די ראַדזיווילס, איז דאָ אַ ביי־זאַך. דער עיקר איז די שטעלונג צום טעאַטער ביי אַ פּוילישן יידן פון 18 י״ה. זע: „קורות משה וואַסערצוג״, אַרויסגעגעבן פון היינריך לעווע און געדרוקט אין דער העברעאישער ביילאַגע צום: Jhrb. der jüd. lit. Ges. VIII. p. 113—114.

אַ פּוילישער רב ר׳ הירשל לעווין, וועלכער איז געזעסן אויפן כסא הרבנות אין לאָנדאָן אין די יאָר 1756—1763, באַקלאָגט זיך אין אַ דרשה, אַז דאָס פאָלק גייט נישט אין שול אַריין, נאָר אין די „אָפּערעס, טעאַטער, קאָנצערטן און קלובן״ (לאָפּרע לפלע לוקונסערט ולקלאב). געבראַכט ביי:

C. Duschinsky. The Rabbinate of the Great Synagogue. London 1921, p. 21.

## II

דער מאַטעריאַל מיט וועלכן שיפּער אָפּערירט אין צווייטן באַנד פון זיין געשיכטע באַשטייט פון טעקסטן פון דעם יידישן טעאַטער־רעפּערטואַר. די דאָזיקע טעקסטן באַשטייען פון „טראַדיציאָנעלע" פּורים־שפּילן, וועלכע זענען נאָך עד היום לעבעדיק אין פאָלקס־זכרון און מען האָט זיך איצט די לעצטע צייטן גענומען זיי אָפּראַטעווען פון אַבסאָלוטן אונטערגאַנג דורך פאַרעפענטלעכן אין פאַרשיידענע צייטשריפטן, אָדער וואָס זענען דערשינען אין „פאָלקס־ביכלעך"; אויך קומען דאָ אין באַטראַכט די עטלעכע פּיעסעס, וועלכע זענען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין 18 י"ה אָדער וואָס געפינען זיך אין מאַנוסקריפּט, ווי למשל, דער לייפּציקער כתב־יד פון 1697, וועלכער האָט געהערט צו וואַגענזייל.

אויפן סמך פון דעם דאָזיקן מאַטעריאַל שפּינט שיפּער פונאַנדער פאַר אונז אַ בילד פון דער יידישער טעאַטראַלער דינאַמיק פון 16 י"ה ביז 1750. פון די רעמאַרקעס און שורות פון די טעקסטן בויט ער אויף אַ בילד פון דער טעאַטראַלישער קולטור אין די גערמאַנישע און סלאַווישע געטאָס און ווייזט אָן אויף דער אַנטשטייאונג פון געוויסע טיפּן אין יידישן פאָלקסשפּיל. מיט דער הילף פון דער אַלגעמיינער טעאַטער־ליטעראַטור, באַנוצנדיק זיך מיט אַ פאַרגלייך־מעטאָד, ווייזט שיפּער אָן אויף די מקורים און השפּעות און דערגאַנצט די בלויזן אין יידישן מאַטעריאַל מיט דעם אַנאַלאָגישן מאַטעריאַל ביי די אומות העולם — פאַרשטייט זיך אין די ראַמען פון יענער צייט.

שיפּער פאַרטיילט די יידישע טעאַטער־אַנטוויקלונג אין דריי תקופות.

די **ערשטע** תקופה איז די עפּאָכע פון דעם מייסטער־זינגער־טעאַטער — אַן ערך ביזן סוף 16 י"ה. דעמאָלט בליט די ביבלישע דראַמע (שול־דראַמע) און עס באַווייזן זיך סימנים פון אַ יידישער פאָלקס־קאָמעדיע.

די **צווייטע** תקופה איז די עפּאָכע, ווען די וואַנדערנדיקע ענגלישע און איטאַליענישע קאָמעדיאַנטן באַווייזן זיך אין די סלאַווישע און גערמאַנישע לענדער און באַאיינפלוסן דעם יידישן רעפּערטואַר. דאָס איז כמעט דאָס גאַנצע 17 י"ה. דער כאַראַקטעריסטישער רעפּערטואַר זייערער זענען: אַקציאָנען, אינטערמעדיעס און „זינג־שפּילן".

די **דריטע** תקופה הייבט זיך אָן אין מערב־איי־ראָפּע אין דער ערשטער העלפט 17 י"ה. פאַרן יידישן טעאַטער איז די תקופה כאַראַקטעריסטיש מיטן מאָמענט, ווען דער גייסט פון אָפּערע ווערט דאָמינירדיק און דרינגט אויך אַריין אין אונזער טעאַטער; דאָס געשעט סוף 17 י"ה. פאַר דער דאָזיקער תקופה זענען לויט שיפּערס מיינונג כאַראַקטעריסטיש „זינגשפּילן" אין אַ אָפּערע־פאָרם. די דאָזיקע מיינונג בויט שיפּער אויף דער „אחשורוש־שפּיל" פון 1720, אין וועלכער ער וויל זען אַן אָפּערע.

זעלבסטפאַרשטענדלעך איז די דאָזיקע פאַרטיילונג אַ ריין סכעמאַטישע, ווייל אין אַמאָליקן יידישן טעאַטער ווערן ניט פאַרשוואונדן קיין טעאַטער־פאָרמען אַזוי שנעל, און אַפילו די יינגסטע טעקסטן פון פּורים־שפּיל פאַרמאָגן אין זיך עלעמענטן פון אַלע תקופות און סטילן. אַזוי איז עס דאָך בכלל צו געפינען אין די „טראַדיציאָנעלע" שפּילן, וועלכע ווערן אָפּגעהיט אין זכרון פון פאָלק און יעדער דור גיט צו עפּעס, נישט האָבנדיק אין זינען די גאַנצקייט און אויסגעהאַלטנקייט פון די שפּילן.

דער פילאָלאָגישער אַנאַליז און די אַנאַלאָגישע שטריכן מיט דעם אַלגעמיינעם טעאַטער־רעפּערטואַר דינען שיפּערן אַלס אַן אויסגאַנגס־פּונקט פאַר פעסטשטעלן, צו וואָס פאַר אַ תקופה עס געהער דער אָדער יענער פראַגמענט פון די שפּילן, וועלכע זענען ביז איצט אָפּגעהיט געוואָרן. אַזאַ מין מעטאָדע איז אַ באַרעכטיקטע דאָרטן, וואו עס פעלן געדרוקטע טעקסטן פון די שייכותדיקע תקופות. אָבער אין דער זעלבער צייט פאָדערט די דאָזיקע מעטאָדע גרויס פּאָרזיכטיקייט און קודם־כל אַ שטרעבונג צו באַזיצן אַזאַ מעגלעך גרויסע צאָל מאַטעריאַלן, אַז מען זאָל קענען בויען אַ סינטעטישן אויספיר אַלס פועל־יוצא פון אַן אַנאַליז פון אַ ריי טעקסטן. דעמאָלט קענען מיר זאָגן, אַז די און די טעקסטן האָבן אַ געמיינזאַמען שטריך, וועלכער איז אידענטיש מיט די טעקסטן פון דעם אַלגעמיינעם רעפּערטואַר אין דער תקופה און דעריבער זענען די דאָזיקע טעקסטן אַ פּראָדוקט פון יענער עפּאָכע. די וועגן פון השפּעות זענען נישט אַלעמאָל אַזעלכע פּשוטע און פאַרשטענדלעכע, און אָפטמאָל ווערן ביי אונז צונויפגעמישט אַנאַלאָגיעס מיט השפּעות. ביים אָנווייזן השפּעות איז אויך וויכטיק ספּעציעל אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער אָנצווייזן, אויף וויפל זענען די השפּעות דירעקטע אָדער אומדירעקטע (למשל, צי קומען געוויסע שטריכן אין דער יידישער פאָלקס־שפּיל אין די סלאַווישע געטאָס פון טשעכישע מקורים אָדער פון פּויליש? — אַ פראַגע ביז איצט נישט קיין פאַרענטפערטע)[1].

און ווייל אַזאַ מעטאָדע ווערט געבויט אויף השערות, אַנאַלאָגיעס, אינטואיטיווע דערגאַנצונגען, וואָלט זיך קודם־כל געפאָדערט פון אַ טעאַטער־היסטאָריקער, ער זאָל אָפּערירן מיט אַ גרויסן מאַטעריאַל. שיפּערס קאָנסטרוקציע פון צווייטן באַנד איז געבויט אינגאַנצן אויף דרייסיק טעקסטן פון שפּילן, פון וועלכע די גרעסטע צאָל זענען אייגנטלעך פראַגמענטן, און די גאַנצע טעקסטן זענען מיט קליינע אויסנאַמען אַפילו נישט די ערשטע רעדאַקציע פון דער פּיעסע. מיר קענען אַפילו די צוויי שודסשע טעקסטן נישט צורעכענען צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע פון ערשטע רעדאַקציעס.

1 זע:

F. M e n č i k. Školske divadlo v Čechach. Praha 1895.

B l a s s. Das Theater und Drama in Böhmen. Prag 1871, p. 20 ff.

אַז דער מאַטעריאַל, הויפּטזעכלעך דער טראַדיציאָנעלער, איז אַ סך גרעסער, ווי דער מיט וועלכן שיפּער אָפּערירט, באַווייזט די פאָלגנדיקע דערגאַנצונג צו דער ליטעראַטור פון יידישן טעאַטער⸗רעפּערטואַר.

קודם⸗כל וואָלט זיך געפאָדערט אַן אויספירלעכער אַנאַליז פון אַלע געדרוקטע מכירת⸗יוסף⸗שפּילן. נישט אַלע אויסגאַבעס זענען פּשוטע איבערדרוקן, און אייניקע פון זיי פאַרמאָגן אַלטע „שיכטן", וועלכע ווייזן אָן אויף אַן עלטערער אָפּשטאַמונג.

ביי שיפּערן פעלן פאָלגנדיקע אויסגאַבעס פון „מכירת⸗יוסף⸗שפּיל".

1) גישעכטע פון מכירת יוסף חלק ראשון וגדולת יוסף חלק שני. יוזעפאף 1876, 64 ז"ז, $16^0$ [טעקסט באַאיינפלוסט פון דער באַקאַנטער העברעאישער דראַמע אונטערן נאָמען „מלחמה בשלום", וועלכע אליעזר פּאַוויר האָט איבערגעזעצט אין יידיש, ערשטע אויסגאַבע זשאָלקווע 1801].

2) ספר מכירת יוסף. לעמבערג 1895. 8 בל. $16^0$ [פאַרקירצט פון דער אויסגאַבע 1876].

3) מכירת יוסף וגדולת יוסף. וואַרשע 1903.

4) מכירת יוסף. ווילנע 1908.

5) אַ פראַגמענט פון „מכירת יוסף" געבראַכט פון פּוילינע וועננגעראָוו Memoiren einer Grossmutter II, 53—55.

6) אַ פראַגמענט פון יוספס קלאָגליד אויף דער מוטער רחלס קבר פון אַ „יוסף⸗שפּיל", וועלכע שטאַמט פון בייערן פון אָנהייב 19טן י"ה, האָט פאַרעפנטלעכט ד"ר ל. שטיין [1].

בנוגע די „אקטא אסתר מיט אחשורוש" דאַרף קודם קלאָר ווערן, וויפיל אויסגאַבעס און וואָס פאַר אַ טעקסטן פאַרמאָגן מיר.

פון „אקטא אסתר" זענען מיר באַקאַנט דריי אויסגאַבעס:

1) פּראָג 1720. $8^0$. שטיינשניידער גיט זייער אַ קנאַפּע באַשרייבונג פון דעם אוניקום (וויינקסטנס איז לעת⸗עתה קיין צווייטער עקזעמפּלאַר ניט באַוואוסט), וועלכער געפינט זיך אין דער „באָדלעיאַנאַ". די דאָזיקע אויסגאַבע פאַרמאָגט דריי האָלצשניטן, און ווי עס ווערט געזאָגט אויפן שער⸗בלאַט אָדער אין דער הקדמה, איז די פּיעסע געשפּילט געוואָרן דורך די ישיבה⸗בחורים פון ר' דוד אָפּענהיימערס ישיבה אין פּראָג אין אַ עפנטלעכן טעאַטער מיט מוזיק.

2) די צווייטע אויסגאַבע איז דערשינען אין פּראָג אין יאָר 1763 און באַשטייט פון 47 בל' אין $8^0$. אַן עקזעמפּלאַר געפינט זיך אין פראַנקפורטער שטאָט⸗ביבליאָטעק.

3) אַ דריטע אויסגאַבע, וועלכע ווערט נישט ריכטיק אָנגענומען פאַר דער צווייטער, איז דערשינען אין אַמסטערדאַם אין 1774. דער טעות נעמט זיך דערפון, וואָס דער איבערדרוקער פון דער דאָזיקער אויסגאַבע האָט געהאַט פאַר זיך די אויסגאַבע פון 1763, און דעריבער האָט ער געמיינט, אַז יענע איז בכלל די ערשטע אויסגאַבע. די ווערטער אויפן שער⸗בלאַט, אַז מען האָט די פּיעסע געשפּילט אין 1720. האָט ער פאַרשטאַנען אין דעם זינען, אַז אין יענעם יאָר האָט מען די פּיעסע געשפּילט, אָבער ער האָט ניט געוואוסט, אַז מען האָט זי אויך אָפּגעדרוקט. די דאָזיקע אויסגאַבע באַשטייט פון 40 בל' אין $8^0$. דער שער⸗בלאַט איז אַ קולטור⸗היסטאָרישער דאָקומענט, דעריבער גיב איך אים דאָ אינגאַנצן.

„אקטא אסתר מיט אחשורוש,

וועלכש בשנת ת"פ ע"י בחורי חמד בני הישיבת שיש עמה סמיכה של אדונינו מורינו ורבינו הגאון המפורסם מוהר"ר דוד אופנהיים זצ"ל ה"ה אויף א"ין ארדנטליכן דעאטרום גשפיהלט ווארדן בחצוצרות ושאר מיני זמר.

ויען כי אין זכרון רב עוד לראשונים — האף אמנם ישנו קצתם מיעוטי דמיעוטי באוצרות עמונים. אמרינן הואיל באלו הדורות אינם נמצאים והרבה רצים אחריו מרוב איבתם זאת אומרים חשקה נפשם באמור מי יתן לנו לקיים את ימי הפורים ע"כ נדפס פעם שנית כקדמונים. ונוסיף מאחרונים ויזכנו לעלות לציון ברננים במהרה בימינו אמן.

ד'אז איז צו קויף בייא ר' שמעון בן הר"ר מאיר ז"ל מוואלפנביטל מלמד להועיל בעז"ה בק"ק אמשטרדם אויף פלאהמבורג" תקל"ד. [2]

אחוץ דער „אחשורוש⸗שפּיל", וועלכע ווערט איבערגעדרוקט ביי שודטן, איז פאַראַן אויך אַן „אחשורוש⸗שפּיל", וועלכע איז נישט אידענטיש מיטן טעקסט פון די „יידישע מערקווירדיקייטן". זי איז דערשינען אין 1718, וואָרשיינלעך אין אַמסטערדאַם, אונטערן נאָמען:

„אחשורוש שפּיל

אויף איינן נייאן אופן גלייך איינר אפרא, אונ' איז אויז גיצאגין פון תרגום שני ומדרש ילקוט אונ' אנדרין מדרשים אונ' אויף זאלכי מאניר גישטעלט גלייך ווי עז פון רעכטין קאמעדיאנטן גישפּילט ווערט" [3].

---

1 Dr. L. Stein. Das Purim-Fest. Einführung zu Bildern aus dem altjüdischen Familienleben von Moritz Oppenheim. Fr. a/M. 1886.

אויך וועדנער אין זיין חיבטיקער רעצענזיע איבער וויילענס בוך: «Der ägyptische Joseph im Drama des 16 Jh» — דערמאַנט אַ מכירת⸗יוסף⸗שפּיל געדרוקט פאַר 1888. עס איז מעגלעך, אַז דאָס איז די לעמבערגער אויסגאַבע פון 1856. זע: Zeitschrift für deutsches Alterthum und deutsche Literatur. 1889, p. 57.

2 אַן עקזעמפּלאַר געפינט זיך אין יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו⸗יאָרק. פון דער צושריפט זצ"ל איז צוזען, אַז דאָס שער⸗בלאַט פון דער ערשטער אויסגאַבע דאַרף זיין אַ ביסל אַנדערש, ווייל אין 1720 האָט ר' דוד אָפּענהיים נאָך געלעבט (ער איז געשטאָרבן אין 1736). אויך דער טעקסט איז פאַרגרעסערט, ווי עס איז צו פאַרשטיין פון דעם טעקסט פון שער⸗בלאַט פון 1774. נאָר אַ גענויער פאַרגלייך פון אַלע דריי אויסגאַבעס וואָלט געקענט פעסטשטעלן די טעקסטועלע שנוים. אזא ארבעט פלאַנט דורכצופירן דער מחבר פון דער רעצענזיע.

3 Roest p. 67; Suppl. C. Bodl. p. 495.

דער עקזעמפּלאַר פון „ראָזענטאַליאַנאַ" איז אַ דעפעקטער. ער פאַרמאָגט נאָר די ערשטע דרייצן בלעטער.

דער דאָזיקער טעקסט איז שיפּערן געבליבן אומבאַקאַנט. לויט דעם טעקסט פון שער־בלאַט איז צו זען, אַז דער אומבאַקאַנטער מחבר פון דער דאָזיקער שפּיל האָט זיך באַנוצט מיט די זעלבע מקורים, וואָס דער מחבר פון דעם שודטסן טעקסט. ער האָט זיך אָבער געהאַלטן אין די ראַמען פון דער היסטאָרישער טראַדיציע און זיך נישט געלאָזט באַאיינפלוסן פון די „קאָמעדיאַנטן“, ווי דאָס איז געשען מיטן אַנאָנים פון שודטס טעקסט [1].

פון די שפּעטער געדרוקטע פאָלקס־אויסגאַבעס, וועלכע פעלן ביי שיפּערן און האָבן אַ גרויסן ווערט אַלס „טראַדיציאָנעלער“ מאַטעריאַל, דאַרפן דערמאָנט ווערן פאָלגנדיקע מיר צוטריטלעכע אויסגאַבעס:

1) אחשורוש־שפּיל. לעמבערג 1849. 112 ז' 8°. געפינט זיך אין דער פראַנקפורטער שטאָט־ביבליאָטעק [2].

2) פורים־שפּיל. 1874.

3) אחשורוש־שפּיל. לעמבערג 1876. געדרוקט צוזאַמען מיט „משה־רבינו־שפּיל“ [3].

4) M'i'r. Das alte Purim Spiel nach neuem Schnitt und Stil, [ווין?] 1887 — פאַרמאָגט „שיכטן“ פון אַן אונגאַריש־יידישער פורים־שפּיל.

5) אַ וויכטיקער פראַגמענט פון אַן אַלטער פורים־שפּיל איז אַריינגעפּלאָכטן אין מענדעלעס „דער פּריזיוו“, דריטער אַקט (יובילעאום־אויסגאַבע IX, 77—80).

6) קורצע טעקסטן ביי שלום־עליכמען אין דער דערציילונג „די גאָלדשפּינערס“ (געזאַמלטע ווערק. אַמעריקאַנער אויסגאַבע באַנד VI, ז' 227 — 230) — אַ אָפּפרישונג פון די קינדער־יאָרן פון אַ אוקראַאינער נוסח.

7) אין „יאהר־בוך פיר יידישע פאָלקסקונדע“ (II, 479) ווערט באַשריבן אַ פאָרשטעלונג פון דער חברה קדישא אין מאַטעסדאָרף (ביימען), וועלכע איז אַ פּאַראָדיע אויף אַ חתונה. צווישן די טעקסטן זענען פאַראַן נוסחאות פון טראַוועסטירטע לידער און פּאַראָדיסטישע הספדים כמעט ווי

1 בנוגע די קוועלן פון שודטס טעקסטן פון „אחשורוש־שפּיל“ און „מכירת יוסף“ איז נאָך ביז איצט גאָר ווינציק אויפגעטאָן געוואָרן. שודט (באַנד IV, דריטע קאָנטינואַציע ז' 6—10) ברענגט פּאַראַלעלע טעקסטן פון „ספר הישר“ (פ"פ־מ"אין 1706), וועלכע באַווייזן, אַז דער צוזאַמענשטעלער האָט פון דאָרטן אַנטנומען „יוספס קלאָגליד“ און דעם געשפּרעך צווישן וואָלף און יעקבן. צינבערג האַלט, אַז שודטס טעקסט איז ניט קיין זעלבשטענדיק ווערק, נאָר „אַ גראָב־צינישע באַאַרבעטונג פון אַ פּאָפּולערער פאָלקס־פּיעסע“ („צוקונפט“, יאַנואַר 1923, ז' 73). דער כתב־יד פון 1697 „איין נייא פורים־שפּיל פאַרגעשטעלט, ווי עס איז צוגאַנגען אין דער וועלט צו אחשורושס צייטן היבש אין ריימען געזעצט“ איז מיר ביז איצטער נישט צוטריטלעך. עס איז מיר אויך שווער צו דערגיין פון שיפּערס בוך, צי האָט ער זיך מיט דעם כתב־יד באַנוצט.

2 ווערט אויך דערמאָנט אין וויינרייכס רעצענזיע איבער „פון מענדעלסאָן ביז מענדעלע“, „ביכער־וועלט“ 1923, נומ' 5, ז' 369.

3 ווערט אויך דערמאָנט פון שטיפן אין „יידישע פילאָלאָגיע“ 2—3, ז' 117—118.



די וועלכע עס ווערן געבראַכט ביי ד"ר ש. וויינבערגן, פ. מאַרעקן און ביי ליטווינען.

8) ליטווינס פולער טעקסט כיט נאָטן איז אָפּגעדרוקט אין אַ באַזונדערער העפט א"ב „אחשורוש פורים־שפּיל“, ניו־יאָרק 1916. 32, ז' 8°.

9) אַ גאַנץ נייער אחשורוש־שפּיל. לעמבערג 1902. (מיט אַן אינטערעסאַנטער אינטערלודיע).

פון „עקידת־יצחק“־שפּיל זענען פאַראַן נאָך פאָלגנדיקע טעקסטן, וואָס זענען שיפּערן אומבאַקאַנט:

1) פון בייערן פון אָנפאַנג 19 י"ה — אַ פּאָר שורות ביי דעם שוין דערמאָנטן ד"ר שטיין.

2) „עקידת יצחק“, געדרוקט צוזאַמען מיט „מלוכת שאול“ פון י. ל. בלאָך, ווילנע 1875 און 1912. אַ פּראַכטפולער אַלטער טעקסט.

3) אַ פּולן אויטענטישן טעקסט האָט פּלאַגיאירט דער בדחן הלל קלעבאַנאָוו און אַרויסגעגעבן אונטער זיין נאָמען אין ווילנע 1910 (32, ז' 16°).

4) פיר וואַריאַנטן פון „עקידת יצחק“ האָט פאַרעפנטלעכט פ. גרויבאַרד אין דער זאַמלונג „פון נאָענט און וויים“. וואַרשע 1914, ז' 35—46.

5) „אברהם אבינוס געבעט“, אַ פראַגמענט פון אַן „עקידת־יצחק־שפּיל“, דאָרטן ז' 46—48.

פאָלגנדיקע טעקסטן פון „חכמת שלמה“ פעלן ביי שיפּערן:

1) אַ פולער, אָריגינעלער טעקסט, וועלכער אַנטהאַלט די שאול־המלך־געשיכטע, חכמת שלמה און דעם אשמדאי־מאָטיוו — איז אָפּגעדרוקט אין אַ קליין ביכל א"ב „חכמת שלמה“, ווילנע 1912, 56 ז' קליין פאָרמאַט.

2) „שלמה המלכס משפט“ וואַריאַנט אין „פון נאָענט און וויים“, ז' 59—60.

3) אַ „מלוכת־שאול“־טעקסט (נעמט אַריין דעם דוד־גלית־מאָטיוו) אָפּגעדרוקט פון י. ל. בלאָך ווילנע 1875 און אין 1912 פון צינקעס; זייער אַן אינטערעסאַנטער טעקסט.

אַ „יציאת־מצרים“־טעקסט אין „פון נאָענט און וויים“ ז' 49—58.

אַחוץ דעם איז פאַראַן אַ „הייליקער שפּיל פון משה רבינו“, לעמבערג 1875.

די דאָזיקע טעקסטן זיינען זייער וויכטיק פאַר דער אויספאָרשונג פון דעם אַמאָליקן יידישן טעאַטער, און מאַנכע פון זיי זענען סיי שפּראַכלעך ריינער, סיי פולער קאָנסטרוקטיוו איידער די, וועלכע פּרילוצקי האָט פאַרעפנטלעכט.

ס'איז פאַראַן אויך זייער אַן אינטערעסאַנטע „אַקציאָן“ פון דוד המלך א"ב:

„איינה שינה נייא קוריאסה אקציאן פון קיניג דוד אוני גלית הפלשתי. איר הערן ליב האבר האבט הירינן צו זעהן וואז מיט קיניג דוד אוני גליות פר גרושי וואונדר זיין גישעהן". האַנוי תע"ז [1717] 22 בל', 8° [1].

די אויפֿפֿירונגען ווי אויך די באַגרינדונג פֿון געוויסע מיינונגען וואָלטן געווען פֿעסטער און אפֿשר אַמאָל אויך אַנדערש, ווען דער מחבר וואָלט זיך געזען צו באַקענען מיט דעם גאַנצן ביז איצט געדרוקטן טעקסטן-מאַטעריאַל פֿון די אַלטע יידישע טעאַטער-שפּילן.

*

שיפּערס צווייטער באַנד באַשטייט פֿון 19 קאַפּיטלען. וועגן ערשטן קאַפּיטל, וואָס באַהאַנדלט די קוועלן און די מעטאָדע פֿון פֿאָרשונג, האָבן מיר שוין גערעדט. איצט וועלן מיר צוטרעטן צו די ווייטערדיקע. אין די קאַפּיטלען 2—6 שטעלט זיך שיפּער אָפּ אויף דער דראַמאַטישער ליטעראַטור אויף יידיש בעתן 16טן י"ה. קודם-כל אַנאַליזירט ער די ביבלישע קאָמעדיעס אויף די טעמעס פֿון ספר שמואל, ד"ה דעם דוד-גלית-מאָטיוו, דעם שמואל-שאול-מאָטיוו און אויך די דראַמע פֿון חנה און פנינה.

ער נעמט אַריין די אַלעגאָרישע דיאַלאָגן פֿון **אָלדנדאָרפֿס** זאַמלונג, די יונה-דראַמע, וועלכע ער האָט איבערצייגנדיק צעגלידערט אין דעם ערשטן באַנד, און די פּאָר פּאַרסן, וועלכע מיר פֿאַרמאָגן פֿון יענע צייטן. ער דערגאַנצט דעם דאָזיקן מאַטעריאַל מיט די „טראַדיציאָנעלע" טעקסטן, אויף וועלכע ער ווייזט אָן מיט רעכט ווי אויף טעקסטן, וועלכע האָבן אָפּגעהיט די אַלטע נוסחאות אָדער בעסער געזאָגט „שיכטן" פֿון אַלטע שפּילן. אויפֿן סמך פֿון די מאַטעריאַלן בויט שיפּער אויף אַ סכעמע פֿון אַן אַלטן טעקסט, שטיצנדיק זיך אויף דעם שפּראַכלעכן עלעמענט, אויף די פֿאָרמולן פֿון די באַגריסונגען מצד די אַקטיאָרן, וועלכע זענען בלי-ספק רעשטלעך פֿון אַלטע שפּילן. דערצו באַנוצט ער זיך אויך מיט אַן אַנאַלאָגישן מאַטעריאַל ביי די „גויים", כּדי פֿעסטצושטעלן די קרובהשאַפֿט אין צייט, סטיל און מקור. דאָס איז אַ סכעמאַטישע מעטאָדע, מיט וועלכער ער באַנוצט זיך אין דעם גאַנצן בוך זיינעם. דאָס מאַכט אפֿשר דאָס לייענען אַ ביסל שווערלעך און לאַנגווייליק, אָבער דאָס איז סוף-כּל-סוף דער איינציק-מעגלעכער וויסנשאַפֿטלעכער צוגאַנג צו דער פֿראַגע. אָבער אַנאַלאָגיעס זענען נישט אַלעמאָל אַ באַווייז פֿאַר אַ מקור. ווען שיפּער זאָגט (אויך פֿאָרזיכטיק „וואָרשיינלעך", ז' 19), אַז **שמעלצלס** דראַמע איז געווען אַ מוסטער פֿאַר דער יידישער קאָמעדיע פֿון „דוד און גלית", וואָלט ער עס באַדאַרפֿט באַווייזן אַ סך גרינדלעכער, ווי ער טוט עס אין זיין אַנאַליז (ז' 19—20). ווי קען עס זיין אַ מוסטער, אויב דער מחבר פֿון דער יידישער קאָמעדיע האָט אויסגעבאָרגט — לויט **שיפּערס** מיינונג אפֿילו — נאָר „איניקע שאַבלאָנהאַפֿטיקע פֿיגורן"? און וואָס מיינט ווייטער, אַז אין דער „דורכפֿירונג איז ער [ד"ה דער יידישער באַאַרבעטער] דורכאויס זעלבשטענדיק און יידיש" (ז' 20)? וואָס מיינט עס אין דעם פֿאַל „יידיש"—איז נישט קלאָר. פּונקט ווי די מיינונג, אַז אין דעם באַרימטן וויכּוח צווישן דוד און גלית, וועלכער איז אָפּגעהיט געוואָרן אין אַ „טראַדיציאָנעלן" פֿראַגמענט, איז פֿאַראַן אַ עכאָ פֿון דער רעפֿאָרמאַציע. עס איז אין בעסטן פֿאַל נישט מער ווי אַ השערה.

פֿאַרוואָס דאַרפֿן די באַקאַנטע פֿאָרמולן פֿון באַגריסונג ווי „פּאָטער-קיניג שאול קומט דאָ אַריין! אַריין, אַריין, פּאָטער-קיניג שאול דו מיין" אאַז"וו אַריינדרינגען אין די יידישע טעקסטן אין דער צייט „פֿון צאַפּלדיקן דייטשן פֿאַסטנאַכט-שפּיל", ד"ה אין 16 י"ה, אין דער צייט ווען מיר ווייסן פֿון אַזעלכע פֿאָרמולן פֿון די פֿריערדיקע צייטן אויך, למשל פֿון די מיסטעריעס, נישט רעדנדיק פֿון די שפּעטערדיקע? וואָלט אויסגעקומען, אַז יידישער טעאַטער איז שוין געווען אין מיטלעלטער? געוויס נישט! די דאָזיקע טראַדיציאָנעלע פֿאָרמולן האָבן געקענט אַנטנומען ווערן אַ סך שפּעטער, און דעריבער זענען די פֿאָרמולן אַ שוואַכער באַווייז פֿאַר אַ כראָנאָלאָגישער פֿעסטשטעלונג פֿון אַ טעקסט, בפֿרט פֿון אַ יידישן.

אַזעלכע טענות קען מען האָבן אַ סך. אויף וואָס פֿאַר אַ סמך, למשל, בויט שיפּער די השערה, אַז די „חנה-פנינה"-קאָמעדיע איז „פֿאַרוואָרצלט" אין 16 י"ה? דער ליטעראַטור-געשיכטלעכער עלעמענט איז נישט קיין גענוגנדער פֿאַר אַזאַ מין השערה [2].

בנוגע דער קרובהשאַפֿט פֿון „עקדת יצחק" מיט די מיסטעריעס פֿון 16 י"ה וויל איך באַמערקן, אַז עס איז פֿאַראַן אויך אַ פֿראַנצויזישער טעקסט א"נ Le Sacrifice d'Abraham (געדרוקט אין מעץ 1520) וועלכע האָט אַ סך אַנאַלאָגישס מיט דער יידישער סכעמע. און אין 1586 איז אין פּראָג דערשינען אַ טשעכישע איבערזעצונג פֿון אַ דייטש „עקדת יצחק"-שפּיל. **ווינדאַקעוויטש**, וועלכן שיפּער ציטירט, האָט פֿאַרזען דעם טשעכישן טעקסט פֿון מייסנערס פּיעסע. אַ גענויע באַקאַנטשאַפֿט מיט די דאָזיקע טעקסטן וואָלט אפֿשר געפֿירט אונזער פֿאָרשונג גאָר אין אַן אַנדער ריכטונג. עס איז היינט פֿעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די ביבלישע דראַמע אין די סלאַווישע לענדער איז אַם שטאַרקסטן רעפּרעזענטירט ביי די טשעכן; דעריבער דאַרף דער היס-

1 Catalog Achwa № 1753; Serapeum № 18. אַן אַנדער אויסגאַבע איז דערשינען אין די יאָרן 1711—1719.

2 דרך אגב וויל איך באַמערקן, אַז אַ טעקסט פֿון אַ „חנה-פנינה"-שפּיל האָט פֿאַרעפֿנטלעכט בנימין זעגעל אין Wiadomości antropologiczne (ארויסגעגעבן פֿון דער קראָקעווער אַקאַדעמיע) 1893.

טאָריקער פון דער יידישער דראַמע זיך קודם כל באַקענען מיט דער טשעכישער דראַמע [1].

דאָס וואָס עס פעלט אין יידישן טעקסט פון „עקידת יצחק" די שענסטע סצענע פון דעם כלומרשטן פוילישן מוסטער באַווייזט, אַז דער יידישער פאַרפאַסער האָט געמוזט האָבן פאַר זיך אַן אַנדער מוסטער. אפשר איז דאָס דער טעקסט פון דער פּיעסע, וועגן וועלכן עס דערמאָנט ווינדאַקעוויטש, אַז ער געפינט זיך אין פעטערבורג [2] ?

די רעקאָנסטרוקציע פון „מכירת יוסף" (שיפּער II, 34) איז געבויט אויף דריי „טראַדיציאָנעלע" טעקסטן. די „מכירת־יוסף"־שפּיל איז געווען די באַליבטסטע פּיעסע אין אַמאָליקן יידישן רעפּערטואַר. שערער האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז „די געשיכטע פון יוספן איז כמעט די איינציקע, אין וועלכער עס קומט צום אויסדרוק די ליבע־ליידנשאַפט".

בנוגע דער אָריגינעלקייט האָט שוין ווערנער אָנגעוויזן, אַז דער לעמבערגער טעקסט פון 1856 איז אַ סך עלטער אָדער פאַרטרעט אַלנפאַלס אַן עלטערן טעקסט איידער שודטס נוסח. אין דעם פּרט האָט שיפּער ריכטיק אָפּגעשאַצט שודטס נוסח און נישט אָפּערירט מיט אים פאַר זיין רעקאָנסטרוקציע פון „מכירת יוסף", וועלכע זאָל זיך אַריינפּאַסן אין די ראַמען פון 16 י"ה, הגם ביי אַ פאַרגלייך לאָזט זיך פעסטשטעלן, אַז די גראַמען זענען אָפטמאָל זייער ענלעך. פון דעם איז געדרונגען, אַז דער מחבר פון דעם שודטישן טעקסט האָט זיך באַנוצט מיט אַן עלטערן טעקסט, פון וועלכן עס שטאַמען אויך די „טראַדיציאָנעלע" נוסחאות.

וואָס איז שייך די אויפפירונגען פון יוסף־דראַמעס (שיפּער II, 38), דאַרפן די ידיעות דערגאַנצט ווערן מיט פאָלגנדיקע פאַקטן. אין 1494 האָט מען אויפגעפירט אַ יוסף־דראַמע אין לוווען, 1514 אין אַ פאַסיאָן־שפּיל, 1524 — אין מאַינץ, 1534 — אין מאַגדעבורג אאַז"וו [3].

בנוגע „שלמה המלכס משפט" דאַרף אָנגעוויזן ווערן, אַז אין דעם אינטערעסאַנטן טעקסט פון 1912 איז דאָס אַ טייל פון אַ גאַנצער שפּיל, וועלכע הייבט זיך אָן מיט שאול המלך און ענדיקט זיך מיט דעם, ווי שלמה המלך באַזיגט דעם אַשמדאַי (אַ אינטערעסאַנטער מאָטיוו, ווינציק באַגעגנט!). עס איז אָנצונעמען, אַז די סצענע מיטן משפט איז בכלל געווען אַ טייל פון אַ שפּיל—נישט קיין זעלבשטענדיקע פּיעסע [4].

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז אין דעם טעקסט פון 1912 הייסט שלמה, באַלד נאָכדעם ווי ער באַפעלט צו שיסן די פאַלשע מוטער, מען זאָל אַריינרופן בניהו בן יהוידע, און עס הייבט זיך אָן די סצענע מיטן אַשמדאַי.

אין אַלגעמיין פאַרמאָגט דער דאָזיקער טעקסט פון 1912 די זעלבע שפּראַכלעכע עלעמענטן, וואָס די פראַגמענטן, וועלכע זענען פאַרעפנטלעכט פון פּרילוצקין. זיי גיבן אָבער אַ גאַנצן באַגריף און פאַרמאָגן אַ בעסערע קאָנסטרוקציע און אַ לעבעדיקערן דיאַלאָג. שטיצנדיק זיך אויף זיי קום איך צום אויספיר, אַז „שלמה המלכס משפט" איז מער נישט ווי אַ טייל פון אַ שפּיל. אפשר מיט דער צייט, ווען עס איז געוואָרן אוממעגלעך צו שפּילן אַזאַ לאַנגע און קאָמפּליצירטע זאַך, האָט מען יעדן פראַגמענט געשפּילט באַזונדער. דאָס דאַרף נאָך אָבער באַוויזן ווערן.

די אינטערמעדיע מיטן דאָקטאָר־שאַרלאַטאַן אין פּרילוצקיס טעקסט באַווייזט, אַז דער טעקסט איז ייִנגער און שטאַמט פון 17 י"ה, ווען מען האָט אונטערן איינפלוס פון דער „קאָמעדיאַ דעל אַרטע" אָפּערירט מיט אינטערמעדיעס. דער עלטערער נוסח פון דער יידישער פאָלקס־שפּיל איז אַלע מאָל געווען ערנסטער און פּאַטעטישער, איידער די שפּעטערדיקע טעקסטן.

אין וואָס באַשטייען די ענלעכקייטן צווישן האַנס סאַקס'עס Judicium Salomonis און אונזער טעקסט האָט שיפּער נישט באַוויזן.

דער ביישפּיל מיט „Judicium Paridis", אַז ער איז געווען אַזוי פּאָפּולער אין פּוילן, איז נישט קיין באַגרינדעטער, שוין צוליב דעם, וואָס די דאָזיקע פּיעסע איז אויף פּויליש נישט געווען אַזוי פּאָפּולער ווי שיפּער מיינט. לויט אים קומט אויס, אַז „יודיציום פּאַרידיס" איז געווען געדרוקט פיר מאָל — אין דער צייט, וואָס אין דער אמתן איז דאָס געווען געדרוקט נאָר איין מאָל, אין יאָר 1542 [5].

צווישן די אינטערמעדיעס באַהאַנדלט שיפּער אויך די באַקאַנטע אינטערמעדיעס מיטן דאָקטאָר־שאַרלאַטאַן (II 56–59). ביי אונז איז דער דאָזיקער טיפּ אַ פרעמדער,

[1] זע: Rotschild Le Mistére de Viel Testamente I ז' XCII. דעם טעקסט פון פּוילישן „עקידת יצחק" האָט קראַשעווסקי אָפּגעדרוקט אין Wędrówki literackie, ווילנע, 1839, I 88 א"וו. פאַר דער מעטאָדע פון שיפּערס ציטירן איז כדאי אָנצווייזן, אַז ער האָט ליב נאָכצושלעפּן דעם גאַנצן קוועלן־אַפּאַראַט פון דעם מחבר, וועלכן ער ציטירט, אַזוי למשל, ז' 30 (באַנד II) ווערן געבראַכט אין דער הערה אַ ריי קוועלן via ווינדאַקעוויטש (ז' 119)—דער איינדרוק פון שיפּערס ציטירן איז אָבער אַן אַנדערער. אַזעלכע ביישפּילן קען מען ברענגען אַ סך.

[2] Windakiewicz. Teatr ludowy w dawnej Polsce 1902. p 120.

[3] Creizenach I, 58; Weilen. Der ägyptische Joseph im Drama des 16 Jh. p 22–72.

עס דאַרף אויך קאָריגירט ווערן אַ נאָמען: אָנשטאָט קרעף דאַרף זיין גרעף.

[4] דער איינציקער אַלט־דייטשער טעקסט וועלכער אינסצענירט „שלמה המלכס משפּט" שטאַמט פון 1461 און הייסט: Das Spil von Kunig Salomon mit den zweyen Frawen, אָפּגעדרוקט אין Archiv für Literaturgeschichte 1874, III, 13–16.

איך האָב לײַדער נאָך נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו פאַרגלייכן די דאָזיקע שפּיל מיט אונזערע טעקסטן.

[5] די אַנדערע דריי אויסגאַבעס Prace filologiczne, V, 1897, זענען לאַטייִנישע און שטאַמען פון 1502, 1537 און איינס אָן אַ יאָר.

און מיר האָבן אים איבערגענומען פון מערב־אייראָפּע (ער פעלט אין אַ סך סלאַווישע פאָלקסשפּילן!).

איך וויל דאָ אָנווייזן, אַז אין שייכות מיט אַ טשעכיש „עקידת־יצחק“־שפּיל האָבן מיר צו טון מיט אַ דאָקטאָר. אברהם רופט אַ דאָקטאָר צו זיין טויטן זון, יצחקן, ער זאָל אים לעבעדיק מאַכן. פון די טשעכן האָט דער טיפּ געקענט אַריינדרינגען אין אונזערע שפּילן [1].

וואָס עס איז שייך זיין אויפקומען ווייסן מיר היינט, אַז נאָך אין 12 יאָרהונדערט באַווייזט זיך דער דאָזיקער טיפּ, וועלכער ווערט זייער שנעל אַן אינטעגראַלער טייל פון דער פאָלקס־קאָמעדיע. פריער איז ער נאָך אַן אַפּטייקער, שפּעטער אַ צאָנדאָקטאָר, מיט דער צייט אַוואַנסירט ער אויף אַ דאָקטאָר.

אין אַ מיסטעריע־שפּיל פון 14 י"ה געפינען מיר שוין זיין כאַראַקטעריסטיק:

dye blinden macht er sprechen,
dye stummen macht er essen. [2]

דאָס איז אַ טיפּ פון אַ קרעמער־דאָקטאָר, אַ באַרימער, וועלכער רעדט מיט אַ פיקטיוון לאַטיין [3]. אונזער טעקסט באַווייזט, אַז דער יידישער באַאַרבעטער האָט פּשוט קאָפּירט אַ טיפּ און נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אָריגינאַליטעט

בנוגע די פּורים־דרשות און דעם פּורים־קידוש איז נישט ריכטיק די מיינונג, אַז זיי זענען אויפגעקומען נישט פריער ווי אין 15 י"ה. דער פּאַראָדיסטישער מאַטעריאַל, וועלכער ווערט געבראַכט ביי דאַווידזאָנען, באַווייזט, אַז מיר האָבן צו טון מיט דעם מין פּאַראָדיע אַ סך פריער [4].

דאָס זעקסטע קאַפּיטל איז אַ סינטעטיש. עס ווערט באַרירט דער כאַראַקטער פון דער דראַמאַטישער ליטעראַטור ביי יידן בעתן 16 י"ה. ס'איז ליטעראַריש פיין, הגם געוויסע באַגריפן ווי „יידישער פּאַטאָס", „קאָלעקטיווער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער באַוואוסטזיין" זאָגן גאָרנישט. אַלנפאַלס פּאַסט זיך דאָס קאַפּיטל נישט אַריין!

[1] Holl. Geschichte des deutschen Lustspieles p. 15.

[2] R. Heinzel. Abhandlungen zum altdeutschen Drama. Wien, 1896, p. 56.

[3] Wirth. Die Oster- und Passionspiele. Halle 1889, 175—176.

Heinzel. Beschreibung des geistlichen Schauspieles im deutschen Mittelalter. Hamburg 1898, 213—215.

דער בעסטער ביבליאָגראַפישער וועגווייזער:

M. Rudwin. A Historical and Bibliographical Survey of the German Religious Drama. Pittsburg 1924.

[4] פאַר אַנאַלאָגיעס:

Lehmann. Die Parodie im Mittelalter. München 1922.

פאַרן יידישן מאַטעריאַל:

Davidson. The Parody in the Jewish Literature. New York 1907, passim.

אַלס דערגאַנצונג צו די קאָנסטרוקציעס פאָלגן צוויי קאַפּיטלען (זיבן און אַכט) איבער דער שפּיל־טעכניק אין די דייטשע און סלאַווישע געטאָס אין 16 י"ה. אַלס מאַטעריאַל דינען דאָ די רעמאַרקעס און אָנגענומענע פאָרמולן, מיט וועלכע די לויפערס פּראָקלאַמירן דאָס אָנקומען פון שוישפּילער. די דאָזיקע צוויי קאַפּיטלען זיינען אויסגעצייכנט. דער אַנאַלאָגישער מאַטעריאַל לאָזט זיך נאָך שטאַרק דערגאַנצן מיט דער הילף פון היינצלס קלאַסיש בוך. אין די דערמאָנטע טעקסטן, וועלכע זענען שפּערן געבליבן אומבאַקאַנט, זענען פאַראַן זייער אַ סך אינטערעסאַנטע באַגריסונגען און דערקלערונגען, וועלכע וואָלטן שטאַרקער געמאַכט שפּערס אין אַלגעמיין ריכטיקע שילדערונג.

אַ פּאָר דערגאַנצונגען זענען אויפן פּלאַץ. אין „עקידת יצחק", פּלאַגיאירט פון הלל קלעבאַנאָוו (ווילנע 1910), באַגריסט דער ערשטער אַקטיאָר דאָס פּובליקום מיט אַזוינע ווערטער:

„פריד צו אייך, פריד צו אייך, מיינע ליבע הערען
איך ביטע אלע רוהיג זיין קיינער זאל ניט שטערין
דען מיר זיינען יעצט גיקומען
צו שאלן און צו ברומען
פאר אלע הערען גלייך
פאר אלע גיזעלין
עקדת יצחק פאר צושטעלין
פאר ארעם און פאר רייך"

און אין „חכמת שלמה" (ווילנע 1912) הייבט אָן דער „פּיערווע אַקטיאָר" אַזוי זיין באַגריסונג:

„הערט נאר אויס איר גוטע מענטשין
וואס די וועלט טוט אייך רומען
איין גוטען מארגין אונ' א גוטען אווינט אייך צו ווינשען
אז איך בין צו אייך אין הויז אריין געקומען
מיט מיינע דבורים וועל איך טאן דיא הויז פאר קלונגען
און א ליד פון מלוכת שאול וועל איך אייך טאן זונגען.
הערט נאר אויף צו שלומען און צו ברומען
באלד וועט דאך איין פּאיאץ אריין קומען".

אַ טיפּישע „קאָמעדיע דעל אַרטע"־באַגריסונג און רעפּרעזענטירונג געפינען מיר אין אַ נישט־געדרוקטער פּורים־שפּיל, וועלכע איז פאַרשריבן געוואָרן אין 1889 און געפינט זיך אין י. ל. כהנס זאַמלונגען. דאָ באַגעגענען מיר צום ערשטן מאָל, אַז דער אַקטיאָר שטעלט זיך פאָר און זאָגט זיין נאָמען, פּונקט ווי מען האָט זיך נוהג געווען אין דער איטאַליענישער פאָלקס־שפּיל. אָט איז דער אַריינפיר:

„איך בין פּאיאץ זילבערמאַן אליין
איך וועל אייך געבין אלעס צו פארשטיין
קומע איך אראף מיט מיין קומפּאניער
גיסטודירטע לייטען גאר אן א שיעורן
מיר זייגען דא אלע 21 מאן
אונטער דער אנטערפּרעה (!) דער טיראן.
פון דער פון קען מען פּראכטיק וויסין
וואס אלע געדריקטע לייטען וועלען פון דער פון געניסען.

אַך צווייטער פּאיאַץ קום צו אונז אַרויס!
דער ציילט אייער גישיכטע פון אנפאנג ביז אויס!
אדיע, אדיע איר הערן און דאמען
איך האב אייך גפּאַמוזירט ווייניק צוואַמען".

דאָס איז אַ קלאַסישער, פּראַכטפולער אַריינפיר, וועל־כער האָט נישט קיין גלייכן אין די ביז־איצט באַקאַנטע טעקסטן [1].

ביי די אַנאַלאָגישע פאָרמולן פון פרעמדע מיסטעריע־שפּילן איז, אַ מאָדנע זאַך, נישט אויסגענוצט געוואָרן דורך שיפערן קיין איין דייטשישע „אחשורוש־שפּיל". און גראָד זיי זענען וויכטיק, ווייל פון דאָרטן שטאַמען טייל פאָר־מולן. אַ ביישפּיל:

| אַנדרעאַס פּפיילשמיד, „אסתר" פּפד"מ 1555: | אין אַ טראַדיציאָנעלער „שאול־המלך"־שפּיל: |
| --- | --- |
| Aswerus ein König bin ich genant<br>Gewaltig reich, an leut und land. | „איך בין דער קיניג שאול<br>איך שיק איבער דער וועלט". |
| וואַלטער פאָיט (Voith) Ein seer, schön... Spiel... aus dem Buch Esther. Magdeburg 1537:<br>Ahasveros bin ich genannt<br>Ein König weit und wohl bekant. | אין „גלית־דוד־שפּיל":<br>„איך בין גלית, דער גרויסער העלד<br>פאר מיר ציטערט די גאנצע וועלט". |

אויך די פאָרמולן פון די לצים געפינען מיר אין די יידישע פּורים־שפּילן די זעלבע, ווי אין די דייטשישע פאַסטנאַכט־שפּילן. אין האַנס סאַקסעס קאָמעדיע „אסתר" (1536) זאָגט דער נאַר:

Mach auff, spielman, ein züchting reyen
Auff dass wir uns alle erfreuen [2].

אויך אין די מיטלעלטערישע מיסטעריעס געפינען

1 בנוגע די נעמען פון די לויפערס, וועלכע הייסן „פּאיאַץ", „העראָלד", „אַרגומענטאַטאָר", „פּירעוועע אַקטיאָר" (אין די שפּעטערדיקע וואַריאַנטן) — דאַרף אויך אָנגעוויזן ווערן, אַז אין „מלך־שאול־שפּיל", וועלכע איז פאַרעפנטלעכט אין פּרילוצקיס זאַמל־ביכער (I, 112) הייסט דער פּאיאַץ גאָר פּאָעט. פּרילוצקי ערקלערט, אַז דער דאָזיקער נאָמען איז פון פרישער אָפּשטאַמונג. דאָס איז אָבער נישט ריכטיק. אין די אַנגלאָ־סאַקסישע טעקסטן, וועלכע שטאַמען פון מיטלעלטער, ווערט באַנוצט דאָס וואָרט פּאָעט (poeta) אין זין פון לץ, קאָמיקער (scop=comicus). זע:

O. M. Busby. Studies in the Development of the Fool in the Elizabethan Drama. Oxford 1923, p. 9.

אויך:

Faral. Les Jongleurs en France au moyen âge.

אין די מיסטעריע־שפּילן האָט ער אַ סך נעמען ווי, למשל: praecursor, proclamator, praelocutor, regens, expositor ludi, qui proponit ludum, cantor, de bode, conclusor, papa etc. Cf. Heinzel, op. cit., passim.

2 ביישפּילן ביי Schwarz. זע: ז' 224 הערה 4.



מיר די דאָזיקע פאָרמולן פון ווענדונגען צום פּובליקום, למשל:

„Nu hort frowen und man,
$D\overset{e}{y}$, $d\overset{e}{y}$ syezen oder stan",

אָדער אַזאַ מין כאַראַקטעריסטישע בקשה פון פּרעקורסאָר צום פּובליקום אין אַ טראַגישן מאָמענט:

„nu wainet, selige crysten, mit mir".

אויך דאָרטן שטעלן זיך די אַקטיאָרן פאָר, אָבער אָפט שטעלט פאָר איין אַקטיאָר דעם צווייטן [3]. עס איז אויך נישט ריכטיק שיפּערס אָנווייז, אַז אין מיסטעריע־טעאַטער זענען ניט געווען קיין דעקאָראַציעס. פון די אומצאָ־ליקע ביישפּילן ביי היינצעלן איז צו זען, אַז מען קען נישט ריידן וועגן אַ דעקאָראַציעלאָזן טעאַטער אין מיטלעלטער.

וואָס אַ. שייך רעקוויזיטן, קאָסטיומען און גרים וואָלט זיך געלאָזט אַ סך מער זאָגן, ווען שיפּער וואָלט זיך באַנוצט מיט דעם „טראַדיציאָנעלן" מאַטעריאַל פון זכרונות פון פאַרשיידענע צייטן. איך רוף אָן דעם דאָזיקן מאַטעריאַל „טראַדיציאָנעל", ווייל אויך בנוגע קאָסטיומאָלאָגיע האָט אין יידישן פאָלקס־טעאַטער געהערשט אַן אויסגעהאַלטענע טראַ־דיציע. די דאָזיקע באַשרייבונגען, וועלכע מיר פאַרמאָגן אין אַ באַדייטנדיקער צאָל, קענען דערגאַנצן די קנאַפּע רע־מאַרקעס, וועלכע מיר געפינען אין די טעקסטן פון יידישן טעאַטער־רעפּערטואַר.

אַ דייטשער אָפיציר פאַן קלעדען, וועלכער האָט געלעבט אין אַ מערקיש־פרידלאַנד אין די יאָרן 1796—1801, באַשרייבט אין זיינע זכרונות אַ פּורים־שפּיל, וועלכע ער האָט בייגעוואוינט.

מרדכי, דערציילט ער אונז, האָט די אויפגאַבע לוס־טיק צו מאַכן דעם עולם. ער טראָגט אַ לאַנגע באָרד, אַ קליין, רויט, קיילעכדיק היטל. אחשורוש שפּילט אָן אַ באָרד. דערביי גיט ער איבער, אַז די טרופּע איז באַ־שטאַנען פון זעקס מענטשן; די גאַנצע דראַמע האָט מען געשפּילט זיצנדיק, און עס האָט גענומען נישט מער ווי אַ פערטל שעה [4].

ד"ר י. קאַסטאַן, אַ געבוירענער אין אַלט־קעמפּען (פּויזנער געגנט), גיט איבער אין זיינע זכרונות פון די 40 יאָרן פון 19 יאָרהונדערט, אַז ביי זיי פלעגט מען אין אַ פּורים־שפּיל פאָרשטעלן אויטענטישע פאַרשוינען און זיך אָנטון ווי זיי, ווי למשל, דער קאָזשעניצער מגיד. אויך אַ טיפּ פון אַ זשאַנדאַרם האָט דאָרטן פיגורירט [5].

וועגן פאָרשטעלן אויטענטישע פאַרשוינען ווייסן מיר אויך פון אַן עלטערער קוועלע. אין בריסק למשל האָט אַ בחור

3 ביישפּילן ביי Heinzel. זע: ז' 247 הערה 3.

4 Dr. N. M. Nathan. Aus den Jugenderinnerungen Karl von Kloeden. Festschrift Philippson 1917. p. 139 ft.

5 Dr. J. Kastan. Alt-Kempen. Jahrbuch für jüd. Geschichte und Literatur. 1923—24, p. 94—95.

אין אַ פורים־שפּיל געשפּילט די ראָלע פון יאָאַן דעם גרימצאָרנדיקן, דווקא אין יענער צייט. אין דעם האָט זיך מסתּמא אָפּגעשפּיגלט דער באַגריף, וואָס די בריסקער יידן האָבן געהאַט וועגן דעם צורר־היהודים און דער, וועלכער האָט געהאַט די ראָלע פון המנען, האָט פאָרגעשטעלט דעם מאָסקווער גרויספירשט [1].

אין גראָדנע האָט מען 1813 באַלד נאָך נאַפּאָלעאָנס מפּלה געשטעלט אַ „פורים־שפּיל", און די אַקטיאָרן האָבן זיך אָנגעטאָן אין די מונדירן פון דער פראַנצויזישער אַרמיי [2].

אַפילו די צייכענונג אין שיפּערס בוך, וועלכע שטעלט פאָר המנען אין אַ קאָסטיום פון אַ פּוילישן שליאַכטשיץ (ז' 165), קען באַגרינדעט ווערן דערמיט, וואָס עס האָט זיך געטראָפן, אַז די ראָלע פון המן האָט געשפּילט אַ ספּעציעל אַנגאַזשירטער קריסט. מיר האָבן דערויף אַ זייער וויכטיקן באַווייז. אין 1726 האָט דער לוויצקער סינאָד פאַרבאָטן די קריסטן „צו דינען פאַר המנען" (służyć za Hamana) [3].

אויך די פרישע טראַדיציע האָט אונז אָפּגעהיט אַ פּאָר איינצלהייטן מכּוח גרים און קאָסטיומען, וועלכע זענען אַ פּאַסיקע דערגאַנצונג פאַרן אַלטן מאַטעריאַל. דער פילאָלאָג אַלעקסאַנדער האַרקאַווי באַשרייבט אין זיינע זכרונות אַ „חכמת שלמה־שפּיל", אין וועלכער ער האָט אָנטיילגענומען. דער מלאך־המוות האָט געטראָגן אַ צילינדער מיט אַ סך לעכער (האָט אַ סך אויגן!); דער אַשמדאַי — אַן איבערגעקערטן פעלץ, אַ פּעלצענע מאַסקע מיט צוויי אָקסענע הערנער. די גאַנצע שפּיל איז אויסגעזונגען געוואָרן ווי אַן אָפּערע. עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז דער טעקסט פון „חכמת שלמה" האָט געהאַט אַ נתן הנביא צווישן די פּאַרשוינען. אַזאַ טעקסט איז נאָך ביז איצט ניט אויפגעזוכט געוואָרן [4].

וועגן פורים־שפּילער געפינען מיר טשיקאַווע איינצלהייטן אין די זכרונות פון ר' מרדכילע (טשעמערינסקי) [5] און פון פּולינעווענגעראָוו [6].

דער דערמאָנטער מאַטעריאַל איז אויך אַ טראַדיציאָנעלער, פּונקט ווי די טעקסטן פון די פורים־שפּילן, און מיט דער הילף פון אַ פאַרגלייכונגס־מעטאָד קענען מיר פון אים אַרויסבאַקומען זייער וויכטיקע דערגאַנצונגען בנוגע קאָסטיומען, רעזשי, אַנסאַמבל אאַז"וו, וועגן וועלכע עס ריידן אַזוי קאַרג די טעקסטן גופא.

[1] Клейнман. Царь Иоан Грозный в пуримской комедии. Евр. Старина XI, 314—318.

[2] С. Гинзбург. Отечественная война и евреи. 1912, p. 124.

[3] Kraszewski. Wspomnienia Wolynia, Polesia i Litwy. Wilno 1840, I, 43.

[4] א. האַרקאַווי, איך אַלס אַקטיאָר. „טעאַטער־זשורנאַל" 1902, נומ' 14—15.

[5] „עירתי מוטילי". רשומות ב' ז"ז 74—76.

[6] P. Wengeroff. Memoiren einer Grossmutter. Berlin 1910, I, p. 32—34.

בנוגע אייניקע רעקוויזיטן וויל איך צוגעבן צו שיפּערס רעמאַרקעס (II 105—106), אַז די ווערטער „צו פאַרנעמען מיין געווער" באַציען זיך נישט נאָר אויף אַ שפּיז. אין דעם אָפּטמאָל ציטירטן „חכמת שלמה" זאָגט שלמה צום באַדינער:

„באַדינטער, נאָך דיא געווער;
באַדינטער, צי אויס דעם שווערד פון שייד
און צעשנייד דאָס קינד..."

אין „מלוכת שאול" (ווילנע 1875) זאָגט דער באַדינער צו גליתן:

„איצונד בין איך גקומען צוא אייך מיט אַ באַפּעל
אונ איר זאָלט ניט מורא האבין פאַר קיין פּיסטעל[ן]",

און דער קליינער דוד זאָגט:

„יאַ וואהאר צו קיין ביקס אונ' שווערד בין איך ניט גילערינט".

די ביקס און דער פּיסטויל זענען געוויסע שפּעטערדיקע אינטערפּאָלאַציעס אין אַלטן טעקסט, אָבער שווערד אַלס געווער באַגעגנט מען זייער אָפּט אין די אַלטע פורים־שפּילן [7].

בנוגע דעם אויספיר וועגן דער צאָל שפּילער אין אַ פאָרשטעלונג אָדער אין אַ טרופּע דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן, אַז אין דער ציטירטער „פורים־שפּיל", וועלכע געפינט זיך נאָך אין כּתב־יד, זאָגט דער לויפער, אַז זיי זענען אַ קאָמפּאַניע פון 21 מאַן. אין אַלגעמיין איז אָבער אַ „קאָמפּאַניע" באַשטאַנען פון 6—7 מענטשן. די פּוילישע קאָמפּאַניעס פלעגן באַשטיין אין 16 י"ה פון פיר ביז זעכצן מענטשן; ווען עס האָבן געפעלט אַקטיאָרן, האָט מען אין פּוילן גענומען תּלמידים פון שולן, אָפּטמאָל אויך פּויערים (פאַר מאַסן־סצענעס) [8].

די קאַפּיטלען ניין ביז זיבעצן באַהאַנדלען די צווייטע תּקופה פון יידישן טעאַטער לויט שיפּערס כראָנאָלאָגישער סכעמע. דאָס איז דאָס 17 י"ה, די תּקופה פון די וואַנדערנדיקע קאָמעדיאַנטן. די פאָרש־מעטאָדע איז די זעלבע ווי

[7] מען קען נישט פאַרשן די אוממיטלבאַרע השפּעה פון פרעמדן טעאַטער אויפן יידישן — אויב מען אָפּערירט נישט מיטן אוקראַאינישן מאַטעריאַל (אחוץ דעם טשעכישן). די אַנאַלאָגיעס אין קאָסטיומען, רעקוויזיטן און דעקאָראַציעס זענען בולט ווען מיר לייענען דאָס בוך (ספּעציעל ז"ז 30—38) פון ד. אַנטאָנאָוויטש Триста років українського театру, פּראַג 1919.

פאַר דער קאָמעדיע און פאַר דעם איינפלוס פון יידיש אין די אוקראַאינער אינטערמעדיעס זע:

Михайло Возняк. Початки української комедії (1619—1819). Львів 1920.

אין איין אינטער־מעדיע זאָגט אַ ייד: „добер год на тебе...", וואָס איז אַ בוכשטעבלעכע איבערזעצונג פון יידיש: אַ גוט יאָר אויף דיר (ז' 192).

[8] Windakiewicz. Pierwsze kompanie aktorów w Polsce. Kraków 1893, p. 9.

אין די פאַבריקע קאַפּיטלען. אָפּטמאָל חזרן זיך איבער געוויסע ענינים אין די ביידע תּקופות, ווייל עס איז נישט אַלעמאָל קלאָר פאַר וואָס פאַר אַ צייט „ווינדיצירט" שיפער די „טראַדיציאָנעלע" טעקסטן. לאָמיר נעמען למשל דעם דאָקטאָר־שאַרלאַטאַן. אין טעקסט (ז' 56—57) פירט שיפער אַריין אין דער תּקופה פון 16 י"ה און אַ צווייטן (ז' 178—179) אין 17 י"ה. די באַריר־פּונקטן מיט „commedia dell' arte" געפינט שיפער אין דער פאַרבראָקטער שפּראַך. אין די קאַלאַמבורן אאַז"וו, וועלכע זענען אָבער אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם דאָזיקן טיפּ אין די מיסטעריע־שפּילן.

אויך דאָרטן רעדט דער דאָקטאָר „פּראָזע", און דעריבער איז קיין גרויסער אונטערשייד אייגנטלעך נישטאָ. אפילו דעם שטריך פון לעבעדיקייט און „פאָלקסטימלעכקייט" פון דעם דאָקטאָר־שאַרלאַטאַן אין „קאָמעדיאַ דעל אַרטע" געפינען מיר אין די טעקסטן פון די מיסטעריע־שפּילן. דער אונטערשייד איז אפשר נאָר אין פאַרגרעבטקייט, אָבער אויך נישט אַלעמאָל. אויף דעם ניבול־פּה אין די „אָסטער־שפּילן" און פּאַסיאָנס־שפּילן" האָט שוין אָנגעוויזן לודוויג ווירט [1]. דאָס זעלבע קען מען זאָגן מיטן פּורים־רבֿ. ער איז עלטער סיי אַלס טיפּ, סיי אַלס אויסדרוק פון נישט בעצוימטן ליצנות, איידער מען איז זיך נוהג צו מיינען.

ווי עס זאָל נישט וועלן אַ מאָדערנער ענגלישער היסטאָריקער פון „קאָמעדיאַ דעל אַרטע" אָפּלייקענען דאָס שייכות פון דעם דאָזיקן טעאַטער מיטן מיטלעלטער, געלינגט עס פאַרט ניט. און מען מוז איינשטימען מיט די, וועלכע קוקן אויף דער „קאָמעדיאַ דעל אַרטע", ווי אויף אַ פאָרטזעצונג פון מיטלעלטערישן טעאַטער, פאַרשטייט זיך פאַרענדערט אין אינהאַלט און אויך פאָרסיפּסט אין טעאַטראַלישן זינען,—אָבער מיט אַ סך טיפּן זיינע שטעקט ער פאָרט אין מיטלעלטער. נעמט למשל דעם סאָלדאַט־באַרימער (miles gloriosus), דעם דאָקטאָר־שאַרלאַטאַן אאַז"וו [2].

אין דעם ניינטן קאַפּיטל גיט שיפער אַן אַלגעמיינעם אַריינפיר אין דער קאָמעדיאַנטן־קונסט און אירע השפּעות אויף דער דייטשער און סלאַווישער טעאַטער־קונסט. דער אַריינפיר איז אַ קלאָרער. הגם עס וואונדערט מיך, וואָס גראָד שיפער האָט דאָ נישט אינטערפּרעטירט סאָציאָלאָגיש די דאָזיקע עוואָלוציע.

אַ פאַרדראָסיקער טעות איז, וואָס דעם דייטשן דראַ־

[1] Wirth. Die Oster-und Passionsspiele Halle 1889, p. 206—208.

פאַרגלייך אויך:

Heinzel. Geistliches Schauspiel Hamburg 1898, passim.

[2] W. Smith. The Commedia dell' arte. New York 1912, p. 21—67.

פאַרגלייך:

Миклашевскій. Театр „Commedia dell' arte". Петроград 1916, passim.



מאַטורג יאַקאָב אייזער (Ayzer, געשטאָרבן 1605) רופט ער אומעטום אַן אייער (ז' 121, 122).

דעם רעפּערטואַר פון די יידישע קאָמעדיאַנטן פאַרטיילט שיפער לויט דער אַלגעמיינער סכעמע אויף:

1) אַקציאָנען;
2) זינגשפּילן;
3) צווישנשפּילן אָדער אינטערמעדיעס, און
4) צירק־קונצן, באַלעטן אאַז"וו.

פון די אַקציאָנען שטעלט ער זיך אָפּ אויספירלעכער אויף דער „אחשורוש־אַקציאָן", וועלכן ער שיילט אויס פון דריי „טראַדיציאָנעלע" טעקסטן (ז' 125). אויפן סמך פון אַ שפּראַכלעכן אַנאַליז קומט שיפער צום אויספיר, אַז אַלע דריי פראַגמענטן שטאַמען פון איין טעקסט פון אַ „אַקציאָן". דאָס איז נישט אויסגעשלאָסן, ווייל אַלע דריי וואַריאַנטן האָבן אַן ערנסטן טאָן און די קאָנצעפּציע איז אויך נישט קיין יידישע. אַנאַלאָגישע טעקסטן מיט אַ מוסר־השכל געפינען מיר אין אַ סך אחשורוש־שפּילן, וועלכע ווערן געבראַכט ביי שוואַרצן. עס איז נישט ריכטיק, אַז האַנס סאַקסעס „אסתּר" איז אַ דיאַלאָגיזירטע דערציילונג. שוין די ראָלע פון נאַר, וועלכער זאָגט מוסר דעם קיניג, באַווייזט, אַז ס'איז ווייט פון צו זיין אַ קאָמעדיע „אָן שום פּירושים און הינטערגעדאַנקען" — ווי שיפער דריקט זיך אויס (ז' 131). און די „מאָראַל", וועלכע ושתּי זאָגט אַרויס צו די פרויען אין אונזער „אַקציאָן" (שיפער II 128), איז אין אַ קאָמעדיע „Hester" (=אסתּר) פון מורער (ציריך 1567) אויסגעדריקט דורך אַ נאַר [3].

דאָך וויל איך נישט באַשטרייטן דערמיט, אַז די „פאַסטנאַכטשפּילן" האָבן באַאיינפלוסט אונזערע קאָמעדיאַנטן דירעקט — אָבער דורך די ענגלישע קאָמעדיאַנטן איז געקומען אַ מין מוסטער, וועלכער איז אַ געמיש פון פאַסטנאַכטשפּילן מיט די שפּילן פון די דאָזיקע וואַנדערנדיקע אַקטיאָרן.

וועגן דעם, אַז דער ספּור־המעשה פון מגילת־אסתּר פלעגט אויסגענוצט ווערן פאַר פּאָליטישע צוועקן, זאָגן אונז עדות אַ ריי פאַקטן.

אין 1617 האָט מען אין פּאַריז געהרגעט דעם אַלגעמיין פאַרהאַסטן מאַרקיז ד'אַנקר, אַ פלאָרענטינער אוואַנטוריסט. וועמען די רעגענטין האָט געמאַכט פאַר אַ מאַרשאַל פון פראַנקרייך. דעם 24טן אַפּריל 1617 האָט מען געשפּילט אַ טראַגעדיע א"נ „Tragédie nouvelle de la perfidie d'Aman", אין וועלכער עס איז געווען פּערסאָניפיצירט מאַרקיז ד'אַנקר אַלס המן. דאָס זעלבע איז געווען מיט ראַסינס טראַגעדיע „אסתּר", וועלכע איז אָנגעשריבן גע־

[3] Rudolf Schwarz. Esther im deutschen und neulateinischen Drama des Reformationszeitalters. Leipzig 1898 p. 52 ff.

וואָרן אין 1688 לויט אַ בקשה פון מאַדאַם דע מענטענו, וועלכע האָט זיך געשדכנט צום קיניג לואי דער XIV און האָט געהייסן זיך שילדערן... אַלס אסתר המלכה [1].

וועגן דער פּאָפּולערקייט פון דער אסתר־טעמע אין ענגלאַנד זאָגן עדות די צאָלרייכע פּיעסעס און אויפפירונגען אין 16 י"ה. עס איז פאַראַן אַן אויסגאַבע פון 1561, וועלכע איז געשפּילט געוואָרן אין אָנפאַנג פון 16 י"ה; דער קאַרדינאַל וואַלס, וועלכער איז געשטאָרבן אין 1530, האָט אין איר געשפּילט המנען [2].

די אַקציאָן פון יונה הנביא מיטן וואַלפיש (II 135 — 136) שיינט מיר צו זיין אַ מאָנאָלאָג, אין וועלכן עס ווערט דערציילט ערנסט דער סיפור־המעשה פון יונה, פונקט ווי מיר פאַרמאָגן אַזאַ מין (אמת אַ הומאָריסטישן) מאָנאָלאָג איבער פורים. די קרובהשאַפט מיט דער יונה־קאָמעדיע, וועלכע איז געשפּילט געוואָרן אין מאַי 1605 אין נאָרדלינגען (נישט אויף דייטש, ווי שיפּער גיט איבער, נאָר אין ענגליש), איז זייער צווייפלהאַפט. צי איז דער ענגלישער טעקסט פון דער קאָמעדיע "a looking glass for London" דער מוסטער פאַר דער דייטשער קאָמעדיע וועגן דעם נביא יונה, איז אויך נישט אַזוי זיכער, ווי שיפּער נעמט עס אָן [3].

די זינג־שפּילן זענען זייער פיין אויסגעשיילט געוואָרן פון די פאַרפלאָנטערטע און קאָרומפּירטע טעקסטן, וועלכע מיר פאַרמאָגן (קאַפּיטל XI).

צו די מוזיקאַלישע רמזים, וועלכע ווערן געבראַכט ביי שיפּערן, דאַרף צוגעגעבן ווערן אויך דער סוף פון „חכמת שלמה" (ווילנע 1912). שלמה זאָגט צום פּובליקום, נאָך דעם ווי ער טרייבט אַרויס אַשמדאַין („פּאָדי וואָן", זאָגט ער צו אים — און ער גייט אַוועק!):

„מיר ווילן אונזערע מיילער מיט געזאַנג ערפילען
און מיר ווילין הייסען אַז מוזיקע זאָלין שפּילן".
(און מען שפּילט אַ מאַרש).

שיפּער קומט צו אַן אויספיר, אַז די גלית־קאָמעדיע ענדיקט זיך מיט דודס נצחון און די גלית־זינג־שפּיל — מיט דודס קרוינונג. אין דעם דערמאָנטן טעקסט פון „חכמת שלמה", וועלכער איז, בלי־ספק, לויט אַלע סימנים, אַן אַלטע

[1] מער ביישפּילן ביי: Haupt. Purim. Baltimore 1906, p. 11-12.

[2] דאָרט, ז' 11. וועגן אַלע ביבלישע דראַמעס און זייערע אויפפירונגען אין ענגלאַנד ווערט אויספירלעך גערעדט אין דעם מאָנומענטאַלן פירבענדיקן ווערק פון טשעמבערס (E. K. Chambers), The Elizabethan Stage. Oxford 19.3. מען קען זיך לייכט אָריענטירן דאַנק דעם אויסגעצייכנטן אינדעקס צום סוף פערטן באַנד.

[3] Chambers o. c. II, 280, 296, III, 328.

אַ טעקסט פון פורים־מאָנאָלאָג, אַ „פּאַנדאַן" צו אונזער יונה־הנביא־מאָנאָלאָג, אין מיטטיילונגען 1909. ער שטאַמט פון סוף 18 י"ה.



זינג־שפּיל, הייבט זיך אָן די אַקציע פון קיניג שאול און ענדיקט זיך מיט שלמה המלכס זיג איבערן אַשמדאַי. די באַזונדערע עפּיזאָדן, וועלכע פאַרמאָגן אַ פיינע אַקציע, זענען צונויפגעבונדן דורך דעם פּאַיאַץ, וועלכער אַנאָנסירט דאָס אָנקומען פון אַ נייעם פּאַרשוין. ווען מען טראָגט אַרויס דודן אַ טויטן „מיט אַ מאַרש", קומט אַריין דער פּאַיאַץ און אַנאָנסירט אַזוי:

„גאַרין זאַמען, גאַרין זאַמען אַ שיינעם פיינעם פּלאַץ פאַר שליאַמען
אַפּ צו ראַמען
גיעפינט זאָל ווערין אַלע בראַמען
שליאַמה איז זיין נאָמען באַלד וועט ער קומען ער וועט שטורעמען און ברומען
שלמה דער קיניג קומט היר אָן, זעצט ער זיך אַנידער אויף גאָטס טראָן.
טרומייטן און צי שאַלן פאַר דעם קיניג שלמה אויף צוא שפּילען".

עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש, אַז דער פּאַיאַץ האָט צוויי נעמען פאַרן קיניג. ווען ער איז נאָך נישטאָ, רופט ער אים פאַמיליאַריש „שליאַמה"; און ווען ער באַווייזט זיך, טיטולירט ער אים: „שלמה דער קיניג".

פונקט אַזוי פאַרבינדט דער פּאַיאַץ פריער די האַנדלונג נאָך שאולס טויט. ער קומט אַריין און בעט, אַז מען זאָל האָבן געדולד:

„דיזע נאַכט וועלין מיר ניט פול דער לענגען",

ד"ה אַז די פאָרשטעלונג וועט לאַנג נישט דויערן (אונטערגעשטראָכן פון מיר):

„דוד דעם קיניג וועלין מיר צהער אַראָפּ ברענגען" אאַז"וו.

פון דעם איז קלאָר, אַז די זינג־שפּיל „חכמת שלמה" איז אַ קייט פון איינציקע עפּיזאָדן, וועלכע זענען פאַראייניקט דורך דעם פּאַיאַץ. ער איז דער רינג, וועלכער בינדט צונויף די באַזונדערע טיילן פון דער שפּיל. דאָרטן וואו עס האָט זיך נישט געלאָזט „די נאַכט דערלענגען", ד"ה לענגער שפּילן, האָט מען מסתמא געשפּילט איינציקע עפּיזאָדן, ווייל יעדער עפּיזאָד ענדיקט זיך מיט דעם זעלבן פיינעם שלוס, מיט אַ טרויער־מאַרש.

דעריבער איז זייער ריזיקאַליש אויפן סמך פון די עקסיסטירנדיקע פראַגמענטן צו באַשליסן וועגן דעם, וואו פלעגט זיך ענדיקן אַ זינג־שפּיל.

די אויפגעבויטע סכעמע מיט פּראָלוזיומס און אינטערלודיומס, וועלכע אַנטשפּרעכט דעם בוי פון די יעזואיטישע זינג־דראַמעס (II, 147), איז אויך נישט קיין ראיה פאַר דער יידישער שפּיל. די סכעמע איז צו פאַרפלאָיטערט פאַרן יידישן וואַנדערנדיקן טעאַטער, וועלכער האָט נישט געהאַט די אַלע טעכנישע מיטלען וואָס אַ איינגעפונדעוועטער יעזואיטישער טעאַטער, און דעריבער איז אַ ביסל שווערלעך אָנצונעמען שיפּערס סכעמע, וועלכע ער האָט

אויפגעבויט לויט די פראַגמענטן, אַלס אַ סכעמע, וועלכע האָט אויך געהאַט איר תּיקון אין יידישן טעאַטער [1].

אין צוועלפטן קאַפּיטל האָבן מיר זייער גוטע קאָנסטרוקציעס פון „אחשורוש-זינג-שפּיל". עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס שיפּערן איז געבליבן אומבאַקאַנט דער אַזוי-גערופענער „ווילנער" טעקסט, וועלכער איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך א. ליטווין (ניו-יאָרק 1916) מיט נאָטן און מיט זייער נאַאיווע פּלומרשט „פאַכמענישע" באַמערקונגען. דער טעקסט איז אָבער אַן אינטערעסאַנטער. עס איז מיר ווייטער נישט קלאָר, צי האָט שיפּער אָפּעררירט מיטן לייפּציקער כּתב-יד פון 1697 צי נאָר מיט שודטס טעקסט, וואָס שטיצט זיך אויף אים. עס איז ריכטיק, אַז אַלע וואַריאַנטן און געקירצטע טעקסטן פון „אחשורוש-שפּיל" האָבן אַ נאָענטע קרובהשאַפט און זענען געבויט לויט איין מוסטער מיט פאַרשיידענע ספּעציפישע שינויים און סצענעס. צינבערג האָט זיך באַמיט צו רעקאָנסטרואירן דעם תּחילתדיקן טעקסט, אָבער איך האַלט זיין פּרוּוו פאַר נישט איבערצייגנדיק — צוליב טעמים וועלכע קענען דאָ נישט באַרירט ווערן [2].

דער גילגול פון מרדכי אין קלאָון מאָנדריש פאָדערט אויך אַ ספּעציעלן פאָרזיכטיקן אַנאַליז. עס איז בלי-ספק פאָרגעקומען אַ מעכאַנישער צונויפגוס פון צוויי טיפּן, און דאָס איז געשען שפּעטער, אַרום סוף 17 י"ה; פריער איז מרדכי געוועזן דער ערנסטער יידישער מליץ-יושר.

די יידישע צווישן-שפּילן אָדער אינטערמעדיעס, וועלכע ווערן באַרירט אין דרייצנטן קאַפּיטל, ברענגען ווינציק נייס. אַלזאָ דער אַלט-באַקאַנטער „דאָקטאָר-שאַרלאַטאַן" און די אינטערמעדיע מיטן שטן-אַרלעקין אַלס הויפּטפיגור, וועלכע געפינט זיך אין אַ „עקדת-יצחק"-זינגשפּיל. די אַנדערע זענען פון אַ קליינעם באַטייט, ווייל דער מאַטעריאַל איז נאָך אָרעמלעך, ווי למשל, די בעטלער-אינטערמעדיע, מיט וועלכער די פּוילישע ליטעראַטור פון 17 יאָרהונדערט איז אַזוי רייך.

די אינטערלודיעס זענען שוין בעסער רעפּרעזענטירט, הגם אויך זייער צאָל איז זייער קליין. עס פעלט למשל די אינטערלודיע פון „אחשורוש-שפּיל" (לעמבערג 1902), אַ פּאַראָדיע אויף הגדה של פסח און אויף אַ תּנאים [3].

1 זע:

J. Zeidler. Studien und Beiträge zur Geschichte der Jesuitenkomödie und des Klosterdramas. Hamburg 1891. דאָרטן זענען פאַרעפנטלעכט אַ ריי פאַר דער פּאַראַלעלן-פאָרשונג זייער וויכטיקע סצענאַריומס.

וועגן דער טעכניק פון ענגלישע זינג-שפּילן אינפאָרמירט אַמבעסטן:

Bolte. Die Singspiele der englischen Komödianten und ihren Nachfolger in Deutschland, Holland und Skandinavien. Hamburg 1893.

2 „צוקונפט", 1923.

3 צו די פּאַראָדיעס אויף „הרי את" (שיפּער II 65—66) דאַרף צוגעגעבן ווערן דער פיינערער טעקסט פון מאַטעסדאָרף (אין





צום פערצנטן קאַפּיטל, אין וועלכן עס איז צונויפגעזאַמלט אַ ביסל מאַטעריאַל איבער צירק-קונצן און באַלעטן, דאַרף נאָך באַמערקט ווערן, אַז דער טאַנץ „morescu" האָט אין פּוילן זיך פאַרוואַנדלט אין „מאַרושקאַ" (Maruszka) [4].

אין פופצנטן קאַפּיטל פּרוּווט שיפּער אָנווייזן אויף די שפּורן פון די איטאַליענישע מאַסקעס פון „קאָמעדיאַ דעל אַרטע" אין די יידישע שפּילן. דער אַנאַליז איז איבערצייגנדיק. איך פאַרשטיי אָבער נישט, פון וואַנען נעמט ער, אַז דער קאַפּיטאַנאָ איז אַ זולל-וסובא? פון די איטאַליענישע טעקסטן לאָזט זיך אַזאַ שטריך נישט אַרויסברענגען [5].

צו די מאַסקעס פון יידישן אַרלעקין דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן די מאַסקע פון אשמדאי. אַזוי איז למשל אין „חכמת שלמה" פון 1912, וואו דער אשמדאי פּראַוועט לצנות מיט שלמה המלך. ליידער ערלויבן מיר שוין נישט די ראַמען פון דעם אַרטיקל צו ציטירן גרעסערע אויסצוגן. עס וועט אפשר זיין מעגלעך מיט דער צייט אָפּצודרוקן דעם פולן טעקסט פון דער דאָזיקער שפּיל.

אין זעכצנטן קאַפּיטל, וועגן דעם קלאָון, איז ריכטיק אָנגעוויזן געוואָרן אויף דעם גראָבלעכן הומאָר פון דעם יידישן קלאָון און אויף זיין קרובהשאַפט מיט די קלאָונען פון די ענגלישע קאָמעדיאַנטן. אונזער קלאָון האָט אָבער אַ סך ענלעכקייט אויך מיטן ציגיינער פון דער אוקראַאינישער פאָלקס-קאָמעדיע, ווי עס איז צו זען פון דעם שוין ציטירטן וואָזניאַק.

מיטן בילד פון אַ נאַר אויפן פערד (ז' 213) שטימט די באַשרייבונג פון אַ יידישן לץ פון אָנפאַנג 19 י"ה, וועלכע עס ווערט געבראַכט אין די זכרונות פון היימאַן [6].

דאָס זיבעצנטע קאַפּיטל באַהאַנדלט די שפּיל-טעכניק פון די יידישע קאָמעדיאַנטן. אַ רמז אויף אַ יידישער קאָמעדיאַנטן-טרופּע געפינען מיר אין דעם באַרימטן „ספר הקונדס", וועלכער איז געדרוקט אין יאָר 1823 — אָבער

ביימען), אָפּגעדרוקט אין „יאַרבוך פאַר יידישע פאָלקסקונדע" II 481—482. דאָס איז דער נוסח:

הרי את<br>
איך האָב שוין לאַנג אויף דיר געוואַרט<br>
מקודשת לי<br>
עס איז מיר אָבער נאָך צו פריי.<br>
בטבעת זו<br>
איך העט נאָך אַלעווייל בעקימע עזאַ ע קו<br>
כּדת משה וישראל<br>
עזאַ עפּעס קריגט מאַן נאָך אַלע מאָל

(אין „יאַרבוך" איז דאָס געשריבן מיט לאַטיינישע אותיות).

4 פּאַווינסקי (Pawiński) אין Ateneum 1892 I, 310.

5 M. Sand. The History of the Harlequinade. Vol I, p. 137—157.

זע אויך:

Smith. The Commedia dell' arte. NY 1912.

6 Lebenserinnerungen. Berlin 1909, p. 111—113.

שטאַמען שטאַמט ער פון אָנהאַנג 19 י"ה. אין דער דאָזיקער זייער אינטערעסאַנטער פּאַראָדיע לייענען מיר, ווי אַזוי דאַרף דער קונדס באַגריסן מיליטער אָדער קאָמעדיאַנטן:

„אנשי חיל או קאמעדיע בתוך העיר ותוף מכה לפניהם — צריך הקונדס לרוץ לפני המכה בתוף ולהביט בפניו" [1].

צי עס זענען געווען אויפשריפטן מיט דערקלערונגען וואו עס קומט פאַר די האַנדלונג איז נישט אַזוי זיכער, ווי שיפּער וויל דאָס אויסטייטשן (II 229). די אָנמערקונגען קענען שטאַמען פון געדרוקטן טעקסט, און ביז איצט איז דער ענין פון די אויפשריפטן אַלס אַ סוראָגאַט פון דעקאָראַציעס נישט אויפגעקלערט געוואָרן צוליב מאַנגל אין פּאָזיטיווע באַווייזן. עס בלייבט אַלזאָ נישט מער ווי אַ השערה.

בנוגע די באַזוכער פון יידישן טעאַטער (II 231 — 232) דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז אַלע סאָציאַלע קלאַסן האָבן באַזוכט אַ יידישע פאָרשטעלונג. אין „עקידת יצחק", וואָס קלעבאַנאָוו האָט אָפּגעדרוקט אַלס זיין „פאַרפאַסונג", לייענען מיר:

„פאַר אלע הערען גלייך
פאַר אלע גיזעלען
עקדת יצחק פאַר צו שטעלין
פאַר אָרעם און פאַר רייך".

די לעצטע צוויי קאַפּיטלען פון שיפּערס צווייטן באַנד טראָגן דאָס קעפּל: „אויפן שיידוועג צווישן פאָלקס-דראַמע און ליטעראַטור" (די תקופה פון דער אָפּערע און פון דער ראַציאָנאַליסטישער דראַמע).

צו דעם טיפּ פון ראַציאָנאַליסטישע דראַמען ביי יידן רעכנט שיפּער מיט רעכט צו די מכירת-יוסף-שפּיל, וועלכער איז אונז באַקאַנט פון שודטס „מערקווירדיקייטן". די דאָזיקע דראַמע, וועלכע איז דערשינען צום ערשטן מאָל אין 1708 און איז אויך אויפגעפירט געוואָרן אין פראַנקפורט-מאַין — האָבן אַ סך היסטאָריקער צוגעשריבן צו אַ געוויסן בערמאַן פאַן לימבורג. שיפּער באַמיט זיך צו באַווייזן, אַז לימבורג איז געווען דער „Verfertiger", ווי שודט גיט איבער, און דאָס מיינט אַ מין רעזשיסאָר, דער, וועלכער שטעלט די פּיעסע. ווערנער [2] האָט געהאַלטן, אַז בערמאַן פון לימבורג איז דער באַאַרבעטער פון דער פּיעסע. אין דעם פאַל איז אפשר דער גאַנצער ענין פון מחברשאַפט נישט אַזוי וויכטיק. אויב מען באַרירט שוין די פראַגע, איז דאָך קלאָר פון טעקסט ביי שודטן, אַז „פערפערטיגער" קען מיינען אַ צוזאַמענשטעלער, אַ מין קאָמפּילאַטאָר פון אַ טעקסט. דער קאָמפּילאַטיווער כאַראַקטער פון דער מכירת-יוסף-שפּיל ווערט בולט, ווען מען פאַרגלייכט געוויסע פראַגמענטן מיטן טעקסט פון „ספר הישר", וועלכער איז דערשינען אין פראַנקפורט-מאַין אין 1706 אויף העברעאיש און אויף יידיש. פון אַזאַ פאַראַלעל ווערט קלאָר, אַז דער „ספר הישר" איז געווען דער הויפּט-קוואַל פון טעקסט פון אונזער מכירת-יוסף-שפּיל; עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז די פּראַגער און האַמבורגער ישיבה-בחורים האָבן קאָלעקטיוו „פערפערטיקט" די שפּיל, און בערמאַן פון לימבורג ווערט אויך דערמאָנט אַלס „פערפערטיקער", ווייל ער איז געווען דער הויפּט-דירעקטאָר.

אַ קליינע אילוסטראַציע, ווי אַזוי זעט אויס דער טעקסט פון „ספר הישר" אין דער דראַמאַטישער באַאַרבעטונג פון „מכירת-יוסף" פון 1703.

| ספר הישר<br>דף כה (פ"פ 1706) | מכירת יוסף<br>(1708, לויט שודט III 256) |
|---|---|
| בני בני יוסף בני שמעתי את קול בכיתך ואת קול צעקותיך ראיתי את דמעותיך; ידעתי את צרתך בני ויצר לי עליך ותוסף לי יגון רב על יגוני ועתה בני יוסף בני חכה את ה' והתחולל לו ואל תירא כי ה' עמך הוא יציל אותך מכל צרה אאז"ו. | ליבר זון דייני קלאגליכי ווארט<br>זיינן מיר צו אורן גאנגן.<br>דורך דר העכשטי און מוט האב<br>איך זיא אנטפאנגן.<br>דייני טרענן האבן מיך אנטוועקט<br>אויז מיינם שלאף . .<br>. . . . . . . . . .<br>נורא ליין אויף גאט דען אלמעכטיגן<br>שטעל דיין פאר טרויאן און האפן<br>זא ווערשטו דיין העכשטש גליק<br>האבן אן ביטראפן<br>אאז"ו |

אַזעלכע באַשיימפּערלעכע אַנאַלאָגיעס זענען פאַראַן אַ סך. דעריבער איז אויסגעשלאָסן, אַז אונזער „מכירת יוסף" איז אַן אַנטנעמונג פון אַ פרעמדן מוסטער; גיכער איז דאָס אַן אָריגינעלע באַאַרבעטונג לויט יידישע קוועלן, אָבער אין נוסח פון דער דאַמאָלטיקער הערשנדיקער ראַציאָנאַליסטישער דראַמע.

צום צווייטן טיפּ פון דער דאָזיקער עפּאָכע געהערט די „אקטא אסתר ואחשורוש". וועגן די אויסגאַבעס פון דער דאָזיקער פּיעסע האָב איך שוין פריער דערמאָנט. שיפּער וויל זען אין „אקטא אסתר" אַן אָפּערע, דערפאַר וואָס עס זענען פאַראַן אַ פּאָר אַריעס. אמת, די סטראָפעס צום זינגען זענען געבויט אַנדערש, ווי אין די איבעריקע זינג-שפּילן, וועלכע מען וואָלט געקענט אויך צורעכענען צו דער קאַטעגאָריע פון אָפּערעס. דאָס איבערחזרן געוויסע אויסדריקן אַ פּאָר מאָל, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַן אַריע, באַגעגענען מיר אויך אין אַנדערע טעקסטן די צאָל געזאַנג-נומערן איז אין „אקטא אסתר" אַזוי קליין, אַז מען קען קוים ריידן פון אַן אָפּערע; עס איז גיכער אַ מעלאָדראַמע מיט אַ פּאָר אַריעס, וועלכע זענען אין גייסט פון אַן אָפּערע. אין די רעמאַרקעס אין „אקטא אסתר" ווערט אפשר 4 אָדער 5 מאָל אָנגעמערקט אַז דאָס איז צום זינגען. כמעט דער גאַנצער טעקסט איז „צו זאָגן". נאָר אין פּאַטעטישע סצענעס, ווי וושתיס קלאָגן אָדער המנס געזעגענען

1 „ספר הקונדס" פאַרעפנטלעכט פון דוד מגיד אין „יעווּרעיסקאַיאַ סטאַרינאַ" 1913 ז' 501.

2 אין „Zt f. d. Alt. und Lit. 1889, ז' 56.

זיך מיט דער וועלט, ווערן באַנוצט פאָרמען פון אַן אָפּערע־אַריע.

אויך די „אחשורוש־שפּיל" פון 1718, וועלכע איז געדרוקט אין אַמסטערדאַם, איז נישט קיין אָפּערע, הגם עס איז אָנגעשריבן „גלייך איינר אָפּערא". דרך אגב וויל איך באַמערקן, אַז דער טעקסט האָט אַ סך ענלעכקייטן מיטן טעקסט פון „אקטא אסתר" — איך קען אָבער דאָ זיך אויף אים נישט אָפּשטעלן.

אַ פלאַגיאַט, אַ שטאַרק פאַדייטשטער פון דעם געגוג דייטשמערישן טעקסט פון „אקטא אסתר", איז די פּיעסע, וועלכע איז דערשינען אין אַמסטערדאַם אין יאָר 1780. דער דאָזיקער טעקסט איז שיפּערן נישט באַקאַנט.

די פּיעסע הייסט:

„ער רעטונג דער יודן דורך | אסתר אונד מרדכי | .טרויאר שפּיהל | אונד פריידליכעס ענדע | אין פינף טייהלין. וועלכיש נימאהלט אויף דערא | גלייכן מאניהרן גידרוקט אודר גישפּיהלט | ווארדן איז אונד אויף גפיהרט דורך דיא ביקענטע דרייא | פרימיעאורס דיזעס שפּיל | געטץ דוד הירש | אונד אויף איין רעכטי טעאטער מעסיגע מאניהרן אין גריכט מיט פר ענדרונג דער רעהדינס | אהרט אויף איין גאנס נייאה מאניהר אין דער ריינע אויף | ריכטיגע טייטשי שפּראכע איבר גיזעצים. אונד קוריגירהט | דורך יאקב בר' יחזקאל מפוזנן | דיזה זיינן צו קויף בייא | דוד פאלק הנקרא דוד המלך | אונ' ביי ר' שמעון וואלפנביטל אויף פלאהמבורג | [אמסטערדאם תק"מ] 26 בל' קליין 8°.

דאָס איז דער זעלבער ר' שמעון וואָלפנביטל, ביי וועלכן מען האָט געקענט אין 1774 קויפן די דריטע אויס־גאַבע פון „אקטא אסתר"; ביי אים איז טאַקע אַרויס דער דאָזיקער פלאַגיאַט פון דער פּאָפּולערערער פּיעסע.

די דאָזיקע פּיעסעס שליסן די תקופה פון דעם אַנאָ־נימען טעאַטער און דער אַנאָנימער טעאַטער־קונסט ביי יידן. מיט זיי שליסט אויך שיפּער זיין צווייבענדיק ווערק.

*

עס ווילט זיך אין אַ פּאָר שורות מאַכן אַ סך־הכל פון אונזער אַנאַליז פון שיפּערס אַרבעט.

שיפּער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך שאַרפזיניקייט אין אַנאַליזירן און רעקאָנסטרואירן דעם אַלטן יידישן טעאַטער־רעפּערטואַר, וועלכן מיר פאַרמאָגן ביז איצט כמעט אין פראַגמענטן. ער האָט אויסגעקליבן זייער אַ גוטע מעטאָדע פון דערגאַנצן די יידישע קוועלן־בלויזן מיט די אַלגעמיינע און צוועקגעשטעלט אונזערע מאַטעריאַלן אין די צייט־ראַמען, אין וועלכע זיי דאַרפן זיין לויט זייער אינהאַלט און קרובהשאַפט מיט די זעלבע מאַטעריאַלן ביי אַנדערע. ער האָט זיך אָבער געלאָזט צו ווייט פאַרפירן פון די אַנאַלאָ־גיעס, און דעריבער זיינען אַ סך השערות זיינע נישט ק"ן באַגרינדעטע און וועלן אין דער פאָרשונגס־אַרבעט מיט דער צייט אָפּגעמעקט ווערן. דער באַזיס, אויף וועלכן עס זיינען געבויט די דאָזיקע אַנאַלאָגיעס, איז נישט אַלעמאָל אַ פעסטער. אויב שיפּער קען גוט די טעקסטן, וועלכע זיינען געווען פאַר אים צוטריטלעך (און אַ סך האָט ער פאַרפעלט), האָט ער זיך אָבער ווייניק באַקענט מיט די פרעמדע טעקסטן, מיט וועלכע ער אָפּערירט פאַר זיינע אַנאַלאָגישע פאָרשונ־גען. דאָס איז דער שוואַכער פונקט פון דער אַרבעט.

מעטאָדאָלאָגיש וואָלט מען געהאַט זייער אַ סך אויסצושטעלן קעגן שיפּערס אַרבעט: ער היט נישט אָפּ דעם פּרינציפּ פון באַנוצן די ערשטע קוועלן און אָפּערירט אָפט־מאָל דורך אַ דריטער אָדער פערטער האַנט. (אַנקאָנאַ, וויילען, אַפילו האַנס סאַקסעס פאַסטנאַכטשפּילן! אאַז"וו), ער בויט טיילווייז אויף קוועלן, מערסטנטייל אויף קאָמפּילאַציעס, אַמאָל פאַרלאָזלעכע און אַמאָל נישט.

אָבער צי איז דאָ שיפּערס שולד? צי שפּיגלט דען נישט אָפּ זיין אַרבעט אונזער אָרעמקייט? עס איז דאָך גע־ווען אַ געוואַגטער שריט פון ד"ר שיפּער צו לאָזן זיך אָן אַ קאָמפּאַס (וואָס פאַר אַ ווערט האָבן די אַלע פאָרגייער זיינע?) אויף אַ ים פון נישט־באַריירטע ענינים, זיין דער זאַמלער און דער אויסטייטשער, דער דראַמען־היסטאָריקער און דער טעאַטער־פאָרשער! פון דער גרויסער פּיאָנערישער אַרבעט האָט מען זיך נישט געקענט ריכטן אויף פולשטענ־דיקייט אָדער אויף אַן אַלזייטיקער ריכטיקער אָפּשאַצונג און בילד פון טעאַטער־קונסט ביי יידן.

דאָך איז דער פאַרנעם אַ ברייטער און די רעזולטאַטן זענען פּאָזיטיווע פאַר אַ גרויסער צאָל פראַגן און ספּעציעל פאַר דער פראַגע פון רעקאָנסטרואירן און כראָנאָלאָגיש איינפּאַסן די אומגעלומפּערטע אַרויסגעגעבענע טעקסטן פון די יידישע פורים־שפּילן. דער פילאָלאָגישער אַנאַליז איז אפשר נישט אויף דער געהעריקער הייך, דערקעגן דער טעאַטער־היסטאָרישער איז אויסגעצייכנט.

מיר האָבן כמעט נישט קיין פאָראַרבעטן. די אַרבעטן, וועלכע צינבערג [1] אָדער שטערק [2] האָבן פאַרעפנטלעכט ברענגען לעת־עתה קיין שום נייס נישט. איינע פון די קאַר־דינאַלסטע אויפגאַבעס פון דער יידישער טעאַטער־וויסנשאַפט איז: אַרויסגעבן אַ פולע רשימה רעגעסטן צו דער געשיכטע

1 צינבערג האָט ביז איצט פאַרעפנטלעכט צוויי פראַגמענטן פון זיין „געשיכטע פון טעאַטער ביי יידן", וועלכע געפינט זיך נאָך אין כתב־יד: 1) וועגן אחשורוש־שפּיל אין „ציקונפט" (1923) און וועגן טע־אַטער ביי יידן אין איטאַליע. אין „Еврейская Летопись" (IV 1926). די צווייטע אַרבעט פאַרמאָגט אַ פּאָר (נישט־וועזנטלעכע) ביז איצט אומבאַוואוסטע פאַקטן.

2 W. Staerk. Die Purim Komödie „מכירת יוסף" MGWJ, 1922, p. 294-299.

שטערק איז גאַרנישט מחדש, ער איז זיך נאָר ווידעראַמאָל סומך אויף שודט און וויילען.

פון יידישן טעאַטער, טאַנק און בכלל פאַרווײלונגען, און אַ קאָרפּוס פון אַלע אונזערע טעאַטער-טעקסטן, סיי די אַלטע און סיי די שפּעטערדיקע, די אַזוי-גערופענע טראַדיציאָנעלע. די פאָלקסביכלעך ווערן פאַרשוואונדן ביסלעכווייז, און אין זיי ליגן באַהאַלטן צענדליקער טעקסטן, וועלכע טראָגן אויף זיך דעם שטעמפּל פון אַלטער טראַדיציע און פאָרם. די דאָזיקע צוויי אַרבעטן קענען דורכגעפירט ווערן אָן גרויסע שוועריקייטן, ווייל סוף-כל-סוף איז דער מאַטעריאַל נישט קיין גרויסער און מיט צוויי „וואָלומינאַ“ קען די דאָזיקע דרינגענדיקע זאַך פאַרענטפערט ווערן.

דעמאָלט וועט זיין אַ מעגלעכקייט פאַר באַזונדערע מאָנאָגראַפישע אַרבעטן, פאַר אויספירלעכע, פאָרזיכטיקע אַנאַליטישע שטודיעס פון ספּעציעלע פראַגן פון דער יידישער טעאַטראַליסטיק אין דער פאַרגאַנגענהייט אין פולן זינען פון וואָרט. אַזוי איז אויך ביי די אומות העולם אויסגעוואַקסן די געשיכטע פון טעאַטער.

אָבער צו וואָס פאַר אַן אויספירונגען עס זאָל נישט קומען מיט דער צייט די יידישע טעאַטער-פאָרשונג, וואָס פאַר אַ קאָרעקטיוון זי זאָל נישט אַריינטראָגן אין די ביזאיצטיקע אָפּשאַצונגען און וואָס פאַר אַ השערות זי זאָל נישט אָננעמען, איינס איז קלאָר און זיכער: שיפּערס בוך וועט אַלעמאָל אָנערקענט ווערן פאַר דער ערשטער, פּיאָנערישער אַרבעט מיט אַ ברייטן ליטעראַטור-היסטאָרישן פאַרנעם, מיט שוואונג און שאַרפזין געשריבן און מיט ברייטע האָריזאָנטן באַנוצט.

ד״ר שיפּערס טעאַטער-געשיכטע איז אַ שטופּ פאָראויס פאַר דער יידישער טעאַטער-פאָרשונג, אַ ווינקלשטיין פאַר אַ מאָדערנעם וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג צום עצם ענין אין הסכם מיט די לעצטע מעטאָדעס פון טעאַטער-פאָרשונג בכלל. דעפאַר קומט אים אַן אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט און אַ וואָרט פון אָנערקענונג.

ד״ר שיפּער מעג באמת שטאָלץ זיין מיט זיין פּיאָנערישער אַרבעט אויפן געביט פון דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער!

# מאַטעריאַלן צום בורגנלענדער יידיש

פאָלקלאָר און דיאַלעקט

פון ר. סטאַלעק (ווין)

דער מאַטעריאַל וואָס ווערט דאָ פאַרעפנטלעכט איז געזאַמלט געוואָרן בעת אַ קורצער נסיעה דורך די חמש קהילות פון בורגנלאַנד: קאָבערסדאָרף, לאַקנבאַך, דייטש־קרייץ (פאַריידישט צלם, צעהלים אָדער צעלים), מאַטעסדאָרף און אייזנשטאָט (זייער באַקאַנט אַלס אַ"ש). ווי ווייט שווער ס'איז אַזאַ מין זאַמלאַרבעט אין פאַרלעגענע מקומות, וואָס האָבן אגב שוין אויפגעהערט צו רעדן יידיש, איז נישט נייטיק צו דערציילן. כ'וויל אָבער אָנווייזן אויף דער וויכטיקייט פון דער אַרבעט, וואָס דער עסטרייכישער אַרבעטסקרייז פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט האָט צו טון. אַן אָרגאַניזירטע גרופּע, וואָס וועט מאָראַליש און מאַטעריעל אונטערגעשטיצט ווערן פון אַלע געזעלשאַפטלעכע קרייזן אין לאַנד, וועט, דוכט זיך, נישט האָבן דעם זעלבן מזל, וואָס איך, צו ווערן נישט איינמאָל אַרויסגעוואָרפן פון די שטובן, בשעת איך האָב געוואָלט עפּעס זאַמלען. דערמיט דערקלערט זיך אויך, וואָס פון אַ סך לידלעך זענען נאָר דאָ פראַגמענטן. אַזוי צב"ש איז אין דעם פּורים־ליד „צלמער שאהן" אויסגעשטראָכן געוואָרן אַ ריי סטראָפעס מצד דעם ראש־הקהל, וואָס האָט מורא געהאַט, אַז אינטימע זאַכן פון זיין קהילה זאָלן נישט קומען אין דער עפנטלעכקייט אַריין, הגם דאָס ליד איז באַקאַנט שוין 50 יאָר. ביי אַ שפּעטערדיקן זאַמלען וועלן מוזן די דאָזיקע זאַכן מושלם ווערן.

בנוגע די אַנדערע צוויי קהילות פון די אַמאָליקע שבע קהילות (Kittsee און Neufeld) איז מיר, מחמת זיי ליגן שוין אַ ביסל ווייטער צו צפון ביי דער נייזידל־אָזערע, נישט מיגלעך געווען זיי צו באַזוכן. איבעריקנס זענען די קהילות גאָר קליין און, דוכט זיך, אינגאַנצן אונטער דער השפּעה פון די אַנדערע פינף, הויפּטזעכלעך פון נאָענטן אייזנשטאָט. מאַטעסדאָרף איז שוין באַאַרבעט געוואָרן פון ד"ר מ. גרונוואַלד אין „יאַהרבוך"[1] באַנד II, און אַ גרעסערע צאָל לידער זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן, כאָטש ס'וואָלט געווען געוואונטשן, אַז דער באַאַרבעטער זאָל להבא נישט אַזוי אומגענוי באַהאַנדלען די מונדאַרטלעכע אייגנטימלעכקייט פון בורגנלענדישן יידיש. איך האָב פון מאַטעסדאָרף שוין גאָרנישט באַקומען. דערפאַר האָב איך אין אייזנשטאָט באַקומען כאַ⸗

[1] Jahrbuch für jüdische Volkskunde II 1924/25 (II) pp. 402—563.

ראַקטעריסטישע לידלעך, וואָס זענען פאַר 40 — 50 יאָר געזונגען געוואָרן אין מאַטעסדאָרף. אויך אַ פּאָר פראַגמענטן פון פּורים־שפּילן, וואָס מאַטעסדאָרפער בחורים האָבן געשפּילט, דערמאָנט זיך נאָך פרוי האַלבערשטעטער אין אייזנשטאָט. אין קאָבערסדאָרף (וואָס גילט, אַגב, אין די שבע קהילות פאַר אַ ביסל פאַרגרעבט) האָב איך אויסער אַ פּאָר מעשהלעך גאָרנישט געקענט באַקומען.

די דאָזיקע לידלעך, וואָס איך פאַרעפנטלעך, זענען אָפּשפּיגלונגען פון פאַרשיידענע מאָמענטן אין יידישן לעבן. קיין איבעריק גרויסע פּראָדוקטיוויטעט ווייזן די בורגנלענדער נישט אַרויס, און באַזונדערס אָריגינעל זענען זיי אויכעט נישט; זייער פאָלקשאַפן ווערט טיילווייז גענערט דורך דער נאָענטסטער גויאישער סביבה, טיילווייז דורך דער אונגאַריש־יידישער, וואָס האָבן שטאַרק משפּיע געווען אויף זיי. אויך וועגן די „פאָלקסזינגער" וואָס האָבן פאַר 25—30 יאָר געשפּילט אין ווין, דערציילט מען זיך נאָך דאָרט זייער אָפּט.

אַ יוצא מן הכלל זענען די שפּילן, וואָס זענען פון די בית־המדרש־בחורים געשפּילט געוואָרן פּורים, שושן⸗פּורים און חנוכּה ביים רב אָדער ביי חשובע באַלעבאַטים פון שטאָט. יעדעס מאָל איז געשפּילט געוואָרן אַן אַנדערע קאָמעדיע אויף אַקטועלע קהילה־טעמעס, כּדי דעם עולם צו ווייַלן. ספּעציעל האָט זיך דאָס דאָזיקע שפּיל צעבליט אין אייזנשטאָט, בעת דאָרט איז געווען רב הילדעסהיימער און די ישיבה איז געווען גרויס. די זאַכן האָבן פאַרפאַסט צוויי בחורים, פון וועלכע איינער איז היינט רב אין שטיינאַמאַנגער (אונגאַרן), דער צווייטער איז חזן — אויך אין אונגאַרן. ווי די פראַגמענטן באַווייזן, זענען די זאַכן געווען געשריבן אין אַ לייכטער שפּראַך, אָן דעם בורגנלענדישן אונטערשלאַק, שוין דערפאַר וואָס די בחורים זענען נישט געווען בלויז פון יענע מקומות און דאָס רוב האָט געשטאַמט פון אונגאַרן. נאָך היינט ווערט גמרא געלערנט אין אַן אַנדער מונדאַרט — מיט דער מזרח־אונגערישער אויסשפּראַך.

1

כ'וויל דאָ נאָטירן נאָך אַ וואַריאַנט פון אַ וויגליד, וואָס איז שוין פאַרצייכנט ביי גרונוואַלדן; פון שלימות וועגן ברענג איך אויך דעם טעקסט וואָס איז דאָרט געדרוקט.

ביי גרונוואַלדן זענען דאָ צוויי וואַריאַנטן.

**וואַריאַנט 1 (נומ׳ 137):**

Schleuf Kindele, schleuf,
Im Garten stehn die Scheuf
Kümmen die Schefelach schwarze,
Welln das Kindele kratze,
Kümmt der Halter mit de Geige
Tüt de Kinderlech züsammentreibe.

Schleuf Kindele, schleuf,
Im Garten stehn die Scheuf,
Kümmen die Schefelach weisse,
Welln die Kindele beisse,
Kümmt de Halter etc.

Schleuf Kindele, schleuf,
Im Garten stehn die Scheuf,
Kümmen die Schefelach blaue,
Welln des Kindele haue,
Kümmt de Halter etc.

**דער צווייטער וואַריאַנט (נומ׳ 140):**

Schlajf Lemelebn schlajf,
Dort in jenem Hajf
Stehen zwa Schäfelach weisse
N'willen mei Jingele beissen.
Kümmt der Halter mit der Geigen,
Tüt de Schäfelach züsammentreiben.
Lafen de Schäfelach 'ns Feldele e rein
N'tün sach e Ritzele ins Fissele erein.
Schrein de Schäfelach me-e,
Schreien de Schäfelach be-e.
Schlajf, Jingele, schlajf, schlajf,
Schlajf, Jingele, schlajf.
Schlajf, Jingele, schlajf.

Schlajf Lemelebn, schlajf,
Dort in jenem Hajf
Stehen zwei Schäfelach schwarze
Und willen mei Jingele kratzen.
Kümmt etc.

Schlajf Lemelebn, schlajf,
Dort in jenem Hajf
Stehen zwei Schäfelach blaue
Und willen mei Jingele haue.
Kümmt etc.

פון אַן אַלטער פרוי אין קאָבערסדאָרף האָב איך גע־הערט אַ דריטן וואַריאַנט:

Šłojf lampiłi šłojf [var.: šłojf lemili šłojf]
dort in jenim hojf
štajt de halter mit de gaign
tüt de šeifilech cüzami traibm. Šłojf u.s.w.
kümt des lampiłi grîni
fouert mo mitn kindiłi kân Wini
kümt des lampiłi rôjti
krîgt des kindiłi e brôjti.

די אַלע דריי וואַריאַנטן זענען בלי שום ספק אויפגע־קומען אונטער דער השפעה פון אַ גאַר ענלעך וויגליד, וואָס איז זייער פּאָפּולער ביי די היינטיקע שכנים פון די בורגנ־לענדער יידן — ביי די העאַנצן [1] און ביי די אַמאָליקע שכנים, די דרום־מעריש דייטשן. ביי די העאַנצן זינגט מען:

Schlåf, Meda, schlåf
In gartn sein ti schåf
Ti waissn und ti schwåazn
Tëi wea'n maiñ Medal råazn (רייצן)
Schlåf, Meda, schlåf etc.
Ti schwåazn und ti waissn
Tëi wea'n maiñ Medal paissn.

(Zeitschrift f. österr. Volkskunde, Supplementheft, 1900)

אַ צווייט לידל ענדיקט זיך:

Kimt ta' Hansel [2] mit ta' Geign
Wüll in s'höfla Schof auftreibm
Na, Hansal na [3]
Ti Schof, tëi genga allañ,
Kemma' za ta Tuana [4]
Fanga aun zan wuana [5]
Kemma za ta' Lacka [6]
Fanga aun zan låchaka.

(דאָרט גופא)

ענלעכע לידער האָב איך געפונען אין דעם אַזויגע־רופענעם Kuhländchen אין צפון־מיירן. דאָס לידל:

Dei Vater wor a Grof,
Dei Muida wor a Bauerndirn
Sie muss die Kinna selba wiagn

ווערט אויכעט פון יידישע מאַמעס, פשוט פאַריידישט, געזונגען ביי די וויגן. קיין אַנדערע וויגלידער, לויט מיינע געוויסנהאַפטיקסטע חקירות ודרישות, זענען אין בורגנלאַנד נישטאָ.

פון אַן אַנדערן מין זענען די לידער, וואָס ווערן גע־זונגען פון די קינדער. אומעטום — און אויך ביי יידן אין אַלע מקומות — ווערן פון די שולקינדער (ביי אונז חדר־יינגלעך) פאַרפאַסט און געזונגען אַלף־בית־לידער, ציפער־לידער אאַז״וו. די דאָזיקע לידלעך (אַ פּאָר פּאַר־

1 אין עדענבורגער קאָמיטאַט.—אַן ענלעך ליד זע אין Deutsche Volkslieder aus Böhmen, p. 393.
2 דעמינ׳ פון Hans.
3 nein. 4 Donau. 5 weinen. 6 Lache.

ענטלעכט ד״ר גרונוואַלד) מוזן נישט דווקא גענומען ווערן אַלס אויפגעקומענע אונטער וועלכער ס׳איז השפעה, כאָטש, אַזוי צו זאָגן, די טעכניק, דער אויפבוי פונעם ליד איז זייער ענלעך צו די העאַנצישע קינדער־לידער, וואָס די פאַרעפנטלעכט אין אַ גרויסער Zeitschr. f. österr. Volkskunde צאָל.

אַזוינע לידער ווי:

Olef Bess Gimmel
Die Neschome kümmt füm Himmel.

Dalet He Wow
Füm keniglichen Hof

Sojin Chess Tess
Zü fohr in e noble Kaless [1]

Jüd Kaf Lamed
In Seidn ün in Sammet

Mem Nün Samech Ajin
Er soll soch der Toire weihen. [2]

Pe Zaddik Küf
Werd er kriegen e groissn Rüf. [3]

Resch Schin Tow
Wet er wern e groisser Row.

(גרונוואַלד נומ׳ 145)

אָדער:

Olef Bess Gimmel
Fohrn mo mitn Schimmel

Daleth He Wow
Mei Tate is e Grof [4] [Var.: Row]

Chess Tess, Jüd
Schmüle hot'n Parech ünterm Hüt.

(גרונוואַלד נומ׳ 146)

לאָזן זיך גאָרנישט באַטראַכטן אַלס אַנטשטאַנענע אונטער אַ נישט־יידישער השפעה. דער „ווערד“ און „וועט“, אויך „פאַרעך“ און אַנדערע שפּראַכלעכע פּרעמדקייטן פונעם שטאַנדפּונקט פון בורגנלאַנד ווייזן נאָר אָן, אַז די טעקסטן שטאַמען פון אַן אַנדער יידישן דיאַלעקט, אָבער זיי פרעגן ניט אָפּ דעם ריין יידישן אָפּשטאַם.

כ׳האָב נאָך פאַרצייכנט אַ ליד, וואָס איז זייער פּאָפּולער אין אייזנשטאָט; די קינדער האָבן עס געזונגען מוצאי־שבת נאָך מעריב גייענדיק פון שול:

1 Kalesche, קאָטש. 2 זיך הייליקן. 3 Ruf, שם.
4 גראַף. ענלעך מיטטיילונגען I.

Hinaj ajl išîusi
eftach pîj. wus tü och itsi [5]
gei îech e bisele wâtor
tref eiech un e râtor
e rator wil mer niks gejbm
dî müter get mo doch
gej enous in dei koch
šlug iech mo e loch
ch'hob och gnüg
of de ganci woch
mâme wü zâjn de šweibeloch
drausn ünter ojwnloch
üntern ojwnloch zâjn ze niks
zâjn ze in de cükerbiks. [6]

2

פון דער חדר־צייט און ישיבה־צייט אַנטפלעקן אונז די פאָלקס־לידער גאָרנישט. איך האָב זייער שטאַרק נאָכגעפרעגט, און מיר דאַכט זיך, אַז ס׳איז נישט פאַרהאַנען אַפילו קיין שפור פון אַזעלכע לידער. אפשר דערקלערט זיך דאָס מיט דעם זייער שטרענגן און רעליגיעזן לעבנס־שטייגער פון די דאָרטיקע יידן. אָבער דאָס איז דאָך נית קיין תירוץ: די „גאַס“ און די יוגנט לאָזן זיך נישט בינדן מיט וועלכער ס׳איז דיסציפּלין. אַזוי אַ שטייגער הערן זיך שוין נאָכקלאַנגען פון פאַרשיידענע אַפּערעס ביי דער דערוואַקסענער יוגנט, פאַרשטייט זיך עראָטישע. אַפילו אין דעם „שוואַרצן בוך“ פון דער קהילה אייזנשטאָט געפינען מיר אַ פּאָר פאַלן [7]. ביי גרונוואַלדן פון מאַטערסדאָרף (נומ׳ 143):

Haschele Prascheles Tochter
Golde Micheles Suh' [8].
Tanzen miteinander
Die Kalle laft davu'. [9]
Der Chossen laft ihr noch
Falln se erein in Boch. [10]
Haschele Prascheles Tochter
Golde Micheles Suh'.

אַן ענלעך ליד האָב איך נאָטירט:

Wen die Matesdorfer mâdeloch zâjn
nouoch ezôi êidł,
gei ioch douoch lîber cü der Ritelus Grêidl
doues wâs îoch douoch ja ganc giwis,
dus kan karantiri nikeiwi in di kihili mêir iz.
dou zougt de Greidł îoch warf doch eraus.
dou gebt eir ei-er [11] e pôar milechiki
barchezlech [12] drauf.

(פרוי האַלבערשטעטער, א״ש)

5 הנה אל ישועתי / אפתח פי וואָס טו איך איצ׳ הי.
6 אַ וואַריאַנט מיטטיילונגען I.
7 זע „Eisenstädter Forschungen“, אַרויסגעגעבן פון ד״ר ב. וואַכשטיין און שאַנדאָר וואָלף. 8 = זון. 9 = דערפון; אַוועק. 10 טייך.
11 איר. 12 חלות.

בכלל בליט די סאַטירע אין די דאָזיקע שטעטלעך. מיין אינפאָרמאַטאָרין דערציילט מיר געַנוי דעם פאַל: אַ יידישער בחור פון אַ חשובער מאַטעסדאָרפער משפחה האָט זיך געשדכנט צו אַ קריסטלעך מיידל. גלייך האָט זיך דאָס לידל פאַרשפּרייט מיט אַ מעלאָדיע, וואָס כ׳האָב ליידער נישט געקענט פאַרצייכענען.

דאָס דאָזיקע לידל איז זייער שטאַרק געזונגען געוואָרן פאַר 50–55 יאָר. באַזונדערס אָבער צייכענען זיך אויס די בורגנלענדער מיט דער געזעלשאַפטלעכער סאַטירע. קייגן די ראשי־הקהל און פּני, וואָס האָבן באַזונדערס אַכטונג געגעבן אויף זייער ווערדע און געשאַפן אַ קליקע פון „אייגענע מענטשן", ווענדן זיך די פיילן פון סאַטירע. צופעליק איז אונז אין „שוואַרצן בוך" פון אייזנשטאָט [1] איבערגעבליבן אַ גאַנצע ריי דאָקומענטן פון 1803, וואו ס׳ווערן דערמאָנט „פּאַשקוויל־צעטעלעך", וואָס אַן אָנגעזעענע פרוי פרומעט וואָלף האָט געשריבן קייגן די ראָשי־הקהל און זיי אויפגעקלעפּט אויף די ווענט. אַלס שטראָף פאַר דעם חטא ווערט זי אָנגערופן חצופה און פרוצה. פון דעם ענין האָבן זיך נאָכדעם אַרויסגעשיילט נייע קאָמפּליקאַציעס, אָבער דאָס געהערט שוין נישט צום ענין. אויך שפּעטער, בעת מ׳האָט אום פורים אין צלם (דייטש־קרייץ) געוואָלט שפּילן אָדער זינגען דאָס אונטן געבראַכטע ליד „צלמער שאַהן", האָבן די ראָשי־הקהל דאָס פאַרבאָטן.

פון אַ גרעסערער צאָל לידער פון דעם מין נעם איך אַרויס צוויי.

Haršł šnîermacher iz gimajndiwechter
Marišajin ganiw iz gimajndifechter [2]
reb Šimin Najfeld tüt mâmouedis [3] zougn
eie hout schojn gnüg oî urimi lâjt bitrougn
Majrim Pinkis iz der her
wâl Nusy Ajznstouet iz zâjn šweier.
wî rachmûnis iz Matisdorf
wen coûky gabi iz Awrouim Šolldorf.

(פרוי האַלבערשטעטער, אַ״ש).

דאָס ליד וואָס איך גיב איצטער איז געזונגען געוואָרן פאַר 45 יאָר:

## CÊILIMER ŠAN [4]

I Jech wor enk ercêiln dohîr, wûes fouorgenümen ioch hob mor cü šildern dî lüstiki lajt, wues in âne fort leibm štrajt ün weign zachn was gourniks is drûn, nor jêider wil zâjn e grôiser mun [: ün šafn ün geltn eiân. Dûes iz der cêilimer šân :].

II Betrachtn mier de kihi.i in klał, dou gajt ân doch über de gał. Synis, machlojkis ün traiš frâj cü geibm deîm chawer e patš. De

1 זע: Eisenstädter Forschungen; 2 פעכטער—שלעגער. 3 מעמדות. 4 שיין—גלאַנץ, פּראַכט?



grösle awll cü ferlušn man züecht, weil's de ôjser tüt ün mo forîm krüecht. Ka chilik grôjs oder klân, dus is der cêjlimer šân.

[סטראָפעס 3 און 4 פון ראש־הקהל אַראָפּגעשלונגען]

V Jeidis muel wues es kümt cü de wâl, dou gebt es e grois krawał, wen man ałe mitł probirt ün ajeider for ziech agitiert.

[ווידער אַראָפּגעשלונגען ....]

VI Ouber dus der plân zoł edorechgajn macht mo e pôlitiše sôarê [s o i r é e] ün lâjt wus mo šôjn lange jour nit farkeiert, worn mit en' ajnlading beeiert. Aufsgištelt word gibachts, flaiš ün wâjn; šitn tüt mo in zaj felig erâjn, šrajin glajch eljen [5] ündzer mân. Dues iz der cêilimer šân.

אַ מינדלעכער וואַריאַנט:

Dues ałes nouer gišeit,
wâl in Ceilim kümt der sajchil cü špeit.

3

דאָס רעליגיעזע לעבן שאַפט אַ גאַנצע ריי פאָלקסלידער אויף אַ גאָר אָריגינעלן אופן. פאַרשיידענע תפילות, ווי הלל, ישמח משה און אַנדערע ווערן איבערגעזעצט אויף „דייטש" און געזאָגט אין דער שול מיט אַ ניגון פּאַראַלעל צום דאַווענען. צב״ש אין צלם:

Wî hôt men îm gerüfen
כעבד נאמן קראתי לך
Oi wus hot îm angecougen
כליל תפארת בראשו נתתה
Oi wü iz er den gištandn
בעמדו לפניך על הר סיני
Oi wus hat er den in der hant gihat
שני לוחות אבנים אאז״וו.

(געשריבן לויט דער פאָנעטיק פון אינפאָרמאַטאָר).

אָדער דאָס חברה־ליד פון צלם:

Adîr hü boueljonim
bûcher hü butachtojnim
külom ahüwim wijagüdim
hü eichod üšmoj eichod
hałlijô! [6]

Alhabener Gouot biste fün ojbm
auserwöhlter Gouot biste fün üntn
üntn ün ojbm
iz âjn glojbm
küm' mir zougn
ün dîoch lojbm

5 זאָל לעבן (אונגעריש). 6 הללויה.

er iz â:ier
âuser îm iz kâner
hałlîjo!

Musojk hü
ałsüsser go$^{uo}$t etc.

אָדער דאָס חברה=ליד (וואַריאַנט ביי גרונוואַלדן 148):

Wî der kojinegûdl m$^{i}$chaper huawojnojs hot giweizn.

âchas wiâchas
lomich undajtn
wus dus âchas zoł [kon] bedajtn.
âchas iz jâ âjns
ajns iz dus chewri haus,
wü man geit ajn ün aus
wü man est ün woi [!] man trinkt
wü man tanct ün woi [!] man šprinkt.
wü man zich kejert
fon tiš biz cü der ej$^{e}$rt.
šnajim etc.

ווייטער אַזוי ווי ביי גרונוואַלדן.

ס'איז נאָך כדאַי צו דעם מאַטעריאַל צוצוגעבן אַ לידל, וואָס ווערט יעדן שמחת=תורה אין אַ"ש אין דער שול געזונגען פון דעם חזן שוין צענדליקער יאָרן. פון וואַנען עס שטאַמט איז מיר נישט געלונגען פעסטצושטעלן. גע=זונגען ווערט עס אַלנפאַלס אין אייזנשטאָט פון גרויס און קליין: צוליב דעם נישט ספעציפישן מונדאַרט שרייב איך מיט יידישע אותיות:

אַ ביימעלע האָבן אונדזערע אבות אבותינו
אין דער ווילדן וויסטע געפלאַנצט,
מע טראַכט אין שענהייט נאָר דאָס איינע
מיט אַלע צווייגעלעך אויסגעגלאַנצט.

אַך די קנאָספן און די צווייגן
זיס ווי דאַטלען און ווי פייגן
האָבן וויר דאָס הייט אין דער האַנט.

דאָס ביימעלע זענען די לוויים געוועזן [g$^{i}$wein]
דאָס פערשטעיען וויר זעיר גיט,
דער פעטער איז דאָך משהלע אַלעין,
דאָס משל גלייכט צו שטאַרק צום ייד.

יעצט זעיט מאַן די פעיגעלעך ערומפליען,
געפינען קענען זי זיך קאַן אָרט,
און ווי זי וועלן זיך ע ביסעלע אויז ריען,
פאַרטרייבן זי די רויבפעיגל פאָרט.

אַלע פעיגעלעך פאַרטריבן,
נאָר דער בוים איז געבליבן,
דער איינציקער נאַקעדיקער שטאַם.
דאָס ביימעלע זענען די לוויים געוועזן
דאָס פערשטעיען מיר זעיער גיט.

•

און איצט נאָך אַ תחינה, וואָס אַן אַלטע פרוי האָט געפונען אין זייער אַן אַלטן סידור און זאָגט דאָס פאַר שלאָפן גיין נאָך קריאת=שמע. די תחינה, אויב נישט זייער פאָפולער אין צלם, איז זי אַלנפאַלס באַקאַנט.

איך בעפעילע מיינע זעילע אין גאָטעס האַנט
דער מיך האָט פון מוטערלייב געזאַנדט
דער איזט מיין הילפער און ביישטאַנד.
זיין הייליקער נאָמען איז וואָעל באַקאַנט.
איך בין נון [nun] בערייט שלייפן [šlajfn] צו גיין,
דיין הייליקער נאָמען [numen] זאָל שטעיטס באַ מער שטיין.

עיר זאָל מעך באַהיטן אונד בעוואָערן
היינט אונד אימער לאָס מיך האַבן אין דיינע אויגן חסד וחן.
איך לעיג מעך נידער צו ראַסט אונד צו רו [cü rü$^{i}$]
אויף דיך, מיין גאָט, מיין פערזיכערונג טו [tü$^{i}$].
דו [dü] זאָלסט מיך באַהיטן און באַוואָערן פאַר אַלעם בייזן,
דו זאָלסט אונדז אַלע באַלד פון גלות ערלייזן.

לאָס מיעך ווידער ערוואַכן פריש און געזינד [gesünd]
דאָס איך דיך לאָבן קאַן אויס מיינעם מינד
איך ביטע דיך אויס הערצנס גרונט [grund]
ערהעיער מיך דאָך צו דיזער שטונד [štund].

האַבע אַ יעך היינט אַן דיזען טאַג געזינדיקט
אַלס דו פערגיבסט איינען פראָמען יודן-קינד.
דיין כבוד איז פאָל אין אַלן עקן
ליבער גאָט לאָס מיעך אין פינסטערנאַכט נישט שטעקן.

דאַס מיך קיינע בעיזע הלומות נאָך רוחות ווידער שרעקן
מיט דיינען הייליקן נאָמען לאַס מיעך ווידער אויפוועקן.

אויף גאָט זיין לאָב איז דאָס ליד וואָרן געמאַכט.
עס זאָל ווערדן געזונגען הייט און אַלע נאַכט,
ז אָלסט אונדז נעמען אין דייגע אָבאַכט.
זאָ ווי דו האַסט אויף אונדזערע אָבות געטראַכט.

און אין גאָטעס נאָמען עס זאָל ווערדן וואַר
דאָס בית=המקדש זאָלן וויר זעין מיט אונדזערן אויגן קלאַר
עס זאָל במהרה ווערדן וואַר.

גיטע מלאכים שיקטס אונדז פון הימל גיטע שאָטרן
זיי זאָלן אונדז באַוואָרן פון אַלן בייזן און שאָדן
ס'זאָל אונדז ניקס בייזעס ווידערפאָרן
אמן סלה. [1]

4

נעבעך, פאַרצווייפלטע מיידלעך, אַ ביסל פאַרגעסענע, און אומגליקלעכע ווייבלעך וואָס האָבן נישט קיין שלום-בית מיט זייערע מענער פעלט אויך נישט ביי יידן. זינגט מען:

Wî ch'bin giwejn in de jûern âns, cwâj,
drâ, fîer
hot moch mân tate gištelt far de tier
hot er e šmis erau gigejbm
az ch'hob niks gwüst fün mân âgenen
lejbm.

Cüejršt bin och e kind giwejn e mejdł
ch'hob mer nicht gekent schafen e recht
klajdł.
af âner zajtn ot moch das kind erünter-
gerisn
ün das klâne ot moch bešisn.

Wues wel îjôch nôr tûen
krejdili hot šojn e muun
s'is douoch dum wî di nacht
nur iz douoch alis racht

Gouot ferlost doch kân
îjoch beküm âch ân
ün dernouech wel iech lüstik zân.
wen ch'tü de bekełoch rajbm
wor öch âch nit lejdik blajbm.
wen ch'über de gasn gej
tün ale jingins âf mier zejn.

Ün Gouot ferlost doch kân
îjoch beküm noch ân
ün dernouech wel ich lüstik sân.

(פרוי קאָרנפיין, לאַקנבאַך).

אַ וואַריאַנט צום אויבנגעבראַכטן לידל:

Mâdili wilsti e lât erlejbm
nem dor nouor e mun
dü wost dor schojn e krîe šnajdn
fün ojbm biz eiûun.

אַן אַנדער ליד:

Cüm rebi lejbm kümt gelâfn
in grösti ajł ajn wajbel ajn,
„rebi lejbm îjoch wil moch šajdn

1 וואַריאַנט מיטטיילונגען II ז' 124.

wajl îjoch hob e šlechtn man.
ejer tüt niks, wî špîln mit de kouorfn
ün ništ denkn on zein wajb.
ün dues brengt moch cü fercwajfling
douerim kloug îjoch dor mâj lâjd.
ezoi ebeli iz îm lîber als zâjn wâjb
wî zâjn wajb wues krank ün šwach.
pakn zoł îm gejech dues fîber
wen ejer krîgt de najchl as."

נאָך איינס:

„Oune mazł ün parnouose
iz kân šulim auf de welt
ioch wil epis kušeres esn
mit dî bunolech hob moch gern.
îjoch wil esn ezoj e Gülaš
wî m'hot gihat in de rajter kazern.
nidl zipn mit de knidl
wi der tâm ligt mer in maul
ün in ausgewołgertn štrîdł.
gej ün mach ün zaj nit faul"
oune mazł oun parnouose
iz kân šulim auf der welt."

(פרוי אייזנשטעטער, א"ש).

5

אַ באַזונדער קאַפּיטל וואָלט כדאַי געווען צו שרייבן וועגן די פורים-שפּילן, אילוסטרירנדיק זיי מיט פראַגמענטן. אויך וואָלט נייטווענדיק געווען צו שרייבן וועגן אַ פאָלקס-זינגער, וואָס איז אַרומגעגאַנגען אין די שענקען און האָט פון צייט צו צייט אויך מיט אַ יידיש לידל לוסטיק געמאַכט דעם עולם. ער איז געבוירן געוואָרן אין די דרייסיקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם י"ה, געשטאָרבן 1894. צוליב דעם אָבער וואָס איך שטיי אין מיטן פון דער דאָזיקער מאַטע-ריאַל-זאַמלונג, לייג איך דאָס אָפּ ביז אַ צווייטער געלעגנ-הייט. איך וויל נאָך די זאַמלונג פאַרפולשטענדיקן מיט אַ הומאָריסטיש לידל און מיט צוויי מעשהלעך.

אַ הספד איבער זיין פערד (פראַגמענט).

Dou drausn, doi lîgt eir mit de hent ausgecojgn,
farštrekt n'mind, faglejzert de ojgn.
eir ist doch giwein ezeie cadik of de welt
eir hot ništ g'wüst wî hâst man das gelt.

(וו. בענעדיקט, א"ש).

די מעשיות (majn sis) הייסן דאָ אויך locelech (הלצהלעך).

Es wôrn emôl drâj pôjlisi [פוילישע] frajndi. Zâjn zaj emôl bajzamin gezesn, dî drâj frâjndi. Zouogt âner fün zaj: wen ets cwâ wort mor zouogn e lign, weier s'wort di gresti lign lêgn, biküm den gresin prajz.

Zouogt dej eršter lignor: oz och bin giwein in de groisl milchouomi, bin iech gištandn mit mâne chawajrim. Iz oun gkümi e grois gišraj es kümi hündert tauznt kozâkn ün woln zi ümbrengi, houob oun gibej n השי״ת er zol mich erhejrn ün mioch befrâjln ünter de Kozâkn. השי״ת houot ober mein tfili oun gihejrt ün houot mo gilozt waksn cwâ groisi flîgl aüf mâne iksl [אַקסלען]. Wi dî zâin gikümi in de nähe bin ech giflojgn fün Rajši biz Berlin. Douort bin och zîcher gewein. Ün houob mein lejbm dirhałtn. Lacht de eieršter fün de frâjndi. Hic zouog dü mo nouoch e grössern lign.

Hout der zwajter lignor nit lang gitracht ün gezouogt s'is wouor: och ob douoch flîin gizejin.

Ün de cwajter hout den prajz giwinin.

(פרוי קאָרנפיין, לאַקנבאַך)

E pojlišer îz emol kân Budapešt gküma. Geit er in de gas. Hout eir gizejn ausgeštelt fürziche [1]. Zouogt eio cüm sojcher: get moi e kili epł fün dani. Az riot gikâft de epł bâast eir erajn ün gefünt bânor in dej epł. Ot eier giflücht. Gejt eier weitor lâft în e hünt nach ün wolt îm bajsn. Wil eier e štân îm warfn, zeni de štâne oun gibindn cüm brük. Flücht de poilišer ün zougt: e zoie štout: de epl zân mit bâne, oun gibindini štâne ün dei hünt louzn se lâfn ouni štrik.

(דערציילט פון אַ ייד אין לאַקנבאַך, וואָס וויל בלייבן אַנאָנים)

אויף וויפיל איך קאָן דרינגען פון מיין קורצער נסיעה איבער בורגנלאַנד און איבער פרעסבורג און איר סביבה (סלאָוואַקיע), איז דאָס יידיש פון די דאָזיקע צוויי פראָווינצן כמעט ווי אידענטיש. אַפילו דער קלאַנג פון די וואָקאַלן, אין וועלכער ס'שטעקט די הויפּט־אייגנטימלעכקייט פון די דאָזיקע יידישע מ״מ, איז כמעט ווי דערזעלבער. אַנדערש אָבער איז דאָס פאַרהעלטעניש זייערס צום אונגערישן יידיש. כ'האָב געהאַט געלעגנהייט צו טרעפן יידן פון ערלוי און פון דעברעצין, און אויפן סמך פון פאַרגלייכן ווערטער און אויסדרוקן קאָן איך אויפשטעלן אַן אידענטישקייט נאָר אין איינצעלע פאַלן. ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז האָבנדיק מער מאַטעריאַל איבער אונגעריש־יידיש וועל איך מוזן פון מיינע באַהויפּטונגען אָפּטרעטן, דאָס קאָן שוין אָבער בלייבן חי־וקיים: די אַ״ג „קלאַנג־פאַרב" באַווייזט ניט קיין שום קרובהשאַפט, נישט צום בורגנלענדישן און נישט צום פרעסבורגער יידיש.

זייער פאַרהעלטעניש צו מעריש־יידיש איז אַלנפאַלס אַ נענטערס, אָבער דאָך זיינען זיי נישט אידענטיש. מיינע אינפאָרמאַציעס איבער מעריש־יידיש זענען לײדער נישט

1 פערשקעס (Pfirsiche).



פון דעם מין, אַז מען זאָל זיך אויף זיי קאָנען שטיצן. דעריבער וואָלט געווען פריצייטיק צו קומען מיט פאַרגלייכעניש.

דאָ פרוּוו איך געבן אַ סכעמע פון די אויבנבאַשריבענע מ״מ, כדי אויסצוגעפינען קרובשאַפט און אונטערשיידן. ס'איז קלאָר, אַז די אַלע אָנווייזונגען זענען, מחמת דער קליינער צייט פון שטודיום, נישט קיין אויסשעפּנדיקע. קיין שום פאָראַרבעטן אין דעם פאַך זיינען דוכט זיך ניטאָ.

1) דאָס בורגנלענדישע יידיש איז אַן o- מונדאַרט (אַנאַלאָגיש צום ליטווישן o). אָבער דער דאָזיקער וואָקאַל ווערט נישט אַרויסגערעדט אַלס אַ מאָנאָפטאָנג, נאָר דיפטאָנגירט, אָפטמאָל טריפטאָנגירט. דער דאָזיקער קלאַנג איז צווייערליי: ou און oui (i=y), אָדער oue, (צב״ש štout [2], dou שטאָט, דאָ), אָדער douerim gizuegt (געזאָגט, דאַרום = דעריבער). אין אונגערישן יידיש איז, אַנאַלאָגיש צום מיטליידישן, uu (אין מערישן—o; פון מיינע פריוואַטע אינפאָרמאַציעס האָב איך נישט געקענט פעסטשטעלן וואָסער o דאָס איז).

2) אין בורגנלענדישן יידיש (אַנאַלאָגיש צום מיטליידישן) ווערט געברויכט ü להיפוך צום ליטווישן u: cüm, küm, fün, brüder אאַז״וו.

דער דאָזיקער ü איז אָבער אויך אַ גאַנץ אַנדערער איידער אונזער פוילישער (מיטליידישער), וואָס איז כמעט ווי „י", כאָטש האַרטער. אין בורגנלענדישן ווערט ער כמעט ווי אַלע וואָקאַלן (אויך o) אַרויסגערעדט געשלאָסן. דער ü האָט אַ צווייאיקן קלאַנג:

a) צב״ש אַ ברודער=e brüder, מיט אַ קוים באַמערקלעכן û פון פאָרנט, דער גרונט־ü פעסט געשלאָסן, נאָכשלעפּן פון אַ i (אַלזאָ: bruüider); אָבער אין רבים: brîder.

b) דעם צווייטן ü האָבן מיר צב״ש אין קום=kuüm: דער פאָרנטיקער ü נאָך אומבאַמערקלעכער.

דער אונגערישער „ו" איז ענלעך צום פויליש־מיטליידישן. ווי ס'איז אין מעריש־יידיש קען איך ניט פעסטשטעלן. דער Urquell און ד״ר גרונוואַלדס מיטטיילונגען ווייסן נאָר u אָן שום דערקלערונגען. ביי מיר איז דער וואָקאַל שטענדיק ü געשריבן. דאָס רוב צו לייענען ווי ü פון kümi.

3) דער בורגנלענדישער ייד נאַזאַלירט די n. ער זאָגט on (אַזוי ווי אין פויליש są, אָבער אָן די רעשטלעך פון n וואָס געפינען זיך אינעם ą) on giluin.

אַן אונגערישער ייד ווייסט נישט פון נאַזאַלירן.

4) אין בורגנלענדישן âgn, mâdili, âns, lâfn. אין אונגעריש אידענטיש. (פג״ל אויך דעם אַרטיקל פון צבי שפּירן אין לאַנדוי־בוך ז׳ 195 — 200).

2 אַמאָל העט מען אויך, štouet, štouit.

5) אין בורגנלענדישן טרעפן זיך ווערטער מיט oi (ליטוויש o און פויליש-יידיש u): אָנשטאָט š$^{l}$ojfn, doj אאַז״וו. דערקלערט זיך מיט דייטשע מונדאַרטלעכע השפּעות.

6) די בורגנלענדער פאַרמיידן ס׳רוב דעם פּאָדער-טראַף גע- אין ווערבן. צב״ש[1]: gang$^{i}$, i$^{o}$ch bin e$^{h}$âm küm$^{i}$. אָבער דאָס ווערט נישט אומעטום געהערט. (דוכט זיך, אַז דאָס איז „גראָב-יונגיש" לשון, ווייל געהערט בלויז פון דאָרפגייערס, וואָס רעדן, אַגב, אויך טאַקע אַ ביסל אַנדערש זייער יידיש). אין אונגערישן נישטאָ.

7) דער אומבאַשטימטער אַרטיקל איז e שטאָט a. אַנאַלאָגיש דערצו אונגעריש-יידיש, מעריש, ביימיש-יידיש. אַלס פּועל-יוצא דערפון אין בורגנלענדישן יידיש e sol e (אַזוי אַ...), emô$^{ul}$ (אַמאָל); אויך ehâm (אַהיים), הגם ס׳איז דאָ שוין ניט דער אומבאַשטימטער אַרטיקל.

8) „אַז" אין אונזער היינטיקער טייטשונג (als, gdy) אין בורגנלענדישן oz; אויך אין מעריש-דייטשן אין טעפּליצער געגנט געפונען oz, פגל׳ הויף (Hauff), Beiträge zur Böhmens Volkskunde I, 2, ז׳ 29.

דאָס איז בנוגע די קלאַנגען-אייגנטימלעכקייטן פון בורגנלענדישן יידיש. אויך גראַמאַטיקאַלישע אונטערשיידן זענען פאַראַנען גאָר גרויסע, ועל כולם סינטאַקטישע. כ׳וויל מיך אָבער דערווייל באַגרענעצן מיט די דאָזיקע אָנמערקונגען:

9) אומבאַשטימטער אַרטיקל, ווי מיר האָבן געזען — e.

10) באַשטימטער אַרטיקל: זכר dej$^{ie}$r, do$^{r}$ („r" קוים באַמערקלעך); נקבה dej, de; נייטרום des. פגל׳: de$^{l}$er halter mit de galge. דער באַשטימטער אַרטיקל נקבה ווערט נישט פאַרענדערט אין דער בייגונג.

11) דער פּערזענלעכער פּראָנאָמען ווערט אַרויסגעזאָגט פאַרשיידן: איך: i$^{e}$ch, ijoch, ê$^{i}$och, och; דו: dû, de; ער: e$^{i}$o$^{r}$, ei$^{er}$, o$^{r}$[2]; מיר: mî$^{or}$, ma, mo[3]; איר: ec; זיי: ze. דאַטיוו: mî$^{or}$, mo$^{r}$, dî$^{or}$, do$^{r}$[4]. אַקוזאַטיוו: mîoch, moch אאַז״וו. ejm; ej$^{l}$er=איר, איך=enk.

12) פּאָסעסיווער פּראָנאָמען: maj$^{n}$, daî$^{n}$ אאַז״וו.

13) צייטוואָרט. כאַראַקטעריסטישע פאָרמען אין עתיד פון הילף-ווערב „זיין": איך וועל=wôr, wôst, wôt; won, wot, won.

1 דער i אין küm$^{i}$ איז אַ צווישנקלאַנג פון y און e.

2 och, de, or ענקליטיש (האָב איך, האָסטו, האָט ער).

3 ענקליטיש: (האָבן מיר).

4 ענקליטיש.

# גלייבונגען און מנהגים אין פאַרבינדונג מיטן טויט

פון ח. חיות (קאָלאָמיי=ווילנע)

דריי זיינען די וויכטיקסטע מאָמענטן אינעם לעבן פונעם פאָלקסמענטשן: געבוירן, חתונה און טויט. אויב אין די ערשטע צוויי זוכט די „געזעלשאַפט" איבערצוגעבן דעם יחיד אין מזלס הענט און פאַרהיטן אים און זיך פון אַן אומגליק, איז דער לעצטער מאָמענט אַ מאָמענט פון שרעק פאַר די אַלע. וואָס זיינען מיטן מת געווען פאַרבונדן צי אין אַ נאָענטער באַרירונג. אַלע מיטלען, וואָס ווערן אין דעם מאָמענט אָנגעווענדט, האָבן דעם איינציקן ציל, אָפּצוטיילן זיך פונעם געשטאָרבענעם און אַזויערנאָך אַרויסצורייסן זיך פונעם שליטה=קרייז פונעם טויט. וואָרים לויט דער פאָרשטעלונג פונעם פרימיטיוון מענטשן מוז מיטן טויט אַוועקגיין אַלץ, וואָס האָט געלעבט מיט אים צוזאַמען: זיין פרוי, זיינע דינער, דאָס גאַנצע פאַרמעגן, זיינע גוטע פריינד, דאָס אַלץ מוז מיטגיין מיט אים, אַניט קען ער ברוגז ווערן, און דאָס קען זיך זייער שלעכט אָפּרופן אויף די לעבעדיקע [1]. זוכט מען זיך דערפאַר פון אים צו באַפרייען און אָפּצושיידן.

פאַרשטייט זיך, אַז דער הייַנטיקער פאָלקסמענטש פאַרענטפערט אַנדערש די פּראָבלעם פון טויט, אָבער די מיטלען, מיט וועלכע ער רעאַגירט און באַשיצט זיך, וואַקסן אַרויס נאָך פון יענער ווייטער פרימיטיווער צייט.

*

אין 1921 איז אַרויס אַן אַרבעט פון ד"ר אַדאַם פישער, פּראָפעסאָר פון עטנאָלאָגיע אין לעמבערגער אוניווערסיטעט, אד"ט „די פוילישע לוויה=מנהגים" [2].

אין דער דאָזיקער ערשטער גרונטיקער אַרבעט אין פויליש אויף דעם געביט נעמט צונויף דער מחבר אַלע מנהגים, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן טויט און לוויה און וואָס זיינען ביז היינט פאַרשריבן און פאַרצייכנט געוואָרן אין די פאַרשיידנסטע געגנטן פון דער פוילישער עטנאָגראַפישער טעריטאָריע. ער ציט אויך אַריין צום פאַרגלייך סיי נאָענטע פעלקערגרופּן, ווי: אוקראַאינער, ווייסרוסן, יידן, סיי ווייטערע, דורך וועלכע ס'גייט די געאָגראַפישע ליניע פון אַ מנהג צי פון אַ גלייבונג.

פישער שטיצט זיך דאָס רוב אויף די געדרוקטע און פאַרשריבענע מאַטעריאַלן. דאָ דאַרפן מיר זוכן די סיבה, פאַרוואָס די יידישע מנהגים פאַרנעמען אין דער דאָזיקער אַרבעט אַזאַ נישטיקן אָרט. ווער האָט דען ביי יידן געאַרבעט אַמאָל אויף דעם פעלד?

אַחוץ דער אָנגעוואָרפענער רשימה פון יידישע גלייבונגען פון אונזער פּיאָנערין, דער פאַרשטאָרבענער רעגינע ליליענטאַל [3], פאַררופט זיך דער מחבר אויף צוויי דייטשע אַרבעטן [4], וואָס האָבן אָבער גיכער אַ שייכות צו דעם אַמאָליקן יידישן טויטן=קולט, ווי צו די הייַנטיקע יידישע לוויה=מנהגים. און דאָס איז גאָר.

מיין אַרבעט פילט נאָך לגמרי ניט אויס דעם דאָזיקן בלויז. ס'איז ערשט דער אָנהייב. די געגנטן, פון וואַנען ס'קומען די מאַטעריאַלן, זיינען צופעליקע. ס'קען אויך זיין, אַז ניט אַלץ איז דאָ ריכטיק איבערגעגעבן געוואָרן, ווייל איך האָב נישט געהאַט די מעגלעכקייט פערזענלעך צו קאָנטראָלירן די ידיעות אויפן אָרט. ס'ווערן דאָ אויך ניט דערמאָנט אַ סך מנהגים, וואָס זיינען נאָך ביז היינט אויפגעהיט געוואָרן אָדער זיינען אַמאָל באַקאַנט געווען אין פאַרשיידענע געגנטן.

דעריבער דאַרף די אַרבעט דינען דערווייל אַלס אַן אַנקעטע, אַן אָריענטיר=פּלאַן פאַר די אַלע, וואָס קענען די הייַנטיקע אָדער די אַמאָליקע פאָלקסמנהגים און וואָס אינטערעסירן זיך מיט דעם דאָזיקן געביט. יעדער איינער, וואָס וועט לייענען די אַרבעט, ווערט געבעטן צוצושיקן זיינע באַמערקונגען און צוגאָבן צו דער עטנאָגראַפישער קאָמיסיע פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

[1] פאַראַיאָרן איז געשטאָרבן דער יאַפּאַנישער קייסער, דער מיקאַדאָ. האָט זיך, לויטן דאָרטיקן מנהג, דער העכסטער מיניסטער גענומען דאָס לעבן דורך כאַראַקירי.

[2] Dr. Adam Fiszer: Zwyczaje pogrzebowe ludu polskiego. Lwów 1921. 437 + XI.

[3] Regina Lilientalowa:

1) Przesądy żydowskie. Wisła T. 12, 14, 18.

2) Życie pozagrobowe w wyobrażeniu ludu żydowskiego. Lud T. 8.

[4] 1) Frey J. Tod, Seelenglaube und Seelenkult im alten Israel. Leipzig 1898.

2) Rabbinowitsch. Der Todtenkultus der Juden. Frankfurt 1889.

*

די סכעמע פאַר איינטיילן די מנהגים האָב איך טיילווייז גענומען ביי פישערן.

דעם גרעסטן טייל ידיעות האָבן מיר צוגעשטעלט די חברים און חברטעס פון יידישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע, אַלס ענטפער אויף אַ ר יי אַנקעטעס, וואָס איך האָב דאָרט דורכגעפירט אין יוני 1925.

אויף יענע אַנקעטעס האָבן געענטפערט:

פון 1) אָ ר ל ע—ליכטציער, 2) אָ ש מ ע נ ע—ראַבינאָוויטש, 3) ב י אַ ל י ס ט אָ ק — וויערניק, 4) ב י ל ס ק—רובינייאַק, 5) ב ע ר ע ז נ ע (וואָלין)—ליבערמאַן, שטיינבערג, 6) ב ר אַ ס ל אַ וו—פישער, 7) ב ר י ס ק — פישטשאַצער, פאַווין, פיליפּאָווסקי, 8) ד ו ק ש ט — גילינסקי, 9) דעווענישאָק—אָלקעניצקי, 10) וו אָ ל פ—פעט, שאַפּיראָ, 11) וו י ל י י ק ע—סאַוויטש, 12) וו י ל נ ע — פּאָפּאָווער, 13) וו י ס אָ ק ע (וויסאָקאָ־ליטעווסק)—דאָמאָווסקי, 14) ל אַ ש קאָוויטש—צוקערמאַן, 15) נ יי ־ ס וו ע נ צ י אַ ן — זאַק, 16) ס ט אַ וו י ס ק— זילבערשטיין, 17) פ י אָ ס ק—אַלפּאַבעט, 18) פ ע ט ר י ק אָ וו — אויניק, 19) ק אָ ב ר י ן—גאָלדמאַן, 20) ק אַ ר ט ו ז ־ ב ע ר ע ז ע—קאָוואַל, גראַיעווסקי, 21) ק ר י נ ע ק— קירפּיטש, 22) ר אָ ז ש אַ נ אָ י (גראָדנער געגנט)— מערעמינסקי, 23) ר י ש ק אַ ן (בעסאַראַביע)—זיבנבערג.

אַחוץ דעם האָב איך באַקומען אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן: פון וו אָ ל פ (קרעפּ), פון ל ו נ ע (סאַנדלער), פון מ אָ ט ע ל ע און פון ס ל אָ נ י ם.

איך זאָג דאָ אַלע אינפאָרמאַטאָרן מיין וואַרעמסטן דאַנק.

פון די פאַרשריבענע צי געדרוקטע האָב איך אויסגענוצט:

1) צום פאַרגלייך: פ י ש ע ר, דאָס פריער דערמאָנטע ווערק. אין טעקסט באַצייכנט מיט פ.

2) ר. ליליענטאַל: „יידישע גלייבונגען“ אין „וויסלאַ“ און אין „לוד“. אין טעקסט באַצייכנט מיט ל. דער ערשטער ציפער ווייזט אָן דעם באַנד, דער צווייטער דעם נומער, מיט וועלכן די גלייבונג איז דאָרט באַצייכנט. די באַמערקונגען אין האַלבע לבנות זיינען אירע.

3) ב ו ק ס ט אָ ר ף, Synagoga Judaica. יאָהאַן בוקסטאָרף, באַרימטער קריסטלעכער אָריענטאַליסט (1564–1629), האָט זיך פאַרנומען אויך מיט דער פאָרשונג פון דער יידישער שפּראַך און פון יידישע מנהגים. איך האָב פון דער Synagoga גענוצט די אויסגאַבע פון 1643. דער טיטול איז אַזאַ:

Synagoga Judaica, das ist „Juden Schul“ Darinnen der gantz Jüdische Glaub und Glaubensübung mit allen Ceremonien Sitten vnd Gebräuchen wie sie bey ihnen offentlich vnd heimlich im Brauche... Getruckt zu Basel 1643.

4) מאַטעריאַלן פון דער עטנאָגראַפ' קאָמיסיע פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט: פון י. בריוו, לאַסקאַזשעוו.

I

## 1. ווערטער וואָס דריקן אויס דעם אומגליק

ווערן ביי אַלע פעלקער ניט גערן באַנוצט. דער פאָלקסמענטש האָט מורא דאָס אומגליק אַפילו אָנצורופן מיט זיין אייגענעם נאָמען, ער זוכט אויס אַנדערע ווערטער, פון וועלכע מען קען זיך משער זיין, אַז דאָס וויל ער זאָגן, ער שרייבט זיי אַרום; אַ סך מאָל שעפּט ער פון פרעמדע שפּראַכן [1].

א) ביי יידן ווערט אָנשטאָט שטאַרבן געברויכט:

ניסבאַקעש (נתבקש) ווערן, ניסטאַלעק (נסתלק) ווערן, אָפּגעשיידט ווערן, אַוועקקומען, אויסגיין, גיין פון דער וועלט, ניפטער (נפטר) ווערן [2].

ב) אויף אַ געשטאָרבענעם וואָס מען וויל באַצייכענען גרינגשעציק זאָגט מען: געפּייגערט, פאַרוואָרפן מיט די פיס, קראַפּירט, פאַרוואָרפן געוואָרן.

ג) אָנשטאָט באַגראָבן: ברענגען צו קבורה, באַהאַלטן.

ד) אָנשטאָט „אַ טויטער“: מת, בר־מינן.

ה) אָנשטאָט „בית־עולם“: בית־החיים, בית־הקברות, הייליקער אָרט, פעלד. מען זאָגט: איך בין געווען „צווישן טאָג געדאַכט אויפן פעלד“ (קאַלאָמיי).

ו) דעם טויט איז בכלל נישט גוט צו דערמאָנען.

„אַז מען דערמאָנט זיך אָנעם טויט איז מען נישט זיכער מיטן לעבן“ (בריסק).

אַז מען רעדט פון אַ טויטן זאָגט מען: „ער זאָל זיין אַן אָפּכאַווער [אָפּ־חבר] פון אונז“ (אָרלע). דאָסזעלבע אַז מען רעדט עפּעס שלעכטס וועגן אַ טויטן. מען גיט אויך אַ קלאַפּ אין דער וואַנט און מען זאָגט עפּעס. (ביאַליסטאָק) וואָס?

אויך: ער זאָל זיין אָפּגעשיידט פון אונז, ביט אים מיין איך, די וואַנט מיין איך (בריסק, אָרלע).

ז) צוליב דער פאָרשטעלונג, אַז אויפן מיסט רוען די נשמות, טאַר מען ניט זאָגן: „ביי אייך איז זייער אַ סך מיסט אין שטוב“, ווייל ס'וועלן ווייניקער מענטשן ווערן אין שטוב (קאַרטוז־בערעזע).

1 אַז דאָס קינד האָט קאַנוואַולסיעס זאָגט מען געוויינלעך: ס'האָט „די ריינע שכינה זאָל רוען“, ס'האָט „די נישט גוטע זאַך“.

2 אויך: פאַרגיין: „נאָך מיין פאַרגיין“ (קורלאַנד). אַן אַלטער אויפווייז פון דער ליטעראַטור: מלכים־בוך (לויט דער אויסגאַבע קראָקע 1583, בויגן 9 b): „דא הידר הורט אין מצרים וויא דָוִיד ווער ור גאנגן“. דער תנ״ך האָט דאָ (מלכים א, יא, כא): „כי שכב דוד עם אבותיו.“ — אינטערעסאַנט איז, אַז קורלענדער (צי נאָר קורלענדער?) יידיש האָט אויפגעהיט דעם אַלטערטימלעכן אויסדרוק, אין דער צייט וואָס דוו״ב גיט (XII, 1, 399, 4) sterben=vergehen מיטן באַמערק: nhd. nur in der ältern Sprache, heute unüblich'. [מ. וו.].

אַז עמעצער האָט אַ שווערן טויט, זאָגט מען: זאָל זיך שוין די ערד איבער אים פאַרשליסן (בריסק).

ח) קללות: כּדי די קללה זאָל שטאַרקער ווירקן, באַנוצט מען אָפּט דעם אומדירעקטן אופן; צב״ש: „זאָלסט ליגן מיט די פיס צו דער טיר״ (ביאַליסטאָק); „גיי אין דר׳ערד, זאָלסט פאַרכאַפּט ווערן״, „אַ ניכפּע [ניכפּה] זאָל אים נעמען״, „כ׳וועל דיר אַרויסזעצן די נשמה״ (ווילייקע).

אויך: „די ערד די ביינער זאָל דיר אַרויסוואַרפן״ (קאַרטוז־בערעזע), „די ערד זאָל דיר [!] ניט נעמען״ (ניי־סווענציאַן), „זאָלסט איינעמען אַ מיתה משונה״.

דירעקט: „קריג דעם טויט״.

ט) ווערטלעך: ביים דראָען: „ברויט אָדער טויט!״ „טויט אָדער רויט!״ „ביטער ווי דער טויט״.

2. פאַרוואָס שטאַרבט דער מענטש?

א) די שעה ווען אַ מענטש דאַרף שטאַרבן איז פון פריער באַשטימט.

ווער עס איז געבוירן אום שבת, דער שטאַרבט אום שבת (פון גמרא; ביי מיר פאַרצייכנט פון ק׳ בערעזע).

די שעה פונעם טויט איז באַשטימט נאָך דאַן ווען די נשמה גייט אַריין אין גוף (ל 18, 172).

דעם מענטשנס לעבן ענדיקט זיך, ווען די צאָל ווערטער וואָס זיינען אים באַשטימט געוואָרן לאָזן זיך אויס (רישקאַן). אַז אַ מענטש רעדט אַ סך שטאַרבט ער גיך (דאָרט).

דעם מענטשן איז פאַרשריבן צו לעבן 70 יאָר. ווער ס׳לעבט קירצער, דער מוז געבוירן ווערן צום צווייטן מאָל און אַריינגיין אין אַן אַנדערנס גוף, כּדי אויסצולעבן די נישט־דערלעבטע יאָרן (ניי־סווענציאַן). ווער ס׳לעבט לענגער, ביי דעם זיינען די רעשט יאָרן געשענקטע (ל 18, 162).

אַז עמעצער לעבט מער ווי 75 יאָר, זאָגט מען, אַז מען וועט אים שמייסן אויף יענער וועלט, פאַרוואָס ער זאַמט זיך אַזוי לאַנג (קאָברין).

מיטן יעדן מאָל, וואָס מען פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס ביי אַ ליכט, קומט אָפּ אַ מינוט פון לעבן (ראָזשאַנאָי).

ב) 99 $^0/_0$ שטאַרבן פון עין־הרע.

אַ פּלוצימדיקער טויט קען קומען פון אַ גוט אויג און אויך פון כּישוף. בעט טאַקע אַ יידענע ביי גאָט: זאָלסט מיך שיצן פון נויט און פאַר אַן אומצייטיקן טויט (אָרלע).

אויך אַ שווערער טויט איז אַ כּישוף־זאַך. צומייסט אָבער קומט ער פון אַ זינדיקן לעבן (זע: שווערער טויט).

3. די פאָרשטעלונג וועגן טויט.

א) די אייראָפּעאישע פאָרשטעלונג פונעם מלאך־המוות (אַ סקעלעט מיט אַ קאָסע אין האַנט) איז נישט שטאַרק פאַרשפּרייט.

געוויינלעך ווערט דער טויט פאָרגעשטעלט אַלס אַ:

a) הויכער מענטש מיט פיר פּאַר אויגן. (סטאַווויסק).

אַ שוואַרצער מלאך מיט טויזנט אויגן (ק׳ בערעזע).

אַ שוואַרצער מלאך מיט אַ שפּילקע אין האַנט. ביים שטאַרבן שטעכט דער מלאך די שפּילקע אין לייב. (קאָברין).

אַ שוואַרצער מלאך קוילעט אינעווייניק דעם גאָרגל. קיין בלוט זעט מען ניט. דאָס בלוט גיסט זיך אינעווייניק. (אָשמענע).

דער מלאך־המוות האָט אַ סך אויגן (קאָברין, בריסק).

מען פרעגט אַ רעטעניש: פאַרוואָס עסן ניט אַלטע לייט קיין פעטע יויך? ענטפערט מען: ווייל דער מלאך־המוות האָט אַ סך אויגן, האָבן זיי מורא (בריסק).

b) דער מלאך־המוות באַווייזט זיך אַמאָל אין געשטאַלט פון אַ פליג; דערפאַר טאָר מען ניט פאַרטרייבן די פליגן פון אַ גוסס. אַז ס׳שטאַרבט אַ מענטש, אַנטלויפן די פליגן, וואָס זענען אַרום אים געפלויגן. אַלס אַ פליג ווערט אויך פאָרגעשטעלט די נשמה פונעם געשטאָרבענעם. אַז עמעץ שטאַרבט, שטעלט מען אַ גלאָז וואַסער. אויב ס׳פליט אַריין אַ פליג, גלייבט מען, אַז ס׳איז דעם טויטנס נשמה. (וואַרשע).

c) זייער פאַרשפּרייט איז די פאָרשטעלונג פונעם מלאך־המוות אין געשטאַלט פון אַ קאַץ (קאָברין, ווילנע, בעסאַראַביע, בילסק, פּעטריקאָוו, סווענציאַן). קינדער שטעלט מען פאָר דעם טויט אין געשטאַלט פון אַ קאַץ. אַז ס׳גייט אַריין אַ הונט, זאָגט מען, אַז ס׳איז דער מחבל.

ב) אַז דער מענטש דערזעט דעם מלאך־המוות, עפנט ער דערשראָקן דאָס מויל. דער מלאך־המוות לאָזט תּיכּף אַריין אַ טראָפּן גאַל וואָס הענגט אויפן שפּיץ מעסער. פון דעם ווערט דער מת תּיכּף געל. אָדער מען זאָגט, אַז פיר וואָכן פאַרן טויט ווערט דער מענטש פאַרגעלט, ווייל דער מלאך־המוות גייט נאָך אים. פריער פלעגט דער מלאך־המוות „אַדורכשניידן״ דעם מענטשן דאָס לעבן אונטער דער הויט (ל 286,18).

אַז אַ קראַנקער דאַרף שטאַרבן, שטייט דער מלאך־המוות אים צוקאָפּנס, אין פאַרקערטן פאַל שטייט ער צופוסנס (ל 280,18).

דער מלאך־המוות דערנענטערט זיך דריי מאָל צו זיין קרבן, און ערשט צום דריטן מאָל פירט ער אויס זיין אַרבעט (ל 283,18).

פריער האָט דער מלאך־המוות (מורא האָבנדיק, מענטשן זאָלן אים ניט באַרעדן) ניט געוואָלט אָננעמען די שליחות, וואָס מען האָט אים איבערגעגעבן. ער איז איינגעגאַנגען אויף דעם ערשט דעמאָלט, אַז גאָט האָט אַראָפּגעשיקט אויף מענטשן פאַרשיידענע חולאתן און אַזויערנאָך זיי געוויזן די סיבּות פונעם טויט (ל 287,18). די ליבע פון אַ פרוי קען פאַרטרייבן דעם מלאך־המוות (ל 287,18).

משיח וועט דערהרגענען דעם מלאך־המוות (ל 290,18).

4. די פֿאָרשטעלונג פון דער נשמה.

א) מען זאָגט, אַז די נשמה איז דער שוואַרצאַפּל פון אויג (בערעזינע).

די מענטשעלעך וואָס זענען אינעווייניק אין די אויגן, דאָס איז די נשמה (ל 141,18).

אַז מען פאַרמאַכט שטאַרק די אויגן, זעט מען רינגען; זאָגט מען, אַז דאָס איז די נשמה. (אָרלע) (אַז מען גיט אַ קלאַפּ אין אויג און מען זעט רויטע רינגען, זאָגט מען, אַז דאָס איז דער עלטער-זיידע און די עלטער-באָבע (פעטריקאָוו).

די נשמה איז ווי אַ רויך (ל 141,18). די נשמה איז אויך אַ פייער (קאָברין). די נשמה פון אַ בעל-תשובהניק איז גרויס ווי אַ הינערש איי (ל 155,18), זי גייט אַריין אַמאָל אין אַ פיש (ל 156,18). די נשמה פון אַ טרייפניאַק קומט אָפּ אין אַ בוים, אָדער אין זיינע בלעטער; אַז דער ווינט באַוועגט די בלעטער, טראָגט איבער די נשמה גרויסע עינויים און גיט אַרויס אַ צעצויגענעם פייף (ל 154,18).

אַז דער מענטש ווערט אַנטשלאָפן, פליט די נשמה אין הימל אַריין, וואו זי פאַרשרייבט מיטן קליינעם פינגער פון דער רעכטער האַנט אירע חטאים אינעם „ספר פון די חטאים". אַז זי קומט צוריק, כאַפּט זיך אויף דער מענטש (ל 158,18). יעדע נאַכט פליט דאָס קליינע פינגערל אין הימל און פאַרשרייבט אינעם בוך די חטאים פונעם מענטשן (ווילייקע).

דער נשמה איז שווער צוריק צו קומען, דערפאַר זאָגן די קינדער יעדן טאָג: מודה אני לפניך מלך חי וקים שחזרת בי נשמתי (ל 159,18).

די נשמה גייט אַרויס פונעם מענטשן דורך דער נאָז, און זי גייט אַרויס מיט אַזאַ מאַטערניש, ווי אַ גראָבער שטריק דורכן אויער פון אַ נאָדל (ל 143,18). די נשמה, וואָס איז אַ ריינע, וויל ניט אַריינגיין אינעם נידעריקן גוף און בעט זיך ביי גאָט, ער זאָל זי ניט אַראָפּטרייבן אויף דער ערד (ל 161,18).

ב) די נשמה פון אַ בעל-עבירהניק גייט אַריין נאָכן טויט אַמאָל אין אַ מענטשן אָדער אין אַ חיה; אַמאָל אויך אין אַ פעלדשטיין, אויב דער מת איז געווען אַ מסרניק (ל 150,18).

זי גייט אויך אַריין אין שטומיקע חיות ווי קעץ, הינט, בהמות (ראָזשאַנאָי). (ל 151,18).

פאַר שווערע זינד, צב"ש פאַר שמדן זיך, קומט אָפּ די נשמה אין אַ חזיר (ל 152,18). די נשמה פון אַ בעל-גאווהניק גייט אַריין אין אַ הונט. (ל 153,18).

ג) אַז ס'ווערט געבוירן אַ נייע נשמה, מוז שטאַרבן אַן אַלטע. אַ קאָנקרעטער פאַל: אַז דער פאָטער איז געשטאָרבן, איז אין דעמזעלביקן טאָג די שוועסטער געגאַנגען צו קינד (אָרלע). אַז די שוויגער איז קראַנק און די שנור דאַרף געבוירן אַ קינד, מוז די ערשטע שטאַרבן (סטאַוויסק).

ד) ווערטלעך: „אַז מען לייגט זיך שלאָפן הונגעריק, גייט אַרום די נשמה אין די טעפּלעך" (בריסק).

„גאָט זאָל דיר געבן אַ נייע נשמה און מיט דער אַלטער זאָלסטו פאַרשטעקן דעם קוימען" (רישקאַן), אָדער: „...און די אַלטע זאָלסטו פאַרטיילן פאַר די הינט" (ווילייקע).

## II

## 5. דער אָנזאָג פון טויט.

געוויינלעך גלייבט מען, אַז דער טויט ווערט אָנגעזאָגט אַפריער דורך פאַרשיידענע סימנים. צומייסט זיינען דאָס ערשיינונגען וואָס שרעקן איבער דעם מענטשן, צי מיט זייער אויסטערלישן באַנעמען, פאַרב, קול, וואָס קענען דערמאָנען אָנעם טויט אָדער אָן זיינע ערשיינונגען.

א) הונט. אַז אַ הונט וואָיעט, איז עס אַ שלעכטער סימן. מען שפייט אויס דריי מאָל און מען זאָגט: „טפו, טפו, אויף דיין קאָפּ זאָל דאָס אויסגיין" (ווילייקע, וואָלפּ). „...צו אונזערע שונאים" (ווילנע), „...צו זיין באַלעבאָסס קאָפּ", אויב ער איז ניט קיין יידנס (ראָזשאַנאָי).

אַז אַ הונט וואָיעט ביינאַכט, קערט מען איבער די שטיוול, ס'זאָל זיך אויסלאָזן צו זיין קאָפּ (בערעזינע, סווענציאַן).

אַז די הינט וואָיען, איז אַ סימן, אַז דער מלאך-המות איז אין שטאָט, און מען קערט איבער די שיך, אָדער אַ גלאָז (ק' בערעזנע).

מען קערט איבער פאַנטאָפּל וואָס שטייען לעבן בעט. פאַרקערט, אַז הינט זיינען שטאַרק צעהוליעט, איז אַ סימן, אַז אליהו הנביא געפינט זיך אין דעם אָרט. (ל 12, 33. ליטע, וואָלין).

אַ הונט זאָגט אָן, אַז דער טויט קומט. אַז אַ הונט בילט, פאַלט אָן אַ פחד: מען נעמט דאַמאָלסט אַ שוך און קלאַפּט אָן מיט דער פּאָדעשווע אָן דער וואַנט, ביי וועלכער דער הונט שטייט, און מען זאָגט: „צו דיין קאָפּ..." [און נאָך עפּעס... וואָס?] (בריסק).

דער הונט דערפילט דער ערשטער דאָס אומגליק (פעטריקאָוו).

אַז דער הונט וואָיעט, הייסט דאָס, אַז ער זעט דעם מלאך-המות דורכגיין (קרינעק, אָרלע).

ווען הינט און קעץ וואָיען און אין שטוב ליגט אַ קראַנקער, וועט ער שטאַרבן (ווילנע).

אַז אַ הונט וואָיעט, זאָגט מען, אַז עמעץ איז געשטאָרבן (בילסק).

אַז ס'גייט אַריין אַ שוואַרצער הונט אין שטוב, זאָגט מען, אַז אַ מחבל איז אַריין. אַ מחבל פאַרשטעלט זיך פאַר אַ הונט, אַ קאַץ, אַ שעפּס; ס'גייען אַרום פאַרשיידענע מעשיות אויף דער טעמע.

ב) סאָווע. אַ סאָווע זאָגט אָן שלעכטס, אויב זי שטעלט זיך אויפן דאַך פון אַ שטוב (וואָלפּ). אַז אַ סאָווע

וויינט, איז אַ שלעכטער סימן (אָרלע). דאָס זעלבע, אַז זי פליט אַדורך (ווילנע). אַז אַ סאָווע קוויטשעט, איז אַ סימן, אַז עמעצער וועט שטאַרבן אָדער אַז ס׳וועט געשען אַן אומגליק (רישקאַן).

ג) קראָ: קראָען ברענגען שלעכטע בשורות; אַ ראיה, אַז זיי פליען אַרום און בויען זייערע נעסטן אויפן בית־עולם. (וואָלפּ).

אַז אַ קראָ שטעלט זיך אויפן דאַך, איז אַ שלעכטער סימן (ק. בערעזע).

קראָען זיינען בכלל שונאים פון יידן, ווייל ווען דער בית־המקדש האָט געברענט, האָבן די קראָען געבראַכט נאָך פייער (אָרלע); דאָס זעלבע דערציילט מען וועגן שוואַלבן. שוואַלבן ברענגען אַן אומגליק (קאָברין). מען טאָר זיי דער־פאַר נישט עסן, ווייל זיי האָבן געטראָגן העלצלעך צום בית־המקדש (אָשמענע) [1]. דערפאַר מעג מען זיי אויך הרגענען, פונקט ווי מען מעג אויך דערפאַר הרגענען אַ שפין (נ׳ סווענ־ציאַן). אַ שפין איז אַ מצוה צו הרגענען אפילו אום שבת. אַז מען הרגעט אַ שפין, האָט מען 7 מצוות (אַלג׳ פאַרש׳). אין ווילנע טאָר מען אַ שפין ניט הרגע־נען.

ד) קאַץ. אַז אַ שוואַרצע קאַץ פאַרלויפט דעם וועג, איז אַ סימן, אַז דער טויט וועט פאַרלויפן דעם וועג. (קאָב־רין). (בכלל איז אַ שלעכטער סימן, אַז מען טרעפט אויפן וועג אַ שוואַרצע קאַץ, אַ קיניגל, אַ גלח, אַ מאָנאַשקע, עמעצן מיט ליידיקע עמערס (דאָס איז אַלגעמיין פאַרשפרייט). בשעת אַ קאַץ אַנטלויפט פון שטוב, איז אַ סימן אויף אַן אומגליק. (נ׳ סווענציאַן). אַ קאַץ אַנטלויפט פון אַ שטוב וואו ס׳ליגט אַ טויטער (אָשמענע). אַ קאַץ, אַז זי מאַכט מיטן עק, שילט זי: דערפאַר טאָר מען זי נישט גלעטן. (נייע־ווילייקע).

אַז מען פירט קעץ אין אַ וואָגן געשפּאַנט אין פערד, ווערן די פערד שטאַרבן (רישקאַן).

ה) מויז. אַז אַ מייזל לויפט דורך אַ לאָך פון אַ טאָפּ, וועט עמעצער שטאַרבן אין שטוב (רישקאַן).

ו) פערד: אַז אַ פערד גראָבט מיטן פוס די ערד, זאָגט מען, אַז עס וועט שטאַרבן. עס גראָבט פאַר זיך אַליין אַ גרוב (אָרלע).

[אויך דאָרט וואו אַ פערד קאַטשעט זיך טאָר מען נישט אַריינטרעטן, ווייל מען וועט ווערן מיט לישייעס. (בערעזנע)].

1 והראיה, אונטער די העלזלעך איז ביז היינט רויט. פאַרקערט, די וואָראָבייטשיקעס האָבן געטראָגן וואַסער צום בית־המקדש, דערפאַר גיט מען זיי שבת שירה, ווען מען לייענט פּרשה בשלח, עסן פונעם טשאָלנט. (ק׳ בערעזע).



ז) בהמה. אַז בהמות מוקען, איז אַ סימן, אַז ס׳וועט זיין אַ שריפה (ק׳ בערעזע). צי זאָגן זיי אָבער אויך אָן דעם טויט? [2]

ח) פראָש: ביי פּאָליאַקן איז פאַרשפרייט דער גלויבן, אַז ווער ס׳הרגעט אַ פראָש ביי דעם וועט שטאַרבן די מו־טער, אָדער די עלטערן (פּ׳ 41).

ביי יידן טאָר מען ניט נעמען אַ פראָש אין האַנט, ווייל ער שילט. מען הערט דאָס אפילו אַליין (בריסק). מען טאָר אים נישט האַלטן אין האַנט, ווייל ער שילט טאַטע, מאַמע, און כדי זיין שעלטונג זאָל זיך נישט אָננעמען, זאָגט מען: „פעפער אין די אויגן, זאַלץ אין נאָז” (בראַסלאַוו).

ט) אַ קרייעדיקע הון: אַז אַ הון נעמט קרייען, איז אַ שלעכטער סימן, און כדי זי זאָל אויפהערן, דאַרף מען איר אָפּהאַקן דעם עק; אויב דאָס העלפט אויך ניט, קוילעט מען זי (סווענציאַן). אַז אַ הון הייבט אָן צו קרייען, טאָר מען זי אין שטוב ניט אַריינלאָזן, מען שעכט זי גלייך. אויב אַ קראַנקער איז דאָ אין שטוב, האָט מען דעמאָלט מורא, ער זאָל ניט שטאַרבן — אָבער דער קראַנקער מעג עסן דאָס פלייש פון דער געשאָכטענער הון (אָרלע). מען מעסט זי אָפּ פונעם קעפּל מיט אַ שפּאַן. אויב ס׳בלייבט אַ שטיקל עק, איז גוט, שניידט מען נאָר אָפּ דאָס שטיקל, און אויב ניט, קוילעט מען זי און מען ניצט זי (מאָטעלע). מען מעסט מיט איר אָפּ פון טיר ביז צום פיסל פונעם טיש. אויב עס פאַלט אויס מיטן עק צו דער שוועל, האַקט מען אָפּ דעם עק, אויב מיטן קאָפּ, שעכט מען זי. (ראָזשאַנאָי). מען מעסט מיט איר אויס די שטוב ביזן שוועל; אויב אויפן שוועל פאַלט אויס דער עק, האַקט מען אים אָפּ, אויב דאָס קעפּל—קוילעט מען זי. דאָס פלייש עסט מען ניט, ס׳איז אימת־מוות. (ק׳ בערעזע).

מען האַקט איר אָפּ דעם עק און מען גיסט זי אָפּ מיט וואַסער, און אויב עס העלפט ניט, קוילעט מען זי. (סלאָנים).

אויב אַ הון קרייט, דאַרף מען זי דערהרגענען, אַניט וועט געשען אַן אומגליק. אָבער מען קען צוליב זיכערקייט אויסמעסטן מיט איר דעם צימער. וועט זי דריי מאָל נאָכ־אַנאַנד פאַלן מיטן עק צו דער שוועל, לאָזט מען זי לעבן און מען שניידט איר נאָר אָפּ דעם עק. פאַלט זי אָבער מיטן קאָפּ, מוז מען זי דערהרגענען.

י) אומגעריכטע ערשיינונגען: צב״ש דאָס פלוצימדיקע פּלאַצן, קראַכן פון אַ געגנשטאַנד, קלאַפּן אין

2 פאַרשיידענע נישטגוטע פאַרשטעלן זיך אין שעפּסלעך, קעלב־לעך. מען געפינט זיי געוויינלעך ביינאַכט, אַז מען פאָרט דורך אַ וואַלד (בערעזנע, אָשמענע). צומייסט אַנטלויפן זיי אַז ס׳ווערט ליכטיק אין דרויסן, אָדער אַז זיי דערהערן אַ תפילה. ס׳גייען אַרום זייער אַ סך מעשיות וועגן דעם. פגל׳ מ. וויינרייכס אַרטיקל וועגן לאַנטוך אין לאַנדויבוך ז׳ 217 — 236.

טיר יאָגן אָן אַ שרעק אויפן מענטשן. זיי זיינען פאַר אים אָנזאָגן פון אַ קומענדיקן אומגליק. די אויסטייטשונגען זיינען אין פאַרשיידענע געגנטן פאַרשיידענע; טיילמאָל ווערט אַן ערשיינונג אויסגעטייטשט צום גוטן, אין דער צייט ווען אין אַן אַנדער געגנט איז עס אַ שלעכטער סימן.

אַז ס׳ווערט צעבראָכן אַ טעלער, איז עס אַ סימן אויף תּנאים (בריסק).

אַז ס׳ברעכן זיך גלעזער, איז אַ סימן אויף שמחות (קאָברין).

אַז ס׳פּלאַצט אַ גלאָז שבת־צונאַכטס, זאָגט מען: „אויף אַ פולע וואָך". אַז ס׳פּלאַצן אין מיטן וואָך אַ סך גלעזער, זאָגט מען: „ס׳איז אַ גוטער סימן".

אַז ס׳צעברעכט זיך עפּעס מוצאי־שבת, איז גוט (רישקאַן).
פּאַרקערט:

אַז שבת צו נאַכט ווערט עפּעס צעבראָכן, איז עס אַ שלעכטער סימן אויף דער פולער וואָך. (קרינעק).

אַז ס׳צעברעכט זיך עפּעס פּלוצלינג, איז עס אַ שלעכטער סימן. ס׳איז שלעכט, אַז ס׳פּלאַצט די דייזשע (אָרלע). אַז עס פאַלט עפּעס אַראָפּ און ס׳צעברעכט זיך ניט, זאָגט מען: „האָסט אַ גוטן מזל!" (אָרלע).

אַז ס׳פאַלט עפּעס אַראָפּ און צעברעכט זיך, זאָגט מען: „וואָס ס׳האָט געזאָלט אויסגיין צו אונז זאָל אויסגיין צו דעם" (אָשמענע). אָדער: „ס׳זאָל זיין אַ כפּרה" (בערעזנע).[1]

כ) שפּיגל: אַ שפּיגל קערט מען אום אויף ביינאַכט צו דער וואַנט (רישקאַן). אַז עס פאַלט אַראָפּ אַ שפּיגל אויף דער ערד און צעברעכט זיך ניט, איז אַ שלעכטער סימן (קאָברין).

ל) אויוון: אַן אויוון טאָר מען פאַר צען יאָר ניט צעוואַרפן, ווייל אַ מענטש וועט אין שטוב שטאַרבן (רישקאַן).

מ) קלאַפּן: אַ פּלוצימדיק קלאַפּן זאָגט אָן דעם טויט. דער טויט קומט צו פאָרן אין אַ וואָגן און גייט אַריין מיט אַ גרויסער קלאַפּעריי.

דער שומר פון ווילנער אַלטן בית־עולם דערציילט: ווען ער איז נאָך געווען אַ חדר־ייִנגל, איז ביים רבין געווען קראַנק אַ קינד. איין מאָל ביינאַכט האָט מען געהערט ווי עמעצער פאָרט אַריין אין טויער און מ׳קריכט אויפן בוידעם, פון בוידעם אויף דער סטעליע, און דערנאָך האָט מען דערהערט אַ שטאַרקן קלאַפּ, ווי עמעצער וואָלט אַראָפּגעפאַלן. גלייך האָט דאָס קינד אָנגעהויבן צו גוססן.

נ) רופן: אַז מען רופט ביינאַכט דעם נאָמען, טאָר מען ניט ענטפערן (רישקאַן). אַז עמעצער הערט זיך רופן ביים נאָמען און ס׳ווייזט זיך אַרויס, אַז קיינער רופט אים ניט, איז עס אַ סימן אַז ער וועט שטאַרבן (ק׳ בערעזע).

אין וואַלד לעבט אַן אַלטע סאָווע, קען זי אַלעמענס נעמען. רופט זי אַמאָל. און ווער ס׳דערהערט אַמאָל זיין נאָמען לאַנג אויסגעצויגן רופן, זאָל בעסער ניט ענטפערן, ווייל אַז ער וועט ענטפערן, וועט ער באַלד שטאַרבן (ניי־ווי־לייקע).

ס) ביימער: אַז אַ ווינט רייסט אַרויס אַ בוים לעבן אַ שטוב, איז אַ שלעכטער סימן. וויפיל ביימער ס׳פאַלן אין שטורעם (קאָברין: פון אַ דונער) אין וואַלד, אַזוי פיל מענטשן וועלן שטאַרבן (אָשמענע, קאָברין).

אַז מען וואוינט אין אַ שטוב וואָס איז אויסגעבויט אויף אַן אויסגעהאַקטן וואַלד, וועלן די שטוב׳יקע אויסשטאַרבן (ק׳ בערעזע). [בעת די בלעטער פאַלן אַראָפּ און בעת זיי בליען איז אַ גוטער סימן צו שטאַרבן (וויסאָקע־ליטאָווסק (?))].

ע) רינגל: אַז מען פאַרלירט אַ רינגל, איז אַ שלעכטער סימן; אַז מען געפינט אים — אַ גוטער (ק׳ בערעזע). צי איז דאָס פאַרבונדן מיטן טויט?

פ) שבת: ס׳איז אַ שלעכטער סימן, אַז עמעץ ווערט קראַנק שבת (ל 139,14 אַלג׳).

## III

6. מען זעט דעם שרעק פון זיך אַראָפּצוּוואַרפן.

א) פאַרמולן. אַז מען דערשרעקט זיך, דאַרף מען אָפּשפּייען דריי מאָל און זאָגן: „מיך האַרט [=אַרט] ניט". (ק׳ בערעזע). אָדער: דריי מאָל אויסשפּייען, דערנאָך אויפהייבן די אייבערשטע וויע (ווילנע).

מ׳זעט געוויינלעך אַרויפוואַרפן דעם שרעק אויף אַנדערע זאַכן. פון דאַנען קומען די ווערטלעך: „אויף וויסטע און אויף גויאישע פעלדער זאָל עס זיין" (אָרלע). „ס׳זאָל אויסגיין צו מיינע שונאימס קעפּ" (אַלג׳). „אויף אַלע וויסטע פעלדער און אויף אַלע רשעים" (וואַרשע). „אין טיפן ים זאָל עס פאַלן". „אויף אַלע זיבן ימען זאָל עס צעזייט און צעשפּרייט ווערן" (אָשמענע). „נאָר אויף וויסטע פעלדער און אויף פּוסטע וועלדער זאָל עס פאַלן". „אויף שונאי ציון, אויף הינט און אויף קעץ" (קאָלאָמיי).

ב) ליכט: ערב־יום־כיפּור צינדט מען אָן אַ וועקסענע ליכט פאַרן לעבן פון די נאָענטסטע אין דער משפּחה; דער קנויט איז געמאַכט פון אַזוי פיל פעדעם, פון וויפיל ס׳באַשטייט די משפּחה. אַז דאָס ליכט ווערט פאַרלאָשן ניט אויסברענענדיק זיך אינגאַנצן, וועט עמעץ פון דער משפּחה שטאַרבן דעם יאָר. ס׳איז בכלל אַ שלעכטער סימן (ווילנע). דעריבער דאַרף מען זי היטן, זי זאָל זיך ניט פאַרלעשן.

ס׳איז אויך אַ שלעכטער סימן, אַז ס׳לעשט זיך אויס אַ בענטש־ליכט פון שבת אָדער פון יום־טוב; בעטן דערפאַר די ווייבער ביים ליכטבענטשן: „ווי די ליכט לייכטן, אַזוי פיל זאָל מיר לייכטן דער שבת" (אָרלע).

1 אַ שלעכטער סימן איז, אַז ס׳פאַלט אַראָפּ ברויט מיט דער פּוטער אַראָפּ (אַלג׳ פאַרשפּר׳). דער זעלבער פּרינציפּ גילט אין קינדער־שפּיל מיט מטבעות: קאָפּ צי אָדלער.

מען טאָר ניט לאָזן צאַנקען אַ ליכט. שבת טאָר מען ניט קוקן ווי ס'צאַנקט אַ ליכט. אַז ס'גייט אויס אַ ליכט⸗גייט אויס אַ נשמה. דערפאַר טאָר מען שבת ניט פאַרלעשן די ליכט (בריסק).

מען זאָגט: „ער גייט אויס ווי אַ ליכט" (אַלג׳).

מען שרעקט זיך, אַז דאָס ליכט האַלט ביים אויסגיין און דאָס פייער טוקט זיך שטאַרק. ס'איז פונקט ווי ווען אַ מענטש זאָל גוססן (אָרלע).

אַלע האַנדלונגען וואָס קענען נאָר דערמאָנען די באַגלייט⸗מאָמענטן פון טויט ווערן מיט אַ גרויסער שטרענגקייט אויסגעמיטן. ס'ווירקט דאָ שטאַרק דער געזעץ פונעם פרי⸗מיטיוון דענקען, אַז די פאָרשטעלונג פון אַ זאַך קען אַרויס⸗רופן די זאַך גופא. דערפאַר טאָר מען ניט גיין אין זאָקן, ניט ליגן אויף דער ערד, דערפאַר טאָר מען אויך ניט שטעלן אַ ליכט צוקאָפּנס (בריסק). אַ ליכט, אַ לייכטער, אַ לאָמפּ טאָר מען ניט שטעלן אויף דער ערד (ווילנע).

ג) שוועבעלע. ס'איז פאַרשפּרייט דער מנהג צו לייענען די צוקונפט פון דער פלאַם פון אַ שוועבעלע. אַמאָל פלעגט רויך און פייער דינען אַלס באַראָמעטער פאַרן קומענ⸗דיקן טאָג, שפּעטער אויך פאַרן ווייטערדיקן לעבן פונעם מענטש. נאָך היינט פּרוּווט מען אַרויסלייענען דעם וועטער פונעם קומענדיקן טאָג מיט אַ ברענענדיקער שוועבעלע. ברענט זיך דאָס שוועבעלע אויס און בלייבט גאַנץ, וועט זיין אַ גוטער טאָג; צעבּרעכט עס זיך — אַ שלעכטער (ק׳ בערעזע). ס'איז אַ גוטער סימן פאַרן מענטשן, אַז דאָס שוועבעלע בלייבט גאַנץ, אַ שלעכטער אַז עס צעבּרעכט זיך (דאָרט).

אויב אַן איבערגעקערט שוועבעלע ברענט לאַנג, הייסט עס, אַז דער מענטש וועט לאַנג לעבן (ווילנע)[1].

ד) שאָטן. דער פּרימיטיווער מענטש קען ניט קיין אונטערשייד צווישן אַ זאַך און דעם בילד פון דער זאַך. אַזוי האָט ער בישט קיין באַזונדערן נאָמען פאַרן שאָטן פון אַ מענטש און אַ מענטש גופא[2]. פון דאַנען קומט די גרויסע מורא פאַרן אייגענעם שאָטן, וואָס שלעכטע מענטשן קענען אים אַ כּישוף אָנטון, און ממילא שוין אויך זיין בעלבאָס. און דאָ ליגט דער אויפקום פון פיל פאַר⸗היטונגס⸗מיטלען, וואָס זיינען געבליבן נאָך ביזן היינ⸗טיקן טאָג.

אַלגעמיין איז פאַרשפּרייט, אַז מען טאָר זיך ניט רייצן מיטן שאָטן ווייל ס'וועט ברענגען אַן אומגליק. (ל 28,12 ליטע, וואָלין). מען טאָר ניט אַרויסשטעלן קיין צונג דעם שאָטן אויף דער וואַנט (אָרלע). מען טאָר זיך מיט אים ניט שפּילן (רישקאַן), ווייל ער וועט קומען ביינאַכט און

[1] אָפט שפּילן זיך אַזוי די קינדער. מיר האָבן דאָ איינס פון די פיל ביישפּילן, וואָס ווייזן אונז, ווי אַלטע מנהגים גייען איבער אין קינדערשפּילן, איידער זיי ווערן פאַרשוואונדן אינגאַנצן.

[2] צי איז ניט אַן אָפּקלאַנג פון אָט יענער פּרימיטיווער צייט די גלייבונג, אַז דער גוף פונעם מת וואַרפט ניט קיין שאָטן, ווייל צוזאַמען מיטן גוף גייט אויך אוועק דער שאָטן פונעם מענטשן? (ל 202,18).



און געבן אַ פּאַטש (בריסק, ק׳ בערעזע, אָרלע). ער קען אויך דערפאַר קומען ביינאַכט שטיקן (ק׳ בערעזע). מען טאָר אויך לאַנג נישט קוקן אויפן שאָטן (ראָזשאַנאָי). מען טאָר אויפן שאָטן ניט אַ קוק טון, אַניט שטאַרבט מען גלייך (בילסק). הושענא רבה, אַז מען קומט צוריק פון דער שול און מען זעט זיין שאָטן אָן דעם קאָפּ, איז עס אַ סימן אַז מען וועט שטאַרבן (ל 52,12 וואָלין). אַז מען זעט ניט יום⸗כּיפּור ביינאַכט דעם שאָטן, איז עס אַ סימן, אַז מען, וועט שטאַרבן דאָס יאָר (אָרלע).

ה) פלעקן: אַז ס'מאַכט זיך אַ בלויער אָדער אַ רויטער פלעק און מ'ווייסט ניט פון וואַנען ער קומט, זאָגט מען, אַז ס'איז אַ „טויט⸗קניפּ". (אָרלע).

דער טויט קומט ביינאַכט און טוט אַ קניפּ (אָרלע), אַ ביס (ווילנע). אַז מען טרעפט פלעקן אויף דער האַנט, זאָגט מען, אַז מתים האָבן געטשעפּעט ביינאַכט (בערעזנע). אַז מען כאַפּט זיך אויף מיט בלוט⸗פלעקן אויפן קערפּער, איז אַ סימן, אַז מען האָט זיך געראַנגלט מיטן טויט (ק׳ בערעזע). פאַרקערט, ווייסע פלעקן זיינען סימנים פון מזל (רישקאַן)[3].

ו) חלומות. חלומות האָבן אַ גרויסע באַדייטונג און פאַרנעמען אַ וויכטיקן אָרט אין לעבן פונעם פּרימיטיוון ווי אויך פונעם היינטיקן פאָלקסמענטש. די אַלע בילדער וואָס ער זעט אין חלום זיינען פאַר אים ניט סתם בילדער, נאָר צייכנס פון דעם, וואָס ס'וואַרט אים. דעריבער זוכט ער זיי געטרוי אויסצוטייטשן און גלויבט שטאַרק אין זייער מקוים⸗ווערן. אָפּטמאָל זאָגן שוין אָן די חלומות דעם נאָ⸗ענטן טויט אָדער אַ גרויסן אומגליק. אַז אַ טויטער נעמט עפּעס אין חלום פון שטוב, איז עס אַ סימן אויף טויט (סווענציאַן) אָדער אויף אַ גרויסן אומגליק (קאָברין). מען דאַרף זיך מיט אים ראַנגלען און ניט לאָזן נעמען (וואָלפּ, בראַסלאַוו), מען דאַרף אים אָפּזאָגן דאַמאָלסט אַלע בקשות. (ל 261,18).

פאַרקערט: ס'איז אַ גוטער סימן, אַז דער טויטער גיט עפּעס און דער לעבעדיקער נעמט (קאָברין, וואָלפּ). ס'איז אַ סימן, אַז ער וועט לעבן (בראַסלאַוו, ק׳ בערעזע). מען טאָר אָבער גאָרניט צונעמען פון דעם וואָס דער טויטער גיט (ווילנע).

ס'איז אַ שלעכטער סימן, ווען דער לעבעדיקער נעמט, ס'וועלן אים פאַרקירצט ווערן די יאָרן (אָרלע, וואַרשע, רישקאַן). פאַרן טויט קומט אין חלום דער געשטאָרבענער קרוב און נעמט עפּעס צו אָדער רופט דעם שלאָפעדיקן. אין אַ קורצער צייט אַרום שטאַרבט ער (ראָזשאַנאָי). ווען ס'חלומט זיך, אַז ס'פאַלן אַרויס ציינער, איז עס אַ שלעכטער סימן, אַמאָל קען מען פון דעם שטאַרבן (אָרלע). ס'איז אַ שלעכטער סימן, אַז מען

[3] אַ בליענדיקער נאָגל איז אַ סימן אַז מ'וועט זיך באַנייען, די צאָל נייע זאַכן איז אָפּהענגיק פון דער צאָל בליענדיקע נעגל (אָרלע). די ווייסע פינטעלעך אויף די נעגל זיינען אַ סימן וויפיל זאַכן מען וועט זיך מאַכן (ווילנע). וויפיל ווייסע פלעקן מע האָט אויף די נעגל, אַזוי פיל קינדער וועט מען האָבן (ביאַליסטאָק).

פּאַלט אַראָפּ אָדער מען גייט אַראָפּ (סווענציאַן, בערעזי־נע). דאָס טרייבט גאָט די נשמה פון כסא הכבוד (קרינעק), ס׳איז אַ סימן אַז מען איז זינדיק (אָרלע).

ס׳זאָל זיך ניט חלומען שלעכטס לייגט מען אַ הייליקן ספר צוקאָפּנס (רישקאַן).

## IV

## 7. גסיסה.

א) ווי אַזוי מען קען אָפּראַטעווען אַ שווער קראַנקן.

אַז עמעץ איז זייער קראַנק, גיבן די נאָענטסטע ליכט אין שול אַריין און צעטיילן נדבות (ל 18, 169). מען מעסט דעם קראַנקן מיט אַ פאָדעם, דערנאָך מאַכט מען פון דעם אַ קנויט צו אַ ליכט, די גרייס פון דעם קראַנקן. מען טראָגט אַוועק די ליכט אין שול אַריין אָדער באַגראָבט זי אויפן בית־עולם, איינגעוויקלט אין תכריכים, אַמאָל אָנשטאָט דעם קראַנקן מעסט מען מיטן פאָדעם דעם בית־עולם (ל 18, 171).

מען מעסט אויך דעם בית־עולם אין דער לענג און אין דער ברייט מיט לייוונט. דערנאָך צעטיילט מען די לייוונט פאַר אָרעמעלייט (ל 18, 171).

די משפחה פונעם קראַנקן גייט „איינרייסן די שול" (ווייבער בייען „רייסן די שול", זאָגט מען אין וואָלפּ). מען גייט אין שול. דאָרט עפנט מען דעם אָרון־קודש, און פאַרן אָפענעם אָרון־קודש וויינט מען און מען שרייט צו גאָט, ער זאָל שיקן אַ רפואה פאַרן קראַנקן.

מען גייט אויפן „פעלד" צו די קברים פון די פאַרשטאָרבענע קרובים, און מ׳בעט, זיי זאָלן זיך מיען פאַר גאָט, דער קראַנקער זאָל געזונט ווערן. מ׳נעמט אַ קניילכל פאָדעם, און מיטן פאָדעם מעסט מען אָפּ די גאַנצע לענג פונעם בית־עולם. מען טוט עס געוויינלעך זאַלבענאַנד, איינע נעמט אָן ביי איין עק, און די צווייטע וויקלט כסדר און העלפט דער ערשטער דעם פאָדעם כּריער אויסציען (אָרלע).

מען צעשמעלצט אַ ליכט די גרייס פונעם קראַנקן, גיט צדקה, כּיילט ברויט פאַר אָרעמע לייט (אָרלע) און פרומע ישיבה־בחורים (וואָלפּ)[1]. פונעם פאָדעם מאַכט מען ליכט און מען ברענגט זיי אין שול (אָשמענע).

אַז מ׳ענדערט דעם נאָמען פונעם קראַנקן, קען ער געזונט ווערן (ק׳ בערעזע). אַ געפערלעך־קראַנקן גיט מען צו זיין פריערדיקן נאָמען אַ צווייטן נאָמען. די צוגע־מען ווערן גענומען אַזעלכע וואָס באַטייטן געזונט, לעבן (ל 12, 4), צבי״ש אַלטער, זיידע, באָבע, חיים, חיה, דער בור־דין זאָל אויפן ריינעם נאָמען ניט שולט זיין (וואָלפּ).

1 מ׳קלייבט אויף אַ מנין מאַנסלייט: דאָס רוב לערן־בחורים, צי פון תלמוד־תורה, מען זאָגט קאַפּיטלעך תהילים, ספּעציעל אָנגעוויזענע אי אזא פאַל (וואָלפּ).



מ׳גיסט אויס פון וואַקס אַ מענטש און באַגראָבט אים, כדי צו ראַטעווען אַ גוסס (וואו?).

מ׳לייגט דעם קראַנקן צוקאָפּנס גראָז פון בית־עולם (בילסק).

מען קען אָפּראַטעווען אַ שווער קראַנקן אַז מען שענקט אים די יאָרן. דערפאַר ווער דער, וואָס שענקט, לעבן מיט אַזוי פיל יאָרן ווייניקער (ק׳ בערעזע).

אַז מען גייט פון בית־עולם און דעם גאַנצן וועג רעדט מען מיט קיינעם ניט און מען גייט גלייך צו צום גוסס און מען רייסט אים איבער דאָס העמד (אָדער איבער אים?), קען דער גוסס ווידער געזונט ווערן (סווענציאַן).

אַז מען גיט אָפּ גאָר די זאַכן פונעם קראַנקן פאַר אָרעמעלייט, ווערט ער געזונט (בראַסלאַוו).

אַז ס׳קומען געסט צו אַ קראַנקן, נעמען זיי אָפּ פון אים אַ 60טן טייל פון זיין קראַנקהייט (וואָלין). דערפאַר זיינען די געסט דעמאָלט אַזוי אָנגעלייגט (ל 18, 166).

דעם קראַנקן ווערט לייכטער, אַז מען וואַרפט אויף אים עפּעס פונעם אָנגעטועכץ פונעם ערשט געקומענעם גאַסט: אַ נאָזטיכל, אַ היטל (ל 18, 167 ווילנע).

פונעם גוסס דאַרף מען אָוועקטרייבן די פליגן, ווייל זיי דערנענטערן דעם טויט (ווילנע).

אַ קראַנקן טאָר מען ניט נייען נייע קליידער בשעת דער קראַנקהייט, ווייל ס׳דערמאָנט אָן תכריכים. (בריסק).

ב) סימנים.

אַז דער קראַנקער דרייט זיך אויס צו דער וואַנט, איז אַ שלעכטער סימן (בערעזנע).

אַז ער לאַכט, וועט ער שטאַרבן (רישקאַן).

אַז דער קראַנקער קוקט אַהינטער די נעגל אָדער רייבט די נאָז, איז שלעכט מיט אים (ל 18, 173).

אַז דער קראַנקער זאָגט, אַז ס׳טוט אים ווי אין האַלז אָדער ס׳וואַרגט אים, — איז עס אַ שלעכטער סימן; דרייט ער זיך אויס צו דער וואַנט איז שוין נאָענט זיין סוף (ל 18, 174).

פאַרקערט: רייבט דער קראַנקער די נאָז, איז אַ סימן, אַז ער וועט געזונט ווערן (סוועגציאַן).

אַז ער „קאַלופּעט" די נאָז אָדער בייסט די נעגל, איז אַ סימן אַז ס׳איז אים בעסער (ק׳ בערעזע [2]).

אַז דער קראַנקער וויינט, איז אַ סימן אַז ער וועט געזונט ווערן (בריסק, קאָברין).

ג) אָפּשרייען, אָפּרופן:

אַז אַ מענטש שטאַרבט, קען מען אים דריי מאָל אויפ־וועקן מיט געשרייען און רופן. אַן „אָפּגערופענער" מענטש וועט לאַנג ניט לעבן און מ׳האָט פאַר אים זייער מורא. דערפאַר אַז אַ מענטש שטאַרבט, ווייל מען אים בעסער ניט אויפוועקן (ק׳ בערעזע). אַ טויטן קען מען אָפּשרייען, אָבער

2 אויף אַ מענטש וואָס האָט זיך „ארויסבעריסן" פונעם טויט זאָגט מען דאָרט: „גיקומען פין יענער וועלט מיט אַ קלאָרן באַוואוסטזיין" (ז).

ער קען ניט לאַנג לעבן (אָשמענע, סווענציאַן), ס׳איז שווער פאַר אים. אַן אָפּגעשריענער לעבט דריי טעג (אָשמענע).

אָפּשרייען הייסט: פּשוט שטאַרק רופן, וויינען, בעטן, ער זאָל ניט שטאַרבן (בריסק).

מען „שרייט אָפּ" אַ מענטשן אין אָרון־קודש (אָשמענע).

מען וויל „אָפּרייסן" דעם גוסס מיט געשרייען. אַן „אָפּגעשריענעם" פון דריי מאָל גיט מען צו אַן אַנדערן נאָמען (בריסק). ס׳איז אַן עבירה אָפּצורופן אַ טויטן. ס׳איז אַזוי ווי אַ מענטש קריכט אויף אַ הויכן באַרג, קומט צום שפּיץ, און דאָ שטופּט מען אים ווידער אַראָפּ (בריסק).

אַז עמעץ גייט אַרויס פון אַ קרענק, זאָגט מען, אַז טויטע האָבן זיך פאַר אים געמיט, אָדער ס׳איז אַ סימן, אַז מען האָט אים אָפּגעלאָזן די זינד (ל 168,18).

8. אַ שווערער טויט: בײַ ייִדן איז ווייניק פאַרשפּרייט די אויסטייטשונג פון אַ שווערן טויט אַלס רעזולטאַט פון כישוף, ווי דאָס איז צב״ש בײַ פּאָליאַקן, ווייסרוסן (פּ 64). גיכער טייטשט מען דאָס אויס אַלס אַ שטראָף פאַרן זינדיקן לעבן:

א) אַ רשע מאַטערט זיך לאַנג בײַם שטאַרבן, אַ צדיק שטאַרבט רואיק. „ער איז געשטאָרבן ווי אַ צדיק שטיל" (אָרלע, קאָברין). „ער איז געווען אַ צדיק", זאָגט מען אויף דעם, וואָס איז געשטאָרבן אָן ליידן (בריסק). „אַ שווערער טויט איז אַ האַלבער כבוד" (בילסק). „דער וואָס האָט אַ גרינג לעבן, דער האָט אַ שווערן טויט און פאַרקערט" (בערעזנע). מען זאָגט אויך, דער וואָס קומט אָפּ אויף דער וועלט, האָט אַ גרינג לעבן אויף יענער וועלט (בראַסלאַוו).

ב) אַז דער מענטש מאַטערט זיך לאַנג און קען ניט שטאַרבן, זעט מען אים צו פאַרגיכערן אָדער צו פאַרלייכטערן דעם טויט. דאָ ווערן געברויכט פאַרשיידענע מיטלען:

מען דעקט איבער דעם קראַנקן מיט אַ חתונה־מלבוש, אָדער לייגט אַרויף אַ טלית, כדי צו פאַרגיכערן דעם טויט (ל ווילנע 181,18).

מען לייגט אַוועק דעם קיטל אויפן גוסס [1] (וואו ?).

זייער פאַרשפּרייט איז דער גלויבן, אַז הינערשע פעדערן פאַרלענגערן די מאַטערנישן פאַרן טויט. דערפאַר טאָר מען ניט לייגן אונטערן קראַנקן קיין קישן מיט הינערשע פעדערן (בריסק). ס׳איז שווער צו שטאַרבן אויף הינערשע פעדערן (בראַסלאַוו, ווילנע).

מען טאָר ניט שלאָפן אויף הינערשע פעדערן, ווײַל מען וועט האָבן אַ געמאַטערטן טויט (קאָברין, סווענציאַן,

1 בײַ פּאָליאַקן, ווייסרוסן גיט מען אין האַנט אַ ברענענדיק ליכט, אָדער אַ חתונה־רינג. בײַ די רומענער שיט מען איבער געלט דורך די פינגער (פּ 68—69).



רישקאַן). (בײַ פּאָליאַקן לייגט מען אָנשטאָט דעם קישן: אַ פעלץ, שטרוי [2]. וואָס לייגט מען אונטער בײַ ייִדן?).

אַז אַ מענטש מאַטערט זיך בײַם שטאַרבן, פאַרלעשט מען די לאָמפּן (וואַרשע).

מען גייט אַרויס פון צימער, כדי ס׳זאָל גרינגער זײַן דעם גוסס צו שטאַרבן, אָדער מען קערט אים אום צו דער וואַנט (סווענציאַן).

מען גלייבט אָבער אויך, אַז צו אַ שווערן שטאַרבן טאָר מען גאָרניט טון, ווײַל ס׳איז אַן עבירה זיך צו נעמען דאָס לעבן (אָרלע).

בכלל דאַרף מען אַ גוסס לאָזן שטאַרבן (קאָברין).

מען טאָר אים ניט אָפּדעקן און ניט צודעקן (ל 176,18).

מען טאָר פון אים די פליגן ניט אַראָפּטרייבן (ל 178,18).

מ׳טאָר ניט וויינען, ווײַל דאָס פאַרלענגערט נאָר זײַנע ליידן (ל 180,18).

מען גלייבט, אַז פאַר דער נשמה איז גרינגער אַרויסצוגיין, וואָס מער מענטשן ס׳געפינען זיך לעבן דעם גוסס (ווילנע).

איין מענטש טאָר ניט זײַן ווען דער גוסס שטאַרבט. ס׳מוזן דאַמאָלט זײַן אַ סך מענטשן (אָשמענע). מען טאָר דעם גוסס ניט לאָזן אַליין, ס׳איז אַ מצווה דאַמאָלס צו זײַן לעבן אים (בערעזנע, קאָברין).

מען מוז דעם גוסס היטן, ער זאָל חלילה ניט אויסגיין ניט באַמערקטערהייט, ווײַל ס׳וואָלט פאַר אים געווען אַ שווערע באַליידיקונג. מען רופט דאַן צוויי פון חברה־קדישא־לייט, זיי זאָלן אים היטן (וואָלפּ). מען שיקט אויך אַוועק צו די גאָר נאָענטע קרובים, דאַמאָלסט קומט אויך דער טויט גיכער (בריסק).

קינדער טאָרן ניט זײַן בײַ דער גסיסה (קאָברין, וואָלפּ, וואַרשע). מען שיקט זיי אַוועק פון שטוב (אָשמענע). בפרט ווען אַ מוטער שטאַרבט טאָרן ניט זײַן קיין קליינע קינדער (ל 183,18).

אַ מת מוז אויסגיין בײַ אַ ליכט. ס׳הערשט אַ גרויסע אויפרעגונג אין דער משפּחה אַז אַ מענטש גייט אויס ניט באַמערקטערהייט און אָן ליכט (אָשמענע). ס׳איז אַ חרפּה פאַר די איבערגעבליבענע און אַ באַליידיקונג פאַרן מת אויסגיין ניט בײַם ליכט (אָשמענע).

אַז ס׳שטאַרבט אַ פרוי, בעט מען בײַם מאַן (אויב ער איז אַ פרומער), ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון אירע מצוות (לויט דער גמרא גייען אַריבער אַלע אירע מצוות אויף אים). מען לויבט אַמאָל אַ ייִד, פון וועלכן מען ווייסט, אַז פאַרן טויט פון זײַן פרוי האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון אירע מצוות (וואָלפּ, מאָסטעלע).

2 פון אַנדערע מיטלען, וואָס ווערן געברויכט בײַ די שכנישע פעלקער, צב״ש בײַ די ווייסרוסן, דאַרפן דערמאָנט ווערן: דאָס אַנידערשטעלן דעם גוסס אויף דער ערד, אָדער אַוועקלייגן אויף דער הוילער ערד אפילו אין ווינטער, אויף אַ לאַנגן שטרוי, אויף אַ פעלץ; אָדער מען לייגט אַרבעס צוקאָפּנס. מען עפנט אַ פענסטער, די קאַסטנס, ברעכט דורך די סטעליע א״אַ (פּ 74—82).

9) **פאַלנדיקע שטערן.** ביי אַלע פעלקער איז פאַרשפּרייט דער גלויבן, אַז דאָס מענטשלעכע לעבן איז אָפּהענגיק פון די שטערן אויפן הימל.

מען זאָגט: „יעדער מענטש האָט זיין שטערן" (ווילנע).

אַז עס פאַלט אַראָפּ אַ שטערן, שטאַרבט אַ מענטש. ס'איז ניט קיין גוטער סימן, אַז מען זעט פאַלן אַ שטערן. דער וואָס זעט עס דאַרף זאָגן: „ניט מיין מזל". (אָרלע). אַז עס פאַלט אַראָפּ אַ שטערן, זאָגט מען דריי מאָל: „ניט מיין מזל" (קאָברין) אָדער דריי מאָל: „ניט מיינער" (בריסק, רישקאַן), אָדער: „איך בין ניט דיינער דו ביסט ניט מיינער" (בערעזנע). מען גלייבט אויך: אַז עס פאַלט אַראָפּ אַ שטערן, דאַרף מען אויף גיך עפּעס אַ קלער טון, וועט דאָס מקוים ווערן (ווילייקע).

פון אָט דעם פאַרבינדן דאָס לעבן מיט די שטערן קומט דער גלויבן, אַז אויף די שטערן טאָר מען ניט ווייזן מיט די פינגער. אויב מען ווייזט יאָ ניט ווילנדיק, דאַרף מען שטאַרק איינבייסן דעם פינגער (וואָלפּ, ק' בערעזע) און אָנטרעטן אויפן פינגער מיט דער פּיאַטע (רישקאַן). מען דאַרף די פינגער איינבייסן און דערנאָך מיטן אָפּצאַס אָפּטרעטן, כּדי צו צעשטערן די שלעכטע סימנים (קאָברין).

אויך אויפן הימל טאָר מען ניט ווייזן מיטן פינגער. טוט עס עמעצער, דאַרף מען אים אַ ביס טון (ביי קינדער, ק' בערעזע), איינבייסן דעם פינגער (בריסק). מ'טאָר ניט ווייזן אויפן הימל מיטן פינגער, ווייל ס'וועט קומען אַן אייזערנע קאַץ ביינאַכט און אָפּבייסן דעם פיגגער (אָשמענע).

מ'טאָר אויך אויף דער לבנה נישט קוקן. קוקט מען אויף איר אַ האַלבע שעה ווערט מען בלינד, אַ גאַנצע — שטאַרבט מען (ווילנע, בילסק).

## V

10. **דער מאָמענט פון טויט.** אַז מען וויל געוואויר ווערן, צי דער מענטש איז טאַקע געשטאָרבן, לייגט מען אים צו צו דער נאָז אַ פעדער אָדער אַ שפּיגל (אַלגי). מען לייגט אים צו אַ פעדער צו דער נאָז, כּדי צו זען צי די נשמה איז שוין אַרויסגעלאָפן (ראָזשאַנאַי). מען שטעכט אים מיט אַ שפּילקע אונטער די נעגל (קאָברין).

דעם פאָלקס-מענטש אינטערעסירט אָבער אויך, ווי אַזוי איז דער מענטש אַוועק פון דער וועלט. צי איז ער חס וחלילה נישט ברוגז אויף די איבערגעבליבענע; צי ער איז אַוועק פון דער וועלט אין אַ גוטער צי אין אַ שלעכטער שעה פאַר אים.

א) ווען דער מענטש שטאַרבט מיטן פּנים צו דער וואַנט, איז אַ סימן, אַז ער איז געשטאָרבן אינכּעסערהייט (ווילנע) אָדער אַז ער האָט זיך געשעמט. אויב מיט אָפענע אויגן — זשאַלעוועט ער די וועלט (בריסק).

בכלל, אויב אַ מענטש שטאַרבט מיטן פּנים צו דער וואַנט, איז עס אַ שלעכטער סימן, מיטן פּנים צו די מענטשן — אַ גוטער (וואָלפּ). אַ מת, וואָס ס'איז אים אַ שאָד אַוועקצוגיין פון דער וועלט, האַלט אָפן די אויגן. איבערבעטנדיק דאַרף מען זיי אים צומאַכן, ער זאָל ניט וואַרפן אַן אויג אויף עמעצן פון די שטוביקע. מען פאַרמאַכט אים אַזוי אויך דאָס מויל (ל 18, 190).

ב) פרייטאָג איז גוט צו שטאַרבן, שבת-צונאַכט שלעכט (בילסק), ווייל מען קומט גלייך אין גיהינום אַריין. פאַרקערט, פרייטאָגצונאַכט איז מען פריי (אָשמענע, ק' בערעזע).

ווער ס'שטאַרבט פרייטאָג 12 אַ זייגער (בערעזנע), אָדער נאָכן זון-פאַרגאַנג (קאָברין), איז אַ סימן, אַז ער איז געווען אַ צדיק, ווייל ער פאַרכאַפּט פאַרפרי שבת.

אַ פרומער שטאַרבט ערב-שבת (ווילנע). צדיקים שטאַרבן אין חודש אלול (ק' בערעזע), אין עשרת ימי תשובה (וואָלפּ) אָדער אין חודש ניסן (בריסק).[1]

11. **גלייך ווי דער מענטש שטאַרבט,** און אין שטוב איז פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם, צעשטעלן זיך די מענטשן תּיכּף אין צוויי רייען און לאָזן פאַרן מלאך-המות אַ וועג ווי פאַר אַ כּלה. קיין קליינע טאָרן דערביי ניט זיין (ק' בערעזע).

איבערבעטנדיק פאַרמאַכט מען דעם בר-מינן די אויגן און דאָס מויל. מען עפנט תּיכּף אַלע פענסטער (ל 18, 193), און מען „הייבט אים אָפּ" (מאָטעלע). מען טאָר אים אָבער ניט „אָפּהייבן" ביז ס'קומען ניט אָן אַ סך מענטשן, דעמאָלט הייבט מען ערשט אָפּ דעם מת מיט די קליידער, אין וועלכע ער איז געשטאָרבן, און מען לייגט אים אַוועק אויף דר'ערד אויף אונטערגעלייגט שטרוי און דעקט אים איבער מיט אַ שוואַרצן טוך (אָשמענע, בריסק). נאָר שבת טאָר מען ניט אָפּהייבן (מאָטעלע). אַז מען הייבט אָפּ דעם מת, בעט מען ביי אים מחילה (קאָלאָמיי). צו אָפּהייבן אַ מאַן מעגן נאָר מענער, אַ פרוי נאָר פרויען (אָשמענע). די שטרוי וואָס מען לייגט אונטער דעם מת, לייגט מען אין דריי רייען אין דער ברייט. דעם מת לייגט מען אין דער ברייט (מאָטעלע, וואָלפּ). די שטרויען דאַרפן זיין לאַנגע, שטעכעדיקע (מאָטעלע, קאָברין).

אין אַ טייל געגנטן לייגט מען היי אונטערן מת (קאָלאָמיי). מען לייגט אים אויך אַוועק אויף דער גאָלער ערד (?) (פּעטריקאָוו).

די שטרוי לייגט מען אים אונטער, כּדי ער זאָל אָפּקומען די שטראָף פאַר זיינע חטאים. די שטרוי שטעכט אים ווי מיט נאָדלען, און דעמאָלט טראָגט זיך זיין געשריי פון איין עק וועלט ביז צום אַנדערן. ווער ס'וועט דעמאָלט צולייגן אַן אויער צו דער שוועל פון צימער וואו ס'ליגט דער מת, דער וועט דערהערן דעם געשריי, אָבער ער וועט

1 מען דערציילט פון מאַטקע חבד, אַז איינמאָל, נאָך פּורים, האָט ער זיך אויפגעשטעלט אין בית-מדרש און געזאָגט: יידן, ווער ס'וויל אין גן-עדן, פאַר דעם איז שוין צייט זיך אַריינלייגן אין בעט (בריסק).

תיכּף שטאַרבן (ל 18, 188). די שטרוי אויף וועלכער דער מת איז געלעגן, וואַרפט מען שפּעטער אַרויס (אָשמענע). מען לייגט אים אַוועק אויף דר'ערד מיטן פּנים צו דער טיר (ל 18, 191), דערפאַר טאָר מען אים ניט לייגן מיט די פּיס צו דער טיר (אָרלע).

12. ליכט אַרום דעם מת: צוקאָפּנס פֿונעם מת שטעלט מען אַנידער צוויי אָנגעצונדענע ליכט. מען טאָר ביי זיי גאָרניט טון. אַז ס'וועט זיך פאַרלעשן איינע פון זיי, איז עס אַ שלעכטער סימן פאַר דער משפּחה (ל 18, 192).

מען שטעלט אַרום דעם מת אַ סך ליכט, נאָר אויב מען האָט ניט קיין געלט מער צו קויפן, צינדט מען אָן לכל־הפּחות דריי: צוקאָפּנס און פון ביידע זייטן (אָרלע).

וואָס מער ליכט מען שטעלט אַרום דעם טויטן איז פאַר אים בעסער (ק' בערעזע).

דערפאַר טאָר מען ניט שטעלן קיין ליכט אויף דער ערד, אָדער צוקאָפּנס פון אַ לעבעדיקן מענטש (ק' בערעזע, אָרלע, רישקאַן).

13. מחילה בעטן. בשעת דער מת ליגט אויף דער ערד, בעט מען אים איבער (ג' סווענציאַן). אַז אַלץ איז פאַרטיק, בעט מען ביים מת דריי מאָל מחילה (מאָטעלע).

איידער מען טראָגט אַרויס דעם מת, דערנענטערן זיך צו אים די נאָענטסטע קרובים און בעטן ביי אים מחילה. מען טאָר דעמאָלט ניט וויינען, ווייל די טרערן וועלן פאַרפלעקן די קליידער פונעם מת, און ער דאַרף קומען ריין אויף יענער וועלט (אַלג', ל 14, 78). קודם בעט מען אים איבער, דערנאָך בעט מען אים, ער זאָל זיין אַ מליץ יושר און זיך מיען ביי די אָבות (ל 18, 198).

אַז דער מת ליגט נאָך אויף דער ערד, גייען צו אַלע צום מת בעטן מחילה. ניט נאָר די קרובים, נאָר אויך שכנים און אַלע וועלכע האָבן זיך פאַרן לעבן מיט אים געקריגט (אָרלע).

14. אין קעגנזאַץ צו אַלע אינדאָ־אייראָפּעאישע לוויה־מנהגים כאַראַקטעריזירט די יידישע מנהגים, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן מת, אַ גרויסע איילעניש. מען זעט וואָס שנעלער דעם מת זיין רעכט צו טון און אים אַרויסטראָגן פון שטוב. מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַ מנהג, וואָס יידן האָבן אים אַריבערגעבראַכט מיט נאָך אַ סך אַנדערע קיין אייראָפּע. אַהער איז שייך דער גלויבן, אַז:

ס'איז אַ כבוד פאַרן מת, אַז מען באַגראָבט אים באַלד און מען לאָזט אים ניט לאַנג ליגן (אָרלע). וואָס לענגער ער ליגט אויפן שטרוי, איז גרעסער פאַר אים די חרפּה און דער בזיון (ל 18, 210).

15. דאָס וואַשן דעם מת.

דעם קערפּער פונעם מת וואַשט מען אַ פּאָר מאָל (ל 12, 36).

מען איז אים „מטהר", זאָגט מען. מען איז אים מטהר אויף אַ טהרה־ברעט (אַלג'). מען איז אים מטהר אַמאָל אויף דער לינקער זייט פון דער שטוב־טיר (בערעזנע).

מען וואַשט אים אין שטוב מיט וואַרעמע וואַסער, מען צעקלאַפּט אַן איי מיט שאָלעכץ צוזאַמען אין וויין און באַשמירט אים דעם קערפּער (בערעזנע).

בוקסטאָרף שרייבט אינעם קאַפּיטל וואו ער רעדט וועגן יידישע לוויה־מנהגים (ז' 630): „Man wäschet ihn mit warmem Wasser dass er soll sauber und rein seÿn, wann er soll rechnung vmb seine Sünde geben. Nemmen auch ein Ey, klopfen es mit Wein durch einander und streichen ihm solches über den Kopfe".

אין אַ טייל געגנטן איז דער מנהג אינגאַנצן ניט באַקאַנט: מען וואַשט דעם מת נאָר מיט וואַסער (סווענציאַן, ווילייקע). פריערדיקע צייטן פלעגט מען דעם מת טובלען אין מקוה, נאָר שפּעטער האָט די מאַכט עס פאַרווערט (קאָלאָמיי).

מען טובלט דעם מת דריי מאָל, מען לייגט אים דערנאָך צוריק אויפן טהרה־ברעט און לאָזט אים זיך אָפּקילן. דעם מת וואַשט מען געוויינלעך אין שטוב (אָרלע, בריסק).

אַן אַריינגעפירטן מת וואַשט מען אין טהרה־שטיבל, אַ היימישן אינדערהיים (סווענציאַן).

אַ פרוי וואַשן פרויען, אַ מאַן מענער (אָשמענע).

אויף מטהר זיין אַ מת קויפט מען נייע טעפּ (בערעזנע).

דאָס וואַסער מיט וועלכן מען וואַשט דעם מת גיסט מען אַרויס אין אַזאַ אָרט וואו מען גייט ניט. די כּלים שייערט מען אויס (ק' בערעזע).

מ'טאָר אויף דעם וואַסער ניט אָנטרעטן (וויס' ליטעווסק). אויף דעם אָרט וואו מען גיסט אויס דאָס וואַסער טאָר מען ניט גיין באָרוועס (סווענציאַן). מען גיסט אויס דאָס וואַסער הינטער אַ פּלויט, כּדי קיינער זאָל אין דעם אָרט ניט אַריינטרעטן (סווענציאַן).

פאַרקערט אין אָרלע: דאָס וואַסער וואָס מ' האָט מיט דעם געוואַשן דעם מת באַהאַלט מען אין כּלים און פלעשלעך אויף אַ רפואה.

אויך די שטרוי, אויף וועלכער דער מת איז געלעגן, וואַרפט מען אַרויס. די קישנס שיט מען איבער, דאָס זעלבע טוט מען מיט די שטרוי־זעק. פאַר דער גאַנצער צייט פון שלשים שלאָפט מען ניט אין זיין בעט און ניט אויף זיין געלעגער (אָשמענע).

16 דאָס טהרה־ברעט אויף וועלכן מען וואַשט דעם מת איז אַ פּשוטן ברעט לאַנג ווי אַ טיר (מאָטעלע). ס'הייסט אויך „טאַפּטשאַן", „וואַש־ברעט" (וואָלפּ).

דאָס טהרה־ברעט שטייט אין פּאָליש (סווענציאַן) אָדער אונטער דער שול (אָרלע).

אויפן טהרה־ברעט לייגט מען אונטער דעם מת אַ קישן צוקאָפּנס (אָרלע).

קיינער אַחוץ די חברה־קדישא־לייט טאָר זיך ניט צוקוקן צום מת בשעת מען וואַשט אים און מען טוט אים אָן, ווייל אַניט פאַרשעמט מען דעם מת. די וואָס טוען אַרום אים בעטן אים איבער פאַר די אומאָנגענעמלעכקייטן וואָס זיי פאַרשאַפן אים (ל 18, 204).

17. דאָס אָנטון דעם מת: נאָכן אָפּוואַשן דעם מת טוט מען אים אָן אין תכריכים (אַלג׳). די תכריכים ווערן געמאַכט פון כשרע לייוונט און פון כשערע הענט (אָשמענע, נ׳ סווענציאַן). מען שניידט זיי ניט צו, מען מאַכט אין זיי גרויסע שטעך (בריסק). זיי זיינען נאָר פאַרסטריגעוועט. דערפאַר זאָגט מען אויף אַ טאַנדעטיקער שניידער־קע, אַז זי נייט מיט תכריכים־שטעך (אָשמענע).

דעם פאָדעם פון די תכריכים טאָר מען ניט אָפּבייסן. פאַרוואָס? (ק׳ בערעזע). די תכריכים זיינען געוויינלעך פון אַ נייעם שנאָף (נ׳ סווענציאַן). מען קען זיי אָבער אויך מאַכן פון אַלטע גענוצטער יילעכע (נ׳ ווילייקע) אָדער העמדער (אָרלע).

תכריכים נייען ספּעציעלע נייטערקעס (נ׳ ווילייקע, סווענציאַן). ס׳נייען זיי נאָר עלטערע ווייבער (ק׳ בערעזע. בריסק) אָדער חברה־קדישא־פרויען (אָרלע). פון דאַנען שטאַמט דער גלויבן, אַז זאַלבענאַנד טאָר מען ניט אָנטון עמעצן, ווייל נאָר אַ מת טוט מען אַזוי אָן (בריסק).

אין לעמבערג איז געווען אַ מנהג אָנצוטון דעם מת אַ גאַרטל פון תכריכים־לייוונט. שפּעטער איז יעדער צוגע־גאַנגען צו אים און אַ צי געטאָן פאַרן גאַרטל (?).

אויף די תכריכים טוט מען אָן דעם מת אַ קיטל און טלית (ווילנע, ק׳ בערעזע, בערעזנע) מיט דריי ציצית, איינע בייסט מען אָפּ (אָשמענע).

ס׳רעכנט זיך פאַר אַ כבוד פאַרן מת ווען מען לייגט אים אין קיטל (בריסק).

אויך וואָס עלטער ס׳איז דער טלית, איז בעסער פאַרן טויטן (וויסאָקע־ליטעווסק).

אַ פרוי טוט מען אָן אין אַ ווייסן לייוונטענעם העמד, אויף דעם אַ לייוונטענעם מאַנטל, לענגער פאַרן העמד, און מען וויקלט זי איין אין אַ יילעך. אויפן קאָפּ אַ הייבל. אַ חתונה־געהאַטער טוט מען נאָך אָן אויף די פיס לייוונטענע זאָקן איבערגעבונדן מיט אַ ווייסער טאַסמע (ל 18, 206).

ס׳איז אַ סגולה, אַז מען מאַכט פון אַ שטיקל לייוונט וואָס בלייבט פון די תכריכים אַ זאַך אָנצוטון פאַרן קינד (בריסק).

אין די תכריכים טאָרן ניט זיין קיין קניפּ, ס׳זאָל דעם מת לייכטער זיין זיך צו באַפרייען, אַז ס׳וועט קומען משיח (מאָטעלע, וואָלפּ, ווילנע).

18. ביי פּאָליאַקן מיידט מען אויס די קניפּלעך אין די תכריכים, ווייל דער מת וואָלט ניט געהאַט קיין רו אין קבר, און ער וואָלט באַומרואיקט די איבערגעבליבענע. אין די קניפּ באַהאַלט זיך זיין נשמה און אויך זיינע חטאים.

ביי יידן איז אַזאַ דערקלערונג ניט פאַרצייכנט געוואָרן, אָבער ס׳איז פאַראַן דער גלויבן, אַז די קניפּלעך זיינען די געפערלעכע ערטער, וואו ס׳באַהאַלטן זיך די ניט־ריינע כוחות. צב״ש, ווען מען וויל פאַרלירן בראָדעווע־קעס, מאַכט מען קניפּלעך, אַזוי פיל וויפיל ס׳זיינען פאַראַן בראָדעווקעס, און מען וואַרפט זיי אַוועק (בריסק). אַז מען פאַרקניפּלט יענעמס אַ האָר, ווערט ער משוגע (בריסק).

בפרט זיינען די קניפּלעך געפערלעך אין די וויכטיקע לעבנס־מאָמענטן ווי ס׳איז צב״ש די חתונה. ס׳איז באַקאַנט, אַז מען קען פאַרשליסן דאָס מזל פון דעם יונגן פאָרפאָלק, אויב מען וועט פאַרשליסן אַ שלעסל בשעת די פּאָר שטייט אונטער דער חופּה (אַלג׳).

די אַלע אַקטן וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן אָפּגעבן „כבוד" דעם מת, מיטן „טון זיין רעכט" האָבן איין צוועק: אויסצומיידן דעם כעס פונעם מת, ווייל דעמאָלט איז ער געפערלעך פאַר די איבערגעבליבענע. מען האָט מורא פאַר אים, ווי אויך פאַר דעם אַלעם וואָס איז נאָך אים איבער־געבליבן. דערפאַר זעט מען דאָס אַלץ צו באַזייטיקן. מען האָט מורא צו מאַכן קניפּלעך אין די תכריכים, ווייל דער מת וועט קיין רו נישט האָבן אין קבר און באַאומרואיקן די לעבעדיקע. אָבער פון דער צווייטער זייט באַנוצט מען די קניפּ אויף אָפּצווענדן אַן אומגליק.

19. בעת דער מענטש שטאַרבט, פאַרבינדט מען אים צוויי פינגער מיט לאַנגע שטרוי (די גרויסע פינגער) (וויסאָקע־ליטעווסק).

מען בינדט אים אונטער דאָס מויל (אָרלע).

די פרויען פאַרבינדט מען דאָס מויל נאָכן טויט (בערעזנע).

בוקסטאָרף באַשרייבט אַזוי אָט דעם מנהג:

So bald er verscheiden und gestorben ist, schütet man alle Wasser hinauss an die Gassen, decken ihm das Angesicht zu, vnd darff keiner mehr ihm vnder das Gesicht sehen, krümmen ihm den Daumen in die Hand [1], dergestalt, dass durch solche krümmung von Falten der Hand der heilige Namm Gottes Schaddai nach den Hebreischen buchstaben gebildet vnd bezeichnet werde. So mag ihn der Satan nicht anrühren.

Sie binden aber gemeinlich den Daumen mit den Zizisfäden, das ist mit den Zotte die an seinem Gebätt-mäntelin gehangen haben, sonsten bliebe er nicht krumb.

Denn ein todter Mensch strecket allweg die Hände vnd Finger ausz, als wolt er damit anzeigen, dass er die Welt fahren lasse, vnd nichts mehr, seyn sey auff dieser Welt: gleich wie hier gegen die jungen Kinder, wann sie geboren werden, die Hände zugeschlossen haben, anzuzeigen, dass ihnen Gott dieser Welt Güter gegeben vnd gleich ihre Hand beschlossen habe (p. 629).

1 מיין קורזיוו.

## VI

20. **די שעדלעכע ווירקונג פון דעם מת.**

כל־זמן דער מת ליגט אין שטוב, ווירקט ער שעדלעך אויף דאָס גאַנצע אַרומיקע. דערפאַר באַזייטיקט מען פון זיין איינפלוס־קרייז אַלץ אויף וואָס ער קען די ווירקונג אַרויסווייזן: מען רייסט איבער יעדע אַרבעט, מען פאַרדעקט די מעבל אאַז״וו.

ווען אַ מת ליגט אין שטוב, טאָר מען ניט לאָזן שטיין אַ שטול ניט־איבערגעקערטערהייט. מען זיצט אויך אויף איבערגעקערטע שטולן (ק׳ בערעזע). מען טאָר ניט עסן דאָס ברויט וואָס האָט זיך געפונען אין צימער וואו דער מת ליגט (נ׳ ווילייקע). מען טאָר קיין זאַך ניט אַרויסטראָגן פון שטוב וואו ס׳ליגט דער מת (ווילנע).

מען טאָר גאָרניט טון. מען טאָר ניט פאַרקערן די שטוב וואו ס׳ליגט אַ מת. (ל 18, 195). מען קאָלעכט ניט די שטוב, וואו ס׳איז געלעגן דער מת, אַ חודש צייט (ל 18, 106).

מען טאָר אים אויך ניט איבערלאָזן אַליין (ווילנע), ווייל די נשמה קען אַריינקומען אינעם טויטנס גוף (אָשמענע).

אויפן טויטן מעג מען קוקן (נ׳ ווילייקע). געפערלעך איז אָבער, אַז מען קוקט צבֿ״ש דורכן אויער פון אַ נאָדל, בעת אַ טויטער ליגט אין שטוב, ווייל מען דערזעט דעם שטן (ל 12,12) אָדער דעם מלאך־המוות (ק׳ בערעזע); נאָר מען שטאַרבט באַלד.

אינטערעסאַנט איז דער גלויבן, אַז דאָרט וואו ס׳ליגט דער מת, דאָרט טאָר מען ניט אַריינלאָזן אַ הונט (בריסק).

מען שלאָפט ניט אין דער זעלביקער שטוב וואו דער מת ליגט. מען וועקט אויף די קינדער, דעם טויטנס נשמה זאָל זיי ניט קומען שטיקן.

דער מת ווירקט שעדלעך אויף דער פרוכפּערדיקייט [1].

בפרט איז ער געפערלעך פאַר שוואַנגערע פרויען. אַז אַ שוואַנגערע פרוי קוקט אָן אַ טויטן, האָט דאָס געבוירענע קינד געלזוכט (בריסק). אַ שוואַנגערע פרוי טאָר ניט גיין אויפן בית־עולם (סווענציאַן).

אַפילו פונדערווייטנס קען דער מת שעדלעך ווירקן: מען טאָר ניט אַדורכטראָגן קיין וואַסער, אויב מען זעט פונדערווייטנס טראָגן דעם מת צום בית־עולם (אָרלע). אַז מען זעט אין גאַס אַ לוויה, מוז מען, איידער מען גייט אַריין אין שטוב, זיך וואַשן די הענט. מ׳טאָר זיי ניט אָפּווישן אָן גאָרנישט (בריסק). ס׳איז אַ שלעכטער סימן, אַז מ׳באַגעגנט אַ לוויה ביים צריינפאָרן אין שטאָט (ל 18, 224). אַז ס׳גייט דורך אַ לוויה, פאַרמאַכט מען די קראָמען (סווענציאַן, ווילנע, ביאַליסטאָק).

21. **דאָס וואַסער־אויסגיסן:** בעת דער מת ליגט נאָך אויף דער ערד, דאַרף מען אין די שכנישע הייזער אויסגיסן דאָס וואַסער. אַז מען דאַרף אַדורכטראָגן וואַסער אין די שכנישע שטיבער דורך דער שטוב וואו דער מת ליגט, טאָר מען ניט ברענגען די טעג קיין וואַסער (וויסאָקע־ליטעווסק).

מען גיסט אויס דאָס וואַסער אין דריי שכנישע הייזער: אין צוויי שכנישע הייזער אין דערזעלביקער צייל, וואו ס׳איז דאָס הויז פונעם טויטן, און אין איין שטוב קעגנאיבער. אויב קעגנאיבער זיינען קיין יידישע שכנים נישטאָ, דאַרף דער נאָענטסטער שכן פון דער צווייטער גאַס אויסגיסן דאָס וואַסער (ק׳ בערעזע).

מען גיסט אויס דאָס וואַסער פונעם גאַנצן הויז וואו ס׳ליגט דער מת, ווייל דער מלאך־המוות האָט אין אים געוואַשן זיין מעסער, מיט וועלכן ער האָט איבערגעשניטן דעם געשטאַרבענעם דאָס לעבן (ל 12, 10). דער מלאך־המוות שווענקט זיין מעסער אין וואַסער פון די דריי הייזער אַרום דעם טויטן, דערפאַר דאַרף מען דאָרט אויסגיסן דאָס וואַסער. (ק׳ בערעזע).

22. **שפּיגל, זייגער און בילד:** אַז אַ מענטש שטאַרבט, פאַרהענגט מען מיט שוואַרצן: די בילדער, די שפּיגלען און די זייגערס (ניי־סווענציאַן, וואַרשע). מען קערט אום די בילדער אויף דער צווייטער זייט (אָשמענע) מ׳פאַרדעקט דעם שפּיגל מיט אַ טוך, כדי ניט צו זען דאָס געשטאַלט פון מלאך־המוות מיטן חלף אין דער האַנט, און ער בלייבט אַזוי פאַרהאַנגען די גאַנצע וואָך פון שבעה (וואָלפּ). דער שפּיגל בלייבט 7 טעג איבערגעדעקט, מען זאָל אין אים ניט דערזען דעם שטן (ל 12, 23 וואָלין, צוויזמער) [2].

אַז ס׳שטאַרבט אַ מענטש, שטעלט מען אָפּ דעם זייגער (ל 197,18) (בערעזינע).

מען זאָגט: אַז אַ מענטש שטאַרבט, ווערט זיין בילד פאַרגעלט אָדער פאַרבלאַסט (אָרלע, בערעזינע).

23. **די מאַגישע קראַפט פונעם מת:**

דער מת ווירקט שעדלעך, אָבער ער קען אויך אויסגעניצט ווערן צום גוטן פאַר די אַרומיקע. און ניט נאָר דער מת אַליין, נייערט אויך זאַכן, וואָס האָבן געהערט

---

1 אַז מען האָט געבראַכט צו פירן פאַר אַ פּאָר יאָר דעם קאָסאָווער רבין, כדי אים צו באַהאַלטן אין קאָסאָוו, האָבן די פּויערים נישט געלאָזן פירן אים דורך די פעלדער, נאָר מען האָט געמוזט שנעל אַדורכפאָרן מיטן מת אין אַן אויטאָ.

ביי יידן טאָר אַ לוויה ניט דורכגיין דורך אַ פעלד, אַ גאָרטן, אַ וואַסער (זע לוויה, פּונקט 37).

2 דער שפּיגל פאַרנעמט בכלל אַ באַדייטנדיקן אָרט אין פאָלקסלעבן: צבֿ״ש, מען טאָר ניט אַרויסשטעלן קיין צונג אין שפּיגל (אָרלע), זי קען אָראָפּפאַלן (ל 12, 29 ליטע, וואָלין, וואַרשע). אַ קינד, וואָס האָט נאָך ניט קיין ציין, טאָר מען ניט לאָזן קוקן אין שפּיגל (ניי־סווענציאַן, ווילייקע, אָרלע). אַז ס׳צעברעכט זיך אַ שפּיגל, איז עס אַ שלעכטער סימן (בערעזינע).

צו אים, ווי: קליידער, שטרוי, אויף וועלכן ער איז געלעגן אאַז״וו.

א) זייער פאַרשפּרייט איז דער גלויבן אין דער היילקראַפט פונעם מת:

אויב אַ קינד האָט אַ קראַנקהייט און זיין מוטער אָדער פאָטער איז געשטאָרבן, דאַרף מען מיטן טויטנס האַנט אַרומפירן דעם קראַנקן אָרט, וועט עס אויסגעהיילט ווערן (ק׳ בערעזע). ס׳איז אַ סגולה פאַר פאַרשיידענע קרענק צו קריגן אַ גלעט פון אַ טויטנס האַנט (ביאַליסטאָק). מען זאָגט: אַז מען וועט פירן מיט אַ טויטנס האַנט איבער אַ הויקער, ווער ער זיך אויסגלייכן (בריסק). אַז מען זאָל אַ שווער־קראַנקען אויסשמירן מיט אַ טויטנס האַנט, וועט ער געזונט ווערן (נייַ־סווענציאַן). מען פירט אַ קראַנקן „אָפּגלעטן" מיט אַ טויטנס האַנט (וואָלפּ). אויב אַ כויטער רירט אָן מיט דער האַנט אַ וואונד, היילט זי זיך אויס (בראַסלאַוו). אַז עמעצער האָט אַ קראַנקהייט, גייט מען „אָפּלעשן" דעם קראַנקן אבר מיט דער האַנט פון אַ מת, פון אַן עלטערן יידן אָדער אַ יידענע (מאָטעלע).

אויסשמירן מיט דער האַנט פון אַ טויטן קען העלפן קעגן פאַרשיידענע צוואוקסן אָדער אָנוואוקסן, ווי: בראָדעווקעס,ביילן, גוזן (בריסק). אַן אָנוואוקס דאַרף מען דריימאָל אָנרייבן מיטן טויטנס האַנט (ל 269,18).

ווער ס׳האָט אַ טויטן ביין, זאָל דריי מאָל אומקרייזן אַ טויטנס קאָפּ (ל 270,18).

אַז מען וויל די הענט זאָלן ניט שוויצן, דאַרף מען אָנרירן דעם מת (ל 273,18).

אַז דאָס קינד זאָל ניט מורא האָבן פאַרן מת, דאַרף מען מיט זיין האַנט אָנרירן די האַנט פונעם מת, אָדער ס׳דאַרף אַריבערגיין איבערן שטרוי, אויף וועלכן ס׳איז געלעגן דער מת (ל 200,18). כדי מ׳זאָל ניט מורא האָבן פאַרן מת, קוקט מען אויף זיינע פוסנעגל (בערעזנע).

די מוטער, וואָס ביי איר האַלטן זיך ניט קיין קינדער, מוז אָן איר נייגעבוירן קינד אין אַ העמדל געמאַכט פונעם רעשט לייוונט, וואָס איז געבליבן פון די תכריכים. אַז ס׳בלייבט ניט איבער אַזויפיל לייוונט, מאַכט מען נאָר אַן אַרבל, וואָס מען נייט אַריין אין אַ געוויינלעך העמד (ל 275,18).

אַז ס׳שטאַרבט אַ גוטער ייד, צערייסט מען זיין העמד און מען צעכאַפּט עס (מאָטעלע). מ׳האָט ויך אַמאָל געקריגט אין סלאָנים צוליב וואַטאָווע הויז פונעם רבין, צו וועלכן יורש זיי זאָלן געהערן.

ב) אַ שיכור וועט זיך אָפּגעוויינען פון טרינקען, אויב ער וועט אַ טרונק טון דאָס וואַסער, מיט וועלכן מען האָט געוואַשן דעם מת. (ל 274,18).

ג) אַ גנב, אַז ער קריגט אַ טויטע האַנט און קומט אַריין אין אַ שטוב מיט דער האַנט, פאַרשלעפערט ער אַלעמען (בריסק). דער פינגער פונעם מת עפנט אַלע שלעסער (ל 276,18). מיט די אָדערן וואָס מען האָט אַרויסגעצויגן פונעם מת באַקומען די גנבים אַ שליטה איבער זייערע קרבנות (ל 277,18).

24. **ציינער און נעגל:** ציינער און נעגל אַלס טיילן וואָס געהערן צום מענטשן טאָרן פון אים ניט אָפּגעטיילט ווערן. דעריבער היט מען זיי אָפּ טאַקע אַזוי שטאַרק, זיי זאָלן זיך ניט וואַלגערן, ווייל דאָס קען זיך שעדלעך אָפּרופן אויפן מענטשן. זיי גייען אויך מיט מיטן מענטשן אין קבר. עלטערע מענטשן באַהאַלטן זייערע ציינער, מ׳זאָל זיי שפּעטער אַריינלייגן אין קבר, אַז זיי וועלן שטאַרבן (ל 57,14 אַלג׳).

ביי אַנדערע פעלקער, צב״ש ביי די אוקראַאינער, לייגט מען אַריין אויך נעגל אין דער טרומנע (פּ 180).

ביי יידן פאַרברענט מען זיי צוזאַמען מיט אַ שטיקל האָלץ אָפּגעשניטן פון דער טיר, פענסטער אָדער טיש. די שטיקלעך האָלץ וועלן זאָגן עדות אויף יענער וועלט, אַז די נעגל זיינען פאַרברענט געוואָרן. דער מענטש וואָס וועט זיי ניט פאַרברענען, וועט זיי זוכן נאָכן טויט [1]. (ל 18,12 צויזמערער געגנט, וואָלין).

ווער ס׳האָט זיך דערשראָקן זעענדיק אַ מת, דער זאָל אַ קוק טון אויף די נעגל, דערנאָך אויפן הימל, און אַזוי דריי מאָל, וועט ער אויפהערן מורא צו האָבן. (ל 199,18).

אַז מען דערשרעקט זיך, נעמט מען אַרויס פון אונטער די נעגל און מען פאַרגראָבט עס אונטער דער ערד (אָשמענע). די נעגל זוכט די נשמה אויפן מיסט ביינאַכט; דערפאַר טאָר מען ניט ביינאַכט אַרויסטראָגן דאָס מיסט (אָרלע).

VII

## 25. דאָס פאַרזאָרגן דעם מת:

א) ווען דער טויטער ליגט אין שטוב, שטעלט מען אויפן פענסטער אַ גלאָז וואַסער מיט אַ שמאַטקע, כדי די נשמה זאָל זיך האָבן מיט וואָס צו וואַשן און אָפּווישן (מאָכעלע, לונע, סלאָנים).

ב) דעם מת לייגט מען ליימענע שערבלעך אויף די אויגן און אויפן מויל.

אין דער האַנט גיט מען אים אַריין הילצערנע גאָפּעלעך, אויף זיי וועט ער זיך אָנשפּאַרן און אויפשטיין אַז משיח וועט קומען (ל 8,12).

[1] מיט די נעגל זיינען פאַרבונדן פאַרשיידענע גלייבענישן, צב״ש: אַז מען קוקט אויף די נעגל, דערמאָנט מען זיך אָנעם טויטן. אַז מען לאַכט שטאַרק זאָגט מען: גיב אַ קוק אויף די נעגל, וועסטו ניט לאַכן (אָשמענע). צו די נעגל טשעפּען זיך די שדים (נ׳ ווילייקע).

(די לעצטע גלייבעניש זעט אויס ווי אַן אָפּקלאַנג פון יענער צייט, ווען דער מענטש האָט מורא געהאַט אַז אָפּפאַלן פון זיין קערפּער צי קליידונג זאָלן ניט אַריינפאַלן אין די הענט פון אַ מכשף. ווייל צוזאַמען מיט די זאַכן קען יענער פאַרכישופן אויך אים, זייער בעלעבאָס).

אַז מען גיט דעם קינד אַ נאָמען נאָכן טויטן, פאַלן אים אַראָפּ די שערבלעך, וואָס מען האָט אים אַריינגעלייגט אין קבר (ל 241,18). די שערבלעך לייגט מען אַוועק דעם מת אויף די אויגן ווייל ער האָט מקנא געווען. ביז מען לייגט אים ניט די שערבלעך איז ער נאָך אַלץ מקנא (בריסק).

דעם טויטן גיט מען גאָפּלען אין די הענט, כּדי ער זאָל האָבן מיט וואָס זיך צו רייניקן (לונע, מאָטעלע), ס'זאָל אים זיין גרינגער אויפצושטיין אַז משיח וועט קומען. די צווייגעלעך גיט מען אים, אַז ער ליגט נאָך אויף דער ערד; די שערבלעך לייגט מען אים אַרויף אַז ער ליגט אין קבר (סווענציאַן).

ג) מען לייגט אַוועק דעם מת בּרויט אויפן בּויך, אַ שטיקל אייזן, ער זאָל ניט געשוואָלן ווערן (בּיאַליסטאָק, סוועַנציאַן, מאָטעלע, וואָלפּ).

אַז דער מת ווערט געשוואָלן לייגט מען אַוועק בּרויט (אַ שוואַרץ שטיקל סקאָרינקע) מיט זאַלץ (אָשמענע).

מען לייגט אַרויף אַ שליסל (בּיאַליסטאָק), אַ שלעסל, אָדער אַ צינענעם טעלער (ל 189,18); אַמאָל אויפן מויל אַ צענערל (בּיאַליסטאָק).

מען לייגט אַרויף אויפן מויל ארץ־ישראל־ערד, די ווערעם זאָלן ניט אַריינקריכן; אין א״י־ערד האַלטן זיך ניט קיין ווערעם (מאָטעלע, וואָלפּ). טוענדיק דאָס אַלץ בּעט מען בּיים מת מחילה.

אַז דער מת דאַרף ליגן אַ טאָג צייט, לייגט מען אים אַוועק אַ קופּערנע מטבּע אויפן בּויך, בּרויט און זאַלץ (וואָלין). אויב אַ פייגעלע קומט עסן דאָס בּרויט, זעט מען אין דעם פאַרשיידענע סימנים: a) אַז דער טויטער איז געשטאָרבן פון הונגער און די נשמה איז געקומען אָפּעסן. b) אויב דער מת איז ניט געשטאָרבן פון הונגער, קומט דאָס די נשמה אין קערפּער פון אַ פייגעלע היטן דעם מת (ק' בּערעזע).

ד) אַ שוואַנגערע פרוי גיט מען מיט וויקעלעך אוןווינדעלעך פאַרן קינד (אָרלע). אַז מען האָט פאַרגעסן דער קימפּעטאָרין מיטצוגעבן אין קבר ווינדעלעך פאַרן קינד, איז זי געקומען צו חלום און געבּעטן. בּיינאַכט האָט מען די ווינדעלעך אַוועקגעלייגט אונטערן פענסטער; האָט מען זיי שוין אויף מאָרגן ניט געפונען (נ' סוועַנציאַן).

עס איז געשטאָרבן אַ פרוי וואָס האָט ניט געקענט אָפּגעבּן דאָס קינד. האָבּן די ווייבּער פון גאַנצן שטעטל געהאַלטן אין איין שמועסן צווישן זיך, אַז קוים וועט זי ניט אָפּגעבּן דאָס קינד, וועט דאָס גאַנצע שטעטל זיין זינדיק. דער רב האָט גערופן, אַז מען זאָל פאַרמאַכן די געוועלבּער, און ער האָט געבּלאָזן שופר און ער האָט גערופן די הייבּאַם. די יידענע האָט אָפּגעגעבּן דאָס קינד און ס'איז געבּליבּן בּיי די ווייבּער, אַז דער שופר האָט אָפּגענומען דאָס קינד. איין ווייבּל פון די חברה־יידענעס האָט געהאַלטן אין איין זאָגן (מיט אַ גמרא־ניגון) איבּער דעם טויטן ווייבּל, זי זאָל אָפּגעבּן דאָס קינד. מיט די ווערטער האָט זי געזאָגט צו איר: „גיב אָפּ דאָס קינד, ׳עט מען טון דיין רעכטס און דו וועסט גיין אין דיין רו אַריין. דו וועסט גיין גלייך אין גן־עדן אַריין, דיין נשמה וועט דאָך ווערן אויסגעלייטערט״. נאָך זאָגט מען בּיי אונז אין שטעטל, אַז דאָס קינד האָט מען געמאַלט טויטערהייט מיט אַ שטיקל גלאָז [1]. דער יידענע האָט מען מיטגעגעבּן גלעזערנע שיסעלעך מיט וויקלשנורן און ווינדעלעך, מיט פלאַכטעס, און נאָך אַזעלכע קלייניקייטן. די שיסעלעך האָט מען מיטגעגעבּן דערויף, אַז אויף יענער וועלט זאָל דאָס ווייבּל מיטן קינד קאָנען זיך וואַשן (לאַסקאַזשעוו, ייוו״א).

שיסעלעך בּאַקומען אַלע וואָס שטאַרבּן בּיי קינדער־האָבּן (דאָרט גופא) [2].

ה) אַז מען טראָגט צו דעם טויטן צו דער שול, גיט מען פאַר דער שול ספרים אָדער לייכטער פאַר דער נשמה. געוויינלעך גיבּן דאָס די קרובים פונעם טויטן דעם שמש, וואָס גייט פאָרויס מיט דער פושקע, און צוקומענדיק צו דער שול טראָגט ער עס אַריין (אָרלע).

26. שוועל: אין די גלייבּענישן פון פאַרשיידענע פעלקער פאַרנעמט די שוועל אַ בּאַדייטנדיקן אָרט. אונטער דער שוועל פלעגט מען אַמאָל בּאַגראָבּן די מתים בּיי פאַרשיידענע פעלקער (פּ 260).

פון דאַנען נעמען זיך די נאָך היינט אַזוי פאַרשפּרייטע גלייבּענישן, — אָפּקלאַנגען פון יענער צייט, ווען די שוועל האָט געשפּילט אַ ראָלע פון אַ הייליקן אָרט. צ״בש האַקן האָלץ אויף דער שוועל טאָר מען ניט, ווייל דאָס איז אַ שטער אין פּרנסה (סוועַנציאַן), ווייל דאָס קען בּרענגען צו אַ שריפה (דזעוועניִשאָק).

היינט זיינען נאָך פאַרבּליבּן אַ סך זאַבּאָבּאָנעס:

בּשעת ס'שטאַרבּט אַ מענטש און מען וועט זיך אַוועקלייגן אויף דער שוועל און קוקן דורך אַ לעכל פון אַ נאָדל, וועט מען דערזען דעם מלאך המוות; אָבּער דער וואָס קוקט וועט גלייך שטאַרבּן (ווילנע). אַז מען לייגט צו דעם אויער צום שוועל פון צימער, וואו ס'ליגט דער טויטער, הערט מען, ווי ער בּעט זיך, מען זאָל אים מוחל זיין די זינד, אָבּער דער וואָס הערט עס וועט תּיכף שטאַרבּן. דעריבּער טוט דאָס קיינער ניט (ק' בּערעזע). מען קען דעמאָלט הערן ווי דער בּעל־דבר מאָנט פון מענטש, און דער מת ענטפערט צוריק (ווילנע).

1 זע: געשטאָרבּענע מיט אַן אומנאַטירלעכן טויט.

2 בּיי די טשעכן בּאַקומט די קימפּעטאָרין אין דער טרומנע צריין נאָדל־פאָדעם, אַ פינגערהוט און אַ שער, זי זאָל קענען אויפבּייען דעם קינד אַ העמדל. די סערבּן לייגן אַריין די קליינע קינדער אין דער טרומנע: שפּילערייען, די שול־קינדער: שול מכשירים, די עלטערע: אַ קרוג מיט ווין אאַז״וו (פּ 171—72). אין אַן אוקראַאינישן דערפל אויף דער אונגאַרישער גרענעץ האָט מען אַריינגעלייגט צו אַ קינד אין דער טרומנע אַן איי, ס'זאָל זיך האָבּן מיט וואָס צו שפּילן (פּ 183).

מען הערט אויך ווי דער מת שרייט, אָבער דער מענטש וואָס טוט עס קען זיך צוריק ניט אָפּרייסן פון דער שוועל און שטאַרבט אויפן אָרט (סווענציאַן) [1].

27. פענסטער:

אַז ס'שטאַרבט אַ מענטש, עפנט מען דאָס פענסטער (מאָטעלע, לונע, סלאָנים) (ל 18, 193). אַז ס'שטאַרבט אַ קינד, טראָגט מען עס אַרויס דורכן פענסטער (קאָלאָמיי).

דורכן פענסטער טאָר מען ניט קוקן אויף אַ לוויה (סווענציאַן), ווייל ס'וועט שטאַרבן עמעץ פון די שטוביקע, אָדער מען וועט באַקומען געלזוכט (ל 18, 204, 223). מיטן פענסטער זענען פאַרבונדן אַ סך זאַבאַבאָנעס ענלעכע ווי מיט דער שוועל:

מען טאָר ניט דורכברעכן קיין פענסטער אויף דעם אָרט וואו ס'איז פריער ניט געווען ווייל דאָס קען אַרצופּברענגען דעם טויט (ל 14, 110 אַלג') [2].

## VIII

28. דאָס אָנזאָגן דעם טויט:

א) אַז ס'שטאַרבט עמעצער, טאָר מען ניט אָנזאָגן דעם טויט זיינע נאָענטסטע. מ'האָט אַן עבירה (בערעזנע). מען טאָר ניט אָנזאָגן דעם קרוב צוליב עגמת-נפש, זאָגט מען אָן דורך אַ גוי אָדער אַ קליין קינד (אָרלע, ניי-סווענציאַן). בכלל זאָגט מען אָן אַן אומגליק דורך אַ גוי (נ' ווילייקע).

אַז עמעץ שטאַרבט, זאָגט מען אָן באַלד איינער דעם אַנדערן. מען מיידט אָבער אויס אָנצוזאָגן דעם געשטאָר-

[1] אַט זיינען נאָך עטלעכע גלייבונגען, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער שוועל:

אויף דער שוועל זיצט מען ניט, סיידן אין דער צייט פון שבעה (ווילנע).

מ'טאָר ניט איבערשפּרייזן די שוועל, ווייל מען וועט ניט וואַקסן; דאָס זעלבע דורכן פענסטער (בריסק; אַלג'). געפערלעך איז האַקן האָלץ אויף דער שוועל פאַר אַ שוואַנגערער פרוי: אַ ווייבל האָט געבוירן אַ קינד מיט אַ צעשפּאָלטענער ליפּ, האָט מען דערציילט, אַז דאָס איז דערפאַר ווייל זי האָט זיך אין יאַסקע זייער שטאַרק געדונגען מיטן קצב. איז דער קצב געוואָרן אין כּעס און ער האָט אַ האַק געטאָן די שוועל מיט דער האַק (בילסק). אויב מען האַקט איבער דער שוועל מיט אַ האַק נאָכדעם ווי אַ שוואַנגערע פרוי גייט אַריבער, איז דאָס קינד מיט אַ צעשפּאָלטענער ליפּ (וואַרשע). אויב מען האַקט די שוועל אין מיטן, צעשפּאַלט זיך די ליפּ אין מיטן, אויב ביי דער זייט — צעשפּאַלט זיך די ליפּ ווייטער פון מיטן (ווילנע).

איבער דער שוועל טאָר מען זיך ניט געבן די הענט. (דזשע-ווענישאָק).

[2] מיטן פענסטער זיינען פאַרבונדן נאָך אַ סך זאַבאַבאָנעס ענלעכע ווי מיט דער שוועל:

דורכן פענסטער טאָר מען ניט אַריבערקריכן ווייל מען וועט ניט וואַקסן (אַלג'). מע וועט באַקומען אַ הויקער (פּיטריקאָוו, ק' בערעזע).

ביינאַכט טאָר מען ניט קוקן דורכן פענסטער (אָרלע). מע טאָר ניט אויפהאַקן אַ פענסטער אין אַ בלינדער וואַנט. אויב מען וויל זיך באַוואָרענען און יאָ קענען דאָס טון, מאַכט מען באַצייטנס אַ בלינד פענסטער (בריסק).

מען טאָר ניט פאַרמויערן אינגאַנצן ניט קיין פענסטער, ניט קיין טיר; מען דאַרף כאָטש איבערלאָזן אַ קליינע עפענונג אויף דעם אָרט וואו זיי זיינען געווען (אַלג').



בענעמס קרוב. מען טאָר עס ניט טון. דורך אַ גוי מעג מען אָנזאָגן (וואָלפּ).

דורך אַ בריוו צו אַ קרוב זאָגט מען ניט אָפן; מען ברענגט נאָר דערצו ער זאָל פאַרשטיין. מען שרייבט גרוסן פון אַלעמען, חוץ דעם ווער עס פעלט שוין, און מען צייכנט אָן אַ פירקאַנטיק קעסטעלע (וואָלפּ).

ב) אַז ס'שטאַרבט עמעצער, נעמט מען אַוועק פון שטוב די בהמות (ל 18, 194).

ג) אַז דער באַלעבאָס שטאַרבט, זאָגט מען אָן די בהמות, אַז דער באַלעבאָס איז געשטאָרבן: די בהמות מוקען דעמאָלט. מען זאָגט, אַז זיי פילן, אַז מען איז געשטאָרבן (בערעזנע). מ'בראָקט אַריין דער בהמה אין צעבער (וואָס ?), זי זאָל אויך וויסן אַז דער באַלעבאָס איז געשטאָרבן (וואָלפּ, סלאָנים).

29. דאָס קלאָגן נאָכן טויטן:

אַז עמעץ שטאַרבט אום שבת, טאָר מען ניט קלאָגן (בריסק).

צום טויטן פלעגן אַמאָל שוין אַליין קומען אומגע-בעטן ווייבער און ווייגען לעבן אים און אָנזאָגן אויף אים שבחים, גיין נאָך דער מיטה און ווייגען. שפּעטער נאָך דער לוויה פלעגט מען זיי מוזן באַצאָלן פאַר דער אַרבעט (קאָלאָמיי).

היינט איז מען זיך נוהג צו גיין אויפן הייליקן אָרט מיט אַן עלטערער יידענע, אַ שטענדיקער זאָגערקע, אַ „בע-טערקע" (אָרלע). זי זאָגט דאָס רוב פון „מעבר יעבוק", און אַלע קלאָגן (אַ רעשטל פון די אַמאָליקע קלאָגווייבער).

פון דער שטוב וואו ס'ליגט דער מת הערן זיך גע-שרייען און יללות. מען לויפט אַרויס אויף דער גאַס און מען שרייט: „אוי, אוי, אויף וועמען האָסטו אונז געלאָזן, אוי מיין צדיק, מיין רבי, מיין חכם, מיין טאַטע [תנאַי]"...

טראָגנדיק דעם מת: „זאָלן דיר גוטע מלאָכים אַנט-קעגן גיין..."

אויפן קבר: „אוי, אַזאַ ליכטיקן לויכטנדיקן שטערן האָט פלוצים אַ שוואַרצע כמאַרע פאַרדעקט..."

די געשרייען ווערן איבערגעריסן דורך שבחים:
„ער האָט דאָך אַ הייליקן מויל געהאַט...
ער פלעגט דאָך אויף קיינעם קיין שלעכט וואָרט ניט זאָגן.

אַזאַ כשרע נשמה, ער האָט דאָך אויף זיין לעבן קיינעם ניט אָנגערירט, אויף איין מינוט האָט ער דאָך זיינע קינדער נישט פאַרגעסן...

און איצטער האָט ער אונז איבערגעלאָזן. מיר האָבן דאָך אונזער גאַנצן שפּייזער פאַרלאָרן...

ווער וועט ערשט די קינדערלעך שיכעלעך מאַכן?
ווער וועט פאַר זיי אין חדר באַצאָלן?
אויף וועמען האָסטו אונז געלאָזן?
די קליינע שעפעלעך זיינען אָן אַ פּאַסטוך געבליבן.

האָסט דאָך אונז ווי אַ שיף אויפן מיטן וואַסער גע־לאָזן" (וואָלפּ).

„טייערער טאַטע, זיסער טאַטע, ווי לאָזסטו מיך איבער? עס איז דאָך געווען ליכטיק אין יעדער ווינקל.

וואָס טויג מיר די גניאַזדע אַז דער פויגל איז נישטאָ, ליבער טאַטע?" (לאַטקאַשזעוו, ייוו"א).

„טייערער מאַן, לעכטיקער מאַן! עס איז דעך מיר אָפּגעהאַקט מיין גאַנץ לעבן. וואו 'על איך גיין? וואו 'על איך שטיין? דער קליינער קען נאָך צומאָל ניט שטיין.

וואָס 'על איך טיען מיט אַזאַ שטוב קליינע ווערעם? מען 'עט זעך [=דאָך] דאַרפן אויסגיין פון הונגער און נויט, געטרייער טאַטע אין הימאָל!

אַלעוויי וואָלט איך בעסער געווען פאַרלייגט דיין גרוב. וואָס זאָלן מיינע פּיצעלעך שוואַלבן טיען אָן אַ שפּייזער? וואָס טויג מיר מיין לעבן? וואָס פאַרע פינצטער מזל האָב איך! פאַר וועלכע זינד קומט דאָס מיר? רבונו של עולם אין הימאָל, זאָלסט מיך ניט שטראָפן פאַר די רייד! (דאָרט גופא).

„מיין טייערער מאַן! ביסטעך [= ביסט דאָך] גע־שטאָרבן ווי אַן עמעסער קאָשערער ייד שטאַרבט און ווי אַן עמעסער ייד דאַרף שטאַרבן. זאָלסט מיר דערגרייכן אַ זכוסאָוועס פאַר מיר אַז איך זאָל האָבן אַ גוטע עלטער, איך זאָל ניט האָבן קיין קוואָרעס פאַר דער צייט!"

קיין טרערן לאָזט זי ניט דערביי, ווייל זי זאָגט, אַז די הייליקע תורה זאָגט אַז מען טאָר ניט וויינען אַז עס שטאַרבט אַ פרומער ייד (דאָרט גופא).

**30. דאָס אַרויסטראָגן דעם מת:**

א) נאָך פאַרן אַרויסטראָגן דעם מת פון שטוב זאָגט מען אים אָן צבֿ"ש:

„כאַצקל! זאָלסט ניט פאַרגעסן דיין נאָמען" (מאָ־טעלע, וואָלפּ).

דעם מת טראָגט מען אַרויס פון שטוב אויף אַ טהרה־ברעט (אָרלע) אָדער אין אַ ליילעך (וואָלפּ).

אַרויסטראָגנדיק דעם מת אין אַ ליילעך לייגט מען אים אַריין אין אַן אָרון — אַ שוואַרצער קאַסטן (נ' סווענציאַן).

ב) **די מיטה:**

די מיטה באַשטייט פון צוויי שטעקנס דורכגעפלאָכטן מיט אַ שטריק. אין מיטן לייגט מען אַוועק אַ ברעטל און מען לייגט אַוועק דעם מת. מען דעקט אים צו מיט אַ גע־ווינלעכער דעקע. נאָכהער באַנוצט מען די דעקע ווייטער (בערעזנע).

די מיטה איז מיט אַ דערהייבונג אויפן אָרט וואו דער קאָפּ דאַרף ליגן. אין דער מיטה לייגט מען אַריין אַ קישן, נאָר ניט פון הינערשע פעדערן (וואָלפּ).

מען לייגט אַריין אַ קישעלע (אָשמענע).

ג) מען טראָגט אַרויס דעם מת מיט די פיס צו דער טיר (אַלג'). אַז מען טראָגט אַרויס דעם מת, עפנט מען אַ פענסטער (וואָלפּ). נאָכן אַרויסטראָגן דעם מת דאַרף מען תיכף פאַרמאַכן די טיר, דער מת זאָל ניט צוריקקומען (ל 211,18), אָדער פאַרקערט, מען עפנט אויף ברייט אַלע טירן (בערעזנע).

מען טאָר ניט אַרויסטראָגן גלייך די שטרוי, אויף וועלכער דער מת איז געלעגן (וויסאָקע).

מען וואַשט אויס דעם אָרט וואו דער מת איז גע־לעגן (בערעזנע, אָרלע) 1.

ד) מען פאַרקערט גלייך די שטוב (אָרלע, בערעזנע) (ל 106,14). דערפאַר טאָר מען ניט פאַרקערן די שטוב אַז מען פאָרט אַרויס (בערעזנע). מען טאָר אויך ניט זאַלבענאַנד קערן די שטוב (בערעזנע, קאָברין). מען קערט איבער די שטולן, מען שטעלט אַרויס וואַסער, די נשמה זאָל האָבן מיט וואָס זיך צו וואַשן (קאָברין).

מען שטעלט אויך ליכט, כדי דער נשמה זאָל זיין ליכטיק דער וועג (קאָברין).

**31. דאָס צעברעכן די טעפּ:**

בוקסטאָרף שרייבט וועגן דעם ז' 630: Wann man ihn aus dem Hauß tregt w e r f f e n s i e i h m e i n E r d e n e T o p f n a c h, zeigen darmit an daß mit ihm alle Traurigkeiten auß dem Hauß hinweg und zerbrochen seyn solle.

דער מנהג איז זייער פאַרשפּרייט אויך ביי ניט־יידן: אין פּרייסן צעקלאַפּט מען די שיסל, אין וועלכער מען האָט געוואַשן דעם מת, אָנעם ראָד פון וואָגן אויף וועלכן ס'ליגט די טרומנע. אין דייטשלאַנד איז פאַרשפּרייט דער גלויבן, אַז ווען די שיסל צעברעכט זיך ניט נאָכן ערשטן וואָרף, איז עס אַ סימן אַז אין שטוב וועט עמעצער שטאַרבן (פּ 257—58)

ביי יידן לעבט דער מנהג נאָך היינט, אָבער שוין אין אַן אַנדער פאָרם: אַז מען טראָגט אַרויס דעם מת, צעברעכט מען די טעפּ און מען וואַרפט זיי אָן אַ זייט (ק' בערעזע).

אַז ס'שטאַרבט עמעצער, צעברעכט מען אַן ערדענעם טאָפּ (בריסק). מען קויפט נייע ערדענע טעפּ, אין וועלכע מען קאָכט אויף דאָס וואַסער פאַרן טויטן. אַז מען טראָגט אים אַרויס, צעברעכט מען זיי (קאָלאָמיי).

IX

## 32. די לוויה.

אויב ס'דאַרפן קומען קינדער פונעם פאַרשטאָרבענעם, וואַרט מען אויף מיט דער לוויה אויך ביזן צווייטן טאָג (אָשמענע.)

אַז מען פירט דעם בר־מינן, זעט מען אַז די פיס זאָלן זיין צום בית־עולם (וואָלפּ).

1 אהער וועט ווארשיינלעך געהערן דער מנהג: אַז אַ קינד פּאַלט, גיסט מען אויף דעם אָרט וואַסער (אָרלע).

דעם מת פירט מען ארויס דריימאל, און מען ברענגט אים צוריק אין שטוב. צום דריטן מאל הייבט זיך ערשט אן די לוויה (לאשקאוויטש).

דער מנהג איז אויך באקאנט ביי די פאליאקן, דייטשן (פ 284). ביי די כארוואטן גיט מען א שמיץ מיט דער בייטש דריי מאל, כדי די נשמה, וואס זיצט אויף דער טרומנע, זאל אראפגיין (פ דארט).

אז מען פירט ארויס דעם מת פון שטוב, קוקן אלע, צי די פערד שטעלן זיך ניט אפ; אויב יא, איז עס א סימן אז שדים ווילן זיי ניט לאזן פארן (בריסק).

קינדער טארן ניט גיין נאכן פאטער אויף דער לוויה. מען שיקט זיי אפריער צום אוהל. נאך א מוטער מעגן זיי יא גיין (קאלאמיי).

33. די ארדענונג:

א) קודם גייט די מיטה. דער אבל ווערט פון ביידע זייטן געפירט. דערנאך גייען די נאענטע און פרויען.

מענער און פרויען טארן ניט גיין צוזאמען אויף דער לוויה. צוערשט גייען מענער, דערנאך פרויען (ארלע).

פארויס גייט שטענדיק די מיטה, נאר ווען ס'איז א חשובער מת, גייען קינדער אפריער (זיי זיינען ריין פון זינד) און שרייען: „צדק לפניו יהלך, וישים לדרך פעמיו". דער שמש היט אפ די ארדענונג און שרייט כסדר: „ווייבער באזונדער!" (מאטעלע).

ב) דעם מת פירט מען אדער מען טראגט אים צום בית-עולם. געוויינלעך פירט מען די פשוטע, די חשובע טראגט מען (מאטעלע, פעטריקאוו, סוועטנציאן, בילסק, וויסאקע).

ס'איז א גרויסער כבוד פארן מת אז מען טראגט אים (בריסק).

ביי קריסטן איז פארקערט: א בכבודיקן מת פירט מען, און אזוי טראגט מען (אלג').

ביי ארעמע יידן טראגן די מיטה די שמשים, ביי רייכע רייסט מען זיך. יעדערער וויל טראגן (אשמענע).

דעם מת טראגט מען, אויב דער בית-עולם איז ניט ווייטער ווי צוויי ווירסט. א גרויסן צדיק טראגט מען אויך ווייטער ווי צוויי ווירסט (קי בערעזע).

ביי א לוויה פון גאר א חשובן שפאנט מען אויס די קארעטע און מען שלעפט זי אליין (בילסק).

אין ווילנע פירט מען דעם מת אויפן בית-עולם. דארט וואשט מען אים.

אין קלענערע שטעטלעך טראגט מען דעם מת.

אין קאלאמיי טאר מען ניט פירן דעם מת, נאר טראגן. מען דערציילט, אז בעת מען האט געקויפט דעם פלאץ פארן נייעם „הייליקן ארט", האט מען גענומען דאס ווארט ביים קהילה-פארזיצער, אז מען וועט ווי ביז א הער אויך ווייטער טראגן די מתים, כאטש ס'איז זייער ווייט.

ג) די לוויה שטעלט זיך אפ 7 מאל איידער מען גייט ארויף אויפן בית-עולם (ווילנע).

מען זאגט: „ער גייט ווי אויף א לוויה" אויף איינעם וואס שטעלט זיך אפ אלע ווייל (ווילנע).

מען שטעלט זיך אפ מיט דער מיטה 7 מאל און מען זאגט „ויהי נועם" (צי רופט מען דאס די 7 הקפות?) (מאטעלע).

מען שטעלט זיך אפ: אויפן שולהויף, לעבן באד און אויפן וועג (וואלפ).

פונעם שולהויף שליסן זיך אפ א טייל מיטגלידער, מען גייט פארביי דער באד, וואו עס שטעלט זיך אפ נאך א גרעסערער טייל. מען גייט אריין אין באד וואשן די הענט (וואלפ).

אז מען גייט מיט דער לוויה ביזן בריקל, דארף מען ניט וואשן די הענט, נאכן בריקל יא (ארלע).

אויפן שולהויף מאכט מען פאר יעדן א הזכרה (וואלפ).

אויף א לוויה פון א רב מאכט מען א הספד אויפן שולהויף און אויפן בית-עלמין (וואלפ) [1].

א בכבודיקן מת שטעלט מען אפ לעבן בית-מדרש וואו ער האט געדאווענט (סוועטנציאן). מען טראגט אים דורך צווישן די בענק פון בית-מדרש און דערנאך מאכט מען א הספד (סוועטנציאן).

34. הספד:

אנהייב פון א הספד נאך א למדן: „קול ברמה נשמע, רחל מבכה את בניה" (וואלפ).

אדער: „אוי לה לספינה, שאבדה את קברניטיה".

אדער: „נפלה עטרת ראשינו" (וואלפ).

35. דאס קלינגען אין דער פושקע.

ביי דער לוויה גייט ארום א ייד אדער א יידענע, קלאפט אין א בלעכענער פושקע און רופט אויפן קול: „צדקה תציל ממות!" יעדער איינער ווארפט אריין פאר דער נשמה פונעם מת (ארלע).

אין ביאליסטאק, אז מען קלינגט אין דער פושקע, רופט מען: „מת מצווה!". אז מען ווארפט אריין אין דער פושקע, פארהיט מען זיך פאר א פלוצימדיקן טויט; דאס געלט גייט פאר ארעמע לוויות (ל 222,18).

רעדנדיק וועגן דעם באטייט פונעם גלאק אלס א דעמאנען-פארטרייבנדיקער כוח שרייבט פישער אין זיין בוך: „אין מיטלעלטער האט מען געגלייבט, אז מיטן קלינגען אין דער צייט פון דער לוויה פארטרייבט מען די בייזע רוחות; דערפאר פלעגט מען קלינגען ניט נאר פון די קלויסטער-גלאקן, נאר אויך מענטשן, וואס זיינען מיטגעגאנגען אינעם לוויה-צוג, האבן געהאט גלעקלעך, און אין אטלאנד איז פארן צוג געגאנגען א מענטש און געקלונגען (פ 146). איז

1 אז מען טראגט דעם מת פון דער שול נאכן הספד, זאגט דער שמש: „מען טראגט דיך אוועק פון דער שול!" (קאלאמיי).

אפשר אונזער פּושקע־קלינגען אַ יידישע באַאַרבעטונג פון אַט דעם מנהג, געבנדיק אים אַן אַנדערן אינהאַלט?

36. דאָס שופר־בלאָזן.

אויב ס׳שטאַרבן דריי צדיקים אין איין טאָג, בלאָזט מען שופר (ק׳ בערעזע).

נאָך אַ חשובן ייד בלאָזט מען שופר פאַר דער שול נאָכן הספד, אָדער אין שטוב מען בלאָזט נאָר איין מאָל תקיעה (קאָלאָמיי).

37. דער פּורמאַן זיצט די גאַנצע צייט אויפן קאַסטן (נ׳־ווילייקע, בריסק, ביאַליסטאָק).

ער באַנוצט ניט קיין בייטש (נ׳־סווענציאַן, ביאַלי־סטאָק). דער לעצטער מנהג ווערט אויך אָפּגעהיט ביי אַנ־דערע פעלקער: פּאָליאַקן, דייטשן (פ 286).

אין שטאָט פירט מען דעם קאַסטן פּאַמעלעך. נאָר אונטער דער שטאָט פאָרט מען גאָר גיך אַוועק (ביאַליסטאָק, בריסק). אין שטעטל גייט מען פּאַמעלעך, גייט מען אָבער אַרויס פונעם שטעטל, לויפט מען גיכער (וואָלפּ, פּיאָסק).

די לוויה דאַרף גיין צום בית־עולם מיטן „אַלטן" וועג (ל 225,18).

אַ מת טאָר מען ניט טראָגן דורך אַ קירצערן וועג, בפרט אַז דאָס איז אַ פעלד, אַ גאָרטן, אָדער אַ שמאָלינקע געסעלע. (זע פונקט 20: שעדלעכע ווירקונג פונעם מת).

ס׳איז אַ גרויסע חרפה פאַרן מת, אַז מען פאָרט מיט אים אַריבער אַ וואַסער. אַז מען קען אים אויף אַן אַנדער אופן ניט אַוועקפירן אין זיין היים־אָרט, איז שוין בעסער אים צו באַהאַלטן אויף אַ פרעמדן בית־עולם (ל 229,18). דעם טויטן טאָר מען ניט פירן איבערן וואַסער (דוקשט). דעם מת פירט מען דורך יידישע גאַסן (סווענציאַן). מען מיידט אויס, אויב מען קען, גויאישע גאַסן (ביאַליסטאָק).

38. דער מת פילט און הערט.

געוויינלעך האַלט מען צו דעם קאַסטן, ער זאָל זיך ניט טרייסלען, ווייל דער מת פילט דאָס אַלץ.

בכלל הערט דער מת אַלץ ביז וואַנען מען פאַרשיט דעם קבר (ביאַליסטאָק).

ביז מען שיט אויפן מת דעם דריטן רידל ערד, גלייבט ער זיך ניט, אַז ער האָט אויפגעהערט צו לעבן. ביז דעם מאָמענט הערט ער די קלאָגן און די שבחים וואָס מען זאָגט אים נאָך, און דאָס פאַרשאַפט אים זייער פיל נחת (ל 201,18).

39. דער אַריינפאָר אויפן בית־עולם.

פאַרן אַריינפאָרן אויפן בית־עולם, ביים טויער, קוקן אַלע, צי די פערד שטעלן זיך ניט אָפּ. אויב יאָ, איז עס אַ סימן, אַז שדים ווילן ניט לאָזן אַרויפפאָרן אויפן בית־עולם. דאָס זעלבע ביים אַרויספאָרן פון שטוב (בריסק).

אויפן „גוטן אָרט" גיט מען אַ קלאַפּ אין טירל. דער־נאָך שליסט מען עס אויף. מען קלאַפּט דערפאַר: א) די טויטע זאָלן זיך פרייען, אַז עס קומט צו זיי צו נאָך אײ־נער, ב) ווייל ביים אַריינגאַנג איז פאַראַן אַ קליין פעדער־הייזל, אין וועלכן ס׳ליגן מצבות און זאַכן צו גראָבן קרקעות. אין דעם פעדערהייזל האָבן ליב צו רוען ניטגוטע. קלאַפּט מען דריי מאָל. די ניטגוטע זאָלן גיין אין זייער רו אַריין (לאַסקאַזשעוו. ייוו״א).

X

40. דער קבר:

דעם קבר מאַכט מען דריי איילן די ברייט און די לענג. איז ער צו קורץ, מאַכט מען אַ גריבל אונטערן קאָפּ אָדער אונטער די פיס (בריסק).

דעם קבר מאַכט מען פון דריי ברעטער: צוויי ביי דער זייט און איינע פון אויבן. נאָר ערשטגעבוירענע און כוהנים באַקומען אַ פערטע ברעט פון אונטן (ל 230,18).

דער „קאַסטן" באַשטייט פון צוויי לאַנגע ברעטער ביי די זייטן און צוויי קורצע. אונטן איז הוילע ערד. מיט אַ ברעטל פאַרדעקט מען דעם מת (מאָטעלע, וואָלפּ).

דער „קאַסטן" וואָס מען לייגט אין קבר, איז אַ גע־צאַרגעטער [1] (בילסק). ער דאַרף זיין אָן טשוועקעס (אָשמענע). אַ שניידער מאַכט מען אַן „אָרון" פון זיין טיש, ער זאָל זיין אַן עדות אַז דער שניידער האָט ניט גענומען יתור (בילסק).

אונטערן קאָפּ לייגט מען אַ זעקעלע ערד. אַמאָל גע־בראַכט פון ארץ־ישראל, די ערד היט אָפּ דעם מת פאַר ווערעם (ל 231,18). די באַגראָבענע אין א״י האָבן ניט צו ליידן פון ווערעם; אויך אַ גוף פון אַ צדיק צעפאַלט זיך נאָכן טויט אין שטויב און פוילט ניט (ל 245,18).

אויפן ברעטל וואָס דעקט צו דעם מת לייגט אַוועק איינער פון דער חברה־קדישא אַן אָפּגעריסן צווייגל, אין אַ פאָרם פון אַ שלאָס: „זאָל זיך די ערד מיט דיר פאַרמאַכן!" (ל 232,18) [2].

אין ווילנע פלעגט מען פריער באַהאַלטן די מתים אין אַ ליילעך; אָבער פון דער דייטשער אָקופּאַציע אָן לייגט מען אַריין אין אַ קאַסטן, צונויפגעקלאַפּט פון ברעטער.

אַ מענטש וואָס איז געבוירן מיט ציינער באַגראָבט מען מיטן פנים אַראָפּ (ל 227,18).

דעם מת לייגט מען אין קבר מיטן פנים קיין מזרח, ער זאָל קענען גיין פאָרויס, פאַר זיך, אַז משיח וועט קומען (ל 226,18). אַריינלייגנדיק דעם מת זאָגט מען אים אָן, ער זאָל ניט פאַרגעסן זיין נאָמען, אַז ס׳וועט קומען דער מלאך־הדומה.

מען געזעגנט זיך מיט אים מיט די ווערטער: „די וועלט איז שוין ניט פאַר דיר" (ל 235,18). דער שמש איז אים מודיע, אַז ער איז אויסגעשטראָכן פון אַלע חברות וואו ער איז געווען פאַר זיין לעבן. אין קעגנפאַל, ווען דער

1 ד״ה אַ געצײנדלטער.

2 זע: מיטלען אויף אויסצומיידן דעם טויט.

מת ווייסט ניט אַז ער האָט איבערגעריסן מיט זיינע חברים, קען ער צוריקקומען און סטראַשען (ל 105,14).

איינער פון די חשובסטע גייט אַראָפּ אין קבר, שטעלט זיך אויף די ביידע זייט־ברעטלעך, אַזוי אַז דער מת ליגט אין מיטן און פאַרריכט אים די שערבלעך אויף די אויגן (מאַטעלע). שאַרבנס לייגט מען אין קבר (מאָטעלע).

ביז צום דריטן רידל הערט און פילט דער מענטש אַלץ (ל 201,18).

אַמאָל דאַוונט מען מנחה אויפן פעלד (מאָטעלע).

אַז מען האָט שוין פאַרשאָטן דעם קבר, גיט דער שמש מיטן רידל דריי מאָל אַ קלאַפּ און זאָגט: „ביסט געשטאָרבן, ביסט געשטאָרבן, ביסט געשטאָרבן!" (מאָטעלע).

41. זאַבאָבאָנעס פאַרבונדן מיטן קבר:

א) ווער ס'ווערט אויף דער לוויה עפּעס אַראָפּלאָזן אין קבר, דער וועט שנעל שטאַרבן (ל 347,18).

אַז מען גייט אַוועק פונעם קבר, דאַרף מען שטענדיק איבערלאָזן אַ צייכן: אַוועקלייגן אַ בינטל צונויפגעבונדן גראָז אָדער אַריינשטעקן אַ צווייגל, אַ שטעקעלע, דער טויטער זאָל דעם באַזוך געדענקען (ל 254,18). מען רייסט אָן אַ ביסל גראָז און לייגט אַוועק אויפן קבר (מאָטעלע).

בוקסטאָרף דערציילט ז׳ 631: ... kehren sich um und gehen mit grossen Heule und Geschrey vom Grab wider heim, bucket sich ein jetlicher darzwischen, dreymal nider reisset gras aus der Erden, wirfts hinder sich über den Kopf; soll ein Zeichen und bekentniß seyn auf den Auferstehung der Todten, welche wiederum herfür sprossen und blühen werden wie das gras.

דער אָבל וואָס באַזוכט דעם קבר באַקלאָגט זיך פאַרן פאַרשטאָרבענעם אויף זיין ביטערן מזל און בעט אים, ער זאָל זיין אַ מליץ־יושר. אַמאָל לאָזט ער איבער אויף זיין קבר אַ צוזאַמענגעלייגט קוויטל, וואו ער שרייבט אויס זיינע בקשות, אונטערשרייבנדיק זיינעם און דער מוטערס נאָמען. אַזעלכע קוויטלעך לייגט מען צומייסט אויף קברים פון צדיקים (ל 253,18).

אויף קברים פון חשובע מענטשן, נאָכן אַוועקגיין, לייגט מען אַוועק אַ שמאַטקע (סלאָנים).

דער מת האָט אַמאָל ניט קיין רו אין קבר. אַז מען באַוויינט אים צו שטאַרק, קען ער ניט איינליגן רואיק און באַווייזט זיך פאַר זיינע נאָענטע אין אַ העמד דורכגעווייקט מיט טרערן (ל 240,18).

אַז דער טויטער באַווייזט זיך אין חלום אַמאָל און קלאָגט זיך אויף די קריוודעס וואָס מען האָט אים אָנגעטאָן ביים לעבן, דאַרף מען אויפצומאָרגנס גיין אויף זיין קבר און פאַר צען עדות אים איבערבעטן (ל 260,18).

בכלל אַז דער מת קומט אָפּט צו חלום, דאַרף מען גיין אויף זיין קבר און בעטן ביי אים מחילה (ל 239,18). וועמען מ'האָט ניט גוט באַגראָבן, דער קומט ביינאַכט צו זיינע נאָענטע און וואַרפט זיי דאָס אויף. אויף מאָרגן דאַרף מען אים גיין איבערבעטן (ל 238,18).

אויפן קבר פון אַ רבי אָדער אַ צדיק שטעלן די באַזוכער אָן אָנגעצונדן ליכט (ל 255,18).

ב) דער טוי פונעם גראָז וואָס וואַקסט אויפן בית־עולם העלפט צו אויגן־קראַנקהייטן (ל 278,18).

פירות פוןביימער וואָס וואַקסן אויפן בית־עולם טאָר מען ניט רייסן, ווער רעדט נאָך עסן (ל 258,18). בלומען אויפן קבר טאָר מען ניט רייסן. מען טאָר זיי אויך ניט שמעקן, ווייל מען וועט פאַרלירן דעם חוש הריח (ל 257,18).

מען טאָר ניט צונעמען פונעם קבר אפילו אַ ביסעלע ערד, מען טאָר זי ניט איבערלייגן אויף אַן אַנדער קבר (ל 256,18).

ג) אַן אָפּגעהאַקטע האַנט אָדער אַ פוס דאַרף מען באַגראָבן אויפן בית־עולם, אָפּהיטנדיק אַלע מנהגים, דער טויטער זאָל קענען שפּעטער גיך געפינען דעם פעלנדיקן אבר. דאָס זעלבע היט מען אָפּ, אַז מען באַגראָבט אַ געפונענעם מענטשלעכן ביין (ל 233,18).

ד) אַז מ'שטעלט אַ מצבה אויפן קבר, איז דאָס פאַרן מת אַ פייערלעכער מאָמענט; די לעבעדיקע וואָס נעמען דערביי אַן אָנטייל שרייען אויס: „מזל טוב, מזל טוב!" (ל 252,18).

די מצבה שטעלט מען אין אַ יאָר אַרום נאָכן טויט, פריער טאָר מען ניט (אָרלע).

ה) צוויי פיינט באַגראָבט מען ניט איינעם לעבן דעם אַנדערן. מען באַגראָבט אויך ניט אַ זינדיקן לעבן אַ צדיק (ל 228,18).

אַז ס'שטאַרבט דער מאַן מיט דער פרוי אין איין טאָג, באַגראָבט מען פריער די פרוי און שפּעטער דעם מאַן, ווייל זי האָט גורם געווען זיין טויט [1] (מאָטעלע).

42. זיבן הקפות. אַז מען טראָגט אַרויף דעם מת אויפן הייליקן אָרט, שטעלט מען זיך אָפּ זיבן מאָל פונעם אוהל ביזן קבר. זיבן מאָל לאָזט מען אַראָפּ די מיטה, און זיבן מאָל הייבט מען זי ווידער אויף און מען זאָגט: „ויהי נועם". מען רופט דאָס: „מען מאַכט 7 הקפות" (קאָלאָמיי). די „הקפות" מאַכט מען ביי יעדער. (קאָלאָמיי).

צוריקגייענדיק פון דער לוויה גייען אַריין די מאַנסלייט אין בית־מדרש: זיי זאָגן „ויהי נועם", און ביי יעדן מאָל זעצט מען זיך אויף אַן אַנדער אָרט (וואָלפּ).

אַז מען קומט פון דער לוויה אַהיים, זאָגט מען „ויהי נועם", און ביי יעדן מאָל זעצט מען זיך אויף אַן אַנדער אָרט (בילסק).

בוקסטאָרף ז׳ 632: Wenn sie wider in die Vorkirche kommen, wäschen sie ihre Hände und sagen: „Der Herr hat den Tod verschlungen in Ewigkeit, der Herr

1 אַן אָנצוהערעניש אויף חוה און אָדמען.

wird die Tränen von allen Angesichten abwaschen*. Gehen damit in die Kirche, setzen sich wieder, bald hüpfen sie von einem ort zum andern und verwandeln wol siben mal ihr statt.

### 43. קריעה.

איידער מען לייגט דעם פּאָטער אין קבר, רייסט מען קריעה דעם זון (ל 13,12).

קריעה רייסט מען אויפן בית עולם (סווענציאַן).

נאָכן קדיש זאָגן שטעלן זיך אויס אַלע פון דער משפּחה אין אַ ריי, און מען שניידט זיי איין די זאַכן (ביאַליסטאָק). מען רייסט אָבער אויך קריעה אין שטוב איידער מען טראָגט אַרויס דעם מת (בערעזנע, בריסק, בראַסלאַוו, וואָלפּ, קאָברין, אָרלע, רישקאַן).

תּיכּף ווי דער מענטש שטאַרבט זאָגט מען: „ברוך דיין אמת", און מען רייסט קריעה אין שטוב (מאָטעלע). פאַרן אַרויסטראָגן דעם מת רייסט קריעה דער קברן מיטן מעסערל (סלאָנים). מען רייסט קריעה אין שטוב וואו דער מת איז געשטאָרבן. דערביי שטייט דער וואָס רייסט די קריעה פון איין זייט און דער וואָס מען רייסט פון דער צווייטער זייט (פונעם מת?) (ק' בערעזע). אַז מען טראָגט דעם מת פאַרביי דער שול, שטעלט מען זיך אָפּ, און דאָ רייסט מען קריעה (וואָלפּ).

### 44. קדיש.

קדיש זאָגט מען צומייסט אויפן בית-עולם (ק' בערעזע, וויסאָקע, בראַסלאַוו, סוועגציאַן). אַמאָל אויך אין שטוב (?) (קאָברין).

אַז ס'זיינען נישטאָ קיין יינגלעך, זאָגן מיידלעך קדיש (?) (ווילנע, ביאַליסטאָק, אָרלע).

## XI

### 45. געשטאָרבענע מיט אַן אומנאַטירלעכן טויט.

א) קימפּעטאָרין: אַ קימפּעטאָרין באַקומט נאָך אַ שוואַרץ (צעראַטן) אונטערקליידל אונטערן העמד און לעדערנע שיך מיט זוילן, באַשלאָגענע מיט אייזערנע טשוועקעס (ל 207,18) [?] אַ קימפּעטאָרין טוט מען ניט אָן קיין תּכריכים (בריסק).

מען לייגט זי צוזאַמען מיטן קינד (בריסק).

אַז ס'שטאַרבט אַ שוואַנגערע פרוי, דאַרף מען איר מיטגעבן וויקעלעך מיט ווינדעלעך (בריסק).

אַז ס'שטאַרבט אַ פרוי וואָס האָט געדאַרפט געבוירן אַ קינד, זעט מען מיט אַלע מיטלען דאָס קינד פון איר צו באַקומען, און מען גיט איר מיט אין קבר גלעזערנע שיסעלעך, וויקלשנורן און ווינדעלעך (לאַסקאַזשעוו, ייוו"א) [1].

ב) אַ קינד: אַ קליין קינד, אָדער אַ קינד וואָס ווערט געבוירן פאַר 9 מאָנאַטן, טראָגט דער קברן אַוועק

1 זע אויבן נומ' 25 ד).





אין אַ קאָשיק אויפן בית-עולם (אָרלע). אַ קליין קינד טראָגט דער קברן אַליין אַוועק. קיינער גייט ניט מיט (פּעטריקאָוו). מען טראָגט עס אַוועק אין אַ זעקל (וויסאָקע), אין אַ קישן (סוועגציאַן, ק' בערעזע), אין אַ פּאַטשיילע (וואָלפּ). אַ טויט „עופעלע" טראָגט דער שמש אַוועק אין דער פּאָלע (מאָטעלע, סלאָנים). מען לייגט עס אויך אַריין אין אַ מולטער אויסגעבעט מיט שטרוי (ווילנע, בריסק, סוועגציאַן).

די מולטער לאָזט מען איבער אויפן בית-עולם (אויפן קבר?) (בריסק).

בכלל ריכט מען ניט אָפּ די טרויער-מנהגים נאָך אַ טויט קינד וואָס איז נאָך ניט אַלט קיין חודש. מען זיצט ניט קיין שבעה, און שלשים טרויערט מען ניט. נאָר דער שמש קומט, וויקלט אַרום דאָס קינד אין פּאַטשיילע און באַגראָבט עס. נאָך אַ קינד פון אַ חודש און ווייטער טרויערט מען. נאָר קיין קדיש זאָגט מען ניט ביז נאָך אַ קינד פון 13 יאָר (אַלג').

אַז ס'שטאַרבט אַ קינד יונגערהייט, זאָגט מען, אַז ס'האָט דערלעבט עמעצנס ניט דערלעבטע יאָרן (בריסק).

ג) כּלה: אַז ס'שטאַרבט אַ כּלה מאַכט מען אויפן בית-עולם „אַ שוואַרצע חופּה", און אונטער איר שטעלט זיך דער חתן לעבן דעם קאַסטן (בריסק) [2].

אַ כּלה באַקומט אַ שוואַרצע לענטע ביים טשעפּיק (אָנשטאָט אַ ווייסער). אויפן קבר שטעלט מען אַ חופּה פון שוואַרצן שטאָף אויף דער צייט פון תּפילה. **דער מנהג ווערט פאַרשוואונדן אַלץ מער** (ל 209,18).

אַז ס'שטאַרבט אַ כּלה, טוט מען איר אָן „אַ גערליאַנדע". מ'פלעכט איר אַריין לענטעס אין די האָר (בערעזנע).

אַז ס'שטאַרבט אַ כּלה און זי האָט זיך שוין אויפגענייט אַ חופּה-קלייד, טוט מען איר אָן דאָס קלייד מיט דער „גערליאַנדע". אויב קיין חופּה-קלייד האָט זי נאָך ניט, טוט מען איר אָן מער ניט ווי „אַ גערליאַנדע" (ק' בערעזע).

ד) אַ הורג: אַ הורג טוט מען קיין שום רעכט ניט (מען ריכט אים ניט אויס אויפן וועג), ווייל ער איז אַ קדוש (מאָטעלע, סלאָנים).

מען איז אים מקבר אין די זאַכן, מ'זאַמלט צונויף דאָס בלוט וואָס אַרום אים און באַגראָבט עס (מאָטעלע סלאָנים, בריסק).

ה) אַ זעלבסטמערדער: אַ מאבד עצמו לדעת, און אויך אַ זונה איז מען מקבר אונטער אַ פּאַרקאַן (סלאָנים, מאָטעלע). מען טוט זיי ניט קיין רעכט (ל 18 ,219)

בכלל, ווער ס'שטאַרבט מיט סימנים פון בלוט, דעם באַגראָבט מען צוזאַמען מיט זיינע זאַכן; בלוט טאָר מען ניט מטהר זיין (בילסק). אין אַ פאַל ווען איינער שטאַרבט און דער ליילעך אויף וועלכן ער שטאַרבט איז פאַרבלוטיקט, באַגראָבט מען מיט אים אויך דעם ליילעך (מאָטעלע, וואָלפּ).

2 דער מנהג איז זייער אַן אינטערעסאַנטער. צום באַדויערן פאַרמאָגן מיר קנאַפּע ידיעות וועגן דעם.

אַז עמעץ האָט זיך אויפגעהאַנגען, ווערט אַ שטאַרקער ווינט (אַלג׳). מען זאָגט אויך, ווען ס׳איז אַ שטאַרקער ווינט: עמעץ וועט זיך הענגען (ראָזשאַנאָי). אויך אַז ס׳שטאַרבט אַ בעל=עבירהניק, רייסן די בייזע רוחות זיין גוף, און פליענדיק און דרייענדיק זיך מאַכן זיי אָן אַ שטאַרקן שטורעם (ל 217,18).

46. מיטלען אויף אויסצומיידן דעם טויט.

א) אין טאָגטעגלעכן לעבן זעט דער פאָלקסמענטש אויסצומיידן אַלע באַוועגונגען און האַנדלונגען, וואָס קענען נאָר דערמאָנען דעם טויט אָדער זיינע באַגלייט=ערשיינונגען.

דעריבער טאָר מען ניט: שלאָפן אויף אַ טיש, זיך לייגן מיט די פיס צו דער טיר, גיין אין זאָקן. קערן זאַלבענאַנד, תיכף פאַרקערן די שטוב, אַז מען פאָרט אַוועק (פון דאַנען נעמט זיך וואַרשיינלעך דער מנהג פון צוזעצן זיך איידער מען לאָזט זיך אין וועג), נייען זאַלבענאַנד, נייען אויף זיך, אַריבערשפּרייזן די שוועל, דעם פענסטער [1].

ב) ס׳זיינען פאַראַן אין די לוויה=מנהגים געוויסע אַקטן, וואָס ווייזן אַרויס בולט דעם מענטשנס ווילן צו פאַרמאַכן אַלע וועגן פאַרן מלאך=המות. (צב״ש, ווען מען לייגט אַריין אין קבר אַ צווייגל אין פאָרם פון אַ שליסל). באַזונדערס זעען מיר עס אין פאַל פון אַן עפּידעמיע, אַז ס׳שטאַרבן אַ סך מענטשן אין אַ קורצער צייט.

אויב אין אַ שטוב שטאַרבן עטלעכע מענטשן אין אַ קורצער צייט, נעמט מען אַן אַלטן טאָפּ און מען שטעלט אים אַוועק איבערגעקערט אויף אַ קבר, כדי מען זאָל ניט שטאַרבן אַזוי אָפט (ניי=סוועציאַן). אַז מען לייגט אַריין דעם מת אין קבר, קערט מען איבער די מיטה (קאָלאָמיי).

נאָכן אַריינלייגן דעם מת אין קבר גיט מען אַ שלייַדער מיט דער מיטה אָן דער ערד, מען זאָל זי מער ניט דאַרפן (לאַשקאָוויטש) [?].

אין אַן עפּידעמיע, אַז שטאַרבן אַ סך יידן, גיט מען דעם עלטסטן אין קבר אַ גרויסן שליסל, די מגפה זאָל זיך פאַרשליסן (האָראָדענקע) [2].

אַז ס׳שטאַרבט אַ קליין קינד, טראָגט מען עס אַרויס דורכן פענסטער, כדי די איבעריקע קינדער זאָלן ניט שטאַרבן. דערביי טאָר קיינער ניט דורכגיין דורכן פענסטער, ווייל ער וועט תיכף שטאַרבן (ק׳ בערעזע).

1 צו אָט דער גרופּע וועט אַוודאי אויך געהערן די גלייבעניש: אין אַ שטוב וואו ס׳זיינען דאָ צוויי באַלקנס, טאָר מען ניט וואוינען (בערעזנע) [?].

2 אויף אַוועקצוטרייבן די מגפה זיינען פאַראַן פיל אינטערעסאַנטע מנהגים, ווי: אויסשטעלן זיך אין פיר עקן פון שטאָט און זאָגן אַ תפילה, חתונות אויפן בית=עולם, אַרומשיטן די הייזער מיט שוואַרצן קויל אאַנ״ד. גענויערע באַשרייבונגען פון די מנהגים פאַרמאָגן מיר נאָך ביז היינט ניט.



אַז ס׳שטאַרבט אַ רבי, טראָגט מען אים אַרויס דורכן פענסטער פון בית=מדרש (בערעזנע).

47. כוהנים.

אַ כוהן טאָר ניט זען קיין מת. ער טאָר ניט זיין אין שטוב, וואו ס׳ליגט דער מת. ער טאָר ניט גיין אויפן בית=עולם. בשעת מען איז מקבר דעם מת, מוז ער שטיין הינטערן פלויט (אַלג׳).

48. צוריק פון דער לוויה.

א) אַז מען גייט צוריק פון בית=עלמין, דאַרף מען גיין גיך, מען טאָר זיך ניט אומקערן אויף אַהינטער און מען טאָר זיך ניט אַרומקוקן. ביים אַרויסגיין פון בית=עלמין רייסט מען אַ ביסל גראָז און מען וואַרפט עס אַהינטער איבערן קאָפּ (נ׳=סוועציאַן; ל) אָדער מען וואַרפט אַריבער זאַמד איבער די אָרעמס (ל 247,18). מען רייסט אויך אָפּ עפּעס פון זיך און מען וואַרפט דאָס אַריבער איבערן פּאַרקן (בערעזנע).

ווען דער אָבל גייט צוריק פון בית=עולם, טוט ער זיך אַריין זאַמד אין די שיך (ל 249,18).

צוריקגייענדיק פון דער לוויה איז אַ מצווה צו געבן נדבות (ווילנע).

ב) צוריקקומענדיק פונעם בית=עולם טאָר מען גלייך אין הויז ניט אַריינגיין. מען בעט אַרויסטראָגן וואַסער. דאָס קענדל מיטן וואַסער דאַרף דער וואָס האָט אַרויסגעטראָגן אַוועקשטעלן אויף דער ערד. דאָס קענדל טאָר מען ניט איבערגעבן אַן אַנדערן. נאָכן אָפּוואַשן די הענט [3] קערט מען אום דאָס קענדל, און יעדער נעמט זי זיך אַליין. די הענט דאַרף מען אָפּווישן מיט אַזאַ זאַך וואָס מען וועט קיינמאָל ניט ניצן: אָן אַ הילצערנער וואַנט, אָדער אָן אַ פּלאַנקען (נ׳ סוועציאַן). מען קען אויך אָפּווישן מיט אַ טוך, אָבער מען וועט זי ניט קענען ניצן (ק׳ בערעזע).

געוויינלעך טאָר מען די הענט ניט אָפּווישן, מען לאָזט זיי אַזוי אויסטריקענען (ל 18, 248) (בריסק).

די קוואָרט טאָר מען ניט נעמען אין האַנט, ווייל מען וועט זי טמא מאַכן; עמעץ מוז אָנגיסן (לאַשקאָוויטש).

אַז ס׳רעגנט נאָך אַ לוויה, איז אַ סימן, אַז דער געשטאָרבענער איז געווען אַ צדיק (אָרלע).

XII

## 49. דער אָבל.

דער אָבל ווערט ביז צום באַהאַלטן דעם מת גערופן „אוינען“ (אונן).

דעם טאָג דאַרף ער קיין תפילין ניט לייגן ביז נאָך דער לוויה. נאָך דער לוויה לייגט ער תפילין און דאַוונט מנחה, דערנאָך בייסט ער צו. ער דאַרף עסן קיילעכדיקע זאַכן.

3 מען גיסט זיך אָפּ דריי מאָל (אָרלע).

מען איז זיך נוהג צו עסן: בייגל, אייער, באַשיט מיט אַש, אויך אַרבעס — דער טרויער זאָל זיך שנעל אוועקקייקלען. דאָס עסן מוז געבראַכט ווערן פון אַ פרעמדן און געקויפט ווערן פאַר פרעמדע געלט (ל 18, 250) (מאָטעלע).

דאָס עסן גרייטן צו געוויינלעך די שכנים (אָרלע).

דער אָבל טאָר ניט הערן קיין מוזיק, ער טאָר זיך ניט שערן אין משך פון 30 טעג (אָרלע; אַלג׳).

מיט דער קריעה דאַרף ער אַרומגיין אַזוי אַ גאַנץ יאָר, ער טאָר זיך ניט אָנטון אין ווייסן, ניט גיין אויף קיין חתונות און אויף קיין שמחות (סלאָנים).

פאַר דער צייט פון שלשים טאָר דער אָבל ניט בייטן קיין וועש, ניט אָנטון קיין נייע בגדים, סיידן דאָס אויסקאַטשען קודם אויף דער ערד, דאַן ערשט מעג ער עס אָנטון (נ׳ סווענציאַן).

אַז מען קומט אַריין אין אַ שטוב וואו מען זיצט שבעה זאָגט מען ניט גוט-מאָרגן (בריסק). מען טאָר זיך בכלל ניט גריסן מיטן אָבל די גאַנצע שבעה-צייט (ל 18, 251). פרייטאָג צו נאַכט גייט דער אָבל אין שול. פאַרן סוף פון קבלת שבת גייט ער אַרויס. דער שמש גיט אַ קלאַפּ אין טיש און זאָגט: „גייט אַנטקעגן דעם אָבל!“ אַלע שטעלן זיך אויף און גייען אים אַנטקעגן (ווילנע). אַן אָבל זיצט ניט אין שול אויף זיין אייגענעם אָרט (ווילנע).

אַז דער אָבל דאַרף פאַר די 7 טעג אַרויסגיין אין גאַס, מעג ער ערשט נאָכן דריטן טאָג. ער שיט זיך זאַמד און ערד אין די שיך און לויפט שנעל דורך דורך דער שטאָט (קאָלאָמיי).

אַז דער אָבל שטייט אויף שבעה, גייט ער „באַגלייטן“ די נשמה. ער גייט מיטן זעלביקן וועג וואָס ס׳איז געגאַנגען די לויה. אַ טייל גייען ביזן בית-עולם, אַ טייל נאָר אַ שטיקעלע; ס׳איז גענוג צוצוגיין ביזן בריקל (קאָלאָמיי).

אויב דער אָבל דערוויסט זיך פון עמעצנס טויט שוין נאָך דער שבעה-וואָך, דאַרף ער מער ניט זיצן ווי אַ האַלבע שעה (אַ דין).

בוקסטאָרף ז׳ 632: Die das Leid verführen es seyen Kinder oder nächsten Verwandten, müssen 7 Tage an den Erden barfüss sitzen, essen kein Fleisch, trinken kein Wein (nur am Sabath), baden in 30 Tagen nicht, lassen sich nicht schären, streichen sich nicht mit wolriechenden Oel oder Wassern, lassen die Nägel wachsen. Der Mann muss mit den Mannen essen, die Frau mit den Weibern. Gehen müssig, arbeiten nichts und führen ein jämmerliches Wesen.

### 50. דאָס פאַרשיקן דאָס אומגליק:

קומענדיק פונעם בית-עולם (אָדער אויפן צווייטן טאָג) דאַרף דער אָבל אַריינגיין אין אַ גויאישער שטוב. מען שיקט אים אַריין מכלומרשט נאָך מילך אָדער נאָך עפּעס אַנדערש (אָשמענע). אויב ס׳איז נישטאָ קיין גויאישע שטוב אויפן וועג, דאַרף ער אַריינגיין אין אַ חורבה, אין אַ פּוסטקע (מאָטעלע).

נאָך שבעה דאַרף מען אַריינגיין אין דער ערשטער שטוב צו אַ גוי (לונע) [1].

אַז מען זעצט זיך שבעה, זעצט מען זיך אויף אַ שטיין, דערנאָך וואַרפט מען אים אַרויס (?) (אָשמענע).

### 51. בלאָנדזשענדיקע נשמות.

א) **נאָך דער קבורה:** 30 טעג נאָכאַנאַנד קומט די נשמה יעדן טאָג אין שטוב (אָרלע).

ווער ס׳איז באַהאַלטענערהייט באַגאַנגען אַ פאַרברעכן, דער האָט אַ שווערן טויט, און נאָכן טויט בלאָנדזשעט ער איבער דער וועלט (ל 215,18).

אַ זינדיקע נשמה קומט צוריק אונטער איר שטוב און וויינט און קלאָגט. פאַראַן אַ מעשה מיט אַ יידענע, וואָס מען האָט זי געזען נאָכן טויט אונטערן פענסטער (אָשמענע).

מוטערס קומען ביינאַכט און וויינען אויף זייערע קינדער. פון דאַנען הייסן זיי: קלאָגמוטערס, קלאָגווייבער (אייזיק-מאיר דיק).

אויב פאַרן טויט בעט דער מענטש, מען זאָל נאָך אים געבן עמעצן אַ נאָמען און מ׳דערפילט ניט זיין בקשה, קומט דער טויטער ביינאַכט און ווערגט די מענטשן וואָס האָבן אים ניט געפאָלגט (בראַסלאַוו).

אין יאָרצייט פון איר גוף ווי אויך אין חודש אלול שטייט די נשמה אויפן קבר און וואַרט אויף די באַזוכן פון די נאָענטע און קרובים. ניט קומען צו איר דאַמאָלסט וואָלט געהייסן איר אָנטון בושה און בזיון. זי פאָלגט אויך אויס די בקשות אַז מען ווענדט זיך צו איר (ל 149,18).

פאַר דער חתונה גייען חתן-כלה אויף קבר-אָבות, און בעטנדיק מחילה פאַר אַלדאָס בייז וואָס זיי האָבן געטון פאַרבעטן זיי אַלעמען אויף חתונה. די פאַרשטאָרבענע

1 מיט אַט דעם מנהג טרעפן מיר זיך ניט נאָר אין שייכות מיטן טויט. אַזוי צב״ש ווען ס׳דונערט, זאָל מען זיצן מיט אַ גוי אין שטוב (לונע). אַז מען וויל פטור ווערן פון אַ קרענק נעמט מען אַ לענטע (אָדער אַן אַנדער זאַך) וואָס עס זאָל ליגען אויפצוהייבן אַז מען וועט עס באַמערקן, מען רייבט אויס מיט דעם די וואונד און מען וואַרפט אַוועק די לענטע אויפן מיטן גאַס, און ווער ס׳הייבט עס אויף, דער נעמט אויף זיך איבער די קרענק (אָרלע). אָדער: מען נעמט אַ שטעקן און מען מעסט אָפּ דריי מאָל די וואונד, מען שניידט איין דעם שטעקן און מען וואַרפט אים אַוועק (קאָלאָמיי). כדי זיך אויסצוהיילן פון קדחת, נעמט דער קראַנקער אַן עפּל, צעטיילט עס אויף אַכט חלקים און לייגט עס אַנידער אויפן וועג. ווער ס׳וועט אויפהייבן די שטיקלעך, אויף דעם וועט אַריבערגיין די קרענק (מאָטעלע). אַז מען וויל אויסרייניקן אַ הויז פון טאַראַקאַנעס, טוט מען אַריין אין אַ זעקעלע 12 טאַראַקאַנעס. מען פאַרבינדט דאָס זעקעלע, זיי זאָלן ניט אַרויס. דאָס זעקעלע לייגט מען אַרויף אויף אַ פויערשן וואָגן (אין אַ יידישן טאָר מען ניט!), אַזוי אַז דער פויער זאָל ניט וויסן. דאַן וועלן די טאַראַקאַנעס איבערקלייבן זיך צום פויער אַהיים (ק׳ בערעזאַ).

עלטערן קומען טאַקע אויף דער חתונה און בענטשן די קינדער (ל 264,18).

יום־כּיפּור גייען מתים צו כּל־נדרי (אָרלע).

ב) אויפן אָרט וואו די וועגן קרייצן זיך דאַרף מען אַ וואָרף טון אויף אַהינטער אַ מטבע; ס'איז פאַר די נשמות (ניי־ווילייקע).

ביינאַכט טאָר מען ניט פייפן, ווייל מען רופט אַרויס מיט דעם די מתימס נשמות (ל 37,12)

פאַרן שלאָפן קערט מען אויס די שטוב, ווייל ביינאַכט קומען מלאכים, דאַרף די שטוב זיין ריין (ק' בערעזע).

ס'איז ניט גוט אַרויסצוואַרפן די מיסט, אָדער אַרויס־גיסן דאָס וואַסער ביינאַכט, ווייל מען קען דעמאָלט אָפּגיסן די נשמות וואָס גייען אום ביינאַכט. מוז מען עס אָבער יאָ טון, דאַרף מען זאָגן דריי מאָל: „איך בעט אייך, גייט אַוועק!“ (ל 38,12: ליטע). מען שטעלט אַנידער די שיסל אויף דער ערד און מען זאָגט דריי מאָל: „היט זיך, מען גיסט!“ און מען גיסט אויס (אָרלע). אָדער: „היט זיך! היט זיך! היט זיך!“ (בּריסק).

מען טאָר ניט גיין נאָך וואַסער ביינאַכט. מען רעקט איבער אויף ביינאַכט דאָס וואַסער (אָרלע).

אין אַ שטוב וואו ס'געפינט זיך אַ קליין קינד טאָר מען ביינאַכט ניט אַרויסגיסן קיין וואַסער, אָדער אַרויסשיטן קיין מיסט, ווייל דאָס קינד וועט האָבן אַן אומרואיקן שלאָף (ג' סוועַנציאַן).

מען טאָר אויך ניט זאָגן: „אוי, ביי אייך איז זייער אַ סך מיסט אין שטוב“, ווייל ס'וועלן ווייניקער מענטשן ווערן אין הויז (ק' בערעזע).

מען טאָר ניט קערן ביינאַכט (בּריסק, ווילנע).

צוועלף ביינאַכט קומען זיך צונויף די מתים אין שול לייענען די תורה. ווע מען פון די לעבעדיקע זיי וועלן אויפרופן צו דער תורה, דער וועט שטאַרבן (ל 262,18).

צוועלף אַ זייגער טאָר מען ניט אַרויסגיין אויף דער גאַס, ווייל דעמאָלסט גייען די נשמות דאַווגען (ל 54,12: וואָלין).

ווער ס'וועט אָנטרעפן ביינאַכט אויף אַ מת און וועט אים אָנכאַפּן פאַרן גאַרטל, דער וועט פון אים אַלץ געוואויר ווערן וואָס ס'טוט זיך אויף יענער וועלט. אָבער אויב ער וועט פון דעם עמעצן אויסזאָגן, וועט ער תּיכף שטאַרבן (ל 263,18).

### 52. דיבוק.

דער דיבוק קומט מייסטנס צו אַפּיקורסים און צו די פרויען וואָס גייען אַרויס אויפדערנאַכט אָן אַ פאַרטוך (ל 45,12). בפרט איז געפערלעך אַרויסצוגיין אָן דעם פאַרטוך שבת־צונאַכט (ל 34,14). די אָפּקומענדיקע נשמה, וואָס גייט אַריין אין אַ מענטש און ווערט פונעם צדיק פאַרטריבן, האָט ליב אַרויסצוגיין דורכן האַלז אָדער דורך דער נאָז. אָבער אויפן באַפעל פונעם צדיק פליט זי אַרויס אין אַ געשטאַלט פון אַ רינגל דורכן קליינעם פינ־גער פון דער האַנט אָדער פונעם פוס. פון שטוב גייט זי אַרויס דורך דער שויב וואָס פּלאַצט דאַמאָלסט (ל 157,18).

### 53. דער טויטער זאָרגט פאַר די לעבעדיקע.

דער טויטער קומט אָפט צו חלום, גיט עצות, זאָגט אָן אַן אומגליק. ס'גייען אַרום אַ סך מעשיות אויף דער טעמע.

# ווען איז געבוירן געוואָרן אייזיק-מאיר דיק?

פון פּ. קאָן (ווילנע)

די פּראַגע, וואָס באַטיטלט די דאָזיקע שורות, האָט שוין באַלד אַ גאַנצע ליטעראַטור.

דער ערשטער האָט צונויפגעשטעלט די פאַרשיידענע ווערסיעס וועגן דיקס געבוירן-יאָר ש. ניגער [1]. נאָך אים און מער מאַטעריאַל האָט אָנגעגעבן וועגן דעם ז. רייזען אין דער נייער אויסגאַבע פון „לעקסיקאָן" [2]. סיי ניגער און סיי רייזען האָבן אָבער ניט באַהאַנדלט קריטיש דעם פאַראַנענעם מאַטעריאַל. זייער אויספיר, אַז דיק זאָל האָבן געבוירן געוואָרן אין יאָר 1807, איז דעריבער ווייסנשאַפטלעך ניט גענוג באַגרינדעט און דאַרף ניט באַטראַכט ווערן פאַר ענדגילטיק.

אַרום דיקס געבוירן-יאָר האָט זיך געשאַפן אַ פּלאָנטער, און עס זאָל דאָ געמאַכט ווערן אַ פּרוּוו דעם דאָזיקן קנויל אויפצובינדן. מיר וועלן זיך דעריבער קודם-כל באַמיען פונאַנדערצוקלייבן קריטיש די שוין באַקאַנטע מאַטעריאַלן, צוגעבן טייל נייע, אַרכיוואַלישע, און דאַן ערשט זען קומען צו אַ געווויסן אויספיר.

1

## ווען איז דיק געבוירן געוואָרן?

דערויף גיבן די פאַרשיידענע ווערסיעס פאָלגנדיקע תשובות (אין כראָנאָלאָגישן סדר פון אָנגעגעבענעם געבוירן-יאָר):

1803—1804 (תקס"ג—תקס"ד). **די דאָזיקע צוויי יאָרן גיט אָן דער פאַרשטאָרבענער ווילנער היסטאָריקער הלל נח מגיד-שטיינשניידער אין זיין דיק-נעקראָלאָג, וואָס איז געדרוקט געווען אין „המליץ"** [3]. **דאָס זעלבע גיבן אויך אָן די קלענערע גאָטיצן, וואָס זיינען געווידמעט געווען דיקס טויט אין „לוח אחיאסף"** [4] **און מ. ספּעקטאָרס „הויז-פריינד"** [5].

1805 (תקס"ה). **די דאַטע („תקס"ה") איז געווען לכתחילה פאַרצייכנט אַלס דיקס געבוירן-יאָר אין נאָך ניט-געדרוקטן צווייטן טייל „עיר ווילנא" פון דעם דערמאָנטן ה. נ. מגיד-שטיינשניידער, וואָס איז פאַרבליבן אין זיין ליטעראַריש-ווייסנשאַפטלעכן עזבון. ש. ניגער האָט דעם כתב-יד געזען ביים פאַרשטאָרבענעמס זון פּראָפ' דוד מגיד אין לענינגראַד. דאָס זעלבע געבוירן-יאָר דיקס דרינגט אַרויס פון י.ל. גאָרדאָנס אַ נאָטיץ אין זיין טאָגבוך פון יאָר 1892** [6].

1807 (תקס"ז). **דאָס דאָזיקע יאָר איז דאָס פּאָפּולערסטע. עס איז אויסגעקריצט אויף דיקס מצבה אויפן ווילנער בית-עולם. צבי ניסן גאָלאָמב, וואָס איז געווען באַפריינדט מיט דיקן, ברענגט דאָס דאָזיקע געבוירן-יאָר אין זיין דיק-נעקראָלאָג אין „הצפירה"** [7]. **גאָלאָמב פאַררופט זיך אויף אַן אָפיציעלן דאָקומענט („כי כן כתוב בתעודתו**

1 ש. ניגער, „אייזיק מאיר דיק וכתביו העברים", אין „העבר" II (פּעטראָגראַד 1918), ז' 140 אין דער אַנמערקונג.

אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט ניגער אַגב דורכגעלאָזן דיקס אַ העבּרעאישע כראָניק, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַלס הוספה אין גאָלדמאַנס אויסגאַבע פון ר' נתן נטע האַנאָווערס „יון מצולה" (וואַרשע 1872). דיקס דאָזיקע כראָניק האָבן אויך ניט דערמאָנט זיינע אַנדערע ביבליאָגראַפן. אין שער פון דער דערמאָנטער אויסגאַבע שטייט: „ספר יון מצולה... ונוסף כעת מקורות היהודים בארץ ההיא מאז [ד"ה פון יאָר ת"ח] עד שנת תרל"ב ע"י החכם השלם אמ"ד מווילנא בהשתדלות רי"ש מווילנא." דיקס הוספות פאַרנעמען דרייצן זייטלעך קליינעם פאָרמאַט. די דאָזיקע אויסגאַבע פון „יון מצולה" געפינט זיך אין דער ווילנער סטראַשון-ביבליאָטעק ווי אויך אין דער ביבליאָטעק ביי דער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע גאַס אין וואַרשע.

רי"ש איז די ראשי-תיבות פון ר' יקותיאל שפּירא, דעם ווילנער מוכר-ספרים און פאַרלעגער (געשטאָרבן סוף 1872 אין ווילנע).

זע: „אוצר הספרות" IV פון שאלתיאל אייזיק גרעבער, קראָקע 1892 ז' 458 און הלל נח מגיד-שטיינשניידערס „עיר ווילנא" ז' 224 אין דער פּערטער אַנמערקונג.

2 ז. רייזען, לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע, I, ווילנע, 1926 ז"ז 711—734.

3 „המליץ" 1893, נומער 18, קאָרעספּאָנדענץ פון ווילנע. אין רייזענס לעקסיקאָן (ז' 734) איז ע"פ טעות אָנגעגעבן, אַז שטיינשניידערס אַרטיקל איז געווען געדרוקט אין „הצפירה" פון יענעם יאָר.

4 „לוח אחיאסף" I (תרנ"ד) אין דער רובריק „הזכרת נשמות", ז"ז 298—299.

5 „דער הויזפריינד", III ז' 314.

6 „יומנו של י. ל. גאָרדאָן" אין דער נאָטיץ פון יום א', כ"ח אב [תרנ"ב]. גאָרדאָן דערציילט דאָ, אַז אַ געוויסער פרידלענדער האָט אים געבעטן זיך משתדל צו זיין ביי דער חברה „מפיצי השכלה" וועגן שטיצע פאַר דעם קראַנקן און שוואַכן אייזיק-מאיר דיקן, וואָס איז שוין אַלט 87 יאָר („שהוא כעת בן שמונים ושבע שנה"). „העבר" II, ז' 32.

אין רייזענס לעקסיקאָן איז ע"פ טעות אָנגעגעבן, אַז יל"גס נאָטיץ שטאַמט פון 1890. אין דער אַנמערקונג צום אָנהייב פון „יומנו של י. ל. גאָרדאָן" אין „העבר" I (ז' 7) שטייט בפירוש, אַז די געדרוקטע טאָגבוך-נאָטיצן זיינען פון אַ קונטרס אין יל"גס עזבון א"נ „דבר יום ביומו דשנת תרנ"ב".

7 צבי ניסן גאָלאָמב, תולדות אד"ם, אין „הצפירה" 1893, נומערן 59 און 60. ביי רייזענען (ז' 734) איז אָנגעגעבן ע"פ טעות: נומערן 58—59.

לשנת מותו, שהוא בן שמונים ושש שנה"). ער גיט אויך איבער אין נאָמען פון דיקס זון גבריאל, וואָס דער פאָטער זאָל אים האָבן דערציילט, אַז ווען אייזיק־מאיר איז אַלט געווען פינף יאָר, האָט אים זיין פאָטער געטראָגן אויף די הענט (!) בשעת מען איז אַרויס אין גאַס מקבל־פּנים זיין נאַפּאָלעאָנען (אין יאָר 1812). דערפון איז אַלזאָ אויך געדרונגען, אַז דיק איז געבוירן געוואָרן אין 1807. דאָס יאָר 1807 איז חוץ דעם אויך אָנגעגעבן אין די נעקראָלאָג־נאָטיצן פון „האסיף" [1] און «Недѣльная Хроника Восхода» [2].

אין שוין דערמאָנטן „עיר ווילנא" ח"ב איז דורך אַ פּרעמדער האַנט דאָס לכתחילה אָנגעגעבענע יאָר תקס"ה איבערגעמאַכט געוואָרן אויף תקס"ג. צוליב דעם אַלעמען האַלט ניגער, אַז דיק איז געבוירן געוואָרן אין דעם דאָזיקן יאָר 1807.

1808 (תקס"ח — איז אָנגעגעבן אין נ. סאָקאָלאָווס ביאָגראַפישן לעקסיקאָן „ספר זכרון" [3].

1815 (תקע"ו). דאָס דאָזיקע געבוירן־יאָר האָט ניגער אויסגעפונען אין דיקס ווערטער וועגן זיך אין זיינע ווערק „זפּרונה" און „דער ערשטער נאַבאָר". מיר וועלן זיך שפּעטער אָפּשטעלן דערויף גענויער.

צו די נאָר־וואָס געבראַכטע פאַרשיידנאַרטיקע מקורים וועגן דיקס געבוירן־יאָר וואָלט מען געקאָנט צוגעבן נאָך איינעם. דער פאַרשטאָרבענער מ. ריוועסמאַן דערציילט אין זיינע „זכרונות און באַגעגענישן" [4], אַז בשעת ער האָט זיך באַקענט מיט דיקן, איז אַמ"ד שוין געווען „אַ זקן מופלג (82 יאָר אַלט)". הגם ריוועסמאַן גיט ניט אָן אין וועלכן יאָר זיין באַגעגעניש מיט דיקן איז פאָרגעקומען, האָט די דאָזיקע מיטטיילונג פאָרט אַ ווערט פאַר דער פראַגע וואָס מיר באַטראַכטן. דהיינו, זי גיט אונז אַ גרענעץ־יאָר ad quem — אַ יאָר ביז וועלכן דיק האָט געקאָנט געבוירן ווערן. וואָרים אויב מיר זאָלן אַפילו אָננעמען, אַז ריוועסמאַנס באַקענען זיך מיט דיקן איז פאָרגעקומען נאָענט פאַר זיין טויט (דיק איז געשטאָרבן ז' שבט תרנ"ג), וועט אויך אויסקומען לויט ריוועסמאַנס מיטטיילונג, אַז דיק האָט ניט געקאָנט געבוירן ווערן שפּעטער ווי לערך 1811. דאָס באַגעגעניש צווישן ריוועסמאַנען און דיקן איז מן הסתם פאָרגעקומען פריער.

שוין די פילצאָליקייט אַליין פון די פאַרשיידענע ווערסיעס וועגן דיקס געבוירן־יאָר, פון וועלכע אַ באַדייטנדיקער טייל האָט זיך באַוויזן ממש גלייכצייטיק, באַווייזט, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ היפּשן חלק מינדערווערטיקן מאַטעריאַל. דאָס איז דער רעזולטאַט פון אַ געוויסער פריי־

1 האסיף תרנ"ד, ז' 163. דאָ איז ניט ריכטיק אָנגעגעבן, אַז דיק איז געשטאָרבן ו' סבת. ריק איז געשטאָרבן ז' שבט.

2 Нед. Хрон. Восхода 1893, נומער 4, ז"ז 102 — 103.

3 „ספר זכרון" וואַרשע 1889, ז"ז 26 — 27.

4 Еврейская Летопись אין Воспоминания и встречи III, לענינגראַד־מאָסקווע 1924, ז' 75.



קייט און לייכטער באַציאונג צו אַזאַ „ניט־וויכטיקן" ענין ווי אַ געבוירן־יאָר פון אַ פאַרשטאָרבענעם שריפטשטעלער. דאָס האָט דאָך ביז מיט אַ פּאָר צענדלינג יאָר צוריק געהערט צו די איינגעבירגערטע מנהגים אין אונזער ליטעראַטור. און זאָל עס ניט זיין לגנאי: מיר האָבן זיך נאָך איצט אויך ניט דערפון אינגאַנצן באַפרייט... איידער מיר טרעטן צו צום גוף הענין, מוז מען דעריבער אָפּוואַרפן דעם באַלאַסט — יענע דאַטעס וואָס האָבן אונטער זיך ניט קיין פעסטע פונדאַמענטן.

## 2

עס איז גענוג צו פאַרגלייכן די דריי ציטירטע שטעלן וואָס גיבן אָן, אַז דיק איז געבוירן געוואָרן אין 1803—1804, כדי זיך צו איבערצייגן, אַז די צוויי לעצטע, ד"ה דער „לוח אחיאסף" און דער „הויזפריינד" [5], שטיצן זיך אויפן ערשטן: אויף ה. נ. שטיינשניידערס בריוו אין „המליץ". די זאַצן אין „לוח אחיאסף" זיינען ממש בוכשטעבלעך איבערגעשריבן און אין „הויזפריינד"—איבערגעזעצט פון „המליץ". אַגב איז עס ניט קיין וואונדער. שטיינשניידער, דער שרייבער פון בריוו אין „המליץ", איז דאָך אַ היסטאָריקער און שרייבער פון סאַמע ווילנע, קען מען זיך דאָך אויף אים פאַרלאָזן. וואָס איז נוגע שטיינשניידערן גופא און די דורך אים אין „המליץ" אָנגעגעבענע יאָרן 1803 — 1804, מוז די דאָזיקע ווערסיע אָפּפאַלן שוין צוליב דעם אַליין, וואָס דער זעלבער שטיינשניידער האָט אין זיין „עיר ווילנא" II שפּעטער (די נאָטיץ אין כתב־יד „עיר ווילנא" איז זיכער געמאַכט געוואָרן נאָכן פאַרעפנטלעכן שטיינשניידערס דיק־נעקראָלאָג אין „המליץ") אַליין אָנגעגעבן דאָס יאָר תקס"ה (אַלזאָ 1805 און עווענטועל נאָר די לעצטע חדשים 1804) אַלס דיקס געבוירן־יאָר.

אָבער אויך דער אָנווייז שטיינשניידערס אין „עיר ווילנא" II (תקס"ה) קאָן ניט גענומען ווערן ערנסט פאַר אַ מקור צו דיקס געבוירן־יאָר. פאַרשטייט זיך, ניט דערפאַר וואָס אַ פרעמדע האַנט האָט דאָס יאָר שפּעטער איבערגעמאַכט אין כתב־יד גופא (דער וואָס האָט איבערגעמאַכט דאָס יאָר תקס"ה אויף תקס"ג האָט מן הסתם געוואָלט פאַרריכטן לויט דעם נוסח פון דיקס מצבה). מיר ווייסן דאָך ניט, ווער האָט דאָס געטאָן און צי איז ער געווען דערצו גענוג באַרעכטיקט. מען קען זיך אָבער אין דעם פאַל ניט סומך זיין אויף שטיינשניידערן דערפאַר, וואָס מיר ווייסן ניט, אויף וואָס שטיינשניידער אַליין האָט זיך געשטיצט. אַגב געפינט זיך זיין אָנווייז אין אַ סתירה צו די מקורים, וואָס זיינען גלויבווערדיקער און פאַרדינען מער אונזער צוטרוי, ווי מיר וועלן דאָס ווייטער זען. אויך פרידלענדער, וואָס האָט זומער 1892 געשריבן יל"גן, אַז דיק איז קראַנק און שוואַך

5 אין „אחיאסף" און „הויזפריינד" זיינען דאָס פשוטע נאָטיצן, אַפילו אָן אונטערשריפטן.

און איז שוין אַלט 87 יאָר, האָט אוודאי ניט מדקדק געווען אָנצוגעבן דיקס געבוירן־יאָר ריכטיק, בפרט אַז ער בעט שטיצע פון „מפיצי השכלה" פאַר אַן אַלטן שריפטשטעלער...

עס וואָלט זיך געדוכט, אַז וואָגיקער איז דער אָנווייז 1808 פון סאָקאָלאָווס ביאָגראַפישן לעקסיקאָן „ספר זכרון", וואָס איז אַרויס בשעת דיק האָט נאָך געלעבט און צו וועלכן די מאַטעריאַלן זאָלן האָבן געזאַמלט געוואָרן דורך אַנקעטעס ביי די שריפטשטעלער גופא. איך האָב זיך דעריבער געווענדט צו י. ח. זאַגאָראָדסקי, דעם פאַקטישן צוזאַמענשטעלער פון „ספר זכרון", מיט אַן אָנפרעג, פון וואַנען זיינען דעמאָלט גענומען געוואָרן די ידיעות וועגן דיקן. זאַגאָראָדסקי האָט מיר געענטפערט [1], אַז ער האָט טאַקע דעמאָלט פונאַנדערגעשיקט בריוו צו אַלע לעבעדיקע שריפטשטעלער. ניט אַלע האָבן אָבער געענטפערט. די ביאָגראַפיעס אין „ספר זכרון" זיינען דעריבער צונויפגעשטעלט געוואָרן אָדער לויט די דירעקטע תשובות פון די אָנגעפרעגטע אָדער אויפן יסוד פון ידיעות פון זייערע באַקאַנטע. בנוגע דיקן געדענקט שוין זאַגאָראָדסקי ניט מער, ווי עס איז דעמאָלט געווען. דיקס אויסערגעוויינלעכע באַשיידנקייט אין דעם פּרט איז אָבער גענוג באַקאַנט [2]. און מ׳קען כמעט מיט זיכערקייט זאָגן, אַז דיק אַליין האָט קיין אויטאָביאָגראַפישע ידיעות פאַרן „ספר זכרון" ניט צוגעשיקט.

אַלס ע ר נ ס ט ע אָנווייזן קומען אַלזאָ אין באַטראַכט נאָר די צוויי איבערגעבליבענע ווערסיעס: דאָס יאָר 1807 (תקס"ז) און דאָס דורך ניגערן פון דיקס ווערק אַרויסגעדרונגענע יאָר 1815.

דער וויכטיקסטער אַרגומענט לטובת דעם יאָר 1807 איז, לויט מיין מיינונג, דאָס, וואָס עס געפינט זיך אויף דיקס מצבה. דאָס דאָזיקע יאָר האָבן אַלזאָ אָנגעגעבן דיקס נאָענטסטע קרובים, וועלכע האָבן מן הסתם געהאַט זיינע פּערזענלעכע דאָקומענטן אאַז"וו. דערקעגן שיינט גאָלאָמבס דערציילונג מיטן מקבל־פּנים זיין נאַפּאָלעאָנען צו טראָגן אַן אַנעקדאָטישן כאַראַקטער [3]. דער „האסיף" און Нед. Хрон. Восхода זיינען, פאַרשטייט זיך, בכלל ניט קיין קוועלן.

1 אין אַ תשובה פון 27טן יאַנואַר 1927.

2 יהודה בן יעקב גערמייזע דערציילט (אין „המליץ" 1893, נומער 37), אַז אין 1878 האָט דיק בשום אופן ניט געוואָלט געבן זיין בילד אויף אָפּצודרוקן אין „תמונות חכמי ישראל וסופריו בפרוסיא", הגם ער אַליין האָט גערמייזן געגעבן די בילדער פון אַנדערע שריפטשטעלער. גערמייזע שרייבט אויך ווייטער „... זקן היה האיש במותו אך מעודו לא הודיע שנותיו ליודעיו... כי לא חפץ בחגיגת יובלים".

3 ביי דער געלעגנהייט וויל איך פאַרריכטן אַן אַנדער ידיעה, וואָס צ. נ. גאָלאָמב האָט איבערגעגעבן וועגן דיקן. ז. רייזען ברענגט נעמלעך אין גאָלאָמבס נאָמען (מיר האָט דאָס ה׳ גאָלאָמב אויך דערציילט), אַז אייזיק־מאיר דיק זאָל האָבן געווען דער ערשטער, וואָס האָט איינגעפירט אין ווילנע דאָס געבן העברעאישע לעקציעס. דאָס איז זיכער אַ טעות. אין יאָר 1823 האָט דער דעמאָלט 30־יאָריקער לעווין ליאַנד׳אָר זיך געווענדט צו ווילנער קהל מיט אַ בקשה צו באַשטעטיקן, אַז ער פאַרנעמט זיך אין משך פון „זיין גאַנצן יונגן לעבנסלעטער" מיט געבן



אַ מקור, מיט וועלכן מען מוז זיך רעכענען, זיינען דיקס אייגענע ווערטער אין די צוויי דורך ניגערן דערמאָנטע ווערק.

אין „זפרונה" דערציילט דיק אַן עפּיזאָד, וואָס האָט פּאַסירט מיט זעקס און דרייסיק יאָר צוריק („זה שלשים ושש שנה") אין שטעטל זפרונה (זשופּראַן?), וואו ער איז געווען אַן איידעם. היות „זפרונה" איז געוואָרן געדרוקט אין יאָר 1868, האָט די מעשה אַלזאָ פּאַסירט אַן ערך אין יאָר 1832. אין גאַנג פון דער דערציילונג גיט דיק אָן וועגן זיך, אַז ער איז געווען דער יינגסטער פון דער קאָמפּאַניע, אַרום זיבצן יאָר אַלט (ז׳ 49: „ואנכי הצעיר בחבורה, כי הייתי אז אך כבן שבע עשרה שנה"). לויט דעם קומט אויס, אַז דיק איז געבוירן געוואָרן בערך אין יאָר 1815.

נאָך וויכטיקער אַלס מקור איז „דער ערשטער נאַבאָר" [4]. דאָ שילדערט דיק, וואָס די יידישע ווילנע האָט איבערגעלעבט בשעת דער ערשטער צוואַנג־רעקרוטירונג פון יידישע סאָלדאַטן אין יאָר תקפ"ח. וועגן זיך דערציילט דיק, אַז ער איז דעמאָלט אַלט געווען דרייצן יאָר [5]. דיק גיט אונז אַלזאָ דאָ ווידעראַמאָל די געלעגנהייט צו באַשטימען זיין געבוירן־יאָר לויט זיינע אייגענע רייד. אויב ביים ערשטן „נאַבאָר", ד"ה אין האַרבסט 1827 (ניט 1828!) איז דיק אַלט געווען דרייצן יאָר, איז ער דאָך געבוירן געוואָרן לפי ערך אין יאָר 1814 [6]. דיקס אָנווייז אין „ערשטן נאַבאָר" פאַרדינט באַזונדערס אונזער צוטרוי, ווייל דיק טרעט דאָ אַרויס פאַרן לעזער (ריכטיקער, פאַר דער „טייערער לעזערין") אַלס מחבר פון אַ היסטאָרישער דערציילונג, שיר ניט אַלס היסטאָריקער. דיק טוט עס באַוואוסטזיניק און אין אַ פאַראַנטוואָרטלעכער און פאַר־

קינדער העברעאישע, פּוילישע, דייטשע און פראַנצויזישע לעקציעס. קהל האָט אים דאָס געבעטענע צייגעניש אַרויסגעגעבן. אַזאַ באַשטעטיקונג האָט אויך דעמאָלט באַקומען מיכל בן שלום האָפמאַן. מיר איז חוצדעם באַקאַנט פון אַרכיוו־מאַטעריאַלן, אַז נאָך אין יאָר 1808 זיינען אין ווילנע געווען יידישע יונגעליים־הויזלערער.

4 „דער ערסטער נאַבאָר, וואָס וואַר אין דעם יאָר תקפ"ח (1828), מאת אמ"ד", ווילנע 1872.

5 דאָרט, ז׳ 4: „איך הייס אמ"ד איין געבאָרענער ווילנער, און לעבע ביז יעצט אין ווילנע, און וואַר אַלט בייא דעם ערסטין נאַבאָר דרייצעהן יאָר. עס איז שוין צוואַר דרייא און פערציג יאָר איבער געלאָפין פון יענע צייט אַן ביז דיזעם טאָג, און דאָך געדיינקע איך אים אַזוי גוט אַלס ווי עס העטע ערסט געשטערין גישעהען, דען דער ליבער גאָט האָט מיך בעגאַבט (בעשאָנקען) מיט איינעם טרייען געדעכטניס (זכרון) און געדיינקע קלאָר און ריכטיק אַלע מערקווירדיגע בעגעבענהייטען, וואָס זיינען גישעהען אין מיינעם קרייז".

6 ניגער, וועלכער האָט לויט דיקס אָנווייז אין „ערשטן נאַבאָר" אויסגערעכנט, אַז דיק איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1815, איז געוואָרן אַריינגעפירט אין אַ קליינעם טעות דורך אַ גרייז אין שער פון „ערשטן נאַבאָר". דאָרט שטייט „... וואָס וואַר אין יאָר תקפ"ח (1828)". דער ערשטער „נאַבאָר" איז פאָרגעקומען באַלד נאָך סוכות תקפ"ח. לויטן בירגערלעכן קאַלענדאַר איז נאָך דעמאָלט געווען 1827, און דערפון דאַרף מען אָראָפּנעמען די 13 יאָר כדי צו באַקומען דיקס געבוירן־יאָר.

פליכטנדיקער פאָרם 1. דאָס גיט אים אויך דאָס רעכט צו אַפּעלירן צום צוטרוי פון דער „טייערער לעזערין" און פון אונז אַלעמען. ווער עס פּאַסט אַזוי אויף די אויפגאַבע פון אַ שריפטשטעלער־היסטאָריקער און איז אַזאַ אויפריכטיקער און געטרייער דינער דער השכלה, „דער טאָכטער פון הימל", ווי דיק, קען ניט נאָך אַזאַ אַריינפיר ווילקירלעך פאַלש אָנגעבן דאַטעס. די אָנווייזן אין „זפרונה" (בערך 1815) און אין „ערשטן נאַבאָר" (1814) זיינען זיך אַגב ניט סותר. אין „זפרונה" איז דיקס דערמאָנען־זיך ניט צוזאַמענגעבונדן מיט אַ היסטאָרישער אַלגעמיין באַקאַנטער דאַטע. און דאָס יאָר 1832, אין וועלכן דער אַרויסגעדרוקענער עפּיזאָד זאָל האָבן פּאַסירט, דרינגען מיר ערשט אַרויס פון אַ טעקסט, וואָס מיר ווייסן ניט גענוי, ווען ער איז דעפיניטיוו אָנגעשריבן געוואָרן. אַגב גיט דאָ דיק גופא אָן, אַז ער איז געווען „אַ ר ו ם זיבעצן יאָר אַלט". דאָס אַרויסגעדרוקענע געבוירן־יאָר דיקס לויט „זפרונה" וואַקלט זיך ממילא אַביסל; דערפאַר האָבן מיר געזאָגט „בערך 1815". דער אָנווייז אָבער אין דעם „ערשטן נאַבאָר" (1814) איז אין צוזאַמענהאַנג מיט אַ פאַקט, וואָס מיר אַלע ווייסן, ווען ער איז געשען (די ערשטע צוואַנג־רעקרוטירונג פון יידן אין 1827). דיקס אָנווייז אין „ערשטן נאַבאָר" איז דעריבער קאָנקרעטער און זיכערער. דיקס אייגענע דאַטעס וועגן זיין געבוירן־יאָר קאָן מען דערפאַר לויט „זפרונה" און „ערשטן נאַבאָר" באַטראַכטן אַלס איינ־הייטלעכע: בערך 1814.

אין ליכט פון די ביזאַהעריקע באַטראַכטונגען שיינט אונז דער נעפל אַרום דיקס געבוירן־יאָר צו האָבן פונאַנ־דערגעגאַנגען אויף אַזוי פיל, אַז עס זיינען איצט פאַרבליבן סך־הכל צוויי ווערסיעס: 1807 און 1814. ביידע ווערסיעס האָבן אָבער זייערע באַגרינדונג און אַרגומענטן, וואָס ריידן לטובת זיי. עס שטייט אַלזאָ די פראַגע — 1807 צי 1814?

אַ תשובה אויף דער אַזוי פאָרמולירטער פראַגע וועלן מיר פרוּוון זוכן אין אַרכיוואַלע מקורים.

1 אין אַריינפיר צום „ערשטן נאַבאָר" לייענען מיר:
„טייערע לעזערין! פאר געוויס האסטו שוין מעהערע געשיכטען מיינע דורך געלעזען, ניט וויסנדיק אזוי גאר ווער דער שרייבער פון זייא איז, וויל זייא האָבן בישריבין אנאנים (אָן אַ נאָמען). די אורזאכע דער פון וואר נור וויל איך האב עס ניט פאר נייטיג געפונען, דען דיא ערציילונגען מיינע ווערין גינוג פערשטענדליך אהנע צו וויסן דעם פערפאסער (מחבר) דערפון, וויא דאס ברייט זעטיגט דעם מענטשין אהנע צו וויסן, וויא הייסט דער לאנדמאן (אקערסמאן) דען [דער?] די קארין פראָדוצירט (הערפארגעבראכט) האט.
„דיזער פאל אבער איז שוין ניט מיט דיזער ערציילונג, וואס האנדילט פון איינעם היסטארישען פאקט (איינער געוויסען געשעהעניס בעגעבענהייט), וואס בערירט איינע גאנצע נאציאָן, דען דאָ קומט עס אָן זייער פיל אויף דעם שרייבער, דאס הייסט, דער שרייבער מוז אין איינער פאר ריידע פון זיינער פערפאסונג (חִבור) זיך אָן מעלדין דעם לעזער, ווער ער איז און קאווירען אים פאר דיא געוויסהייט פון זיינע ערציילונג אים פאל ווען זיינע פערפאסונג איין ארגענאל איז (ניט ארויס גינומען פון אנדערע ספרים) און ווען ניט, דאס הייסט ווען זיין חבור איז נור אזאמלונג איבער איינעם כאשר־בענעם געגינשטאנד (ענין) פון אנדערע היסטאריזנא ביכער, איז זיינע שולדיקייט אויף צו ווייזין די קוועלין (מקורים), פון וואנען ער האט עס ארויס גינומען, דאש הייסט פון וועלכע ביכער. דאהער, מיינע טייערע לעזערין, אום צו פערשאפין מיר גלויבין בייא דיר אין דיזער ערציילונג שטעלע איך מיר דיר פאר אום דיר בעקאנט צו מאכין, ווער דער פארפאסער פון דיזער ערציילונג איזט."

3

עס איז מערקווערדיק, אַז די זעלבע צוויי־אַיקייט בנוגע דיקס געבוירן־יאָר טרעפן מיר אויך אין די אַרכי־וואַלע מקורים, דהיינו אין די „סקאַזקעס" (ревизские сказки) פון דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג.

די „סקאַזקעס" זיינען, ווי באַקאַנט, רשימות פון דער באַפעלקערונג, וואָס פלעגן אין רוסלאַנד צונויפגעשטעלט ווערן פון צייט צו צייט. אין אַמאָליקן רוסלאַנד האָט מען ק״ין ספּעציעלע אַלגעמיינע פאָלקסציילונגען ביזן יאָר 1897 ניט דורכגעפירט. דערפאַר פלעגן אָבער צוליב פיסקאַלישע צוועקן אין אומרעגלמעסיקע אָפּשטאַנדן אַדורכגעפירט ווערן די אַזוי גערופענע „רעוויזיעס" — ציילונגען פון באַזונדערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. די דאָזיקע „רעוויזיעס" פלעגן אַדורכפירן די לאָקאַלע מאַכט־אָרגאַנען, און די דורך זיי צוזאַמענגעשטעלטע רשימות זיינען דאָס די „סקאַזקעס". אין ליטע זיינען די „רעוויזיעס" איינגעפירט געוואָרן נאָכן פאַראייניקן דעם קאַנט מיט רוסלאַנד אין 1795. דאָ זיינען אַלזאָ אַדורכגעפירט געוואָרן: די פינפטע „רעוויזיע" פון 1795, די זעקסטע—1811, די זיבעטע—1816, די אַכטע—1834, די ניינטע—1850 און די צענטע „רעוויזיע" — 1858. די „רעוויזיעס" פון דער יידישער באַפעלקערונג פלעגט אַדורכפירן קהל.

אין ווילנער מלוכישן אַרכיוו געפינען זיך די „סקאַז־קעס"־רשימות פון דער יידישער באַפעלקערונג פון ווילנע און ווילנער ציילונגס־קרייז פאַר אַלע דאָ פאָרגעקומענע „רעוויזיעס" פון 1795 אָן. די „סקאַזקעס" זיינען צוזאַמענגעשטעלט אויף אַזאַ אופן: די שטאָטישע באַפעלקערונג ווערט פונאַנדער־געטיילט לויט די באַזונדערע שיכטן, אַלזאָ סוחרים, שטאָט־לייט (מיעשטשאַנעס) און בעלי־מלאָכות. אין בוך פון די סקאַזקעס ווערט די באַפעלקערונג אַריינגעטראָגן לויט באַ־זונדערע גאַנצע פאַמיליעס. יעדע משפחה האָט איר לויפ־נומער און איז פאַרשריבן אויף צוויי זייטן איינע אַנט־קעגן די אַנדערע: אויף דער לינקער זייט — די זכרים און אויף דער רעכטער — די נקבות. ביי אַ זכר ווערט אָנגעגעבן ווי אַלט ער איז איצט און אויך ווי אַלט ער איז געווען בשעת דער פריערדיקער לעצטער „רעוויזיע", ביי אַ נקבה דערקעגן—נאָר ווי אַלט זי איז איצט.

אין די „סקאַזקעס" ווערן אויך אַריינגעטראָגן אַלע שינוים אין צוזאַמענשטעל פון דער משפחה פאַר דער צייט צווישן די „רעוויזיעס". אויב למשל אַ מיטגליד פון דער משפחה איז געשטאָרבן אָדער האָט פאַרלאָזט די שטאָט אין דער צייט צווישן דער לעצטער „רעוויזיע" און דער איצטיקער, ווערט אין דער איצטיקער „סקאַזקע" דאָך אָנגעגעבן, ווי

אַלט ער איז געווען בשעת דער לעצטער „רעוויזיע" און וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. אויב אַ זון האָט החונה געהאַט, פיגורירט ער ווייטער אין דער אַלגעמיינער משפּחה-סקאַזקע פון פאָטער, נאָר שוין צוזאַמען מיט זיין ווייב. ערשט נאָכן טויט פונעם פאָטער, דעם ראָש פון דער משפּחה, פלעגן זיך די זין צעטיילן אין באַזונדערע משפּחה-סקאַזקעס. די אַלמנה און די מינדעריעריקע קינדער פלעגן געווינלעך ווערן צוגעשריבן צו איינעם פון די זין. אַדורכגעלאָזענע צוליב וועלכע ניט איז סיבות פלעגט מען אַריינטראָגן אין די הוספה-סקאַזקעס (добавочные сказки), וואָס פלעגן צוזאַמענגעשטעלט ווערן צווישן איין רעוויזיע און דער צווייטער.

דיק געפינט זיך אין די „סקאַזקעס" פון די ווילנער יידישע שטאָט-לייט פון דער זיבעטער, אַכטער, ניינטער און צענטער רעוויזיעס.

צוערשט באַגעגנט מען אייזיק-מאיר דיקן אין די ווילנער סקאַזקעס פון דער זיבעטער רעוויזיע [1] אין יאָר 1816. ער פיגורירט דאָ אין דער משפּחה-רובריק פון זיין פאָטער נח בן מאיר דיק (Ноахъ Мейеровичъ Дыкъ).

אָט איז די דאָזיקע „סקאַזקע" אין אַ יידישער איבערזעצונג:

| | ביי דער פריערדיקער „רעוויזיע" אַלט געווען | איצט פאַראַן און איז אַלט |
|---|---|---|
| נח בן מאיר דיק . . . . . | 30 יאָר | 33 יאָר [2] |
| דיקס ווייב דבורה בת אייזיק . | — | 28 „ |
| זייער זון אייזיק אַ ניי-געבאָרענער [вновь рожденной] | — | 3 „ |

היות די סקאַזקעס פון דער זיבעטער „רעוויזיע" זיינען צונויפגעשטעלט געוואָרן אין דער צווייטער העלפט 1816,

1 זע: Ревизская сказка седьмой ревизіи 1816 г... о евреяхъ г. Вильна, באַנד 275, בלאַט 558, משפּחה-נומער 1544. פון דער דאָזיקער „סקאַזקע" זעט מען, אַז אייזיק-מאיר דיק האָט זיין טאָפּלטן נאָמען באַקומען נאָך די ויידעס פון ביידע צדדים: דער מוטערס פאָטער האָט געהייסן אייזיק און דעם פאָטערס — מאיר. אין די „סקאַזקעס" פון אַלע „רעוויזיעס" פיגורירט אָבער אמ"ד נאָר מיט איין נאָמען: אייזיק.

2 די זעקסטע „רעוויזיע" איז אָפיציעל באַשטימט געוואָרן אויף 1811. צוליב דער מלחמה מיט נאַפּאָלעאָנען האָט אָבער די רעוויזיע אין ווילנע ניט געקאָנט פאָרקומען אין דער צייט און איז ערשט אַדורכגעפירט געוואָרן אין יאָר 1813. דערפאַר באַטרעפט ביי דיקס פאָטער דער יאָר-אונטערשייד פון דער זעקסטער ביז דער זיבעטער „רעוויזיע", נאָר 3 יאָר.

ווי עס איז צו זען פון דער דאָזיקער „סקאַזקע", האָט מיט דעם פאַמיליע-נאָמען דיק זיך שוין גערופן אמ"דס פאָטער. עס לאָזט זיך חוצדעם נאָך פעסטשטעלן, אַז דער דאָזיקער פאַמיליע-נאָמען איז אין אמ"דס משפּחה נאָך עלטער, ווייל שוין צו יענער צייט האָבן זיך מיטן דאָזיקן פאַמיליע-נאָמען גערופן ווארשיינלעך אויך אַנדערע ליניעס פון אמ"דס משפּחה. דאָס וואָלט מעגלעך געווען נאָר דאַן, אויב לכל-הפּחות אמ"דס זיידע וואָלט אָנגענומען דעם פאַמיליע-נאָמען דיק. אָט אַזוי געפינען מיר דערמאָנט „ר' אידל ב"ר יצחק דיק" אַלס איינעם פון די דריי באַלעבאַטים, אויף וועמענס נאָמען דער באַקאַנטער ווילנער פּרנס ר' זאַנוויל גערמייזע און זיין שוואָגער ר' דוד לעווענסאָן האָבן אין יאָר תקע"ח





קומט אויס, אַז אייזיק-מאיר איז געבוירן געוואָרן סוף 1813 אָדער אָנהייב 1814.

נאָך דער דאָזיקער סקאַזקע דיקס איז פאַר אונז אַ גרויסער סיורפּריז דיקס סקאַזקע פון דער נאָענטסטער רעוויזיע אין יאָר 1834 [3]. דאָ פיגורירט דיק ניט אין דער אַלגעמיינער משפּחה פון די דיקס און פאַרנעמט שוין אַן אייגענע משפּחה-רובריק. אַחוץ דעם איז דיק שוין דאָ אויך אָנגעגעבן עלטער:

| | לויט די הוספה-סקאַזקעס פון יאָר 1827 אַלט געווען | איצט פאַראַן און איז אַלט |
|---|---|---|
| אייזיק בן נח דיק . . . . . . | 20 יאָר | 27 יאָר |
| אייזיק בן נחס ווייב רייזל [Рейзля] | — | 20 „ |

לויט דער „סקאַזקע" פון יאָר 1834 קומט אַלזאָ אויס, אַז דיק איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1807!

די ווייטערדיקע סקאַזקעס פון די רעוויזיעס אין יאָר 1850 [4] און יאָר 1854 [5] פאַררופן זיך שוין אויף דער

(1818) אויסגעשטעלט אַ כתב-מתנה פון אַ פּלאַץ, וואָס זיי האָבן געשענקט כדי דאָרט אויפצובויען פונסניי די מיט אַ יאָר פריער אָפּגעברענטע קלויז („ר' זאַוולס קלויז"). אַז ר' אידל דיק איז מן הסתם געווען פון אמ"דס משפּחה באַווייזט דאָס איבערחזרן זיך פון דאָזיקן נאָמען אין דער משפּחה (אייזיק-מאירס אַ ברודער האָט אויך געהייסן יידל—זע ווייטער אין די אָנמערקונגען). אין דעמזעלביקן „ר' זאַוולס קלויז" איז אַגב, ווי באַקאַנט, אמ"דס פאָטער נח געווען אַ לאַנגע צייט חזן.

זע שטיינשניידערס „עיר ווילנא" ז"ז 242—243.

3 זע: Рев. сказка 8-ой ревизіи 1834 г... о мѣщанахъ евреяхъ г. Вильна, באַנד 542, בלאַט 64, משפּחה-נומער 171. דיקס „סקאַזקע" טראָגט דאָ די דאַטע פון 30-טן אַפּריל 1834, פון וואָס עס איז צו זען, אַז דעמאָלט האָט ער שוין געוואוינט אין ווילנע מיט זיין צווייטער פרוי. ניט-געקוקט איז אַלזאָ די ידיעה פון דיקס ביאָגראַפן, אַז ערשט סוף די 30ער יאָרן זאָל דיק זיך האָבן באַזעצט מיט זיין פאַמיליע אין ווילנע. זע רייזען ז' 712.

4 זע: Рев. сказка 9-ой рев. 1850 г. о мѣщанахъ евреяхъ г. Вильна, באַנד 826, בלאַט 172, משפּחה-נומער 861. דאָס איז די „סקאַזקע" פון אמ"דס פאָטער נח בן מאיר דיק און זיין משפּחה. וועגן אמ"דס פאָטער געפינען מיר דאָ, אַז בשעת דער פריערדיקער רעוויזיע (1834), איז ער אַלט געווען 51 יאָר און אַז אין יאָר 1840 איז ער געשטאָרבן. אין דער זעלבער סקאַזקע זיינען אויסגערעכנט יעם פאַרשטאָרבענעמס 4 זין: א) דער עלטסטער אייזיק (אמ"ד)—43 יאָר אַלט, ב) יידל — 34 יאָר אַלט, ג) בערל (Берко) — 33 יאָר אַלט און ד) זלמן, וועלכער איז אין 1834 אַלט געווען 16 יאָר און איז אויך געשטאָרבן אין יאָר 1840.

אמ"דס פרוי איז פאַרצייכנט רייזע בת גבריאל (Роза Габріеловна) 36 יאָר אַלט. עס זיינען אויך אַריינגעטראָגן אמ"דס קינדער: א) זיין זון גבריאל—16 יאָר אַלט און ב) זיין טאָכטער שיינע — 7 יאָר אַלט.

אויפן זעלבן בלאַט פון דער סקאַזקע געפינט זיך אַ נאָטיץ, וואָס איז געוואָרן צוגעשריבן שפּעטער אין 1857 און לייענט זיך אין אַ יידישער איבערזעצונג אַזוי: „אייזיק בן נח דיק איז לויט דער פאַראָרדענונג פון דער קאַזיאָנער פּאַלאַטע פון 22טן מאַי 1857 אויסגעשלאָסן געוואָרן פון שטייער-רייסטער אַלס לערער פון דער ווילנער קאַזיאָנער יידישער שול". אַלס קוועל דערצו איז אָנגעגעבן די „דיעלאָ" (נומער 1857/8, ערשטער „סטאָל").

5 זע: Рев. сказка 10-й рев. 1858 г. о мѣщанахъ евреяхъ г. Вильна, באַנד 69 W, בלאַט b825, משפּחה-נומער 2188. די

געבראַכטער „סקאַזקע“ פון 1834, און ממילא קומט אויס אויך לויט זיי, אַז דיק איז געבוירן געוואָרן אין 1807.

כדי אויסצושעפּן די מאַטעריאַלן, וואָס געפינען זיך אין די ווילנער סקאַזקעס וועגן דיקן, דאַרף מען נאָך ברענגען די נאָטיץ וואָס געפינט זיך אין די הוספה־„סקאַזקעס“ פון 1827 [1], צו וועלכע עס שיקט אונז אָפּ די „סקאַזקע“ פון יאָר 1834.

דאָ שטייט:

| | ביי דער פריערדיקער „רעוויזיע“ אַלט געווען | איצט פאַראַן און איז אַלט |
|---|---|---|
| אייזיק בן נח דיק . . . . | געווען דורכגעלאָזן | 20 יאָר |
| דיקס חייב ראָכע [??] בת זלמן | — | 18 „ |

דאָס איז דער גאַנצער מאַטעריאַל, וואָס געפינט זיך אין די ווילנער סקאַזקעס וועגן דער פראַגע וואָס אינטערעסירט אונז. מיר זעען אין די דאָזיקע סקאַזקעס ־ רשימות בנוגע דיקס געבוירן־יאָר די זעלבע צווייאיקייט ווי מיר האָבן זי אויבן געפונען אין די אַנדערע מקורים. די דאָזיקע צווייאיקייט מוז אָבער דאָ אין די סקאַזקעס מער וואונדערן, ווייל מיר באַגעגענען זי דאָ אין אַ מקור, וועלכער האָט דאָך געדאַרפט געבן אַ איינהייטלעכן ענטפער. דער לעצטער אומשטאַנד — די צווייאיקייט אין איין מקור — האָט אָבער די מעלה, וואָס ער גיט די מעגלעכקייט פעסטצושטעלן דעם מאָמענט, ווען די איינהייטלעכקייט האָט זיך איבערגעבראָכן, און אַזוי אַרום ווערט באַדייטנדיק לייכטער אויפצוקלערן די סיבה דערפון.

אַדורכקוקנדיק אויפמערקזאַם די סקאַזקעס שטעלן מיר פעסט דריי פאַקטן, וואָס פאָדערן אַן אויפקלערונג.

דאָזיקע „סקאַזקע“ איז שוין ניט מיט די ברידער צוזאַמען. פון אַ נאָטיץ איז צו זען, אַז אין 1853 האָט די קאַזיאָנע פּאַלאַטע פאַראָרדנט, אַז צוליבן רעגיסטרירטן טויט פון זייער פאָטער זאָלן די ברידער דיק פיגורירן אין באַזונדערע משפחה־רובריקן. קיין שום באַמערקווערדיקע נייע פּרטים געפינען זיך ניט אין דער סקאַזקע פון יאָר 1858.

אין באַנד „W 71“ פון דער זעלבער 10טער רעוויזיע (בלאַט 265) איז אין דער סקאַזקע פון אמ״דס ברודער יידל בן נח דיק אויך פאַרשריבן די מוטער דבורה בת לייב, וועלכע האָט נאָך דעמאָלט (1858) געלעבט און איז אַלט געווען 70 יאָר. דער נאָמען און איר צאָל יאָרן שטימען מיט דער מיטטיילונג אין דער ציטירטער סקאַזקע פון 1816. עס שטימט אָבער ניט איר פאָטערס נאָמען (דאָרט הייסט זי דבורה בת אייזיק). מעגלעך, אַז איר פאָטער האָט געהאַט צוויי נעמען: „אייזיק־לייב“. ביים צוזאַמענשטעלן די סקאַזקע פלעגט מען ניט מדקדק זיין אַריינצוטראָגן צוויי נעמען, ווי מיר האָבן דאָס געזען ביי אמ״דן גופא.

1 זע: Добавочная рев. сказка 1827 г... г. Вильна, еврейскаго кагала, באַנד 292, בלאַט 14, משפחה־נומער 2152. דער נאָמען פון אמ״דס ווייב איז ניט איבערצולייענען. איך בין שטאַרק מסופק, צי איר נאָמען איז געווען ראָכע. דער נאָמען לאָזט זיך אויך לעזן „לעסיאַ“. דעריבער האָב איך ביים נאָמען אַוועקגעשטעלט אַ טאָפּלטן פראַגע־צייכן. דאָ האַנדלט זיך יעדנפאַלס וועגן דיקס ערשטער פרוי. דער פאָטערס נאָמען פון דער פרוי איז זלמן.



א) אין 1827 איז אייזיק־מאיר דיק מיט איין מאָל „עלטער געוואָרן“ אויף אַ זיבן יאָר.

ב) אין דער „סקאַזקע“ פון 1827, אין וועלכער דיק איז צום ערשטן מאָל אַריינגעטראָגן געוואָרן אַלס עלטערער, איז ניט ריכטיק אָנגעגעבן, אַז ביי דער לעצטער „רעוויזיע“ איז ער דורכגעלאָזן געוואָרן; מיר ווייסן דאָך, אַז אין די סקאַזקעס פון דער רעוויזיע אין יאָר 1816 איז דיק יאָ פאַראַן.

ג) אין דער סקאַזקע פון דער אַכטער רעוויזיע אין 1834 פיגורירט דיק אין אַ באַזונדערער אייגענער משפחה־רובריק און ניט אין דער אַלגעמיינער רובריק פון די דיקס, הגם לויט דעם אופן פון צוזאַמענשטעלן די „סקאַזקעס“ האָבן, ווי באַקאַנט, חתונה־געהאַטע זין ניט אויפגעהערט צו פיגורירן אין פאָטערס משפחה־רובריק צוזאַמען מיט זייערע פרויען; דערקעגן אין די סקאַזקעס פון דער ניינטער רעוויזיע אין 1850 פיגורירט דיק ווידער אין דעם פאָטערס משפחה־רובריק.

עס בעטן זיך אַלזאָ געשטעלט צו ווערן דריי פראַגעס:

1) וואָס איז די סיבה, צוליב וועלכער דיק איז אין 1827 מיט אַמאָל „עלטער געוואָרן“?

2) פאַרוואָס פאַרשווייגט די הוספה ־ „סקאַזקע“ פון 1827 — זיכער ניט צופעליק — דעם פאַקט, אַז דיק איז אין 1816 יאָ געווען אַריינגעטראָגן אין די סקאַזקעס און נאָך מער, זי פעלשט אַפילו דעם דאָזיקן פאַקט און

3) פאַרוואָס איז דיק בשעת דער „רעוויזיע“ פון 1834 ניט אַריינגעטראָגן געוואָרן אין דער אַלגעמיינער רובריק פון זיין משפחה?

## 4

דעם שליסל צום דאָזיקן רעטעניש דאַרף מען זוכן, ווי מיר דוכט, טאַקע אין דעם יאָר, אין וועלכן דיק איז פּלוצלינג אין די סקאַזקעס עלטער געוואָרן. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז דאָס דאָזיקע יאָר — 1827 — איז געווען דאָס יאָר פון „ערשטן נאַבאָר“, וואָס האָט נאָך באַצייטנס אָנגעוואָרפן אַזאַ אימה אויף דער יידישער באַפעלקערונג. אָט דאָ דאַרף מען אויך זוכן די סיבה פון דיקס מעטאַמאָרפאָזע.

איך באַנעם די זאַך אַזוי:

אייזיק מאיר דיק איז געבוירן געוואָרן בערך אין 1813—1814. בשעת דעם „ערשטן נאַבאָר“ איז ער אַלזאָ אַלט געווען אַ יאָר 13—14. נאָך איידער עס איז באַקאַנט געוואָרן דער אוקאַז וועגן דער צוואַנג ־ רעקרוטירונג זיינען שוין צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אַרומגעגאַנגען ממש פאַנטאַסטישע קלאַנגען וועגן „נאַבאָר“. טאַטעס האָבן געזוכט פאַרשיידענע מיטלען „כדי לקדם פני הרעה“. מען האָט ניט געוואוסט בענוי, אין וועלכן עלטער מען וועט

געגומען ווערן צום מיליטער־דינסט, אָבער מען האָט געהערט, אַז עלטערע און באַווייבטע וועט מען ניט נעמען. האָט מען קודם כל געוואָלט האָבן עלטערע זין און באַווייבטע. דעמאָלט מן־הסתם האָט דיק חתונה געהאַט מיט זיין ערשטער פרוי [1]. כדי דיקן עלטער צו מאַכן, האָט מען אים אַריינגעטראָגן אין די הוספה־סקאַזקעס פון יענעם יאָר 1827 אַלס אַזעלכן, וועלכער איז בשעת דער „רעוויזיע" אין 1816 כלומרשט אַדורכגעלאָזן געוואָרן; ממילא האָט מען אים געקאָנט לייכט פאַרשרייבן אַלס 20 יאָריקן באַלאַבעסל [2]. שפּעטער, בשעת דער „רעוויזיע" פון 1834, האָט אַמ"ד דעריבער ניט געקאָנט פיגורירן אין דער אַלגעמיינער משפּחה־רובריק, ווייל ביי אַלעמען האָט מען זיך דאָרט פאַררופן אויף זייער עלטער בשעת דער „רעוויזיע" אין יאָר 1816 און די פעלשונג וואָלט אפשר געקאָנט אַרויסקומען. כדי צו פאַרווישן די שפּורן האָט מען דיקן אַריינגעטראָגן אין אַ באַזונדערער משפּחה־רובריק. דערפאַר אָבער נאָך פיל יאָרן, ביי דער נאָענטסטער רעוויזיע אין 1850, האָט דיק שוין געקאָנט פיגורירן צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפּחה. די מאַניפּולאַציע פון יאָר 1827 האָט פאַרשטייט זיך גורם געווען, אַז דיק זאָל אין זיינע שפּעטערדיקע פּערזענלעכע דאָקומענטן אויך עלטער זיין אויף אַן ערך 7 יאָר. נאָך דיקס טויט זיינען זיינע פּערזענלעכע דאָקומענטן אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פאַמיליע (זע גאָלאָמבס תולדות אד"ם אין „הצפירה"), און אויף דעם סמך מן הסתם איז אויף זיין מצבה אויפגע־

1 פריע חתונות זיינען נאָך דעמאָלט ביי די ליטווישע יידן געווען בכלל אַ נאָרמאַלע ערשיינונג ניט דווקא צוליב דער בהלה פאַרן „נאַבאָר". אַט אַזוי למשל ווייזט אָן דער פּוילישער סטאַטיסטיקער פון ליטע אין יענער צייט איגנאַצי עמאַנועל לאַכניצקי אַלס הויפּט־סיבה, צוליב וועלכער די יידישע באַפעלקערונג אין ליטע פאַרגרעסערט זיך כסדר, די זייער פריע חתונות. ער שרייבט: „אין ליטע איז שווער צו געפינען אַ יידישן יינגל פון פערצן יאָר אָן, וועלכער זאָל שוין ניט זיין פאַרהייראַט מיט אַ נאָך יינגערער יידישקע". זע: I. E. Lachnicki, Statystyka Gubernii Litewsko-Grodzienskiey, Wilno 1817 pp. 82—83.

2 אמת איז, אַז דער עלטער פון 20 יאָר האָט נאָך ניט באַפרייט פון מיליטער־דינסט, מען דאַרף אָבער געדענקען, אַז דיק איז „עלטער געוואָרן" אין דער צייט ווען מען האָט זיך נאָך ערשט געריכט אויף דעם אוקאַז וועגן „נאַבאָר", אָבער ער איז נאָך ניט געהאַט אַרויס. דיקס הוספה־„סקאַזקע" פון 1827 טראָגט די דאַטע פון 30טן יוני, און דער אוקאַז וועגן „נאַבאָר" איז אַרויס ערשט דעם 26טן אויגוסט 1827. לויט די דאָזיקע שטרענגע תקנות איז ערלויבט געוואָרן צו נעמען יידישע רעקרוטן אין עלטער פון 12 ביז 25 יאָר. בעתן וואַרטן אויף דעם אוקאַז האָט מען פאַרשטייט זיך צווישן דער יידישער באַפעלקערונג ניט געוואוסט גענוי פון וועלכע יאָרן מען וועט נעמען די רעקרוטן. מען האָט געלעבט צווישן פאַנטאַסטישע קלאַנגען און השערות. אָבער געזאָגט האָט מען, אַז מען וועט נעמען גאָר יונגע. די יידישע עלטערן האָבן דעריבער געוואָלט, אַז זייערע זין זאָלן וואָס שנעלער איבערקומען דעם „געפערלעכן עלטער". איבערוקנדיק דעם עלטער פון 13 — 14 יאָר אויף 20 און חתונה מאַכנדיק אים, האָט מען געקאָנט רעכענען, אַז דיק וועט אַרויס פון דער „געפאַר". זע:

М. И. Мышъ, Руководство къ русскому законодательству о евреяхъ. СПБ. 1890, p. 382.



שריבן געוואָרן דאָס יאָר תקס"ז, וואָס דאָס איז גלייך צום יאָר 1807.

דער דאָ געשטעלטער קאָנצעפּציע וועט מען אפשר אויפוואַרפן, אַז זי בויט צו פיל אויף אַ סקאַזקע. איז דאָך די באַציאונג פון די יידישע עלטערן אין יענער צייט צום איינמעלדן זייערע קינדער גענוג באַקאַנט. ניט בחינם קען זיך ניט קיין עצה געבן שלום־עליכמס ייד און ברעכט זיך דעם קאָפּ, צי זאָל ער זיין זון פאַרשרייבן יינגער אָדער עלטער און עס קומט אים גאָרניט אויפן רעיון, אַז מען קען איינמעלדן ריכטיק. דאָס איז אמת. דער דאָזיקער פאָרוואורף וואָלט אָבער אין דעם איצטיקן פאַל געווען ניט באַרעכטיקט, ווייל ערשטנס בוי איך ניט אויסשליסלעך אויף דער סקאַזקע פון 1816. זי שטיצט נאָר אונטער דעם ערנסטן און גלויבווערדיקן אָנווייז פון דיקן גופא. צווייטנס — און דאָס איז גראָד וויכטיק — דאַרף מען געדענקען, אַז דאָס ניט־ריכטיקע איינמעלדן די זין מצד די יידישע פאָטערס האָט געהאַט זיין סיבה דער עיקר אין דער מורא צוליבן „פּריזיוו". אין 1816 איז נאָך אָבער קיין יידישע צוואַנג־רעקרוטירונג ניט געווען, עס פעלט אַלזאָ די לאָגישע סיבה פון ניט וועלן אַריינטראָגן באַצייטנס אַ זון אין די סקאַזקעס. פאַרקערט: דעמאָלט, אין אָנהייב XIX י"ה, איז דאָס יורידישע געהערן צו אַזאַ גרויסער יידישער קהילה ווי ווילנע געלעגן אין אינטערעס פון ווילנער יידישן איינוואוינער. ווער עס האָט געוואוינט אין ווילנע און האָט ניט פיגורירט אין די ווילנער סקאַזקעס, האָט אַלס פרעמדער געקאָנט ליידן דערפון פאַרשיידענע שיקאַנעס. די „נכתבים" אָבער האָבן גענאָסן פון אַ גרעסערן שוץ מצד קהל [3]. די נאָטיץ וועגן דיקן אין די סקאַזקעס פון 1816 פאַרדינט דעריבער באַזונדערן צוטרוי.

רעזומירנדיק די אויספירונגען דאַרף מען קודם כל פעסטשטעלן, אַז אַדאַנק דעם כאַראַקטער פון די ידיעות, וואָס

3 ווי ווייט מען איז דעמאָלט געווען פאַראינטערעסירט צו זיין אַ ווילנער „נכתב" באַווייזן די גרויסע צאָל אָנקלאַגעס, וואָס געפינען זיך צווישן די אַרכיוו־מאַטעריאַלן פון ווילנער קהל פאַר יענער צייט. פיל קלאָגן זיך נעמלעך, אַז צוליב די אָדער יענע סיבות האָבן קהלס באַאַמטע אַדורכצופירן די „רעוויזיע" זיי ניט אַריינגעטראָגן אין די סקאַזקעס. די וועלכע זיינען יאָ אַריינגעטראָגן געוואָרן אין די סקאַזקעס האָבן שפּעטער אָפט געבעטן דערויף פון קהל באַשטעטיקונגען.

צווישן אַנדערע געפינט זיך אין אַרכיוו פון אַמאָליקן ווילנער קהל (Archiwum Kahalne) באַנד 16 („Księga dla zapisania treści wychodzących od Kahału Wileńskiego doniesień etc.") בלאַט 104 אַ קאָפּיע פון פאָלגנדיקער צייגעניש אין דער פּוילישער שפּראַך, וואָס ווילנער קהל האָט אַרויסגעגעבן דעם 6טן נאָוועמבער 1821 אונטערן נומער 714 (אין אַ יידישער איבערזעצונג): „אייזיק בן נח דיק איז פאַרשריבן אין דער סקאַזקע פון 1816 יאָר אונטערן נומער 1544 ביי זיין פאָטער און דער פאָטער צאָלט פאַר אים שטייער". די דאָזיקע צייגעניש האָבן אונטערגעשריבן די ראָשי־הקהל קאַסעל, ראַטנער און יאַבלאָנסקי. צו וואָס די דאָזיקע צייגעניש איז נייטיק געווען דיקן, איז שווער צו וויסן.

מיר האָבן וועגן דיקס געבוירן־יאָר—זיי גיבן נאָר אָן ווי אַלט ער איז געווען—לאָזט זיך דאָס דאָזיקע יאָר יעדנפאַלס ניט באַשטימען אַלס אַ קאַלענדאַר־יאָר. לטובת דעם געבוירן־יאָר 1807 איז פאַראַן די אויפשריפט אויף דיקס מצבה, וואָס האָט זיך מן־הסתם געשטיצט אויף דיקס פערזענלעכע ראַקומענטן ווי אויך דער גענגדערטער דיקס עלטער אין די סקאַזקעס, אָנפאַנגענדיק פון נאַבאָר־יאָר 1827. די סקאַזקעס פון דער צייט און אויך די מיט זיי פאַרבונדענע דיקס פערזענלעכע דאָקומענטן זיינען צוליב די אַרומגערעדטע טעמים ניט קיין גענוג באַגלייבטע מקורים; דערקעגן די קאָנצעפציע, אַז דיק איז געבוירן־געוואָרן אין 1813—1814 שטיצט זיך פון איין זייט אויף ערנסטע און גלייבווערדיקע ידיעות פון דיקן גופא ווי פון דער אַנדערער זייט אויף דער ערשטער „סקאַזקע" דיקס, וואָס פאַרדינט בלי־ספק מער צוטרוי איידער די שפּעטערדיקע פון נאָכן נאַבאָר. אגב לאָזט די דאָזיקע קאָנצעפּציע ניט איבער קיין שום לאָגישע סתירה צווישן די מקורים פוןביידע ווערסיעס.

לויט די ביז איצט באַקאַנטע מקורים דאַרף מען דעריבער אָננעמען, אַז אייזיק־מאיר דיק איז געבוירן געוואָרן אין דער צייט פון 1813—1814, וואַרשיינלעכער אין 1814.

# אַ האָלענדיש־יידיש כלה־ליד פון סוף 18טן י״ה

פון י. מ. היללעסום (אַמסטערדאַם)

די ראָזענטאַליאַנאַ־ביבליאָטעק אין אַמסטערדאַם פאַרמאָגט אַ יידישן מאַנוסקריפּט מיטן נאָמען: „איין שעהנעס כלה ליהד“. דאָס ליד באַשטייט פון 23 סטראָפעס, וואָס יעדערע פון זיי הייבט זיך אָן מיט אַ העבּרעאישן וואָרט, דהיינו מיט דעם ערשטן וואָרט פון יעדן פסוק פון תהלים קאַפּ׳ קמה; אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל זיינען די אָנהייבווערטער פון די פסוקים, ווי באַוואוסט, אויסגעשטעלט נאָכן אלף־בית. דער מחבר האָט אָבער משמעות ניט פאַרשטאַנען, אַז אין דעם פסוק א איז „תהלה לדוד“ בלויז אַ קעפּל און דאָס ערשטע אייגנטלעכע וואָרט פון פסוק איז „ארוממך“; ביי אים איז אויסגעקומען, אַז דער פסוק הייבט זיך אָן מיט אַ „ת“, און דעריבער האָט ער געפונען פאַר נייטיק צוצוגעבן אַן אַנדער וואָרט „אשרי“ (און די סטראָפע בערך מיטן אינהאַלט פון תהלים פד, ו), כדי צו שאַפן אויך אַ סטראָפע מיט אַן „א“. דאָס וואָרט „תהלה“ איז ביי אים דער אַריינפיר צו דער צווייטער סטראָפע, הגם דאָס פאַרשטערט דעם אלף־בית־סדר. אַ „נ“־סטראָפע פעלט, פונקט אַזוי ווי עס פעלט אַ נ־פסוק אין דעם קאַפּיטל קמה. די סטראָפע 23 האָט ווידער אַ „ו“ וואָרט־איין, געשאַפן דורך דעם אויסדרוק „ואנחנו“, וואָס איז אין דעם קאַפּיטל תהלים ניטאָ.

ניט דער מחבר און ניט די צייט פון פאַרפאַסן זיינען אויפן כתב־יד ניט אָנגעוויזן. נאָר מיר קענען זיך אָנשטויסן, אַז דער חיבור שטאַמט פון סוף 18טן יאָרהונדערט, וואָרים אין יאָר 1796 האָט זיך צעשפּאָלטן די אַשכנזישע קהילה אין אַמסטערדאַם; טייל יידן, וואָס האָבן סימפּאַטיזירט מיט די פראַנצויזן, האָבן געגרינדעט פאַר זיך אַ קהילה אונטערן נאָמען „עדת ישורון;“ איז אויף אָט דער שפּאַלטונג געפינען מיר אַ רמז אין די סטראָפעס 16 און 20.

מיר דרוקן דאָ אָפּ דאָס כלה־ליד פון אָנהייב ביזן סוף ניט דערפאַר ווייל מיר נאַרן זיך וועגן דעם ליטעראַרישן ווערט זיינעם, נאָר ווייל ס׳איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם יידישן גייסטיקן לעבן אין האָלאַנד יענע צייטן. און הגם די שפּראַך איז שטאַרק פאַרדייטשמעריש, אַזוי אַז טיילמאָל דוכט זיך אונדז, אַז מיר האָבן פאַר זיך פּשוט אַ דייטש מיט יידישע אותיות, געפינען מיר דאָ פונדעסטוועגן געוויסע סימנים פון דעם אייגנאַרטיקן האָלענדישן יידיש [1].

ליידער איז דער טעקסט וואָס מיר האָבן פאַר זיך געשריבן ניט דורך דעם מחבר גופא; מען זעט אַפילו, אַז דאָס האָט קאָפּירט ניט קיין גרויסער קענער (פגל׳ סטראָפע 2, שורה 3; 5, 4; 11, 1; 12, 4; 14, 6).

*

## איין שעהנעס כלה ליהד

### 1. אשרי

וואל דעהם אויף דיזער אונד יענר וועלט
דעהר דיא וועט [2] נאהך לעהבט דיא אונז איז איין גישטעלט [3]
אונד נימט זיך איין ווייבכען נאהך זיינעם לאט [4]
דיזעס איזט דאס עהרסטע וואס עהר גיבאטטען האט
דיזעס איזט נון גישעהן
זא מוזט קינפטיג זעהן
אין געטליכה וועגין ווייטר צו געהן.

### 2. תהלה

לויבע גאט אין אללע צייט
וויא אויך דיינע עלטערן דיא דיך האבען גיבראכט זא ווייט
דיינע פאטער דעהר מיהע אונד ארבייט געלד און גראסע פלייס
פערלאס איהם ניכט וואן עהר ווערט אלט אונד גרייס

---

1 נאָך ד״ר ה. בורזשוא (Bourgeois), וואָס האָט 1908 אָפּגעדרוקט אין בריסעל אַ בראָשור אונטערן נאָמען: ...jargon judéo allemand, האָט דאָרט אָנגעוויזן אויף דער אייגנטימלעכקייט פון האָלענדער יידיש: „Amsterdam fut longtemps un des principaux centres de l'imprimerie jargon; dans les éditions de Hollande il est interessant de constater les impiétements du néerlandais sur le jargon, qui n'avait point la défense d'une tradition solidement établie“.

צום האָלענדער יידיש פגל׳:

J. L. Voorzanger en J. E. Polak jr. Het Joodsch in Nederland. Amsterdam 1915. 8°.

2 וועט, האָל׳ Wet — געזעץ.
3 איינשטעלן — אַנאַלאָגיש האָל׳ instellen.
4 לאָט, האָל׳ Lot — גורל; דייטש Los.

דיינע מוטער דערא גלייכען
דא מוזט דוא ניכט פון וויכן
זא וויט דיהר דיין מאכט ווערס גירייכען.

### 3. בכל יום

אללע טאחג מוזט דוא פריא אויף שטעהן
אונד מוזט גלייך נאהך דעהר שוהלע געהן
דענקע ניכט וואן דעהר הערר אויז דעהר הויזע געהט
דאס דיא האנדעל זא לאנגע שטיללע שטעהט
בעטרויעה [1] נור אויף גאט
דאס איזט דאס בעססע לאט
דער שחרית מנחה אונד מעריב גיבאטטען האט

### 4. גדול

דיא גראהסמוט [2] מוזט דוא אנטווייכען
האלט איין יעדער פר דיינעם גלייכען
מיט דיזעס קומסט דוא צו רעכט אין דער וועלט
זייא גאנס אונד גאהר אויף קיין כבוד גישטעלט [3]
האלט דיר גימיין
בייא גראהס אונד בייא קליין
דיהזעס ווערט דיר צום עהרע זיין

### 5. דור

גיביהרען דיהר קינדער אין דער וועלט
לאס זיא וואס לערנען אונד שפאהרע קיין געלד
בעמיהע דיהר אלס פאטער אין דעהר פריא
זא קאננען זיא אויף דעהר עלטער שאהנד זונדער [4] מיהע
דיזעס נימט אין אכט
דיזעס איזט איין גראהסע פראכט
דעהר ווייזר סאַלאָמאָן האט דא שאהנד לענגסט אויף גידאכט

### 6. הדר

שעהנע [5] אונד ציהרע דיינע פרויא נאך דיינם שטאנד
גלייך דוא גיצייכענט האסט מיט דיין אייגע האנד
שארה כסותה וענתה [6] דאס געהט דיר אן
דיזעס שרייבט יא מאזעס דעהר הייליגער מאן
זיא איזט דיהר גיגעבין
דוא מוזט פר איהר שטרעבין
זא לאנג אייך דעהר הימעל האלט בייא עס לעבין

1 האָל׳ betruuwen — פאַרטרויען.
2 גאווה.
3 געשטעלט זיין אויף עפּעס, האָל׳ op...gesteld zijn — יאָגן זיך נאָך עפּעס.
4 זונדער, האָל׳ zonder — אָן.
5 שיינען—מאַכן שיין.
6 שמות כ״א, י.

### 7. ועזוז

שטארקט דיך גאט דאס דואווירסט איין רייכער מאן
בדענקע דיין נעהבסטען [7] דאס עהר מיט דיהר לעבין קאן
צו צדקה אונד גמילות חסד זאלסט דוא זיין אַנבערייט
עניים אונד אביונים צו העלפין אללע צייט
דיזעס איזט איין שעהנע זאטך [8]
אונד פר מעריט דיינע שאטץ
דאן פינדעט ליידער איבראל קיין פלאטץ [9]

### 8. זכר

בידענקע דיין הויז מיט רעכטשאפענהייט
מיט אללע דיא דיהר אנגעהן וויא אויך קנעכט אונד מייד [10]
נאהך אללעם זיא דיהר דיין ארבייט האבין פרריכט
ערצייג זיא אלצייט מיט איין פריינטליך גיזיכט
טוא דיזעס קונטינוויהרן [11]
זא ווירסט דוא יא שפיהרען
זיא ווערדין דיהר אלצייט רעשפעקטיהרען

### 9. חנון

דיין גונסט לאזט איין יעדער זעהן
דען מאן וייס ניכט וואס נאך קאנ גישעהן
וויר לעבין יא דורך אנאנדער גראהס אונד קליין
זא לאנג וויהר אין עס צייטליכע [12] זיין
דארום ליהבע דיא גאנצי וועלט
זא ווירסט דוא זיין איין העלד
דאס איזט דיא גרעסטי פינקטזאטץ [13] דיא דיא שריפט אונז פרמעלד [14]

### 10. טוב

האלט דיהר גוהט אין דיין האנדעלשאפט
דען דאפון מוזט דוא געבין רעכינשאפט
מאן זאהגט עהס איזט דיא עהרסטע פראג די דא גישיכט
זא באלד דיא זעהלע קומט פר דאס גיריכט [15]
מאך דיהר דא פון פרייא
בעהאנדלעל [!] יעדער טרייא
זא ווירסט דוא געליהבט זיין פון דיא מענשין דא בייא [?]

### 11. ידיד

לאהב צו אנפאנג [16] טוא ניקס אין דעהר וועלט
דא איזט דעהר הערר יא גאהר ניט אויף גישטעלט

7 נעהבסטער—נאָענטסטער.
8 כּלל.
9 פלאַץ פינדן, האָל׳ plaats vinden — פאַרקומען, געשען.
10 מייד, האָל׳ meid—דינסטמויד.
11 קאָנטינויִרן—טון כּסדר.
12 צייטליכע וועלט—די וועלט (להיפוך צו יענער וועלט).
13 תּקנה.
14 פארמעלדן, האָל׳ vermelden—מעלדן.
15 פגל׳ תּלמוד בבלי שבת לא, ע״א.
16 ס׳דאַרף זיין: לאהב צו עמפאַנגען.

אללעס גוהטס וואס דוא טוהסט דאס טוא אין דעהר שטיל
דאס איזט דיא רעכטע וועהג דיא גאט האבין וויל
לאסט דיזעס בייא דיהר וואהנען
עס געביט יא גיהטע [!] לאהנען
איין שם טוב איזט איינעס פון דיא בעסטע קראנען [1]

### 12. כבוד

דיא עהר דיא מאן דיהר בעווייזט
דיא טוא איין אנדער זא ווירסט דוא גיפרייסט
ביגעהר ניכט פון איין אנדערען וואס דוא זעלבסט ניכט
גערין האסט
דיין [!] ווירד קיינער זאגין דוא ביסט איהם צום לאסט
אונד בלייבסט יא אללע צייט
געליהבט בייא אללע לייט
אונד האסט אויך נימער קיין קעגין שטרייט [2]

### 13. להודיע

אום צו וויססען וואס בייא איין אנדער געשיכט
דא נאהך איזט דיין פערלאנגען יא ניכט
דען לשון הרע אונד רכילות קומט דא פון ארויז
בלייבע ליבער אין דיין אייגע הויז
לאזט איין יעדער וועהר ער איזט
זא בלייבסט דוא וועהר דוא ביסט
דאס שפריכווארט האט אונס יא נימער געמיסט [3]

### 14. מלכותך

דיין קיניגרייך איזט ווירקליך היינט
דארום ווירסט דוא גיעהרט פון אללע גוטע פריינד
דען חתן דומה למלך פינדען מיהר גשריבען
אום דיך צו עהרען איזט קיינער אויז גבליבען
דא מוזיק מוז שאללען
דער וויין מוז שאללען [4]
נור דער חתן צום גיפאללען

### 15. סומך

שטיטצע לומדים דיא אום דיר זיין
לאז זיא בייא דיהר געהן אויז אונד איין
געבע זי איין שיעור קבוע אין דיין הויז
דא קאנסט דוא עז בעהזע מאכען ארויז
דוא מוזט ניכט צאהגען [5]
האסט דוא וואס צו פראגען
זי ווערדען דיהר דיא רעכטען וועהג שאהנד זאגען

### 16. עיני

מיט דיין אויגען מאך דיהר ניקס זעהן
זאלסטע דיהר עטוואס צו ווידער גישעהן
האבע דיינע ברודער אינערליך ניכט פיינט
זייא קיין נוקם ונוטר זא איזט עס גימיינט
האלטע דיהר נור ניהדער
פרגעבי איהם גלייך ווידער
דען אין דעהר מענשליכקייט זיין וויהר אללע ברידער

### 17. פותח

עפנע דיינע האנד מיט פריליכקייט
וואן דוא וואס גיבסט אן ארמע לייט
געבע זיא אונד מאכט איהר געזיכט ניט ראהט
זא ווירסט דוא האבען אללע צייט עס בראהד
שיק זיא בכבוד פארט
זונדער בעהזעס ווארט
דאס גישרייא דער ארמען געהט נאהך דיא הימעלשה פארט [6]

### 18. צדיק

רעכט מוז זיין וואס דיין ווייבכען טוהט
דוא קאנסט ניט בעססער טוהן נור זאגען עס איזט גוהט
וואס זיא קאכט אונד בראָהט מוזט דוא צו פרידען זיין
זא שטייט איהר יא אללע צייט איבער איין
טוא דוא ניקס אלליין
גראהס אודער קליין
לאזט זיא אלצייט דיינה ראָהטגעבערין זיין

### 19. קרוב

נאהע דיהר אום איין מצוה צו טוהן
טוא זיא גלייך אונד לאסט זיא אויף מארגען ניט רוהן
הכנסת כלה אונד ביקור חולים אונד מעהר דערא גלייכען
זייא גשווינד דאבייא טוהע דאָפון ניכט וויכען
זיא זינד האהך אנגיזעהן
איהר בעלאהנונג ווערט גישעהן
דיא רענטע קריגען וויהר אונד עס קאפיטאהל בלייבט שטעהן [7]

### 20. רצון

בעווילגע [8] דיהר מיט דיין קהלה לייט
אונד מאך דאס דוא מיט זיא ניט קומסט אין שטרייט
טראגא דיין לאסט אין רעדעליכקייט [9]
זייא דיהר ניט פורש פון דיא מעהרדערהייט [10]

1 פרקי אבות ד, י״ז.
2 קעגנשטרייט, האָל' tegenstrijden — מחלוקת.
3 געמיסט, האָל' missen — אויסמיידן; דאָ גיכער: אָפּנאַרן.
4 שאַלן אפשר אַנשטאָט wallen.
5 צאָגן — מורא האָבן.
6 פאָרט, די (נה"ד Pforte, פון לאַט' porta) — טויער.
7 רענטע, האָל' Rente — פּראָצענט. פּגל' משנה פאה פ"א.
8 באַוויליקן, האָל' bewilligen — מסכים זיין; דאָ: דורכקומען, לעבן בשלום.
9 אָרנטלעכקייט.
10 = מערהייט.

דיא דיא קהלה פיהרען
דיא מוזט דוא רעשפעקטיהרען
געהבע דיינע צאָהל [1] זא קאנסט דוא פאסטיהרען

### 21. שומר

היטע דיהר פר מחלוקת אין דיין הויז
דען דיזעס האלט יא דיא זעגין ארויז
צירנסט דוא איין מאהל לאסט עס איבער געהן
דען אויף שלום טוהט דיא וועלט שטעהן
דארום מיט דעהר צופרידענהייט
זא ווירסט דוא אללע צייט
גיעהרט זיין בייא גאט אונד בייא אללע לייט

### 22. תהלת

ד״א לויב דיא היינט פר דיהר גישיכט
איזט אללעס נאך צו וועניג פאלגענס דיינע פליכט

1 אפצאָל.

זעהע איין דעהר בישעפפער ביהאנדעלט דיר זא טרייא
היינט מאככט [!] עהר דיהר פון אללע זינדען פרייא [2]
דארום שעפפע פרישע מוהט
זייא ווייטער פרום אונד גוהט
אונד לעהבע גליקליך אונד גירוהט

### 23. ואנחנו

אונד מיהר וואללען לושטיג זיין
איין יעדער ערגרייפט זיין גלהסכע [3] מיט וויין
אונד טרינקען דיא גיזונדהייט פון דיא יונגע לייט
דעהר ווייל [4] עס יעצט געהט צום אבשייד
לעהבעט אין גראסע פרייד
היינט אונד אללע צייט
מעתה ועד עולם ביז אין דיא עוויכקייט

ענדע

2 יבמות סו ע״ב.
3 =גלעזכע, גלעזל.
4 דערוו״ל — ממתת

# די אויספאָרשונג פון דעם יידישן אייגנס אין דעם עלטערן הענטשקע-לשון [1]

פון ד"ר רודאָלף גלאַנץ (ווין)

## קריטיק און יסודות

ווען מיר גיבן אַ קוק אויף דעם וועג, וואָס עס האָט דורכגעמאַכט די פאַרצייכענונג און אויספאָרשונג פון דעם דייטשן Rotwelsch פון מאַרטין לוטערן ביז די פילאָלאָגן פון אונזער צייט, זעען מיר, אַז אַלע זאַמלער, באַאַרבעטער און פאָרשער האָבן איין שותפותדיקן שטריך: עס פעלן בײַ זיי די עיקרדיקסטע יסודות פון קולטור-היסטאָרישער און שפּראַכיקער דערקענטעניש. מען קאָנסטאַטירט דעם פאַקט, אַז אין דעם „ראָטוועלש" זיינען פאַראַן זייער גרויסע און לויט זייער מהות זייער וויכטיקע טיילן, וואָס קאָנען שטאַמען בלויז פון יידן; אָבער עס איז ניטאָ צו דעם פאַקט קיין קריטישע באַציאונג. צי מען גייט מיט לוטערס גאַנג, אַז דאָס דייטשע הענטשקע-לשון וואַקסט דורכאויס פון יידן; צי מען גייט מיט דעם נייעם גאַנג, אַז דאָס הענטשקע-לשון איז אַ דייטשער שפּראַך-צווייג און ממילא איז שוין די ראָלע פון יידן אין דעם דייטשן גנבימטום ניט אַזאַ געוואַלדיקע ווי לוטער האָט געמיינט — סיי-ווי-סיי בלייבט דער אויפטו אַן אומקריטישער און ניט קיין זאַכלעכער, ווייל עס גייט אָפּ דער עיקר: מען פאַרזעט די יידישע קולטור-געשיכטע און די היסטאָריש-אויסגעוואַקסענע יידישע פאָלקספּראַך.

דאָס ביסל, וואָס איז יאָ געזאָגט געוואָרן וועגן אונזער טעמע אין דער ראָטוועלש-פאָרשונג, איז מערניט ווי אַן אויסדרוק פון אַ שטענדיקער אינעווייניקסטער קלעם; מען איז אומפעאיק צו קערעווען זיך מיט די יידיש-שפּראַכיקע באַשטאַנד-טיילן אין אים אַזוי, אַז דערפון זאָל עפּעס אַרויס-דרינגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם ראָטוועלש אין אַלגעמיין. און אויב די נייע ראָטוועלש-פאָרשונג האָט אַ סך אויפגעטאָן ביים דערגיין די ד י י ט ש ע עלעמענטן פון דעם הענטשקע-לשון, האָבן מיר דאָ אַ פאַל (וואָס איז גאָרניט אַזאַ זעלטענער אין דער געשיכטע פון דער וויסנשאַפט), אַז אַ פאָזיטיווער אויפטו איז אַ פועל-יוצא פון אַ נעגאַטיווער סיבה. מען איז ניט געווען ביכולת צו באַאַרבעטן די יידיש-שפּראַכיקע עלעמענטן, האָט מען זיך אַ לאָז געטאָן צו די דייטש-שפּראַכיקע אָדער, ברייטער גענומען, צו יענע עלעמענטן, וואָס וואַקסן נ י ט פון יידיש. אַפילו מיט ראָמאַנישע און סלאַווישע באַשטאַנדטיילן פון דעם דייטשן ראָטוועלש האָט מען זיך אָפּגעגעבן, און די יידישע זיינען געבליבן כמעט ווי ניט אָנגערירט.

א י י ן פרווו איז געמאַכט געוואָרן אין דער דייטשער וויסנשאַפט צו באַשיידן די אויפגאַבע. אַווע-לאַלעמאַנס נאָמען [2], דער סימבאָל פון אַ געלערנטער אַרבעט, דערמאָנט פאַראייגס אי אין דער ערשטער דערקענטעניש פון דעם היסטאָרישן דייטשן גנבימטום, אי אין דער שטרעבונג צו דערקענען דאָס ראָטוועלש דווקא אויס זיינע יידישע עלעמענטן. אַווע-לאַלעמאַנס וועג, אויף וועלכן ער האָט אַ סך מחדש געווען — אַפילו די היינטיקע יידישע פילאָלאָגיע ווערט נתפּעל פון זיינע שטודיעס צו דער יידישער פאָלקס-שפּראַך — איז פון די שפּעטערדיקע פאַרוואָרפן געוואָרן. ראָטוועלש איז געוואָרן אַן ענין פון פילאָלאָגן; אַווע'ס דרך האָט מען גענומען שטאַרק קריטיקירן, אָבער מען האָט ניט דערגרייכט גאָרנישט וואָס זאָל זיך קענען גלייכן צו זיינע אויפטוען, ספּעציעל צו זיינע ווערטער-דערקלערונגען. סוף-כל-סוף האָט מען זיך נאָר אָפּגעשטעלט אויף זיין „קרענקלעכן חשק" [3] אַרויסצופירן ראָטוועלשע ווערטער פון העברעאיש, און מען האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו קלערן, אין וואָס פאַר אַ מאָס אַווע-לאַלעמאַן איז געווען גערעכט מיט זיין אָפּשאַצן די יידיש-שפּראַכיקע השפּעה אויף ראָטוועלש.

ניט קלוגע [4], וואָס רעדט וועגן אַווע-לאַלעמאַנס איבער-שאַצן די העברעאישע השפּעה, און ניט בויער, וואָס האָט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אַרויסגעגעבן איבעראַנייס אַווע-לאַ-

1 די טערמינען וואָס ווערן באַנוצט אין דעם אַרטיקל: הענטשקע-לשון איז די אַלגעמיינע באַצייכענונג פאַר Gauner-sprache; זע ליפשיץ I 86: „הענטשקע-לשון — воровской языкъ". ראָטוועלש (Rotwelsch) באַטייט דאָס אייגענע, פגל' דוו"ב VIII 1324: "Rotwälsch—Bezeichnung der Gaunersprache" (די שרייבונג פון דוו"ב מיט ä איז ניט אַקצעפּטירט דורך דער גילטיקער אָרטאָגראַפיע). "Rot" באַטייט בעטלער אין דער גנבים-שפּראַך. דאָס דייטשע Gauner איז דאָ איבערגעגעבן דורך ג נ ב.

2 באַראַכאָוו נומ' 103: Friedrich Christian Benedict Avé-Lallemant, Das deutsche Gaunerthum. B. I — II Leipzig 1858, B. III—IV Leipzig 1862

3 למשל זיין שאַרפער (און ערפאָלג) קריטיקער וואַגנער אין זיין רעצענזיע, געדרוקט אין Archiv für das Studium der neueren Sprachen und Literaturen, יאָרגאַנג 18 (1863), ז' 197 — 246 (באַראַכאָוו נומ' 106).

4 באַראַכאָוו נומ' 105: Kluge, Rotwelsch, B. I. Strassburg 1901.

לעמאַנס ערשטע צוויי בענד און חזרט איבער אין דער הקדמה אָן שום קריטיק קלוגעס טענה, האָבן ניט געגעבן דאָס, וואָס אַווע־לאַלעמאַן האָט געפּרוּווט שאַפן מיט גאָר אַ נישקשהדיקער פּעולה: אַ ווערטערבוך פון ראָטוועלש. און גינטער 1, וואָס האָט פּובליקירט די גרעסטע זאַמלונגען ראָטוועלש־ווערטער און מעג הייגט פאַררעכנט ווערן פאַר דעם פלייסיקסטן באַאַרבעטער פון ראָטוועלש (קלוגע, וואָס איז געשטאָרבן 1926, האָט זיך נאָך מיט פיל יאָרן צוריק מיאש געווען אין דעם פּלאַן פון אַ ראָטוועלש־ווערטערבוך), האָט אַפילו ניט געמאַכט מער קיין פּרוּוו צו שאַפן אַזאַ לעקסיקאָן. אַראָפּגערעכנט איינצלנע ווערטער־דערקלערונגען, וואָס שטאַמען צום גרעסטן טייל פון אַלפרעד לאַנדוי [2], זעלטן ווען פון דעם פאַרשטאָרבענעם ד"ר בראַן (Brann), לאָזט גינטער אינגאַנצן אויסן די יידיש־שפּראַכיקע טיילן פון דעם דייטשן הענטשקע־לשון. ער איז מסכּים, אַז די דאָזיקע טיילן זיינען וויכטיק ביז גאָר, נאָר ער איז מוסיף, אַז ער קען באַהייבן בלויז די דייטש־שפּראַכיקע אויפגאַבע, דעריבער האָט ער לחלוטין געלאָזן אין אַ זייט די ניט־דייטשע עלעמענטן, כּדי אויסצושעפּן כאָטש דעם דייטשן טייל פון דעם ראָטוועלש.

נאָך קלוגע האָט גערעדט וועגן דעם, אַז ער האָט בדעה צוצוציען סעמיטיסטן צו זיין אַרבעט. גינטער האָט דאָס געטאָן צו־ביסלעך, אָבער זיינע העלפער האָבן געקאָנט געבן נאָר אַ לפי־ערך קליינעם צושטייער אין די היפשע ווערטער־קאָלעקציעס פון דעם דאָזיקן פלייסיקן געלערנטן. דאָס רוב ברענגט ער, אינגאַנצן אומקריטיש, אָדער פּשוטע יידישע פאָלקסווערטער (ד"ה בשום־אופן ניט קיין פּראָדוקט פון דעם שטייגער טראַכטן פון יידישע גנבים), אָדער פאַרבינדונגען מיט דייטש־שפּראַכיקע עלעמענטן, וואָס זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן דורך יידן און זיינען אויף אַזאַ אופן געוואָרן אָנגענומען אין דעם דייטשן הענטשקע־לשון. פאַר דער אויספאָרשונג פון דעם הענטשקע־לשון גופא האָבן אַזוינע עלעמענטן כמעט קיין שום ווערדע ניט. אויב דייטשע גנבים האָבן אין די פאַרשיידנסטע פאַלן צוגעטשעפּעט צו ריין דייטש־שטאַמיקע ראָטוועלש־ווערטער אַזוינע וואָקאַבלען ווי bajis, melochenen, Goi, Goie אאַז"וו, איז דערפון נאָך קנאַפּ־וואָס געדרונגען: ניט מען קען דערפון עפּעס וויכטיקס אָפּלערנען פאַר דער קולטורגעשיכטע, ניט מען זעט אַרויס עפּעס וויכטיקס פאַר דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם גנבימטום. ממילא האָבן די בערך 100 העברעאישע וואָקאַבלען, וואָס גינטער האָט מצרף געווען צו זיינע גרויכע ריין דייטש־שטאַמיקע ראָטוועלש־ווערטער, זייער אַ קנאַפּע ווערדע ביים

1 גינטערס (Günther) פיל אַרטיקלען אין Archiv für Kriminalanthropologie (רעד' Gross) און אויך אין זיינע ביכער: Das Rotwelsch des deutschen Gauners, לייפּציג 1905 (באַראַכאָוו נומ' 406) אין Die deutsche Gaunesprache, לייפּציג 1919.

2 זע דעם ביאָגראַפישן אַרטיקל אין לאַנדוי־בוך, ז' 3.



אויסגעפינען דעם יידישן חלק אין דעם דייטשן ראָטוועלש; הגם איך וועל ניט לייקענען, אַז עטלעכע קלענערע ענינים, אַ שטייגער די פאַרדייטשונג פון העברעאישע ווערטער, האָט ער אויפגעדעקט גאַנץ איבערבליקלעך.

אָבער גערעכט זיינען פאָרט ניט די שפּעטערדיקע, נאָר אַווע־לאַלעמאַן, און עס איז נאָך אַלץ אַ נייטיקע אויפגאַבע פאַר דער יידישער פילאָלאָגיע צו פאַרפולנדעווען און אויפצושטעלן דאָס געביי וואָס ער האָט אָנגעהויבן. און נאָך דעם ים קריטיק, וואָס איז געווען געווענדט קעגן אַווע־לאַלעמאַנען, איז איצט אויפן אָרט אָפּצושאַצן זיין לעבנסווערק. זיין אויפטו מעג אָנגערופן ווערן דער שפּיץ פון דער דייטשער וויסנשאַפט, וואָס גיט זיך אָפּ מיט שטודירן דאָס לעבן פון די אונטערשטע שיכטן פון פאָלק. און מען מעג זאָגן מיטן פולן מויל, אַז זיין פירבענדיק ווערק Das deutsche Gaunerthum וועט בלייבן אַ חידושדיקער אויפטו פאַר אַלע צייטן [3]. זיין גרונט־קוק אויף דעם דייטשן גנבימטום האָט ערשט אויפגעעפנט דעם וועג צו דער סאָציאָלאָגישער דערקענטעניש; און פאָרט האָט ער ניט געפונען קיין נאָכפאָלגער וואָס זאָל זיך מעגן גלייכן צו אים.

איבערשאַצן דאַרף מען אויך די מיינונג, וואָס עס האָבן אַרויסגעזאָגט וועגן אַווע־לאַלעמאַנען די פאָרשטייער פון דער יידישער וויסנשאַפט אין דער פאַרגאַנגענער תּקופה. יענע יידישע געלערנטע פון דער צווייטער העלפט 19טן י"ה האָבן נאָך ניט פאַרמאָגט געוויסע עיקרדיקע סאָציאָלאָגישע באַגריפן פון דער יידישער געשיכטע און קולטור־געשיכטע. היינט, ווען מען איז דערגאַנגען אַזוי פיל נייע פאַקטן אויף אַ סך געביטן פון קולטורגעשיכטע און פאָלקסשאַפונג, זיינען מיר ביי דער שיין פון די געפינסן געקומען צו דער נייער גרונט־מסקנא: דאָס יידישע פאָלק איז אויך אַ היסטאָרישע דערשיינונג, און ווי אַזאַ לאָזט זיך ביי אונזער פאָלק אויך אויספאָרשן דאָס לעבן פון זיינע אונטערשטע שיכטן סיי היינט, סיי אין דער פאַרגאַנגענהייט. און יענע צושטייערס צו דער אַנטוויקלונג פון דעם הענטשקע־לשון, וואָס מיר ווערן געוואויר פון דעם לעבן פון די אונטערשטע פאָלקסשיכטן, האָבן אונז געמאַכט דערקענען זייער פיל קולטורהיסטאָרישע באַציאונגען צווישן די יידישע און ניט־יידישע פאָלקסמאַסן.

אַווע־לאַלעמאַן האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז דאָס הענטשקע־לשון איז דאָס „שבלת", ביי וועלכן יעדער פאָרשער פון גנבימטום דאַרף אַרויסווייזן זיינע אינעווייניקסטע כּשרונות צו באַנעמען די פּראָבלעם פון דעם גנבימטום. די דייטשע ראָטוועלש־פאָרשונג איז שוין לאַנג אַראָפּ פון דעם וועג פון אַלגעמיינער קולטורהיסטאָרישער גנביטום־

3 אויך קען איך אויף קיין פאַל ניט איינשטימען מיט באָראָכאָוס ביטולדיקער מיינונג וועגן אַווע־לאַלעמאַנס סטיל (נומ' 103); פאַרקערט, זיין שפּראַך איז יענע גלענצנדיקע שפּראַך פון אַ דייטשן געלערנטן, פון וועלכער שאָפּענהויער וואָלט אַזוי נתפּעל ביי קאַנטן.

פאָרשונג, אַניט וואָלט זי שוין לאַנג געהאַט אַ דורכפאַל ביים „שבלת" פון דעם יידישן שפּראַך-אייגנס אין דעם גנבים=לשון.

## דער פילאָלאָגישער גרונט=טעות

גינטער איז, קען זיין, גערעכט[1]: עס איז אפשר גרינגער פאַרן פילאָלאָג צוצולערנען זיך די קענטעניש פון קולטורגעשיכטע, יוריספּרודענץ און פאָלקלאָר, וואָס זיינען נייטיק פאַר דער פאָרשונג פון ראָטוועלש, איידער פאַרקערט — בשעת אַ קולטורהיסטאָריקער אַ שטייגער וויל דערגאַנצן די פילאָלאָגישע קענטענישן, וואָס גייען אים אָפּ. און פונדעסטוועגן פאַרפירט גראָד דער קוק צום טעות, וואָס איך בין אַ בעלן אָנצורופן „דער פילאָלאָגישער גרונט=טעות". אויב אַ פאָרשער איז משער, אַז מען קאָן דערקלערן דעם ווערטער=אוצר פון הענטשקע=לשון אינגאַנצן אָדער אַפילו צום גרעסטן טייל אויף אַ ריין=פילאָלאָגישן וועג, טוט ער דערמיט אָפּ אַ פּרינציפּיעלן פעלער, דעם גרעסטן פעלער אין וועלכן ער וואָלט גאָר געקאָנט אַריינפאַלן.

די פילאָלאָגיע וואָס ווייס די גרענעצן פון אירע מיגלעכקייטן וועט בכלל אָפּט איבערלאָזן פאַר דער קולטור=געשיכטע אויסצופאָרשן שפּראַך=דענקמאָלן פון כל=המינים; דער עיקר דאָרטן, וואו די פילאָלאָגישע אויסטייטשונג פון עפּעס אַ שפּראַכיקן איבערבלייב לאָזט נאָך ניט הערן קיין זאַך אויפן פעלד פון קולטורגעשיכטע. ביי די „געהיימע לשונות" און ביי דעם וויכטיקסטן פון דעם מין, ביים הענטשקע=לשון, קומט צו נאָך אַ וויכטיקערע מניעה פאַרן פילאָלאָג: די באַוואוסטזיניקע כוונה ניט אונטערצווואַרפן זיך אונטער קיינע כללים פונעם מענטשלעכן רעדן; דער געהיימער מיין צו דינען די סאָציאַלע באַדערפענישן פון אַ שיכט, וועלכע שטייט אין אַ קעגנזאַץ צו דער איבעריקער געזעלשאַפט; די שטרעבונג צו פאַרקרימען די אַלגעמיינע שפּראַכיקע נאָרמען, צו בלייבן ניט=פאַרשטאַנען דורך אַלע אַנדערע טיילן פון פאָלק.

די גנבים=שפּראַך איז אַ ריין קינסטלעכע שפּראַך אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל זי נעמט איר מאַטעריאַל (ווי יעטווידער עכטע קונסט) פון דעם לעבן פון אַ באַשטימטער שיכט פאָלק און בויט אים איבער שפּראַכיק לויט אירע באַדערפענישן. די פילאָלאָגיע אַליין קאָן ניט באַהייבן אָט די לעבנס=פּראָבלעם פון דעם גנבישן רעדן; זי קאָן מיט גרויס בקיאות אויסגעפינען דעם מקור פון איינצלנע עלעמענטן פון דעם הענטשקע=לשון, נאָר זי בלייבט אָפּהענטיק בשעת עס גייט וועגן אָפּשאַצן דעם ווערטער=אוצר פון דעם הענטשקע=לשון אינגאַנצן, וועגן פעסטשטעלן די קונציקע אינעווייניקסטע באַציאונג פון דעם גנבישן לשון צום לעבן פון די גנבישע שיכטן. ווען מיר ווילן באַנעמען דעם תמצית פון

[1] זע דעם אַריינפיר צו Das Rotwelsch des deutschen Gauners.



דעם לעבעדיקן גנבישן לשון, קאָן מען זיך דאָ ניט רירן פון אָרט אָן אַ גרונטיקער באַקאַנטשאַפט מיט די קולטור=היסטאָרישע און פאָלקלאָריסטישע יסודות פון דעם גנבישן לעבן.

אָבער צוריקגערעדט: אַפילו אין זייער פאַרקרימען די שפּראַך בלייבן די גנבים פאָרט עכטע קינדער פון זייער פאָלק. דאָס מיינט, אַז אויך אין זייער פאַרקרימטן לשון זיינען נאָך במציאות אייגנטימלעכקייטן פון זייער פאָלקס=שפּראַך. דאָס איז זייער וויכטיק פאַר אונזער פּראָבלעם, ווען מיר שטעלן זיך פאַר אַ ציל אויפצודעקן דאָס שפּראַכיקע לעבן פון די יידישע גנבים אין אַ פרעמדער שפּראַכיקער סביבה און נאָכצוגיין נאָך די דאָזיקע שפּורן ביזן מקור. דאָס יידישע גנבימטום האָט אַריבערגעפלאַנצט די אייגנטימלעכקייטן פון דער יידישער פאָלקסשפּראַך אין רעכטן מיטן פון דעם דייטש=שפּראַכיקן דענקען פון די דייטשע גנבים; הייסט עס, יידישע גנבים האָבן דעם גרעסטן חלק אין דעם, וואָס די דייטשע גנבים=שפּראַך האָט זיך אַנטוויקלט ווייטער ביז דעם „ראָטוועלש", דעם געהיים=לשון פון דעם דייטשן גנבימטום. ווען מיר גייען צו צו ראָטוועלש מיט אַ קענטעניש פון דעם אַמאָליקן און איצטיקן יידיש, דערקענען מיר ערשט יעמאָלט דעם שטח פון די ווירקונגען, וואָס יידישע גנבים האָבן געהאַט אויף דעם דייטשן גנבים=לשון.

דער יידישער גנב האָט זיך ניט געקאָנט אויסטון פון זיין פאַרבונדנקייט מיט דער יידישער פאָלקסשפּראַך. אָבער נאָך מער: מען קאָן אויפווייזן בפירוש, אַז היסטאָריש איז פאַר דעם יידישן גנב אין דער דייטשער סביבה ניט געווען קיין באַדערפעניש אָפּצוזאָגן זיך פון דער יידישער פאָלקס=שפּראַך און אַז אָפּטמאָל איז געווען אינגאַנצן בהסכם מיט די צוועקן פון דעם דייטש=גנבישן אומגאַנג דווקא צו בלייבן ביים יידיש=לשון. דער ווערטער=אוצר פון דער יידישער פאָלקסשפּראַך, אַריינגעפירט אין אַ פרעמדשפּראַכיקער סביבה, גיט דעם היימישן גנב אַ פולע מיגלעכקייט צו פאַרבאַהאַלטן זיך אין דעם דאָזיקן יידישן לבוש. דער דייטשער גנב, וואָס ניצט פאַר זיינע צוועקן אַ יידיש וואָרט, בלייבט באַשיצט פון די אַרומיקע דייטשן. כל=זמן דאָס וואָרט פון דער יידישער פאָלקסשפּראַך איז ניט צו שטאַרק מפורסם געוואָרן צווישן קריסטן אַדאַנק זייער אַלגעמיינעם פאַרקער מיט יידן, בלייבט דאָס דאָזיקע וואָרט אַן אייגנס פון דער דייטשער גנבים=שפּראַך. אויב עס ווערט שוין מער באַקאַנט, פאַרקרימט מען עס איבעראַנייס. אָט אַזוי ווערט דאָס יידישע פאָלקסוואָרט בהדרגה איבערגעדרייט אין דעם גנבישן געברויך; דערביי פירט זיך דער דייטשער גנב אַדורך זיינע שינויים, ווי אַ נאַטירלעך קינד פון זיין פאָלק, אינגאַנצן לויט די טענדענצן פון דער דייטשער שפּראַך. עס איז דעריבער קלאָר פון זיך אַליין, אַז עס איז אומ=מיגלעך נאָכצוגיין נאָך די דאָזיקע דערשיינונגען ניט קענענדיק די יידישע שפּראַך און איר היסטאָרישע אַנטוויקלונג.

נאָר בײַ דעם פונקט הייבט זיך ערשט אָן די זעלבשטענדיקע שפּראַכיקייט פון די יידישע גנבים. דער נידעריקסטער שפּראַכיקער שטאַפּל איז אַזאַ: די יידישע גנבים רעכענען זיך מיט דעם באַדערפעניש פון זייערע דייטשע פאַך=חברים צו פאַרדרייען די דייטש=שפּראַכיקע ראָטוועלש=עלעמענטן, און זיי שאַפן אַוינע שפּראַכיקע אַנאַלאָגיעס צו די דייטשע גנבים=ווערטער, וואָס זיינען קיינמאָל ניט אַריבער אין דער יידישער פאָלקסשפּראַך און האָבן בלויז באַרייכערט דאָס ראָטוועלש מיט קונסט=פּראָדוקטן פון דער יידישער גנבים=שפּראַכיקער טעטיקייט. פּאַמעלעך דערגייט די שפּראַכיקייט פון די יידישע גנבים ביז איר העכסטער מדרגה: זיי שאַפן זייער אייגענע שפּראַכיקע וועלט און בויען זי אַריין (דורך דער קראַפט פון דער גנבישער אָריגינעלקייט, דורך צופּאַסן=זיך צום לעבן פון די דייטשע גנבים) אַזוי טיף אין דער דייטשער גנבישער סביבה, אַז זי וועט זיך שוין קיינמאָל מער ניט אָפּזאָגן פון די דאָזיקע עלעמענטן פון איר ראָטוועלש. די ווערטער=גרופּעס, וואָס מיר האָבן דאָ אין זינען, וואַקסן אַרויס פון די אינעווייניקסטע לעבנס=באַדערפענישן פון דעם אוניווערסאַלן גנבימטום. אָבער די באַשעפער זיינען געווען יידישע גנבים; האָבן זיי זיך פריי פאַרשאַפט מיט דער יידישער פאָלקסשפּראַך און גענומען צו=הילף ניט נאָר די יידישע שפּראַך, נאָר אויך דעם גאַנצן גייסטיקן באַזיץ פון יידישן פאָלק, די מנהגים, טראַדיציעס און איינגלייבענישן. די פּראַקטיק פון גאַנצע דורות גנבים איז דאָ שפּראַכיק אויסגעפורעמט געוואָרן אין הסכם מיט זייער אויסגעבונדנקייט אין דער יידישער סביבה. אין יענע פאַלן, וואו דאָס דייטשע גנבימטום האָט נאָך ניט געהאַט שפּראַכיק פאָרמולירט זיינע פּאַראַלעלע אינעווייניקסטע איבערלעבונגען, האָט עס איבערגענומען אָן שהיות דעם פּראָדוקט פון דעם זעלבשטענדיקן יידיש=גנבישן דענקען. און איבערגענומען האָט מען מיט אַזאַ אימפּעט, אַז די התחלות פון אייגענער דייטש=שפּראַכיקער זעלבשטענדיקייט זיינען אויף די זעלבע באַגריף=פעלדער ממש פאַרדאַרט געוואָרן.

גלייכצייטיק מיט די שפּראַכיקע עלעמענטן דרינגען אַריין אַלגעמיינע יידישע פאָלקס=פאָרשטעלונגען, וואָס אין דעם לעבן פון די דייטשע גנבים ווערן זיי פאַרוואַנדלט אין פאָרשטעלונגען פון זייער קלאַס. מנהגים, גלייבונגען, צערעמאָניעס, סאָציאַלע דיפערענצירונגען ווערן מגולגל צום דייטשן גנבימטום; דאָ לעבן זיי זיך איין און ווערן אַריינגענומען אין דעם „ראָטוועלש" ווי אַ קנין פון דעם גנבים=קלאַס. טאָמער קומען פאָר שינויים אין די השגות פון די יידישע גנבים, גיט זיך דאָס גיך איבער אין דעם אינעווייניקסטן לעבן פון די דייטשע גנבים און פון זייער שפּראַך.

לאָמיר נעמען אַ שטייגער דעם פאַקט, ווען עס קומט אויף אין דעם דייטשן ראָטוועלש דער נאָמען Chawruse (חברותא) פאַר „גנבים=באַנדע". דאָס גופא איז אַ סימן, אַז אין יענער צייט איז שוין אָפּגעשטאָרבן די אַלטע פאָרשטעלונג (וואָס איז געווען אַרויסגעוואַקסן פון דעם דייטשן גנבימטום), אַז די באַנדע איז אַ צעך. איצט דרינגט אַריין דער פון די יידישע גנבים אויפגעבראַכטער באַנעם, אַז די גנבים=באַנדע איז אַן איינהייט פון טואונג, און דאָס באַקומט אַן אויסדרוק אי אין דעם רעאַלן, אי אין דעם שפּראַכיקן לעבן. דורך דער „חברותא" איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דעם דייטשן גנבימטום אַ יידישע געזעלשאַפטלעכע איינטיילונג און עס זיינען איינגעפירט געוואָרן קלענערע טואונגס=איינהייטן אָנשטאָט די פריערדיקע אומגעלומפּערט=גרויסע צעכן — אַ זאַך, וואָס איז פאַר דעם גנבימטום סיי=ווי געלעגן אויף דער ליניע פון זיין אַנטוויקלונג.

## די מקורים

פריער פאַר אַלץ דאַרפן מיר קריטיש באַטראַכטן דעם מקורים=מאַטעריאַל. דאָס איז נאָך מער נייטיק צוליב דעם, וואָס די ביבליאָגראַפישע איבערבליקן, טעקסט=איבערדרוקן און רשימות פון אַווע=לאַלעמאַנען, וואַגנערן און קלוגען גיבן ניט קיין שום קריטישע אָפּשאַצונג פון דעם מאַטעריאַל און זאָגן אונז ניט, אויף וועלכן מקור מיר מעגן זיך מער פאַרלאָזן און אויף וועלכן ווייניקער. און עס לייגט זיך דאָך אויפן שכל, אַז גראָד דאָס יידישע שפּראַכיקע אייגנס אין ראָטוועלש איז נאָך מער אָפּהענגיק פון דעם, אַז מיר זאָלן דערקענען די אינעווייניקסטע און אויסווייניקסטע יסודות פון די מקורים.

די שריפטן, וואָס דינען אונז פאַר מקורים, זיינען נאָר אין אַ קלענערן טייל זעלבשטענדיקע ווערטערביכער, צונויפגעשטעלט פון זאַמלער, וואָס האָבן זיך אינטערעסירט מיט דעם ענין הענטשקע=לשון. אין אַ סך אַ גרעסערן טייל זיינען דאָס קליינע הוספות צו די געדרוקטע רעלאַציעס וועגן סענסאַציאָנעלע פּראָצעסן קעגן גנבים=באַנדעס פון אַלע צייטן. טיילמאָל גיט גאָרניט דער מחבר פון דער פּראָצעס=געשיכטע קיין שום זעלבשטענדיקע רשימה פון די ראָטוועלש=ווערטער, נאָר ער פאַרצייכנט זיי בלויז פאַרבייגייענדיק אין טעקסט, בשעת עס קומט צו רייד.

לויט פילאָלאָגישע פּרינציפּן וואָלט מען נוטה געווען לכתחילה אָפּצוגעבן די בכורה די ריינע ווערטערביכער; נאָר ריכטיק איז פונקט פאַרקערט. וואָרים טיילמאָל זיינען די ווערטערביכער ניט מער ווי קאָמפּילאַציעס פון לאַנגגעדרוקטע זאַמלונגען, און אַרויסגעגעבן איבעראַנייס זיינען זיי בלויז צוליב אַ בוכהענדלערס ספּעקולאַציע אָדער צוליב אַ „מחברס" אַמביציע, — אין דער צייט וואָס די פּראָצעס=רעלאַציעס זיינען געשעפּט אוממיטלבאַר פון די גנבימס לעבן און גיבן אַ סך אַזוינס, וואָס דער באַריכט=אָפּגעבער האָט אַליין געהערט. ממילא קאָנען מיר דאָ אויסגעפינען אַ היפּשן וואָרטמאַטעריאַל, וואָס זאָגט אונז עדות וועגן דער שפּראַכיקער אַנטוויקלונג פונעם גנבימטום. אַפילו ווען

מיר האָבן צו טון ניט מיט קיין האַנטשריפטיקע פּראָטאָקאָלן, נאָר מיט געדרוקטע רעלאַציעס, איז דאָס אויך אַ מער פרישער מאַטעריאַל, מחמת די בוכהענדלער, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן אָט די סענסאַציאָנעלע בראָשורן, פלעגן זיי צום גרעסטן טייל באַשטעלן ביי אויספאָרשער, געריכט-שרייבער און ענלעכע פערזאָנען, וואָס האָבן אַליין אָנטייל-גענומען אין די פּראָצעסן.

אַחוץ די דאָזיקע צוויי מקורים — ווערטערביכער און פּראָצעס-רעלאַציעס — איז בעצם מער ניטאָ וועגן וואָס צו רעדן. אויף די עלטערע דייטשע שריפטשטעלער, וואָס ברענגען הענטשקע-ווערטער, קאָן מען זיך גאָרניט פאַרלאָזן; זיי האָבן אַליין אויך געשעפּט פון ווערטערביכער, כדי צו באַפּוצן זייערע ווערק מיט אַ פּאָר קינסטלעך-צונויפגעשטעלטע זאַצן. דאָס איז געווען אַן אָנשטעל פון רעאַליזם, וואָס באמת איז ער נאָך אין יענער צייט בשום-אופן ניט געווען. עס וועט ניט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אַז כמעט אַלע ליטעראַרישע פּרוּוון פון דעם מין זיינען זיך סומך אויפן Liber Vagatorum, וואָס האָט דאָך, בשעת ער איז אַרויס [1], געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם און איז שפּעטער אַ סך מאָל איבערגעדרוקט און איבערגעזעצט געוואָרן.

אונז אינטערעסירן די מקורים קודם-כל לויט דער מאָס פון זייער אוממיטלבאַרקייט. עס איז לכתחילה קלאָר, אַז מען קאָן ניט אָננעמען פאַר פולווערטיק שפּראַכיקע פאַרצייכענונגען, אויב זיי זיינען געמאַכט געוואָרן פון אַ מענטשן וואָס האָט די שפּראַך ניט געקענט. מכל-שכן זיינען מינדערווערטיק די פאַרצייכענונגען פון יידישן שפּראַך-אייגנס, געמאַכט פון דייטשע ווערטערזאַמלער, וואָס האָבן אַבסאָלוט ניט געקענט ניט יידיש און ניט העברעאיש. אמת, טיילמאָל האָט זיך דאָ געקאָנט אויפהיטן עפּעס אַ וואָרט, וואָס איז זינט יעמאָלט אַרויס פון געברויך; אָבער דאָס איז גאָר. ווען מיר קוקן זיך איין אין די דאָזיקע ווערטער-זאַמלונגען, געפינען מיר דאָ אָפט גראָבע גרייזן, מיסטיפיקאַציעס פון אויסגעטראַכטע ווערטער אאַז"וו; אין די געדרוקטע חיבורים קומט נאָך צו אַ ים דרוקגרייזן. מען מעג זאָגן, אַז די געשיכטע פונעם דרוקגרייז אין די ראָטוועלשע ווערטער-רשימות געהער צו די פרייליכסטע קאַפּיטלען פון דער וויסנשאַפט. אויסשליסלעך לויט די דרוקגרייזן דערקענט מען היינט אויף זיכער אַ פּלאַגיאַט, און עס איז אַ מחיה צונויפצושטעלן לויט דעם סימן די גרופּעס ראָטוועלשע פּלאַגיאַטאָרן. דאָס איז אַגב ניט סתם אַ שפּילעריי, ס'האָט אויך אַ וויסנשאַפטלעכן ווערט, וואָרים אַזוי אַרום געפינען מיר אויס די אמתע אָריגינעלע מקורים און ווערן פּטור פון דער איבעריקער אַרבעט צו פאַרנעמען זיך מיט געלאַטכנטע איבערדרוקן.

גאָר אַן אַנדער זאַך איז דאָס רוב מיט די רעלאַציעס. דאָ ווייזט דער מחבר כמעט אַלעמאָל אַרויס זיין פאַרשטאַנד פאַר דעם ענין, פיל-וויניק דערנענטערט ער זיך צום אינעווייניקסטן לעבן פון די גנבים, ער פאַרשרייבט די ווערטער באַלד נאָכדעם ווי ער האָט זיי געהערט, און דורך דעם אָפּיציעלן קאַנצעלאַרישן לשון, וואָס ער גיט איבער, שיינט אַרויס די רעאַלע ווירקלעכקייט. אויב די רעלאַציע שטאַמט פון אַ געריכט-אויספאָרשער, בלייבט זיין באַציאונג צום גנבים-לשון אָפּטמאָל ניט קיין פּלאַטאָנישע; אין גאַנג פון דער אויספאָרשונג ניצט ער אויס זיין קענען איינציקע גנבים-ווערטער און באַקומט אַזוי ערנאָך אַרויס ביים אַרעסטירטן גנב אַלץ נייע און נייע ווערטער. צוזאַמען מיט דעם לעקסיקאַלישן מאַטעריאַל זעט דער אויספאָרשער אַלע-מאָל פאַר זיך די מענטשן וואָס ניצן דעם דאָזיקן מאַטעריאַל. אַזאַ אויספאָרשער וועט גיכער נוטה זיין צו פאַרנעמען זיך מיט דער פאָלקסשפּראַך. ער וועט גיכער אויסמיידן אַ מיסטיפיקאַציע מצד די גנבים, מחמת ער האָט כמעט אַלע מאָל אַ געלעגנהייט איבערצופרעגן ביי אַ צווייטן און אַ דריטן. ער זעט זיך מיט גנבים פון פאַרשיידענע געגנטן און פעלקער, — ווערט ער שוין געוואויר, צי איז דאָס וואָרט, וואָס מען האָט אים אויפגעגעבן פאַר אַ גנבים-וואָרט, טאַקע פון דעם הענטשקע-לשון און צי ס'איז ווייט פאַרשפּרייט.

דערפון איז געדרונגען, אַז די דאָזיקע מקורים זיינען פאַר אונז דער עיקר. די אויספאָרשונגס-אַקטן קעגן באַנדעס, אין וועלכע ס'זיינען שטאַרק געווען באַטייליקט יידן, גיבן אַן אומאָפּשאַצלעכן מאַטעריאַל. מיר זעען דאָ דאָס יידישע שפּראַך-אייגנס אינעם ראָטוועלש, ווי אַזוי דאָס איז אויפגענומען געוואָרן דורך די דייטשע גנבים, ווי אַזוי דאָס האָט זיך אַנטוויקלט ווייטער אין די קאָנקרעטע לעבנס-באַדינגונגען פון די באַנדעס, אין וועלכע קריסטן און יידן האָבן „געאַרבעט“ בשותפות. היינט ווער רעדט נאָך אויב מיר נעמען די אַקטן וועגן ריין-יידישע באַנדעס. דאָ שפּיגלט זיך אָפּ אי דאָס אייגענע שפּראַכיקע לעבן פון די יידישע גנבים, אי זייערע נאַטירלעכע באַציאונגען צו דער יידישער פאָלקסשפּראַך, זייער באַציאונג צו יידן און זייער שטייגער לעבן אין דער קריסטלעכער סביבה. דערביי דאַרף מען געדענקען, אַז באַנדעס, וואָס האָבן ווען עס איז געהאַט אַ סך יידישע גנבים צווישן זיך, האָבן שוין אויפגעהיט לעולם-ועד אין אַ רייכער מאָס דאָס תחילתדיקע יידישע שפּראַך-אייגנס — אַפילו אין צייטן, ווען זיי האָבן שוין געהאַט ווייניק יידן אין זייער באַשטאַנד. ביי זיי האָבן זיך די אויספאָרשער אָנגעשטויסן אויף דעם אין פלוג מאָדנעם פאַקט, אַז יידישע עלעמענטן זיינען אין זייער שפּראַך געווען זייער שטאַרק, הגם יידן צווישן זיי זיינען געווען ווייניק. פאַר אַ ביישפּיל קאָן דינען די פאָגלסבערגער באַנדע, וואָס גראָלמאַן [2] האָט פאַרצייכנט איר ווערטער-אוצר.

1 לויט אַווע-לאַלעמאַן [?137: צווישן 1494 אי. 1499. [רעד'.]

2 . F. L. A. von Grolmann. Actenmässige Geschichte der Vogelsberger und Wetterauer Räuberbanden. Giessen 1813.

דאָס יאָ: אַ סכנה איז פֿאַראַן אויך בנוגע יענעם מאַטעריאַל, וואָס איז פֿאַרצייכנט פונעם מויל פון יידישע באַשולדיקטע. די אויספאָרשער האָבן דאָס רוב ניט געקענט קיין יידיש, האָבן זיי דעריבער געהאַט אַ טבע צו פֿאַרצייכענען אַלצדינג וואָס ס'האָט פֿאַר זיי געקלונגען פֿרעמד. אויף אַזאַ אופן האָבן זיי אַריינגענומען אין קאָן פון „הענטשקע-לשון" אַ סך פשוטע יידישע פֿאָלקסווערטער, וואָס די יידישע גנבים האָבן גענוצט ניט מער און ניט אַנדערש ווי אַלע אַנדערע יידן פון זייער צייט. דורך דעם זיינען אויפגעקומען ווערטער - רשימות לאַנגע ווי דער גלות, אין וועלכע דער אויספאָרשער האָט ניט געקאָנט אויסטיילן די אמתע הענטשקע-ווערטער. אויב דער זעלבער אויספאָרשער האָט שפּעטער געזוכט עפּעס אַ יידיש פֿאָלקסוואָרט אין מויל פון די גנבים און ניט געפונען, איז דער פּלאָנטער ביי אים אין מוח געוואָרן אַלץ גרעסער. אַזאַ אויספאָרשער האָט זיך געקאָנט פֿאַרגינען אויפצושטעלן באַזונדערע רשימות פֿאַר „jüdisch-jenisch", „deutsch-gaunerisch", און „zigeunersch", ניט געבנדיק פֿאַר דער גאַנצער איינטיילונג קיין שום קריטישן אונטערשפּאַר. יידישע גנבים - ווערטער פֿאַלן אַריין אין דער קאַטעגאָריע פון דייטשע אָדער ציגיינערשע; דייטשע פֿאַרקערט ווערן אַריינגעשטעלט אין דער רובריק יידישע אאַז"וו.

דאָס איז נאָך ניט אַלץ. געווען אויספאָרשער, וואָס האָבן זיך מיט מי און מאַטערניש יאָ אויסגעלערנט אַ ביסל יידיש אָדער העברעאיש. נאָר פון גרויס אַמביציע און ניט דערקענענדיק די שפּראַכיקע גרונט - פּראָבלעם האָבן זיי אַריינגעמישט די אויסגעלערנטע העברעאישע און יידישע ווערטער אין די רשימות פון דעם עכטן אָריגינעלן מאַטעריאַל פון הענטשקע-לשון. זיינען אויף אַזאַ אופן אַרויסגעקומען יענע מערקווערדיקע רשימות, וואו אַליין געהערטע ווערטער, איבערגעגעבן אויף אַן אָריגינעלן שטייגער, מישן זיך אויס מיט ווערטלאָזע שילערשע מיטטיילונגען. אין דעם פּרט איז טיפּיש טילעס בוך [1].

אָט אַזוי דאַרפן מיר אָפּוועגן די פֿאַרשיידענע מקורים לויט זייער ווערט און תוכן. די פּרינציפּן, לויט וועלכע מיר וועגן און מעסטן, זיינען קלאָר פון דעם אויבן געזאָגטן.

פון דעם שטאַנדפּונקט זיינען די וויכטיקסטע מקורים:

מעיערס (Mejer) פּובליקאַציע וועגן דער אויספאָרשונג קעגן דער „Bradebande";

קריסטענזענס (Christensen) אַלפֿאַבעטישע רשימה;

טילעס (Thiele) ווערטערבוך, און אין אַ געוויסער מאָס אויך דער קאָבורגער Entdeckter jüdischer Baldober [2].

נאָר מען דאַרף אונטערשטרייכן, אַז אויך אין אַ סך אַנדערע פּובליקאַציעס איז פֿאַראַן אַ ווערטיקער מאַטעריאַל, וואָס איז לפּחות טיילווייז אוממיטלבאַר אונטערגעהערט געוואָרן ביי יידישע גנבים.

## יסודות פון דער פֿאָרשונג

פריער פֿאַר אַלץ דאַרפן מיר אַרויסנעמען פון אַלע וואָקאַבולאַרן יענע ווערטער, וואָס זייער אָפּשטאַם פון יידן איז אויסער יעטווידן ספק. אָט דער סכום ווערטער איז דער אָביעקט פון אונזער פֿאָרשונג. מיר דאַרפן זיי אַנאַליזירן לויט אַזוינע פראַגעס:

### I. שפּראַכיקע אויפגאַבעס.

א) וואָסערע פון זיי זיינען ריינע פֿאָלקסווערטער, וואָס מיר באַגעגענען אינעם יעמאָלטיקן יידיש און אין דער יידישער ליטעראַטור פון יענער צייט? וואָסערע פון די דאָזיקע ווערטער זיינען גענוצט געוואָרן דורך די יידישע גנבים מיטן תחילתדיקן פֿאָלקסשפּראַכיקן פּשט און האָבן זיך דערנאָך מיטן זעלבן פּשט אַריינגעכאַפּט אין דעם ראָטוועלש אַריין? ביי וואָסערע ווערטער איז פֿאָרגעקומען אַ פּשט-פֿאַרענדערונג, וועלכע זאָל זיך לאָזן דערקלערן מיטן לעבן פון די גנבים, מיט אַ ספּעציעלן צוועק פון דעם גנבישן שפּראַך-געברויך?

מיר דרינגען דאָ אַריין אין די סאַמע טיפֿענישן פון דער יידישער וואָרטפֿאָרשונג. עס דאַרף אויסגעפונען ווערן דער באַנוץ פון איינציקע ווערטער איבער דער גאַנצער ברייט פון דער אַמאָליקער שפּראַך, און אויף וויפיל ס'איז מיגלעך דאַרפן אָפּגעגרענעצט ווערן שפּראַכיקע געביטן.

ב) וואָסערע ווערטער פון אונזערע רשימות וואַקסן אַרויס פון יידישע פֿאַכשפּראַכן (זשאַרגאָנען), און ציהאַנדלט זיך דאָ וועגן זשאַרגאָנען וואָס עקסיסטירן נאָך היינט ביים יידישן קיבוץ אָדער אַזוינע, וואָס זיינען שוין היינט אָפּגעשטאָרבן.

דער ענטפֿער אויף דער דאָזיקער פֿראַגע פירט אונז אַריין דערהויפּט אין דער קולטורגעשיכטע פון די דייטשע יידן. לויט די שפּראַכיקע רעשטן פונעם אַמאָליקן דייטשלענדישן יידיש דאַרפן מיר אַרויסדערקענען די פֿאַרשיידענע קלאַסן פון דעם דייטש-יידישן קיבוץ פֿאַרגאַנגענע צייטן. אַזאַ קולטור-היסטאָרישע דיפערענציִרונג פון דעם דייטשן יידנטום וועט אונז אויך באַווייזן, וואָסערע שיכטן עס האָבן מיט זייער באַזונדערן יידישן שפּראַך-געברויך אַם-מערסטן משפּיע געווען אויפֿן ראָטוועלש.

ג) וואָסערע יידישע עלעמענטן פונעם ראָטוועלש זיינען נאָך לעבעדיק אין דעם יידישן הענטשקע-לשון פון היינטיקן טאָג? וואָסערע ווערטער זיינען געביטן ביי אַ ניט-געביטענעם פּשט, וואָסערע ווערטער האָבן געביטן זייער פּשט, ביי וואָסערע האָט אַ פֿאַרענדערונג אין פּשט גורם געווען אַ שינוי אין דעם וואָרט גופא? וואָסערע יידישע

[1] A. F. Thiele. Die jüdischen Gauner in Deutschland. Berlin 1840.

[2] קאָבורג, 1737.

ווערטער אין דעם אַלטן ראָטוועלש זיינען פאַראַן אין היינטיקע יידישע זשאַרגאָנען אָדער ביי באַשטימטע גרופּעס היינטיקע יידן?

בכדי צו געבן אַ תשובה אויף די דאָזיקע פראַגעס דאַרף מען געגוי אויספאָרשן די גאַנצע איצטיקע יידישע ליטעראַטור, דער עיקר אירע וואולגאַרסטע טיילן — דעם יידישן שונדראָמאַן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. מען דאַרף אויך אַוועקשטעלן ווי ס׳געהער צו זיין די זאַמלונג פון יידישע זשאַרגאָנען, וואָס עטלעכע (בימקאָ, טריוואַקס) האָבן שוין אָנגעהויבן, אָבער ניט אין אַזאַ פאָרם, אַז דאָס זאָל קענען באַפרידיקן אונזערע וויסנשאַפטלעכע פאָדערונגען. אַ סך קאָנען אונז געבן אין דעם פּרט די מאָדערנע יידישע שריפטשטעלער, וואָס האָבן באַהאַנדלט אין זייערע ווערק דאָס לעבן פון גנבים און האָבן געשעפּט זייער מאַטעריאַל דירעקט פונעם מויל פון די בעל־דברים אַליין.

ד) וואָסערע יידישע הענטשקע־ווערטער פונעם ראָטוועלש זיינען אַריבער אין דער היינטיקער יידישער שפּראַך? און אויב זיי זיינען יאָ אַריבער, איז צי מיטן זעלבן, מיט אַן אָפּגעשוואַכטן אָדער מיט אַן אינגאַנצן געביטענעם פּשט? וואָסערע ווערטער זיינען אויף אַזאַ אופן אַריין בלויז אין איינציקע געגנטן, וואָסערע דער־עיקר אָדער דורכאויס אין דער ליטעראַרישער שפּראַך?

ווען מען זאָל נעמען די דייטשע ליטעראַרישע שפּראַך אָדער צום־ווייניקסטן די גערעדטע שפּראַך פון דער אינטעליגענץ, וועט מען אין איר געפינען אַזאַ שלל ווערטער, וואָס שטאַמען פון ראָטוועלש (צי אויפן וועג דורך איינציקע דיאַלעקטן, צי דירעקט), אַז מען קאָן צונויפשטעלן אַ ספּעציעלן לעקסיקאָן פון אַזוינע לייוווערטער. דאָס אייגענע לאָזט זיך קאָנסטאַטירן אויך בנוגע דער יידישער געשריבענער און גערעדטער ליטעראַרישער שפּראַך, און מען דאַרף אויסגעפינען, ווי ווייט עס גרייכט די דאָזיקע ערשיינונג. די יידישע וואָרטפאָרשונג דאַרף זיך דעריבער פאַראינטערעסירן מיט דעם אַמאָליקן און היינטיקן יידישן הענטשקע־לשון און פעסטשטעלן ווי ווייט מיגלעך די באַציאונגען, ביי וועלכע די דאָזיקע גנבים־ווערטער זיינען אַריין אין דיאַלעקט אָדער אין דער ליטעראַטור־שפּראַך.

II. פאָלקלאָריסטישע אויפגאַבעס.

א) וואָסערע ניי־געשאַפענע אויסדרוקן, וואָס יידישע גנבים האָבן אַריינגעבראַכט אינעם ראָטוועלש, געמען זיך פון יעמאָלטיקע אַלגעמיין־יידישע קענטענישן?

(אַהער איז שייך די העברעאישע באַצייכענונג פון צאָלן, די סיסטעם פון ראשי־תיבות, וואָס יידישע גנבים האָבן אַריינגעפירט אין ראָטוועלש, און אַזוי ווייטער).

די אינפאָרמאַציעס וואָס מיר באַדאַרפן דאָ האָבן גיט אונז די יידישע עטנאָגראַפיע. אָפט דאַרף מען אויך אָנקומען צו דער געשיכטע פונעם יידישן לערנען, וואָס גיט אונז צייטנווייז וויכטיקע אויפקלערונגען. אַ גרויסע צאָל



יידישע גנבים־ווערטער אין ראָטוועלש שטאַמט בפירוש פון ישיבה־בחורים, פונקט ווי אין דעם דייטש־שפּראַכיקן טייל פונעם ראָטוועלש זיינען אַריבער היפּשע באַשטאַנדטיילן פון דער דייטשער סטודענטן־שפּראַך.

ספּעציעל וואָלט מען געדאַרפט צונויפנעמען די ריין אַקאַדעמישע העברעאישע ווערטער [1], וואָס ווערן געבראַכט פאַר ביישפּילן אין די העברעאישע גראַמאַטיקעס פאַר ניט־יידן און האָבן געקאָנט אַריינגעשלעפּט ווערן אין ראָטוועלש דורך די קריסטלעכע סטודענטן, וואָס האָבן געלערנט העברעאיש.

ב) וואָסערע אַלגעמיין־יידישע פאָלקס־פאָרשטעלונגען האָבן געוועלטיקט ביים יידישן גנב, וואָסערע פון זיי האָט ער אַריבערגעטראָגן אינעם ראָטוועלש אין אַ יידישן שפּראַכיקן לבוש?

אַהער באַלאַנגט די גרויסע צאָל פאָרשטעלונגען וועגן גליק און אומגליק, וועגן תפוס־זעצן און פדיון שבוים; זאַבאָבאָנעס ביי האַנדלונגען, וואָס זיינען וויכטיק אין דעם לעבן פון די גנבים; נדרים אאַז״וו. דאָ זעען מיר אַרויס אַם־בולטסטן די צוגעבונדנקייט פונעם יידישן גנב צום יידישן נאַציאָנאַלן קיבוץ. אָן דעם איז ניט מיגלעך צו פאַרשטיין אַ סך יידישע גנבים־ווערטער.

אויף צו געבן אַ תשובה אויף די אַלע פראַגעס דאַרף מען צוציען דעם גאַנצן מאַטעריאַל פון יידישן פאָלקלאָר.

ג) די גייסטיקע פּראָדוקציע פון דעם יידישן גנב דאַרף אַרויסגעשיילט ווערן פון די ראָטוועלש־מקורים. אַהער באַלאַנגען וויץ, איראָניע, הומאָריסטישע באַטראַכטונגען. דאָ דאַרף אויסגעפאָרשט ווערן די באַציאונג צום אַלגעמיין־יידישן וויץ, צו דער פאָלקס־סאַטירע, צום גלייכווערטל. ספּעציעל דאַרף מען נאָכגיין נאָך דער פאָלקס־מעטאַפאָרע אין אַלע אירע פאָרמען, כדי צו קאָנען אויסגעפינען, אויף וויפל די פילצאָליקע אָפענע און פאַרבאַהאַלטענע מעטאַפאָרעס, וואָס יידישע גנבים האָבן אַריינגעטראָגן אין ראָטוועלש, זיינען באַזירט אויפן יידישן פאָלקס־באַוואוסטזיין.

ד) ענדלעך דאַרף גענומען ווערן אין אַכט דער גאַנצער שטייגער לעבן פון די גנבים אין דער פאָרשטעלונג פון דעם יידישן פאָלק. דאָ ווערן מיר געוואויר וועגן דער שטעלונג פון דעם יידישן גנב אין דעם יידישן קיבוץ, אָפּטמאָל אויך צווישן די אַנדערע פעלקער; אַזוי־ערנאָך ווערן אונז מער פאַרשטענדלעך די שפּראַכיקע אַרויסווייזונגען פון די יידישע גנבים און זייער צושטייער צום ראָטוועלש. דער הויפּט־מקור זיינען דאָ מסתמא יידישע שפּריכווערטער און גנבים־לידער — סיי אָריגינעלע, סיי אַזוינע וואָס ווערן צוגעשריבן צו גנבים. די יידישע עטנאָגראַפיע האָט מזל: אין די אומגעהייער רייכע זאַמלונגען פון שמואל לעהמאַנען פאַרמאָגט זי אַן אוצר, וואָס אַזוינס איז לויט מיין וויסן ניטאָ ביי קיין אומה־ולשון. ווען מען וועט אויסנוצן

1 ד״ה אַזוינע וואָס זיינען אין יידיש ניטאָ.

דעם דאָזיקן מאַטעריאַל היסטאָריש, וועט מען פון דאַנען קאָנען אַרויסדרינגען זייער פיל פאַר דער ראָטוועלשער וואָרטפאָרשונג.

## די קולטורגעשיכטע פון דעם יידישן גנבימטום

קולטורגעשיכטיקע פאַקטאָרן ווייזן זיך זעלטן אַרויס אַזוי בולט, אַז מען זאָל קאָנען דערפון אַרויסבאַקומען אומיטלבאַרע דערקלערונגען פון ווערטער. אָבער דאָס איז גערעדט נאָר וועגן שפּראַכן פון גאַנצע נאַציעס; ביי סעפּאַראַטע און געהיימע שפּראַכן איז גאָר אַן אַנדער זאַך. סוף-כל-סוף קאָן מען דערגיין דעם שפּראַכיקן אויפּטו פון די יידישע גנבים אינעם ראָטוועלש בלויז דאַן, ווען מען באַנעמט זייער סאָציאַלע און קולטורעלע געשיכטע. דאָ אַנטפּלעקן זיך פאַר אונז די לעבנס-געביטן פונעם יידישן גנבימטום, דער מהות און די הילפסמיטלען פון די גנבימס אַרויסטרעטונגען, מיט איין וואָרט, דער גאַנצער סכום סיבות און מאָטיוון, וואָס האָבן געבראַכט דעם יידישן גנב צו רעדן אַזוי און ניט אַנדערש.

בנוגע טייל ווערטער קאָנען מיר באַנעמען זייער אויפקום דירעקט, אויב מיר גיבן נאָר אַ קוק די היסטאָרישע פאַרהעלטענישן. אָבער ניט דאָס איז דאָס וויכטיקסטע.



דער עיקר איז: דערקענען דעם קאָמפּלעקס פון דעם היסטאָרישן באַזונדערן לעבן, וואָס יידישע גנבים האָבן געלעבט אין דער פרעמדער שפּראַכיקער סביבה פון דעם דייטשן ראָטוועלש, בשעת זיי האָבן „געאַרבעט" צוזאַמען מיט דייטשע שותּפים אָדער אין אַ ריין-יידישן קרייז 1. אין די דאָזיקע באַדינגונגען האָבן זיך יידישע גנבים געשאַפן אַ יידיש שפּראַך-אייגנס, וואָס האָט אַ ביז גאָר וויכטיקן באַטייט פאַר דער יידישער וויסנשאַפט, מחמת פון דעם דאָזיקן מאַטעריאַל זעען מיר אַרויס אומגעפּעלשטע לעבנס-פאַקטן, שפּראַכיקע און קולטורעלע פאַקטן, וועגן וועלכע מיר קאָנען פון קיין שום אַנדערע מקורים ניט געוואויר ווערן. אין דעם דאָזיקן מאַטעריאַל האָט זיך געטריי אויסגעהיט אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם לעבן פון די אונטערשטע פאָלקסשיכטן.

דאָס יידישע הענטשקע-לשון געהער צו די עכטסטע, טייערסטע יידישע שפּראַכיקע דענקמאָלן פון אַלע צייטן.

1 דאָ וועט זיין אויפן אָרט צו דערמאָנען, אַז מיין ווערק (עס איז שוין באַלד דריי יאָר פאַרטיק צום דרוק): Das historische Gaunertum der Juden in den deutschen Ländern. Erster Band: Die äussere Geschichte des jüdischen Gaunertums האָט ניט געפונען ביז הײַנט קיין אַרויסגעבער נאָכדעם ווי דער ערשטער פאַרלעגער האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דעם בוך.

# פון פויליש־יידישן ווערטער־אוצר

פון משה לערער (כעלעם־וואַרשע) [1]

**אוירינג.** פון די שווערע אוירינג איז נישט איין יידענע איבערגעריסן געוואָרן דאָס לעפּל פונעם אויער. דעמאָלט האָט מען געלעכערט אַ צווייט אָרט, אָדער, אַז ס'איז שוין געווען צעלעכערט ס'גאַנצע לעפּל, האָט זי געטראָגן דעם אוירינג מיט אַ גומענעם פאָדעם אַרום אויער, צי אָנגעהאָנגען אינעם האָרבאַנד ביי דער זייט פון אויער. — פּגל׳ י. ל. פּרץ, אויפזאַצן און פעליעטאָנען, קלעצקין 1922 ז׳ 114.

**בייגאַרטל** (טראָפּ אויפן ערשטן טראַף). געמאַכט פון לעדער אין טאָפּעלן, אויך מיט קעשענעס, צו האַלטן געלט אונטערוועגנס. ס'מייסט האָבן עס געטראָגן (צוליב באַהעלטעניש—ס'רוב אַרום הוילן לייב) די גרעסערע סוחרים, וואָס פלעגן פאָרן קיין דאַנציק.

**גליאָמפּ.** די סינאָנימען זענען: בהמה, נאַר, סלופּ, שמענדריי־בגריץ, יאָק, לעקיש, אָקס, שמויגאַ, סטאָלב, אָפּגעריסענער, פערד, אָפּגעריסענער נאַר, אָפּגעריסן פערד, ליעמעך אדג״ל.

אין זאַמישטש אויך אין דער טייטש: דאָס מיטעלע האַרטע, אין וועלכן ס'האַלטן זיך די בלעטער פון אַ הייפּטל קרויט, למשל, וואָס הייסט אין כעלעם—קאַטשאַן.

**העמד.** אַ העמדל מיט רויטע שליפעס האָב איך געטראָגן שיינע עטלעכע קינדער־יאָרן: אַ סגולה צו אַן עין־הרע. זייער פאַרשפּרייט: צו נעמען פון אַ גרויסן נפטרס תכריכים אַ שטיקל און צו מאַכן דערפון אַ לייסטל, אָדער אַ צוויקל צום העמדל פון אַ ציטעריק קינד.

חסידים נעמען דעם רבינס העמד, נאָך זיין פּטירה, פאַר אַ קיטל.

בשעת אַן אַרומגייענדיקער חולאת ר״ל אויף ילדים פלעגט מען זיי אויך אָנטועןן רויטע וואָלענע טאַשמעלעך אויף די הענט און האַלז.

**חליצה־שיך.** אין ליבעוונע (= לובאָמל, וואָלינער געגנט) האָט מען אַזוי גערופן די דד״ק־מתנותדיקע שיך בימי האָקופּאַציע.

**טיזליק.** אַ מאַנצבילש אייבערמלבוש פון זייד, אַטלעס, וואָל־אַטלעס, ראַצימאָר, לאַסטיק, געטראָגן ס'רוב פון שיינע יידן, לומדים, בכבודיקע בעלי־מלאָכות. אָנגעטאָן בלויז אויף דער רעכטער האַנט.

זע: ספר מטעמים (וואַרשע, 1889) זייט 10: „כשאדם מישראל הולך אל בית אדם חשוב, מלביש את עצמו בבגד עליון הנקרא טיזליק וזהו כבודו...“

(נ. פּרילוצקי, „געוועט“ ז׳ 105, איז זיך בלויז משער, דאָס ס'איז אַן אייבערמלבוש).

(!) **טשוואָק.** געמיין, אָפּגענאַרט, אימיטאַציע־צירונג. פּוסטע שמאָכטעס, אַבי צו מאַכן אַן אָנשטעל פון אַ נגידיתטע. (ס'רוב באַניצט אין פּלוראַל: „טשוועקעס“).

אויך ליצנותדיק פון חסידים אויף אַ „גומענאַזיסט“, „שטאַנדורער“ וכד׳, געמיינט דעם הערב אויפן שול־היטל.

פּגל׳ פּרץ, „בילדער און סקיצן“, ז׳ 21: „דעם ווייבס פּאָר טשוועקעס... פאַרזעצט“. ש״ע, פון פּסח ביז פּסח, ז׳ 225.

**יאַרמיקי שפּאַנישע.** אַ יאַרמיקי מיט שפּאַניע באַפּוצט, אָדער פון בלויז שפּאַניע.

**יום־כיפור־גאַרטעלע.** געמאַכט פון זילבער אָדער פון שעך. מיין זיידע, דער רבי ז״ל, האָט געטראָגן אַזאַ גאַרטל מיט אַ יאַרמיקי פון זילבער יום־כיפור און פּסח ביים סדר.

כ'האָב געזען אַזאַ גאַרטל, וואָס האָט געהאַט פאָרנט אַ „שנאָל“ [2] פון זילבער און אויסגעקריצט אויף אים דער פּסוק: „כי ביום הזה יכפר עליכם...“

**לייוונט.** ווייסלייוונטענע מלבושים פלעגט מען אָנטון ציטעריקע קינדער־ייִנגלעך: אַ סגולה גרינג און געזונט זיך צו האָדעווען; ביז 7 יאָר פלעגן זיי דאָס טראָגן. די היטעלעך זענען אויך געווען פון דער גראָבער פויערשער לייוונט. די קנעפּ אין די מלבושים—פון האָלץ.

(!) **מויערקעפּל.** מ'הענגט עס אויף, דורכלעכערנדיק מיט אַ פאָדים, אויפן האַלז פונעם געשוואָלענעם קינד פאַר אַ סגולה. || „אַ מויערקאָפּ“—אַ פאַרשטאָפּטער מוח, ביק, וואָויטעק, פויער, גראָבער קאָפּ, בוף (u), אייזל, גאַוורילי, עבֿרין, איוואַן, חמולע וכד׳.

1 אין יד״פיל ז׳ 72 — 74 האָב איך געגעבן מילואים צו נח פּרילוצקיס „געוועט“, קולטור־ליגע, וואַרשע 1923. די איצטיקע זאַמלונג דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ המשך פון יענע מילואים. מיט (!) באַצייכן איך, לויט נ. פּרילוצקיס מוסטער, די ווערטער וואָס זיינען ניטאָ אין רעגיסטער פון „געוועט“. אויף וויפיל עס איז ניט אָנגעוויזן קיין אַנדער אָרט, שטאַמען די ווערטער פון כעלעם.

2 „שנאָל“ זאָגט מען אין וואַרשע. ביי אונז: „פּשאַנטשקע“.

(!) **מצה-טאַש.** באַניצט אום פסח, האָט 3 קעשענעס פאַר די מצות כהן, לוי, ישראל. מ׳פלעגט אָנטרעפן אין יידישע הייזער מצה-טאַשן פון גאָר קינסטלערישן ווערט, באַצירט און אויסגעהאַפטן מיט פיל געשמאַק און פלייס דורך די כשרע יידישע כלה-מיידלעך.

(!) **משה-זוך-מיך.** אַן אַנאָנים, ווי: ישמח-משה, תכנת-שבת, יקום-פורקן וכד׳.

דער וויצלער, פורים-לץ ביי אונז אין כעלעם, משה פאָנדריק ע״ה, וועלכן מ׳האָט אייביק געקאָנט בלויז מיט דעם נאָמען, האָט מיר בחייו דערציילט, אַז ער האָט אַמאָל אָנגעגעבן זיין נאָמען אַ „סטראַזשניק״ ביים „פּראָטיקול״-מאַכן פאַר בראָנפן-פאַרקויף — משה-זוך-מיך; און ס׳איז אָנגעגאַנגען.

פגל׳ ייד״פיל ז׳ 73: יאַנדראָניע.

(!) **משה פאַרקערט.** אַ נאָמען מיט וועלכן מ׳חתמעט זיך אין קאָרעספּאָנדענץ, אָדער מ׳גיט צו צום אונטערשריפט, ווען מ׳מוז באַהאַלטן צוליב פאָליטישע טעמים און איבערגעבן די זאַך אַנדערש ווי ס׳איז אין אמתן; דאָס דינט פאַר אַ וואונק דעם לייענער אַרויסצודרינגען דעם פאַרקערטן, דעם ווירקלעכן מיין פונעם שרייבער. אין דער מלחמה פלעגן די יידישע זעלנער אין דער רוסישער אַרמיי באַשרייבן זייער לעבן און די לאַגע אויפן פראָנט, בעת די אָפטע שווערע מפלות, ווי צומבעסטן פאַר זיי און ווי אַמערגסטן פאַרן שונא. צום לעצט זיך אונטערגעשריבן „מ. פ.״

ס׳פלעגן זיך טרעפן פאַלן פון גרויסע אומאָנגענעמלעכקייטן פאַר די בריוו-שיקער מצד דער מיליטערישער צענזור.

(פגל׳ מ. שאַליטס מלחמה-זאַמלונג, I אָפּטייל, בריוו № 7).

(!) **סטאַן.** „מיטן סטאַן אַרויס״, מיטן סטאַן אויף דער גאַס = דער עק העמד, וואָס שטאַרט אַרויס פון די הויזן. ס׳רוב אויפן אַדרעס פון קליינוואַרג. || ״ינגערסטאַן — שפּאַסיש אויף ייִנגערמאַן (טראָפּ אין ביידע ווערטער אויפן ערשטן טראָף, אַמאָל אויך אויפן לעצטן).

(!) **סיראָטי** (טראָפּ אויפן מיטלען טראָף). קינדער-חכמה, אָנווייזנדיק אויף סעראַטע:

— וואָס איי דאָס?

— סיראָטי.

— אַ פּ׳ איי דאַן טאַטי.

**פעלץ**, אָנגעפּעלצט, אָנגעפּעלצעוועט: פול, גראָב אָנגעטאָן. — שפּרכ״וו: „ני ראָשע 1, ני פעלץ״. באַציט זיך אויף אַן אַנעקדאָט: אַ פּויער האָט געוואָלט פאַרמשכונען זיין פעלץ ביי אַ ייד פאַר אַ געוויסער סומע. דער ייד איז מוסכם געוואָרן און, אַראָפּרעכנדיק אים תיכף דאָס פּראָצענט, אים גאָרנישט געגעבן קיין מזומן. דער פּויער, אַרויסגייענדיק ליידיק פון יידס שטוב, קראַצט זיך אין דער פּאַטילניצע: וואָס איז דאָס—ני ראָשע, ני פעלץ?! — טייל געבן צו נאָך ווייטער: „... אַ זשיד מאַ ראַציע!״ דערפון די טראַוועסטיע: „ני ראָשע, ני פּאָק״.

1 = נישט קיין געלט; אוקר׳ гроші.

**פאַרטעך.** אַ פּרוכת פלעגט מען אויך מאַכן אויס דעם זיידענעם אָדער אַטלאַסענעם פאַרטעך, צי אויס דעם קלייד פון אַן אישה צנועה נאָך דער פטירה. אָדער זי פלעגט דאָס אַליין אָוועקשענקען פאַר דעם צוועק נאָך ביים לעבן. פאַרן איבערמאַכן עס אויף אַ פּרוכת פלעגט מען די זאַך טובל זיין אין מקווה. „איבער 100 יאָר״ האָט מען געטראָגן דאָס פּרוכת פאָרויס דער לוויה. בדרך-הלצה זאָגט מען צו אַ פרוי: „אָ, אַן ערלעך ווייבל, וועט׳ן נעמען דיין פאַרטעך אויף אַ פּרוכת!״

פגל׳ אַנ — סקי, דבוק, ז׳ 27; געז׳ ווערק I באַנד, ז׳ 221—צווי פּרוכתן.

„רייטן אויפן פאַרטעך״ — איראָניש אויפן חשבון פון אַ באַלעבאָסטע, וואָס מאַכט אָן אַ מהומה בחינם צי ביי אַ שטות, למשל, פאָרענדיק זיך אין איין איילעניש מיטן פאַררוקטן טשיפּעקל צוליבן „קורצן פּרייטיק״ ביים פאַררוקן ס׳טשאָלנט, אָדער אַן ערב-י״ט: מ׳קאָן זיכער „נאָך אַרומקומען״ (= נאָך אויסקומען מיט דער צייט) און ס׳איז אַ געיעג אויף איר און מאַכט אָן אַ גערודער אין שטוב, קאָמאַנדעוועט מיט יעדערן, אַז דער מאַנספאַרשוין פאַרלירט די ממשלה און דרייט זיך אַרום אין שטוב, ווי אַ לעמעלע.

(!) **פאַרטשאַקען.** „פאַרטשאַקיט די גיהירים״ — פאַרדולט דעם מוח, פאַרערדט יענעם, פאַרקלאַפּט דעם קאָפּ, כדי אָפּצוּווענדן יענעמס סונעם עיקר ענין, וואָס לוינט נישט. אָדער אייגרעדן, ווירקן, צורעדן יענעם צו אַ קניה, זאַך וכד׳. ג׳ = געהירן.

(!) **פערד-און-בידקע** — אַ וועגעלע מיט 2 רעדער. אויף רוסיש: одноколка.

י. ל. פּרץ: „בילדער און סקיצן״, ז׳ 167,83.

**צוויקל.** — שפּרכ״וו: „אַז מ׳האָט אַ קינד אין וויקל, לייגט מען אָוועק אַ צוויקל״. אין אויסדרוק: „צוליב אַ צוויקל קאַליע געמאַכט אַ גאַנץ העמד״—דורך אַ שטות אָפּגעקלאָגט אַ גוטע זאַך.

**ציטערנאָדל, ציטערשפּילקע** (הויפּט-טראָפּ אויפן ערשטן טראָף). — אויף אַ שפּילקע אין קאָפּ פלעגט ווערן אַרויפגעזעצט אַ ספּיראַלע שפּרינגפעדער מיט טייערע אבנים-טובות אין עק.

**קאַפּיטי.** „געמאַכט זיין ליבן נאָמען אַ קאַפּאָטע״ (אָדער: קאַפּיטי) — שפּאָטיש אויף איינעם, וואָס טוענדיק אַ מצווה — אָנגעזאָגט זיך אַ פולן בויך מיט תהילים, צי אַ נדבה געגעבן — מיינט ער מאַכן דערמיט אַ מענטליך דעם כביכול, ווי ס׳וואָלט אים געקומען צוצואַלן.

**קאַפּציס.** — אין ליבעוונע: אייבערשטע לאַטעס אַרויפגעלייגט אויף גאַנצע זאַכן. צט״וו: באַקאַפּטשען די

זאָקן, אונטערקאַפּטשען... — אויף נייע, גאַנצע זאָקן לייגט מען אַרויף לאַטעס, כדי צו שוינען זיי.

(!) קאָרק. — „ער דרייט זיך אויפן קאָרק" — דרייט זיך וואו מ׳דאַרף אים ניט, שטערנדיק יענעם צו אַרבעטן, רוען וכד׳.

ביי ש"ע: „ער דרייט זיך, ווי אַ דייטש אויפן קאָרק".

קוגל. — רעדנסאַרט: „ע, ס׳איז שוין גוטע צייטן מיט פעטע קוגלען!" די טייטש: שיינע צייטן, אַז איך דאַרף צו אים אָנקומען נאָך אַ האַלב קערבל לייען! שוין ווי צו די יאָרן! זיך גוט דערלעבט, אָך און ווי!

(אַז גאָט העלפט, מ׳איז אין די רייכע פעדערן, מאַכט מען פעטע קוגלען).

קניאַפּל. — רעדנסאַרטן: „ער פאַרמאָגט ניט זיין קניאַפּל"—זיין פידעשווע, שטויב, אָפּקראַצעכץ; „זיין שכל, וואָס ער האָט אין קניאַפּל, איז מער ווערט, ווי זיין גאַנץ לייב-און-לעבן".

(!) קראַמפּינגערל. — אַ שוואַרצביינערן פינגערל, געטראָגן אויף אַ פינגער, ווי אַ סגולה צו׳ן אַ קראַם (= קראַמפּ = קאָרטש) אין די פינגער [1], הענט אָדער וואו אין גוף. אויך זכרים פלעגן עס טראָגן. — געמאַכט פון קראַם-האָרן.

אַ זקנה האָט מיר געוויזן אַ גאַנצן האָרן „פון אַ פּיפּ-לאָקס", פון וועלכן איר מאַן ע"ה האָט פאַרקויפט שטיקער פאַר קראַמפּינגערלעך, וואָס קעמלמאַכערס פלעגן עס אויס-אַרבעטן.

זי דערציילט: „איר זיידע פלעגט האַנדלען מיט גע-פאַשעטע אָקסן און דאָס פינגערל שטאַמט פון אַ האָרן פון די קראַאַנער [=אוקריינער] אָקסן פון יעליסאַוועט [=יע-ליסאַוועטגראַד], וואָס ליגן שטענדיק אין וואַסער".

געטראָגן האָט עס אויך מיין פעטער דער תלמיד-חכם. די יידענע, וואָס האָט מיר קוים באַוויליקט פאַר אַ גוטער מטבע אַראָפּצוגעבן אַ רעדעלע פון אַזאַ האָרן, וועל-כער איז איר געבליבן בירושה פון איר מאַן, דערציילט מיר, אַז איר עלטערזיידע האָט דאָס אליין געבראַכט פון יעליסאַוועט. „מ׳האָט צוגעלייגט דעם האָרן - אָ N N צום קראַנקן פוס [פון קאָרטש] — האָט אים באַלד די-אותו רגע אויפגעהערט, ווי מיט דער האַנט צוגענומען".

מיין מומע די צנועה פאַרמאָגט אַזאַ אוצרדיק קראַמ-פינגערל—אַ שוואַרצביינערן רייפל אַ שמאָלס פון צעלולאָאיד, אַרויפגעקלעפּט אויף אַ גאָלדן רינגעלע, און דאָס איז ביי איר ערשט דאָס רעכטע אמתע קראַמפּינגערל. — זיכער אַ „פאַלסיפיקאַט" [2].

[1] פגל׳ די קללה: „אַ קאָרטש, אַ קראַם, רבש"ע, זאָל דיר אַריין אין די פינגער!"

2 ה׳ מ. לערער האָט איבערגעגעבן אין די זאַמלונגען פון דער עטנאָגראַפישער קאָמיסיע פון ייוו"א אַן אויטענטיש קראַמפּינגערל און אויך אַ שטיקל האָרן, פון וועלכן אַזאַ פינגערל ווערט אויסגעאַרבעט. — רעד׳.

קריינדל. — דער הערב ביי באָמטע אויף די היט-לען, לאַצן אדג"ל.

(!) קרעפּלעך. — קרעפלעך עסט מען 3 מאָל אין יאָר, ווען מען שלאָגט: ערב-יום-כיפור (—שלאָגט׳ן כפרה), הושענא-רבה (—שלאָגט׳ן הושענות), פורים (—שלאָגט׳ן המנען). און דאָס 4טע מאָל, ווען מ׳שלאָגט דאָס ווייב: דערנאָך בעט מען זיך איבער און זי קאָכט קרעפלעך.

(פאַראַן פאַרשיידענע נוסחאות).

שאַל. — די טערקישע שאַל אַ בכבודיק ווייבעריש אייבערמלבוש כמעט אין יעדער יידיש הויז: שבת און יו"ט — צו גיין אין שול אַריין, אויף כיבודים און „אַ ביסל אַרויסגיין אונטער דער שטאָט", אָדער „זיך אַ ביסל אַדורכ-צוגיין" שבת נאָכן עסן. זי פלעגט קאָסטן אַ 60—70 קערב-לעך. שפּעטער איז זי אַראָפּגעפאַלן פון דער מדרגה, אויך פון דעם מקח.

שוטה. — למדנים זאָגן ביי אונז אַ גלייכוואָרט: „ס׳שטייט: מוטב לי להקרא שוטה כל ימי ולא ליעשות שעה אחת רשע לפני המקום (עדיות ה׳ ו׳) — „להקרא" שטייט, אָבער ניט באַנדוש דורניעם!..." (= זיי ניט קיין נאַר).

שטריימל. — אַן אויסגעקראָכן, געמיין, ביליק, מיאוס שטריימל מיט אַן אויסזע, ווי קאַצענע פעל וכד׳ הייסט ביי אונז: שטראַאַמפּאָק. אָדער ווען מ׳וויל אָפּשפּעטן פונעם חסיד, וואָס טראָגט עס און דער עיקר שטאָך מיינט אים.

שלייער. — „ער איז פאַרשלייערט (צי: באַשלייערט) פון אַלע זייטן", „ער איז געבעך גוט באַשלייערט"— איז אַ רעדנסאַרטלעכער אויסדרוק מיט דער טייטש: ער האָט צרות אַרום-און-אַרום, „ער איז פול מיט יסורים, ווי אַ בלאָטער" [3].

(!) שטערנשיס. — אַ קיילעכיק גלעזערן באַלעכל, אַ קאָרש די גרייס, געטראָגן דורך מעוברתע ווייבער פאַר אַ סגולה צו אַ גרינג טראָגן. פאַראַן: א) שערסקי [4], ניט רייין אויסגעשליפענע, קויטיקע קאָלירן, אַמאָל מיט פאַרשיידנ-פאַרביקע פאַסיקלעך און שפּריצן אינעווייניק, ב) גרינדלעכע, בלאַס-בלאָע, בורשטין-קאָליר, פון רעגנבויגן-קאָליר אדג"ל.

יעדע פרוי האַלט אירן, ס׳רוב געיַרשנטן, פאַר דעם אמתן שטערנשיס. אויפן האַלז געטראָגן אין אַ זעקעלע, ווי אַ קמיע, אָדער, דורכגעלעכערט אין דערמיט, אויף אַ פאָדעם, געפינט זיך ס׳רוב ביי חסידישע ברייט-איינגעפונדעוועטע משפחות. אויך ביי אַלט-פראַנקישע באָבעס (= אַקושעריננס), וואָס געבן דאָס פאַר אַ גוטן לוין אויף באָרג.—„איר זעט", זאָגט מיר אַ זקנה, האַלטנדיק דעם „אמתן" שטערנשיס אין האַנט, „מיינע טעכטער און שנורן אַלע ב"ה אויסגעטראָגן

3 פגל׳ ייד"פיל ז׳ 393 מיין נאָטיץ: „אַ יידישע חתונה אין בעלעם".

4 שערסקי, האַרבע.

די רעכטיקע צייט אָן אַ מִכשול ח״ו, אַלץ מיט דעם=אָ!״ און גיט עס תּיכּף איבער דער ייִנגערער טאָכטער, וואָס איז אין די הויכע חדשים, מיט אַ וואונק, זי זאָל עס צוריק אָנטאָן אויפן האַלז. [1] —

װעגן מקור און שטאַם: איינע אַ זקנה האָט מיר דערקלערט: „ס׳איז פאַראַן שטערן, וואָס פאַלן אַראָפּ פון הימל, ס׳טרעפט זיך, מ׳געפינט אים אין אַ פעלד, דאָס אי׳ דאָס!״ (=מעטעאָריט). --

אַן אשת=חיל, וואָס האָט אַלע טעכטער און שנורן, ב״ה, מיט דעם שטערן פון אַלע מכשולים אָפּגעהיט, זאָגט מיר, אַז מ׳געפינט דאָס אין אָפּגרונט פון ים. — אַלע פאַר= מאָגערינס פון שטערנשיס היטן אים, ווי אַן אויג אין קאָפּ און פאַרשטייען זיך דערויף, ווי אויפן חשובסטן יקר=מציאות.— די אָפּהיטערין פון דעם איז זי, דאָס ווייב: אַ ווייבערישע זאַך!

אַגב: אין פאַלן, ווען די מעוברתע אשה האָט זיך געפילט גאָר שלעכט, אין שווערע ווייען חלילה וכד׳, ווען מ׳האָט מורא געהאַט פאַר אַ מפּיל לא יעלה, האָט זי זיך אַרומגעבונדן דעם בויך מיט אַ גאַרטעלע פון אַ ספר=תורה [2].

פאַראַן אַ פאַמיליע=נאָמען שטערנשיס: נתן שטערנ= שיס אין מעזריטש (זע למשל דעם אַנאָנס אין Echo Ro-wieńskie פון אָקטאָבער 10, 1926; געשריבן: Szterenszys). סיי דער נאָמען, סיי שטערנשאָס זיינען פאַראַן אין וואַר= שעווער אַדרעס=ביוראָ צו עטלעכע מאָל [3].

דער א״ח ט״ז (סימן ש״ג, סעיף כ״ד) שטעלנדיק זיך אויפן „יוצאה באבן תקומה״ זאָגט: „ונראה דהיינו מה שאנו קורין שטערי״ן שו״ס שנושאין נשים מעוברות״.

ליפשיץ I „שטערנשיס — Мадрепоръ״.

פגל׳ ר. ליליענטאַל, Kult ciał. niebieskich, ז׳ 15:
„... דער שטיין האָט אויך אַ סגולה, וואָס ברענגט גליק״.
דיזעלבע, Dziecko żydowskie ז׳ 4.

## [נאָכשריפט פון מ. וו.] שטערנשוס.

דער אויסדרוק באַטייט אייגנטלעך דאָס אייגענע וואָס: „אַ פאַלנדיקער שטערן״; מעטעאָר=שטיין. שיסן מיינט: באַ= וועגן זיך גיך, פליען מיט אימפּעט. אַ ווערבאַלער באַנוץ פון דעם וואָרט איז ביי מיר פאַרנאָטירט פון שלמה=זלמן לאָנדאָנס „קהלת שלמה״, אַמסטערדאַם 1744 [ערשטע אויס= גאַבע פראַנקפורט=מאַין 1722] ז׳ כז b:

„ווען מן זיכט שטערין שיסן. אודר גרושה הוכי בערג. אודר (מדברות) אודר גרושה בעך וואשרין דאז זיא איר נאמין ניט פרלירן ביז דאז זיא אין (ים) ארין [!] פאלן אלז דיא טונא. וויישלי׳ דער ריין׳ וואו מן דער קענט גאטש וואונדר מאכט מן די ברכה בא״י אמ״ה עושה מעשה בראשית״.

1 זע „רפאל המלאך״ י. י. ראָזענבערג, תרע״א, פּעטריקאָוו, ד׳ לא׳ „מעוברת״ א) (דאָס ספר איז איבערגעזעצט אויף ייִדיש א״נ „סגולות ורפואות״, 1927).

2 פגל׳ דאָרט, מעוברת ב).

3 צי שטאַמט אויך דער נאָמען „שטערנזיס״ פון דאַנען?



אין דעם דייטשן פאָלקסגלויבן זיינען מיט דעם שטערנשוס אויך פאַרבונדן פאַרשיידענע סגולות און סימנים. וואוטקע (Wuttke), Der deutsche Volksaberglaube, פערטע אויפלאַגע, לייפּציג 1925, פאַרצייכנט אַ שטייגער אונטער Sternschnuppe, Sternschiesse:

§ 122: Bofister (אַזאַ סאָרט שוועמלעך) זיינען אויסגעברענטע שטערנשוסן, און קי באַקומען פון זיי חשק צו געשלעכטלעכער באַהעפטונג (אָלדענבורג).

§ 264. ווען עס פאַלן שטערן, איז דאָס פאַרבונדן מיט טויט, זינד, אומגליק, מיט אַ באַהאַלטענעם אוצר אאז״וו.

§ 451. ווען מען ווינטשט זיך עפּעס בשעת אַ שטערן שיסט, ווערט דער וואונטש מקוים.

האַרקאַווי, ייִדיש=ענגליש=העבּרעאישער ווערטערבוך, נ״י 1925, ז׳ 499: „שטערנשיס — aetites, eaglestone — אבן תקומה (משתמשים בו בתור סגולה כנגד הַפּלת עֻבר)״.

וועגן „אבן תקומה״ איז פאַראַן אין גמרא; אַזוינס איז געווען באַוואוסט אויך ביי די אַשורים, גריכן און רוימער. פגל׳ קרויס (Krauss), Talmudische Archäologie II ז׳ 4 און ז׳ 425 הערה 16, וואו ס׳איז אויך געבראַכט די עלטערע ליטעראַטור וועגן דעם ענין.

וועגן Adlerstein (= לאַט׳ aetites, פגל׳ eaglestone) זע האָוואָרקאַ = קראָנפעלד, Vergleichende Volksmedizin I ז׳ 8, II ז׳ 543, 545, 564. דער אָדלער רעכנט זיך אין די אָריענטאַלישע גלייבונגען און לעגענדעס פאַר אַ העלפער ביים געווינען.

*

אין 1695 איז אין אַמסטערדאַם אַרויס אַן אַנאָנימער ייִדישער ספר מיטן נאָמען „ככבא דשביט״ אָדער „שטערין שוס״. אויפן שער ווערט דערקלערט דער טיטול:

„ספר ככבא דשביט על שם הפסוק דרך כוכב מיעקב וקם שבט מישראל. הוא הכוכב אשר עבר להחזות נהורא דיראת שמים... ודרך שיח בלשון אשכנו וקראו שמו (שטע= רין שוס)״...

ס׳איז אַ ספר, וואָס אַלע זיינע 64 זייטן קוואַרט [4] זיינען געווענדט קעגן דער זינדיקייט, צום וויטגרעסטן טייל קעגן דעם לוקסוס. פאַר דער ייִדישער קולטורגעשיכטע בכלל, אָבער ספּעציעל פאַר דער געשיכטע פון קליידער= מאָדעס ביי ייִדן, איז דאָ פאַראַן היפּש מאַטעריאַל. בנוגע דעם לעצטן פּונקט ווייזט זיך אַרויס די באַרעכטיקונג פון דעם פראַנצויזישן ווערטל: וואָס מער עס בייט זיך, אַלץ מער בלייבט עס דאָס זעלבע.

איך רעכן, אַז עס איז כדאַי צו ברענגען פון דאַנען עטלעכע אויסצוגן.

פון דער הקדמה:

...אין דיא שווערי ביטרי צייטן · איז זער גישטארקט גיווארן דאז גרושי האפרקייט אין אליר גילעגן הייט · מן

4 דער זאַצשפּיגל איז 15×12,5 צ״מ. איין עקזעמפּלאַר האָב איך געזען אין דער באָדלעיאַנע (ס׳פעלט דאָס לעצטע בלאַט), אַ צווייטן אין דער פראַנקפורטער שטאָטישער ביבליאָטעק.

קאן אויך איין טייל ניט פר שולדן דאז זיא ניט ווישן דאז עז איז איין גרושי זינד · אונ׳ אויך ווייל עז זיינן ספרים טייער דאז ניט איטליכי קאן עז קאפן אונ׳ אויך דאז איין טייל זיינן מיד צו ליי= אנן אין גרושי ספרים · אונ׳ בייא איין טייל איז דער לב טוב אויך נוא צו רישן ובפרט אין דיא צייטן אז בעו״ה דאז פיל האבן לושט צו לייאנן ביכליך אונ׳ מעשית [!] דיא פון אומות העולם זיינן אויז גיקליבן דיא קיין יראה [!] שמים קענן דרויז לערנן · דרום האב איך געטאן פון וועגן גאט אלהי ישראל דער אל דיא נשמות האט אין זיינר האנט · אונ׳ האב גישריבן היר פון אונזרי הייליגי תורה צו ביווייזן אייך דז עז איז איין גרושי זינד דיא האפרקייט אין דען שווערן גלות...

ז׳ בa: נון בעו״ה זיך [זע] איך דז אין דיא דורות זיינן אויף גישטאנן נשים גאַותנתות [= גאוותניצעס?] דז זיא ניט וועלן דער קענן דען שווערן ביטרן גלות... אייערי סמטני [= סאַמעטענע] אטלסני קליידר אויך אייערי גילדני אונ׳ זילברני אונ׳ זיידני העמדר ווערט אלש פר פוילט ווערין · איר ווערט עז ניט מיט ברענגן אין גן עדן אריין אוב איר עז פר דינט העט...

ז׳ גa: זעהט נור צו... וואש אין אייערי צייטן איז גישעהן בעונותינו הרבים דיא מאשקוויטר אונ׳ קאזקין האבן מחריב גיוועזן אלפים קהלות דאש איז גיוועזן פון אונזרי זינד וועגן אונ׳ דר נאך פון וועגן אייערי גאוה דש איר זייט גיגאנגן אין זילבר אונ׳ גאלד פערל פולי האלז מיט גאלד גילדן · דש דיא פר פלוכטי ריקם [!] [1] האבן איר [2] לייב אונ׳ לעבן גיוועגט פון וועגן דאש עשירות וואש זיא האבן גיזעהן בייא אייך אן אונ׳ דא דורך זיינן אום גיקומן אלפים רבבות נפשות...

ז׳ גb: איר פרעגט דאך ניקש דר נאך אוב מן אייך שון מוכיח איז אדר תקנות מאכט [3] איר טוט דאך וואש איר ווילט איר מאכט אל דיא תקנות צו ניקש...

ז׳ הa: ...איין טייל ווייבר אז זיא זיך האבן אן גי= פרעסן לאפן זיא פון טיש אוועק ניט גיבענשט אוי להם... צו פרעסן איז זיא יוא איין יהודת [!] און גאט צו לובן איז זיא קיין יהודת אוי לנו...

ז׳ הb: „דיא דא האט נאר עטליכי הונדרט גילדן איר אייגנש · אונ׳ דאך וואלטן זיא אונ׳ איר טעכטער אן ציהן אין גאלד אונ׳ אין זילבר עש איז איר ווינציג גילעגן דראן אוב איר מאן קען בישטין [= באַשטיין] אדר ניט דאש אויז טראכטן פון דיא איצטיגי ווייבר האָט קיין שיעור...

ז׳ וa: ...איר מאגט אפשר גידענקן וויא אייערי

1 רשעים.

2 זייער.

3 אין א סך שטעט האָט מען ארויסגעגעבן ספּעציעלע תקנות קעגן לוקסוס אין קליידער, אויף חתונות אאז״וו.



עלטערן זיינן גיגאנגן גלייכנש אז אונז יהודים אן שטיט [= אָנשטייט] צו גין [= גיין] ניט גלייכנש פון דיא גוים · נוא איצונדרט האט איר אן גיהובן אויז צו טראכטן צו גין איין שנוראוקש [4] שופטילי [5] מיט ראג [6] גלייך אז וויא דיא פריצות · מיר זיינן ניט זיכר איר ווערט דר נאך אן פאנגן צו גין רעכט אז דיא גויות וויא איר פירט אייערי טעכטר [.] אייער מיטר [7] האבן אייך ניט אזו גילערנט וויא איר לערנט היינט רעכט אב דיא מאדה [= מאָדע] פון דיא אומות העולם: איר מאגט ווישן [= וויסן] דאז איר איצונדרט זייט גיערגרט גיווארן [8] צעהן מאל טאפלט · וואש גיט אייך אב [;] האט איר ניט גינוגן גאוה וואש איר האט אויז גיטראכט העמדר גילדני זילברני [.] האט מן גיהערט אודר גיזעהן דאז איבר מוט וואז איר טוט אויז טראכטן · טאבינני [9] פרטיכר [= פאַרטעכער] מיט גילדני קרונן סמוטני [= סאַמעטענע] ארבליך מיט גילדני פאסאמאן

דש איבר מוט פון דיא נשים איז צו פיל [.] האט גאט אייך גיגעבן די [!] איר זייט רייך קענט אייך וואול לושטיג מאכן אין אייערי הייזר אונ׳ ניט צו פרעזנטירן אויף דיא גאסין איין פולי האלז קרעלין מיט גאלדן גילדן דראן העגגין · איר מיינט איר גיט עז אין ירושלים · איר טראכט ניט תאמר [= טאָמער] ווערט איין מכשול דער דורך קומין ווען דאז דיא גוים זעהן זוא מיינן זיא אלי דיא יהודים זיינן אזו רייך · דריבר קומט גרוש רשעות אונ׳ בילבולים...

ז׳ יb: דער זרע ברך שרייבט אין זיין הקדמה דאז דיא גזרות פון אקריינא איז אלז גיוועזן פון וועגן דיא זינד דאז דיא אורנדרש [= אַרענדערס] פלעגן בעו״ה שבת ניט רעכט צו האלטן... אידר ווייב וויל שין [= שיין] גין סמארש [10] אונ׳ אין גיהעפטי ווישטן [11] זונשטן [12] אנדרי פר ברעגגרייא · אייני דיא אנדרי איז מקנא אונ׳ וויל נאך בעשר אונ׳ שענר מאכן · אונ׳ פון דעשט וועגן [13] האט זיך גי= שטארקט די אום רעכט אין דר גנצי וועלט אליר וועגן [14] וואו מען גיט [= גייט] און שטיט [= שטייט] איז קיינאמת ניט.

יז b: איר ווייבר איצטיגי דורות... טוט אוועק לאפן ווען מן איין חיתון רעט [= רעדט] אייערי טעכטר איין

4 5 איך קאָן די צוויי ווערטער ניט דערקלערן ווי ס׳געהער צו זיין. דאָס צווייטע וואָרט איז אפשר „סובטילע״?

6 rag הייסט אויף האָלענדיש שפּינוועבס. צי איז דאָס אַזאַ שפּינוועבסדיק געוועב?

7 מוטערס.

8 ערגער געוואָרן.

9 פוו״ב 3 VII: א מין זיידנקיטאַי. זע דאָס געוועט XX, XXVII און LXXXIII.

10 ?

11 וועסטן.

12 אחוך.

13 „פונדעסטוועגן״ באַטייט אין דער עלטערער שפּראַך: צוליב דעם, איבער דעם.

14 אומעטום. פגל׳ מיינע שטאַפּלען ז׳ 210.

אוים בחור ווען שון ער איין גרושר למדן איז אדר שון איין מיוחס...

יט a: וויא האט איר איין לב צו גין מיט גילדני אודר זילברני פאסאמאן אן אייערי קאפא איין טייל העפטין עז מיט פעריל... פיל קרעלן מיט גאלד גילדן · איין טייל רייכי טראגן גאר פיל אויך האבן זיא אן מנעלין [1] אויף איר האלז... דער יצר הרע... רעט... זי אן... דאז זיא זעלט זיך מאכן קליידר אז די אומות העולם ווייבר גין אלירלייא

1 פוו״ב II 871: „manela א יובעלירערשע צירונג אויפן אַקסל אָדער אויף דער האַנט, בראַנזעלעט... (פון איטאַלי׳ maniglia, בראַנצ׳ manille)״. אין דוו״ב ניט פאַרצייכנט. זע דאָס געווער, LIV;

קלער [2] אין סמוט גאלד אונ׳ זילבר דאז איז נאך ווינציג הופר־קייט [3] · ער [4] רעט זיא אן צו מאכן גיהעפטי היטליך אך [5] בעו״ת וויא איין איבור [!] ממון [6] איז דאז סמוט צו העפטן (מי שמע ומי ראה כזאת) · וויא איין אויז טראכטן איז דאז (ועל כל זאת בעו״ה) ניען [= נייען] זיא נאך אובן אן אויף דען היטל גילדני קנעפליך... אונ׳ דער נאך לאפט זיא אין שול אריין כלומר זיא איז איין פרומי אשה דאז זיא גיט פלייסיג אין שול...

2 = קאָלער, קאָליר.
3 האָפערדיקייט, גאווה.
4 דער יצר־הרע.
5 אויך.
6 געלט־אויסבריינגערײַ.

# זעלטענע יידישע ביכער אין דער האַרוואַרדער ביבליאָטעק

פון ד״ר א. א. ראָבאַק (קעימברידזש, מאַס׳)

**פון דער רעדאַקציע:**

אין דער Jewish Tribune, וואָס גייט אַרויס אין ניו־יאָרק, האָבן מיר אין נומער פון פעברואַר 26, 1926 געפונען אַן אַרטיקל פון ד״ר א. א. ראָבאַק אונטערן נאָמען: The Yiddish Collection in Harvard College. דעם גרונט פאַר דער האַרוואַרדער זאַמלונג האָט געלייגט פּראָפעסאָר לעאָ ווינער; ער האָט אַוועקגעשענקט דער האַרוואַרד־ביבליאָטעק 325 ביכער און העכער 1100 בראָשורן, וועלכע ער האָט אויפגעקליבן בשעת זיין רייזע איבער מזרח־אייראָפּע, ווען ער האָט געאַרבעט איבער זיין History of Yiddish Literature (פּובליקירט 1899). ווייטערדיקע 125 ביכער און 562 בראָשורן זיינען אָפּגעקויפט געוואָרן פאַר דער ביבליאָטעק ביי אַ זאַמלער, לויט פּראָפּ׳ ווינערס איניציאַטיווע, דורך צוויי רייכע יידישע מנדבים. לעצטנס איז אויך נאָך צוגעקומען אַ ביסל ביכער.

פון דער קורצער כאַראַקטעריסטיק וואָס ד״ר ר׳ האָט געגעבן דער זאַמלונג קאָן מען אַרויסזען, אַז איבערהויפּט איז זי רייך אין ליטעראַטור פון 19טן יאָרהונדערט, סיי אייראָפּעאישע אויסגאַבעס, סיי אַמעריקאַנער; צוו״אַנד ווערט דערמאָנט אַ רומענישע אויסגאַבע אין העפטן (ליידער איז ניט אָנגעוויזן דער נאָמען), וואו ס׳איז צום סוף צוגעגעבן אַ „שאַנד־פלאַץ״: עס ווערן אָנגערופן, דעם ערשטן מאָל מיט די איניציאַלן, די פּרענומעראַנטן, וואָס האָבן ניט איינגעצאָלט וואָס עס קומט, און איבער דעם די פראַגע: „פאַרוואָס לאָזט איר ניט הערן פון זיך?״ אָדער: „צי ווייסט איר ניט, אַז פאַר געקויפטער סחורה דאַרף מען אָפּצאָלן?״ אויב דער בעל־חוב האָט זיך פאָרט ניט אָפּגערופן, האָט מען שוין מגלה געווען זיין פולן נאָמען.

דער פאַרשטאָרבענער דירעקטאָר פון דער יידישער אָפּטיילונג אין דער ניו־יאָרקער עפנטלעכער ביבליאָטעק (Public Library), א. ש. פריידוס, האָט זייער געוואָלט אַריינבאַקומען ווינערס זאַמלונג צו זיך, און ווען ד״ר ר׳ האָט אים געפרעגט פאַרוואונדערט, ווי קומט ער מיט זיינע גרויסע אוצרות מקנא צו זיין די קליינע האַרוואַרדער קאָלעקציע, האָט פריידוס געענטפערט: „יאָ, נאָר אונזערע ביכער קאָנען געקויפט ווערן יעדע צייט. אין יענער זאַמלונג זיינען פאַראַן ביכער וואָס מען קאָן שוין מער ניט באַקומען״.

ד״ר ר׳ דערציילט אויספירלעך, ווי שטיפמוטעריש עס ווערן אין דער האַרוואַרדער ביבליאָטעק באַהאַנדלט די יידישע אָביעקטן. זיי זיינען ניט איינגעבונדן, נאָר אַריינגעקוועטשט אין קאַרטאָנענע קעסטלעך, אין וועלכע מען האַלט בראָשורן. די קעסטלעך זיינען אויך שוין פאַרגעלט פון אַלטקייט, איינגעריכט און צעקנייטשט. אַמאָל איז די יידישע זאַמלונג געווען אַ טייל פון דער גרויסער סעמיטישער אָפּטיילונג. דערנאָך האָט מען זי פון דאַנען צוגענומען און אַריבערגעשטעלט צו דער דייטשער אָפּטיילונג. איז אָבער ענג געוואָרן ביי די דייטשע ביכער, האָט מען די גאַנצע יידישע קאָלעקציע אַריבערגעטראָגן אויפן זעקסטן גאָרן און אַריינגעשטופּט ערגעץ צווישן ספּאָרט און מוזיק. עס פירט זיך אין האַרוואַרד, אַז יעדע אָפּטיילונג האָט אַ „פּאַטראָן״ פון צווישן די פּראָפעסאָרן; די יידישע אָפּטיילונג האָט ניט קיין פּאַטראָן וואָס זאָל פאַר איר זאָרגן. פּראָפעסאָר ווינער האָט זיך איצטער אַריינגעטאָן אין גאָר אַנדערע געביטן פון פילאָלאָגיע, און ד״ר ר׳ האָט אַרויסגעטראָגן פון אַ שמועס דעם איינדרוק, אַז יידיש בכלל און די האַרוואַרדער יידישע קאָלעקציע בפרט זיינען אים גלייכגילטיק. קיין אַנדער בעלן האָט זיך אויך ניט געפונען. דער איינציקער יידישער מיטגליד פון דער סעמיטישער אָפּטיילונג, פּראָפעסאָר וואָלפסאָן, האָט אַן אָפּן נעגאַטיווע באַציאונג צו יידיש; ער האָט עס אַרויסגעוויזן מיט אַ צייט צוריק, ווען ער האָט, אונטערן פּסעוודאָנים Leukides, געמאַכט אַ שאַרפן אונטערשייד צווישן Jews און Yidds. ביי דער געלעגנהייט דערמאָנט ד״ר ר׳, אַז ווען עס איז מיט עטלעכע יאָר צוריק געשאַפן געוואָרן אַ פאָנד איינצוקויפן יידישע ביכער פאַר דער באָסטאָנער עפנטלעכער ביבליאָטעק, האָט דער ייד ד״ר פליישער צוליב אַסימילאַטאָרישע מאָטיוון געהייסן אויסמעקן פון די איינקויף־רשימות אַלע ביכער אין יידיש.

פריער האָט מען די יידישע ביכער אין האַרוואַרד גערופן Judeo-German, היינט הייסן זיי שוין Yiddish.

מיט אַ יאָר צוריק, דערציילט ד״ר ר׳ (אַלזאָ אין 1925), האָט ער אין אַ יידישער קהילה, וואָס איז באַקאַנט מיט איר ברייטהאַרציקייט פאַר אַלע עפנטלעכע הצטרכותן, גערעדט וועגן דעם טרויעריקן צושטאַנד פון דער יידישער קאָלעקציע אין האַרוואַרד און פאָרגעלייגט צו שאַפן אַ קליינעם פאָנד אויף איינצובינדן און קאַטאַלאָגירן די ביכער; דערביי זאָל יעדן מנדבס נאָמען דערמאָנט ווערן אויף די ביכער וועלכע וועלן באַזאָרגט ווערן פון זיין נדבה. דער איינדרוק ביי די צוהערער איז געווען גלייך מען וואָלט זיי פאָרגעלייגט צו פינאַנסירן אַן עקספעדיציע צום מאַרס. מלחמה-קרבנות, קרן-היסוד, אַ פאָנד פאַר זקנים-סטאָליאַרעס — דאָס יאָ, דאָס איז מאַטעריעלע נויט, דאָס אַפעלירט צום עולם. אָבער ווען מען זאָל קומען צו די זעלבע מענטשן, שרייבט ד״ר ר׳, און זאָגן זיי, אַז ווערטיקע יידישע ביכער און צייטונגען קאָנען אונטערגיין אויף אייביק, וועט מען געוויס באַקומען דעם ענטפער: „מיין באָבעס דאגה!״ יאָ, דער באָבעס דאגה איז עס טאַקע געווען; זי האָט געהיט די טראַדיציע, די קולטורעלע אַזוי ווי די רעליגיעזע, און זי וואָלט געווען אויסער זיך ווען זי וואָלט געזען, ווי אַזוי אירע אייניקלעך באַהאַנדלען קולטורעלע אוצרות, וועלכע זיינען איר געווען טייער ווי דאָס לעבן.

ד״ר ר׳ גיט זיך אָפּ אַ חשבון, ווי שווער עס איז צו באַקומען געלטמיטלען אויף קולטורעלע אונטערנעמונגען, ער דריקט אָבער אויס די האָפענונג, אַז דער ניי-געגרינדעטער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט וועט פאָרט געפינען אַ וועג איבערצודרוקן כאָטש די וויכטיקסטע ווערק פון דער אַלט-יידישער ליטעראַטור. —

ווען מיר האָבן אין דער פילאָלאָגישער סעקציע איבערגעלייענט ד״ר ראָבאַקס אַרטיקל, האָבן מיר זיך געווענדט צו אים מיט אַ בקשה, ער זאָל אונז צושיקן פאַר די „שריפטן״ אַ גענויערע באַשרייבונג פון דער האַרוואַרדער קאָלעקציע, איידער עס איז מיגלעך געווען צו געבן פאַר דעם ענגליש-לייענדיקן עולם. אַלס ענטפער האָט אונז ד״ר ר׳ פריינדלעך צוגעשיקט ניט בלויז די אַרבעט, וועלכע מיר גיבן דאָ, נאָר אויך אַ היפּשע צאָל פאָטאָגראַפיעס פון ביכער, צווישן זיי אַ פולשטענדיקע פאָטאָגראַפיע פון דעם „צוכטשפיגל״, וועלכן ער באַשרייבט אין קאַפיטל II.

I

## אַלגעמיינס

אין מיין אַרטיקל אין „דזשואיש טריביון״ 1926 האָב איך צוגעזאָגט זיך אומצוקערן צו די קוריאָזן וואָס געפינען זיך אין דער האַרוואַרדער ביבליאָטעק; נוץ איך איצטער אויס די געלעגנהייט.

ערשטנס: די יידישע זאַמלונג קאָן מען איינטיילן אין פינף באַזונדערע גרופּעס. (1) די רעליגיעזע ספרים, חומשים, מחזורים, קינות, סליחות, תחינות, מוסר-ביכלעך, סידורים, טייטש-חומשים אאַז״וו, וואָס אַ טייל פון זיי האָבן אַ ווערט מחמת זייער אַלטקייט אָדער דרוקאָרט. (2) די צייטשריפטן, אָנהייבנדיק מיט דער לעמבערגער „צייטונג״ פון 1848 און אויסלאָזנדיק מיט „דעם יידישן פאַרמער״. (3) די צעוואָרפענע אויסגאַבעס פון באַשטימטע מחברים, צווישן וועלכע עס געפינען זיך עטלעכע זעלטענע בראָשורן און ביכער. (4) ספּורים, מעשיות, לוחות, וויצן- און אַנעקדאָטן-ביכלעך — אַלץ וואָס האָט אַ פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער, און (5) די נייערע יידישע ליטעראַטור וואָס איז ווינציק-וואָס פאַרטראָטן.

איבער העלפט פון דער זאַמלונג געפינט זיך אין קאַרטאָנענע קעסטלעך. אַפילו צייטונגען זיינען אַריינגעקוועטשט אין די דאָזיקע קעסטלעך, און בכלל קוקט מען זיך ניט אום אויף די צעפאַלענע, אָפטמאָל שמותדיקע ביכלעך. לעצטנס האָב איך אָנגעהויבן אַכטונג געבן אויף דער זאַמלונג אויף מיין אייגענער קאָנטאָ (אַרומשטויבן, געבן בינדן אַ פאָר ביכער אאַז״וו.) און האָף אינגיכן, מיט דער הילף פון אַ סטודענט, צוצושטעלן אַ וואָסערע רשימה אויף קאַרטלעך, וואָס די ביבליאָטעק וועט האַלטן אין אַ באַזונדערן שופלאָד, פונקט ווי די קאַטאַלאָגן פון די טערקישע, אַראַבישע, פערסישע, אַרמענישע, סיאַמישע און גרוזינישע ביכער. עס איז פשוט אַ צער צוצוזען, ווי נומערן פון יידישע צייטונגען וואָס זיינען שוין מער ניטאָ ווערן צעפיצלט. אמת, אַחוץ „דעם הויזפריינד״ זיינען די צייטשריפטן פאַרטראָטן מיט העכסטנס אַ יאָרגאַנג, אַמאָל מיט אַ נומער אָדער צוויי, אָבער אַפילו אַ נומער קאָן אונז שוין אויך געבן אַ שטיקל באַגריף פונעם יידישן לעבן אין אַ געוויסער צייט אָדער לאַנד. דאָ האָב איך אַגב געפונען אַ נומער פון אַ צייטונג, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין קאַלקוטע, אינדיע, מיט 37 יאָר צוריק. די צייטונג הייסט „פּרח״, אויף ענגליש „Jewish Gazette״ און איז געדרוקט אין לאַדינאָ, מיט געוויסע מודעות אין העברעאיש.

לויט מיין רעקאָמענדאַציע וועלן עטלעכע זעלטענע ביכער פון דער יידישער זאַמלונג איבערגעטראָגן ווערן אין דעם „אוצר״ (treasure room), וואו טויזנטער גאָר ווערטפולע זאַכן ווערן געהאַלטן און ווערן אָפּגעהיט פון ספּעציעלע שומרים. אויך האָב איך באַקומען פאָרטפעלן

וואָס זאָלן זיין גרויס גענוג פאַר די צייטונגען וואָס ליגן דערווייל צוזאַמענגעקוועטשט אין קעסטלעך.

די פּאָליצע-נומערן פון די יידישע ביכער ווייזן, אַז מען האָט נאָך מיט יאָרן צוריק אויסגעאַרבעט אַ סדר פון צעשטעלן זיי. די פראַגע פון טראַנסליטעראַציע אין ענגליש איז אַ באַזונדערער ענין וואָס דאַרף נאָך באַהאַנדלט ווערן.

צום אָנהייב האָב איך געמיינט, אַז אַ רשימה איז פאַראַן בלויז פון יענע ביכער, וועלכע זיינען פאַרצייכנט אין דער ביבליאָגראַפיע פון פּראָפ' ווינערס History; נאָר שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אַז אַלע יידישע אויסגאַבעס, אַפילו די תחינות און לוחות, זיינען באַזונדער פאַרצייכנט אין אַ בוך לויט די פּאָליצע-נומערן. אָבער די טראַנסליטעראַציע איז לויטן דייטשישן נוסח און ניט אויסגעהאַלטן, און חוץ דעם זיינען דאָרטן דאָ אַ שפּאָר ביסל גרייזן, למשל דער מחבר פון חובות הלבבות קומט דאָרטן אויס „ר' י. דיין", מסתּמא ווייל ר' בחיי האָט געהאַט דעם צונאָמען הדיין הספרדי. די רשימה דינט פאַר אַ קאַטאַלאָג. איצט אָבער וועט די אַרבעט זיין צו מאַכן קאַרטלעך פאַר יעדן בוך און ביכל, כדי עס זאָל קענען זיין אַ באַזונדערער שופלאָד אין דעם צווייטטויזנט-שופלאָדיקן קאַרטלעך-קאַטאַלאָג פון ביכער אין דער האַרוואַרדער ביבליאָטעק.

די צאָל ביכער און בראָשורן אין דער יידישער זאַמלונג איז דערווייל ניט מער ווי צוויי טויזנט.

פאַרשטייט זיך, אַז די ממונים אויף דער ביבליאָטעק, וואָס ציילט אַרום און אַרום העכער צוויי מיליאָן ביכער, קאָנען ניט אָפּהיטן אַן אָפּטיילונג, וואָס אויף איר פרעגט זיך קיינער ניט נאָך. זייער באַציאונג צו די יידישע ביכער איז ווי צו אַלע אַנדערע, אָבער אַזוי ווי זיי ווערן ווינציק באַנוצט, קאָן מען אויף איר קיין סך געלט ניט באַקומען. אַוודאי, ווען יידן אַליין וואָלטן געמאַכט דעם ערשטן טריט צו פאַרגרעסערן די זאַמלונג, וואָלט די ביבליאָטעק טון איר חלק. די העברעאישע ביכער האַלט מען אין אַ באַזונדערן בנין, וואָס הייסט „דער סעמיטישער מוזעאום" (אַ נדבה פון באַוואוסטן פילאַנטראָפּ דזשייקאָב שיף). מען קאָן זיך אויך אָנשטויסן, אַז די פּראָפעסאָרן אין דער סעמיטישער אָפּטיילונג זיינען ניט להוט מקרב צו זיין יידיש... פּראָפעסאָר וואָלפזאָן, אַ געוועזענער סלאָבאָדקער ישיבה-בחור, האָט אַפילו מיט אַ צייט צוריק, ווי איך האָב שוין דערמאָנט אין יענעם אַרטיקל, שאַרף מבחין געווען צווישן „דזשוז" און „יידז", דערמאָנענדיק די לעצטע לגנאי. פון אַ בריוו וואָס ד"ר יהושוע בלאָך, אויפזעער איבער די יידישע און העברעאישע ביכער אין דער ניו-יאָרקער שטאָטישער ביבליאָטעק, האָט געשריבן בנוגע מיין ענגלישן אַרטיקל איבער דער יידישער זאַמלונג אין דער האַרוואַרדער ביבליאָטעק, ווער איך געוואויר, אַז ער האַלט דעם חילוק צווישן „דזשוז" (Jews) און „יידז" (Yidds) פאַר אַ שטיקל חריפות, וואָס באַווייזט ס'צראַ ווייטע ראיה ד"ר וואָלפזאָן האָט נאָך געהאַט מיט עטלעכע יאָר צוריק.

אַרומצורעדן באַריכות די האַרוואַרדער יידישע ביכער וואָלט פאָדערן אַ סך מער פּלאַץ און צייט ווי פיל די אומשטענדן דערלויבן, און דערפאַר וועל איך זיך מוזן באַשרענקען היינטיקס מאָל אויף אַ פּאָר אויסגאַבעס און אפשר אין אַן אַנדער באַנד זיך אומקערן צום ענין; וואָרים כאָטש די זאַמלונג איז אַ לפי ערך קליינע, פונדעסטוועגן איז דאָ גענוג אין איר צו נישטערן.

נאָך אַ שטיקל מניעה איז פאַראַן, ווינציקסטנס מצד דעם שרייבער, און דאָס איז אַ געוויסער דוחק אין אָריגינעלקייט בנוגע אַנדערע יידישע זאַמלונגען. געוויינטלעך איז מען נוטה צו גלייבן, אַז וואָס עלטער אַ בוך איז, אַלץ זעלטענער איז עס; אָבער, ווי באַוואוסט, קאָן זיך גראָד טרעפן, אַז אַ ניט-לאַנג אַרויסגעקומענע שריפט זאָל זיין אַ יקר-המציאות. אַמאָל קאָן אונטערזאָגן דער חוש אין אַזאַ פאַל, אָבער צום חוש דאַרף מען נאָך האָבן דערפאַרעניש און בקיאות.

אַוודאי איז דער מחזור אויף יידיש וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין פילאַ, פוילן, אין 1638 (יי אחד ושמו אחד) אַ טשיקאַווע זאַך, ווי מען קאָן זען פון דער פאָטאָגראַפירטער זייט וואָס ווערט דאָ צוגעשטעלט. סיי די שפּראַך, סיי דער דרוק מוזן פאַראינטערעסירן דעם פאָרשער. אפשר איז גאָר אינגאַנצן אומבאַקאַנט דאָס שטעטל פילאַ, און וויפל ווייסן אַז דאָרטן איז געווען אַ דרוקעריי; צו דערזעלבער צייט דאַרף מען געדענקען, אַז מחזורים און ספרי רומל בכלל וואָס האָבן שוין איבערגעלעבט אַ צענדליק דורות פאַרוואַלגערן זיך נאָך אין יידישע הייזער, סיי אין רוסלאַנד, סיין אין פוילן.

דערפאַר איז אָבער אַ גראַמאַטיק פון דער פוילישער שפּראַך אויף יידיש, געדרוקט אין 1824, אָדער אַ יידיש-פוילישער לוח, פון יאָר 1825, שוין פון די זאַכן וואָס ווערן ווינציקער אָפּגעהיט, מהאי טעמא זיינען זיי ווערט פאַרצייכנט צו ווערן.

עס איז אָבער ניט נייטיק צו גיין אַפילו אַזוי ווייט צוריק. אָט ליגט פאַר מיר אַ ביכל פון פאַר פערציק יאָרן, וואָס הייסט „די פאַרפירטע יוגענט אָדער די בלינדע עלטערן" פון פרוי העני העלפמאַן. מילא, דאָס ביכל גופא איז ניט וויכטיק, אָבער דער פאַקט וואָס אַ יידישע פרוי האָט אין די 80ער יאָרן געוואָלט פאַרשפּרייטן דעם נייעם דערציאונגסגעדאַנק פון יענער צייט, און אַז אברהם-בער גאָטלאָבער האָט איר געשריבן אַ הסכמה, וואָס איז גיכער דייטש איידער יידיש, איז אינטערעסאַנט.

## II

## דער צוכטשפּיגל

לאָמיר אָבער צוטרעטן צום עיקר ענין, און דאָס איז זעליקמאַן אולמאַס „ספר מראה המוסר—דער צוכט שפּיגל". אין האַרוואַרדער ביבליאָטעק איז פאַראַן אַן אויסגאַבע פון דעם דאָזיקן ביכל, און פון שער-בלאַט דערוויסן מיר זיך

אַז „דער צוכט שפּיגל" איז שוין געדרוקט געוואָרן פאַר זעקס און דרייסיק יאָרן. דאָס זאָל מסתּמא זיין די פּראָגער אויסגאַבע פון 1610, לויט דעליטשעס אָנווייז, אָבער אויב מען קאָן זיך שטיצן אויף די ציפער-סימנים פון דרוקערס נאָמען 1, וואָלט עס געהייסן, אַז די ערשטע אויסגאַבע איז אַרויס אין 1587, וואָרים אויב די גרויסע אותיות פון דער דרוק-מודעה זיינען מכוון אַרויסצוברענגען די דאַטע, מוז מען אָננעמען, אַז דאָס ביכל וואָס ליגט פאַר מיר איז געדרוקט געוואָרן אין זולצבאַך אין 1623.

מראה המוסר

ספר מראה המוסר

אות האל״ף

אַחַד הַמַּרְבֶּה וְאֶחָד הַמַּמְעִיט וּבִלְבַד שֶׁיְּכַוֵּין לִבּוֹ לַשָּׁמַיִם:

אַגְרָא דְפִרְקָא רִיהֲטָא:

אַגְרָא דְכַלָּה דוּחֲקָא:

אַגְרָא דְשַׁמַעְתְּתָא סְבָרָא:

אַגְרָא דְתַעֲנִיתָא צִדְקָתָא:

אַגְרָא דְבֵי הִלּוּלֵי מִילֵּי:

אַגְרָא דְלֵית שְׁטָנָא יָכִיל תַּמָּן יַשְׁרֵי אַגְרָא דְיָהִיב יְגַעָא:

לויט שטיינשניידער אָבער (זע זיין מאָנומענטאַלן קאַטאַלאָג פון העברעאישע ביכער אין דער באָדלעיאַנער ביבליאָטעק, עמוד 2583) איז די זולצבאַכער אויסגאַבע פון

1 זלמן ב״ר אהרן המנוח.

1724—1767. איי וואָס עס שטייט אין דער זולצבאַכער אויסגאַבע, אַז דאָס בוך איז געדרוקט געוואָרן מיט 36 יאָר צוריק, איז דאָס גופא טאַקע אַרויסגענומען געוואָרן פון אַ פריערדיקער אויסגאַבע. שטיינשניידער ווייזט אָן אויף אַכט אויסגאַבעס פון „צוכט שפּיגל", און די ספקות וועגן יאָר און אָרט פון דער ערשטער אויסגאַבע באַווייזן זיך שוין אין דער אויבנ-דערמאָנטער ביבליאָגראַפיע.

כאָטש שטיינשניידערס שטעלונג צו יידיש איז ניט אומבאַקאַנט איז פונדעסטוועגן אַ חידוש וואָס ער מאַכט זעליקמאַנס צוכט-שפּיגל פאַר אַ דייטשער שריפט. עס איז גרינג זיך פאָרצושטעלן, אַז די וואָס שעפּן זייערע ידיעות פון דעם ריזיקן קאַטאַלאָג דערמאָנען ניט קיין וואָרט וועגן יידיש אָדער אַפילו יידיש-דייטש 2.

אַז „דער צוכט שפּיגל" איז אַ יקר המציאות קאָן מען אַרויסנעמען דערפון וואָס ניט ניגער און ניט באַסין האָבן זיך געקאָנט באַנוצן מיט דער יידישער אָרטאָגראַפיע ביים ציטירן דעם ספר. דער ערשטער האָט געמוזט אָנ-קומען צו הערמאַן לאָטצעס אַ לאַטיינישער טראַנסקריפּציע—

2 די טענה צו שטיינשניידערן פאַר זיין אָנרופן דעם ספר „דייטש" (cum versibus germanicis) איז געוויס באַרעכטיקט און איז שייך ניט נאָר צו דעם ספר. דערפאַר איז אָבער, ווי ס'ווייזט אויס, ניט יושרדיק אויפצוּוואַרפן ש״שן, אַז ער האָט ניט קלאָר געמאַכט דעם ענין מיט דער דאַטע פון דער אויסגאַבע פונעם „צוכטשפּיגל", וועלכע ד״ר ר׳ ציטירט. די דאָזיקע אויסגאַבע פיגורירט ביי שטיינשניידערן אַלס די אַכטע: [1] האַנוי 1610—1613, [2] פּראַג 1614, [3] לובלין 1640, [4] פּראַג 1678, [5] פראַנקפורט-מאַין 1680, [6] פראַנקפורט-מאַין 1691, [7] אַמסטערדאַם 1716, [8] זולצבאַך 1724—1767.

דעם טעות מיט דער זולצבאַכער אויסגאַבע האָט שוין געהאַט, ווי ש״ש ווייזט אָן אין זיין קאַטאַלאָג, י. באַנדי (Literaturblatt des Orients, VII, 604), נאָר ער האָט געמאַכט אַן אַנדער חשבון: ער האָט אָראָפּגערעכנט די 36 יאָר פון דער אויסגאַבע 1610 און איז געקו-מען צום באַשלוס, אַז די ערשטע אויסגאַבע האָט געמוזט זיין 1574. אין דער אמתן זיינען ביידע חשבונות פאַלשע. צו דער האַנויער אויס-גאַבע האָט ד״ר ראָבאַקס האַנטעקזעמפּלאַר גלאַט קיין שייכות ניט, און באַנדיס השערה איז געווען אָן שום באַזיס. אַ סך ערנסטער זעט אויס ד״ר ראָבאַקס אויסרעכענונג; נאָר די מעשה איז, וואָס אין דעם איצ-טיקן פאַל באַטייטן די ווערטער „זלמן בר אהרן המנוח" ניט קיין יאָר; ס'איז פּשוט די פירמע פון דעם דרוקער. ווי ס'ווייזט ד״ר מ. ווייַנ-בערג אין „Die hebräischen Druckereien in Sulzbach (1669—1851)", פראַנקפורט-מאַין 1904, איז בכלל די ערשטע יידישע דרוק אין זולצבאַך געגרינדעט געוואָרן 1669. פון 1669 ביז 1719 איז געווען דער דרוקער אהרן בן אורי ליפּמאַן, פון 1721 ביז 1764 — משולם זלמן בן אהרן; טיילמאָל רופט ער זיך בלויז „זלמן בר׳ אהרן"; אויך 1766 איז נאָך אַרויס אַן „אלפס" אונטער דער פירמע „משולם זלמן", ווייל דער זאַך איז געווען אַנגעהויבן פריער. מהאי טעמא האָט דער פאָרזיכטיקער שטיינשניידער געשטעלט דעם „צוכטשפּיגל" — קיין דרוק-יאָר איז דאָך אויף אים ניט אָנגעוויזן — צווישן 1724 און 1767. ד״ר ווייַנבערג, וואָס האָט אין זיין בוך געגעבן אַ רשימה פון 539 זולצבאַכער דרוקן, איז אויפן סמך פון געוויסע סימנים געקומען צום באַשלוס, אַז דער זולצבאַכער צוכטשפּיגל מוז זיין געדרוקט נאָך 1733, מסתּמא אין איינעם פון די נאָענ-סטע יאָרן. די דאָזיקע פעסטשטעלונג מעג מען באַטראַכטן פאַר ענד-גילטיק. [מ. וו.]

און דאָ געפינען מיר אויך אויס אגב, אַז לאָטצע האָט באַנוצט די פראַנקפורטער אויסגאַבע פון 1680 [1] — בעת באַסין האָט פאַר זיין אַנטאָלאָגיע זיך אויסגעהאָלפן מיט שייַנעאַנוס אַ פראַנצויזישער טראַנסקריפּציע [2].

מאָדנע איז, וואָס ה' באַסין איז דווקא געקומען קיין האַרוואַרד נאָכזוכן מאַטעריאַל פאַר זיין אַרבעט און האָט פאַרזען זעליקמאַנס „צוכטשפיגל", אפנים ווייל עס איז געווען איינגעבונדן צוזאַמען מיט אַן אַלטן יידיש-העבּרעאישן לערן-ביכל און אַ כתב-יד פון אויסצוגן איבער די איינגשאַפּסן פון טייערע שטיינער.

פאַרשטייט זיך, אַז אַ טראַנסקריפּציע פון אַ טראַנסקריפּציע גיט זיך קיינמאָל ניט איין, בפרט נאָך וואו די שטומע אותיות אין שייַנעאַנוס פראַנצויזישער שרייבונג מאַכן די שוועריקייטן נאָך גרעסער. דאָס וואָרט „גאַבע" למשל, ווי עס שטייט אין דער אַנטאָלאָגיע (זייט 30), דאַרף גאָר זיין „גאבּ".

איך האָב זיך זייער געוואונדערט, וואָס אַזאַ פילאָלאָג ווי שייַנעאַנו האָט אויף איין אָרט אין דער טראַנסקריפּציע געמוזט פאַרבייטן אַ ל אויף אַ צ, וואָס איז גאַנץ גרינג צו טון אין ווייבערטייטש-כתב, און אַזוי ערנאָך איז ביי באַסינען געוואָרן פון אַ פּשוטן געזעל אַ געזעץ. עס איז מיר געווען אַ חידוש וואָס שייַנעאַנו האָט ניט אַ קוק געטאָן אויפן העבּרעאישן שיר פון פּעסימיסטישן רבינו תּם [3], וואָס זעליקמאַן האָט פריי איבערגעזעצט, וואו ער וואָלט געזען אַז די ווערטער זיינען „הרע רע ואוהב אוייב", און עס רעדט זיך ניט וועגן אַ געזעץ.

חוץ דעם זיינען ביי באַסינען אויסגעלאָזן עטלעכע ווערטער „שרייאַט דיא גנץ וועלט" און נאָך אַ פּאָר ווערטער וואָס זיינען אויסגעריסן אין דער האַרוואַרדער אויסגאַבע. די לעצטע שורה דאַרף זיך לייענען:

אך גאט וואז פר גוטש וויל דרויש ווערדין

אין דער טראַנסקריפּציע ביי באַסינען לייענט זיך די זעלבע שורה

אַ, גאָט, וואָס פאַר גוטעס וויל דאַרויס ווערדען!

ווען איך האָב אָבער אַריינגעקוקט אין דער ערשטער אויסגאַבע פון ז. רייזענס לעקסיקאָן, וואו דערזעלבער שיר ווערט געבּראַכט (ז' 35) אויך לויט שייַנעאַנו, האָב איך דערזען, אַז די טענה דאַרף איך האָבן ניט צו שייַנעאַנון. ביי רייזענען שטייט ניט „געזעץ", נאָר „געזעל", און אויך דער פאַרפעלטער זאַץ איז דאָ פאַראַן. אויף דעם סמך איז מיין צוטרוי צו באַסינס אַנטאָלאָגיע אַ ביסל אָפּגעשוואַכט געוואָרן. עס איז כדאַי צו וויסן, ווי אַזוי צוזאַמענשטעלער וואָס האָבן געשעפּט פון דעם זעלבן קוואַל, האָבן באַקומען פאַרשיידענע פּראָדוקטן.

אויך לאָטצעס טראַנסקריפּציע, וואָס ווערט אָנגעגעבן אין ניגערס אָפּהאַנדלונג, שטימט ניט מיט דער אָרטאָגראַפיע און אויסשפּראַך פון דער זולצבאַכער אויסגאַבע. אָדער די פראַנקפורטער אויסגאַבע איז אַ ביסל פאַרדייטשט, אָדער לאָטצע האָט די ווערטער אַ ביסל אַסימילירט, למשל „גווין" איז שוין דאָ „געווין"; פון „אונ" איז געוואָרן „אונד"; „ביגערשט" איז ביי ניגערן „בעגעהרסט", און „דו הערשט" איז שוין פאַרגרייזט געוואָרן אויף „דו הערסט".

די אונטערשטע שורה: אויף טראַנסקריפּציעס איז ניט זיכער זיך צו פאַרלאָזן, אפילו ווען זיי ווערן געמאַכט פון די בעסטע פאָרשער.

אין מיין ענגלישן אַרטיקל איבער די יידישע ביכער אין דער האַרוואַרדער ביבליאָטעק האָב איך געגעבן אָנצוהערעניש, אַז מען וואָלט באַדאַרפט איבערדרוקן עטלעכע פון די זעלטענע שריפטן. אַוודאי איז אַזאַ אונטערנעמונג פאַרבונדן מיט הוצאות, און קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן אויף מיין פאָרשלאָג; האָב איך אָפּגעמאַכט ביי זיך על כל פנים צו מאַכן אַ שטיקל אָנהייב און געלאָזן פאָטאָגראַפירן דעם גאַנצן „צוכטשפיגל" פאַרן יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

## III

## כאַראַקטעריסטיק פונעם „צוכטשפיגל"

איצט לאָמיר זיך נעענטער באַקענען מיט זעליקמאַנס אַרבעט. איך וועל זיך ווינציק וואָס אָפּשטעלן אויפן מחבר, וועלכער האָט געלעבט אין 16טן יאָרהונדערט (אין באַסינס אַנטאָלאָגיע ווערט אָנגעגעבן אַז ער האָט געלעבט אין 17טן יאָרהונדערט. ריכטיקער איז צו זאָגן, אַז ער געהער צום 16טן יאָרהונדערט. מיר ווייסן, אַז ער איז געווען אַ רב און האָט געשטאַמט פון דער פאַמיליע גענצבורגער).

וואָס איז דער „צוכט שפיגל", און וואָס איז דערמיט דער מחבר אויסן געווען?

אין דער הקדמה געפינען מיר אַ סך טעמים פאַר דער עקסיסטענץ-באַרעכטיקונג פון בוך: די ווייבער און מיידלעך וועלן האָבן מיט וואָס זיך צו פאַרווײַלן שבת און יום טוב אָנשטאָט צו טרייבן לצנות אָדער ריידן דברים בטלים אָדער גאָר גיין שפּאַצירן; יעדער לייענער וועט קאָנען האָבן פאַר זיך אַ שפּיגל און זיך פאַרגלייכן מיט אַנדערע; און דאָ ווערט ר' זעליקמאַן אַפּאָלאָגעטיש: מען זאָל ניט מיינען, אַז ער וויל דאָ עמעצן שטראָפן; ניין, יעדערער וועט קאָנען אויף זיך אַליין צופּאַסן דאָס וואָס אים געפעלט; דאַן איז גלאַט גוט זיך איינגעוויינען אַריינצווואַרפן אַ שפּריכוואָרט אין אַ בריוו, אאַז"וו.

די הקדמה איז געשריבן, לויטן שטייגער פון יענער

1 ש. ניגער: שטודיעס צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור. דער פּנקס תרע"ג, ז' 90.

2 מ. באַסין, אַנטאָלאָגיע: פינף הונדערט יאָר יידישע פּאָעזיע. ערשטער באַנד, ז' 30.

3 זעליקמאַן אולמאַ: ספר מראה המוסר דער צוכט שפיגל, זולצבאַכער אויסגאַבע דף כ, עמוד ב.

צייט, אין גראַמען און ענדיקט זיך אין אַ מין חניפה־טאָן, וואָס דער לייענער איז אפשר מוחל.

די זולצבאַכער אויסגאַבע פון „צוכט שפיגל" באַשטייט פון איבער הונדערט זייטן. די נומעראַציע פון די זייטן איז ניט אַלעמאָל גלאַטיק. „טו" קאָן זיך איבערחזרן צוויי מאָל, און דאָסזעלבע מיט „לד", דערפאַר וועט אָבער דַף „לג" אויספעלן. אַמאָל מאַכט זיך אויך, אַז דער מאַטעריאַל גייט ניט כסדר. נאָר דאָ קומען מיר צום סאַמע תוך.

וואָס איז אייגנטלעך דער תוכן פון זעליקמאַנס „צוכט שפיגל"?

דער מחבר האָט צונויפגענומען ווערטלעך און עפּי־גראַמען פון תלמוד און פון די מדרשים, אָבער אויך פון אַנדערע קוואַלן, האָט זיי אַראַנזשירט לויטן אַלף־בית, בנוגע דעם ערשטן אות לכל הפחות, און דערנאָך האָט ער זיי פריי איבערגעזעצט, מערסטנטיילס אויסגעצויגן, אין גראַמען.

ניט אַלעמאָל האָט זיך זעליקמאַן געהאַלטן ביים אָרי־גינעלן זין, למשל דאָס תלמודישע ווערטל

„כתר עניא אזלא עניותא"

איבערזעצט ער אָט ווי:

ארמוט איז קיין שאנד<br>
אבר פאר איין שאדין ביקאנט<br>
דרום דארף זיך נימץ שעמן זיין ארמוט<br>
נייערט שעם זיך איין רייכר דער איבלש טוט

אויף דער פּאָעזיע פון „צוכט שפּיגל" לוינט ניט צו פאַרלירן קיין צייט. די גראַמען האָבן געהאַט אַ צוצי־פּאַר יענעם עולם וואָס דער שרייבער האָט געהאַט אין זינען. גיכער מעג מען זיך אָפּשטעלן אויף זעליקמאַנס אויסקלייב פון עפּיגראַמען. נאָך אַלעמען — דעם מענטשן קאָן מען דערקענען נאָך דעם וואָס אים האָט פאַראינטערעסירט. דער אויסקלייב איז אָבער נאָך ניט אַלץ. דער פרייער פירוש אויף די ווערטלעך איז נאָך וויכטיקער.

דרשענען איבער אַ פּסוק איז ניט געשטאַנען העכער אַפילו פון אַזאַ מאור הגדול ווי פראַנסיס בעיקאָן [1]. מער ניט וואָס דער גרויסער ענגלישער דענקער האָט זיך אָפּגע־געבן מער מיט דער אילוסטראַציע, מיטן אַנאַליז פון פּסוק (משלי און קהלת), זעליקמאַן זאָגט אונז ניט פאַרוואָס די עפּיגראַם איז צוגעטראָפן, נאָר ער איז עס מאריך.

צווישן די 500 אַפאָריזמען און ווערטלעך געפינט זיך אַ נישקהדיקע צאָל וועגן פאַמיליען־לעבן און וועגן פרויען. מעג מען דרינגען, אַז דער מחבר האָט געהאַט אַ האַרץ אויף — און אפשר אויך צו — זיי.

ערשט פון אים בין איך געוואויר געוואָרן, אַז שוין אין דער מסיכתא מגילה איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן די מיי־נונג וואָס שאָפּענהויער אין זיין באַרימטן עסיי „איבער פרויען" שרייבט צו צו נאַפּאָלעאָנען און איז אליין מסכים

[1] זע: Francis Bacon, Advancement of Learning. בוך II, צווייטע העלפט.



דערויף, דהיינו: אַז ווייבער האָבן קיין שום ראַנג ניט. דער תלמודישער שפּראַך איז

לא יאה יוהרא לנשים.

און זעליקמאַן זעצט עס איבער אָט ווי:

דז חשיבות שטיט דען ווייבר איבל אן,<br>
דען עס גבירט נאר דעם מאן;<br>
די ווייבר איבר נעמן זיך אירש גיוואלט,<br>
אונ' ווערדין האפרטיג גאר בלד. (דף לז, א).

אַזוי ציטירט ער אויך דעם גוט באַוואוסטן שפּראַך

דעתן של נשים קלות, ומלבושיהן<br>
ארוכות רחבות גדולות

און זעצט עס איבער אויף אַזאַ מין אופן:

פון ווייבר חכמות ווערשטו האבין קליינה גווין<br>
זיא האבן לאנגי קליידר אוני קארצי זין<br>
דרום ביטראכט וואול אי דוא פאלגשט אין. (דף יז, א).

אויף דעם זעלבן נוסח לאָזט ער אונז הערן אַ וויי־טערע כאַראַקטעריסטיק פון דער זעכציק־יעריקער פרוי; און דאָסמאָל רעדט ער שוין אָפּענער ווי געוויינטלעך. אויף די 7 תלמודישע ווערטער

בת שיתין כבת שית, לקל טבלה ריהטא

גיט דער מחבר די דאָזיקע פּאַראַפראַזע:

איין אלט וויב פון זעכציג יארן<br>
אלז איין מייד פון זעקש יארן גיבארן.<br>
זיא לושט פון גנצין הערצין<br>
צו זינגן אונ' צו טאנצין,<br>
אונ' זיין זא גערין ביי אליר פרייד<br>
אלז די שינשט יונגי מייד.<br>
איך גלויב אך זיא גערין מאנין האבן וועלין,<br>
אלז ניא קיין בתולה איין יונגין גיזעלין.<br>
מיך וואונדרט אז איר ניא פר גיט דער שערץ,<br>
פראג מן דרום איר הערץ<br>
וואש זיא אופט ביגערט,<br>
אים זומר איינר דער איר דיא פליגן ווערט<br>
דאש איבריג וויל איך ניט שרייבין.<br>
איך לאז בייא דעם גימייני שפריך ווארט בלייבן:<br>
אלטי קיא די דא געבן ווידר מילך נאך שמאלץ<br>
דיא לעקין אך גערין זאלץ (דף יד, א).

פאַר אַ רב איז אַזאַ מין באַמערקונג אַ ביסל געוואַגט, אָבער דאָס איז ניט דאָס איינציקע מאָל, וואָס ער פאַרגינט זיך אַ „קיבות", ווי ער רופט עס אָן אין זיין הקדמה וואו ער פאַרענטפערט זיך. אַמאָל קאָן מען נאָך באַגעגענען ביי אים אַ ראַבעלעזיאַנער שטריך, וואָס אַנדערע וואָלטן פאַרצייכנט צווישן די pudica, אויב ניט erotica.

דאָס רוב איז די פּאַראַפראַזע אַ סך לענגער ווי דער העברעאישער אָדער אַראַמישער שפּראַך, אָבער אַמאָל מאַכט זיך, אַז זעליקמאַן באַקומט אַ געשליפענעם עפעקט דערמיט

וואָס ער קאָנדענסירט דעם אָריגינעלן געדאַנק. אַט למשל נעמען מיר דעם מאמר

סובל והשרץ בידו תולה, ואהבה שאינה מלב עולת,
ובלא כוונה תפילה, השטן ימצאם לעלילה

פאַרטייטש איז עס פשוט:

טוקן אן רייאן [חרטה]
ליבן אן טרייאן
בעטין און אן דאכט,
די דריי האט דער שטן דער דאכט.

## IV

## דער יידישער טירייאַק

מיר וועלן דאָ לאָזן זעליקמאַנס „צוכט־שפּיגל" און אַ קוק געבן אויף אַן אַנדער אַנטיקל פון דער האַרוואַרדער זאַמלונג, אַ בוך וואָס הייסט „משלי שלמה — דער יידישער טירייאַק". דער נאָמען פון מחבר איז ניט פאַראַן אויפן שער־בלאַט, נאָר אַז מען לייענט איבער די הקדמה, וואָס איז ווי דער שטייגער פון יענער צייט געשריבן פול מיט פאַרענטפערעכטס, געפינען מיר אויס, אַז דער שרייבער האָט געהייסן זלמן צבי אופהויזן און האָט געלעבט אין 16טן יאָרהונדערט [1].

ווער דער זלמן צבי איז געווען, ד"ה וואָס איז געווען זיין שטאַנד, זיין באַשעפטיקונג, קאָן מען זיך נאָר אָנשטויסן. פון זיינע ידיעות בכלל קאָן מען פאַרשטיין, אַז ער האָט אַ סך געלייענט און האָט געהאַט אַ פראָגרעסיוון קוק אויף דער וועלט. עס ווייזט אויס, אַז ער איז געווען אַ דרוקער, וואָרים אין איין פלאַץ וואו ער ווענדט אָפּ דעם משומד ברענצעס אַ טענה וועגן באַליידיקנדיקע שטעלעס אין מחזורים זאָגט ער: „איך זלמן צבי האָב זעלוורט [אַליין] איינש דש זעלבן דרוקט" (ל"ג ע"א). פונדעסטוועגן אין אַן אַנדער אָרט שרייבט ער „דער זיא [2] אויף דרוקיריי̈א וארשטיס זאָגט מיר עדות".

עס לאָזט זיך גלייבן, אַז ער האָט געהאַט אַ זעלבשטענדיקע, אפשר עקסצענטרישע נאַטור, וואָס האָט אים געבראַכט אין צוזאַמענשטויס מיט זיינע שטאָט־מענטשן, און אַז ער האָט זיך געלאָזן וואַנדערן אַ שטיק צייט.

אויפן ערשטן קוק ווייס מען ניט וואָס דאָס וואָרט „טירייאַק" זאָל באַטייטן, כאָטש די כוונה פון בוך איז קלאָר, דהיינו, אָפּצושלאָגן די טענות און בלבולים וואָס דער משומד שמואל פרידריך ברענץ האָט געבראַכט אַנטקעגן די יידן אין זיין „Jüdischer abgestreifter Schlangenbalg". אופהויזן האָט דערפאַר אַ נאָמען געגעבן זיין בוך „טירייאַק"

1 איך ווייס ניט, פון וואַנען דרינגט ז. רייזענס לעקסיקאָן, ערשטע אויפלאַגע, אַז דער נאָמען דאַרף געשריבן ווערן „אויפהויזן".

2 ס'דאַרף זיין אפנים: „זיך" [רעד'].



מחמת טירייאַק זאָל הייסן אַ קעגנגיפט. [3] טענה פאַר טענה און קאַפּיטל פאַר קאַפּיטל האָט דער מחבר זיך געהאַלטן ביים באַשולדיקונגס־אַקט. פונקט ווי יענער האָט געהאַט זיבן קאַפּיטלען, אַזוי האָט דער אויך זיבן קאַפּיטלען און אַזוי ווי ברענץ שפּרינגט אַרום פון טענה צו טענה אָן אַ סדר און אָן אַ לאַד, אַזוי מוז אים אופהויזן נאָכשפּרינגען כאָטש ניט זייער גערן.

דער האַרוואַרדער עקזעמפּלאַר איז ניט קיין גאַנצער. עס פעלט אין אים דער גאַנצער זיבעטער קאַפּיטל אַחוץ דער ערשטער זייט. וואָס איז נוגע דעם דרוק־יאָר פון דער ערשטער אויסגאַבע, איז זי זיכער דערשינען אין 1615 (זע קאַטאַלאָג באָדלי' ז' 2378), אָבער דאָס בוך איז איבערגעדרוקט גע־

3 ס'נעמט זיך פון גריכיש־לאַטייניש theriacum. ס'באַטייט ווערטלעך: „דאָס חיהשע", דהיינו: דאָס חיהשע קעגנגיפט. לויט גע־אָרגעס, לאַטייניש־דייטש ווערטערבוך, איז דאָס אַ תרופה ספּעציעל קעגן שלאַנגען־גיפט, וועלכע האַלט זיך פון אַלטערטום ביז אין דער נייער צייט אַריין. לויט Brockhaus IV (1923), ז' 367 באַשטייט די קלאַסישע פאָרם פון דער תרופה, צונויפגעשטעלט פון קייסער נעראָנס גריכישן לייבדאָקטאָר, שיר ניט פון 70 פאַרשיידענע באַשטאַנדטיילן, דערין אויך שלאַנגען־פלייש. שפּעטער איז דער צוזאַמענשטעל פאַראיינפאַכט געוואָרן; אין דער ערשטער דייטשער פאַרמאַקאָפּעע פון 1535 פיגורירט Electuarium Theriaca פון 12 באַשטאַנדטיילן. ביי האָוואָרקאַ־קראָנפעלד, Vergleichende Volksmedizin, שטוטגאַרט 1908, I, ז' 413, איז דער באַשטאַנד געגעבן אָנגעוויזן.—נאָך אין דער מה"ד צייט באַווייזט זיך דאָס וואָרט אין דער פאָרם drîakel און ענלעכע, למשל אין „פּאַרציפאַל" (סאַמע אָנהייב 13 י"ה). ס'איז געוואָרן אַ פאָלקסמעדיצינישע מיטל, און ניט נאָר אין דייטשלאַנד, נאָר אויך אין ענגלאַנד (treacle), פראַנקרייך (אַלטפראַנצ' triacle), איטאַליע (triaca), טשעכיע (dryak); זע דוו"ב II 1373: Dreiaker. די אַלע פינף פרעמדשפּראַכיקע ווערטער זיינען פאָלקסעטימאָלאָגיש איבערגעאַנדערשט, מיט אַן אָנצוהערעניש אויף „דריי" (3).

בערך אין דערזעלבער צייט וואָס אופהויזן גיט די ליטעראַרישע פאָרם „טירייאַק", געפינען מיר ביי נתן־נטע האַנאָווער אין „שפה ברורה" (פראָג 1660): „דריאַקס" פאַר אַ טייטשוואָרט פון דעם העברעאיש „צרי". דער „קהלת שלמה", אַמסטערדאַם 1744 דרוקט דאָס איבער: „צרי — טריאַקס".

דאָס וואָרט איז פאַראַן אין אונזער פאָלקסשפּראַך נאָך היינט, אָבער אין דער פּאָלאָניזירטער פאָרם „טראַיאַנקע". ח. לונסקי, ווילנע, גיט פאַר דעם וואָרט אַזאַ דערקלערונג: „ס'איז אַ באָבסקע רפואה. אַז אַ קימפּעטאָרין (אָדער אַ שטאַרקער חולה) שטייט אויף פון בעט, מאַכט מען אים אַ טראַיאַנקע: אַ געמיש פון שפּירעט, קאַקטוס און האָניק — אַ מין פעטע פליסיקייט — צו שטאַרקן דעם חולה". דאָס וואָרט איז דורך ביאַליקן אַריינגעבראַכט געוואָרן אויך אין העברעאיש — ליידער איז מיר איצטער אוממיגלעך אָפּצוזוכן דעם אָרט אין ביאַליקס שירים, וואו איך האָב דאָס וואָרט געזען.

קאַרלאָוויטש, Słownik gwar polskich V 421 טייטשט אויס trojanka אַזוי: „אַ באָבסקע רפואה וואָס ווערט געגעבן קימפּעטאָרינס פאַר אַ לאַבונג, מאַנסבילן ביי אַ ווינקלבראָך. ער באַשטייט פון: בראָנפן, האָניק, וואָרצלען פון די זיבן מינים, דהיינו: אינגבער ווייסער און געלער, פעפער פּשוטער און לאַנגער, ענגליש־געווירץ, גאַלאַגאַנט־וואָרצל, קאַרדעמאָן אאז"וו. דאָס אַלץ ווערט אַריינגעטאָן אין אַ טעפּל, פאַרשפּונטעוועט און פאַרקלעפּט מיט טייג און ווערט געהאַלטן אין אַ הייסן אויוון ביז וואַנען עס מישט זיך צונויף". [מ. וו.]

וואָרן אין 1680, אין אַלטאָרף. אויפן פּאָדער-בלאַט האָט טאַקע עמעצער אויפגעשריבן 1680 אַלטאָרף, נאָר פון וואַ-נען דער אויפשרייבער האָט געשעפּט די ידיעה ווייס איך ניט. ביי מיר איז רעכט — מחמת אויפן שער-בלאַט קאָן מען נאָך איבערלייענען די האַלב-אָפּגעריבענע ווערטער „חמשת אלפים שלמה" [1] — אַז דאָס איז די אָריגינעלע ערשטע אויסגאַבע וואָס איז געווען געדרוקט מיט איבער 300 יאָר צוריק אין האַנוי. לויט שטיינשניידערן איז די אויסגאַבע פון די גאָר גרויסע זעלטנהייטן—„editio rarissima".

אופהויזן באַצייט זיך אויך אויף נאָך אַ בוך זיינס וואָס הייסט „ספר הנוצרים", וואו זיין אָפּשלאָג זאָל זיין ברייטער און מער דאָקומענטירט. [2]

שטיינשניידער ברענגט אויך ווייטערדיקע אויסגאַבעס פון דעם ספר: די שוין דערמאָנטע אַלטאָרפער פון 1680, געדרוקט אין דער דאָרטיקער אוניווערסיטעטישער ביבליאָטעק (אַלזאָ דורך קריסטן) [3]; אַ לאַטייניש איבערזעצונג פון יאָהאַן וואולפער (Wulferus), 1681; אַ צוריק-איבערזעצונג פון אליעזר זוסמאַן בן יצחק רעדלסהיים מיט אַ צוגאָב א"ב „ספר הנצחון", 1737.

די „דזשואיש ענסייקלאָפּידיאַ" גיט ניט קיין נאָטיץ וועגן אופהויזן, נאָר אונטער ברענץ ווערט דערמאָנט, אַז Aufhausen האָט געלאָזן דרוקן זיין בוך אין דייטש און אין העברעאיש [4].

דער מחבר דערקלערט אונז, אַז דעם מומרס (ברענצס) שקרים האָבן אים אַזוי דערעסן, אַז ער האָט געמוזט אויף זיך נעמען די אַחריות אים אָפּצוענטפערן, וויסנדיק צו דער

1 „שלמה" ווייזט ש"ש אן אלס יאָרצאָל פון אָט דער ערשטער אויסגאַבע.

2 שטיינשניידער האָט אויפגעקלערט אין זיין קאַטאַלאָג, אַז ס'איז ניט קיין באַזונדער ספר, נאָר דער זעלבער „טירייאַק", געשריבן, פון די קריסטנס וועגן, מיט לאַטיינישע אותיות. ש"ש ציטירט אין טראַנסקריפּציע: „nun hab ich das ספר in גלחות drucken lassen, auf Begehren vieler ehrlichen hohes und niedriges Standes der Christen; auf der Juden טובה und Begehren "hab ich auch auf deutsch in יהדות אותיות drucken lassen

3 אין אַלטאָרף ביי נירנבערג איז געווען פּראָפעסאָר דער באַוואוסטער וואַגנזייל. [מ. וו.]

4 Jewish Encyclopedia III, 370: „For the use of. Christians as well as Jews he had it printed in German and in Hebrew."
די „דזשואיש ענסייקלאָפּידיאַ" האָט דאָ אָנגעמאַכט אַ פיינעם פּלאָנטער — אַלץ צוליב ניט פּאָרזיכטיק באַנוצן שטיינשניידערן. דאָס וואָס דער שרייבער ווייס ניט, אַז דער ספר איז געשריבן אין יידיש-טייטש, האָט ער צו פאַרדאַנקען דעם מייסטער פון ביבליאָגראַפיע אַליין, וואָס האָט מער ניט ווי די באַצייכענונג „Germ.". וואָס עס איז שייך צום העברעאישן טעקסט, איז אַזאַ טאַקע פאַראַן, אָבער ניט געדרוקט, נאָר געשריבן; דער מאַנוסקריפּט ווערט אויפגעהיט, לויט ש"שן, אין ליידן, האָלאַנד, און ער טראָגט דעם נאָמען „צרי היהודים" — ניט „היהודים", ווי עס שטייט אין דער JE.

זעלבער צייט וואָס פאַר אַ ריזיקע אַרבעט ער נעמט זיך אונטער. ער האָט פונדעסטוועגן דאָך זיך צונויפגעשריבן מיט „כל חכמי ישראל דק"ק אשכנז ופראג", און אַזוי גיך ווי ער האָט באַקומען אַ שטיקל דערמוטיקונג,

„האב איך ווייב אונ' קינד אין ווינד גשלאגן, אונ' דיש טראַקטאַט אונ' בוך זא ויל [= פיל] מיר מויגליך גיוועזן בשריבן".

אופהויזן האַלט זיך ניט פאַר קיין מר בר רב אשי און האַלט עס אדרבא פאַר אַ מעלה, וואָס ניט קיין גדול בישראל האָט זיך אַזאַ אויפגאַב גענומען, ווארים ממה נפשך, איז דאָס ספרל אַ געראָטענע זאַך, וועט מען קאָנען זאָגן, מה דאָך אַזאַ קנאַפער למדן קאָן בייקומען דעם מומר, טאָ מכל שכן אַ גרויסער בקי. אלא וועט זיך דער „טירייאַק" ניט איינגעבן, וועט דער דורכפאַל ניט זיין אַזוי בולט.

אין דער אמתן איז דער „יידישער טירייאַק" געשריבן מיט אַ לאַגיש-יוריסטישן מוח. דער סטיל איז אַ לעבעדי-קער און די שפּראַך אַ רייכע (אָבער כמעט אַ ריין דייטשע). עס איז קענטיק, אַז אופהויזן האָט געהאַט מער איניציאַטיווע ווי די מערסטע פון זיינע דור-חברים אין דער געטאָ, און עס איז גרינג צו פאַרשטיין, אַז צו זיין אַ מליץ יושר אויף יידן האָט אים געקאָסט ניט נאָר געלט, נאָר אויך געזונט, און ניט נאָר האָט ער אַליין געליטן נויט, נייערט זיין ווייב און זעקס קינדער האָט ער געלאָזן „ערום ועריה".

„איך האב ווידר מי ערבייט געלט אודר באפייאר [= פּאַפּיר] שפּארן וועלן". חוץ דעם, ווייזט אויס, האָט ער נאָך געמוזט זיין נע-ונד, וואָרים אויף איין פּלאַץ רעדט ער זיך אויס דאָס האַרץ אויף די יידן וואָס האָבן אים גערודפט:

„ווייל אבר אך דורך מיין לייד אונ' און גליק בעו"ה אין ורמדי [= פרעמדע] לאנד ואר וילן [= פאַר פילן] יארן ציהן מושן [= מוזן], דוריין מיך ביזי יודן, נוך דעם זיא מיר דש מייניג גינומן, ורייאגט האבן, אונ' וואל וואש מיט מיינס יאמר אונ' שאדן ביזעהן אונ' גילערנט, אוך אין לשונות הכתב הנוצרות" אאז"וו.

עס איז אינטערעסאַנט, וואָס אופהויזן איז פאַר יענער צייט געווען מער קאָסמאָפּאָליט ווי מיר קאָנען זיך עס פאָרשטעלן. לאָמיר זאָגן, ער איז געבוירן געוואָרן אַרום 1560, דאָס הייסט מיט קאַרגע פיר הונדערט יאָר צוריק, ווען דאָס יידנטום איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַן אייזער-נער וואַנט. פונדעסטוועגן האָט אופהויזן באַוויזן צו שטודירן דעם נייעם טעסטאַמענט, וואָס ער ציטירט אין משך פון זיין אָפּשלאָג, און אַפּנים אויך פרעמדע שפּראַכן, וואָרים ער באַנוצט זיך כסדר מיט ווערטער וואָס האָבן אַ לאַטיינישן אָדער גריכישן וואָרצל.

אַזעלכע ווערטער ווי „פוריגאַציון", „קונפרמירט", „פורגירן", „עקליסיאַשטיקוס" [קהלת], „עקסעמפּל" אָדער פּראַזן ווי „צו איינה דיפענזיון" [פאַרטיידיקונג], „דיפענ-סיונאַל שריפט" „פור אין ריין" „לעדיג אונ' רילאַקסירט"

„ריגישטרירט 1 בײַגעגענען זיך געגוג אָפּט. אין פערטן קאַפּיטל (כב, ע״ב) געפינען מיר דאָס וואָרט „יושטיצייא״ („איין שררה דיא יושטיצייא הלט״).

אין דעם זעלביקן קאַפּיטל (כד׳ ע״א) קומען מיר צו אַזאַ זאַץ, אויף וועלכן עס לוינט זיך אָפּצושטעלן צוליב דער שפּראַך. „ווייטר שרייבט מומר דיא יודן געבן קיינם קריסטן קיין אלמוזען [צדקה], זיא דאנקן אימי מיט ואלשן [=פאַלשן] ווארטן אב, אלש העלף דיר לוט, אונ׳ דער גלייכן, געבן זי אבר דעם קריסטן עפיש, זא טון זיא עש אויף רוס, דא מיט זיא גילובט ווערדן...״ (די טשיקאַווע אויסדרוקן האָב איך אונטערשטראָכן).

אין זעקסטן קאַפּיטל וויל איך נאָך ציטירן אָט וואָס: „אונ׳ היטש דער גימיין פיפל ניט ורשטין קענן״.

די שפּראַך איז ביי אופהויזן פאַרביקער ווי ביי זעליקמאַן אולמאַ, און הגם ער לאָזט אונז הערן, אַז דאָס פאָלקסטימלעכע איז ביי אים ניט קיין יחוס: „אונ׳ ניט אלר דינגש דעם גימיינן זונדר הוך דייטש גשריבן״ געפינט מען ביי אים מער אידיאָמען און בילדלעכע אויסדרוקן ווי ביי זעליקמאַנען. אָט למשל שוין די פראַזע: „מיר איז זולכש פון ניט גירינגן פרשונן אונטר דיא נאז גיוועהט ווארדן״ אָדער דער ווייטערער אויסדרוק: „ווערדן אך [אויך] זייני ליגן אין בוזאם גשטוסין״ אָדער „לוזי פעגיל [=לייזע פייגל״]; „האָבן מיר דיך [=דעםמשומד ברענגען] דש יוך אליין אוף דען האלז גילאדן״ באַווייזט שוין אַ פּובליציסטישן אָדער אין שרייבן, בעת זעליקמאַן רעדט אויפן סקאַרבאָוון דידאַקטישן נוסח.

ברענצס איבערבייטן זיין נאָמען פון שמואל אויף סמואל [=סאַמועל] פרידריך גיט אופּהויזענען די מיגלעכקייט אָנצווענדן אויף אים דעם מאמר כשמו כן הוא. זלמן צבי איז צופרידן פון דעם אויפטו. „איך הייס [רוף] אין אך [אויך] סמאל״, זאָגט דער יידישער מליץ יושר, זיך פאַררופנדיק אויף דעם מלאך וואָס שפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין יידישן פאָלקלאָר.

פאַרשטייט זיך, אַז איך בין ניט אויסן זיך אַריינצולאָזן דאָ אין אַ קריטישן אַנאַליז פון די צוויי פּראָדוקטן פון 17טן יאָרהונדערט. סיי די שפּראַך, סיי דער תּוכן פון אַזעלכע ביכער דאַרפן אויסגעפאָרשט ווערן בפרוטרוט[2].

לאָמיר האָפן, אַז עס וועט נאָך קומען אַ צייט, ווען עמעצער וועט אָנשרייבן אַ דאָקטאָר־דיסערטאַציע אויף זעליקמאַנס „צוכטשפיגל״ אָדער אופהויזנס „יידישער טירייאַק״.

1 „דען דער תלמוד איז מיט מסומן אינ׳ ריגישטרירט, אונ׳ אויף אוניפערשידעטי [=אוניווערזיטעטן] ווערדן זיא שטודירט״. (ערשטער קאַפּיטל, ח, ע״ב).

2 גרינבוים גיט אָפּ אַ גאַנץ קאַפּיטל דעם „טירייאַק״, אָבער אים ליגט אין זינען מער די פּאָלעמישע זייט פון ביכל, איידער די פילאָלאָגישע אָדער די היסטאָריש־קריטישע.

*

נאָכשריפט. זינט איך האָב אָנגעשריבן דעם אַרטיקל פאַר די „שריפטן״ האָט די האַרוואַרדער ביבליאָטעק אַריינבאַקומען אַ זאַמלונג פון 400 ביכער, וואָס האָבן געהערט צו משה אַלבערטס, אַ באָסטאָנער משכּיל, וועלכער האָט זיך געגריבלט אין סעמיטישע שפּראַכן און אָפּגעדרוקט אַ גאַנץ נישקשהדיקע אַרבעט וועגן די בלעז־ווערטער אין רש״י. פון די 400 ביכער, צום גרעסטן טייל אין העבראַיש, האָב איך אָפּגעקליבן אַ וואָסערע 25 אין לאַדינאָ און 30 אין יידיש, ד״ה אַזעלכע, וואָס האָבן אַ פּירוש אויף עברי־טייטש, אָדער ביכער וועגן יידיש, ווי גרינבוימס כרעסטאָמאַטיע אדג״ל.

דאָ האָב איך אָבער אויך געפונען דעם זייער זעלטענעם גלאָסאַר אויף נביאים און כתובים, וואָס הייסט „לקח טוב״ און וואָס משה שערטלין (שערטלס, שערטילס) איז זיין מחבר. געענדיקט האָט ער דאָס בוך אין 1604, ווי אַ השלמה פון זיין פריערדיקן ספר „באר משה״, וואָס האָט אַרומגענומען דעם חומש און די מגילות. נאָר בעת דער באר משה האָט געהאַט עטלעכע אויפלאַגעס, איז דער „לקח טוב״ געדרוקט געוואָרן בלויז איין מאָל.

שטיינשניידער, באָדלעיאַנאַ־קאַטאַלאָג, מערקט אָן, אַז דאָס בוך איז אַן editio unica rara, אָבער ער גיט אייגנטלעך קיין שום פּרטים וועגן אים. גרינבוים רעדט פאַרבייגייענדיק וועגן דעם דאָזיקן חיבור אין דעם קאַפּיטל איבער „פאָררעדעס צו באַזונדערע ביכער״. אין רייזענס „לעקסיקאָן״, ערשטע אויסגאַבע, איז פאַראַן אַ נאָטיץ איבערן מחבר אונטערן נאָמען „שערטילש״, אָבער נאָך אַלע מען אין ווינציק געזאָגט געוואָרן וועגן דעם דאָזיקן פּירוש.

ווי דער שטייגער אין יענער צייט, איז די הקדמה אַ לאַנגע און געשריבן אין גראַמען. ניט קוקנדיק אויף דעם קרעמערשן טאָן פון די הקדמות, קאָנען מיר דאָך אָפּטער אַרויסבאַקומען אַ פּאָר וויכטיקע פאַקטן פון זיי, באַזונדערס ווען דאָס שער־בלאַט איז אויסגעריסן. עס טרעפט אָבער אויך, אַז די פאַקטן קומען אַרויס ניט קלאָר, ווי מיר זעען עס טאַקע אין שערטליינס הקדמה גופא, וואו עס שרייבט זיך, אַז ער, „משה בן לאא״מ יששכר הלוי ז״ל הנקרא בפי כל משה שערטן גיננט ביקומן דאש שין ספר פון איינים גדול אין מיין הנט, אונ׳ זיך טון ווייטר זער דאריבר בימיהן, אונ׳ שיני פשטים אויז דען מפרשים טון דר צו ציהן״, אאַז״וו. צי מיינט דער מחבר, אַז די פשטים האָט ער גענאַשט פון אַנדערע, אָדער וויל ער צושרייבן דעם ספר צו אַן אַנדערן, כּדי דער אומבאַקאַנטער אויטאָריטעט זאָל צוציען? על כל פּנים עס איז ניט גרינג זיך פונאַנדערצוקלייבן אין תּמצית פון דער הקדמה, וואָס איז געחתמעט צום סוף מיט טינט.

דער לקח טוב איז אייגנטלעך מער ווי אַ גלאָסאַר, וואָרים ערשטנס ווערן פאַרטייטשט אויף יידיש אַפילו גרינגע ווערטער, און צווייטנס איז ביי אַ סך פראַזן פאַראַן אַן אויסרייד; למשל אין איוב, צו די ווערטער כי תאמרו, האָבן מיר אַזאַ מין פאַראַפראַזע: „ווילייכט איר מיכט גידענקן כלומר איר מיכט מיר דוך דיא טובה טון דז איר מיכט גידענקן ווארום זולן מיר אים נוך יאגן" (קאַפּ' ב).

חוץ דעם איז אויף יעדן בלעטל פאַראַן אַ באַזונדער פירוש אין העברעאיש, וואָס נעמט אַריין דרוש און פשט און פאַררופט זיך אויף דער גמרא און די מדרשים

---

# דאָס ליד פון דער מאָביליזאַציע

פון פּראָפעסאָר ד״ר וואַלטער אַנדערסאָן (דערפּעט)

דאָס פאָלקסליד וואָס איך גיב דאָ אונטן איז פון היסטאָרישן שטאַנדפונקט זייער אינטערעסאַנט: ס׳גיט אונז איבער אַ בילד פון דער שרעק און פאַרצווייפלונג, וואָס האָט אַרומגענומען די רואיקע יידישע באַפעלקערונג (און ניט נאָר די יידישע!) אין רוסלאַנד, בעת עס איז אויסגערופן געוואָרן די אַלגעמיינע מאָביליזאַציע אין 1914. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס דאָס פאָלקסליד דערמאָנט די מאָביליזאַציע און דעם בלוטיקן פּאָזיציע־קאַמף, נאָר ער פאַרשוויגט אינגאַנצן די דייטשע מלחמה־דערקלערונג. פאַרן פאָלקסבאַוואוסטזיין איז די מאָביליזאַציע געווען גלייכצייטיק דער אויסבראָך פון דער מלחמה.

דער טעקסט וואָס איך גיב דאָ איבער שטיצט זיך אויף אַכט פאַרצייכענונגען פון אונזער פאָלקסליד, וואָס געפינען זיך אין מיין זאַמלונג פון יידישן פאָלקלאָר. די דאָזיקע מאַטעריאַלן זיינען צונויפגעזאַמלט געוואָרן פאַר מיר אין די יאָרן 1918—1920 אין מינסק (ווייסרוסלאַנד) כמעט אויסשליסלעך פון יידישע שילערינס און שילער. אינגאַנצן פאַרמאָגט מיין יידישע זאַמלונג 453 מאַנוסקריפּטן אויף 1332 זייטן.

דעם גענויערן היימאָרט פון אונזער ליד קען איך נישט באַשטימען. פון מיינע אַכט פאַרצייכענונגען שטאַמען 7 פון מינסק און נאָר 1 פון ראַקאָוו. ראַקאָוו ליגט אָבער זייער נאָענט פון מינסק (היינט איז דאָס אַ שטעטל אין פוילן, 4 קילאָמעטער פון סאָוועטישן גרענעץ).

גענויער אַ ביסל לאָזט זיך באַשטימען די אויפקום־צייט פונעם ליד: ס׳איז געשאַפן געוואָרן ניט נאָר נאָכן אויסבראָך פון דער מלחמה, אָבער אויך נאָך די ערשטע גרויסע קאַמפן (דער מחבר זעט אויס צו זיין אונטערן איינדרוק פון די אָנסופיקע טראַנספּאָרטן פון פאַרוואונדעטע, וואָס איך האָב אַליין געזען יענע צייט אין מינסק); אויך דער פּאָזיציע־קאַמף האָט זיך געמוזט שוין אָנהייבן: דער העלד ווערט ניט פאַרוואונדעט אין שטורעם־קאַמף, נאָר אין „אַקאָפּעס" פון אַ „סנאַראַד" אָדער פון אַ קויל. מען דאַרף אָבער אויך ניט אָפּרוקן די אויפקום־צייט פונעם ליד צו ווייט, ווייל דער איינדרוק פונעם אויסבראָך פון דער מלחמה איז נאָך פריש אין דעם זינגערס באַוואוסטזיין. אויף קיין פאַל אָבער האָט דאָס ליד ניט געקענט אַנטשטיין נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע 1917: די לעצטע וואָלט געמוזט איבערלאָזן וואָסערע ניט איז שפּורן אי׳ן טעקסט. די פאַרצייכנערין פונעם וואַריאַנט E האָט מיואַגב דערציילט, אַז זי האָט שוין אין 1916 געהערט זינגען דאָס ליד; אמת, אַזעלכע כראָנאָלאָגישע זכרונות זיינען ליידער געוויינלעך זייער ניט קיין זיכערע. ביי מיר קומט אויס, אַז דאָס ליד איז אַנטשטאַנען גיכער ווי אַלץ סוף 1914 אָדער אין 1915.

פון אַ געדרוקטן טעקסט קען אונזער ליד ניט אַרויסקומען, ווייל ניט די רוסישע מלחמה־צענזור, ניט די צענזור פון אַ וועלכער ס׳איז אַנדערער מלחמה־פירנדיקער מלוכה וואָלט ערלויבט אָפּצודרוקן אַזאַ „אומפּאַטריאָטיש" ליד.

פון די 8 פאַרשרייבערס ערקלערן 4 (GFDB), אַז זיי האָבן דאָס ליד געהערט פון אַ בעטלער אָדער פון אַ בעטלערקע. מסתמא איז אַ בעטלער אויך דער מחבר פונעם ליד. פאַר דער השערה ריידן: די לענג פונעם ליד, דער אין אַ געוויסער מאָס עפּישער כאַראַקטער און די קייטלדיקע פאַרבינדונג פון די סטראָפעס.

איך באַדויער איצט, וואָס איך האָב מיך אין מינסק ניט געווענדט נאָכן טעקסט דירעקט צו בעטלער אָדער בעטלערקעס: איך וואָלט דאַן זיכער באַקומען מער פולשטענדיקע און בעסערע טעקסטן, איידער די וואָס ס׳האָבן מיר איבערגעגעבן די שילער פון זייער זיכרון.

ס׳וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז מיט אָפּדרוקן איינעם אָדער צוויי גוטע וואַריאַנטן ווערט אַ פאָלקסליד שוין פולשטענדיק פאַרעפנטלעכט: יעדער זינגער, אַפילו דער בעסטער, ערלויבט זיך (באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק) יעדעס מאָל אָדער נאָר אין איינצלנע פאַלן צו מאַכן אַ סך קליינע שינויים לגבי דער נאָרמאַלער פאָרם; דאָס לאָזט זיך זייער גרינג פעסטשטעלן לויט די איבעריקע וואַריאַנטן. אַ גוטער וואַריאַנט קען אַמאָל זיין זייער נאָענט צו דער נאָרמאַלער פאָרם פון אַ ליד, ער פאַלט אָבער כמעט קיינמאָל מיט איר פולשטענדיק ניט צונויף. ביי דער רעקאָנסטרוקציע פון דער נאָרמאַלער פאָרם מוז מען נעמען אין אַכט אַלע ביזאַהער פאַרשריבענע וואַריאַנטן — אַפילו די ערגסטע און פראַגמענטאַריש (ווייל אין דעם צי אין יענעם פונקט קענען זיי זיין נעענטער צו דער נאָרמאַלער פאָרם איידער די אין אַלגעמיין בעסערע און מער פולשטענדיקע וואַריאַנטן). — אָפּט ווייזט זיך

אַרויס, אַז די איינצלנע וואַריאַנטן רעפּרעזענטירן נישט איינע, נאָר עטלעכע נאָרמאַלע פאָרמען, וואָס יעטווידערע פון זיי האָט געוויינלעך איר באַשטימטן פאַרשפּרייטונגס־ראַיאָן [„לאָקאַלע רעדאַקציעס"]; דעמאָלט דאַרף מען פעסטשטעלן דאָס קעגנזייטיקע גענעטישע שייכות פון די פאַרשיידענע נאָרמאַלע פאָרמען און אַזױערנאָך אַרויסבאַקומען די אורפאָרם.

צו דער רעקאָנסטרוקציע פון דער נאָרמאַלער פאָרם טאָר מען אָבער צוטרעטן ערשט דעמאָלט, ווען מען האָט צונויפגענומען אַלע ביזאַהער פאַרשריבענע וואַריאַנטן, און וואָס מער איז בעסער. ביז דאַן איז דאָס גלייכסטע אָפּצודרוקן אַלע וואַריאַנטן, איינס נאָכן אַנדערן, פולשטענדיק; טאָמער קען מען זיך דאָס ניט פאַרגינען און מען פאַרמאָגט אַ באַזונדערס גוטן וואַריאַנט, קען מען אים אָפּדרוקן אינגאַנצן און פון די איבעריקע וואַריאַנטן פאַרצייכענען אַלע אָפּווייכונגען, טאַקע אַלע, אָן אויסנאַם. אויב די וואַריאַנטן זיינען זייער נאָענט איינס צום אַנדערן און זיי זיינען פאַראַן אין אַ היפּשער צאָל, קען מען רעקאָנסטרואירן אַ פּראָוויזאָרישן נאָרמאַלן טעקסט און ברענגען גענוי אַלע אָפּווייכונגען אין די איינצלנע וואַריאַנטן. אָט די דאָזיקע דריטע מעטאָדע האָב איך אויסגעקליבן אין דער איצטיקער אַרבעט.

דער טעקסט וואָס איך דרוק אים דאָ אָפּ איז אַזױערנאָך דער פּראָוויזאָרישער נאָרמאַלער טעקסט פונעם ליד. ווען איך זאָל באַקומען נאָך אַ דריי אָדער פיר אַנדערע וואַריאַנטן, וואָלט איך אים געוויס געמוזט פאַרריכטן אין פאַרשיידענע ערטער. דאָך איז מיין טעקסט זייער נאָענט צו דער אמתער נאָרמאַלער פאָרם פונעם ליד — פיל נעענטער ווי די אָן ספק בעסטע פאַרצייכענונג B (וואָס אין איר פעלט די וויכטיקע צווייטע סטראָפע, און אַ סך פערזן זיינען מוטווילּיק איבערגעאַנדערשט). די איינצלנע סטראָפעס פון מיין נאָרמאַלן טעקסט זיינען צווישן זיך גוט פאַרקייטלט: דער „געוויין" אין דער I סטראָפע, די טענה צו גאָט (II), דאָס באַקלאָגן דעם זעלנערס אָרעמע עלטערן (III), דאָס אַוועקשיקן די רעזערוויסטן אויפן פראָנט (III,II), זייער אָנקומען אויפן וואָקזאַל (IV), אין וואַגאָן (V) און אויף דער פּאָזיציע (VI) גייען לאָגיש איינס נאָך דעם אַנדערן; און די סטראָפעס VI ביז XII זיינען צווישן זיך אַזוי באַהאָפטן און פאַרקייטלט דורך איבערחזרן כאַראַקטעריסטישע ווערטער, פערזן אאַז"וו, אַז ס'איז נישט מעגלעך ס'זאָל דאָ צווישן זיי עפּעס זיין אַרויסגעפאַלן.

דער מאַטעריאַל וואָס איך פאַרמאָג איז אויף אַזאַ אופן גאַנץ גענוג אויף צונויפצושטעלן אַ באַפרידיקנדיקן פּראָוויזאָרישן נאָרמאַלן טעקסט; און פאָרט זיינען דאָ פאַרבליבן אַ פּאָר קשיות. ס'איז צב"ש ניט אויסגעשלאָסן, אַז אין נאָרמאַלן טעקסט זאָל די סטראָפע III גיין פאַר דער סטראָפע II (פאַרגלייך EC); ווייטער איז דער מאַטעריאַל פאַר דער סטראָפע V—VII אַזוי קאַרג, אַז איך האָב זיך דאָ בכלל ניט דערוועגט גאָרניט צו רעקאָנסטרואירן, און כ'האָב זיך באַנוגנט מיט אָפּדרוקן „די־פּלאָמאַטיש גענוי" (ד"ה מיט אַלע גרייזן) אַלע וואַריאַנטן. די V סטראָפע איז פאַראַן בלויז אין איין איינציקער פאַרצייכענונג, דהיינו אין B (דעם פערטן פערז פון דער דאָזיקער סטראָפע באַגעגנט מען אויך אין E, אָבער דאָרט האָט ער פאַרבלאָנדזשעט אין דער ווייטערדיקער סטראָפע אַריין); אויך די VII סטראָפע באַגעגנט מען נאָר אין B (ווייל כאָטש די צוויי פערזן אין F דערפילן די זעלביקע פונקציע, זיינען זיי אָבער נאָר אַ דובלעט צום סוף פון דער קומענדיקער סטראָפע). די סטראָפע VI איז פאַראַן אין גאַנצע פיר וואַריאַנטן, נאָר זיי רעפּרעזענטירן אָבער צוויי פאַרשיידענע רעדאַקציעס: אין דער ערשטער (דער עלטערער? EB) ווערט דער העלד געטראָפן פון אַ „סנאַראַד" (גראַמען צושטעלט: פעלד), אין דער צווייטער (FA) פון דער „ערשטער קויל" (גראַמען שטיין: שטיין). ס'קען געמאָלט זיין, אַז די וואַריאַנטן פון דער צווייטער רעדאַקציע האָבן שוין פון אָנהייב ניט פאַרמאָגט די סטראָפעס V און VII.

די אָרטאָגראַפיע פונעם פּראָוויזאָרישן נאָרמאַלן טעקסט האָב איך ווי מיגלעך פאָרזיכטיק נאָרמאַליזירט, דאָס אייגענע יענע נוסחאָות אין די הערות (אין דעם „קריטישן אַפּאַראַט"), וואָס זיינען פאַרצייכנט צו עטלעכע מאָל; יענע נוסחאות וואָס זיינען פאַראַן בלויז אין איין מאַנוסקריפּט, דרוק איך אָפּ דיפּלאָמאַטיש גענוי, אַפילו ווען אָנשטאָט „גרויס" איז געשריבן גרעיס אָדער ווען וואָרט־אויס־שטייט־נ אָנשטאָט־ן.

ווען אַ וואָרט פון אַ וואַריאַנט שיידט זיך אונטער פון דעם פּראָוויזאָרישן נאָרמאַלן טעקסט בלויז מיט דער אויסשפּראַך אָדער מיטן אויסלייג, ווייז איך ניט אָן ספּעציעל אויף דער דאָזיקער אָפּווייכונג.

## רשימה פון די וואַריאַנטן

A— מאַנוסקריפּט 118, זייט 389. פאַרשריבן: Юдася Фридман. באַקומען: די ערשטע דריי סטראָפעס דעם 16. XII. 1919, די לעצטע פיר דעם 12. III. 1920. געהערט אין מינסק אַן ערך 1917.—סטראָפעס: I — IV, VI, VIII, IX.

B — מאַנ' 355, ז' 1019—1020. פאַרשריבן: Ф. Гиль-динер. באַקומען: דעם 8. III. 1920. געהערט אין מינסק פון אַ בעטלערקע 1918. — סטראָפעס: I, III — XII (די צווייטע העלפט פון IV איז צוגעגעבן שפּעטער אין לאַטייניש אותיות).

C—מאַנ' 361, ז' 1035 — 1036. פאַרשריבן: Лея Заполь. באַקומען: דעם 10. III. 1920. געהערט אין מינסק. סטראָפעס: I, III, IX 4,3 + XI 2,1, II (דיביידע לעצטע סטראָפעס זיינען תחילת געשטאַנען אין אַ פאַרקערטן סדר).

D—מאַנ׳ 363, ז׳ 1039. פאַרשריבן: Фаня Пинчук. באַקומען: דעם 12. III. 1920. געהערט אין מינסק פון אַ בעטלער אַן ערך 1917. סטראָפעס: I — III (מיט רוסישע אותיות).

E—מאַנ׳ 368, ז׳ 1049 — 1050. פאַרשריבן: Сима Эйдельман. באַקומען: דעם 16. III. 1920. געהערט אין מינסק אַן ערך 1916. סטראָפעס: I, III, II, IV, VI, VIII—XII.

F—מאַנ׳ 372, ז׳ 1063 — 1064. פאַרשריבן: Моисей Гехт. באַקומען: דעם 18. III. 1920. געהערט אין מינסק פון אַ בעטלער 1919. סטראָפעס I, III, VI, VII 3, 4, VIII—XII.

G—מאַנ׳ 385, ז׳ 1092. פאַרשריבן: Фаня Рабун-ская. באַקומען: דעם 29. III. 1920. געהערט אין מינסק פון אַ בעטלער אַן ערך 1918. — נאָר די מעלאָדיע און דער ערשטער פערז פון סטראָפע I (מיט לאַטייניסע אותיות, דאָס לעצטע וואָרט מיט רוסישע).

H—מאַנ׳ 362, ז׳ 1037 — 1038. פאַרשריבן: Фая Качанович. באַקומען: דעם 10. III. 1920. געהערט אין ראַקאָוו אַן ערך 1917. — סטראָפעס: I, III, IV, VIII 4, 1, 2, IX 3, 4, XII (די פאַרשרייבערין אַליין ווייזט אָן אין אַ באַמערקונג, אַז ניט אַלץ געדענקט זי שוין).

## מעלאָדיע

(לויט דעם מאַנוסקריפּט G)



I

דעם ערשטן טאָג פון דער מאָביליזאַציע
איז געוואָרן אַ יאָמער, אַ געוויין;
דעם צווייטן טאָג פון דער מאָביליזאַציע
זיינען אַלע נעשעפּטן געבליבן שטיין.

I: A I, B I, C I, D I, E I, F I, G I (נאָר פערז 1), H I.—1 דעם ערשטן HFEDCB, דער ערשטער GA— מאָבליזאַצע ED, מאָביליזאַציע HFA, מאָביליזאַצע CB, ...мобили G — 2 איז געוואָרן HFEA, איז געווען DC, עס איז [!] געוועזן B — א יאָמער אַ געוויין A, אַ יאָמער מיט אַ גרעיס גיוועין C, אַ גרויס געוויין HFDB, אַ קלאָג און אַ געשרייא E — 3 דעם צווייטן FEB, דער צווייטער A, דעם אנדער HC, Дем андерн D — מאָבליזאַצע ED, מאָבליזאַציע HFA, מאָביליזאַצע CB — 4 זיינען אַלע געשעפּטן HDA, איז אַלע גישעפּטן C, זיינען געבליבען די־א געשעפּטען F, זיינען אלע פאַבריקן E, אַלע פאַבריקן זאַיינען B.

II

אוי דו גאָט, דו גאָט אין הימל,
וואָס האָסטע אָנגעשיקט אַזאַ מין שטראָף:
די קלייבסט צונויף אַ וועלט מיט מענטשן
און טרייבסט זיי אַוועקעט גלייך ווי שאָף!

II: A II, C IV, D II, E III. — 1 אי דוא גאָט דוא גאָט אין C, אוי דוא גאָט, דוא גאָט פון E, Гот ин, Ой вый Гот D, אוי גאָט דו ליבער און גאָט דו ויסער A — 2 אָנגעשיקט DA, אראָפּ [!] געשיקט E, אנגיטאַכט C — מין שטראָף DA, גרייס געשטראָף E, פאַרבראַך C — 3 דו קלייבסט EA, מיא כלייב—ט C, ду немст D — אַ וועלט מיט EDC, אַלע יונגע A — 4 טרייבסט זיי A, דוא טרייבסט זייא E, шикст D, מיא שיכט C — אַוועכעט גלייך וויא C, גלייך וויא E, אוועקעט ווי די A, авек а зойви D.

III

אוי ווײ דעם טאַטן און ווײ דער מאַמען,
וואָס האָבן אַ זון אַ זאַפּאַסנאָי:
מי טוט עם אָן די סאַלדאַטסקע קליידער
און מי שיקט עם אַוועקעט גלייך אין באָי.

III: A III, B II, C II, D III, E II, F II, H II.—1 אוי ווײ FECBA, ווײ HD — דעם טאַטן HFEA, цум татн D, דעמ [!] פאַטער B, דער מאַמען C — און ווײ HBA, אוי ווײ FE, ווײ DC — דער מאַמען HFEA, цу дер мамен D, דער מוטער B, דעם טאַטון! C — 2 וואָס האָבן HB, וואָס האָט DA, אַז זייא האַבון E, וועגן[!] עס האָט F, מען האָט C — אַ זון HFEDCA, איין זון B — 3 מי DCBA, מען HFE — אָן די FEBA, אַן אין H, он ин ди D, אַנעט C — קליידער HFDCBA, זאכון C — 4 מי DBA, מען HEC, מע F — אים אוועקעט גלייך A, אוועכעט גלייך C, авек ем D глайх, עס אַפּ גליין B, עס גלייך FE, אים H

IV

ווי איך בין אויפן וואַקזאַל געקומען,
אויף דער פלאַשטשאַדקע בין איך געבליבן שטיין.
זייט געזונט, מיינע ליבע עלטערן,
נאָט וויים, צי איך וועל קומען אַהיים!

IV: A IV, B III, E IV, H III.—1 וויא איך האָב E, היא חיר [!] זייבען B, אייפען וואַקזאַל איז ער אַ־גיקומען H, געקומען

בין איך אויפן פּאַקואל A — 2 אויף דער BA, אויפן HE — פּלאַטשטשאַדקע HEA, פּלאַכפּאַרמע B — בין איך HEA, זיינען מיר B — 3 זייט געזונט HEA, Adje, adje B — ליבע עלטערן HEB, פרוי און קינדער A—4 גאָט חייס, צי איך וועל קומען צהיים HEB, מיר וועלן זיך שוין מער ניט זעהן A.

V

IV B: וויא מיר זיינען אין וואַגאָן אַריין געזעגונט,
האָבען מיט זיך פאַר די הענט.
ווי איך בין אייף דער פּאָזיצע געקומען,
דרייא כאַדאָשים אין איין העמד.

VI

V B: ווי מיר זיינען אייף פאַזיצע גיקומען,
אין די אַקאָפּעס האָטון אונז צושטעלט.
א סנאַראַד האָט מיר דורכן[!] געריסען,
האָב איך געבליבען ליגון אין מיטען פעלד.

V E: וויא איך האָב אויף פּאַזיצע געקומען,
דרייא חָדָשִים אין איין העמד.
א סנאַראַד איז פאַר בייא געפלייגון,
געפאַלון האָב איך אויף דעם פרייען פעלד.

III F: או, וויא איך בין נאָר צוא דער פאָזיציע געקומען,
בייא דער אַקאָפּע בין איך געבליבען שטיין.
די ערשטע פּולע האָט מיר געטראָפען,
געבליבען ליגען בין איך וויא א שטיין.

V A: פאַרן פאַר איך אויפן פּאָזיציע,
לעם די אַקאָפּעס בין איך געבליבן שטיין.
די ערשטע קויל האָט מיר אנגעטראָפען,
און איך בין געבליבן ליגן ווי א שטיין.

VII

VI B: אין מיטון פעלד בין איך דאָך געבליבון,
געוואָרון איז מיר גלייך ניט גוט.
ביז דער סאַניטאַר איז צוגילאָפען,
אגיגיינגען בין איך מיט בלוט.

IV F: או, וויפיל ווייטיגן האָב איך פערליטען,
איידער סאַניטאַרן זיינען געקומען צוגיין!

VIII

ווי דער סאַניטאַר איז צוגעלאָפען,
אַ פערעוו'אַזקע האָט ער מיר געמאַכט.
וויפיל ווייטיגן האָב איך פאַרליטן,
ביז מי האָט מיר אין לאַזאַרעט געבראַכט!

VIII: VI A, VII B, VI E, V F, IV H (נאָר פערז 4, 1 און 2). — 1 ווי דער סאַניטאַר BA, וויא דיא סאַניטאַרן F, א סאַניטאַר HE — איז צוגעלאָפן EB, איז צו מיר צו געגאַנגען H, זיינען געקומען צוגיין F, האָט דאַס דערזעהן A — 2 פערעוויאַזקע HB, פערעווייזקע FEA — האָט ער HBA, טער E, האָבען זייא F — 3 האָב איך FE, אָך[!] האָב B, אויפן נאָסילקע האָט מען מיך אוועקגעלייגט A — 4 ביסקין מען האָט E, ביז וואַנען מי האָט B, איידער זייא האָבען F, און אין לאַזאַרעט האָט מען מיך A, אייפען פּאָזיציע האָט מען מיר H.

IX

ליגן ליג איך מיר אויף מיין בעטל,
טויב בין איך ווי די וואַנט.
איך קען אייך שרייבן, מיינע ליבע עלטערן,
אַז איך האָב פאַרלאָרן די רעכטע האַנט.

IX: VII A, VIII B, III C 1, 2 (נאָר פערז 3 און 4), VII E, VI F, V H (נאָר פערז 3 און 4). — 1 ליגן ליג איך מיר FE, ליגן ליג איך A, איך ליג דאָך B — אויף מיין בעטל FB, אויפון בעטול E, אין לאַזאַרעט A—2 טויב EB, און טייט F, און בלאָס A — ווי FB, אַזויא וויא E, גוט ווי A — 3 איך קען אייך שרייבן HFECB, איך שרייב אוועק A — ליבע עלטערן HFECB, פרוי און קינדער A — 4 אַז איך האָב FEA, איך האָב HB, איך האָט C — פאַרלאָרן FECBA, אנגיוואָרען H — די ECBA, מיין HF.

X

די רעכטע האַנט האָב איך פאַרלאָרן,
אויף דער פּאָזיצע וועל איך מער ניט גיין;
איך קען אייך שרייבן, מיינע ליבע עלטערן,
איך וועל שוין קומען אין גיכן אַהיים.

X: IX B, VIII E, VII F. — 1 די EB, מיין F — איך FE, איך דאָך B — 2 אויף דער FB, אויפון E — פּאָזיצע EB, פּאָזיציע F — 4 איך וועל שון קומען אין גיכען F, אז איך וועל קומען אין גיכון E, איך פאָר ביי שאָלים שיין B.

XI

ווי איך בין אַהיים גיקומען,
די מאַמע שלאָגט זיך קאָפּ אָן וואַנט;
וויפיל טרערן זי האָט פאַרגאָסן,
אַז זי האָט מיר דערזען אָן אַ האַנט!

XI: X B, III C, 3, 4 (נאָר פערז 1 און 2), IX E, VIII F. — 1 ווי איך בין B, וויא איך האָב E, או, וויא איך בין נאָר F, וויא דיא מאַמע האָט דאָס דערהערט C -- 2 די מאַמע שלאָגט זיך B, מיין מאַמע שלאָגט זיך F, האָט דיא מאַמע געשלאָגון E, האָט צין[!] גינומען כלאָפּון C — 3 זי האָט EB, האָט זיא F—4 אז זיא האָט מיר דערזעהן אָן א E, אז זיא האָט דערזען אז מיר פעלט א F, וואָס איך האָב פערלאָרען די רעכטע B.

XII

אָן אַ האַנט איז זייער ביטער,
איך קען ניט פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט
נעם זשע צו, ליבער גאָט, מיין לעבען,
שיק שוין אָן אויף מיר דעם טויט!

XII: XI B, X E, IX F, VI H. — 1 איז זייער ביטער H, איז דאָרך [!] זייער ביטער F, איז שלעכט צוא לעבון E, די רעכטע

האנט האב איך דאך פערלארען B — 2 איך קען ניט B, מען קאן ניט F, ניטא מיט וואס צוא H, עס איז שווער צוא E — אייף א שטיקעל ברייט B, אוף קיין שטיקל ברוט F, א שטיקול ברייט E, ברייט H — 3 נעם זע צוא בא מיר, גאט, דעם לעבען H, איך בעט דיר, ליבער גאט, נעם צוא מיין לעבען F, אוי דוא גאט, דוא ליבער גאט E, אך דו גאט, דו גאט פון הימעל B — 4 שוין אן אויף מיר FB, שיין ארצפ גיך E, וואס גיכער מיר H.

[הוספה]. איך האָב שוין געהאַט פאַרענדיקט און אָפּגעשיקט צום דרוק דעם דאָזיקן אַרטיקל, ווען ד״ר מ. וויינרייך האָט מיר אָנגעוויזן, אַז דריי וואַריאַנטן פון דעם מאָביליזאַציע־ליד זיינען אָפּגעדרוקט אין ש. באַסטאָמסקיס „ביים קוואַל, יידישע פאָלקסלידער“, ווילנע 1923, ז׳ 106–108. אין דער ערשטער מינוט האָט מיך געוויינטלעך פאַרדראָסן, ווייל ווען איך קען פריער די דריי נייע וואַריאַנטן, וואָלט איך זיי געוויס גענומען אין אַכט ביים רעקאָנסטרואירן דעם פּראָוויזאָרישן נאָרמאַלן טעקסט. אָבער ווען איך האָב נאָך אַ מאָל איבערגעקלערט, האָב איך דערזען, אַז דאָ איז אפשר פאַראַן אַ גוטע געלעגנהייט צו ווייזן דעם לייענער, ווי אַזוי יעטווידער נייער וואַריאַנט (אפילו אַ בענוג שלעכטער) העלפט אונז צו ביים אויספאָרשן אַ ליד און ספּעציעל ביים רעקאָנסטרואירן דעם נאָרמאַלן טעקסט; וואָרים יעטווידער וואַריאַנט פאַריכט אָדער באַקרעפטיקט אונזערע ביז־איצטיקע אויספירן.

J — באַסטאָמסקי ז׳ 106 — 108, נומ׳ 1. פאַרצייכנט דורך ש. באַסטאָמסקי אין ווילנע 1921. דער דאָזיקער וואַריאַנט איז דער פולסטער פון אַלע ביז אַהער באַוואוסטע: ער גיט אַלע 12 סטראָפעס; מערניט וואָס סטראָפע III פון נאָרמאַלן טעקסט שטייט דאָ ע״פ טעות צווישן IV און V און דער טעקסט פאַרמאָגט אין פאַרשיידענע ערטער שטאַרקע מוטווילִיקע אָפּווייכונגען פון דער נאָרמאַלער פאָרם.

K — באַסטאָמסקי ז׳ 106 — 107, נומ׳ 1, וואַריאַנט. פאַרצייכנט אין ווילנע אָדער ווילנער גובערניע דורך ש. באַסטאָמסקי. פון דעם דאָזיקן טעקסט גיט איבער דער אַרויסגעבער לידער מערניט ווי 9 פערזן, וואָס גייען זיך פונאַנדער מיטן וואַריאַנט J: סטראָפע I פערז 4, II 3 און 4, III 1—4 און VI 3 און 4.

L — באַסטאָמסקי ז׳ 108, נומ׳ 2. גענומען פון ע. מאַרגאָלינס זאַמלונג, מסתמא אויך פון ווילנער גובערניע. דער דאָזיקער גענוג שלעכטער וואַריאַנט האָט בלויז 6 סטראָפעס פון דעם נאָרמאַלן טעקסט, דהיינו I, III, V 4,3 (דאָ קומען איצט צו צוויי נייגעשאַפענע פערזן), IX, XII און VI.

לאָמיר איצטער אַ קוק טון, אין וואָס די נייע דריי וואַריאַנטן גייען זיך פונאַנדער מיט דער דורך מיר רעקאָנסטרואירטער נאָרמאַלער פאָרם פון דעם ליד.

I (J I, K I4, L I). 1 מאָביליזאַציע LJ — 2 אַ טומל און אַ גרויס געוויין J, אַ גרויס געוויין L (ווי HFDB) — 3 אויפן צווייטן L — מאָביליזאַציע LJ — 4 אַלע פאַבריקן LK (ווי EB).

II (J II, K II 4,3). 1 גרויסער גאָט, אוי, גאָט J — 3 דו האָסט צוגעפנגענומען K, מע נעמט צונויף J — 4 און דו טרייבסט זיי ווי די K, און מע טרייבט זיי ווי די J.

III (J IV, K III, L II). 1 ווי דעם טאַטן J (ווי H), אוי ווי דעם פאָטער K (ווי B), און ווי צום פאָטער L — אוי ווי דער מוטער K, און ווי צו דער מוטער L — 2 וואָס זיי האָבן L, ווער עס האָט K, זיי האָבן אויסגעהאָדעוועט אַזאַ פּצרשוין J. — 3 מע LKJ — אַן אין J (ווי H) — 4 און מע שיקט K, און שיקן שיקט מען L, און מע הייסט J — אים גלייך אין באַי K (ווי FE), אים אין באַי L (ווי H), צום פּאָזיציע גיין J.

IV (J III). 1 ווי מיר זיינען J (ווי B) — צום J — 2 אויפן J (ווי HE) — פּלאַצפאַרמע J (ווי B) — זיינען מיר J (ווי B) — 3 זייט מיר J — טרייע עלטערן J — 4 מיר ווערן J.

V — VII (זע ווייטער).

VIII (J VIII). — 1 צו מיר געקומען J — 3 וויפיל שמערצן J — איך האָב J (ווי B) — 4 איידער J (ווי F) — מ׳האָט J.

IX (J IX, L IV). 1 און ליגן L, ווי מ׳האָט מיר אין לאַזאַרעט געבראַכט J — 2 און טויב L, ליגן ליג איך טויט (ווי F!) ווי J — 3 כ׳קען L, איך וואָלט דאָך וועלן אַ בריוועלע שרייבן J — 4 אַז פעלן פעלט מיר L, נאָר פעלן פעלט מיר J.

X (J X). 1 האָט מען מיר אָראָפּגענומען J — 2 צום J — פּאָזיציע J (ווי F) — 3 איך וואָלט דיר וועלן אַ בריוו אָפּשרייבן J — 4 אַז אינגיכן וועל איך קומען J.

XI (J XI). 1 די מאַמע האָט דעם בריוו געלעזן J — 2 געשלאָגן האָט זי זיך J — 4 ווען זי דערזען דעם זון אָן די רעכטע J.

XII (J XII, L V). 1 אָן די רעכטע J, די רעכטע האַנט פעלן פעלט דאָך מיר L — 2 מיט וועלכע כ׳קען L, ביטער, מאַמעניו, אוי, ווי דער טויט J — 3 און בעסער מיר דער ליבער L, איך וואָלט וועלן אַרויסגיין אין גאַס פאַרדינען J — 4 וואָלט אַראָפּגעשיקט אַ יונגן טויט L, אויף מיין שטיקל טרוקן ברויט J.

ווי מיר זעען, גיבן אונז ניט די דריי נייע וואַריאַנטן קיין רעכט צו בייטן אויף זיכער אונזער ביז־איצטיקע רעקאָנסטרוקציע פון די סטראָפעס I—IV און VIII—XII אין קיין איינציקן אָרט אַפילו; אַדרבא, דער נייער מאַטעריאַל באַשטעטיקט מיט מער צי ווייניקער באַשטימטקייט מיינע פריערדיקע פעסטשטעלונגען. פונדעסטוועגן איז אינטערעסאַנט, וואָס אויך אין ווילנער גובערניע (ניט נאָר אין מינסקער) איז באַוואוסט דער צו קורצער פערז־אויסלאָז I 2 „אַ גרויס געוויין“ (L ווי HFDB!), וואָס אויך דאָ באַגעגנט זיך טיילמאָל „פאַבריקן“ אָנשטאָט „געשעפטן“ און אַז אין II 4,3 אין J (אָבער ניט אין K) קומט אויך, פונקט ווי אין C, אַ באַשולדיקונג קעגן דער רעגירונג אָנשטאָט דער טענה צו גאָט.

ביז גאָר אינטערעסאַנט איז אָבער דער נייער מאַטעריאַל פאַר די סטראָפעס V—VII, וואָס איך האָב זיך פריער, צוליב דוחק אין אויפווייזן, בכלל ניט אונטערגענומען צו רעקאָנסטרואירן.

פון סטראָפע V האָבן מיר ביז אַהער געהאַט איין פולן וואַריאַנט (B); חוץ דעם האָט נאָך דער וואַריאַנט E געהאַט אין זיך דעם פערז V 4, וואָס האָט דאָ פאַרבלאָנדזשעט (משמעות צוליב דער תחילתדיקער ענלעכקייט פון די פערזן

$V_3$ און $VI_1$) אין דער סטראָפע VI פון דעם נאָרמאַלן טעקסט. אַצונד ברענגט אונז דער וואַריאַנט J די פּולע סטראָפע V פון דעם ליד:

J V: ווי מיר זיינען אין וואַגאָן אַריין,
פּראָשטשאַיעט האָבּן מיר זיך פּאַר די הענט,
אַ־דער מיר זיינען צום פּאָזיציע געקומען —
דריי מאָנאַטן אין איין העמד...

און דער וואַריאַנט L גיט צום ווייניקסטן די צווייטע העלפט פון דער סטראָפע:

L III: און ווי ער איז אויף דער פּאָזיציע געקומען,
דריי מאָנאַטן אין איין העמד;

צו דעם קומען נאָך צו אין L צוויי נייגעשאַפענע פּערזן:

און ווי ער איז אויף דער פּאָזיציע געקומען,
גלייך האָט דער פייער אים פאַרברענט.

די VI סטראָפע האָבּן מיר ביזאַהער געהאַט אין פיר וואַריאַנטן, וואָס געהערן צו צוויי אינגאַנצן פאַרשיי־דענע רעדאַקציעס: אין דער ערשטער (EB) רעדט זיך וועגן אַ „סנאַראַד" (גראַמען צושטעלט: פּעלד), אין דער צווייטער וועגן דער „ערשטער פּולע" אָדער „קויל" (גראַמען שטיין: שטיין); אַצונד קומען צו דריי נייע וואַרי־אַנטן (LKJ). אין די וואַריאַנטן K און L געפינען מיר בּלי שום ספק די צווייטע רעדאַקציע:

K IV: . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . .
די ערשטע קויל האָט מיר געטראָפן,
געבּליבּן בין איך ווי אַ שטיין.

L VI: און ליגן ליג איך מיר אין דער אָקאָפּע,
און כ׳היט זיך אויס פון אַ יונגן טויט,
די ערשטע קויל האָט מיר געטראָפן
און געפאַלן בין איך ווי אַ שטיין.

אַ גרויסע שווערקייט טרעפן מיר אָן אין וואַריאַנט J, וואָרים דאָ ווערט פון איין זייט דערמאָנט דער „סנאַריאַד", ווי אין דער ערשטער רעדאַקציע, פון דער צווייטער זייט זיינען די גראַמען שטיין: שטיין, ווי אין דער צווייטער:

J VI: ווי מיר זיינען צום פּאָזיציע געקומען,
זיינען מיר ביי די אָקאָפּעס געבּליבּן שטיין,
אַ סנאַריאַד איז פאַרבּייגעלאָפן,
איך ליג שוין עלנט ווי אַ שטיין.

מיר האָבּן בּלתי ספק צו טון מיט אַ קאָנטאַמי־נאַציע פון ביידע רעדאַקציעס. די דאָזיקע סטראָפע האָט מסתמא לכתחילה געהאַט אין דעם וואַריאַנט J בּערך אַזאַ פּנים ווי אין E, אַזוי אַז דער לעצטער פּערז האָט זיך אויסגעלאָזן ניט מיט „שטיין" נאָר מיט „פּעלד"; צו דעם דאָזיקן וואָרט איז צוגעהאָפטן געוואָרן דער ערשטער פּערז פון דער נאָכקומענדיקער סטראָפע: אין פּעלד צו ליגן אַאַז״וו, וואָס איצטער הענגט ער אַזוי צו זאָגן אין דער לופטן. ערשט שפּעטער איז די צווייטע רעדאַקציע פון דער סטראָפע VI פון עפּעס אַן אַנדערן וואַריאַנט אַריינגעדרונגען אין דעם וואַריאַנט J.

די סטראָפע VII האָבּן מיר פאַרמאָגט ביז אַהער אין איין און איינציקן וואַריאַנט, דהיינו B (וואָרים די צוויי פּערזן אין F האָבּן אַהער בּעצם קיין שייכות ניט); אַצונדערט קומט אונז צו אין J אַ צווייטער וואַריאַנט, וואָס איז אמת שטאַרק פאַרקרימט דורך דער השפּעה פון דער לעצטער סטראָפע פון דעם ליד:

J VII: אין פּעלד צו ליגן איז זייער בּיטער,
בּיטער, מאַמעניו, אוי, ווי דער טויט,
איידער דער סאַניטאַר איז צו מיר געקומען,
טייכן בּלוט איז פון מיר אַרויס.

דאָס אַלץ מיינט, אַז מיר ווייסן איצטער וועגן דער פינפטער, זעקסטער און זיבּעטער סטראָפע אַדאַנק באַס־טאַמסקיס וואַריאַנטן אַ סך מער ווי פריער; פונדעסטוועגן קאָנען מיר דעם נאָרמאַלן טעקסט נאָך אַלץ אויפ־שטעלן מערניט טיילנווייז:

V

ווי מיר זיינען אין וואַגאָן אַריין. . . . . .
. . . . . . . . . . זיך פּאַר די הענט;
ביז [?] מיר זיינען אויף דער פּאָזיציע געקומען —
דריי חדשים אין איין העמד.

VI

ערשטע רעדאַקציע:

ווי מיר זיינען אויף דער פּאָזיציע געקומען,
אין די אַקאָפּעס האָט מען אונז צושטעלט [?];
אַ סנאַריאַד איז פאַרביינעפלויגן,
בין איך געבּליבּן ליגן אין מיטן פעלד.

צווייטע רעדאַקציע:

ווי איך בין אויף דער פּאָזיציע געקומען,
ביי די אַקאָפּעס בין איך געבּליבּן שטיין;
די ערשטע קויל האָט מיר געטראָפן,
געבּליבּן ליגן בין איך ווי אַ שטיין.

VII

אין מיטן פעלד בין איך דאָך געבּליבּן,
. . . . . . . . . . . . . . . .
ביז דער סאַניטאַר איז צוגעלאָפן,
. . . . . . . . . . . בּלוט [. . . .]

צו אַ מער געגויער און מער פולקומער רעקאָנסטרוקציע פון דער נאָרמאַלער פאָרם וועלן מיר זיך נאָענען דערשלאָגן ערשט דאַן, ווען מיר וועלן האָבּן אין אונזער רשות אַ סך מער וואַריאַנטן פון אונזער ליד. איך ווענד זיך דעריבּער מיט אַ דרינגלעכער בקשה צו אַלע לייענער, וואָס האָבּן געהערט אָדער עס וועט זיי אויסקומען צו הערן **דאָס ליד פון דער מאָבּיליזאַציע** (בּפרט אויסער די גרעניצן פון די אַמאָליקע מינסקער און ווילנער גובערניעס), אַז זיי זאָלן דאָס אויפשרייבּן **גענוי און אינגאַנצן** און זאָלן דאָס מיר צושיקן (אַדרעס: Professor W. Anderson, Dorpat, Estland, Universität)[1].

1 די קאָרעספּאָנדענטן פון ייוו"א קאָנען צושיקן די טעקסטן צו דער עטנאָגראַפישער קאָמיסיע, וועלכע וועט איבּערגעבּן פּראָפעסאָר אַנדערסאָנען אַלע שייכותדיקע מאַטעריאַלן. [רעד׳]

# צו דער טערמינאָלאָגיע פון מלאָכות [1]

פון שמואל ווינטער (וואָצלאַוועק)

## I. פון שוסטער־פאַך

איבערגעגעבן דורך ה׳ מאיר קוטשינסקי

1. **שוך** (שיך).
2. **שטיוול** (איןביידע צאָלפאָרמען).
3. **קאַמאַש** (ק׳ן).
4. **פאַנטאָפל** (אין ביידע צאָלפאָרמען).
5. **שטיבלעט** (ש׳ן) — שיך מיט גומי אין די באָלעוועס.
6. **לאַטש** (ל׳ן) — האַלבע שיך.
7. **באָסאַק** (ב׳עס) — זומערדיקע לויזע לעטשלעך.
8. **טרעפ** (ט׳עס) — מיט האָלצערנע זוילן.
9. **פולעדערקעס** — שיך אָדער שטיוול פון גראָבן לעדער (פיך־לעדער).
10. **טשיזמעס** — שיך מיט אַ נאָט אָן אַ זייט (דייטשע שטיוול).
11. **געגריוועטע שיך** — געמאַכט מיט טעקס (זע ווייטער).
12. **זויל** ל״נ (ז׳ן).
13. **אָפּצאַס** (אָ׳ן).
14. **רובטשיק** (ר׳עס) — אַ פלעקל אויף די זוילן.
15. **פלעק** (פ׳עס) — דאָס לעצטע בלעטל לעדער אויף די אָפּצאַסן (דער אָפּצאַס באַשטייט פון אַ פּאָר בלעטלעך).
16. **שפּעפּליק** (ש׳עס) — דאָס אייגענע וואָס פלעק.
17. **לאַטע** ל״נ (ל׳עס) — אַ פלעקל אויף דער פּשיִשווע אָדער כאָלעווע.
18. **קעדרע** ל״נ (ק׳עס) — דער פּאַס אונטער דער זויל (צו שאַפן דעם איינדרוק, אַז די זויל באַשטייט פון צוויי שטיק לעדער).
19. **קראַנץ** — דער פּאַס ביי דער זויל ביי דער פּיאַטע (ס׳דאַכט זיך אויך, אַז דאָס איז אַ בלעטל לעדער).
20. **קאַפּע** — אַ גראָב שטיק לעדער ביים שפּיץ קאַמאַש ביי די פינגער, ווערט אונטערגעלייגט ס׳זאָל זיין שטייף און האַרט.
21. **פּאָדנאָסעק** — דאָס אייגענע וואָס קאַפּע.
22. **בראַנדזויל** ל״נ — אינעווייניק די זויל, וואָס ווערט צוזאַמענגענייט מיט די פּשישיועס; אויף דעם קומט אַרויף די קעדרע און דער קראַנץ און דערנאָך ערשט די זויל.
23. **פּאָדפּלעק** (פ׳עס) — דאָס בלעטל לעדער אונטערן פלעק אין אָפּצאַס. (אין אַ נידעריקן אָפּצאַס גייט באַלד דערנאָך דער קראַנץ).
24. **לעדער** מ׳.
25. **קרופּאָן** — אַ מיטלשטיק פון האַרטן לעדער.
26. **קרייץ** (ק׳ן) — דאָס סאַמע מיטן פון האַרטן לעדער.
27. **באָק** (ב׳עס) — די זייטן פון האַרטן לעדער.
28. **קאָרק** (ק׳עס) — דער האַלז פון האַרטן לעדער.
29. **אָגען** (אָ׳עס) — דער עק פון האַרטן לעדער.
30. **באַל** — דער פּאָדערשטער טייל פון דער זויל.
31. **גלאַנעק** — דער מיטן פון דעם זויל, פון ביידע זייטן שיף; אַז מ׳לייגט אויף אַן אַלטן שוך זוילן, לייגט מען געוויינלעך נאָר אויפן באַל און נישט אויפן גלאַנעק.
32. **פּיענטע** ל״נ — דער הינטן פון דער זויל; אויף דעם קומט אַרויף ערשט דער אָפּצאַס אָדער געניוער — ד.ר קראַנץ, פּאָדפלעק און פלעק.
33. **זאַקלאַדקע** — אַ האַרט שטיקל לעדער, וואָס ווערט פאַרזעצט אין שוך הינטן, אַרויפערצו פון דער פּיענטע: איבערדעם ווינען טאַקע די טילקעס האַרטער ווי די גאַנצע פּשישווע.
34. **טילעק** (ט׳עס) — דאָס אייגענע אָרט, וואו מ׳לייגט אַריין די זאַקלאַדקע, נאָר די זאַקלאַדקע לייגט מען אַריין אינעווייניק צווישן טילעק און דער לייוונט.
35. **מינים לעדער**: דער כראָם; די געמזע; דאָס פולעדער; האַמבורסקע (u); די קאָנינע—פערד־לעדער.
36. **צוועקצוואַנג** ל״נ — אַ צוואַנג צו ציען לעדער.
37. **שפּילעט** (ש׳עס) — אַ שטאָלענע דראָט צו לעכערן די זויל.
38. **העפּטכיע** מ׳ — דאָס האָלצערנע געשטעל אַריינצוועצן דעם שפּילעט.
39. **נאָל** (naɔl) ל״נ = צאָל.

1 ל״ז—לשון זכר, ווערט ניט פאַרצייכנט; ל״נ—לשון נקבה; מ׳ — מיטעלער מין; מערצאָל ווערט געבראַכט אין קלאַמערן.

40. **דראַטווע** ל״נ — אַ שנור צו נייען.

41. **חזיר־האָר** אָדער **שטשעטשינע**.

42. **רישפּע** ל״נ — די שפּיץ פון דער דראַטווע אַריינצודרייען די חזיר־האָר.

43. **טשוואָק** — דער נאָגל צו טשוועקעווען.

44. **טשוועקעווען** — אַרומציִען די כאָלעווע אַרום דער קאָפּיטע און אָנהעפטן מיט טשוועקעס.

45. **שנורעווען** — אַרומנייען די כאָלעווע אָן די בראַנדזויל.

46. **אָבערשטינע** ל״נ — אַ ווייך שטיקל לעדער צווישן דעם אויבערלעדער און לייוונט.

47. **אונטערדרימען** — אַ פּאַסיקל לעדער איגווייניק ביי דער פּיענטע.

48. **בירליים** — שוסטערשער קלייסטער.

49. **קלייסטער** — קלעפּעכץ.

50. **קלין** — דער אייבערשטער טייל פון קאַפּיטע.

51. **לעפּל** — אַזאַ פּייל אויסצוקראַצן די שפּילן.

52. **ראַנדמעסער** מ׳ — אַזאַ קליין מעסערל אויסצושניידן די קעררע.

53. **שטופּער** — די ציינדלעך אויף די קעדרעס („פּאַלש געניים״); אויך די כלי, מיט וועלכער מ׳מאַכט דעם שטופּער.

54. **רעדל** מ׳ — היינט מאַכט מען שוין דעם שטופּער מיט אַזאַ קליין רעדל.

55. **קאַפּעטש** — אַן אַלטער צעריסענער קאַמאַש.

56. **גלאַנעק־אייזן** מ׳ — אַ פּוץ־כלי צום גלאַנעק.

57. **וואַלקן** — דאָס פֿאָרמירן די פּישוועס פון שטיוול, זי זאָל פּאַסן צו דער כאָלעווע.

58. **פּאָדקעווע** ל״נ — אַן אייזן רונד אַרום דעם פּלעק (אָדער אָפּצאַס).

59. **זשאַבקע** — אַ קליין אייזנדל, אין דער פֿאָרם פון אַ האַלבער לבנה צום אָפּצאַס, פאַרבייט די צו שווערע פּאָדקעווע.

60. **שפּאַלט** מ׳ — אַזאַ לעדער אַדורכגעשפּאָלטן פון גראָבן לעדער.

61. **גלאַספּאַפּיר** מ׳ — צו רייניקן די זויל.

62. **פּאַפּ** — קלעפּעכץ.

63. **שפּיל** (â) ל״נ (ש׳ן) — העלצערנע נעגל (אין ליטווישן יידיש — פּלעקלעך).

64. **קולוס** (u,u) — אַ כלי צו פּוצן דעם קאַנט פון דער זויל.

65. **פּומול** (u,u) — אַ האַרט שטיקל האָלץ (בראַזיליע) צַרומצוגלאַנצן די זוילן־קאַנטן.

66. **העסקע** ל״נ — אַ שטיקל לעדער אָדער שטיוול צרויפצולייגן אויף דער קאַפּיטע.

67. **פּשיגוביע** ל״נ — די גרעב פון פּוס ביים גלאַנעק.

68. **האַנטשלאַק** — אַ שטיקל לעדער וואָס מ׳שטוּקעוועט צו צו דער לענג פון זויל אָדער קאַפּיטע (ביי דער פּיענטע).

69. **קאַנטנזעצער** — אַ פּוץ־כלי צום אָפּצאַס־קאַנט און צו די כאָלעוועס־נענט.

70. **שאַרפשניט** — אַ פּוץ־כלי צום גלאַנעק.

71. **סטאַלוווקע** ל״נ — אַ פּוץ־כלי צום גלאַנעק און אָפּצאַס.

72. **אַמבוס** — די וויכטיקסטע פּוץ־כלי, ענלעך צו אַ קאָוואַדלע, שטאַרק פאַרקלענערט.

73. **אָסלע** — אַ שאַרפשטיין אָנצושאַרפן דאָס מעסער.

74. **גלעטשטיין** — אַ שטיין גלאַט צו מאַכן דאָס אָנגעשאַרפטע מעסער.

75. **וואַקס** מ׳ — וואַקס צו פּוצן.

76. **געלוואַקס** מ׳ — צו פּוצן דראַטוועס.

77. **פּעך** מ׳ — סמאָלע צו דראַטווע.

78. **קווערישל** מ׳ (קווערשל) — אַ פּלאַטשיקע נאָל צו נייען זוילן.

79. **פּאַס** — די קעדרע ביי געניטע אַרבעט.

80. **רעכטעווען** — צושניידן.

81. **ריסעיען** — אָפּשאַרפן.

82. **טעקס** — קליין נעגעלע צו געגרייטערטע אַרבעט; מ׳נוצט נישט קיין אָל און דראַטווע, נאָר אַלץ מיט נעגלעך.

83. **פּאָטשענגל** — אַ לעדערנער רימען צום פּוס אָנצוהאַלטן דעם קאַמאַש.

84. **ראַשפּעל** ל״נ — אַ גראָבע פּייל צו לעדער און שפּילן.

85. **דרייפּוס** — אַ שוסטערבענקל אויף דריי פּיס.

86. **דרייפּיס** — דריי אייזערנע קאַפּיטעס צוזאַמען.

87. **שוסטערבענקל** — אַ קליין בענקל מיט אַ טיף אויסגעהוילט געזעס.

88. **ביז** (byjz) ל״נ — אַ שמאָל שטיקל לעדער צווישן דער נאָנט אונטן ביי דער שטיוול־כאָלעווע.

89. **ביזמעסער** מ׳ — אַ מעסער, ספּעציעל אויסצושניידן די ביז.

90. **האַפּלעדרע** — דאָס שטיקל לעדער אינעווייניק דעם שטיוול וואו מ׳זעצט אַריין די „זאַקלאַדקע״.

91. **קליסיען** — דאָס אויסגלאַנצן די זויל.

92. **גאַלאַנט** — אַ פּאָלירט שטיקל האָלץ מיט וועלכן מען קליסיעט אויס די זויל.

93. **רייבברעטל** מ׳ — אַ ברעטל, מיט וועלכן מען קראַצט אויס די נאָנט אונטן אין די שטיוול.

94. **ליפּ** — אַזאַ קאָרע פון לובאָווע (נישט ליפּאָווע האָלץ; מ׳נוצט עס צום גלאַנעק.

95. **שפּאָן** — דינע שפּענדלעך האָלץ צום גלאַנעק.

96. **האָק** (o) — אַ קייטל אַרויסצונעמען די קאַפּיטעס.

97. קאַפּיטע ל״נ — די האָלצערנע לייסט, אויף וועלכער מ׳אַרבעט די שיך.

98. שניידקאַם ל״נ — אַ שטיק לקאַם צו פאַרזי־כערן דאָס אויבערלעדער ביים באַשניידן די זויל.

99. אָפּישקע ל״נ — דאָס אייגענע ווי שניידקאַם.

100. ליק — די רעכטע גלאַנציקע זייט פון לעדער.

101. מיזדרע ל״נ — די לינקע זייט פון לעדער.

102. לאַסקע ל״נ — אַ נאָגל געמאַכט ביים טילעק אין שטיוול.

103. פוטרע ל״נ—דער אונטערשלאַק פון שטיוול־כאָלעווע.

104. שטויסקאַפּ ל״נ — אַ שטיקל גראָב לעדער, געמאַכט ביי קינדערשיכלעך, צו פאַרשוינען די קאַפּן.

105. בלייז (blajz) מ׳ — אַ געמיינער סאָרט ווייך לעדער.

106. טרעפּ — די זוילן־קאַנט.

107. פּאָכווע ל״נ — דער ערגסטער טייל פון לעדערשטיק.

108. לאַקיר — אַ גלאַנצנדיק לעדער.

109. רונדלאַקיר — אַ גראָבער, גרינלעכער סאָרט לאַקיר.

110. ספּוד — אַלץ, וואָס דער שוסטער מאַכט אין בייעם קאַמאַש (די כאָלעווקעס קריגט ער פון קאַמאַשנמאַ־כער).

111. ספּאַד — דאָס משופּעדיקייט פון קאַפּע ביי הויכע, דיקע קאַפּעס.

112. ספּאָלע — די דרויסנזייט פון שוך.

113. גלאַזור — אַזאַ פליסיקייט, וואָס גיט דעם לעדער דעם גלאַנץ.

114. פּאָסוווקע ל״נ — אַ טאָפּעלטע זויל.

115. פּיצלאַפּן — אַ שטיקל טוך אָפּצופּוצן דעם וואַקס.

116. הונסטפּאָט — דאָס שטיקל לעדער, וואָס מ׳נייט אָן אויפן טילעק, כדי אָנצומאַכן אויף דעם די שפּאָרנעס פאַרן רייטער.

117. ס׳פּאַסט ווי אַן איי צו אַ ווייַנזיפּ — ווען ס׳איז אַרויסגעקומען אַן גוט שטיקל אַרבעט.

118. צום טהרה־ברעטל — אַזוי רופט מען דעם שוך־מאַגאַזין, אָפּשיקנדיק די שיך.

119. היינט איז פּורים — סעזאָן־צייט, די אַר־בעט ברענט.

120. ס׳יערט — זאָגט מען אויף שלעכט געמאַכטע שיך.

121. קאַפּטשאַזש — אַ געמיינער שוסטער.

122. אויפגעטערכנט אַ פּאָר חלות—געמאַכט אַ פּאָר שיך.

123. ער גייט לעבן די שיך — אַ ווערטל.

## II. פון שניידער־פאַך

איבערגעגעבן דורך ה׳ וואָלף גראָסמאַן

1. אַנצוג (אַנציגער).

2. מאַרינאַרקע ל״נ (מ׳ס).

3. וועסט ל״נ (וו׳ן).

4. הויז ל״נ — איין נאָגעוויצע פון אַ פּאָר הויזן; די הויזן אָדער אַ פּאָר הויזן; מערצאָל — הויזנס אָדער הויזענעס.

5. פּלייצעס ל״נ (פּ׳ס)—דער טייל אַנצוג, פּאַלטן, פּעלץ אאַז״וו הינטן אויף די פּלייצעס.

6. פּשאָדעק (פּשאָדקעס) — ביי די זעלביקע מלבושים דער פאָדערטייל.

7. אַקסל (אַ׳ן) — דער טייל אין דער הייך ביי די אַקסלען.

8. קאָלנער (קעלנער) — באַשטייט פון אַ אונ־טערקאָלנער און אויבערקאָלנער (אויבערקאָלנער הייסט דאָס שטיקל סחורה, ווי למשל, ביי אַ פּעלץ איז דאָס פוטער).

9. אַרמל (ערמל) — דער טייל וואו מ׳האַלט די הענט; באַשטייט פון אונטעראַרמל — דער טייל אינע־ווייניק צריין צום פּשאָדעק, און אויבעראַרמל — דער טייל אין דער לופט אַריין.

10. לייסט (â) ל״נ (ל׳ן)—דאָס שטיק סחורה ביי דער פּאָדשעווקע, וואו די קנעפּלעכער זענען.

11. קלאַפּע ל״נ (ק׳ס)—דאָס איינגעבויגענע שטיקל סחורה אויף די פּשאָדקעס, דער המשך פון קאָלנער.

12. בריסטטעשכיע — די טאַש אויבן ביי דער קלאַפּע.

13. פּאָדשעווקע ל״נ — דער אונטערשטער טייל פון אַנצוג, שוין געמאַכט פון אַנדערע, ספּעציעל צו דעם צוועק באַשטימטע סחורה.

14. ערמלפוטער—די פּאָדשעווקע פון די ערמל.

15. פּאַט ל״נ (פּ׳ן)— דאָס שטיקל סחורה, מיט וואָס מ׳דעקט צו די טאַשן; אין די ספּאָרט־אַנציגער איז ניטאָ קיין פּאַט.

16. גלייכלאָך מ׳ אָדער פּשוט לאָך—דאָס לאָך צוצוקנעפּלען.

17. פרענטלאָך מ׳—ווען דאָס לאָך איז אַרומגענייט מיט אַ דין שנירל.

18. נאָנט ל״נ (נענט; די צווייטע נון שפּירט מען שוואַך) — נאָט (נעט), דאָס, וואָס ס׳באַהעפט צוויי שטיקער סחורה.

19. וויפּוסטקעס—דאָס שטיקל סחורה פון דער טאַש, וואָס איז אַריינגענייט אין דער טאַש אַריין; אַראָפּ־פערצו גייט שוין די טאַש־פּאָדשעווקע.

20. בעלאָג (u) (ב׳ן)—דאָס שטיקל סחורה קעגנ־

איבער די וויפּוסטקעס, וואָס גייט אַריין אין דער טאַש לעבן די פּשאָדקעס.

21. **פּעטלקע** ל״נ (פּ׳עס) — ביי אַ פּעלץ קנעפּלט מען נישט צו גלייך מיטן קנאָפּלאָך, נאָר מיט אַ פּעטלקע.

22. **הענגער** (ה׳ס) — אַ שטיקל בענדל אָנגענייט אויף דער פּאָדשעווקע אַראָפּערצו פון קאָלנער; דערויף הענגט מען אויף דעם מלבוש.

23. **שנאַל** ל״נ (ש׳ן) — הינטן אויף דער וועסט צו־צושנאַלן.

24. **פּעדערהויזן** — דער טייל הויזן פאָרנט.

25. **הינטערהויזן** — דער טייל הויזן הינטן.

26. **פּאַסעק** (פּאַסקעס) — דער פּאַס סחורה אויבן ביי די הויזן, וואו מ׳נייט אָן די קנעפּלעך צו די שעלקעס.

27. **לאַץ** (ל׳ן) — פאָרנט אין די הויזן, וואָס דעקט צו די קנעפּלעך.

28. **מיינקעט** (מ׳ן) — אַזאַ פּאַסיקל ביי אַ געוויסן פּאַסאָן הויזן, אַרומגענייט הינטן, סאַמע ביי די עקן פון די נאָגעוויצעס (ביי די קאַמאַשן).

29. **לאַשנאָנט** ל״נ — אַ קליין מיינקעטל, אַרויס־געלאָזט אין דער זייט ביי די הויזן (דאָרט, וואו די מילי־טערלייט האָבן די לאַמפּאַסן).

30. **קראָקנאָנט** אָדער **שריטנאָנט** ל״נ — די נאָנט אויף די הויזן אינעווייניק אַריין, וואוביידע פיס באַגעגענען זיך.

31. **תחת** — די נאָנט אינמיטן די הויזן.

32. **געזעס** מ׳ — די סחורה הינטן אויף די הויזן, אויף וואָס מ׳זיצט.

33. **איינפּיטערעכץ** מ׳ — אויף דער צווייטער זייט פון דעם אָרט וואו די הויזנקנעפּלעך זענען. דאָס איז שוין פון אַ פּאָדשעווקע־סחורה.

34. **פּאַלטן** (פּאַלטענעס).

35. **קלייד** מ׳ (קליידער) — די פליגלען ביי אַ שניטראָק אָדער ביי אַ פראַק, וואָס ביים אַנידערזעצן קען מען זיי אָפּוירנעמען.

36. **רעווער** (ר׳ס) — די לייסט ביי אַ שניטראָק דאָרט, וואו די קנעפּ זענען אָנגענייט.

37. **ראָספּער** — דער שניט הינטן ביי אַ פּאַלטן.

38. **אייזן** מ׳ — מיט וואָס מ׳פּרעסט.

39. **צושניידער** — דער בעל־מלאָכה וואָס שניידט צו די סחורה.

40. **ווערקשטעל** ל״נ — אַזאַ טישל מיט לייסטן אַרום.

41. **מאָס** ל״נ — דער מעטער, מיט וואָס מ׳נעמט די מאָס.

42. **העפּט** (ה׳ן) — די פעדעם, וואָס מ׳נייט פּראָ־וויזאָריש.

43. **רוי נייען** — אַז מ׳דערקענט נישט דאָס גענייעכץ.

44. **שטעפּן** — אַז מ׳דערקענט דאָס גענייעכץ פון דער מאַשין.

45. **לאַמעיען** — ווען מ׳פּאַרנייט אַן עק מיט אַ בענדל.

46. מינים אַנציגער: **איינרייאיקע** — אויף איין זייט די קנעפּ און **צווייררייאיקע** — אויף ביידע זייטן די קנעפּ.

47. **צודאַטן** — די מאַטעריאַלן צו דער אויבער־שטער סחורה, ד״ה די פּאָדשעווקע, קנעפּ, אאַז״וו. (אַ סך מאָל נעמט דער שניידער באַצאָלט בלויז „פאַר די נאָדל״, ד״ה ניי־געלט, און אַ סך מאָל נעמט ער אָן אַרבעט מיט זיינע צודאַטן).

## III. פון בעקער־פאַך

איבערגעגעבן דורך ה׳ מאיר כרושאַנסטאָווסקי

1. **בייט** ל״נ (baj|ı ; ב׳ן) — די כלי, אין וועלכער מ׳מאַכט דעם טייג.

2. **דעקל** מ׳ — די האָלצערנע צודעק פון דער בייט.

3. **שפּאָנדאַק** — דאָס לייסטל, אויף וועלכן ס׳איז אָנגעלעגט דאָס דעקל.

4. **טאַמעברעט** מ׳ — די מחיצה, וואָס טיילט פונאַנדער די בייט אויף צוויי טיילן.

5. **קאָבילקעס** — די פיס, אויף וועלכע די בייט שטייט.

6. **טשוואָרטקע** — אַ לעפל אַ קליינס אַלס אַ מאָס.

7. **גאַרנעגל** (â) ל״נ — דאָס געשטעל, אויף וועלכן מ׳לייגט אַרויף דאָס געבעקס צום גאַרן.

8. **ברויטברעט** מ׳ און

a8. **זעמלברעט** מ׳ (ספּעציעלע ברעטער).

9. **טייגל־מאַשין** ל״נ — שניידט שטיקער טייג צו זעמל.

10. **פּאַן** ל״נ (פּאַנען).

11. **געוועכטער** — צום וועגן.

12. **זעמלשיבער** און a12. **ברויטשיבער** (שיבערס).

13. **לעש** ל״נ — אַ צעבער מיט קאַלט וואַסער, וואָס שטייט פאַרן אויוון.

14. **קערוויש** — אויסצוקערן דעם אויוון.

15. **גריקע** — אַ קאָשער (o) אַרויסצושאַרן די קוילן.

16. **קראַצער** — אָפּצוקראַצן די בייטן פון אָנגע־קלעפּטן טייג.

17. **שטרייכער** — איבערצושמירן דאָס ברויט.

18. **שקאָפּעק**.

19. **פּיסגריב** ל״נ — די עפענונג פאַרן אויוון, אין וועלכער ס׳שטייט דער שיבער.

20. **ריטש** ל״נ — די עפענונג אין אויוון.

21. **ציקטיך** ל״נ — די עפענונג אין אויוון אין דער הייך.

22. אָנפּריש — דאָס טייג אין ערשטן צושטאַנד. דערנאָך גייט:

23. האַלבזויער און 23a. פּילזויער.

24. הייוונשטיק מ׳ — אין אַ טייג טוט מען אַריין דאָס הייוונשטיק.

25. מינים זעמל: פּויזנער; רויזן; פּאָר־לעך; גלאַטע; מאַנטוווקעס; קייזערקעס.

26. ראָגאַל (ר׳ן)—בייגל (אין ביידע צאָלפאָרמען).

27. מינימברויט: לאַנג ברויט; רונדיק ברויט און הייוונברויט.

28. צוקער־בעקער — איינער, וואָס מאַכט צו־קערלעך.

29. בלעך ל״נ (ב׳ן) — די פּושקעס, אין וועלכע מ׳לייגט אַריין די צוקערלעך.

30. געשמאַק — די פאַרשיידענע זאַפּטן, וואָס ווערן אַריינגעטאָן אין די צוקערלעך, זיי זאָלן שמעקן, צו זויערקייט, למשל.

## IV. פון מאַלער־פאַך

איבערגעגעבן דורך ה׳ משה כרושאַנסטאַווסקי

1. מאַלאַזש (אין לאָדזש רופט מען אַזאַ בעל־מלאָכה — מאַלער).

2. לאַווקאָוויעץ—אַ בערשט (בערשטן) צו ווייסן סופיטן.

3. שטילאָווע — אַ רונדיקער פּענזל.

4. סקוווקאָווי — אויך אַ מין פּענזל.

5. שטריכציער — אַ קליין דין פּענזלכע צו מאַכן דינע פּאַסעקלעך.

6. שניר ל״נ — צו מעסטן די גלייכקייט. אונטן אויף דער שניר איז דאָ אַ

7. פּיאָן — אַ שטיק משא.

8. שאַבלאָנירער — צו שאַבלאָנירן די מוסטערן.

9. שוואַם ל״נ — צו טופּן, אויסצואַרבעטן מאַרמאָר אָדער מאַרמירן.

10. דורכציער — צו מאַכן אָדערן.

11. מוסטער מ׳ (מ׳ן) — הייסט אויך: שאַבלאָן (ש׳ען); דעסן (מערצאָל — דעסענעס אָדער די דעסנס).

12. שליאַק — אויף דער וואַנט פאַר דעם דעסן ציט מען אַ שלאַק אָדער אַ שלעקל; גאָר אַ דין שלעקל הייסט —

13. לויפּערל.

14. בונטשטריך — דאָס שלעקל פון הויפּטשלאַק.

15. עקסטיק מ׳ (עקשטיקן)—אויפן סופיט; פאַראַן פיר עקשטיקן.

16. מיטלשטיק מ׳ — אויפן סופיט.

17. ראָזעטע ל״נ — פּונקט אינמיטן סופיט.

18. וונענקאַ — בולטע באַפּוצונגען אויפן סופיט.

19. לייסט (â) ל״נ—אַרום און אַרום אויפן סופיט.

20. געזימס מ׳ — בולטע אַרבעט אויפן סופיט.

21. פּלאַטע.

22. האַלקאַ.

23. שלעפּער — אַ מין פּענזל (פאַראַן אַ מאָל־פּענזל און אַ שרייבפּענזל; פאַראַן אויך אַ טשע־טשאַק).

24. שפּאַכטל — צו קיטעווען, שפּאַכלעווען אַ פּאָד־לאָגע.

25. ראָגאָוויעץ — צו שמירן פּאָדלאָגעס.

26. פּימס — אַ שטיין גלאַטיק צו מאַכן.

27. גלאַספּאַפּיר.

28. פריז — (פ׳ן).

29. שטרייכן — שמירן אַ פּאָדלאָגע.

30. גרונד (u) אָדער קאָל׳עיר—אויף דעם מאָלט מען די דעסנס.

31. מאַזירן — מאָלן אַזוי, אַז ס׳זאָל אויסזען ווי ברעטער.

32. זאָקעל אָדער לאַמפּעריאַ — הייסט דער שלאַק אונטן.

33. פּאַצעטאַ — דער אויבערשטער טייל פון דער וואַנט, באַלד ביים סופיט, וואָס איז איינגעבויגן.

34. לאַקירן — די טירן און פענסטער און די פּאָדלאָגע לאַקירט מען, ס׳זאָל האָבן אַ גלאַנץ. דער סדר ביי דער אַרבעט איז אַזעלכער: צוערשט גרינטירן, שפּאַכלעווען, שלייפן, שמירן אָדער שטרייכן און צולעצט לאַקירן.

35. מינים פאַרבן: בלאָס; גרין; שענ־רויט; בערלינער רויט; שוואַרץ; אוגער (u); געל; שיטגעלב; כראָמגעלב; אומבראַ; קרעפּרויט; צינאָבער (o); ווייס.

36. ס׳ווערן נאָך באַנוצט צו דער מלאָכה: שלאַמ־קרייט; ווינערלאַק; צינקווייס; פּאָקאָסט; לאַ־קיר; עמאַל־לאַק.

# צו דער געשיכטע פון דער עלטערער אַחשורוש־שפּיל

פון ד״ר מ. ווײַנרײַך (ווילנע)

זומער 1926 האָב איך פֿאָרגעלייגט דעם קלעצקין־פֿאַרלאַג אַרויסצוגעבן אונטער דעם אַלגעמיינעם טיטול „קוועלברונעם" אַ דרייבענדיקע מקורים־זאַמלונג מיט אַזאַ אינהאַלט: I) דאָס שמואלבוך; II) יידישע טעאַטער־פּיעסעס ביזן אָנהייב 19טן י״ה; III) אַלט־יידישע ליריק. ס'דאַרפֿן זיין קריטיש־דורכגעקאָנטראָלירטע און קאָמענטירטע טעקסטן, וואָס זאָלן פֿאַרשפּאָרן די מי פֿון ווענדן זיך צו אוניקומס און זאָלן שאַפֿן דעם פֿונדאַמענט פֿאַר דער ווייטערדיקער פֿאָרשונג. דער פֿאַרלאַג האָט מיין פֿאָרשלאָג פּרינציפּיעל אַקצעפּטירט, און אויב עס וועלן זיך ניט אַריינמישן די פֿאַרנאַנטע „טעכנישע טעמים", וועט די זאַך צושטאַנדקומען. אָבער היות איך בין זיכער, אַז אַ טיילווייזע פֿאַרעפֿנטלעכונג קען ניט זיין קיין שטער צום גאַנצן, גיב איך דאָ אַן אויסשניט פֿון דעם מאַטעריאַל צום צווייטן באַנד.

*

פֿאַר אַ סוף־גרענעץ פֿון דער עלטערער אַחשורוש־שפּיל נעם איך אָן דאָס יאָר 1828, ווען יוסף הערץ אין פֿירט האָט אַרויסגעגעבן זיין „פּאַראָדיסטישע „אסתּר אָדער דיא בעלאָהנטע טוגענד", די ערשטע אינדיווידועלע דראַמאַטישע שאַפֿונג אויף דעם באַזיס פֿון אַחשורוש־שטאָף. ביז יענער צייט זיינען פֿאַראַן, לויט מיין וויסן, 10 פֿאַרשיידענע טעקסטן, וואָס קומען אין באַטראַכט [1]:

1) 1697. אַחשורוש־שפּיל (כּתב־יד אין לייפּציק).

2) 1708. אַחשורוש־שפּיל, איבערגעדרוקט ביי שודט III ז' 202—225.

3) 1718. אַחשורוש־שפּיל גלייך איינער אָפּערע.

4) 1720. „אַקטאַ אסתּר עם אַחשורוש" (כּתב־יד אין אָקספֿאָרד).

5) 1720. ערשטער דרוק „אַקטאַ" (פּראָג).

6) 18/17 י״ה. פֿראַגמענט (כּתב־יד אין האַמבורג).

7) 1763. צווייטער דרוק „אַקטאַ" (פּראָג).

8) 1774. דריטער דרוק „אַקטאַ" (אַמסטערדאַם).

9) 1780. „ערערטונג דער יודען" (דרוק אַמסטערדאַם).

10) 1820. פֿראַגמענט (כּתב־יד אין בערלין).

אין דעם „קוועלברונעם" וויל איך געבן אַלע פּיעסעטעקסטן בשלימות. אין דעם איצטיקן אויסשניט האָב איך זיך בנוגע די געדרוקטע באַאַרבעטונגען באַנוגנט מיט לענגערע אויסצוגן. אָבער אַפֿילו ביי די אומשטאַנדן בין איך געווען געצוואונגען צו טיילן די אַרבעט אין צווייען צוליב דוחק אין פּלאַץ. איך האָב דאָס געטאָן אויף דעם אופֿן, אַז איך האָב די מאַנוסקריפּטן (1, 6, 10) געלאָזן אויף אַ צווייטן מאָל; אויך דעם טעקסט פֿון 1708 (2) מוז איך צוליב דעם אָפּלייגן, ווייל עס איז בעסער צו אַנאַליזירן אים צוזאַמען מיט דעם לייפּציקער מאַנוסקריפּט. היינטיקס מאָל באַהאַנדל איך די געדרוקטע פּיעסעס: „אַחשורוש־שפּיל גלייך איינער אָפּערע" (3) און די „אַקטאַ אסתּר" אין אירע פֿאַרשיידענע גילגולים (4, 5, 7, 8, 9).

*

אַ פּאָר מעטאָדישע באַמערקונגען, וואָס מוזן, וויבאַלד עס האַנדלט זיך וועגן יידישער טעאַטער־געשיכטע, אָנקניפּן אין ד״ר שיפּערס וועגווייזערישן ווערק.

ד״ר שיפּערס אויפֿטו אין דער יידישער טעאַטער־געשיכטע איז זייער אַ גרויסער [2]; פֿון שטיקלעך און ברעקלעך האָט ער אויפֿגעשטעלט פֿאַר אונז דעם פֿאַרצייטיקן יידישן טעאַטער. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר זייער אַ שאַרפֿזיניקן רעקאָנסטרוקטאָר מיט אַ זיכערן חוש, און טאָמער זיינען פֿאַראַן געזונטע לעכער אין דאַך און אין די ווענט פֿון זיין בנין, איז ניט ער דערין שולדיק, נאָר דער פֿאַקט, וואָס קיינער האָט פֿאַר אים ניט צוגעגרייט קיין פֿאָראַרבעטן. די גרויסע ליניעס, די עטאַפּן פֿון דער אַנטוויקלונג, האָט ער יאָ אויפֿגעוויזן (אין אַזעלכע פֿוללדיקע שילדערונגען ליגט בכלל שיפּערס שטאַרקייט). און טאָמער זאָל עמעצער קומען מיט אַ טענה, אַז ער האָט זיך ניט אָפּגעפּאַרטיקט מיט אַלע פּרטים, וואָלט שיפּער (יפֿתּח בדורו כּשמואל בדורו) געמעגט ענטפֿערן מיט קרייצענאַכס ווערטער אין דער הקדמה צום צווייטן באַנד פֿון זיין Geschichte des neueren Dramas:

«Ich... hatte öfters die Empfindung, eines jener Bücher zu schreiben, „für welche die Zeit noch nicht gekommen ist". Doch ist es unmöglich, mit einer Gesamtdarstellung so lange zu warten, bis alle Einzelfragen durch Monographien erledigt sind.»

1 לויט ווי ד״ר ל. לאַנדוי גיט איבער אין זיינע Arthurian Legends ז' XXX געפֿינט זיך אין ד״ר מ. גאַסטערס באַזיץ אַ פֿראַגמענט פֿון אַ פּורים־שפּיל שיר ניט פֿון 15טן י״ה (? מ. וו.). צי איז דאָס אויך אַן אַחשורוש־שפּיל?

2 זע שאַצקי, די ערשטע געשיכטע פֿון יידישן טעאַטער, אין די איצטיקע „שריפֿטן" ז' 215 — 264 (דאָ ווייטער באַצייכנט מיט: שאַצקי).

אָבער דעם גרויסן שבח האָט פאַרדינט, לויט מיין מיינונג, בלויז שיפּערס ערשטער באַנד, און ווען ער וואָלט דעם צווייטן גיט אָנגעשריבן (צום ווייניקסטן אַזוי ווי ער זעט אויס ערשט) וואָלט אפשר געווען בעסער. וואָרים אין דעם צווייטן באַנד קומט שוין דער מחבר צו ווייזן ניט נאָר אַלגעמיינס, ער פאַרמעסט זיך אויף פּרטים. צווישן אַנדערע וויל ער דאָ ווייזן די טעכניק פון די אַלטע אויפפירונגען, און יאָך מער: אויך די טעקסטן פון דעם אַלטן רעפּערטואַר אין זייער בהדרגהדיקער אַנטוויקלונג. הייסט עס, די צילשטעלונג איז גאָר אַן אַנדערע, און בײַ נייע צילן מוז זיין אַ נייער דרך. שיפּער אָבער גייט ווייטער מיט זיין אַלטן וועג פון ערשטן באַנד: ער „רעקאָנסטרואירט". דאָ האָט ער איבערגעכאַפּט די מאָס, און ס'האָט ניט געקענט געראָטן.

איך גיב אייך אַ געמעל. די געלערנטע האָבן זיך לאַנג געחקירהט וועגן דעם, ווי אַזוי דער בית־המקדש האָט אויסגעזען, ביז וואַנען עס איז געקומען דער דייטש שטאַדע און מיט זיין מאָדעל אויסגענומען. אמת, ער האָט אויך געבויט בלית־ברירה אויף השערות; וויבאַלד השערות, מוזן זיין חילוקי־דעות, און שפּעטערדיקע פאָרשער זיינען ניט אינגאַנצן מסכים מיט אים; אָבער דער יסוד פון שטאַדעס רעקאָנסטרוקציע איז געבליבן.

שיפּער אין זיין ערשטן באַנד איז דער שטאַדע פון יידישן טעאַטער.

איר האָט אָבער ווען געהערט, אַז עמעצער זאָל פּרוּוון אויפשטעלן טיטוסעס טריאומף־אַרקע לויט ליטעראַרישע באַשרייבונגען? ניין, קיינער טוט דאָס ניט, ווייל פון דער אַרקע קען מען באַקומען אַ בילד אויף אַ סך אַ זיכערערן וועג: זי שטייט נאָך אין רוים ביז היינטיקן טאָג, און ווער עס האָט ניט קיין געלעגנהייט צו זען זי בחוש, דער קען געניסן פון אַ פאָטאָגראַפיע.

דער צווייטער באַנד פאַרנעמט זיך אין אַ גרויסער מאָס מיט רעקאָנסטרואירן טיטוסעס אַרקע. שיפּער נעמט דראַמע־פראַגמענטן פון 19טן און אַפילו פון 20טן י״ה און לערנט פּשט, אַז זיי שטאַמען פון 17טן. געוויס איז ריכטיק, אַז די היינטיקע פאָלקספּילן טראָגן אין זיך שיכטן פון דער פאַרצייטיקער דראַמע, און עס איז אַ מוז־זאַך אַרויסצוקריגן אָט די שיכטן. אָבער אָנהייבן פון קלעפּן ברעקלעך און כמעט אויסלאָזן דערמיט וואָלט געווען אַ גאַנג, ווען עס זאָלן פון יענער תקופה גופא ניט געווען איבערבלייבן קיין שום ליטעראַרישע דענקמאָלן. אָבער זיי זיינען יאָ פאַראַן, און מער אָנזיכטיקע, איידער די פראַגמענטן מיט וועלכע שיפּער אָפּערירט: אחשורוש־שפּילן זיינען אויפגעהיט, ווי ס'איז שוין געווען דערמאָנט, פון סוף 17טן י״ה, גלית־ און יוסף־טעקסטן פון אָנהייב 18טן י״ה. טאָ וואָס טויג רעקאָנסטרוקציע, אַז די קאָנסטרוקציע איז דאָ?

שיפּערן אַליין קומט דערזעלבער ספק: „דאָס איינפאַכסטע וואָלט געווען, ווען מיר שטעלן זיך אָפּ בײַ יעדן וואַריאַנט באַזונדער, אַנאַליזירן זיינע אייגנטימלעכקייטן... דאַן וואָלט נאָך געווען כדאַי צו מאַכן אַן אויספיר פון די רעזולטאַטן, צו וועלכע ס'האָבן אונדז דערפירט די אויספירלעכע אַנאַליזן". אָבער ער ענטפערט באַלד אָפּ אַליין: „נישט שטענדיק איז דער איינפאַכסטער מעטאָד — דער בעסטער און פּאַסיקסטער", וואָרים גייענדיק מיט דעם וועג וואָלט ער געמוזט דעם גאַנצן צווייטן באַנד, זאָגט ער, פאַרוואַנדלען אין אַ ריין־פילאָלאָגישער אַרבעט, און אים ווילט זיך ניט קיין פילאָלאָגיע, נאָר ליטעראַטורגעשיכטע פאַרבונדן מיט טעאַטער־געשיכטע.

אָבער עס זיינען פאַראַן געביטן, וואו מען קען זיך אָן פאָראַרבעטן ניט באַגיין. אַ סקולפּטאָר מוז פריער גוט דורכקנעטן זיין ליים, און צו אַ שוך להבדיל מוז מען פריער האָבן די כאָלעווע. אַלץ איינס, צי איז פילאָלאָגיע „אינטערעסאַנט" אָדער „נודנע" (איך בין ניט אַזוי זיכער, אַז פילאָלאָגיע איז אַלעמאָל לאַנגווייליק, און להיפּוך האָב איך געזען אויך ראָמאַנען וואָס שלעפּערן איין), נאָר איך דערוועג זיך אַרויסצוזאָגן דעם קאָנסערוואַטיוון געדאַנק: אָן אַ סאָלידן פילאָלאָגישן אונטערבוי איז ניט מיגלעך ניט קיין ליטעראַטור־ און ניט קיין טעאַטער־געשיכטע. באַנוגענען זיך מיט פילאָלאָגיע הייסט אָפּטמאָל דערבויען נאָר ביזן קעלער; איגנאָרירן די פילאָלאָגיע הייסט בויען לכתחילה דעם דאַך [1].

שיפּער גיט למשל אין זיין צווייטן באַנד (ז׳ 157—177 און 250 — 253) אַ גענוג דעטאַלירטע שילדערונג, ווי אַזוי עס האָט זיך אַנטוויקלט בײַ אונדז די אַחשורוש־דראַמע. איז באַנוגנט ער זיך פון אַלע איבערגעבליבענע טעקסטן בעצם בלויז מיט איינעם (שודט, 1708). וועגן דעם לייפּציקער כתב־יד וואַרפט ער נאָר אַריין אַ וואָרט, אַז ער איז ענלעך צו שודטס טעקסט, און פון די אַקטאַ ווערט מער ניט געבראַכט ווי שטיקלעך פון צוויי אַריעס. ווייטער איז אַלץ געבויט אויף אויסדרינגעניש פון יונגע פראַגמענטן, וואָס זיינען געדרוקט אין די „מיטטיילונגען צור יידישן פאָלקסקונדע" און אין פּרילוצקיס פאָלקסלידער. וואָס קומט אַרויס דערפון? איך רעד שוין ניט פון גרייזן; אָבער עס פעלט דאָך די רייכקייט פון קאָנקרעטע פאַקטן, און אָנשטאָט דעם רוקט זיך אַרויס אַ שאַבלאָניזירטע אַבסטראַקציע.

דאָס וואָס איך האָב אָקאָרשט געזאָגט דאַרף דינען ווי אַ התנצלות אויף מיינע געפּלאַנטע דריי בענד „פילאָלאָגישן" רוי־מאַטעריאַל.

1 בערך 1924 האָט נ. אויסלענדער אָנגעשריבן אין אַ רוסלענדער זשורנאַל אַן אַרבעט (איך אַליין האָב זי קיינמאָל ניט געזען, בלויז געהערט דערציילן וועגן איר), וואו ער זאָל אין צוזאַמענהאַנג מיט מיינע „שטאַפּלען" האָבן געשריבן, אַז דאָס אומגליק פון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור באַשטייט אין דעם, וואָס זי איז איינגעפאַלן צו פילאָלאָגן אין די הענט. צי קאָן געמאָלט זיין נאָך אַ זיסערע נקמה פאַר מיר ווי אויסלענדערס אַרטיקלען פון דער לעצטער צייט?

1

## אַחשורוש־שפּיל פון 1718

דער דאָזיקער חיבור איז ביי שיפּערן בלויז דערמאָנט (ז׳ 250) לויט אַ פאַרצייכענונג ביי שטיינשניידערן. שאַצקי ברענגט דעם טיטול, נאָר ליידער ניט מער ווי אַ טייל, און ווען עס דערגייט צום עיקר, זאָגט ער (ז׳ 262): „איך קאָן דאָ זיך אויף אים [דעם טעקסט] ניט אָפּשטעלן" און באַנוגנט זיך מיט דעם זאַץ, אַז דער טעקסט „האָט אַ סך ענלעכקייטן" מיט די אַקטאַ.

איך בין געוויינט געווען צו קוקן אויף דעם עקזעמפּלאַר פון דער ראָזענטאַליאַנאַ, וועלכן שאַצקי פאַרצייכנט ז׳ 240 אָנמ׳ 3, ווי אויף אַן אוניקום. פון שאַצקיס ווערטער קאָן מען דרינגען, אַז אים איז באַוואוסט נאָך אַ צווייטער עקזעמפּלאַר, ניט קיין דעפעקטער. אויב ס׳איז טאַקע אַזוי, וואָלט געווען זייער געוואונטשן צו האָבן אים אַן איבערגעדרוקטן אינגאַנצן. וואָרים אויף די 13 פאַראַנענע בלעטער פון אַמסטערדאַם לאָזן אונז הערן זייער פיל: מיר האָבן דאָ אַ פּיעסע, וואו מרדכי איז ניט קיין קאָמישע פיגור; אָבער עס זעט זיך ניט אַרויס, ווי שיפּער איז משער, אַז דאָ זאָלן זיין אינטערמעדיעס, וואו אַן אַנדער קאָמישער אַקטיאָר (אָדער אַקטיאָרן) טרעט אַרויס. ווייטער איז אין דער דאָזיקער „אָפּערע" דער מוסר־השכל פּונקט דער אייגענער, ווי אין דער ענגליש־דייטשער קאָמעדיאַנטן־פּיעסע פון 17טן י״ה (שיפּער 128,II): אַ פרוי דאַרף פאָלגן וואָס איר מאַן הייסט. אויסערגעוויינטלעך אינטערעסאַנט איז די פּיעסע אויך אין פּרט פון אויפדעקן די שפּיל־טעכניק. דהיינו, עס איז דאָ אַריינגעפירט דער עלעמענט פון פּאַנטאָמימע. מען ווייזט פיר לעבעדיקע בילדער; ביי יעדן בילד גייט אַרויס דער „מליץ" (קאָנפעראַנסיע וואָלטן מיר אפשר היינט געזאָגט) און גיט די געהעריקע דערקלערונגען; דאַן ערשט הייבט זיך אָן די אמתע פאָרשטעלונג.

לאָמיר לאָזן רעדן דעם חיבור גופא.

דער טיטול:

„אחשורוש / שפּיל / אויף איינן נייאן אופן גלייך איינר אפראי / אונ׳ איז אויז גיצאגין פון תרגום שני ומדרש, / ילקוט אונ׳ אנדרין מדרשים אונ׳ אייף איין / זאלכי מאניר גישטעלט גלייך וויא עז פון / רעכטין קאמעדיאנטן גישפּילט ווערט / אך שון מיט היגשטר פרקניגליכקייט פור / פירשטן אונ׳ הערין גישפּילט וואָרדן / אונ׳ איזט יעצונד אין פילן / שטיקן גימעהרט / גיבעשרט / אונ׳ / לבית הדפוס גיבראכט וואָרדן: בשנת ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר לפ״ק:"

דאָ האָבן מיר אַלזאָ אַ פעסטשטעלונג, אין וועלכער עס איז נישטאָ קיין שום גרונד צו ספקן: אַז די פּיעסע איז פאַקטיש אויפגעפירט געוואָרן; די „פירשטן און הערן" זיינען מסתמא גראָד געווען אַ פּראָדוקט פון דעם אַרויסגעבערס פאַנטאַזיע.

אויף זייט 2 און 3 גייט די באַשרייבונג פון די לעבעדיקע בילדער, וואָס איך ברענג זי אות באות. די אָפּשטעלצייכנס גיב איך צו (דאָ און אין די ווייטערדיקע אויסצוגן) אַליין; אין די טעקסטן שטייען בלויז · און:

„ווען דיזה קאמעדיא זאל רעכט גישפּילט ווערדן, דאש זיא זאל זיין (נחמד למראה ונחמד לשמוע), זוא מוזן פולגינדי פונקטן וואול אין אבאכט גינומן ווערדין:

ראשון מוז איין בימה גימאכט ווערדן מיט איין דרייא פאכין אויף צוג [1]. אין דער מיט מוז זיין איין גרוישר אויף צוג מיט צווייא קארדינין [2]; (וביד ימין) מוז זיין איין קליינר אויף צוג פור דער (מלכה) איר חדר; (וביד שמאל) ווידר איין קליינר אויף צוג פור דאש חדר (מרדכי).

שנית מוז דיא גאנצי הישטארי גיצייגיט ווערדן אין פיר שטילין [3] אויף ציגין [4], דאש דיא קארדינין ווערדן אויף גיצאגין אונ׳ דיא פערשונין שטין גאנץ פרצוקט [5] אונ׳ קיינר דארף [6] איין גליד רירין אונ׳ אך ניט רידן, זונדר [7] אליין דער מליץ, וועלכר דיא איין לאדונג טוט; דיא אנדרי אביר מוזן אלזוא פרצוקט שטין ביז דער מליץ האט אויז גירעט · צו מערקין דאש קיינר מוז דען רוקין צום פאלק ווענדין.

דער מליץ אבר קומט צום ערשטין הרויז פור דיא קארדינין אונ׳ טוט זיך שטעלין אין דער מיטין אונ׳ מאכט זיין קאמפּלעמענטין פור דעם פאלק.

ואומר מליץ:

[פּראָלאָג.]

ווייל גאטס גרויז גינאדין ליכט
אונז גינעדיג אן גשינין
אונ׳ אונז פון המנז פאלש גידיכט [8]
מיט וואונדר גימאכט אנטרינן, —
דרום מיר דיזי מאנהטש צייט
פפלעגין צו צעליפרירין [9],
מיט לויב גיזאנג אונ׳ הערצנש פרייד
דעם היגשטין [10] צו פזאלירין [11],
דער המנש גרושי טיראנייא
אויף זייא [= זיין] קאפּף ענדיט
אונ׳ אונז גימאכט גאנץ לאז אונ׳ פרייא
איהן אבר צום שפּאט פאלענדיט.
דעשנט וועגן וויר יעטצט אין טענדירן [12]
המנש וואונדרי הישטארי
אד וויפום [13] צו רעפּרעזנטירן
צו גאטש היגשטן גלארי;

1 דאָ מסתמא = פאַרהענג. 2 גאַרדינען. 3 שטילע. 4 דאָ מיטן פּשט: סצענע. 5 פאַרכאַפּט; אומבאַוועגלעך. 6 טאָר. 7 אחוץ. 8 אויסטראַכטעניש, בלבול. 9 zelebrieren, פּראַווען אַ יום־טוב. 10 = העכסטן. 11 געוויס אַ טעות, אַנשטאָט פּסאַלמירן — זינגען תהילים, לויבן. 12 אינטענדירן — האָבן בדעה. 13 ad vivum, לעבעדיקערהייט, פּינקטלעך.

דרצו איך אלי אינש גינראל [1]
גאנץ פריינטליך איניויטירן [2],
וויל איך אי[יך] יעדן אינש גינראל
ניט ווייז צו טיטולירן.
ביטה דער אונגידולט זיך צו ענטשלאגין [3],
אין קיגינוועדיגר הישטארי,
אלזוא ווירט ווערדן פור גיטראגין
איין וואונדרי טראגעדי.
פרימא [4] ווירט ווערדן רעפרעזנטירט
אחשורי [5] רייכר מאגין,
וויא ער אלי פירשטן האט גאשטירט [6]
180 טאגין.

נון גיט דער מיליץ אויף איין זייט, אונ׳ ווערדן דיא קארדינין אויף גיצאגין, אונ׳ ווערט דיזה פאשטור [7] גיצייגט, וויא פאלגט:

[דאָס ערשטע בילד.]

דער מלך זיצט אויף זיין טראן אונ׳ שטרעקט אויז זייןביידי הענד. (ביכי.ו) האלט ער איין בלויז שווערט קיגין [=קייגן] דיא ושתי, אלז וועלכי צום טוט איז שון פראַרטיילט; (ובשמאלו) האלט ער דען (שרביט של זהב) קיגין דער (אסתר), אלז וועלכי האט (נושא חן) גיוועזין אונ׳ (בשמאלו) קניט אונ׳ קושט דען (שרביט של מלך) מיט לאכנדן מונד. אבר ושתי (בימינו של מלך) קניט אויף דער ערדין מיט וויינינדם אנגזיכט, אונ׳ המן הינטר דער מלכה מיט איינם בלויסן גיצוקט שווערט, גאנץ פורייאלש [8]. (עוד בצד ימין) שטיט מרדכי אונ׳ ווייַשט [=ווייזט] אויף בגתן אונ׳ זרש [!], וועלכי שטין אונטר דעם גאלגן, אונ׳ דער (תליון) האלט זיא ביידה מיט שטריקן אן האלז, אונ׳ דער קאנצליר אבר בריכט דען שטאב דע[ש] לעבנש.

די אלי מוזן אזו לאנג שטין בלייבן אונ׳ קיינר קיין גליד נאך אויג רירין, ביז דער מיליץ האט אוי[ז] גירעט וואש דיז בידייט.

[דער מליץ] ווענט זיך צום פאלק אונ׳ ווייַשט אויף איין יעדין ביזונדר אונ׳ זאגט:

ויאמר מיליץ:

אלז נון דער קיניג אלזו פנקוועטירט [9],
האט אים דער וויין זיין הערץ פרפירט.
ושתי צו ברינגין ביפעהל ער גאב
נאקנט פור זיינם האף שטאב.
ושתי דרקיגין טאט פראטעסטירין,
דריבר מושט זיא איר לעבין פרלירין.
אבר אסתר דורך גאטש גינאד
ערוויהליט [10] ווארט [11] אן איהרי שטאט.

1 אינסגענעראַל, אַלע מיטצנאַנדער. 2 פאַרבעטן. 3 מוותר זיין. 4 primo, ערשטנס. 5 Ahasveri. 6 מכבד געווען. 7 האַל׳ postuur, שטעלונג. 8 ווילד־צאָרנדיק. 9 = באַנקעטירט, געפּראַלט אַ סעודה. 10 = erwählet, אויסגעוויילט. 11 = ward, איז געוואָרן.



זי האט זאלפירט [12] דעז קיניגש לעבין,
אונ׳ די אים וואלטן מיט גיפט פרגעבין [13],
דיא ביידה ווארדן אויף גיהנגין,
גלייך וויא פרדינט האט איר ביז [=ביין] פרלאנגין.

נון ווערט דיא קארדינין צו גימאכט, אונ׳ דער מי־ליץ גיט אין דיא מיטן אונ׳ זאגט:

אלזו דעש גרושן גאטש הענט
מיט אונז גינעדיג פרפארן [14],
דער פאר דער וואונד איין פפלאשטיר זענד [15]
אונז אין דער גיפאר צו ביווארין.

אונטר דעסן שפילין דיא מוזיקנטן, אונ׳ דיא פער־שונין שטעלן זיך איין דיא אנדרי פאשטור; אונ׳ דיזש איזט עש:

[דאָס צווייטע בילד.]

דער מלך זיצט אייף זיינם טראהן. בימינו קניהט המן מיט דער מסירה אין זיינר הנד, אונ׳ דער מלך גיבט איהם זיין חותם. ובשמאלו של מלך זיצט מרדכי בתענית אויף דער ערד אונ׳ רופט צו גאט מיט קלעגליכין גיבער־דין. אונ׳ אסתר פאלט דעם מלך צו פוס מיט וויינן. דער קיניג שטרעקיט אויז צו איר דיא שרביט אונ׳ ווייַשט איר איין פריינדליך גיזיכט. וואן זיא אלזא שטין, ווערט אויף גיצאגין [16].

ואומר מליץ:

אין דעסן שטיגה האך עמפור [17]
המן אין גרויזן עהרין,
אונ׳ (מרדכי) דער דא זאס אם טאר,
עהרט איהן ניכט נאך זיין ביגערן.
דרום המן שטרעקטי אויז זיין הנד
אלי יודין אויז צו טיליגן,
דיא דא ווארן אין גאנצים לנד;
אחשורוש טאט עש בווילִיגין.
(מרדכי) מיט פאשטין צו גאט באט,
האט אויך גינאד ערהאלטן;
אונ׳ אסתר פור דען קיניג טראט,
בפרייטה [18] יונגי אונ׳ אלטן.

ווערט צוגיצוגן, אונ׳ דער מיליץ גיט אין דיא מיט אונ׳ זאָגט:

דרום זאל מן אין דער היגשטן נוט
ניט גאנץ אונ׳ גאר פר צאגין,
ווײלין דער אליר היגשטי גאט
זיהט אן דש פאשטן אונ׳ קלאגין.

12 האַל׳ salveeren; געראַטעוועט. 13 פאַרסמען. 14 ver-fahren — זיך באַגיין. 15 פגל׳ דאָס שפּריכוואָרט: גאָט שיקט די רפואה פאַר דער מכה. 16 דער פאָרהאַנג. 17 empor — אַרויף. 18 befreite.

נון שפילן דיא מוזיקנטין, אונ׳ [די פארשוינענן] שטעלין זיך צום טריטן [= דריטן] אויף צוג. אונ׳ איז דיזר:

[דאָס דריטע בילד.]

מרדכי זיצט אויף דעם פפערט פון מלך, אונ׳ המן פירד [!] דאש פפערט מיט וויינין. אונ׳ דער מלך זיצט מיט אכתר אונ׳ ווייזט דען חסד, וועלכין ער אן אירן פעטיר ביטאן האט. דיא מלכה בידאנקט זיך מיט פריינדליכן אנבליק.

ווערט אויף גיצוגין, ואומר מליץ:

שויאט [1], וויא זיך דאש גליק קאן ווענדין
אין איין קורצן אויגן בליק!
המן זוכטי צו פאלענדן [2]
מרדכי דורך דען גאלגין שטריק;
אבר גאט טאט עז פרקערן
צו המנש קאנפוזיאון [3],
דש ער (מרדכי) מושטי עהרן
מיט דעש קיניגש קלייד אונ׳ קרוהן.
מושטי פור איהם אויז שרייאן
מיט טרומפיטן אונ׳ שלמייאן [4]:
„דאש איז דיזר מן וואול ווערט,
וועלכן דער קיניג צו עהרן בּיגערט!"

ווערט צו גיצאגין, אונ׳ דער מיליץ זאגט אלזוא:

דער דא ליגיט [5] איין שטיין,
מוט זעלבשטן דראן אן שטאסן;
דער גרובין גראבט פאלט זעלבשטן דאריין,
וויא עש המן האט גינאסין.

נון שפילין דיא מוזיקנטין, אונ׳ ווערט בּישטעלט דער לעצטי אויף צוג.

[דאָס פערטע בילד.]

דער מלך זיצט אויף זיין שטול. בּימינו מרדכי, בּשמאלו אסתר; אונ׳ המן אין דער הנד פון תליון מיט קלעגליכן גיבערדין. אונ׳ זרש מיט אירן צעהין זין בּיוויינט המנש אונטר גאנג.

ווערט אויף גיצוגין, ויאמר מיליץ:

דען גאלגין דען המן האט גיבּויט
צו מרדכי פרדערבין,
דען בּויט ער אויף זיין אייגני הויט [6],
מושט זעלבּשטן דראן שטערבין.

1 = schaut, זעט. 2 מאכן דעם סוף. 3 פארמישונג, פארטומלונג. 4 Schalmei, א מין פלייט. 5 = leget, לייגט. 6 פגלי׳ אונזער היינטיקן אויסדרוק: אויף זיין אייגענעם קאָפּ.



אלזוא האט המן זיינן לאהן
אויף דער וועלט ענטפאנגין
אונ׳ איזט מיט היגשטן שפאט אונ׳ האון [7]
אן גלגין ווארדן גיהנגין.

ווערט צו גיצאגין, ואמר המיליץ:

אלזוא וואלין וויר רעפרעזנטירן
דיא וואונדרי הישטארי;
ביטה איין וויניג צו פאציענטירן [8]
צו גאטש היגשטר גלארי.

דער נאך מאכט ער זיין קאמפלימענטן אונ׳ גיט אריין [הינטערן פאָרהאַנג]. דער נאָך פאנגט מן אן דיא קאמעדיה רעכט מיט לעבּנדיגן פערשונין צו שפילין, וויא עש פאלגט".

*

דערמיט ענדיקט זיך די זייט 2 (דאָס ביכל איז געזעצט צווייזשפּאַלטיק, אין אַ פאָרמאַט 17 × 12½ צ"מ), און אויף ז׳ 3 הייבּט זיך אָן די אייגנטלעכע פּיעסע.

אין דעם ערשטן „אויף צוק" [9] גיט אחשורוש המנען „דאש" באַפעל, ער זאָל לאָזן אויסרופן אומעטום וועגן זיין מאָלצייט אויף הונדערט אַכציק טעג. „דיא קרדין ווערט גון צו גיצוגן. לויפר גין [= גייען] פאר דיא קרדינין אונ׳ רופן אויז...", אַז אַלע זאָלן קומען.

„דער צווייטר אויף צוק. ווערט איין טיש מיט פאר נעהמי שפייזין אן בּירייט, בּייא וועלכין דער מלך מיט זייני יועצים זיצט, עשט אונ׳ טרינקט אונ׳ פאנגט אן צו דישקוריהרירן [10]" וועגן דעם, „... אונטר וועלכן נאציונין זיין דיא שענשטי ווייבש פרשונין". ווען די האַרן באַרימען זיך מיט זייערע פרויען, גיט אחשורוש אַ זאָג:

„מלך. נון וויל איך בּין וואון גימוט אין ווין,
זוא גיבּיט איך מיין גימאלין דיא קיניגין ושתי צו
בּרינגן אניין
נאקינט אונ׳ בּלויז מיט אירן לייבּ;
עש זאל זי אן שויאן מן אונ׳ ווייבּ.
זיכרליך עש וויר ט קיין שעניר פרויען צימר זיין,
זונדר זיא אין דער גנצין וועלט אליין..."

ושתי זאָגט זיך אָפּ, דער מלך פרעגט בּיי המנען אַן עצה, און המן ענטפערט, אַז ער האָט סטודירט לאַנג „אין הואן [= האָהען] אוניפערשיטעטין" און האָט קיינמאָל ניט געהערט, מען זאָל זיך אַזוי שטעלן קעגן אַ קיניג; דעריבּער דאַרף מען ושתין פאַרמשפּטן צום טויט, אַנדערע ווייבּער זאָלן איר ניט נאָכטון. דער מלך שטימט איין. המן גייט

7 Hohn, חוזק. 8 האָבּן געדולד. 9 אין דעם ווייטערדיקן בּאַטייט אויפצוג: סצענע. 10 פירן אַ שמועס.

צו ושתין נעמען איר לעבן. זי בעט ביי אים חסד. ער זאָגט, אַז ס׳איז פאַר איר דאָ נאָר איין עצה: זי זאָל אַליין גיין צום קיניג. זי בעט דעם קיניג, ער זאָל זי בעסער שיקן אין אַ „נונין קלוישטיר אניין. דא ווער איך אויף א־ביג פר שלושין [= פאַרשלאָסן] זיין".

„מ ל ך. ושתי, מיין אורדיר [1] האשטו ניכט וואלין פארירן [2]
דארום מושטו דיין לעבין פר לירין.
דארום, המן, נעם אין אובאכט,
וואש איך דיר האב פר שאפט [3]."

ושתי וויינט אַ קורצן מאָנאָלאָג. המן האַקט איר אָפּ רעם קאָפּ און ברענגט דעם קאָפּ „אויף איין לאפאר [?] צום מלך"; דערביי בעט ער, מען זאָל דאָס פּובליקירן, און די לויפערס רופן דאָס אויס:

„ל ו י פ ר. אלהיר איז דז זיגיל פון איר מאיישטט אייגניר האנד
צו שרייבין אונ׳ אויש צו רופין אין אלי לנד
אונ׳ דיא זאך צו פופליצירן,
דאש איין יעדי פרויא זיך וויש צו רעגולירן,
אירן מאנש ביפעהיל גיהורזאם נאָך צו קומן —
זונשטווירט איר וויא ושתי דאש לעבין גינומין."

מיט דער פּובליקאַציע ענדיקט זיך דער צווייטער אַקט.

„דער דריטי אויף צוג [!]. מ ל ך זיצט אין טרוריקייט מיט זיינם [!] יועצים אונ׳ ביקלאגיט זיך אונ׳ זאגט. המן איך לעבי אין פרושט [4] אונ׳ קוואלין. איבר ושתי מיין גיוועזני גימאלין..." זאָל מען זוכן אַן אַנדערע, „דאז איך מיין מלאנקילייא [5] פר טרייב". המן גיט אַן עצה אויפצוזוכן די שענסטע יונגפרויען: די שענסטע וועט זיין די מלכה און די אַנדערע — קעפּסווייבער. דער מלך איז דערפרייט, המן גיט דאָס איבער די לויפערס.

„דיא קארדינן ווערן צו גיצאגין אונ׳ דיא לויפר גין פר דיא קארדינן אונ׳ זאגין...", וואָס מען האָט זיי געהייסן:

„מ ר ד כ י. קומט אויז זיינם הדר אונ׳ רופט: אסתר, אסתר!
א ס ת ר. וואש ביליבט, מיין הערץ ליבשטר פעטיר?
מ ר ד כ י. דוא ווייסט דאש איך פון קינדהייט הער
האב דיך ערצוגין און טוגנט אונ׳ עהר;
זאלט איך דיך נון פון מיר געבין?
דאש זאלטי מיר פרביטרין מיין לעבין.
דאן איין מאנדאט איזט ערשאלין
נאך דש קיניגש וואול גיפאלין,
אלי יונג פרויא [!] צו זאמלין איין,
דיא שין אונ׳ פיין פון גישטאלטין זיין;
דרום איזט דיר מיין בעשטר ראט שלאג [6]
גאר ניכט צו קומן פאר דען טאג [7]
אונ׳ דיך ציכטיג פר בורגין צו האלטין,
דש נימנט זעהי דיין שיאיני [!] גישטאלטין;
דרמיט זיך נימט אין דיך פרליבי
אונ׳ מיך דאדורך צום טוט ביטריבי.
דאן דיא וויבר גאר לייכט פון זינין זיין
אונ׳ זעהיר ביוועגליך צו יא אונ׳ ניין".

עס גייען אָבער אָן המן און חרבונה „פאר דאש חדר מרדכי אונ׳ זעהין דיא אסתר מיט מרדכי"; וויבאַלד אַזוי, מוז שוין מרדכי זי לאָזן גיין. ער בענטשט זי: „דער גאט פון אברהם יצחק אונ׳ יעקב ערהיבי דיך צו זיינם לוב... דרום המן אונ׳ חרבונה, דא האבט איר דיזי דאמי... מרדכי זאגט נאך יברכך, ווי אסתר ווערט איוועק [!] געפירט".

„אסתר ווערט גיפירט אין דאש חדר פון דער מלכה. המן אונ׳ חרבונה קעהרין ווידר צום קיניג. דיא קארדינין ווערדין אויף גיצוגין. שפרעכט ה מ ן: אליר גינעדיגשטר קיניג אונ׳ ריגענט. אין אירן דינשט בין איך גיוועזן ביהענד...". אסתר ווערט געפעלן דעם קיניג, ער דערהייבט זי אויף ושתיס טראָן.

„דער פירדיר אויף צוג. דער קיניג ליגט אויף זיינן שפאַן בעט [8]. בגתן און תרש בירידן זיך אין פרעמדיר שפראך דען מלך צו טיטין." זיי רעדן אַ ביסל ייִדיש, דערנאָך זאָגט בגתן אויף לאַטיין: „מיטאמוס מאנום אין רעגם" [9]. תרש ענטפערט אויף ייִדיש און גיט צו, ווידער אין לאַטיין: „פענענא אקצידאמוס רעגם" [10]. מרדכי הערט און פאַרשטייט דאָס, דערציילט דאָס אסתרן; זי זאָגט דאָס איבער אַחשורושן, וועלכער הייסט ברענגען די פאַרברעכער. „דער מלך אין רוגיז שרייאט זיא אן: וויא האט איר אייך דארפן [11] אונטר שטין [= אונטערשטיין] איין קרימן לעזע מאיישטאטיס [12] צו ביגיהן"!... דער מלך פאַרמשפט זיי צום הענגען; דער קאַנצלער רופט דעם תלין. „קומט דער תליון צו לויפין אונ׳ נעמט זיא דיא דעגין און פרוקין [= פאַרוקן] אַוועק אונ׳ פירט זי צו דעם גאלגין". דער קאַנצלער גייט פאַר זיי בעטן, דערנאָך זיי אַליין [אָבער ניט אין קלאָגלידער, נאָר אין פּראָזע].

„ת ל י ו ן. איין שפריכווארט טוט אין דער וועלט אום לויפין: וואש אן גאלגין גיהערט, טוט ניכט פר זויפין [13]". דער תלין הענגט זיי. המן קומט, זעט זיי אויף דער תליה, איז אין כעס און באַשליסט זיך נוקם צו זיין אין די „מארד בעשטיאלשי יודין".

[1] אָרדער — באַפעל. [2] פאַרירן — פאָלגן. [3] באַפוילן. [4] = פּראָסט. [5] מעלאַנקילײַ — מעלאַנכאָליע.

[6] Ratschlag = Rat; [7] גאָר ניט צו באַווייזן זיך אויף דער ליכטיקער שיין. [8] Spannbett; גאָלצגער. [9] mittamus manum in regem, לאָמיר אויפהייבן די האַנט (= טייטן) אויפן קיניג. [10] veneno occidamus regem, מיט סם לאָמיר טייטן דעם קיניג. [11] טאָרן. [12] crimen laesae majestatis — פאַרברעך קעגן דער מאַיעסטעט. [13] ווערט ניט דערטרונקען.

„דער פּפינכּטער [!] אויף צוג". דער מלך הייסט אַלעמען בוקן זיך פאַר המנען. המן באַרימט זיך און זאָגט: „... דרום, איר מוזיקנטן, שפּילט מיר מיין לייבּ שטיק, דאש זיך מיין גייסט אין מיר ערקוויק [1]. אלא פּיקטאריא [2] דאש איז מיין גלאריא".

מרדכי בוקט זיך ניט. פון דעם קאַנצלערס און המנס רייד צו אים: „... דאש דו פר המן ניט ווילשט בוקן דיין אלטן שטייפן שעלמישן רוקן... מרדכי דוא יודשיר הונד! שליס צו דיין בליטץ גארשטיק [3] מונד". המן וואַרפט גורל, אין וואָסער טאָג צו פאַרטיליקן די יידן, און טוט דערביי „פלייסיג אין דער ביביל שדודירין". דער קאַנצלער רופט אים: „פרינץ הער המן".

המן קומט צו אחשורושן מיט דער מסירה.

„מלך. וואש מוז דאש דאך פאר איין פאלק זיין? זאגי אן, דוא גיטרייאר דינר מיין.

המן. יודן מוישל [4] בישניטני צוריסני העבריער זיין זיא גינאנט. אין אליר לייא שעלמישן פראקטיקין זיין זיא וואול ביקאנט"...

אחשורוש איז מסכּים אויף דער גזרה, נאָר ער האָט מורא, אַז ער וועט האָבן פרעהס מפּלה. המן באַרואיקט אים.

אין די נאָענטסטע זייטלעך ווײנט מרדכי אויף דער ביטערער גזרה. „מרדכי קלייט [= קליידט] זיך איין זאק אן אונ' זעצט זיך צור ערט [!] אונ' פאנגט אן צו קלאגין" אין דעם אמתן געשמאַקן „הויכדייטש":

מרדכי. אך ווער וירט מיינם הויפּט דאך געבּין
וואשיר צור גינוגזאמקייט
אונ' מייןביידן אויגין עבּן
פון דעם מעהר [!] דר ביטרקייט?
דאש איך זאט זאם מעכט בּיוויינין
מיין זוא גרויזיש הערצין לייד,
וויל איך זעהין מוז זאלכי פיינן,
דיא אונש המן האט אן בּירייט.
אה איר אלי דיא איר היר שטעהט!
זעהט אויף מיין הערצין לייד;
אונ' דיא איר פוריבר גיהעט,
זעהט, אוב צו איינר צייט
גיוועזן זייא איין מן פון שמערצן
גלייך אז איך יעצונדר בּין,
דאן דיא קוואל פון מיינים הערצין
בּינעמיט מיר מיין קראפט אונ זין.

1 אין טעקסט שטייט, געוויס ע"פ טעות, „ערקוויקט". 2 victoria — נצחון. 3 garstig — עיפּושריק, עקלריק; „בליץ" אויף צו פאַרשטאַרקן דעם אויסדרוק. 4 Mauschel (דייטש-יידישע אויסשפּראַך פון משהל) — זידלוואָרט פאַר יידן און יידיש אין דייטשלאַנד זינט סוף 17טן י"ה.



נאָך דער דאָזיקער טיראַדע [5] גייט ווייטער דאָס געקלאָג. „התך קומט צו דער קינגין אונ' זאגט וויא דאש מרדכי אזוי קלאגט אונ' שרייאיט".

„אסתר. התך, דוא גיטרייאר דינר מיין!
ער פראגי דאך וואש דאש מוז זיין
אונ' כוא מיין פעטר מרדכי פראגין,
וואש דאך ביטייט זוא יעמרליך שרייאן אונ' קלאגין".

התך פרעגט זיך אָן, און מרדכי גיט אים איבער וועגן דער שווערער גזרה: „...ווארום זאל איך ניכט יעמרליך שרייאן אונ' קלאגין, דאן וויר יודן אין דיזר צייט אלי צום טוט זיינט אן ברייט"... ער הייסט התכן איבערגעבן, אַז אסתר זאָל גיין בעטן ביים קיניג, און נאָך לאַנגע פאַר=האַנדלונגען דורך התכן (צום אָנהייב זאָגט זי, „דאש איך קיין אוידיענץ גיהאט אין דרייסיג טאגין") שטימט זי איין. התך קומט צו מרדכין מיט דער תשובה: „מרדכי! דיא קיניגין לאזט אים זאגין, דאש זיא רעזאלפירט זייא איר לעבין צו וואגין..." בתנאַי, אַז מרדכי זאָל אין דער צייט מיט גאַנץ קהל פון שושן בעטן צו גאָט.

*

פאַר מיר איז ניט אינגאַנצן קלאָר ד"ר י. שאַצקיס פעסטיקונג („באַהויפּטונג" בל"עז), אַז דער טעקסט פון אָט דער פּיעסע „האָט אַ סך ענלעכקייטן מיט אַקטאַ אסתר". לויט מיין מיינונג איז פאַראַן אַן ענלעכקייט נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל ביידע פּיעסעס באַהאַנדלען בערך אין איין צייט דעם נעמלעכן שטאָף. ווייטער גייען זיי זיך גראָד היפּש פונאַנדער, ווי דער לייענער וועט באַלד זען, אי אין דעם סצענישן אויפבוי, אי אין דער כאַראַקטעריסטיק פון די פּערזאָנען (מרדכיס ראָלע!). טאָמער חזרן זיך יאָ איבער עטלעכע אויסדרוקן („דיין בליץ=גאַרסטיקן מונד" אאַז"וו), זייגען זיי פאַראַן אין אַלע אָדער כמעט אין אַלע אַנדערע אַחשורוש=פּיעסעס [6].

עס איז ניט שווער צו באַמערקן, אַז די שפּראַך איז אין די רעמאַרקעס אַ סך אַ מער יידישע איידער אין טעקסט. די דאָזיקע דיפערענץ איז אַזוי שאַרף, אַז זי איז נוגע ניט נאָר די אויסדרוקן, נאָר אַפילו די פאָרמען: אין דער צייט וואָס אין די רעמאַרקעס שטייט „ער ווערט" (די נאָרמאַלע עלטערע פאָרם פאַר „וועט") און „מלך", זאָגן

5 מיר דערמאָנט זי שטאַרק, פון די ווערטער „אה איר אלי", די ערשטע פיר פערזן פון דעם אויסלאָז=מאָנאָלאָג אין „קיניג אודיפוס":

„איינוואוינער פון אונזער טעבּיי, גיט אַ קוק אויף אוידיפּוס!
ער ט'באַשיידט די רעטענישן, איז דער מעכטיקסטער געווען,
ס'האָט איעדער בירגער אים מיט קנאה אָנגעקוקט—און זעט
ס'צרא קעסלגרוב פון אומגליק עס האָט אים פאַרשלונגען איצט."

6 ווען מיר וועלן האָבן אַלע טעקסטן ביינאַנד, וועט מען קאָנען די שותּפישע ערטער אויסזוכן און פעסטשטעלן זייער גענעאַלאָגיע.

די העלדן ניט אַנדערש „ווירט" און „קעניג" 1. מיגלעך אַז דאָס נעמט זיך פונעם באַוואוסטזיין, אַז ביי אַ קיניגלעכן הויף קען מען ניט רעדן אַנדערש ווי הויכדייטש; אָבער ערשטערווייז ווערט שוין דאָס דייטשמעריש אַזוי געדיכט, אַז עס בעט זיך אַ השד: אפשר איז די גאַנצע פּיעסע אַ „גוי-אישע" לויט איר אָפּשטאַם? ליידער איז אין ווילנע ניטאָ קיין מיגלעכקייט דאָס פעסטצושטעלן; איך מוז וואַרטן, ביז וואַנען איך וועל ווידער צוקומען צו אַ מערב-אייראָפּעאישער ביבליאָטעק. אָדער אפשר וועט אַן אַנדערער זיך נעמען?

2

## אַקטאַ אסתּר

ד"ר שאַצקי האָט שוין אָנגעוויזן, אַז עס זיינען פאַראַן ניט קיין צוויי אויסגאַבעס פון די „אַקטאַ", נאָר דריי: 1) פּראָג 1720, 2) פּראָג 1763, 3) אַמסטערדאַם 1774.

דער שער פון דער ערשטער אויסגאַבע זעט אויס אַזוי:

אקטא אסתר מיט
אחשורוש

וועלכי בשנה הזאת ע"י בחורי חמד
בני הישיבה שיש עמה סמיכה של
ארוננו מרינו [!] ורבינו הגאין המפורם'
מוהרר דוד אפנהיים נר"י אויף איין
אפנטליכן דעאטרום גשפילט ווארדן
בחצוצרות ושאר מיני זמר

נדפס פה פראג

תחת ממשלת אדונינו המוחס
הקיסר קראלום השם ירום הורו
ויתנשא מלכותו ויאריך ימים אמן ;

שנת ת"פ לפ"ק

על ידי המחוקקים
נכדי של הר"ר יודא
ב"ק ז"ל.

דער שריפטשפּיגל (אָן קאָפּנשורה און „קוסטאָס") איז 13,5 × 8,2 צ"מ, 17 בויגן צו 8 זייטן = 136 (ניט-פּאַגינירטע) זייטן. אויף דער פאָרלעצטער זייט: „על ידי הפועל במלאכת הקודש יוזפא בן כמר יוסף בוט סג"ל".

אין דער צווייטער אויסגאַבע זעט שוין דער שער אויס אַ ביסל אַנדערש: רב דוד אָפּענהיים איז שוין ניט „נרו יאיר", און דאָס יאָר קאָן שוין ניט באַצייכנט ווערן ווי „בשנה הזאת":

„אקטא / אסתר מיט אהשורוש / וועלכש בשנת ת"פ ע"י בחורי חמד בני הישיבה שיש עמה / סמיכה של אדונינו מורינו ורבינו הגאון המפורסם מוה"רר דוד / אופּנהיים זצל"הה אויף איין ארדנטליכן [!] דעאטרום גשפילט /

1 אין דעריבער איז פאַר מיר קיין ספק ניט, אַז אין די ראָלעס דאַרף מען לייענען דורכאויס מיט אַ פּתח אַלע ווערטער, וואו מיר האָבן היינט אַ קמץ (הגם אויך אין יענער צייט איז אין דער לעבעדיקער שפּראַך דאָ געווען אַן o): טאַג, מאַגן, שטאַט.



ווארין בחצוצרות ושאר מיני כלי [!] זמר. / נדפס פה פראג / תחת ממשלת... מאריא טערעזיא... / בשנת תקכ"ג לפ"ק /

Gedruckt zu Prag, in der Katzischen / Buchdruckerey /
CUM LICENTIA SUPERIORUM /

בדפוס של המנוח מהורר משה כ"ץ זצ"ל: ונתחדש / על ידי נכדי [!] הנעלה ר' ישראל בן כהרר בער / ייטלש ז"ל".

די דאָזיקע אויפלאַגע איז געווען אומבאַקאַנט שטיינשניידערן, בשעת ער האָט צונויפגעשטעלט דעם באָדלעיאַנעקאַטאַלאָג. אַן עקזעמפּלאַר דערפון איז געווען אַנאָנסירט 1876 דורך דעם אַנטיקוואַר יוליוס בן-ציון (Benzian) און איז אָפּגעקויפט געוואָרן דורך דער פראַנקפורטער שטאָטישער ביבליאָטעק.

די דריטע אויסגאַבע איז געבראַכט ביי שאַצקין לויט אַן עקזעמפּלאַר פון ניו-יאָרקער יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. איך האָב מיינע נאָטיצן געמאַכט לויט אַן עקזעמפּלאַר פון בריטישן מוזעאום (Or. 1980, c. 39). נאָך דעם וואָרט „פלאהמבורג", מיט וועלכן עס ענדיקט זיך שאַצקיס אויסצוג, שטייט נאָך:

„נדפס בק"ק פּראג בשנת תקכ"ג לפ"ק,
ובעת הזא"ת ר"ו"ח וה"צ"לה יעמוד ליהודים".

די פאַרשטריכלטע אותיות באַטרעפן צוזאַמען 534 = תקל"ד.

עס איז קלאָר, אַז „פּראָג" איז צוגעגעבן נאָר פון שיינקייט וועגן, הגם געדרוקט איז דאָס וואָרט אויף דעם פּלאַץ און מיט דעם שריפט, וואָס מען שטעלט אַלעמאָל דעם דרוקאָרט. אַזוינע לייכטע מיסטיפיקאַציעס זיינען אַ גאַנץ אָפטע זאַך ביי עלטערע יידישע שריפטן. אמת, עס איז אַ וואונדער, אַז אַן אַמסטערדאַמער פאַרלעגער זאָל זיך באַהאַלטן הינטער אַן אַנדער שטאָט (פאַרקערט, אַמסטערדאַם ווערט יאָ אָפט אונטערגעשטעלט מיט אַ געשעפטלעכן מיין); אָבער נאָך וואונדערלעכער וואָלט געווען, ווען אַן אַמסטערדאַמער פאַרלעגער זאָל געווען „אַוועקוואַרפן ברויט און זוכן ברעקלעך". אַגב שטימט דער שריפט אינגאַנצן מיט „עררעטטונג דער יודען דורך מרדכי אונד אסתר", וואָס שאַצקי האָט באַשריבן ז' 261; וועגן דער דאָזיקער פּיעסע וועט נאָך באַלד אויסקומען צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער.

נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך באַקענט מיט די שערבלעטער פון אַלע דריי אויסגאַבעס ווערט אונז שוין פאַרשטענדלעך, פון וואַנען נעמט זיך אין אַמסטערדאַם 1774 דער „נדפס פעם שנית". דער אַמסטערדאַמער פאַרלעגער איז גאָט די נשמה שולדיק; ער האָט בלויז געהאַט אין האַנט דעם פּראָגער דרוק פון 1763, וואו ס'איז ניט באַצייכנט, אַז דאָס איז אַן איבערדרוק; האָט ער געמיינט, אַז ער האַלט אין האַנט די ערשטע אויפלאַגע.

חוץ די דריי אויפלאַגעס איז פאַראַן נאָך אַן אַקטאַ-טעקסט — אַ כתב-יד אין אָקספאָרד (נייבויער 2212, סיג-

באַטור .Opp 709; באַטירט אויך אין קאַט׳ באָדל׳ צו נומ׳ 3403). וואָס טראָגט דעם זעלבן טיטול:

אקטא

אסתר

עם אחשורש

דער כתב=יד איז געשריבן אויף שיינע פּאַפּיר, געבונדן אין לעדער מיט גאָלדשניט; קיין יאָר פון שרייבן, קיין שרייבער איז ניט אָנגעוויזן. ער פאַרנעמט 62 פּאַגינירטע בלעטער = 123 זייטן (די לעצטע זייט ליידיק). דער פאָרמאַט פונעם גאַנצן (ניט בלויז פונעם שריפטשפּיגל): 20×13 צ״מ; אָבער די גליונות זיינען ברייטע.

איך האָב פאַרגלייכט דעם כתב=יד מיט דער אויסגאַבע פּראָג 1720 גענוג גענוי (הגם ניט וואָרט פאַר וואָרט) און בין געקומען צו אַזאַ באַשלוס: אַראָפּגערעכנט קליינע דיפערענצן פון אָרטאָגראַפיע און שפּראַך זיינען ביידע טעקסטן אידענטיש. א „ה״ אָנשטאָט אַן „א״, „פרעגין״ (דרוק) אָנשטאָט „פראגין״ (כ״י), „פון מיין פאטר״ (דרוק) אַנטקעגן „פון מיינם פאטר״ (כ״י) אאַז״וו. איין אויסנאַם האָב איך באַמערקט: די „גוטע פּאַטענט״, וואָס אסתר קריגט אַרויס ביי אחשורושן אָנשטאָט המנס גזרה, איז פאָרמולירט פאַרשיידן. אָבער קיין אונטערשיידן אין תוך זיינען דאָ אויך ניטאָ, אַזוי אַז וועגן צוויי וואַריאַנטן פון דער פּיעסע איז ניטאָ וואָס צו רעדן. אויך מרדכיס מענה=לשון ביים פאַרהער איז פונקט דער אייגענער.

אַ קליינער חילוק איז פאַראַן בנוגע די רעמאַרקעס; דער כתב=יד גיט זיי אויף כמו=העברעאיש, דער דרוק אין יידיש. למשל:

כ״י: בא לויפר ואמר

דרוק: דא קומט דער לויפר אוני זאגט

כ״י: עקואמיני של מרדכי

דרוק: זאגן דיא קומיסאריא דז מרדכי פאר טרעט

כ״י: זינגט המן קלאג ליד אחר

דרוק: זינגט המן דאז אנדר קלאג ליד

ערטערווייז זיינען די רעמאַרקעס אין כ״י אַ ביסל גענויער. למשל נאָכדעם ווי המן האָט אויסגעזונגען זיינע לעצטע קלאָגלידער און דער מלך האָט אָפּגעוואָרפן זיינע בקשות, גיט דער כתב=יד (ז׳ ס b): „זא הענגט מן המן אויף אוני ווייל ער הענגט עם עשרת בניו אומרת מלכה לפני מלך / אומרת מלכה...״ דער דרוק גיט דאָ פשוט: „זאָגט די מלכה״... אָבער אויך דאָס בייט ניט דעם עיקר.

באַמערקווערדיק איז בלויז, וואָס אויף דער ערשטער זייט פון דעם כתב=יד שטייט שוין ניט „אַקטאַ אסתר עם אחשורש״, ווי אויבן שער, נאָר

אקציאהן אחשורוש

דערמיט איז די באַצייכענונג „אַקציאָן״ באַוויזן אויך פאַר אונזער פּיעסע — אַ גאַנץ אינטערעסאַנטער שטריך פאַר דער טעאַטער=געשיכטע.

וואָס איז דער אָפּשטאַם פון דעם כתב=יד? מער ווי השערות זיינען דאָ פאַרשטייט זיך ניט מיגלעך, ווייל קיין שום צושריפטן זיינען ניטאָ. פאַר אַ האַנט=עקזעמפּלאַר פון די שפּילער איז דאָס צו שיין. איך מיין, אַז דער כתב=יד איז אפשר איבערגעשריבן געוואָרן פון ר׳ דוד אָפּענהיימערס וועגן אין דער צייט פון דער אויפפירונג אָדער קורץ נאָכדעם. דאָס ביכל איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דעם יאָר פון דער אויפפירונג („בשנה הזאת״). געוויס האָט די פּיעסע געהאַט אַזאַ ערפאָלג, אַז דער פירמע ב״ק [= באַק] האָט זיך פאַרוואָלט מאַכן אַ געשעפט, און זי האָט מסתמא געגעבן איינעם פון די בחורים=מיטשפּילער אַ ביסל געלט, האָט ער געבראַכט אַ מאַנוסקריפּט פון דער פּיעסע. מען דאַרף רעכענען, אַז דעם ראָש=ישיבה האָט מען איינגעהענטיקט דעם געשריבענעם עקזעמפּלאַר איידער די געדרוקטע פּיעסע האָט זיך באַוויזן אין פאַרקויף [1].

*

אויף ז׳ 443 גיב איך די דריי האָלצשניטן, וואָס זיינען פאַראַן סיי אין דער ערשטער, סיי אין דער צווייטער אויפלאַגע.

די בילדער זיינען גענוג כאַראַקטעריסטיש, וואָרים זיי ווייזן אונז מרדכין, המנען און די פּאַיאַצן גאָרניט אין קיין פּערסישע קאָסטיומען, נאָר אין מיטלעלטערישע מלבושים. [2] איבערהויפּט איז דאָ מערקווערדיק המן. ווען מען גיט אַ קוק אויף די בילדער פאַרשטייט מען, ווי שטאַרק עס איז בכלל געווען דער עלעמענט פון אַנאַכראָניזם אין אונזער אַלטן טעאַטער.

*

איבערדערציילן דעם אינהאַלט פון דער פּיעסע איז ניט כדאַי; עס איז אַ טיפּישע Haupt- und Staatsaktion, מיט לאַנגע מאָנאָלאָגן און קלאָגלידער און מיט יענער ספּעציפישער איידלקייט, וואָס וואַנדערנדיקע אַקטיאָרן פון 17טן—18טן י״ה האָבן געמיינט, אַז אַזוינס איז אָנגענומען ביי קיניגלעכע הויפן. אַ פּראָסטער מענטש רעדט פאַרשטענדלעך, אַ מלך אָדער קרוב למלכות ניצט אַ סך פּרעמדווערטער (דאָס האָבן מיר שוין געזען אין דער „אָפּערע״ אויך); אַן אַנדערער מאַכט דאָס בקיצור, אַ הויפמאַן איילט זיך ניט און טייטשט גוט אויס יעדע זאַך. ביים יידישן אַקטיאָר איז נאָך צוגעקומען דאָס, וואָס לויט זיין מיינונג האָט פאַר דעם קיניג און זיינע מקורבים ניט געפּאַסט צו רעדן יידיש; האָט ער זיי געלאָזט רעדן אויף דייטש אָדער אויף אַ שפּראַך וואָס ביי אים האָט דאָס געהייסן דייטש.

1 אָבער קענען דעם רעדן אפשר די שורות אויפן פאָרזאַץ: „דיזיש בוך איזט מיר ליב ווער עש שטעלט דער איז״; מער שטייט ניט, נאָר ס׳איז קלאָר, אַז דאָ פעלט „איין דיב״ — אַ באַליבטע שוצפאָרמול אויף ביכער; אין דעם פאַל האָט זי ווינציק וואָס געקאָנט העלפן, מחמת דער אמתער באַזיצער האָט זיך אפילו ניט געחתמעט. זאָל דוד אָפּענהיימער אַליין האָבן אריינגעשריבן אַזוינס?

2 ס׳זיינען ניט קיין פינף האָלצשניטן, ווי שיפּער שרייבט I 192, נאָר פינף פיגורן אויף דריי האָלצשניטן.

אויף אַזאַ אופן פאַרנעמט די מעשה ושתי [1] אין די „אַקטאַ" גאַנצע 21 זייטן. דאָ אין די „אַקטאַ" נעמט עס ניט ווינ־ציקער ווי 35 געדרוקטע זייטן, ביז וואַנען המן איז זיך מישב מיט די האַרן וועגן דער פּאַסיקער צייט אומצובריינ־גען יידן און ער פּועלט דאָס אויס ב״ים קיניג; אין כ״י פון 1697 — בלויז ביי 5 געשריבענע זייטן. נאָך זיין טויט־



דאָס לעצטע זייטל פון די „אַקטאַ אבתר" (פּראָג, 1720)

אורטייל זינגט המן אויס אין די „אַקטאַ" ביי 50 פאַרשיידענע קופּלעטן פון קלאָגלידער [2]. היינט איז פאַר אונז דאָס גאַנצע אַ שווערע לייעניש; אויב מען קען נאָך געפינען (ווי באַסין)

1 אין דער פּורים־שפּיל 1697 ווערט זי בלויז דערמאָנט אין אחשירושעס מאָנאָלאָג, אין דער אָפּערע פון 1718 ווערט זי אויך אָפּגע־מאַכט אײנס און צוויי.

2 אַ ביסל דערפון אין באַסינס אַנטאָלאָגיע I ז' 76—78, און פון דאָרט (געקירצט) איבערגעדרוקט אין שיפּערס טעאַטערגעשיכטע II ז' 252—253.

עפּעס אַ טעם אין די אַריעס, מוז מען זיך פּשוט אָנטון אַ כוח דורכצוגיין דורך דער נודיענדיקער הויכדייטשער פּראָזע. אָבער די באַציאונג פון פּובליקום בשעתו איז גע־ווען גאָר אַן אַנדערע; מען האָט געוויס געלעקט די פינגער פון די לאַנגע מאָנאָלאָגן, און ווען די „קאָמיסאַריע" מיטן „האָפקאַנצלער" האָבן אויסגעפּאָרשט בגתן און תרשן לויט די כללים פון דער יעמאָלטיקער יוסטיץ, האָבן אַלע גע־קוקט צו דער בינע מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם.

אַ פּאָר ביישפּילן אויס דעם טעקסט פון דער פּיעסע (לויטן דרוק פון 1720).

[אסתר קומט דאָס ערשטע מאָל צום קיניג.]

„אליר גנעדיגשטר קיניג, לעבן זאלט איר אימר אונ' א״ביג! איך קאן וועגן אייער גרוש הערליכק״יט ניט פיל שפרעכן אונ' זאגן, דען זעלכש קיניגרייך האב איך ניכט גיזעהן אל מיין טאגן · איך בין ערשראקין וועגן אייערי גראשי הערליכקייט אונ' וועגן דיא ציראטן אייער קיניגליכי שונהייט · אונ' צו דעמי בין איך איילזאם ווארדן גהאלט; דיזש וויש איך ניכט וואז עז זיין זאלט · דרום וואלן מיר מ״ט [= מאַיעסטעט] מיר [3] וייזן דיא גנאד · אונ' מיר ווישנר [= וויסנד] מכין וואז אויף מיר בשלאזן איזט אין ראט.

זאָגט דער מלך

אל'יר שענשטי פרינצעסין, אייערש קונטראפעקט [4] וועלכש מיר איזט ווארדן פרעזאנטירט, דז זיך [זע] איך נאך פיל בעשר פרשינליך [פּערזענלעך] היר · איר זייט ווארדן אויז ער ווילט מיט מיר גלייך צו הערשן אין דער וועלט · אונ' וייל איר דיא גנאד טוט האן, זא וויל איך אייך ער היבן אין מיין קיניגליכן טראן.

זאגט דיא מלכה

אָ אליר הערשט הויבט דער גנצי ערדן! איך בין ניכט ווערט דז מיך איר מ״ט זאל צום ווייב בגערן. דען דיא פאר פארן [5] איזט גוועזן פון האהן געשלעכט אונ' האט דאך איר מ״ט ניכט קאנן בדינן רכט [= רעכט] · נון, וויא וואלט דען איך בשטין אדר וויא וואלט עז מיר ערגין? דרום וואלט איך אונטר טעניג ביטן, דז דיזש זעלטי בלייבן פר מיטן.

זאגט דער מלך

שטיט אויף, אליר שענשטי פרינצעסן, איר האבט דיא שענשטי ציר: פר אנדרי אלין גפלט איר מיר! איר האבט דיא רעכטי גנאד, ווייל איר פר אנדרי אלין דען פאר צוק האט. דארום זאג איך נאך מאלן: שטיט אויף, אליר שענ[ש]טי ברויט; אויך איז גראסי ער מיט ליב פר טרויט.

זאגט דיא מלכה

נון טוא איך גאט דען העכשטין דנקן, דער זאלכש הוט געבן איר מ״ט אין זיינם גידנקן, אונ' וויל אונטר

3 מסתמא: ערווייזן. 4 בילד. 5 Vorfahrin — די פאָרגייע־רין, ושתי.

טעניגש [!] ביטן, דזין [!] איר מ"ט זאלן מיר גנעדיג זיין, ווייַלן דער העכשטי קינג איז דער ברייטיגם מיין אונט איך די אונטר טעניגשטי ברויט בין. אלזא נייג איך מיך נאך איין מאל אונ' פר בלייב איין דינרן:

זעצט זיך דיא מלכה נעבן דען **מלך**

**[המן און מרדכי.]**

זאגט **המן**

**לויפר!** היר הושטו די גנעדיגי פאטענט אירי מ"ט זיין אייגני הנט צו פובליצירן דורך דז גנצי לנד, דז יעדר מן זאל זיך קיגן מיר בוקן; אונ' וועלכר דר זיך ניכט [ווערט] בוקן, זאל גשטראפט ווערדן, ווייל ער אירא מ"ט זיין גבאט האט טאן פר רוקן.

פובליצירט **לויפער**

האך ליפליכע מיניסטר, פירשטן, גראפן, פר נעמט מיך אל צו גלייך, אונ' אלש וואז זיך בפינדט אין אונזרן רייך! אלהיר האבן זיא צו ער זעהן דיא גנעדיגי פאטענט כון איר מ"ט זיין הנט צו פובליצירן דורך דז גנצי לנד, דז זיך פר פרינץ המן זאל בוקן יעדר מאן אונ' אים אלי ער אן טאן; אונ' ווער זיך ניכט ווערט קיגן אים נייגן אונ' בוקן, זאל אב גשטראפט ווערדן, ווייל ער אירי מ"ה זיין גבאט האט טאן פר רוקן!

זאגט **המן**

אירי [!] הערן, בוקט אייך!

קומט ער צו מרדכי אונ' שפריכט

מרדכי, בוק דיך!

ענטפרט **מרדכי** וואז ער ענטפרט

זאגט **המן**

מרדכי, דוא יודשר הונט! פר שליס דיין בליץ גאו[ר]-שטיג מונד! דא שווער איך דיר איין אייד: דיין בעשטי ריד זולן דיר ווערן לייד. דען איזא בלד אלז איך אב שייד הינן, בייא איר מ"ט וויל איך דיא אוידיענץ גווינען; אונ' ווען איך גלייך מיין האב אונ' גוט זאלט געבן, זא וויל איך אב קויפן דיינש [!] לעבן; אונ' ניכט דיינש לעבן אליין, זאנדרין די גנצי בעשטי גמיין [1].

ענטפרט **מרדכי** וואז ער ענטפרט

פון די לעצטע פּאָר זאַצן אין די רעמאַרקעס פון דעם לעצטן פראַגמענט, זעט מען אַרויס דעם סימן-מובהק פון די "אַקטאַ": **מרדכיס ראָלע איז דאָ ניט געגעבן בכתב.** דאָס איז ניט בלויז ביי די צוויי רעפּליקעס, נאָר כּסדר געפינען מיר: "זאגט מרדכי זייני זכין"; "זאגט מרדכי זיין אנטוורט"; "זאגט מרדכי תפילות" אאַז"וו. עס איז דערפון קלאָר, אַז מרדכיס ראָלע

1 אין דעם כ"י שטייט פאַרשטענדלעכער: "זונדרן דיא גנצי בעשטי העבּרער [!] גמיין".

איז געווען די ראָלע פון דעם **אימפּראָוויזאַטאָר**-פּיקעלהערינג [2]. מרדכי איז אַלזאָ די קאָמישע פיגור אין דער דאָזיקער טויט-ערנסטער פּיעסע.

בלויז איין מאָל באַקומט ער לשון בכתב: בשעת "די קאָמיסאַריע" פאַרהערן אים וועגן דעם ענין בגתן-תרש. און תיכּף פאַלט איין דאָס אָנגעבלאָזענע קאָרטנשטיבל פון דעם פּאַפּירענעם "הויכטייטש". אָקאָרשט האָט מען נאָך גערעדט: "דער קיניג סאלאמן", "דען גראשן טעמפיל צו הירוזאלעם", "דיא איזראליטין", "אויז דען אנדרן בוך מאזוש", "דער ראַבינער מאָזעס"; מיטאַמאָל דערהערן מיר פון מרדכין אַ געשמאַק יידיש: עם-הארצים, מחותן, אמת, קשיא, מלכה, מחותנים, בר-מצווה-מאָל, שבעים-מאָל אאַז"וו. אַ ייד האָט שוין געמוזט רעדן יידיש, לשם רעאַליזם, אַפילו אין דער דאָזיקער פּיעסע אויף שטאָלצן.

אין דער צווייטער און דריטער אויפלאַגע (איך ציטיר לויט דער דריטער) לייענט זיך דער פאַרהער אַזוי:

**[מרדכיס פאַרהער.]**

זאגין דיא קומיסאריע, דש דער יוד מרדכי זאל פאר-טרעטן.

דא טרעטייט [!] מרדכי פאהר אונד ווירט פפראגט

[**אויספאָרשער**] הערשטו יוד, וויא הייסטו?

**מרדכי.** וויא מיין פאטר.

**אויספ'.** ווי הייסט דאן דיין פאטר?

**מ'.** אלש וויא איך.

**אויספ'.** וויא הייסט דאן דוא?

**מ'.** וויא מיין פאטר.

[איין **אויספאָרשער** צום צווייטן] הער קאלעגא, בייא דיזר וויש ווירט דיא עקסאמיני אין דער איביקייט דויארן.

זאגט מען צו מרדכי

אהני פעקסירונג [3], וויא הייסטו? דוא זאלשט דיא ווארהייט זאגין אין נאמין איהרי מייסטעט קיניג ארטעקס-סטיס [!] אונזרן אליר גנעדיגשטן הערן.

[**מרדכין**] אָ, אין נאמין אירה מ"ט וויל איך דען אמת זאגין; דער מלך איז מיין מחותן אונ' איך הייש פרינץ ר' מרדכי.

[**אויספ'**] וואו הער בישטו!

[**מ'**] פון מיינר מוטר.

[**אויספ'**] וויר פראגין דיך ניכט אויף דיינר מוטר.

[**מ'**] זוא קום איך פון מיין פאטר.

[**אויספ'**] וויר פר לנגין דיין פאטר אויך ניכט צו ווישן; אליין אויז וואש פאר איין אורט דוא הער בישט.

2 אַזוי ווי אין דער "עקציאָן גלית", בערך פון דער זעלבער צייט, ווערט בפירוש אָנגעוויזן: "ליזזינצקי דער ראהטש הער פון גליות וועלכר זיך זיין נאמן שאנשירט [בייט] אונ' זיך האנז ווארשט טיטילירט".

3 קאַטאָוועס.

[מ'] דאז היישן עם הארצים! איך האב יוא פאר[1] גזאגט: פון מיין מוטר; דש איז יוא דש אורט וואו איך הער קומן בין.

[אויספ'] דו נר, דא הער קומן מיר אלי. אליין ויר פראגין דיך, אויז וועלכי שטט[2] דוא גבארין בישט.

[מ'] איך הלט די קומיסארי זיינן גרושי נרין. איך האב יוא גזאגט: פון מיין מוטר; דאז איז יוא דיא שטאט וואו איך גבארין בין.

[אויספ'] ניין, וויר פראגין ניכט אויף דיזן, אליין אויז וואש פר אייני ער בויאטי שטט אין דער וועלט, אין וועלכי דוא גבארין בישט ווארדן.

[מ'] אָ, הַ [!], העט עטץ צום ערשטין אזו גמרעגט, העטין מיר פיל ווארט ער שפארין קענין. אויז וועלכי ער בויאטי שטט? אויז ירושלים!

[אויספ'] וויא אלט בישטו?

[מ'] אזו אלט אז מיין קליין פינגרל איז[3].

[אויספ'] וויא אלט איז דאן דש זעלביגי?

[מ'] אזו אלט אלש איך בין.

[אויספ'] וויר פראגין דיך אין נאמין איהרי מייס־טעט, וויא אלט דוא בישט.

[מ'] וויא אלט איך בין? דאש קאן איך ניט ווישן. דען אזו פיל אלש איך מיין טאג גלערנט האב, האב איך דיא קשיא ניט גפונדן אין איין ספר שטין [= שטיין]. זונדרן דאש איז מיר בוואשט: דא איך דרייצעהן יאהר בין אלט גווארין האט מאן איין בר מצוה מאל גמאכט אונ' דער נאך צו שבעים האט מען מיר שבעים מאל גמכט.

[אויספ'] דוא נאר! מיר קענן אונש היר נאך ניכט רעכטן. דוא מושט אונש קלאהר בשיידן, וויא פיל יאהר דוא אלט בישט.

[מ'] יוא, דאז וויל איך אויך טאן: הונדרט אונד צוועלף אונד צוואנציג יאהר.

[אויספ'] וואש איז דען דיין טוהן אין קיניגליכן הויף?

[מ'] וואש מיין טאן [!] איז? עסין, טרינקען, שלופן — דז אנדרי טאר איך ניכט זאגין, איך מוז פר איין ברשות אויף ענק נעמין.

[אויספ'] וויר פראגין ניכט אויף דיזן. וויר פראגין, אוב דוא איין אמכט אודר איין אפיציא אין דיזן קיניגליכן האף האשט.

[מ'] איכא [!] בין דען מלך זיין נאנטר מחותן, אונ' דיא מלכה איז מיין גשוועסטר קינד.

[אויספ'] איזט אויך וואר, דש דוא עטוואש גהערט האשט וואש בגתן אונד תרש מיט אננדער גירעט האבין?

[מ'] יוא מייני הערין, איך האב גהערט.

[אויספ'] וואש האשטו גיהערט?

[1] = פאר, פריער. [2] = שטאָט. ווערטשפּיל: א) אָרט (פגל' „אַ שטאָט אין שול"); ב) שטאָטישער ישוב. [3] פגל' ייד"פיל ז' 249.

[מ'] איך בין ענקש ניט מחויב צו זאגין.

[אויספ'] הערשטו, יוד! מיר [!] פראגין דיך אין נאמנש [!] אונזרן גרושין קיניג, דש דוא אונש זאלשט זאגין וואש דו גיהערט האשט.

[מ'] איך האב גיהערט, וויא בגתן זאגט צום גלעזל, אלש ער וויל דען גיפט שטוסן אונד תרש דא מיט פר געבן[4].

[אויספ'] דוא נארישר יוד! דא הירויז קאנין מיר ניכט אויף דער ווארהייט קומן.

[מ'] ניין, ניין, איך הבי מיך גאירט. דז גלעזל האט גזאגט צו תרש, אלז ער וויל דען גיפט שטוסן אונ' בגתן דא מיט פר געבן.

[אויספ'] דוא יוד, בישט אבר מאהל נאריש. וויא קאן דאן דש גלעזל רידן?

[מ'] יוא, שווייגט אביסל, איך האב מיך ווידר אמאל טועה גיגעסן. בגתן האט גזאגט צום מלך, דש ער וויל תרש שטוסן אונ' דען גיפט דען גלעזל איין געבן.

[אויספ'] וויר קענין הירויז ניכט קומן, ווער האט גרעט אודר וואז הט מן גרעט.

[מ'] איך בין אבר מאהל שיכור. דער מלך האט גזאגט צום גיפט: מיר ווען בגתן שטוסן אונ' תרש דען גלעזל איין געבן.

[אויספ'] וויר קענין זיך היר נאך ניכט רעכטן. פילייכט טושטו דיך אירן?

[מ'] עש איזט וואר אונ' וואר; עש איז אזו גוועזין: איך האב גיהערט, וויא דער גיפט זאגט צום גלעזל, דש ער תרש וויל צו שטוסן אונ' וויל בגתן דען מלך איין געבן.

[איין אויספאָרשער צום צווייטן] הער קאלעגא, מיר ווישן הייגט ניכט אויז דיזן צו קומן. דער מאן מוז זיך אין זייני רידן גאר גראב אירן; קאן דען דער גיפט רידן?

[מ'] אמת! איך בין ווידר ניכט אויז גישלאפן. דער מלך האט גזאגט צו בגתן, דש ער וויל דען גיפט שטוסן אונ' דש גלעזל דען תרש צו טרינקן געבן.

[אויספ'] פילייכט טושטו דיך ווידרום אירן? זאג רעכט דיא ווארהייט, אין נאמין איר מ"ט, וואש דוא גהערט האשט.

[מ'] איך האב גיהערט, וויא בגתן האט גזאגט צו תרש, דש ער דען גיפט וויל אין גלעזל לאזן אונ' אויף איין צייט דעם קיניג צו טרינקן געבן.

זאגן די קומיסאריען דוזן [!] אלי ביידי צו גלייך פאר טרעטין. זאגט דער האף קאנצלר...

אַזוי זעט אויס דער פאַרהער אין דער צווייטער און דריטער אויפלאַגע: מיט פרעטענזיעס אויף וויץ, אָבער צָן ניבול־פּה. אַנדערש איז אין דעם ערשטן דרוק פון 1720;

[4] פּטרסמען.

דאָ געפֿינען זיך נאָך אַזוינע שטעלן, וואָס דער איבערדרוקער פֿון 1763 האָט אַרויסגעוואָרפֿן:

„[מ'] דיא מלכה איז מיין שייסטר קינד."
„[אויספ'] אויף וואז פר איין שפראך האבן זי גרעט?
[מ'] אויף לעק דיין ארש [1].
[אויספ'] וואז איז דען דיז פר איין שפראך?
[ג'] ניין, איך בין מיך תחת [2]: אויף לעק מיין ארש.
[אויספ'] וויר וישן ניכט וואז דיזש פר שפראכן זיין.
[מ'] אויף שפני ארש; פיהם ארש, פרנץ ארש; לעקטן וואלכן [!] עטך וואלט, עטך האט די ברירה. דער נאך קענט עטך מיר תשובה זאגן, וועלכר בעשר שמעקט."

אויב מען האָט אַזוינס יאָ געקאָנט דרוקן אין 1720, קען מען זיך פֿאָרשטעלן, וואָס מרדכי פֿלעגט אָנרעדן אין זײַנע אימפּראָוויזאַציעס.

ד"ר י. צינבערג האָט 1923 אין „צוקונפֿט" אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז איינער פֿון די אונטערשיידן צווישן דער פֿאָלקסטימלעכער אַחשורוש־שפּיל (למשל בײַ שודטן) און דער „אַקציאָן" מוז זײַן דער טאָן. דאָ זעען מיר, אַז דאָס איז ניט אינגאַנצן ריכטיק. אמת טאַקע, צו שודטס פּיעסע קען זיך די ערשטע „אַקטאַ" אין ניבול־פּה ניט גלײַכן, אָבער עס קלעקט דאָ אויך; און די ניט־דערשריבענע רעפּליקעס זײַנען געוויס געווען נאָך ערגער. דער אונטערשייד צווישן די צוויי מינים פּיעסעס (די פֿראַגע פֿון מוקדם ומאוחר לאָז איך דערווײַל אומבאַרירט) איז אַלזאָ אַ מער אַלגעמיינער: די פֿאָלקסשפּילן זײַנען מער פּרימיטיוו אין זייער טעכניק, זיי זײַנען אַפּנים דערהויפּט באַשטימט פֿאַר שפּילער־ליבהאָבער; די „אַקציאָנען" זײַנען אויפֿגעבויט „בחצוצרות ושאר מיני זמר" און ווערן אויפֿגעפֿירט צום גרעסטן טייל פֿון פּראָפֿעסיאָנעלע אַקטיאָרן.

## 3

## דערעטונג דער יודען

דער לעצטער גלגול פֿון די „אַקטאַ" איז געווען די פּיעסע „ערדעטונג דער יודען דורך אסתר אונד מרדכי", אַמסטערדאַם 1780. איך וויל ניט איבערדרוקן דאָ דעם אינטערעסאַנטן שער, ווײַל דער לייענער וועט אים געפֿינען בײַ שאַצקין ז' 261. שאַצקי רופֿט אָן די „ערדעטונג" אַ פּלאַגיאַט. אָביעקטיוו איז דער משפּט אַ גערעכטער, נאָר סובייעקטיוו איז קיין פּלאַגיאַט ניט באַגאַנגען געוואָרן. די „אַקטאַ" איז דאָך געווען אַ פּיעסע אָן אַ באַלעבאָס; דער פּראָגער אַרויסגעבער פֿון 1763 און דער אַמסטערדאַמער פֿון 1774 האָבן ביידע איבערגעדרוקט דאָס ביכל אָן מורא פֿאַר אַ תביעה מצד וועמען עס איז. אָבער די נײַע צײַט האָט אַפּנים געפֿאָדערט אַ נײַעם טעקסט פֿון דער אַלטער פּיעסע,

ווײַבאַלד דערזעלבער אַמסטערדאַמער אַרויסגעבער (שמעון בר' מאיר) האָט מיט זעקס יאָר שפּעטער אָפּגעדרוקט אַ נײַע באַאַרבעטונג, „קאָריגירט" דורך יעקב בר' יחזקאל פֿון פּויזן. דעם טעם פֿון איבערמאַכן איז ניט שווער צו טרעפֿן. אַפֿילו די „אַקטאַ" איז שוין געוואָרן צו שטאַרק יידיש אין דער קוש־וואָך פֿון דער אַסימילאַציע סוף 18טן י"ה; האָט דער פּויזנער יונגערמאַן זיך גענומען צו דער אַרבעט און די פּיעסע „מיט פר ענדרונג דער רעהדינס ארט אויף איין גאנס נייאה מאניהר אין דער ריינע אויף ריכטיגע טייטשי שפראכע איבר גיזעצט".

די באַאַרבעטונג איז ניט געגאַנגען איבעריקס ווײַט; די אויסדרוקן „אויף אַ גאַנץ נײַער מאַניר" און „איבערגעזעצט" זײַנען אַ גוזמא. יענע ערטער וואָס זײַנען שוין אין דער „אַקטאַ" אויך געווען שטאַרק הויכדײַטש זײַנען אַריבערגענומען אַהער אָן שינויים, למשל דער אויבנגעבראַכטער דיאַלאָג אַחשורוש־אסתּר (נאָר דער זאַץ: „אונ' ווייל איר דיא גנאד טוט האן / זא וויל איך אייך ער היבן אין מיין קינגליכן טראן" האָט ניט נושא־חן געווען, ווײַל „האן" האָט געקלונגען יידיש; האָט דער נײַער רעדאַקטאָר דאָס „פֿאַרהויכטײַטשט" אַזוי: „אוני' ווייל זיא דיא גנאד טון האבן זא וויל איך איהנען [!] אויף מיין קינגליכען טראן ער העבין").

אין אַנדערע ערטער זײַנען איבערגעמאַכט קליינינקייטן. אסתּר זאָגט שוין ניט „צום ווייב", נאָר „צו איין גימאהלין". אויך זײַנען אַרײַנגעטראָגן געוויסע טעכנישע מאָדערניזירונגען. דאָ באַגעגענען מיר שוין דעם אויסדרוק „קאהר", אקט הייסט „באַטרייב" („ערשטי ביטרייב") אויפֿן האָלענדישן שטייגער [4], דער פֿאָרהאַנג הייסט „שירעם" („התך געהיט אב דער שארעם פאלט צו"); די „פּערסאהנען" זײַנען איינגעטיילט אין „שפּיהלענדי" און „שוויגינדע". אויך זײַנען געגעבן עטלעכע אַנדערע אָנווײַזונגען, וועלכע זײַנען אין די אַקטאַ ניטאָ:

„דש טעאטער שפּיהלט אין דיא רעזידענט [!] שוסא [!] אין דש [!] האף דעס קיניגס אהאשוועראס. דש שפּיהל פאנגט אן צו מארגינש אונד ענדיגט געגין דען אנדרן מיטאג".

אין תּוך איז אָבער די פּיעסע די אייגענע, מיט איין ווײַכטיקן אויסנאַם: מרדכי איז געוואָרן אויס קאָמישע פיגור. ער איז אַ לײַטישער הויפֿמאַן, ער וואַרפֿט זיך ניט און מאַכט ניט קיין קונצן. נאָכן פֿאַרהער פֿון בגתן און תּרש (מען שטעלט זיי דאָ אות־באות די זעלבע פֿראַגעס, דעם ערשטן 22, דעם צווייטן 17) רופֿט מען אַרײַן מרדכין, און דער „האף קאנסלער" זאָגט צו אים אַזוי:

„העריט הער (מרדכי)! עס ווירט אייך היר מיט אין נאמן דען [!] גראהסן קינג ארטאקסעסיס אהאשוועראס אן

1 ס'דאַרף קלינגען ווי: „לאַטײַנערש". 2 ס'דאַרף קלינגען ווי „טוזה" (יעמאָלטיקע אויסשפּראַך: tôe).

3 איך האָב געזען צוויי עקזעמפּלאַרן פֿון דער „ערדעטונג": אין בריטישן מוזעאום (Or. 1979 .c. 5) און אין דער ראָזענטאַליאַנאַ.
4 האָל' bedrijf.

ביפֿאהלין, דש איר אונש דיא רעכטי וואהרהייט אן צייגן זאלטיט, וואש איר גיהערט האט פון בגתן אונד טערס [!]. דען דיזש איזט קייני קלייניג קייט, עס געהיט אום איין גיזאלבטן הויבט אן · אלווא ווירדן זיא אונס דיא ריינע וואר הייט אפינבאהרן:

מרדכי

יאַ, איהרע קינגליכע קאמיסאריען! איך האב גיהערט, וויא בגתן אונד טערעס זיך מיט אנאנדר אויף דיא [!] ארא‌בישע שפראכע האבן ביראהטין, איהרע קינגליכע מ״ט מיט איין שארפן גיפט צו טיהטן:

האף קאנסלר

אבר הער מרדכי, קאן ער דיזעס מיט איין אייד [1] פרקלאהרן [2], דש ער דיזעס אלליס גיהעריט האט?

מרדכי

יאַ, איהרע קיניגליכע קאמיסאריען! איך קאן זאלכעס מיט דיא אלליר טייארשטי עהטין [3] פר קלאהרן, דש איך דיזעס אלליס האב גיהעריש.

האף קאנסלר

איהר זייט בידאנקט · טרעטיט אב, הער מרדכי.

ווען המן רייצט זיך: „מרדכי דו יודשר הונט“, ענט-פֿערט אים מרדכי אויף לשון-קודש: „אֲנִי לֹא פַּחַד מַמְזֵר גָדוֹל · אֲנִי לֹא פַּחַד“. בעסער אַזאַ לשון-קודש, איידער פּראָסט יידיש! ווי כאַראַקטעריסטיש דאָס איז פֿאַר די שפּראַך-באַגריפֿן פֿון יענער צייט! אין דער פֿרט לערנט אונז די אומגעלומפּערטע פּיעסע זייער אַ סך.

נאָך עפּעס זעען מיר אָבער אַרויס פֿון דער „עררעט-טונג“: די דייטשע שפּראַך-קענטעניש ביי יידן איז נאָך יעמאָלט געווען אַ געַנוג דערונטערדיקע. דאָס וואָס דאָס שערבלאַט רעדט וועגן דער „אויפריכטיקער“ דייטשער שפּראַך פֿאָדערט אַרויס אַ וואָרטשפּיל, אַז מען האָט טאַקע אויפריכטיק געוואָלט אַוועקגיין פֿון יידיש, — אָבער צו ריכטיק דייטש איז נאָך געווען גענוג ווייט.

1 Eid, שבועה. 2 האָל׳ verklaren, דערקלערן, זאָגן אויף פֿעסט.

3 שבועות.

# אַ ביסל מאַטעריאַל צו דער וואָרטבילדונג אין יידיש [1]

פון זלמן רייזען (ווילנע)

**די וואָרטבילדונג** איז דער טייל פון דער מאָרפאָלאָגיע, וואָס פאַרנעמט זיך מיט דעם ענין אַנטשטייאונג און בילדונג פון די ווערטער און וואָרטפאָרמען. צו דער וואָרטבילדונג געהערן אָבער ניט די־יעניקע פאַרענדערונגען, וואָס די ווערטער מאַכן דורך ביי דער בייגונג; די וואָרט־פאַרענדערונגען דורך בייגונג (דעקלינאַציע און קאָניוגאַציע) געהערן צו דער פלעקסיע, די אַנשטייאונג און בילדונג פון ווערטער צו דער עטימאָלאָגיע [2].

ביי אַלע פראָצעסן פון דער וואָרטבילדונג פאַרענדערט זיך די קלאַנגלעכע פאָרם פון דעם וואָרט. ווען מיר נעמען אין יידיש אַזעלכע ווערטער, ווי **דערמאָנען** און **דערמאַנען**, **קוועלע** און **קוואַל**, **ברונע** און **ברונען** אָדער **ברונעם**, **עמעץ**, **עמעצער** אָדער **אימעצער**, האָבן מיר דאָ צו טון מיט ערשיינונגען פון וואָרטבילדונג, אָבער בלויז מיט אַזעלכע, וואָס ענדערן נאָר דעם גוף פון דעם וואָרט, ניט אָבער זיין תוך, זיין באַגריף, זיין באַטייט. מיר ווילן איצט באַטראַכטן נאָר דעם מין וואָרטבילדונג, ביי וועלכער ניט נאָר דער גוף פון וואָרט, די קלאַנגלעכע פאָרם זיינע ענדערט זיך, נייערט אויך דער באַגריף, דער באַטייט [3].

די וואָרטבילדונג קען זיין:

א) אַן **אינעווייניקסטע**, ווען די געבילדעטע ווערטער ווערן אָפּגעצווייגט פון די שטאַמען דורך ענדערן זייערע קלאַנגען. די דאָזיקע ענדערונג באַשטייט צום אָפטסטן אין איבערבייט פון שורש־וואָקאַל, און טיילמאָל ווערט זי נאָך באַגלייט דורך דעם איבערגאַנג פון די קאָנסאָנאַנטן אין האָמאָגענע קלאַנגען לויט די כללים פון דער פאָנעטיק (זע מיין „גראַמאַטיק פון דער יידישער שפּראַך", I טייל), למשל, זאַץ (פון זיצן), לייב (פון לעבן), שלאַק (פון שלאָגן).

די אינעווייניקסטע וואָרטבילדונג איז געווען באַזונדערס אינטענסיוו פאַרצייטנס; אין מאָדערנעם יידיש, אַזוי ווי אויך אין היינטיקן דייטש, איז זי אינגאַנצן איינגעשרומפּן, און ווערטער לאָזן זיך בילדן נאָר דורך צונויפזעצונג (אייגנטלעכער אָדער מיט פּרעפיקסן און סופיקסן). אַזעלכע בילדונגען, ווי, למשל, בוכטע (פון בייגן), פראָסט (פון פרירן), שלאַכט (פון שלאָגן), טראַכט (פון טראָגן; אין דייטש—אַ מלבוש, וואָס מען טראָגט; אין יידיש—דער מוטערלייב, וואו דאָס קינד ווערט אויסגעטראָגן; אין ביידע שפּראַכן אַלזאָ — פון לשון טראָגן), זענען שוין איצט ניט מעגלעך בדרך־כלל, סיידן אַמאָל על־פּי אַנאַלאָגיע (פאַרקערט אין דער העברעאישער שפּראַך איז די אינעווייניקסטע וואָרטבילדונג עד־היום די הערשנדיקע).

ב) די **אויסערלעכע** וואָרטבילדונג באַשטייט אין צוגעבן נייע קלאַנג־עלעמענטן—**אַפּיקסן**—אָדער **פאַרן** וואָרטשטאַם (**פּרעפיקסן**), אָדער נאָך דעם וואָרטשטאַם (**סופיקסן**).

צו דער אויסערלעכער וואָרטבילדונג דאַרף מען אויך צורעכענען די צונויפזעצונג, ד"ה די בילדונג פון צונויפגעזעצטע ווערטער (composita) פון טיילן, וועלכע האָבן מער־ווייניקער אויפגעהיט זייער זעלבשטענדיקע באַדייטונג.

אין גרונד גענומען איז אויך די וואָרטבילדונג דורך פּרעפיקסן אָדער סופיקסן אַ צונויפזעצונג, ווייל לכתחילה האָבן די סופיקסן געהאַט אַ זעלבשטענדיקע באַדייטונג (אַלס ביישפּיל קען דינען דער סופיקס ־הייט, וואָס ווערט עד־היום געברויכט אין פוילישן יידיש אַלס זעלבשטענדיק וואָרט מיט דעם טייטש „שטייגער").

ווי אַזוי עס קומט פאָר דער איבערגאַנג פון ווערטער אין סופיקסן קאָן מען זען פון אַזאַ ביישפּיל: לאָמיר נעמען דעם סופיקס ־וואַרג, וואָס דינט צו בילדן אַזעלכע ווערטער, ווי עסנוואַרג, גרינוואַרג, אייזנוואַרג וכדומה. די דאָזיקע ענדונג איז ניטאָ אין דער דייטשער שפּראַך, פון וועלכער יידיש האָט אַנטוויקלט זיינע פאָרמען. דערפאַר איז אין דייטש דאָ דאָס וואָרט **ווערק**, וואָס האָט דורכגעמאַכט אין יידיש די מאָרפאָלאָגישע ענדערונג אין **וואַרג** און פילט זיך שוין ניט אין יידיש ווי אַ זעלבשטענדיק, באַזונדער וואָרט. עס איז געוואָרן אַ פשוטע ענדונג. און

1 געשריבן אין יאָר 1917, דערפאַר ניט אין אַכט גענומען די נייע ווערק איבער יידישער גראַמאַטיק ווי פון מתתיהו מיזעס, אַ. זאַרעצקי.

2 הגם אין עלעמענטאַרן געברויך איז אָנגענומען צו פאַרשטיין אונטער עטימאָלאָגיע ניט נאָר וואָרטאַנטשטייאונג, נאָר בכלל מאָרפאָלאָגיע.

3 די שפּראַך פאַרטראָגט ניט קיין צוויי קלאַנגלעך פאַרשיידענע פאָרמען מיט איין און דער זעלבער באַדייטונג, און מיט דער צייט ווערט די פאַרשיידנקייט פון דער פאָרם אַ מיטל פאַר ניואַנסירן דעם באַגריף; אַזוי, למשל, ווערט די דייטשמערישע פאָרם קוועלע פאַר קוואַל געברויכט אין יידיש נאָר אין איבערגעטראָגענעם זין (אַ קוועלע פאַר...). דאָס איז אָבער ניט שייך צו דער פאַרשיידנקייט דער דיאַלעקטישער.

קוים האָט דאָס וואָרט פאַרלוירן זיין באַטייט, האָט עס ווי אַ סופיקס פון הויפטווערטער אָנגעהויבן געברויכט צו ווערן אויך דאָרט, וואו זיין געברויך וואָלט לכתחילה זיין אינגאַנצן אויסגעשלאָסן.

פאַר דער שפראַך האָט די וואָרטבילדונג די גרעסטע באַדייטונג. גענוג צו זאָגן, אַז שרשים פאַרמאָגט אַ קולטור־שפראַך עטלעכע הונדערט בלויז, און ווערטער, אָפגעצווייגטע פון זיי דורך אינעווייניקסטער אָדער אויסווייניקסטער וואָרטבילדונג, קען מען אין דער ליטעראַטור־שפראַך אָנציילן צענדלינגער טויזנטער.

אין אַ פעריאָד, ווען די שפראַך לעבט איבער אַן אינטענסיווע אַנטוויקלונג, ווען צוליב די אָדער יענע סיבות מוז זי אויפנעמען אין זיך אַ מאַסע נייע ווערטער פאַר נייע באַגריפן, פאַר וועלכע זי האָט ביזאַהער ניט געהאַט קיין באַצייכענונג, מוז זי שאַפן ווערטער פאַר די דאָזיקע נייע השגות ווי ווייט מיגלעך מיט אייגענע מיטלען, כדי זי זאָל ניט פאַרבאַרבאַרישט ווערן.

די יידישע שפראַך מאַכט לעצטנס דורך אַזאַ סטאַדיע פון איר אויסבילדונג און אינעווייניקסטער אַנטוויקלונג, ווערנדיק אַלץ אין אַ גרעסערער מאָס דער אינסטרומענט פון אונזער קולטור, אויסשפרייטנדיק אַלץ מער די געביטן פון איר הערשאַפט, אַריינדרינגענדיק אין דער שול, ניט נאָר דער עלעמענטאַרער, נאָר אויך דער מיטעלער און העכערער, אין געריכט, אין דעם אַדמיניסטראַטיוו־מלוכישן לעבן (אין ראַטנפאַרבאַנד), מוז זי אויפנעמען אין זיך כסדר אַ גאַנצע מאַסע נייע באַגריפן, מוז כסדר שאַפן נייע ווערטער פאַר זיי.

און אַזוי ווי די אינעווייניקסטע וואָרטבילדונג איז אין דער שפראַך אַזוי גוט ווי אָפגעשטאָרבן, מוז די שאַפונג פון נייע ווערטער פאָרקומען דערהויפט דורך אויסווייניקסטער וואָרטבילדונג, בפרט דורך סופיקסן.

צום גליק האָט יידיש אַנטוויקלט זייער אַ רייכע סיסטעם פון סופיקסן, דורך וועלכע די שפראַך קען באַרייכערט ווערן מיט אָן אַ שיעור נייע בילדונגען.

אָט זענען אייניקע ביישפילן:

דער סופיקס *-ער* בילדעט אין יידיש נעמען ניט נאָר פאַר טוענדיקע פערזאָנען (ווי, למשל, שרייבער, טאָקער, לערנער, זעמשער, קרעמער אאַז״וו), נאָר אויך שם־עצמס צום באַצייכענען אַ געצייג, אַ מכשיר, אַ כלי (למשל, טינטער, שפייער, בראָטער, ברענער, זייער, הענגער אאַז״וו) — מיר קענען אים אָבער אויך אויסניצן אויף צו בילדן, למשל, דאָס וואָרט *הייבער* פאַר דעם באַגריף рычаг, Hebel, וואָס האָט ביז אַהער געפעלט אין יידיש, *שוועבקער* פאַר דעם באַרבאַרישן אומגעלומפערטן רוסיציזם „פאָלאָסקאַטעלניצע" (שווענקשיסעלע) אאַז״וו.

אויף דעם אייגענעם גאַנג האָבן מיר אַזעלכע נעאָלאָגיזמען, ווי *כפלער*, *פאַרמינערער* (вычитаемое), *אויפגאַבער* (задачник) אאַז״וו.



אַנאַלאָגיש מיט אַזעלכע בילדונגען, ווי *גאַלדוואַרג*, *אַלטוואַרג*, *נייוואַרג* אאַז״וו לאָזן זיך בילדן די נעאָלאָגיזמען: *רויוואַרג* (כאַר רוישטאָף), *פורוואַרג* (פאַרשיידענע מינים מכשירים צום פאָרן) אאַז״וו.

אַנאַלאָגיש מיט דעם וואָרט *געפיל* קענען מיר בילדן אַ נעאָלאָגיזם *געשפיר* (אָדער אפשר *שפירונג*) אָנשטאָט דעם באַרבאַריש קלינגענדיקן דייטשמעריזם עמפינדונג. חיים טשעמערינסקי האָט געשאַפן דאָס וואָרט *געפריר* פאַר Reif, иней (ווייל די פאָלקסטימלעכע באַצייכענונג *פראָסט* איז ניט גענוג קלאָר און באַשטימט צוליב איר אייגנטלעכן באַטייט).

מ׳קען אָנווייזן נאָך אַ סך, אַ סך ביישפילן, ווי אַזוי מיט דער הילף פון סופיקסן לאָזט זיך שאַפן אַ גאַנצע ריי נייע יידישע ווערטער, אָפט אַפילו מיט גרויס לעבעדיקייט און אויסדריקלעכקייט.

אַזוי ווי איבעריקע פלעקסיעס זיינען אַ באַלאַסט פאַר דער שפראַך, אַזוי זענען סופיקסן וויכטיק פאַר איר; זיי גיבן די מיגלעכקייט צו באַרייכערן די שפראַך מיט נייע ווערטער, מיט נייע באַדייטונגען אָדער ניואַנסן. און ס׳איז אַ גוטער סימן פאַר דער לעבנספעאיקייט פון דער יידישער שפראַך, פאַר דער רייכקייט פון אירע אַנטוויקלונגסמיגלעכקייטן, וואָס בשעת ווען זי זוכט פטור צו ווערן פון דעם פלעקסישן באַלאַסט, גייענדיק אויפן וועג פון אַנאַליטישער שפראַך־אַנטוויקלונג, האָט זי ניט נאָר אויפגעהיט דעם גרעסטן טייל סופיקסן פון דעם דייטשן מקור, ניט נאָר געגעבן זיי אַ סך אַ ברייטערע און פרייערע אָנווענדונג, ווי אין דייטש, נאָר זי האָט אויך איבערגענומען אַ ריי סופיקסן פון אַנדערע שפראַכן און אויך אַליין אַנטוויקלט אייניקע אייגענע סופיקסן.

די גרויסע פעאיקייט פון דער יידישער שפראַך צו נייע בילדונגען דורך סופיקסן קען באַזונדערס אויסגעניצט ווערן ביים שאַפן בייווערטער פון שם־עצמס. די יידישע פאָלקסשפראַך איז אין דעם פרט גאָר ניט דער ערך בייגעוודיקער איידער דייטש, שטעלט זיך ניט אָפ פאַר אַזעלכע בילדונגען, למשל, ווי *געלטיקער* (פון לשון געלט; אַ געלטיקער מענטש = וואָס האָט געלט), *שטאָטיקער* און *שטאָטישער*, *גאַסיקער*, *מויערדיקער* (פאַר מויערפעסטער) אאַז״וו; פאַרוואָס־זשע זאָלן מיר ניט אויסניצן דעם סופיקס *-יק* אָדער *-דיק*, *-יש* א״אַ פאַר נייע בילדונגען, ווי, למשל, *ראַיאָניקער*, *שפראַכיקער*, *מלוכישער* אאַז״וו?

איין ביישפיל פון אַ סך, ווי אַזוי די יידישע וואָרטבילדונג לאָזט זיך אויסניצן ביים דיפערענצירן די פאַרשיידענע באַדייטונגען פון אַן אַלגעמיינעם באַגריף:

פון דעם שם־עצם *קלאַס* בילדן מיר דורך דעם סופיקס *-יק* דעם שם־התואר *קלאַסיקער*, ד״ה דאָס, וואָס איז איינגעטיילט אין קלאַסן—שטופן, קלאַסן—מדרגות (למשל, דרייקלאַסיקע שול, ערשט־קלאַסיקער שריפטשטע־

לער). קען דאָס שוין ניט זיין קיין אויסדרוק פאַר דעם אדיעקטיווישן באַגריף פון קלאַס אין דעם טייטש פון אַ געזעלשאַפטלעכער קאַטעגאָריע; דער סופיקס ־יש איז שוין אויך פאַרנומען, אַזוי צו זאָגן, מיט דער פונקציע צו בילדן אַן אַדיעקטיוו פון דעם שם=עצם קלאַסיקער (קלאַסיש). אָבער ווען מיר זאָלן נעמען ניט דעם לשון=יחיד פון דעם וואָרט קלאַס, נאָר זיין לשון=רבים, קענען מיר — ווידעראַמאָל דורך דעם סופיקס ־יק (און ווײַלע נאָך אַ נ, איז ־דיק) שאַפן אַ נייע אַדיעקטיוו=בילדונג קלאַסנדיק אין דעם געוואונטשענעם זין (классовый) — דער קלאַסנדיקער קאַמף, דער קלאַסנדיקער כאַראַקטער פון דער רעוואָלוציע אאַז"וו, וואָס וועט באַזונדערס אונז צו ניץ קומען, ווען מיר וועלן האָבן צו טון מיט אַזעלכע פאַרבינדונגען, ווי, למשל, די נאַציאָנאַלע און די קלאַסנדיקע אינטערעסן (אָנשטאָט דער אומסימעטרישער, ביזאַהער געניצטער קאָמבינאַציע: די נאַציאָנאַלע און קלאַסן־אינטערעסן) אָדער, נאָך בולטער, אין ביישפּיל: די קלאַסנדיקע און נאַציאָנאַלע אינטערעסן, וואָס אויף אַן אַנדער אופן אויסדריקן דאָס לאָזט זיך שוין כמעט גאָרניט (די קלאַסן־ און נאַציאָנאַלע אינטערעסן איז אַ שלעכטע ניט=אָרגאַנישע פאַרבינדונג; די קלאַסן־אינטערעסן און די נאַציאָנאַלע אינטערעסן איז אַן איבעריקע טאַווטאָלאָגיע). פטור ווערנדיק פון די דרייגאָרנדיקע ווערטער דורך פאַרברייטערן זיי מיט אַדיעקטיווישע פאָרמען, געווינט די שפּראַך זייער פיל אין בייגעוודיקייט, און ס'ווערט אויך אָפּגעהיט דער גייסט פון יידישן סינטאַקסיס, וועלכער פאַרטראָגט ניט אַלעמאָל די צונויפגעזעצטע ווערטער.

דערביי מוז מען אָבער האַלטן די נייטיקע מאָס, ניט אַריינצופאַלן אין אַזעלכע עקסטרעמען פון שפּראַכשאַפונג, ווי, למשל, אוממיטלבאַריק, אָדער ווירקזאַמיש (ביי נח פּרילוצקי). די סופיקסן ־באַר און ־זאַם האָבן טאַקע אויפן באָדן פון יידיש פאַרלוירן זייער וואָרטבילדנדיקן כוח און זיינען געבליבן ווי פאַרגליווערטע שפּראַכרודימענטן אין געציילטע ווערטער (ווי דאַנקבאַר, גאַנגבאַר, לאַנגזאַם, איינזאַם, אויפמערקזאַם, געהאָרזאַם), וועלכע לאָזן זיך ניט פאַרגרעסערן. אָבער צוגעבנדיק צו זיי די סופיקסן ־יק אָדער ־יש, שאַפן מיר נאָך ניט קיין גוטע שפּראַך־מטבעות. מ'דאַרף געפינען אַנדערע מיטלען, ווי אַזוי צו פאַרבייטן די בילדונגען מיט ־באַר און ־זאַם (אין אַ סך פאַלן איז דאָס מיגלעך דורך אַנדערע סופיקסן, ווי, למשל, טיילעוודיק אָנשטאָט טיילבאַר, ווירקעוודיק אָנשטאָט ווי קזאַם, דערגרייכלעך אָנשטאָט דערגרייכבאַר אאַז"וו).

## אויסוויי ניקסטע וואָרטבילדונג פון הויפּטווערטער

### א) דורך פּרעפיקסן

פּרעפיקסן אויף צו בילדן הויפּטווערטער אין יידיש איז דאָ זייער ווייניק, אי דאָס איז זייער בילדונגס=כוח זייער באַגרענעצט אַזוי, אַז מ'קען כמעט ניט ריידן וועגן זיי ווי וועגן אַ מיטל פון יידישער וואָרטבילדונג.

אור=, וואָס באַטייט ביי דייטשע ווערטער דעם אָנהייב, דעם קדמון, דעם ערשטן צושטאַנד, האָט זיך אין דער יידישער פאָלקשפּראַך אויפגעהיט נאָר אין די ווערטער אוראייניקל און אורעלטערן (מיט פאַרטאָפּלונג: אוראוראייניקל, אוראורעלטערן). אַלס בילדנדיקער פּרעפיקס אין יידיש פילט ער זיך ניט, און די אַלע ווערטער מיטן צושטעל אור=זענען אַריינגעבראַכט אין דער נייער צייט פון דייטש, למשל: אורזאַך (אָדער אורזאַכע) — סיבה; אורטייל — פּסק, פּסק־דין, משפּט, מיינונג; אורלויב — אין ליטווישן פאָלקסיידיש אָפּפּוסק (אָבער אין פּוילישן דיאַלעקט אורלויב, ווייזט אויס איז צוזאַמענהאַנג מיט urlop פון דער פּוילישער שפּראַך, וואָס איז אויך גענומען פון דייטש).

פונדעסטוועגן קען דער יידישער לעקסיקאָן שווערלעך אויסקומען אָן אַזעלכע בילדונגען, ווי אורוואַלד, אורוועלט, אורעלעמענט.

מיס= איז אַבסאָלוט פרעמד דער יידישער שפּראַך[1], וועלכע האָט ניט קיין איין אַלטגעזעסענע בילדונג מיט דעם דאָזיקן פּרעפיקס, און אַלע ווערטער, מיט מיס=ווערן אין יידיש געשפּירט ווי דייטשמעריזמען, וועלכע מוזן פאַרביטן ווערן מיט עכטערע יידישע אויסדרוקן, למשל: מיספאַרשטענדעניש — טעות, פאַרזען, אָדער — אויב ער זוין בוכשטעבלעך איבערזעצן — איז אומפאַרשטענדעניש (די פּוריסטן דערגייען ביז אומפאַרשטייעניש; דאַן וואָלט מען דאָך אָבער אָנשטאָט פאַרשטענדעניש גענדאַרפט געברויכן פאַרשטייעניש אאַז"וו), פונקט ווי מיסערנטע איז אומגערעטעניש, מיסטרויען (אַפילו ביי זשיטלאָווסקין טרעפן מיר דעם דאָזיקן באַרבאַריזם!) — אומצוטרוי אאַז"וו.

אַרצ־, אַרצי־ (תּלמודיש ארכי, למשל, ארכילסטיס, פון גריכיש archi, פגל' אויך אין רוסיש אַרכיעפּיסקאָפּ א"אַ) בילדעט אין יידיש געציילטע ווערטער צום פאַרשטאַרקן די באַדייטונג, וואָס שטעקט אין די שטאַמווערטער, ווי אַרצי=יונגאַטש, אַרצי=מחוצף, אַרץ=עזות=פּנים. אין יידיש, ווײַזט אויס דורך דער פאַרמיטלונג פון דער פּוילישער שפּראַך, איז דער פּרעפיקס אויך אַריבער אין זיין יינגערער פאָרם ערצ־, ווי ערץ=יונגאַטש, ערץ=פּאַסטעך (ביי מענדעלע מוכר=ספרים; ביי אים טרעפן מיר אַגב אויך די בילדונג אַרץ=פּיאַסקע עזות=פּנימער).

דערצו געהערן אויך די באַצייכענונגען פון די גייסטלעכע אַרציבישאָף (ערצבישאָף) א"אַנד.

1 כאָטש עס איז דאָ אַ סברא, אַז עס זאָל שטאַמען דווקא פון יידיש (פון לשון מיאוס).

אומ= איז דער פּרעפיקס פון פאַרניינונג, פון שלילה, נאָענט צו אָן (פּגל׳, צ״ב, אוממאַכט און אָנמאַכט, אומגעוואַשן און אָן געוואַשן) גיט צו דעם וואָרט, צו וועלכן ער ווערט צוגעזעצט, אַ פאַרקערטע באַדייטונג, למשל, גליק— אומגליק, חן—אומחן, כבוד—אומכבוד, מענטש—אוממענטש, פריינד—אומפריינד, רעכט—אומרעכט.

דער אַנטשפּרעכנדיקער דייטשער פּרעפיקס -un קאָן אין יידיש ניט דערלאָזט ווערן אַפילו אין נייע ווערטער, ווייל דער יידישער שפּראַכגעברויך האָט אים פאַרוואַנדלט אין אומ-. אַזעלכע פאָרמען אַלזאָ, ווי אונזין, אונגנאָד, זיינען פונקט אַזוינע דייטשמעריזמען, ווי, למשל, אונגליק, אונחן, אונגערעטעניש [1].

דער לאַטיינישער אידענטישער סופיקס אינ- קאָן אין די געהעריקע פרעמדווערטער אין יידיש אָננעמען די פאָרם אום, אויב אין יידיש ווערט באַנוצט דאָס וואָרט אויך אָן דעם פּרעפיקס פון שלילה, למשל: אומדירעקט (אָנשטאָט אינדירעקט), אומדיסציפּלינירט (אָנשטאָט אינדיסציפּלינירט), אומקאָנסעקווענט (אָנשטאָט אינקאָנסעקווענט), אומקאָרעקט (אָנשטאָט אינקאָרעקט), אומסאָליד (אָנשטאָט אינסאָליד) אאַז״ו, דען אין יידיש ווערן אויך געברויכט די ווערטער אָן דעם פּרעפיקס: דירעקט, דיסציפּלינירט, קאָנסעקווענט, קאָרעקט, סאָליד אאַז״ו. אָבער אינדיפערענט, ווייל ס׳פעלט דאָס וואָרט דיפערענט.

דער פּרעפיקס גע-, וואָס קלינגט אין יידיש גי און ווערט אַפילו אַזוי אויסגעלייגט אין דער אַלטער ליטעראַטור און פון פאָלק, בילדעט שם=עצמס פון צייטווערטער: געבּיי, געבּירט, געדראַנג, געראַנגל, געוויקס, געוועט, געמעל, געניי, געפיל, געפּילדער, געשפּעט, געשפּיר, געלאַף, געדריי, געפּריר אאַז״ו.

טייל בילדונגען אויף גע- באַקומען צום סוף אַ ס, למשל, געבּעקס (אָבער אַ געבּעק ברויט), געווינס, געפינס, געשפּינס, געצאָלטס, געשריפּטס; טייל דעם סופיקס -עכץ: געשווילעכץ, געפּילעכץ, געהינטעכץ; נעאָלאָגיזם: געבּליעכץ.

אין פאַרבינדונג מיט גע- באַקומען די שם=עצמס אויף -יי אַ פאַרשטאַרקטע, אינטענסיווירטע באַדייטונג, למשל: געקריגעריי, געפּלוידעריי, גענאַרעריי, געקריצעריי, געקרעכצעריי, געבּייזעריי, גערופעריי אאַז״ו.

פון הויפּטווערטער זיינען מיט גע- געבּילדעט פאָלגנדיקע שם=עצמס, וואָס דריקן דאָס רוב אויס אַ קאָלעקטיוון באַגריף: געבּערג, געדערים (דאַרם פעלט אין יידיש), געבּיין, געבּליטן, געהילץ, געזינד, געוויסער,

1 ס׳איז כדאַי צו פאַרצייכענען דאָס וואָרט אונטעם — אומטעם ביי יוסף הערץ, אין זיין „אסתר אָדער די בעלאָהנטע טוגענד“, פירט 1828.

געזעלן, געוואַנט, געמיט, געוויטער, געשמילץ. איזאָלירט שטייט די בילדונג געסרחה.

אַ ריי בילדונגען זיינען אַזוי צוגעפגעוואַקסן מיט דעם פּרעפיקס גע-, אַז אָן אים קאָנען זיי ניט געברויכט ווערן אין יידיש: געווער, געצעלט, געצייג א״אַנד (צעלט איז דייטשמעריש, צייג נאָר אין צוזאַמענזעצונגען, ווי ווייסצייג).

אין טייל ווערטער איז דער ע פון גע- אַרויסגעפאַלן, למשל, גוואַלד (געוואַלד), גרעט, גראַם (Gereim), גרייז (פּגל׳ מיט Reisig), גרעטעניש (גערעטעניש) א״אַנד.

## ב) דורך סופיקסן

די וויכטיקסטע יידישע סופיקסן זיינען: דער סופיקס -ער. בילדעט נעמען פון טוענדיקע פערזאָנען (nomina actionis), דערהויפּט פון צייטווערטער, למשל: שניידער, שניצער, רייטער, טאָקער, לערנער, זעצער, טרעגער, דרשער, קענער, מאַכער, טומלער אאַז״ו, אָבער אויך פון הויפּטווערטער, למשל: פליישער, פישער, זעלצער (הענדלער פון זאַלץ), רימער, מעלער, זעמשער, רויכווארגער, שוכוואַרגער, קוילער (קוילנהענדלער), קרעמער, פעלער אאַז״ו.

דער דאָזיקער סופיקס -ער קען אָבער אויך גענוג ברייט אויסגעניצט ווערן אַלס סופיקס אויף צו בילדן הויפּטווערטער, וואָס באַצייכענען אַ כלי, אַ מכשיר, אַ געצייג, אַנאַלאָגיש מיט די שוין אין דער שפּראַך עקסיסטירנדיקע וואָרטבילדונגען, למשל: טינטער, שפּייער (שפּייקעסטל, אין דער וואולגאַרער רעוואָלוציאָנערער שפּראַך — אויך אַ רעוואָלווער), ברענער, בראָטער (אַ כלי צום בראָטן), זייער (אַ מכשיר צום זייען), אויסבינדער (אַ מין קראַוואַט), לייכטער, האַלטער, פאַררוקער, גראַגער, המנקלאַפּער (פּגל׳ מיט דעם nomen actionis שולקלאַפּער), הענגער, עקבער און על=פּי אַנאַלאָגיע — דער נעאָלאָגיזם הייבער אאַז״ו.

-ונג. בילדעט פון פּעלים סובסטאַנטיווישע נעמען, וועלכע דריקן אויס דעם באַגריף פון דער טואונג אָדער איר רעזולטאַט (דאָס רוב — אַבסטראַקטן, טיילמאָל אָבער אויך קאָנקרעטן), למשל, האָפענונג, מיינונג, אויפהערונג, גרינדונג, אכטונג, קנעלונג, בענטשונג, זיצונג, איבערזעצונג, צייטונג, פעסטונג.

אין אייניקע ווערטער באַרירט זיך דער סופיקס -ונג מיט די סופיקסן -יש און -עכץ, למשל, אָנלערנונג און אָנלערניש, לייזונג און לייזעכץ (זע ווייטער) [2].

2 באַזונדערס אָפט זיינען די בילדונגען אויף -ונג אין אַלטיידיש, דערהויפּט אין דער שפּראַך פון די תורה=איבערזעצונגען, וואו

אָפטמאָל קענען די בילדונגען אויף -ונג פאַרביטן ווערן דורך דעם סובסטאַנטיווישן שטאַם פון דעם אייגענעם צייטוואָרט, למשל, אויפרוף, אויסלייג, איבערזעץ, אָפטייל (אַנשטאָט אויפרופונג, אויסלייגונג, איבערזעצונג, אָפטיילונג) אאַז"וו; באַזונדערס איז דאָס איצט דער שטייגער אין ראַטנפאַרבאַנדישן יידיש, בהסכם מיט דער אַלגעמיינער טענדענץ פון קירצונג.

-שאַפט ווערט צוגעזעצט דערהויפּט צו שם-עצמס, באַזונדערס צו נעמען פון פּערזאָנען, זעלטענער צו ביי-ווערטער און פּעלים, און באַטייט די פאַרהעלטעניש, דעם שטאַנד אָדער די התמנות פון אַ פּערזאָן אָדער אַ קיבוץ פון איין שטאַנד אָדער פּראָפעסיע, למשל, פריינדשאַפט, חברשאַפט, ברודערשאַפט, האַנדלשאַפט, קונדשאַפט, מיידלשאַפט, בחורשאַפט, פּרנס-חודשאַפט, גוטע-יידעשאַפט (ליניעצקי), גבירעשאַפט, נגידעשאַפט, מחותנעשאַפט, קרובֿעשאַפט אאַז"וו, אויך אַלגעמיינע באַגריפן, ווי הערשאַפט, קלוגשאַפט, ליבשאַפט, קאַרגשאַפט, קענטשאַפט אאַז"וו, צונויפפאַלנדיק מיט דער באַדייטונג פון סופיקס -קייט (-הייט), למשל, קלוגשאַפט (קלוגהייט), גרייטשאַפט (גרייטקייט), בריהשאַפט (בריהשקייט), געוויינשאַפט (געוויינהייט), ווירטשאַפט (באַלעבאַטישקייט) אאַז"וו, וואָס גיט אַ מיגלעכקייט צו ניואַנסירן, למשל, ענגקייט פון געדאַנק (ביי זשיטלאָווסקי—אַנשטאָט דער צו קאָנקרעטער באַדייטונג פון דעם געוויינלעכן וואָרט ענגשאַפט). עס קען אויך זיין אַ באַרירונג מיטן סופיקס -ניש, למשל, ענגעניש.

-קייט בילדעט פון ביי-ווערטער סובסטאַנטיווירטע אַבסטראַקטע באַגריפן פון אייגנשאַפטן: בייזקייט, שיינקייט, גרינגקייט (אָבער קלוגשאַפט—צוליב וואוילקלאַנג), קליינקייט, גרויסקייט אאַז"וו, וועלכע גייען טיילמאָל איבער אויך אין אַ קאָנקרעטער באַדייטונג: קליינקייט, ריינקייט, נאַרישקייט אאַז"וו. אַן איזאָלירטע בילדונג איז עזותקייט (פון אַ הויפּטוואָרט!).

טייל פּרעמדווערטער, וואָס בילדן דעם סובסטאַנטיווירטן באַגריף אויף -יטעט, איז בעסער צו געברויכן אין יידיש אין דער פאָרם מיט -קייט: נאַאיווקייט, אָריגינעלקייט, נאָרמאַלקייט, גראַנדיעזקייט, אָבער אין קאָנקרעטער באַטייטונג בלייבן זיי ביים סופיקס -יטעט: נאַציאָנאַליטעט (לגבי נאַציאָנאַלקייט).

זיי זיינען דאָס רוב פּינקטלעך איבערגעגעבן פון העבּרעאיש, למשל: די פאַרטרייבונג פון יהודה, די שפּראַצונג פון העלד, די יונגע לייבן שרייען צו פאַרצוקונג, דער ים איז גרויס און ברייט, דאָרט איז ווידמונג אַן אַ צאָל, דו זאָלסט ניט פאַרלאָזן די לערנונג פון דיינער מוטער (חיזבּי הויזן, משלי), זי האָט איר שחטונג געשחט (בליק, משלי, ט, ב), זולטיר מִירָן קערונג תוסיפו סרה — פון אַ יידישן האַנטשריפטלעכן גלאָסאַר פון XV י"ה), איר מערט אָפּקערונג (אין אַ איבערזעצונג פון XVI י"ה), שטרויכלונג, לייבונג (מְשֻׁעֶנֶת).



-הייט, וואָס פאַרבייט אין דייטש דעם סופיקס -קייט, איז אין יידיש דאָ נאָר אין ניי-אַריינגעבראַכטע ווערטער: פרייהייט, קינדהייט, גאָטהייט, מענטשהייט, פאַרגאַנגענהייט, גלייכקייט. דעם דאָזיקן סופיקס דאַרף מען באַנוצן נאָר כדי צו דיפערענצירן באַגריפן: פרייהייט אַנטקעגן פרייקייט (דאָס זיין פריי), גאַנצהייט אַנטקעגן גאַנצקייט אאַז"וו.

בכלל אָבער דאַרף מען אים פאַרבייטן מיט דעם יידישערן סופיקס -קייט, הגם ניט שטענדיג לאָזט זיך עס (למשל, פאַרגאַנגענקייט איז שוין אַן איבערטריבענער פּוריזם) [1].

-ניש בילדעט סובסטאַנטיווירטע אַלגעמיינע פאָרשטעלונגען פון טואונגען און צושטאַנדן כמעט פון אַלע פּעלים, טיילמאָל מיט אַ פאַראַכטלעכן ניואַנס, למשל: שרייבעניש, כאַפּעניש, טרעפעניש, לויפעניש אאַז"וו, אויך פון ביי-ווערטער, למשל: פינסטערניש, ביטערניש, חושכניש, וויסטעניש, טיפעניש, ווייטעניש, גרייטעניש, שטילעניש (ביי אַש), זעלטן אויך פון הויפּטווערטער, למשל, זאַכעניש, נגידעשאַפטעניש, — אָפט אויך מיט קאָנקרעטער באַדייטונג, למשל: געפּענגעניש, באַהעלטעניש, געשעעניש, איבערקערעניש, אאַז"וו, טיילמאָל באַרירנדיק זיך מיט אַנדערע סופיקסן ווי פינסטערניש = פינסטערקייט אאַז"וו.

די פּעלים, וואָס האָבן שטאַם-אויס אַ נ, זעצן צו דעם סופיקס -ניש ניט צו דעם אינפיניטיוו, נאָר צו דער ערשטער פּערזאָן, למשל באַוואָרעניש, אָנלערעניש, באַגעגעניש, געזעגעניש, לייעניש אאַז"וו.

-יי בילדעט: א) ווערטער, וועלכע באַצייכענען דעם שטאַנד, די מלאכה, דאָס געשעפט, די פּרנסה ווי אויך דעם אָרט פון דער אונטערנעמונג, למשל, בעקעריי, דרוקעריי, שניידעריי, טאָקעריי, פישעריי, סטאָלעריי, זעלנעריי, לערעריי, כּלל-טועריי, שקלאַפעריי, סאַרווערי, באַנדעריי, וועשעריי, זעצעריי, גאַרבעריי, איינבינדעריי, שנאָרעריי אאַז"וו. ב) איבערגעחזרטע אָדער געדויערנדיקע טואונגען, אָפטמאָל מיט אַ פאַראַכטלעכן ניואַנס: רייסעריי, שרייבעריי, שיסעריי, שעמעריי, זידלעריי (אָפט, ווי פריער דערמאָנט, פאַרשטאַרקט דורכן פּרעפיקס גע-: גערעדעריי אאַז"וו); ג) אַלגעמיינע באַגריפן: שטותעריי, לומדעריי.

[1] אַלס סופיקס פאַר הויפּטווערטער איז -הייט אַלזאָ פרעמד דער יידישער שפּראַך, דערפאַר אָדער דינט עס אַלס זייער ברייט אָנגעווענדטער סופיקס צו בילדן אומשטאַנדווערטער (וויינענדיקערהייט); די לעצטע פונקציע האָט דער דאָזיקער סופיקס אין דער דייטשער שפּראַך, און וואָלט דער סופיקס -הייט פאַר הויפּטווערטער געווען יידיש, וואָלט ער זיך אויך אויסגערעדט מיט אַ צירה אַזוי ווי אין די אומשטאַנדווערטער (גרויסערהעיט) און ניט ווי אַ פּתח (פרייהאַיט).

דער סופיקס ‎-יי האָט זיך אַנטוויקלט פון דעם ראָמאַנישן סופיקס ‎-ie,‎ ‎-ia, וועלכער איז אַריינגעדרונגען פון פראַנקרייך אין דייטשלאַנד אין XII י״ה. דער דאָזיקער סופיקס ‎-יע איז געבליבן אין די אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער, ווי פאַנטאַזיע, פילאָסאָפיע, אַסטראָנאָמיע.

אין די ווערטער, וואָס האָבן ביידע ענדונגען, איז בעסער צו געברויכן די פאָרם מיט ‎-יע: טיראַניע (און טיראַניי), מאַשינעריע (און מאַשינעריי), סיידן זיי זיינען דיפערענצירט אין דער באַדייטונג: פּאַרטיי (אַלס פּאָליטישע גרופּע), אָבער פּאַרטיע (אַ קאָן, אַ טראַנספּאָרט).

‎-עכץ איז לויט דער באַדייטונג פון די ווערטער, מיט וועלכע ער פאַרבינדט זיך, קנאַפּ-וואָס אָפּגעשיידט פון דעם סופיקס ‎-ניש, מיט דער נפקא-מינה אָבער, וואָס ער גיט אַ סך אָפּטער און פיל שטאַרקער צו די בילדונגען אַ פאַראַכטלעכן ניואַנס. דערהויפּט איז דער דאָזיקער סופיקס פאַרשפּרייט אין פויליש-וואָלינערישן יידיש, וואו ער פאַרבייט זייער אָפט דעם סופינקס ‎-ניש אָדער ‎-ונג, אָן שום ביינויאַנס פון פאַראַכטונג, למשל: טועכץ—טואונג, אויפפירעכץ—אויפפירונג, לייזעכץ—לייזונג, אויסלייגעכץ—אויסלייגונג, לויפעכץ—לויפעניש, שפּאַרעכץ—שפּאַרעניש אאַז״וו.

אַ ריי בילדונגען אויף ‎-עכץ האָבן אַ קאָנקרעטע באַדייטונג און קאָנען אויך געבילדעט ווערן פון אייניקע הויפּטווערטער: שפּייעכץ, קרייטעכץ, טייגעכץ, געפילעכץ, געהינטעכץ, געפרעגלעכץ אאַז״וו.

## ג) דורך צונויפזעצונג

אייגנטלעכע צונויפזעצונגען זענען די-יעניקע ווערטער, וואָס זענען צונויפגעזעצט פון צוויי (זעלטן—פון מער) באַזונדערע ווערטער.

איטלעכס צונויפגעזעצט וואָרט באַשטייט פון צוויי טיילן: איין טייל אַנטהאַלט דעם אַלגעמיינעם גרונדבאַגריף פון דער צונויפזעצונג און הייסט דערום גרונדוואָרט; דער אַנדערער טייל באַשטימט גענויער דעם גרונדבאַגריף דורך אַ וועלכן עס איז סימן און הייסט דערום באַשטימוואָרט. אַזוי למשל אין דער צונויפזעצונג חדר-יינגל איז יינגל דאָס גרונדוואָרט און חדר דאָס באַשטימוואָרט.

אין יעדער צונויפזעצונג שטייט דאָס באַשטימוואָרט פאַר דעם גרונטוואָרט, פונקט פאַרקערט ווי אין העברעאיש (דאָסגלייכן אין פראַנצויזיש); פגלי׳ למשל, מוסר-ספר (יידישע צונויפזעצונג) און ספר מוסר (העברעאישע), אסתר-תענית און תענית אסתר (פּאָסטמאַרקע און די פראַנצויזישע צונויפזעצונג timbre-poste). אָבער אין העברעאיש איז דאָס אייגנטלעך ניט קיין צונויפזעצונג, נאָר אַ באַזונדערע סינטאַקטישע קאָנסטרוקציע פון סמיכות.

איבערשטעלנדיק די טיילן אין דער צונויפזעצונג באַקומען מיר אַ נייע צונויפזעצונג מיט אַ גאַנץ נייעם באַטייט, וואו דאָס פריערדיקע גרונדוואָרט ווערט אַ באַשטימוואָרט און פאַרקערט, למשל: קוואַלוואַסער און וואַסערקוואַל, מוסר-ספרים און ספרים-מוסר.

צונויפגעזעצטע ווערטער קענען ווידער געברויכט ווערן אַלס גרונדווערטער אָדער באַשטימווערטער פאַר נייע צונויפזעצונגען, למשל, יאָרצייט-ליכט, שטיינקוילן-גרעבער, ארץ-ישראל-ניסלעך, בית-מדרש-ייד אאַז״וו. בכלל אָבער מיידט יידיש אויס אַזעלכע דרייגאָרנדיקע צונויפזעצונגען (וועלכע זיינען אין דייטש אַ גאַנץ געוויינלעכע ערשיינונג).

אויך צוזאַמענזעצונגען פון בלויז צוויי טיילן זענען אין יידיש אַ סך זעלטענער, ווי אין דייטש, און אין דעם פּרט זינדיקן אַפילו אונזערע גוטע שריפטשטעלער, בפרט אָבער די אַרבעטער פון דער פּרעסע, וועלכע בינדן אָן דעם יידישן סטיל אָפט ריין דייטשע צונויפזעצונגען [1].

אָבער פון דער אַנדערער זייט זענען צונויפזעצונגען אַן עַר אַניִשער טייל פון דער יידישער וואָרטבילדונג, ווי דאָס איז צו זען למשל פון די פאָלגנדיקע ביישפּילן, וואָס זענען גרעסטנטיילס דורכאויס פאָלקסטימלעך און פאַרוואָרצלט אין דער שפּראַך.

אַלס באַשטימוואָרט אין דער צונויפזעצונג קענען זיין:

א) הויפּטווערטער: טישקעסטל, שליטוועג, בויטשווייס, נויטפאַל, יאָרצייט, בבא-מעשה, שער-בלאַט, עפּלבוימווּאָגשאָל, גאָלדשפינער, נאָדלטעשל, צדקה-פושקע, דירה-געלט, גוואַלדריס, פיאָלוואָרצל, אַ רבייגל, אייערמצה, פאַנקוכן, ווערטלזאָגער, פורימשפילער, שפּילפּייגעלע, עפּלפּאַטשיילע, מעסערשטעך, טאָגבוך אאַז״וו.

ב) ביי־ווערטער: שטומלשן, שוואַרצאַפּל, שוואַרציאָר, אָרעמבחור, גוטברודערשאַפט, שלימזל, הייליקאָרט, גלייכוואָרט, זויערמילך, זיכערנאָדל, ברוגזטאַנץ [2], כשרטאַנץ, קורצפרייטאָג אאַז״וו.

ג) צאָלווערטער: דרייפוס, דרייבונד, פירפאַרבאַנד, דרייאייניקייט, האַלב-אינטעליגענט, פערטל-אינטעליגענט, צענטחלק אאַז״וו.

ד) פּראָנאָמענס: איך-געפיל [3].

ה) צייטווערטער: שעכטהויז, גאָלמעסער, שוויצבאָד, שרייבפּענדל, שפּייקעסטל, שלאָפחדר, שטעכווערטל,

1 פאַר דער טענדענץ פון דער יידישער שפּראַך ניט אַזוי ברייט אָנצווענדן צוזאַמענזעצונגען, פאַרבייטן זיי דורך אַנדערע קאָנסטרוקציעס, למשל דורך פאַרבינדונגען מיט פון, איז כאַראַקטעריסטיש צו פאַרגלייכן די מער פאָלקסטימלעך-יידישע תנך-איבערזעצונג פון יויזל וויצענהויזן מיט דער איבערזעצונג פון יקותיאל בליץ. בשעת ווען וויצנהויזן שרייבט: „דער ווינט פון צפון מאַכט בעווינען דעם רעגן״ אאַז״וו, שרייבט בליץ: „דער צפון ווינט״ (אין אַלט-יידיש, ווי אויך אין דער פאָלקסשפּראַך, כידוע, איז דער שטייגער צו שרייבן די טיילן פון דער צונויפזעצונג באַזונדער, דאָסגלייכן אין ענגליש).

2 ברוגז קען דאָ אויך באַטראַכט ווערן אַלס סובסטאַנטיוו, פונקט ווי זיכער (אין זיכערנאָדל)—אַלס צייטוואָרט.

3 די צייטווערטער אַלס באַשטימונגען אין די צונויפזעצונגען ווערן דאָס רוב אַלזאָ גענומען אין דער שטאַמפאָרם, וועלכע פאַלט דאָס רוב צונויף מיט די פון צייטוואָרט אָפּגעצווייגטע הויפּטווערטער; ס׳איז דעריבער ניט אַלעמאָל מעגלעך פעסטצושטעלן, צי דאָס באַשטימוואָרט זאָל אויפגעפאַסט ווערן אַלס הויפּטוואָרט אָדער אַלס צייטוואָרט, ווי למשל אין די צונויפזעצונגען: בליצלאָמפּ (בליץ קען זיין אַ הויפּטוואָרט), שמדשטיק אאַז״וו.

העגנגלייכטער, ציטערשפּילקע, פלוידערזאַק, קלאָגמוטער, לערנייִנגל, לייענזאַל, שיידוועג, אָפּטרעטגעלט, עסנשוּב, האַקנפּלייש אאַז״וו.

ו) אומשטאַנדווערטער: מאַכטייסע־[מהיכא־תיתי־]ן מענטש, ערגעץ־לאַנד, גיין־זאָגער, יאַ־וואָרט, ניט־יידן, ערב־משומדים.

ז) פאָרווערטער: איבּערבעט, בייקול, פירהויז, פיר־האַנג, אָפּגאָט אאַז״וו.

ח) אויסרוף־ווערטער: הוראַ־פּאַטריאָטן, הידד־נאַציאָנאַליסטן.

ט) גאַנצע ווענדונגען: לאַ־יחרץ־געלט, קאָפּ־אָן־וואַנט־קלאַפּער (פרק), אויך־מיר־מענטשן.

די כללים פון צוזאַמענזעצונגען זיינען גילטיק פאַר אַלע ווערטער, קיין נפקא־מינה ניט פון וואַנען זיי שטאַמען. אַ יוצא־מן־הכלל זיינען נאָר די צוזאַמענגעזעצטע העבּרעאישע ווערטער, וואָס ווערן באַנוצט אין דער פאָרם פון זייער מקור, למשל, בעל־הבית (הויזווירט), אַ תענית־תשובה (יידיש: אַ תשובה־תענית), שכר־טירחה (טירחה־שכר), טעם־גן־ערן און גן־עדן־טעם.

די העבּרעאיזמען, וואָס זיינען צוזאַמענגעזעצט געוואָרן אויפן באָדן פון דער יידישער שפּראַך, זיינען אַלזאָ ניט קיין אויסנאַם פון דעם כלל, אַז דאָס גרונדוואָרט אין דער צוזאַמענזעצונג שטייט נאָך דעם באַשטימוואָרט, למשל, ישיבה־בחור, שבת־גוי, בבל־סחורה, אסתר־תענית, גמרא־מלמד, חתונה־מתנות, שבת־מלכה־חן (אַש), כלה־חן, מיתה־משונה־קאָליר אאַז״וו.

פאַלש איז די פאָרשטעלונג, אַז צונויפזעצונגען פון אַ העבּרעאישן וואָרט מיט אַ ניטהעבּרעאישן זענען קעגן דעם גוטן שפּראַכגעפיל; אַדרבא, אַזעלכע צוזאַמענזעצונגען האָבן נאָך אַ באַזונדערע לעבעדיקייט (למשל, אייבער־המצאה, דרשה־געשאַנק; זע אויך די ביישפּילן פריער).

פאַרהאַן צונויפזעצונגען, וואו דאָס באַשטימוואָרט איז שוין זעלבשטענדיק ניט געברויכלעך אין דעם היינטיקן יידיש, למשל: גינגאָלד, גרימצאָרן, שטיפקינד, שלים־מזל, טענענבוים, מירמלשטיין, אין די צונויפזעצונגען מיט ווידער (קעגן, wider), ווידערקול, ווידעראַנאַנד (געבליבן אָבער אין דעם אויסדרוק קידער־ווידער).

אין אַנדערע פאַרקערט איז זעלבשטענדיק ניט גע־ברויכלעך דער צווייטער טייל: וויזלטיר, מירמלטיר, דראָמלטיר (הגם די דייטשמעריסטן האָבן געפּרוווט אַריינ־פירן דאָס וואָרט טיר אויך זעלבשטענדיק, אָבער אָן הצלחה, ערשטנס דערפאַר, וואָס עס קלינגט אידענטיש ווי טיר — פּתח, צווייטנס דערפאַר, וואָס דער רבים לאָזט זיך דאָ ניט בילדן (טירן? טירע?). אַהער געהערן אויך די ווערטער שפּינוועבס, הויזראָט.

מאָל (דאָס דייטשע Mahl) קאָן זיין אי אַ באַשטים־





וואָרט אי אַ גרונדוואָרט (מאָלצייט, קנס־מאָל, חתן־מאָל), אָבער זעלבשטענדיק אין יידיש ניטאָ [1].

פון די צוזאַמענזעצונגען דאַרף מען מבחין זיין די צוזאַמען פאַרבונדענע ווערטער, וואו ביידע טיילן זיינען גרונדווערטער און יעדער טייל היט אויף זיין לכתחילהדיקן באַגריף, למשל, לונג־און־לעבער, לעקעך־און־בראָנפן, פייל־און־בויגן (פיילנבויגן איז שוין אייגנטלעך מער צוזאַמענזעצונג; פגל' רעגנבויגן), חתן־כלה, טאַטע־מאַמע, גאָפּל־מעסער.

גאָר צו אַן אַנדער קאַטעגאָריע פאַרבינדונגען, אַ מער סינטאַקטישער, געהערן אַזעלכע ווענדונגען, ווי מאַמע ערד למשל.

אַזוי ווי דער טראָפּ אין די צוזאַמענגעזעצטע ווערטער שטייט אויפן באַשטימוואָרט, ווערט אָפּט דער אומבאַטאָנט געבליבענער וואָקאַל פון דער צווייטער העלפט פאַרטונקלט, און די גאַנצע צוזאַמענזעצונג פאַרלירט אָפּט דורכדעם דעם בולטן כאַראַקטער פון אַ צוזאַמענגעזעצטן וואָרט, למשל אומעט (און־מוט), אוירינגל (אויערינגל), בוימל (בוימאייל), שולעף (שולהויף, אַזוי וואָלט מען עס אויך געדאַרפט שרייבן), טריוואַקס (טריף־וואַקס), אָרעמאַן (אָרעם־מאַן).

די צוזאַמענזעצונגען אין יידיש מיידן אויס דעם פאַרבינדונגס־קלאַנג ס, למשל רעדל־פירער Rädelsführer, צייטונגשרייבער, זיי דערלאָזן אינגאַנצן ניט די פאַרבינ־דונג דורך ע, למשל, שיידוועג (ניט שיידעוועג), ווענדי־פונקט (שוין אָפּגערעדט פון אַזעלכע באַרבאַריזמען, ווי טאַגעבוך, טאַגעבלאַט), און ניט דורך עס, למשל, טאַגעס־אָרדענונג (אָנשטאָט טאָגאָרדענונג, סדר־היום).

אַפילו ווערטער אויף ע לאָזן זיך שווערלעך פאַרבינדן דורך ס: מאַלינעס־זאָק, קהילות־צוזאַמענפאָר.

אינגאַנצן אָבער צו פאַרוואַרפן די פאַרבינדונג דורך ס איז אַ פוריזם, וואָס האָט ניט קיין שום גרונד און איז געבויט אויף אַ פאַלשן שפּראַכגעפיל. די פאַרבינדונג דורך ס האָבן מיר אַפילו אין ריין יידישע צוזאַמענזעצונגען, ווי קהלסמאַן, היילסלייט, וועגסלייט, שיפסקאַר־טע (שיפקאַרטע), שיפסקאַפּיטאַן, דאָרפסיונג (Dorfjunge). דעריבער איז אַ געשמאַקלאָזער פעדאַנטיזם אַזאַ פאָרם ווי פאָלקליד וכדומה.

אויסצומיידן זענען צוזאַמענזעצונגען, וואו איין גרונד־וואָרט איז פאַרבונדן מיט צוויי באַשטימווערטער, ווי, למשל, אַרבעטער־און פויערים־ראַטן (פגל' אויך ביי גליקל האַמיל: פון יתומים מיט אלמנות געלט).

(נאָך וועגן וואָרטבילדונג, סופיקסן, צוזמענזעצונגען אאַז״וו אַן אַנדערש מאָל).

1 אין מאַנכע צוזאַמענזעצונגען איז דאָס גרונדוואָרט אַ סינאָנים פון דעם ווייניקער באַקאַנטן באַשטימוואָרט, צ״ב שטיר־אָקס, שטורעמווינט, שיפערשטיין, טאַפּאָלן־ביימער, פּיפּערנאָטער (Vipernater), ליגדנוואָרעם, ווילדפערט.

# פּרץ און פרישמאַן אין זייערע פּערזענלעכע באַציאונגען

פון נחמן מייזיל (וואַרשע)

אייגנטלעך זענען צווישן פּרצן און פרישמאַנען נישט געווען קיין פּערזענלעכע באַציאונגען. נאָר אַ שווערע, לאַנגדויערנדיקע קריג, וואָס האָט אָנגעהאַלטן גאַנצע צוואַנציק יאָר. אייגנטלעך איז עס נישט געווען קיין קריג צווישן פּרץ און פרישמאַן, נאָר ריכטיקער—אַ פאַרביטערטער קאַמף פון פרישמאַנען קעגן פּרצן.

ווען מען באַקענט זיך נעענטער מיט אָט דעם גאַנצן אַנטי־פּרץ־מאַטעריאַל, וואָס געפינט זיך אין אַזאַ שפע אין דוד פרישמאַנס יידישע און העברעאישע שריפטן, קומט מען צו דער איבערצייגונג, אַז פּרץ איז געווען ביי פרישמאַנען עפּעס אַ ביז־גאָר קראַנקער פּונקט. עס איז נישט קיין פּלוגתא צווישן פאַרשיידנאַרטיקע שרייבער, וואָס איז געבויט אויף ערנסטע חילוקי־דעות, נאָר עפּעס אַן אומבאַגרינדעטער האַס, וואָס האָט אָנגעפילט פרישמאַנס האַרץ אין לויף פון יאָרן און יאָרן. אין פּרצן האָט פרישמאַן געזען דעם שולדיקן אין אַלץ און פון אַלעמען. שטעלט ער זיך אָפּ אויף דעם אומנאָרמאַלן צושטאַנד פון דער יידישער ליטעראַטור, איז דער חייב ביי אים פּרץ; רעדט ער וועגן דער געפאַלנקייט פונעם יידישן טעאַטער, איז ווידער פּרץ; באַרירט ער די אָפּגעשטאַנענע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט, איז אָבעראַמאָל פּרץ. פּרץ איז ביי פרישמאַנען אין די אויגן געווען דער אבי־אבות פון אַלדאָס שלעכטס אינעם יידישן קולטור־לעבן.

און גראָד זענען זיי דאָך ביידע, פּרץ און פרישמאַן, אין פיל פּרטים ענלעך געווען איינער צום צווייטן. ביידע זענען זיי געווען איבערגעוואַקסן איבער זייער אַמאָליקער ליטעראַרישער סביבה. ביידע האָבן זיי נעהאַט העכערע, ראַפינירטערע באַגריפן וועגן ליטעראַטור און שאַפן, ווי דער דורכשניטלעכער העברעאישער און יידישער שרייבער פון זייער צייט. און ביידע האָבן זיי זיך געריסן פון די יידישלעך־בטלנישע ד׳ אמות אין דער ברייטער וועלט אַריין און נישט געקאָנט מיטגיין און מיטשלעפן זיך מיט אַלעמען. אָט די אומצופרידנקייט מיט די אָנגענומענע נוסחאות און מיט דער „אידיליע", וואָס האָט געהערשט דאַן אין דער יידישער ליטעראַטור, האָט באַדאַרפט פּרצן און פרישמאַנען פאַרבינדן, פאַראייניקן צו בשותּפותדיקער צוזאַמענאַרבעט.

אָבער... אָבער עפּעס אַ שלים־שלימזל האָט זיך דאָ אַריינגעמישט און געשאַפן אַזוי פיל בייזבלוט צווישן די, וועלכע האָבן באַדאַרפט גיין צוזאַמען.

מ׳דאַרף דעריבער גוט נאָכזוכן די סיבות פון אָט דעם פאַרביטערטן, כסדרדיקן קאַמף.

עס זענען דאָ אַזוי אָפט צופאַלן פון אַ ספּעציעלער נאָענטער פריינדשאַפט צווישן מענטשן, אָבער נישט אַלע מאָל איז די פיינדשאַפט צווישן מענטשן, וואָס וואָלטן באַדאַרפט זיין נאָענט, בלויז אַ צופאַל.

די באַזונדערע אייגנשאַפטן פון די כאַראַקטערן, פון דעם אַרט שאַפן פון פּרצן און פרישמאַנען האָבן זיך דערנאָך גענומען אויסשיילן און אויסטיילן, יעדער איינער פון זיי איז אַלץ־מער געוואַקסן, און די פאַרשיידנאַרטיקייט צווישן זיי האָט זיך אַלץ געשטאַרקט, געמערט. פּרץ איז געוואָרן דער באַגייסטערער, פרישמאַן — דער לייקענער; פּרץ האָט פונאַנדערגעוויקלט פאָנען, פרישמאַן האָט זיי אַראָפּגעריסן; פּרץ האָט אָרגאַניזירט, צעמענטירט, פרישמאַן — צעוואָרפן, פונאַנדערגעטריבן; פּרץ האָט כסדר געגעבן סמיכות, אָנגעטאָן קרוינען, פרישמאַן האָט מבטל געווען, אַראָפּגעזעצט פון טראָן. איז אָט פון דאַנען געוויס געקומען דער מהלך, דער תהום.

פּרץ און פרישמאַן האָבן ביידע אָנגעהויבן מיט העברעאיש, און זענען שפּעטער אַריבער צו יידיש. פּרץ אָבער איז אַריבער מיט לייב און לעבן, באַקומען דערנאָך גלויבן, קנאות און געוואָרן אַ יידישער כמעט אינגאַנצן; פרישמאַן איז ביזן סוף פון זיין לעבן געבליבן אין יידיש אַ זייטיקער, אַן אורח, — זיין נשמה, זיין ליבע איז פאַרבליבן אין העברעאיש.

ווי באַוואוסט, איז דער ערשטער אמתער אַרויסטריט פון פּרץ און פרישמאַן אין יידיש פאָרגעקומען אין איין צייט, אין איין און דעמזעלבן זאַמלבוך—ביי שלום־עליכמען אין דער „יודישער פאָלקס־ביבליאָטהעק" (קיעוו 1888). פּרץ האָט דאָרט געדרוקט זיין „מאָניש", פרישמאַן—זיין „אופיר". שלום־עליכם, כידוע, איז געווען שטאַרק באַגייסטערט פון פרישמאַנס פּאָעמע „אופיר" און פיל קעלטער אויפגענומען פּרצעס „מאָניש". אָט די געפילן האָט שלום־עליכם גאַנץ אָפן אַרויסגעזאָגט אין זיינע בריוו צו דוד פרישמאַן, יעקב דינעזאָן און י. ל. פּרץ[1]. שלום־עליכמס מיינונג האָט דאַן אויך געטיילט ש. דובנאָוו, דער דעמאָלטיקער אָנגעזעענער

1 זע מיין אַרטיקל „פּרץ און שלום־עליכם", לאַנדויבוך, ז׳ 267—269. זע אויך ש. ל. ציטראָן—„דריי ליטעראַרישע דורות", ב׳ I, ז׳ 135.

קריטיקער פון „וואָסכאָד“, וואָס האָט געשריבן, אַז ניל נירעריקער פון פרישמאַנס „אופיר“ איז פּרצעס „מאָניע“. גאַנץ מעגלעך, אַז פון דאַנען הייבן זיך אָן צו ציען די קנאה־שנאה־פעדעם פון פּרץ־פרישמאַן.

מיר זעען גאַנץ באַשיימפּערלעך, ווי ס׳איז געווען דאַן ביים שרייבער־עולם אַ מין וואָגשאָל: אויף איין טעלער פּרץ, אויף דער אַנדערער פרישמאַן. אָט, למשל, שרייבט י. דינעזאָן אין אַ בריוו צו שלום־עליכם (1889): „דיזע טעג האט ער [פּרץ] מיר מיט אַ עקסטרען מענשען צוגעשיקט זיין גראנדיעזע פּאעמא, וועלכע ער שרייבט פאר אייער צווייטער ביבליאטהעקא, לה דומיה תהלה, דאס איז ניט „אופיר“ און ניט די גנבת־דעת פון אופיר, און ניט דער מחבר פון אופיר“. אָט דאָס מעסטן און פאַרגלייכן פּרצן מיט פרישמאַנען האָט מסתמא דערווייטערט זיי איינעם פונעם אַנדערן און געשאַפן אָנגעצויגענע באַציאונגען.

פּרץ גיט אַרויס בקרוב אין 1891 „די יודישע ביבליאָטעק“, דעם ערשטן און צווייטן באַנד. פּרץ ווערט דערווייטערט פון שלום־עליכמען, און אָט די דערווייטערונג האָט געוויס מיטגעבראַכט אויך די דערווייטערונג פון פּרץ און פרישמאַן, ווייל די פריינדשאַפט און דער בונד שלום־עליכם־פרישמאַן איז אַלץ מער געוואַקסן [1]. דערווייל פירט זיך די אַטאַקע פון שלום־עליכם קעגן פּרץ אין זיין „קול מבשר“ (צו דער 3־טער „יודישער פאָלקס־ביבליאָטהעק“) און אין די בריוו צו זיינע פריינד [2]. פּרץ מאַכט גלייכצייטיק זיין אייגענעם ליטעראַרישן וועג. ער שרייבט לידער, דערציילונגען, פאַרפאַסט פאַרשיידענע אַרטיקלען און רעדאַקטירט אַ ריי אויסגאַבן, גרעסערע און קלענערע. ער מאַכט דורך שנעל און האַסטיק, ווי ער האָט געקאָנט, דעם וועג פון משכּילישן ראַציאָנאַליזם (אין זיין „יודישע ביבליאָטעק“) ביז צו די שטאַרקע סימפּאַטיעס מיט די סאָציאַלע מאָטיוון אין די „יום־טוב־בלעטלעך“ (1894). די „יום־טוב־בלעטלעך“ זענען געשריבן אין אַ מונטערן, קאַמפּלוסטיקן טאָן, מיט שטאַרק ראַדיקאַלע טענדענצן און מיט שאַרפע פיילן קעגן די לשון־קודש־שרייבער און חיבת־ציון־שטימונגען. דאָס איז געווען דער ערשטער אָנזאָג פון דער קעמפערישער יידישער פּובליציסטיק און דיכטונג. אַזוי ווי ס׳איז געווען אוממעגלעך ביי די דעמאָלטיקע פּאָליטישע באַדינגונגען אַרויסצוגעבן אַ פּעריאָדישע אויסגאַבע, האָט פּרץ דאַן אַרויסגעלאָזט אומפּעריאָדישע העפטן, זיי פאַרבונדן מיט די יידישע ימים־טובים און געגעבן זיי יום־טוב־נעמען („לכבוד פסח“, „פייל און בויגען“, „גרינס“, „תענית“, „טרייסט“, „שופר“ און אַזוי ווייטער).

1 זע „שלום־עליכם־בוך“, אַרטיקל פון י. ד. בערקאָוויטש ז. 161—162. — די בריוו פון שלום־עליכמען און פרישמאַנען פון יענעם פּעריאָד וואָלטן געוויס געקאָנט באַלויכטן פיל פאַרהוילענע פּרטים, זיי זענען אָבער נאָך נישט אַלע פאַרעפנטלעכט.

2 זע מיין אַרטיקל „פּרץ און ש“ע“ ז׳ 271—274.



די „בלעטלעך“ האָבן געהאַט גרויס ערפאָלג צווישן דער ראַדיקאַלער יוגנט, באַזונדערס אין די יידישע אַרבעטער־קרייזן, און גלייכצייטיק האָבן זיי אַרויסגערופן אַ שטאַרקע אומצופרידנקייט צווישן דער נאַציאָנאַליסטיש־העבּראַיסטישער אינטעליגענץ. פון פאַרשיידענע זייטן ווערן געמאַכט אָנגריפן אויף פּרצן און אויף די „בלעטלעך“, באַזונדערס איז שווער און פאַרביסן געווען דער אָנפאַל פון דוד פרישמאַן, וועלכער האָט זיך באַהאַלטן אונטער אַ פּסעוודאָנים „אברהם גאָלדבערג“. אין 1894 זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דוד פרישמאַן, מיט דער אונטערשטיצונג פון דעם באַוואוסטן העברעאישן פאַרלאַג „אחיאסף“ [3], צוויי ביכלעך, וואָס האָבן אַזאַ מין שער־בלאַט 1) „אברהם גאָלדבערג — לאָקשען, אַ בלעטעל צור אונטערהאַלטונג. הערויסגעגעבען דורך א. י. וואַרשא תרנ״ד, 26 שפּאַלטן, און 2) אַפלוי פון תשעה באב, פערפאַסט פון אברהם גאָלדבערג, הערויסגעגעבן דורך א. יאַלאָוו, אַ שוואַרץ, שפּרינגענדיג, לעבעדיג, בייסענדיג בלעטעל“. וואַרשא, תרנ״ד. 30 שפּאַלטן. אויף דעם ערשטן ביכל איז די צענזור־דערלויבניש געגעבן דעם 21טן יוני, אויף דעם צווייטן ביכל — דעם 26טן יולי 1894 [4]. אָט די ביידע ביכלעך זענען פון אָנהייב ביזן סוף אַ פּאַמפלעט אויף פּרצן און אויף זיינע „יום־טוב־בלעטער“. שוין דער אינהאַלט פון די ביכלעך דערציילט, אַז ס׳איז אינגאַנצן אַ קאַריקאַטור אויפן פּרצן און זיינע ווערק. צי זיי זענען פון אָנהייב ביזן סוף געשריבן נאָר דורך דוד פרישמאַן, אָדער אייניקע קלענערע זאַכן זענען אויך געגעבן פון אַנדערע — איז שווער צו זאָגן.

דער אינהאַלט פון דער ערשטער זאַמלונג: „דאָס נייעסטע ליעד—פאָר געזאָגט פון אַ יונגען לומפּענפּאַטשער; רעדט צו דער וואַנד (לייט־אַרטיקעל) — אברהם גאָלדבערג; דער דאָרן (אַ זומער־ערציילונג) פריי בעאַרבייטעט נאָך י. ל. פּרץ — נטע דרעה; דער חורבן צום ערשטען סדר, אַ בילד, געשווינד נאָכדערצעהלט אַלאַ גוידא—שמעריל איינגעמאַכטס; קריטיק (קורץ און שאַרף אַלאַ ד. פּינסקי) — זלמן נחום באָסס, המכונה זנ״ב; ער שפּיעלט פאַר׳ן טייוועל, אַ פאַנטאַזיע (האַפּענדיג נאָכדערצאהלט י. ל. פּרץ) — מענדיל חניאָק; טראַם, טראַם, טראַם, אַ הונגעריגע מעשה (בקיצורליך ערצעהלט נאָך ד. פּינסקי) — איציק ליינזוימען; געמויזעכטס—שכנא; פעליעטאָן: אַ קאַפּיטעל אויס מיין קאָך־בוך (צו מאַכען דעם מאכל, וואָס מען רופט איהם „פאָרפאָלק“) — פייגעלע מגיד; אויך אויף אַ זומער־וואָהנונג, אַ בילד פון א. גאָלדבערג. —

ווי מיר זעען זענען די אַלע נעמען פּאַראַפראַזירט פון

3 אגב, די מאַטריצן פון די פּאַמפלעטן געפינען זיך עד־היום אין וואַרשעווער „אחיאסף“־פאַרלאַג.

4 די צוויי ביכלעך—איצט אַ ביבליאָגראַפישע זעלטנהייט,—האָב איך באַקומען ביי ד״ר מ. ווײַנרייך. איך דאַנק אים דאָ פאַר זיין פריינדלעכקייט צוצושיקן מיר די ביכלעך קיין וואַרשע.

פרצעס און אויך פון אַנדערע זאכן, וועלכע זענען געדרוקט אין די „בלעסלעך".

אַזוי ווי די פאַמפלעטן זענען איצט אַ יקר־המציאות, וועל איך ברענגען איי ניגע גרעסערע אויסצוגן.

דאָס ערשטע אַריינפיר־ליד—„דאָס נייעסטע ליעד" אין די „לאָקשען":

„וואָס דראַפּעט און צאַפּעט און קלאַפּט מיר אין קאָפּ?
עס רייס אַ געדאַנקען האָפּ־האָפּ אין גאַלאָפּ...

און שטילל קריעכט ער, פונקט ווי א שרץ;
(דער לעזער וועט פרעגען, וואָס מיינט דער פּאָעט?
וואָס רייטען? וואָס קריעכען? וואָס ווערדט דאָ גערעדט?
דאָך שטילל, דענן איך שרייב אַלאַ פרץ!)

עס וואָרקען די טויבען, עס מיוקעט די קאַץ,
עס קריעכען די וואנצעלעך אויף דער מאטראַץ —
„אונ לעשען אונ לעשען אונ לעשען";

עס ברענט שוין דער הימעל, די ערד איז פערזענקט,
די מעשענע האָנגעל־לאָמפּ האָנגט זיך און האָנגט,
אויס מעשען, אויס מעשען, אויס מעשען.

איך זאָל אַזוי וויססען פון באָז און פון שלעכטס
אויב איין ווארט איז האטש דא פערהאנדען א רעכטס —
איך שרייב אבער הייגט אַלאַ פּרץ!

איך מוז אַ פּאָעט זיין גאר טיעף און גאר הויך
אונ פלאממעדיג שרייען, אז געהן זאל אַרויך,
אונ דרך־ארץ, שקצים, דרך־ארץ!)

נו מילא, וואו האלט איך? — אַ פּאפּיראס ברענט,
איך שטעלל אויפן קאפ זיך, איך קריעך אויף די װענט —
דא חזיר, דא גאלדענער נזם?

„די פלעדער־מויז זינגט זיך" (ווי איך בין אַ ייד!
אויך פלעדערמייז זינגען ביי פרצן אַ ליעד —
וועמ'ס געהט, ביי דעם שיעסט אויך א בעזעם!)

דער כסא של שלמה, ער זעטצט ווי אַ מיהל;
אונ מיר טהוט דער בויך וועה, איך זינג מיט געפיהל —
דער שד האט אריין זיך געטראנטשעט:

אונ פלוצלינג... זאגט, שלאגט נישט דער זייגער שוין אַכט?
ס'איז צייט, עס זאלל ווערען אַ סוף שוין געמאכט,
און פונקטים דאס ליעד איז געקאנטשעט".

ס'איז אינטערעסאַנט: שפּעטער האָט אויך שלום־עליכם געמאַכט אַ פּאַראָדיע (שלום־עליכם רופט עס אָן „פּאָדראַזשאַ־



ניע" — נאָכמאַכונג) אויף פרצעס לידער [1], וואָס איז אין איי ניקע ערטער ענלעך אויף אָט דער פּאַראָדיע.

אין דעם „לייט־אַרטיקל" „רעד צו דער וואַנד" הייבט אָן אַברהם גאָלדבערג (דוד פרישמאַן) מיט אַ אַנעקדאָט מכח אַ סוחר, וואָס פלעגט יעדעס מאָל ביים באַגעגענען אַ שיינע פרוי אויסשפּייען. מ'האָט אים געפרעגט, וואָס הייסט עס, האָט דער סוחר געענטפערט: ווען ער דערזעט אַ שיינע פרוי, דערמאָנט ער זיך אָן זיין ווייב, אָן זיין מיאוסקייט, און דערפאַר שפּייט ער אויס. אַזוי אויך בעת ער לייענט עפּעס פון די אַנדערע ליטעראַטורן, דערמאָנט ער זיך אָן זיין מיאוסקייט, דעם זשאַרגאָן. „אָבער—שרייבט ער—מיט שפּייען אַליין וועט מען גאָרנישט העלפן. אַ מבול אַ גאַנצן און נישט אַ שפּיי וואָלט מען דאַרפן, בכדי צו קענען אָפּמעקן און אַוועקוואַרפן אַלע ספרים און ספרימלעך און בראָשורן און בלעטלעך און יאָרביכער, וואָס האָבן זיך געיאַוועט ביי אונז אין דער לעצטער צייט". און דאָ גייט אַוועק אַ „שפּאַציר" איבער איי ניקע פרצעס זאַכן — „די רויז", „כסא של שלמה", „אַ מערב־איראָפּעאישע לאַגע", און ער גיט צו: „ווען מען זאָל קלאָר שרייבן, וועט מען דאָך זען, וואָס פאַר אַ מין שלאַק רחמנא ליצלן דער שרייבער איז; ווען מען שרייבט אָבער, אַז קיינער זאָל נישט פאַרשטיין, קאָן דאָך איינער מאָרט מיינען, אַז דאָרט איז מי־יודע וואָס פאַר אַ טיפע חכמה פאַרשטעקט... און דאָס וויל זיין אַ טאַלאַנט? דאָס וויל זיך אָנרופן אַ פּאָעט, וויל הייסן אַ שריפטשטעלער? זיך חכמהנען און המצאהנען און שפּייען מיט גליין־ווערטלעך זאָל הייסן גייסטרייך זיין?" און נאָך דעם ווי ער ברענגט אַ פּאָר ציטאַטן פון פרצן, רופט ער אויס: „ווי נידעריק די זשאַרגאָן־ליטעראַטור זאָל ניט זיין געשטאַנען, עס איז פאָרט געווען אַמאָל צייטן, וואָס אַזעלכע שרייבער זענען גאָר ניט מעגלעך געווען! עס איז פאָרט געווען אַ מענדעלע מוכר ספרים, אַ שלום־עליכם, אַ פרוג, אַ ספּעקטאָר, אַ גאָלדפאַדען, אַ לינעצקי, אַ גאָטלאָבער, אַ צווייפל, וואָס אַז זיי פלעגן רעדן, האָט דאָס פּובליקום פאַרשטאַנען, וואָס מען רעדט צו אים"...

און נאָך פאַרשיידענע אַריינזאָגעכצן און שטעכווערטלעך שרייבט ווייטער אַ. גאָלדבערג וועגן דעם מין שרייבער ווי פרץ: „זיי מאַכן שירים אַלאַ היינע, זיי שרייבן ראָמאַנצעראָס, זיי שרייבן ערציילונגען, סקיצן, גייסטרייכע פּאָליטיק, איבערזיכטן, קריטיקן וכו' און ווייסן גאָר ניט, ווי ווייט עס גייט זיך דעם געזונטן לעזער אַ חלשות אָן פאַר זייער גאַנצן באָלבען און פאַר זייער, מיט רעשפּעקט צו מעלדן, נפיחהנען מיט דעם מויל"... און אַזוי ווי.

אין ביכל קומען אַריין אויך פלאַכע, נישטיקע שטעכווערטלעך אויף פרצעס אַדרעס. אָט, אַ פּאָר ווערטלעך אונטערן קעפּל „קריטיק": „לכבוד פסח, אַ יו"טריק בלעטל

[1] זע מיין „פרץ און ש"ע", ז' 273 - 274.

פון פּרץ=ספּעקטאָר [1], — אייסגעצי כנ״ז! (אַז איך וויל אָבער קאָן איך נאָך דאָס דאָזיקע וואָרט אויסשטרייכן און שרייבן: עס טויג אויף כפּרות!)".

עס קומט אין ביכל אַ שטיקל פּאַראָדיע אויף פּרצעס „ער שפּילט פאַרן טייוול" (האַלט אַ קנאַפּע 20 שורות), מיט אַ צוגאָב: „דער רעשט פון דעם ספּור און אויספירלעך קאָן מען דאָס אַלץ לייענען אין „שלום-עליכמס „סטעמפּעניו", דען פון דאָרט האָב איך דאָס אַלץ גענומען".

צום סוף ביים „געמויזעכטס" — אַזאַ גראָבע, עקלדיק ווערטל: „יידישע ביבליאָטעק. איזהו עשיר? כל שיש לו בית הכסא סמוך לשלחנו. יעצט מאַכט מען שוין דאָס אַנדערש; יעצט שאַפט מען זיך אָן די נייע יידישע ביבליאָטעקן און מען האָט דאָס ליגן אויפן טיש, איז מען דערמיט שוין יוצא". דאָס איז געשריבן וועגן די צוויי זאַמלביכער, וועלכע פאַרמאָגן אמתע ליטעראַרישע פּערלען פון יונגע און עלטערע שרייבער, און אין דער ערשטער ריי — פון פּרצן גופא!

פון דעמזעלבן שניט און כאַראַקטער איז דאָס צווייטע ביכל=פּאַמפלעט „אַ פלוי פון תשעה באָב".

דער אינהאַלט: „צום לעזער (אַ פּאָררעדע, געאַרבייט געטרוי לויט אַ מוסטער) — די פלוי; דער שוהל-בעזעם (פּאַראָדיע) פון מיר דעם גרויסן פּאָעט מענדעל גבור; צוויי מאָל צוויי איז... וויפיל? (לייט-אַרטיקעל) — אברהם גאָלדבערג; די קאַטאַסטראָפע אין גושן — איציק שפּינוועבס; נייעס (פון דער גאַנצער וועלט) — באָנציע שוויג; מילכיגס אויף די נײַן טעג, ראָמאַן אין 10 חלקים פון א. גאָלדבערג; קרעפּלעך — שבתי מאיר לעקעך-באַקער. געמויזעכטס; אין דער מאַמען אַריין! אַ מאָנאָלאָג פון אַ משוגענעם שריפטשטעלער, זעהר פריי נאָך דוד פּינסקי — חיימיל בעלפער".

אין דער פּאָררעדע ווערט געזאָגט צווישן אַנדערן: „איך שרייב, ווייל איך וויל האָבן עטלעכע גראָשן; איך רעד, אַז קיינער פאַרשטייט קיין וואָרט ניט, גאָר פּראָסט, ווייל איך קאָן ניט אַנדערש; איך גיב אַרויס אַלע מאָנטאָג אין דאָנערשטאָג בלעטלעך און בראָשורקעס, וואָס זענען אַזוי גרויס ווי אַ טל-ומטר, גאָר פּראָסט, ווייל איך בין ניט אימשטאַנד צו שרייבן אַ גרעסערע, איבערלעגטע, צוזאַמענהענגענדע זאַך; איך שרייב פאַרדרייט, אַז איינס קומט ניט צום צענטן, גאָר פּראָסט, ווייל איך בין ניט אימשטאַנד צוויי אָדער גאָר דריי צוזאַמענהענגענדע געדאַנקען צונויפצופּאָרן... איך הייס איין מאָל „דער פּייל" און איין מאָל „דער פּיילנבויגן", איין מאָל אַזוי און איין מאָל אַזוי, איך בין אַ קראַנקער, אומגליקלעכער מענטש, וואָס ביי אים איז עפּעס אַ רעדל געפּלאַצט אויבן אין מח".

נאָך דער „פּאָררעדע" קומט אַ מין „קריטיק" — אַ „לייט-אַרטיקל", וואָס הייסט „צוויי מאָל צוויי איז... וויפיל". דאָ ווערן „אַנאַליזירט" אַ ריי פּרצעס זאַכן: „די רויז", „די מערב-אייראָפּעאישע לאַגע", „דער כסא של שלמה", „די שול-קאַלינע" „צום עולם התוהו", „געשלאָגן דעם טאַטן", „הולדת משה", „המחשבה והכנור", „בריוו איבער ליטעראַטור". דערנאָך שרייבט א. גאָלדבערג: „איר לייענט אַ באַלאַדע „מאָניש", דאָס גאַנצע איז משוגע און פאַרדרייט, אַז איין בילד קומט ניט צום צענטן, ווייל יעדעס איז גענומען פון אַן אַנדערע קוועלע, און דעריבער איז עס זייער „סקוטשנע"... נו, אָבער לעגט די האַנט אויפן האַרץ און זאָגט מיר: האָט איר שוין קיינמאָל ניט געלייענט אַ מעשה מיט דער „פרוי ווענוס" אויפן ווענוס-באַרג, וואָס פאַרלאָקט אַהין צוריק דעם פרומען פּרוש „טאַנהייזער..." און דער פּאַמפלעטיסט פאַרענדיקט: „ניין, מיינע הערן! עס זענען שוין ניטאָ די יאָרן, וואָס לאַנגע קודלעס און משוגענע העווית און אַבזיכטלעך-דולע, נאַטירלעך-פּוסטע, ניטווילנדיקנאַרישע פראַזן זאָלן זיין אַ סימן פון אַ פּאָעט. מיר פאַרלאַנגען אַלס ערשטן תנאי אַ געזונטן קאָפּ, קלאָרהייט, דורכזיכטיקן קריסטאַל"...

איז נאָך דאָס אַלץ קאַרג, קומט נאָך דערנאָך אַן אָפּטיילונג „נייעס", וואו מען רעכנט זיך ווידעראַמאָל אָפּ מיט פּרצן. אַזאַ מין „חכמה": „מען שרייבט אונז: עפּעס אין אַ שטאָט גייט איצט אַרויס פון דרוק פּרצעס זאַמטלעכע ווערקע. אַלעס אין אַלעס $1\frac{3}{4}$ בויגן שטאַרק, אין 12 חלקים. די ווערקע זענען געדרוקט אַזוי ווי להבדיל די „מקראות גדולות" מיט ל״ב פּירושים אַרום, בכדי צו דערפּאָרשן און צו דערגיין און צו דערווייזן די כוונה, וואָס דער מחבר האָט געהאַט מיט דעם, וואָס ער שרייבט. דאָס וואונדער איז, אַז איין פּירוש שטימט נישט מיט דעם אַנדערן".

און ווייטער — פון די „נייעס":

„אין לאָנדאָן האָבן צוויי אַדל-לייט, לאָרד האָוועַנסטאָן און לאָרד סטיקענזיי, אַ וועט געמאַכט וועגן אַ שווערער שטעל אין פּרצעס אַ ספר. איינער האָט געזאָגט, דער מחבר מיינט דאָס, און איינער האָט געזאָגט, דער מחבר מיינט יענץ. דאָ האָבן זיי אַ דעפּוטאַציע מיט איין עקסטראַפּאָיעזד אַוועקגעשיקט צום מחבר, אום דערגיין זיין אמתע כוונה. מיר האָפן דאָס דאָזיקע, וואָס דער מחבר זאָל-לעבן וועט זאָגן, אונזערע לעזער תיכף מודיע צו זיין".

„אויס פּאַריס שרייבט מען אונז, — אויף דעם בית-עולם פּער-לאַשעז, וואו היינריך היינע ליגט באַגראָבן, האָבן אָנגעהויבן אין דער לעצטער צייט פיל ווערעם פון דעם קבר אַרומצוקריכן, וואָס האָבן געהאַט אַ יניקה פון דעם טויטן גוף, און האָבן אָנגעהויבן צו זינגען לידער, אַ חילול-השם פאַר דעם טויטן דיכטער"!

„אין וואַרשע האָבן נעבעך צוויי בחורים זיך אָפּגע-

1 לכתחילה האָט אויך מ. ספּעקטאָר אָנטייל גענומען אינעם אַרויסגעבן די „יום-טוב-בלעטלעך".

מידט און האָבן געוואָלט דערגיין דווקא דעם פשט אין פרצעס אַ זאַך און זענען דאַדורך אַראָפּ פון זינען. זיי זיצן דערווייל אין דעם דול-הויז. גאָט זאָל זיך עפּעס מרחם זיין. — באַנציע שווייג".

אָט מיט אַזאַ מין „כלי-זיין" האָט דוד פרישמאַן דאַן געקעמפט קעגן פרצן און זיין וואַקסנדיקער השפעה.

פרץ האָט אַראָפּגעשלונגען די מיאוסע אָנפאַלן. אין איינעם פון די „בלעטלעך" אין דעם בריוו-קאַסטן געפינען מיר אַ צוויי שורות ענטפער אויף אַן אָנפרעג פון אַ לעזער, אַז — אברהם גאָלדבערג איז דוד פרישמאַן, ס'איז זיין סטיל, זיין מאַניר פון שרייבן.

גאָר אינגיכן טרעט ווידער אַרויס פרישמאַן קעגן פרצן — און איצט שוין אונטער זיין אייגענעם נאָמען. עס איז געווען אין 1895, נאָך דעם ווי ס'איז דערשינען פרצעס העברעאיש לידער-ביכל „העֶגָב" [1], וואָס איז זייער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך דעם אינטעליגענטערן יידישן לעזער. פרישמאַנס העברעאישער אַרטיקל וועגן פרצעס „העגב" האַלט גאַנצע 38 זייטן, ער איז פול מיט זילזולים קעגן פרצן און ס'זענען געברויכט אַזעלכע ווערטער, ווי גנב, פּלאַגיאַט, פעלשער אאַז"וו [2].

נאָך אַ לאַנגער הקדמה אויף עטלעכע זייטן וועגן מהות פון עכטער דיכטונג, גייט ער אַריבער צו די מענטשן, וואָס זייער פאַנטאַזיע און געדאַנק, התפעלות און אויפרעגונג זענען גאָר געגנבעט און געפעלשט און וואָס קיין שום נייער געדאַנק, קיין שום נייע געשטאַלט איז ביי זיי נישטאָ. אַלס דיכטער פאַרמאָגן זיי קיין איין פערז נישט, וואָס זאָל זיין געפּאַסט אין אַ נייער פאָרם. אַזעלכע מיני מענטשן, זאָגט פרישמאַן, האָבן קיין שום זכות נישט פאַר עקסיסטענץ, און דער, וואָס נעמט זיי אָן ביי די אויערן און שלעפּט זיי אַרויס אין גאַס, טוט ער נאָר אַ חסד-גנאָד מיט אַלעמען. נאָך אָט דער אַלגעמיינער „דעפיניציע", גייט פרישמאַן אַריבער צו זיין „קרבן", צו פרצן, און זאָגט: „אָט דער משורר איז באמת אַ לויתן צווישן די קליינע פישלעך אין דעם גלאָז וואַסער, וואָס הייסט ביי אונז ליטעראַטור... ער וועט זיין זייער אַ געוואונטשענער מוסטער צו ווייזן דורך אים אויף דעם פּלאַגיאַט, נאָכקרימעניש און געפעלשטער דיכטונג"... „דריי זאַכן — זאָגט ד. פרישמאַן — פאַרחידושן אונז גלייך, נאָך איידער מיר טרעטן-צו צו לייענען. ערשטנס, מיר ווייסן פון פריער, אַז דער מחבר איז אַ פּלאַגיאַטאָר אויך אין אַנדערע ווערק, נאָך פאַר דעם ספר; צווייטנס, די גרויסע רעקלאַמע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פאַר דעם דערשיינען פון דעם ביכל, און דאָס בילד וואָס קומט אין אָנהייב פון דער בראָשור... בנוגע דעם ערשטן

1 העגב, שירי-אהבה מאת י. ל. פרץ, עם תמונת המחבר הוצאת ש. פ. שווארצבערג איש-ליפנא, ווארשא, תרנ"ד (1894) 32 ז'.

2 כל כתבי דוד פרישמאן ב. I, מכתבים על דבר הספרות, ז' 90—127.



פונקט איז אמת, דער מחבר האָט ביז איצט געשריבן העברעאיש גאָר ווייניק, אָבער אין יידיש איז ער איינער פון די חשובסטע בעלעבאַטים, וואָס האָט פאַרשפּרייט זיינע גרענעצן אין אַלע זייטן, דער לעזער אָבער מיט אַן אָפן אויג און מיט אַ פאַרשטאַנדיק האַרץ האָט ביי אים קיינמאָל נית געפונען קיין נייע געדאַנקען אָדער נייע בילדער-געשטאַלטן, און אויך די פאָרם, אין וועלכער ער קליידט אָן זיינע ווערק, איז די פאָרם, וואָס טויזנטער פינגער האָבן זי שוין געהאַט אויסבעטאַפּט. איך זאָג נישט, אַז אַלץ וואָס ער האָט געשריבן, האָט ער איבערגעזעצט פון אַן אַנדער שפּראַך און דערביי נישט אָנגעוויזן דעם מקור, פון וואַנען ער האָט עס גענומען. ווייל וואָלט ער אַזוי געטאָן, וואָלטן מיר דאָך געקאָנט גלייך אָנווייזן מיטן פינגער אויף דער גנבה, און דער ענין וואָלט געווען ערליידיקט אין צוויי-דריי ווערטער; ער האָט אָבער געטאָן נאָך ערגער: אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן, האָט ער גענומען נישט פון איין מקור, נאָר פון עטלעכע מקורים, אַ שורה פון דאַנען, אַ שורה פון דאָרט, אַ וואָרט פון איינעם און אַ וואָרט פון אַ צווייטן. איין סטראָפע פון דעם בוך, אַ צווייטע — פון אַן אַנדערן, אַזוי אַז דער קריטיקער קאָן נישט קומען און אָנווייזן מיטן פינגער... אָפּטמאָל געפינען מיר ביי אים אַ גאַנצע גנבה, און יעדער מענטש וועט זיך גלייך כאַפּן און זאָגן: אָט איז עס"! און פרישמאַן ווייזט אָן אַ ריי זאַכן ביי פרצן, וועלכע זענען גענומען אָדער דערמאָנען אָן טשעכאָוון, שענקעוויטשן, שאַמיסאָ, היינע. און אַזוי מאַכט ער אַ תיל-תל פון דעם ביכל „העוגב" און דערביי דערווייזט ער, אַז פרץ קאָן אויך קיין העברעאיש נישט שרייבן [3].

גאָר אַן אַנדער מיינונג האָט געהאַט וועגן פרצעס „העוגב"-לידער יוסף קלויזנער. אין אַן אַרטיקל „שירי אהבה" [4] נעמט קלויזנער זיך שטאַרק אָן פרצעס קריוודע קעגן די אָנפאַלער. „נאָר איין ביכל — זאָגט ער — איז דאָ אין העברעאיש, וואָס, צום באַדויערן, האָבן אויך אונזערע בעסטע קריטיקער געוואָלט עס אינגאַנצן מבטל זיין דורך דעם, וואָס זיי פאַרדרייען זיינע ווערטער. באמת דאַרף מען אין דעם ביכל זען דעם ערשטן פּרוּוו צו געבן אין אונזער נאַציאָנאַלער שפּראַך אייראָפּעאישע און גלייכצייטיק אויך יידישע ליבע-לידער, אויף וועלכע מיר האָבן שוין לאַנג-לאַנג געוואַרט, פון די צייטן פון מיכ"ל [מיכה יוסף לעבענזאָן] ביז איצט". ספּעציעל פאַרנעמט זיך דער אַרטיקל פון

3 אגב: אין אַ 2—3 יאָר אַרום האָט מ. ל. ליליענבלום אין זיין אַרטיקל אין „לוח אחיאסף" (תרנ"ח) אונטערן נאָמען „דברי זמר" אויספירלעך זיך אָפּגעשטעלט אויף דער „עפּידעמיע", וואָס הערשט לעצטנס מיט די „שירי-האהבה". ער געפינט, אַז ס'איז אַ סימן פון ירידה אין דער ליטעראַטור, וואָס אַלע האָבן זיך גענומען צו סתם ליבע-לידער און ליבע-דערציילונגען. עס איז אַן אומנאַטירלעכע זאַך, עס שטאַמט פון דער פרעמד...

4 העברעאיש זאַמלבוך „האשכול", תרנ"ח.

יוסף קלויזנער מיט פרצעס העברעאיש, און אָט די ערשטער זענען אַ מין פאַרטיידיקונג קעגן פרישמאַנס אָנפאַלן. אַז פרץ זאָל האָבן אויך געזינדיקט קעגן דער שפראַך. „מיט אַ פולן מויל — שרייבט י. קלויזנער — קאָנען מיר זאָגן, אַז ער [פרץ] איז איינער פון די ערשטע, וואָס האָבן אונז איבערצייגט, אַז מ'קאָן אויסדריקן די סאַמע איידלסטע און צאַרטסטע איינדרוקן, און אפילו אַלע פאַרשיידנאַרטיקע געפילן, אין אַלע זייערע ניואַנסן און געשטאַלטן, אין העברעאיש נישט ערגער ווי אין אַנדער שפראַך... דער מחבר פון „העגב" איז נאָך מיכ"ל דער ערשטער צווישן די העברעאישע דיכטער, וואָס האָט זיך באַמיט צוצוגעבן זיינע לידער, וואָס איבערראַשן מיט דער גייסטיקער קאָנצענטרירטקייט פון דעם דיכטער — די אמתע יידישע אייגנשאַפט, — אַלדי טייערסטע מעלות, וואָס עס פאַרמאָגן די בעסטע ליבע-לידער, וואָס עס האָבן געשריבן די באַרימטע אייראָפּעאישע דיכטער... נאָר די פרץ-לידער קאָנען קאָנקורירן מיט מיכ"לס שירים. אָט די לעצטע צייכענען זיך אויס מיט זייער צאַרטקייט און ווייכקייט, אָבער זיי פאַרמאָגן נישט דעם בליץ, די געדאַנקען-חריפות, וואָס איבערראַשן אונז אַזוי אין די „העגב"-לידער... ליידער זענען אונזערע לעזער און אַפילו אונזערע קריטיקער נישט דערוואַקסן צו דער דערקענטעניש, אַז אַ קורץ ליד, וואָס איז פול מיט שיינע בילדער און מיט עכטע נאַטירלעכע איבערלעבונגען, איז פאַר אונז פיל טייערער פון די לאַנגע, צעצויגענע לידער וועגן דעם פאָלק ישראל, זיין תורה און זיין גלות".

ס'איז אינטערעסאַנט: אָט דאָס העברעאישע ביכל „העגב" האָט פרץ אַרויסגעגעבן נאָך דעם, ווי ער האָט עטלעכע יאָר כמעט נישט געשריבן קיין ווערק אין העברעאיש. ווי פרצעס ברודער יונה-יהושע האָט מיר דאָ נישט לאַנג דערציילט, האָט פרץ אַרויסגעגעבן דעם „העגב", ווייל זיינע נאָענטע האָבן אים אויפגעוואָרפן, אַז ער האָט שוין אינגאַנצן פאַרגעסן העברעאיש. האָט ער זיך גענומען און אין אַ קורצער צייט אָנגעשריבן דאָס ביכל לידער. אָבער פרץ איז שוין דאַן געשטאַנען מיט ביידע פיס און מיט זיין גאַנץ וועזן אין מיט פון דער יידישער ליטעראַטור, און נאָר פון צייט צו צייט, ווען ער האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט און קיין אָרט, וואו צו דרוקן אין יידיש, האָט ער געשריבן העברעאיש אַליין אָדער געלאָזט איבערזעצן זיינע זאַכן פון יידיש אויף העברעאיש.

פרישמאַנס אָנגריפן האָבן אַלץ ווייטער געדויערט. אין זיין אַרטיקל „צווישן צייטונגען און זשורנאַלן" (געשריבן אַרום 1903) [1] שרייבט פרישמאַן וועגן ביאַליקס אַ שיר אין „השלח", געווידמעט די פּאָגראָמען: „איך האָב אַזאַ האַרץ-צערייסנדן קרעכץ שוין לאַנג נישט געהערט, יעדעס וואָרט איז אַ קויל, און די שפראַך איז אַזוי שיין, אַזוי געוואַלטיק, ווי נאָר ביאַליק פאַרשטייט זי צו שרייבן". פרישמאַן ברענגט אין זיין פרייער איבערזעצונג עטלעכע שורות פונעם ליד און גיט צו: „מאַכט זיך אָבער אַ מעשה, אַז עס איז פאַראַנען נאָך אַ צווייטער יידישער פּאָעט, איינער וואָס זיין שפראַך איז שוין נישט אַזוי שיין און אַזוי געוואַלטיק, אָבער ער איז פאָרט אַ פּאָעט און אַפילו אַ זייער באַרימטער, און דעם דאָזיקן פּאָעט טרעפט זיך אַלעמאָל אַן אומגליק, אַז וואָס ער שרייבט, האָבן אַנדערע שוין געשריבן פאַר אים, אָדער אַנדערע שרייבן דאָס צוגלייך, אין איין צייט, מיט אים — ווי אַזוי דאָס מאַכט זיך אַזוי, דאָס נאַטירלעך איז פראָסט מעשה-נסים. אין נומער 105 פון דער צייטונג „הצופה" לייענען מיר אַ שיר פון י. ל. פרץ, און מיר שטעלן זיך אָפּ ביי די דאָזיקע שורות... די שפראַך איז, ווי געזאָגט, שוין נישט אַזוי שיין און געוואַלטיק ווי ביי ביאַליק. אָבער דער געדאַנק איז פאָרט אין גאַנצן דער אייגענער און אויך דער גאַנצער אינהאַלט פונעם געדיכט. אַז צוויי פּאָעטן זאָלן ביידע זינגען גלאַט אַזוי, צופעליק, אויף איין שטייגער — דאָס נאַטירלעך איז פראָסט אַ נס"...

שפּעטער אַ ביסל האָבן מיר נאָך און נאָך שאַרפע פיילן פון פרישמאַנען, וואָס זענען געווענדט כלפי פרצן.

אין אַן אַרטיקל וועגן יידישן טעאַטער שרייבט דוד פרישמאַן וועגן „די פאַרשוינען, וועלכע רעדן איצט אַזוי וועגן טעאַטער און רייבן זיך טאָג און נאַכט אַרום קונסט און טאַנצן טאָג און נאַכט אַרום דראַמאַטישע חברות". און ווען ער טראַכט וועגן זיי קומען אים אָן „ספקות, אויב ס'איז גאָר פאַראַן ביי אונז פאָרטשריט און אַנטוויקלונג" אאַז"וו. און נאָך אַ לאַנגער ביטול-כאַראַקטעריסטיק פון אָט די פאַרשוינען, קומט דוד פרישמאַן צום „עיקר": „צו וואָס שפּילן זיך אין „בלינדער קוה"? איך וועל אָנרופן נעמען און זאַכן: איך רעד פון הערן פרץ. פרץ, דאָס איז קיין סוד נישט, האָט ליב פון תמיד אָן צו מאַכן חברות. ווען ער וואָלט עס נאָר געקאָנט אויספירן, וואָלט ער אַזוי מאַכן חברות אַ 300 שטיקלעך אַ יאָר. אין אַן עיבור-יאָר, נאַטירלעך, מער. פון תמיד אָן האָט ער עס ליב, זינט יאָרן טוט ער עס, אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג גרינדעט ער עפּעס אַ „גרינדעניש", און ווערט דאָרט אַלעמאָל אויפסניי דער פאָרזיצער און האַלט דאָרט אַלעמאָל אויפסניי אַ רעדע און כאַפּט דאָרט אַלעמאָל אויפסניי די הונדערט יינגלעך. עס איז אַ מענטשלעכע זאַך: ער האָט הנאה דערפון און דערביי איז דאָס קיין יינגל נישט מער, דערביי איז דאָס אַ ייד שוין אַ זעכציקער, לויט מענטשלעכער באַרעכענונג" [2].

„דאָס אומגליק איז אָבער — טענהט ווייטער ד. פרישמאַן — וואָס פרץ שטעלט אין דער דינסט פון אַזאַ זאַך אויך זיין טאַלענט. ער הייבט אָן צו שרייבן דראַמעס און טעאַטער-שטיק און סצענקעס. ער פאַרלאָזט זיינע חסידישע מע-

1 דוד פרישמאַן — שריפטן, ב' III, ז' 96.

2 ד. פרישמאַן — שריפטן ב' III, ז' 48—49.

שהלעך און שרייבט „שוועסטער" און „שאַמפּאַניערס" און „אַלטע קייטן אויפן מאַרק". נאַטירלעך — פּסקנט פרישמאַן לייכט אָפּ—טויגן זיי נישט; אַ מענטש, וועלכער פילט און זעט און פאָרמט ליריש, ווערט נישט איבערנאַכט איינער, וועלכער קען געבן פּלאַסטישע פיגורן; אַ מענטש, וועלכער חלומט אומקלאָר און פאַרנעפּלט, האָט נישט אין זיך יענעס באַשטימטע, וועלכעס עס האָט דער דראַמאַטיקער. פּרץ אָבער שרעקט זיך נישט איבער; ער בעסערט אויס זיינע שטיק. נאַטירלעך טויגן זיי אויך דאַן נישט; ער בעסערט זיי אָבער אויס צום צווייטן מאָל. און אַזוי בעסערט ער און בעסערט ער יאָר־אויס, יאָר־איין, מעקט און שרייבט, מעקט און שרייבט, און זיך אַליין וויל ער אַלץ נישט מודה זיין, אַז אים פעלט דאָס דראַמאַטישע, און קומט ער דאַן מיט אַזאַ דראַמע צום טעאַטער, און דאָס טעאַטער נעמט עס נישט אָן, ווערט ער מלא כעס און לויפט און מאַכט זיך אַ חברה קדישא אַליין"...

אַן אַנדערש מאָל וואַרפט פרישמאַן פאָר פּרצן אַן אַנדער באַשולדיקונג: „דער קלענסטער שבח, וועלכן מען האָט נאָכגעזאָגט אַ יידישן אַרטיסט, איז געווען, אַז זיין שפּילן איז „מייסטערהאַפט". אַ קלענער וואָרט, ווי „מייסטערהאַפט" האָט מען שוין נישט געהאַט. מיר דאַכט זיך, אַז נישט קיין גרינגערער ווי י. ל. פּרץ איז עס געווען, וועלכער האָט זיך באַנוצט מיט דעם דאָזיקן וואָרט וועגן דעם שפּיל פון אַ יידישן אַרטיסט און אַרטיסטקע" 1.

קיין אָפּשאַצונג פון פּרצן און זיינע ווערק האָט פרישמאַן קיינמאָל נישט געפּרוווט צו מאַכן, ער האָט אויך קיינמאָל נישט אָנגעטאָן זיך קיין כח אָנצושרייבן אַ גאַנצן אַרטיקל וועגן פּרצן. נאָר כל־ימיו אַלץ יוצא געווען מיט אגב־אורחא־אַריינזאָגעכצן. אין פרישמאַנס פעליעטאָנען טרעפן מיר אָן אויף פיל אַזעלכע דרך־אגב־באַמערקונגען.

אַזוי, למשל, גיט זיך פרישמאַן אַ זאָג: „פּרצעס פאָלקסטימלעכע געשיכטן, ווען מען זאָל צוויי דריטל פון זיי אַוועקוואַרפן, און זיינע חסידישע מעשהלעך און אַ גרויסער טייל פון זיינע סיפּורימלעך [!] אין אַלגעמיין — זענען גאַנץ נעטע זאַכן; זיי זענען נישט מי־יודע וואָס, נאָר נעט און נוצלעך זענען זיי; אָבער פון אייביקייטן און אומשטערבלעכקייטן זאָלט איר מיר אויפהערן צו רעדן" 2.

איז דאָס וויניק, ברענגט דוד פרישמאַן צו הילף געאָרג בראַנדעסן. אין אַן אַרטיקל שטעלט ער זיך פאָר, ווי אַ פרעמדער רייזנדער, למשל, געאָרג בראַנדעס פאָרט אַריין פלוצים אין אונזער „ליטעראַטור־שטעטל". „ער שטעלט זיך אָפּ פאַר אַ בענדל [!] מיט עטלעכע צענדלינג סקיצן: די „שריפטן" פון י. ל. פּרץ. אַלזאָ, דאָס איז דאָס גרויסע און געוואַלטיקע?... געאָרג בראַנדעס הייבט אָן צו

1 חי פּרץ האָט זיך באַצויגן צום יידישן טעאַטער—זע אויספירלעך אין מיין אַרטיקל „פּרץ און דאָס יידישע טעאַטער", „יידיש טעאַטער" 1927, בוך 2, ז"ז 160—184.

2 דוד פרישמאַן—שריפטן ב' III, ז' 58—59.

לייענען. יעדנפאַלס אַ טאַלאַנט, דאָס וועט קיינער נישט לייקענען. און אויך אַ גאַנץ־אינטעליגענטער קאָפּ איז דאָס. די פאָרם נאָר ווילט זיך אים זייער אָפּט נישט איינגעבן. און אויך אומקלאָר איז ער אָפּט. דאָס קומט אפשר, ווייל ער האָט דעם ערגייץ צו זיין דווקא דאָס, וואָס ער איז אייגנטלעך נישט, און דעריבער פאָרסירט ער זיין שטאָף". און פרישמאַן גייט איבער צו אַנאַליזירן פאַר בראַנדעסן פּרצעס זאַכן: „באָנטשע שווייג", למשל, איז אַ שטיקל דרוש פאַר אַרבעטער־לייט און האָט אין זיך גאָרנישט קינסטלערישעס. אַזוי אויך איז דאָס „שטריימל", אייגנטלעך, גאָר אַ שלעכטער וויץ אין דער צייט פון דער משכילים־אַפּיקורסות. אַנדערע זאַכן ווידער קומען פאָר אַזוי באַקאַנט: ענטוועדער אינעם שטאָף אָדער אינעם מאָטיוו. עס איז קלאָר: אייראָפּע האָט דעם דאָזיקן שריפטשטעלער מער געגעבן, ווי עס קען פון אים נעמען. דאַגעגן אָבער ווען ער קומט צו זיין אייגן וועלטל און צו זיינע אייגענע שטאָפן, איז ער הערלעך". און פרישמאַן, קאָן מען מיינען, פאַרגעסט, אַז ער איז געקומען שעלטן און בענטשט גאָר.

אָט שרייבט ער ווייטער: „אָט, למשל, איז אַ סקיצע „ארבע מיתות — ארבעה דורות"; עס איז אַן אמתדיק קאַבינעט־שטיקל. און דאַן די חסידישע מעשהלעך; מען קאָן זיי לייענען צוויי און דריי מאָל: אַזאַ „צווישן בערג", אַ „גלגול פון אַ ניגון" אָדער „שהשמחה במעונו". אויך אַ גרויסער טייל פון די „פאָלקסטימלעכע ערציילונגען" [פרישמאַן פאַרגעסט עקשנותדיק דעם פּינקטלעכן נאָמען פון פּרצעס זאַכן.—נ. מ.] טרעפן זייער אָפּט דעם פאָלקס טאָן און מען לייענט זיי מיט פאַרגעניגן, אָבוואָל זיי באַוויזן נישט מער דאָס נאַאיווע, וואָס די דאָזיקע דערציילונגען האָבן אין זייער ערשטער קוועלע. דער לעזער באַמערקט צו אָפּט דאָס געמאַכטע, און די אילוזיע פאַרשווינדט און עס בלייבט איבעריק אַ נאַרישע מעשה־נסים, אין וועלכער מען גלייבט נישט. יעדנפאַלס אָבער איז ווייניקסטנס אַ גרויסער טייל פון זיי גאַנץ־אָנגענעמע דערציילונגען. דאָס איז אַלעס, ווען מען וויל עס מאַכן בקיצור. דער סך־הכל איז: אַ ליריש געמיט, צונויפגעפּאָרט מיט אַ אינטעליגענטן קאָפּ, וועלכער איז געגאַנגען אין חדר אַריין ביי אייראָפּע".

און פרישמאַן האָט מורא, טאָמער האָט ער שוין צו פיל גוטס געזאָגט פאַר פּרצן, כאַפּט ער זיך צוריק: „ליריש געמיטער אָבער, צונויפגעפּאָרט מיט אינטעליגענטע קעפּ, וועלכע זענען געגאַנגען ביי אייראָפּע אין חדר אַריין, געפינט מען אין הונדערט ליטעראַטור־ווינקעלעך אין אייראָפּע. זיי זענען נישט די טאַטעס פון די ליטעראַטורן זיי זענען נאָר די באַגלייט־ערשיינונגען [3]"...

מיט עטלעכע זייטלעך שפּעטער, אין אַ ווייטערדיקן קאַפּיטל וועגן דער יידישער ליטעראַטור און טעאַטער, מאַכט פרישמאַן אַ פאַרגלייך צווישן פּרצן און אַשן און

3 דוד פרישמאַן, שריפטן, ב' III, ז' 88.

פּסקנט: „העכער, גאָר נישט צו פאַרגלייכן העכער, שטייט זיין טאַלענט [שלום אַשס] פונעם טאַלענט פון י. ל. פּרץ. פּרץ איז אפשר דער אינטעליגענטערער פון ביידע, האָט מער גייסט, האָט אין זיך אַן עפּעס, וואָס איז פיינער, האָט מער קולטור, האָט מער ליטעראַרישן אַריסטאָקראַטיזם... פּרץ איז נעפּלדיק, זיינע פיגורן האָבן קיינמאָל נישט קיין באַשטימטע אומריסן, אַלעמאָל שווימען זיי, אַלעמאָל ציען זיי זיך ווי וואָלקנס, זיינע מעשׂיות זענען אויסגעקליגלטע, אַלעמאָל זענען זיי אַבסטראַקט, אַלעמאָל האָבן זיי דאָס געמאַכטע"... און שמועסנדיק אויספירלעך וועגן אַשן און וועגן זיינע דראַמעס, זאָגט לסוף ד. פרישמאַן: „אויך י. ל. פּרץ האָט אַוועקגעוואָרפן זיינע שיינע חסידישע מעשׂהלעך און האָט זיך פּלוצלונג, שוין גאָר אין די שפּעטערע יאָרן, גענומען צו דראַמעס. ער שרייבט ווי אויף להכעיס און אין איין פייער. ער שרייבט און מעקט און אַ דראַמע מוז זיין"... „ווי מעכטיק—ענדיקט פרישמאַן זיין אַרטיקל—מוז זיין דאָס דאָזיקע פאַרפירעניש, אַז עס מאַכט בלינד זעענדיקע און מאַכט נאַריש אַפילו קלוגע[1]!"

*

אָט די אָנגעצויגענע, פאַרשאַרפטע באַציאונגען צווישן פּרץ און פרישמאַן האָבן דאָך נישט געשטערט, אַז פּרץ זאָל מיטאַרבעטן אין דוד פרישמאַנס „הדור" (וואַרשע 1901). איך האָב געפרעגט ביי אייניקע שריפטשטעלער, וועלכע זענען געשטאַנען נאָענט צום „הדור", האָבן זיי מיר געזאָגט, אַז בעיקר פלעגט די אַרטיקלען ביי פּרצן באַקומען דער אַרויסגעבער פון „הדור", א. קאַפּלאַן. וועגן דעם, אַז עס זענען געווען סיכסוכים צווישן פּרץ און פרישמאַן אַרום פּרצעס מיטאַרבעטן אין „הדור", דערציילט אַ ביסל פּרצעס העברעאישער בריוו, פאַרעפנטלעכט נישט לאַנג אין לעצטן, פינפטן זאַמלבוך „רשומות". דער בריוו איז אַדרעסירט צום אַרויסגעבער פון „הזמן"[2] און צווישן אַנדערן שרייבט דאָרט פּרץ: „אין תוך פון דער זאַך שטייען נישט צווישן מיר און אייך קיין געלט-באַדינגונגען, נאָר אַ מאָראַלישער באַדינג. אמת, מיר ווילט זיך שטאַרק פּטור ווערן פון מיין אַמט, וואָס רויבט צו ביי מיר אַ האַלבן מעת-לעת (די אַרבעט און דער אָפּרו) און איך האָב געהאָפט אויפן „הזמן" [אין טעקסט קאָן מען טייטשן — אויפן „הזמן" און אויך אויף דער צייט — נ. מ.], אַז ער וועט מיך אויסלייזן פון אָט דער געפענקעניש, אָבער איך האָב קיין רעכט נישט צו פאָדערן פון אייך אַ קרבן, און אויב איר קאָנט נישט און איר מוזט אָנקומען צו אַזאַ עקאָנאָמיע, וועל איך אפשר געפינען אַן אַנדער אויסוועג...

1 דאָרט, ז' 95—99.

2 די רעדאַקציע פון „רשומות" (תל-אביב, תרפ"ז) באַמערקט, אַז: „ווי ס'ווייזט אויס, איז דער בריוו געשריבן צו א. קאַפּלאַן, צו איינעם פון די פירער פון „אחיאסף" אין וואַרשע. ס'איז אָבער נישט ריכטיק. ווי מ'זעט פונעם אינהאַלט, איז דער בריוו אַדרעסירט צום אַרויסגעבער פון „הזמן" אין ווילנע (אַרום 1904—1905).





דער עיקר, וואָס איך וויל אויסנעמען מיט אייך: אַז מיין אונטערשריפט איז ערב פאַר דעם, וואָס איך שרייב, און איך בעט מיך באַפרייען פון דער רעדאַקציע, פון דעם שערל ווי אויך פון דעם בלייער... עס איז אַ מאָראַלישער באַדינג. די רעדאַקציע געפינט זיך אין פרישמאַנס הענט, און פרישמאַן און איך גייען מיר זיך שטענדיק פונאַנדער [„חולקים תמיד"], און מיר ווילט זיך קומען פאַרן לעזער אין מיין פולער געשטאַלט, און נישט אין דער געשטאַלט פון אַן אַנדערן. איך וויל זאָגן דאָס, וואָס מיר ווילט זיך און אין מיין שפּראַך...

פרישמאַן איז אַ פרייער מענטש, אָבער אויך דער מענטש, וואָס איז פריי פאַר זיך — האָט קייטן פאַר יענעם...

פרישמאַן מעקט, למשל, אויס דאָס וואָרט „עתון" און שרייבט אָנשטאָט דעם—„מכתב עתי", און איך ווער אויפגערעגט, אָבער ער פאַרשטייט נישט מיין כּעס, און בשום-אופן וויל ער נישט פאַרשטיין, אַז אָט דער אונטערשייד איז אַן עיקר און איז געבונדן אין דער פראַגע פון דער שפּראַך-אויפלעבונג. איך גיב נאָר אַ משל פון אַ מעשׂה שהיה, וואָס האָט מיך נישט געלאָזט אַרבעטן אין „הדור"[3].

אויב איך וועל נישט זיין זיכער, אַז אָט דער תּנאַי וועט דערפילט ווערן, קאָן איך אין קיין פאַל און אין קיין אופן אייך ניט העלפן.

אָט דעם תּנאַי האָב איך וויפל מאָל אויסגענומען מיט פרישמאַנען, ווען ער האָט רעדאַקטירט דער „הדור", אָבער פרישמאַן טוט מעשׂה-שׂטן; אַז אַנדערע ווערן נתפּעל, לאַכט ער, און מיט אַ טייוול-געלעכטער האָט ער באַגלייט אַלע מיינע תּנאָים, וואָס איך האָב מיט אים אויסגענומען... — —

איך קאָן אויך בשום אופן נישט מסכּים זיין אויף אייער פאָרשלאָג, איך זאָל נישט אַרבעטן אין אַן אַנדער אָרט. אַזוי ווי איר זוכט אַ שרייבער, אַזוי זוכט דער שרייבער אַ טריבונע... און אַז איך וויל רעדן פיל, און איר קאָנט דרוקן נאָר אַ ביסל, וויל איך נישט פאַרשטאָפּן מיין מויל... — — —

און איך נעם אויס פאָראויס אַ תּנאַי: אויב עס וועט געענדערט ווערן אַפילו אַ קליינינקייט אין מיינעם אַן אַרטיקל אָדער דערציילונג, וועל איך אויפהערן צו שרייבן"...

אויף וויפל איך געדענק, האָט פּרץ אין „הזמן" נישט גענומען קיין אָנטייל. —

ווי איז געגאַנגען ווייטער דער לויף פון די פּרץ-פרישמאַן-באַציאונגען, איז מיר דערווייל שווער צו זאָגן: איך האָב נאָך נישט דעם גאַנצן מאַטעריאַל.

אין 1914 איז געווען דוד פרישמאַנס 50טער געבוירן-טאָג, און אין וואַרשעווער „הזמיר" איז פאָרגעקומען אַ

3 אין דער צווייטער אויסגאַבע פון „הדור" (1904) איז שוין פּרץ ווייניק אָדער כמעט גאָרנישט ניט געווען פאַרטראָטן.

גרויסע יובילײ־פייערונג. פּרץ, דער פאָרזיצער פון „הזמיר״, האָט געעפנט דעם אָוונט און געהאַלטן פאָלגנדיקע רעדע[1]:

„איך, ווי נישט איינעם פון אייך איז געוויס באַקאַנט, בין פרישמאַנס אַ קעגנער, אָדער ער איז מיין קעגנער. מיר זענען זיך אין דער ליטעראַטור אַנטיפּאָדיש, אַזוי אין טעמפּעראַמענט, ווי אין איבערצייגונגען; וואָס אָנבאַלאַנגט דעם אינהאַלט און דער פאָרם; וואָס אָנבאַלאַנגט געשמאַק און סטיל...

איך וועל דעריבער איבער פרישמאַנען נישט רעדן. אין טאָג פון יובילעאום, אין יאָר פון יובילעאום, איז הס קטיגור וקח סניגור מקומו...

וועלן אייך אַ נ ד ע ר ע רעדן...

אויב איך שטיי אָבער פאַר א״ך אויף דער טריבונע און נעם דאָס וואָרט, איז עס, ווייל איך האָב דאָך אַ געוויסע פּאָזיטיווע באַציאונג צו פרישמאַנס יובילעאום...

און נישט די קאָלעגיאַלע באַציאונג: איך האַלט נישט פון צונפט, פון קאָלעגן־מאָראַל...

און די פּאָזיטיווע באַציאונג צו פרישמאַנס יובילעאום איז פיליי‌כט נישט אַזוי מאָראַליש...

איך פריי מיך מיט פרישמאַנס יובילעאום, און איך פריי מיך דעריבער, ווייל איך האָב אין אים, אין מיין ליטעראַרישן קעגנער, אַ נקמה!

פרישמאַן האָט שטענדיק געקוקט אויף יידן, יידישקייט און יידישע ליטעראַטור דורך אַ געדיכטן שוואַרצן פאָרהאַנג, און האָט זיי דערום נישט געזען...

ניטאָ קיין פאָלק, ניטאָ קיין ליטעראַטור...

האָט פרישמאַן אַ יובילעאום, און ער האָט געמוזט דאָס אַלץ דערזען...

אַ יובילעאום — פּעטערבורג, מאָסקווע, וואַרשע, בערלין, כל תפוצות ישראל...

וועր מאַכט דאָס יובילעאום?
דאָס יידישע פאָלק.
וועמען?
אַ יידישן שריפטשטעלער.
פאַרוואָס?
פאַר זיינע 17 בענדער...
אַלזאָ — פאַראַן!
פאַראַן אַ פאָלק; פאַראַן אַ ליטעראַטור.
איך ענדיק.

אין נאָמען פון דער כנסת־ישראל, וואָס לעבט אין מיין פאָרשטעלונג, זאָג איך פרישמאַנען:

אַ קאַפּריזנע קינד, דאָך אַ קינד.״

אין „היינט״ (נומ׳ 94) ווערן געבראַכט נאָך איינ־קע זאַצן פון דער רעדע, וועלכע זענען נישטאָ אָדער־ווײניקער אַקצענטירט אינם באַריכט פון „דאָס לעבן״:

„איך האָב פיל צו זאָגן וועגן פרישמאַנען, ער איז זאָגאַר מיינער אַ קעגנער, נאָר איך, אַלס פּראָקוראָר, וועל היינט שווייגן. פרישמאַן האָט אָנגעשריבן 17 בענדער, און איך בין געווען דער ערשטער, וואָס האָב געפאָדערט אַ יובילעאום־אָוונט פאַר פרישמאַנען. אים קומט עס, ווייל ער האָט עס כשר פאַרדינט״.

נאָך פּרצן האָבן גערעדט ד״ר גרשון לעווין, בעל־מחשבות, פ. לאַכאָווער, ש. י. סטופּניצקי. „דאָס לעצטע וואָרט — דערציילט דער „היינט״—נעמט ווידער י. ל. פּרץ, וועלכער דאַנקט די פאַרזאַמלטע״. די הצפירה״ (נומ. 91) גיט נאָך צו, אַז פּרץ האָט אין זיין שלוס־וואָרט ווידער באַטאָנט, אַז „די פאַרזאַמלונג האָט איבערצייגט, אַז דאָס פאָלק קאָן זיינע שרייבער און ווייסט זיי צו שעצן״.

אין אַ קנאַפּן יאָר אַרום, אין 1915, איז י. ל. פּרץ געשטאָרבן. איך ווייס נישט, צי דוד פרישמאַן האָט עפּעס געשריבן נאָך פּרצעס טויט, צי האָט ער געפּרווט אַליין מכפר צו זיין אויף זיינע שווערע, זייער שווערע זינד קעגן פּרצן און ממילא קעגן דער יידישער ליטעראַ־טור. —

[1] איך ציטיר די רעדע לויט דעם וואַרשעווער טאַגבלאַט „דאָס לעבן״ (נומ. 93), וואו פּרץ האָט מיטגעאַרבעט. אין די איבעריקע צייטונגען קומט די רעדע אַ ביסל געענדערט.

# הוספות און תיקונים

## צו: ביבליאָגראַפיע פון ד"ר אַלפרעד לאַנדויס שריפטן

(לאַנדויבוך ז' 4—10)

עס דאַרפן נאָך צוגעגעבן ווערן עטלעכע אַרבעטן, וואָס זיינען ע"פ טעות פאַרפעלט געוואָרן אין דער ביבליאָגראַפיע [1].

55 (5a). **Das is di winer גזירה** (Verfolgung... — Dr. Artur Goldmann, Das Judenbuch der Scheffstrasse zu Wien, Wien und Leipzig 1908, p. 125—132.

[טראַנסקריפּציע פון „דאז איז די ווינר גזירה אין טייטש", אוניקום אין אָקספאָרד, קאַט' באָדלי' נומ' 3476, אָן אָרט און יאָר, לויט שטיינשניידערס השערה געדרוקט אין קראָקע בערך 1609. — ד"ר ל' האָט אויך פאַרטייטשט די מער האַרבע ווערטער.]

56 (10a). **Zur Geschichte des Regensburgerhofes.** (Lessing und Eva König in Wien). — Alt-Wien, 6, Wien 1897.

57 (11a). Haiderl Pupaiderl. — Münchener Allg. Zeitung, Beilage, 24. Mai 1895.

58 (17a). **Arthur von Mises** (Nachruf). Neuzeit 9/10, p. 452 sq. Wien 1903 [anon.]

59 (21a). **[Über die „Weisse Leber" im Volksglauben.]** Český Lid 20, p. 398, Praha 1911.

60 (21b). **„Agla".** — Mitteilungen der schlesischen Gesellschaft für Volkskunde, 19, p. 263 sq., Breslau 1917.

61 (23a). **Zu „Am Urquell [III], Heft 4, S. 128.** Die Erzählung vom weissagenden Totenkopf. — Am Urquell 3, p. 232, Wien 1892 [A. L., Wien.]

62 (23b). **Bemerkungen zu Jg. 5.** — Zeitschrift für deutsche Sprache, herg. Sanders, Jg. 7, 1893.

63 (23c). **Bemerkungen zu Jg. 7.** — ibidem, Jg. 8, 1894.

64 (24a). **Bemerkungen zu Jg. 9.** — ibidem, Jg. 10, 1897. ;

65 (25a). **Uwagi do tomu IV.** — Lud, 5, p. 369 sq., Lwów 1899.

66 (30a). **Bemerkungen zu Jg. 3.** — Zeitschrift für hochdeutsche Mundarten, 3, 1903.

67 (32a). **Bemerkungen zu Jg. 4.** — ibidem, 5, 1904.

68 (40a). **Zum schlesischen Wörterbuch.** — Mitt. d. schlesischen Gesellsch. f. Volkskunde 19, p. 264 sq., Breslau 1917.

69 [41a]. **[באַמערקונגען וועגן מגילת ווינץ].** — מ. וויינרייך, שטאַפּלען, בערלין 1923, ז' 244, 245, 246.

70 (47a) **Baumann, Londinismen** (Slang und Cant). — Deutsche Zeitung (Wien), Abendausgabe, 9. März 1887.

71 (54a). **Taglicht, Nachlässe der Wiener Juden.** — Freie Jüdische Lehrerstimme (Wien), 15. Juli 1917, p. 83 sq.

## צו: דניאל לייבל, אַ ביסל מאַטעריאַל צו אַ יידיש ווערטערבוך

(לאַנדויבוך ז' 71—80)

1. גרויס ווי עוג־מלך־הבאָטשאַן — הרובעשויוו (לעבן כעלעם).

17. ווען די באָבע וואָלט געהאַט רעדער, וואָלט זי געווען אַ סאַמאָכאָד — לודמיר.

25. ... אַבער אונטערן ווײדל — הרובעשויוו, לודמיר.

38. גיין שלאָפן מיט די הינער—גיין פרי שלאָפן— הרובעשויוו. אָפּשטאַם פּויליש.

42. אָנקומען מיט גרינע ווערעם און מיט קופערנע פּיסקלעך — הרובעשויוו.

51. טאַמלען — ציטערן, מורא האָבן. „די פּיס טאַמלען" — ציטערן. „ס'האַרץ טאַמלט" — אויך ווען מען איז שטאַרק הונגעריק. פאַרן זעלביקן באַגריף: „ס'האַרץ איז מיר אַוועק" — הרובעשויוו.

57. ער האָט אַ גרויסע ליאַפּע—וויל אַ סך (ל' = מויל). פגל' jappen, ברייט עפענען דאָס מויל, דווי"ב IV, 2, 2264; Lappe — מויל (שוועביש), Schwäb. Wb. IV, 991, lappeln — אַראָפּהענגענדיקע ליפּ, Schweiz. Idiotikon III, 1349.

72. מאַכערלוין — מעקלעריי ביי אַ הלוואה, וואָס דער מעקלער באַקומט ביים לווה — לודמיר.

---

1 אין אַלגעמיין לאָזט זיך אויף די צונויפשטעלער פון דער ביבליאָגראַפיע אַפּנים קיין שלעכטס ניט זאָגן, וויבאַלד ד"ר לאַנדוי אַליין איז ערשט פון איר געוואויר געוואָרן, אַז נומ' 41 איז געווען געדרוקט; בשעתו האָט ער דאָס פאַרזען אין דעם „אַרכיוו פיר סלאַווישע פילאָלאָגיע". — דער ערשטער נומער איז אַ לויפנומער, דער צווייטער באַטייט, וואו דער איצטיקער צוגאָב וואָלט געדאַרפט שטיין אין דער ביבליאָגראַפיע (למשל 5a—צווישן נומער 5 און 6).

74. איך האָב דיך איו לוי וויטש, איך האָב פאַר דיר קיין מורא ניט — הרובעשויוו.

92. „ס׳קאָסט דיך פינף מינוט טויטשרעק", אויף אַ צוגענומענער, צוגעגנבעטער זאַך — לודמיר.

95. אויך הרובעשויוו. אַנשטאָט „קעפל" און „פלעשל" אָפטער: „קאָפּ" און „פלאַש".

ב. וויינריב (לודמיר-ברעסלע)

## צו: ז. קלמנאָוויטש, דער יידישער דיאַלעקט אין קורלאַנד

(לאַנדויבוך ז׳ 161 — 188)

מיינע מילואים צו וויינרייכס אַרבעט וועגן קורלענדער יידיש (לאַנדוי-בוך 71—80) זענען מיך מחייב צו געבן ווייטערדיקע מילואים זיין פאָרטזעצער ז. קלמנאָוויטש. צום באַדויערן האָב איך נישט דאָ מיינע גראָדנער עדות פון ערשטן מאָל, נאָר איך קאָן מיך טרייסטן דערמיט, וואָס צו גרעסטן טייל זענען זיי איבעריק. קלמנאָוויטש גיט דאָס רוב לעטישע און קורלענדיש-דייטשע ווערטער וואָס זענען אַריבער אין אָרטיקן יידיש. פון די „יידישע" ווערטער, וואָס ער ברענגט, ווייזט ער אָן ביי עטלעכע, וואו זיי טרעפן זיך אין אַנדערע דיאַלעקטן. איך קאָן מיך דעריבער בלית ברירה באַנוגענען מיט מילואים פון מיינע צוויי היימישע דיאַלעקטן (טאָרנע און דעמביץ) אַחוץ עטלעכע באַמערקונגען פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער.

אין טאָרנע און דעמביץ גייען פון קלמנאָוויטשעס „קורלאַנדיזמען" אומגעענדערט:

3., 4. (נאָר ס׳איז דייטשמעריש — אַ סימן די אויס-שפּראַך מיט u), 5., 9., 10. („די, אוזנער און אוזעלכער") 11א., 13., 16., 24., 25., 34., 37., 40. (ביידע טייטשן), 52. (בפרט וועגן אַ טויטן), 53ב., 60., 90 (דעמביץ. בפרט צו פסחדיק וואַסער און באָרשטש), 116. (הינקען און הינקעדיק בלויז וועגן נישט אָרגאַניש „לאָמע"), 119., 123., 129., 153. y — אַ סימן פון היימישקייט), 162., 164., 165., 166., 167., 170., 178. (פויליש, אוקר׳), 179. („האַלטן מיט צוואַנגען"), 183., 201., 205., 209., 210., 211., 217., 218., 226., 228., 230., 233., 237., 242., 247., 254 (ס אַנשטאָט ש).

ווייטער קומען:

2. ווי אין קורלאַנד „ס׳איז מיר אַ גאַל", אָדער בעסער, באַטאָנט, „איין גאַל". דאָ איז דער ערשטער וואָקאַל אָפּגעריסן געוואָרן פון שורש און באַנוצט ווי דער אומבאַשטימטער אַרטיקל. ס׳דערגייט אַזוי ווייט אַז מ׳זאָגט: „ס׳איז נישט מיין גאַל" (â) — נישט מיין גלייכן.

30. באָכען, אַ באָך.

35. דעמביץ: בלאָלעכץ. „בלוין און בלאָ". צום איבערגאַנג פון ר אין ל פגל׳ שפּעט-לאַטייניש pfiûma — אה"ד pfiûma.

36. וואָלין.

45. גראָדנע: גאָ — ר! — מאַכן עמיצן דעם סוף הייסט נה"ד: jdem den Garaus machen. ווייזט אויס, אַז די פראַזע נעמט זיך פון דעם אייגענעם מנהג: אַ קינד האָט געענדיקט טרינקען, פלעגט מען אים, ווי אַ מי-שברך, den „Gar-aus" machen, אָנזאָגן מיט גדולה, אַז ס׳איז שוין „גאָר אויס". דער יידישער „גאָר-איין" איז מן הסתם איבערגעדרייט צוליב „היט זיך פאַר אַ וואָרט". צוליב דעם אייגענעם טעם האָט גראָדנע בלויז „גאָר" אָן „אויס". — דייטש „דער גאַר-אויס" ווי יידיש „דער זיי-געזונט".

48. „גילן" איז ליטוויש.

55. ביגל זענען אַלע „געזאָטן".

70. טאָרנע, דעמביץ: דאָרשט, אָבער דערשטיק, מיך דערשט.

73. דאָרשלאַג.

74. סטאָרקען. סטאָרק. אַ סטאָרקע טון.

81. ביי האַרקאָווי. אַ גוט דייטש וואָרט.

91. זעגעכץ.

105. טרעלבוך—פון טרעמבוך. טרעמבע איז איראָניש.

111. „יערנעראָל, קאָפּעראָל, אַבי עס ראָלט זיך".

117. לויג גיט מען צו, אויב איך האָב נישט קיין טעות, צו האָניק-קוכן.

124. וולאָצלאַוועק, קעלץ.

161. מיטן טייטש „הינטער-חלק". „פּאַטשן אין פ״" קורלאַנד האָט דערהאַלטן דעם אַלטן טייטש. מן הסתם איז דער צווישן געווען אַן אַלגעמיינער באַגריף: „חלק" סתם.

173. פאָריע—גאווה. נעמט זיך פון „רעדן מיטן פאָריע"—אויפן קול, באַפעלעריש מיט כעס. פויליש furja = כעס, ווילדקייט.

182. צולייגן קאָפּ.

184. צעמאָרשטן. ט אונטער דער השפעה פּערפעקט פּאַרטיציפּ. דייטש morsch — אַדיעקטיוו.

185. „כאַפּט דיך דער קאַדיק". פויליש kaduk — טייוול.

212. קעק—נישט פאַרשעמט, מיט אַ מוטיקן אויפטריט. דער עיקר וועגן פרויען, אין גינסטיקן זין.

221. אין קרוטשע, מאָהילעווער גוב׳: ס׳אַ ראַר! = גוט ביז גאָר, בעסער קאָן ניט זיין.

227. רייבעכץ.

ס׳בלייבן איבער נאָר עטלעכע באַמערקונגען צו אַ טייל ווערטער, וואָס קלמנאָוויטש האָט באַרירט.

צו 1. אַבילע האָט טאַקע דעם אייגענעם טייטש וואָס אַבי, נאָר ס׳איז אַ זעלבשטענדיק וואָרט — פון פויליש byle. דער פּרעפיקס אַ איז אַריבערגעטראָגן דורך אַן אַנאַלאָגיע פון „אַ בילע ווער" = byle kto = אַבי ווער

אויב מ׳דאַרף זיך אָפּשטעלן מיט חידוש, איז טאַקע אויף אַבי. אין פויליש האָט aby בלויז דעם טייטש: כדי, אַז. אויף אויסצודריקן דעם פשט פון יידיש אַבי, מוז מען צוגעבן tylko אָדער jeno, ווייל יידיש אַבי האָט דעם

טייטש פון byle. מן־הכּתּם האָט יידיש צו פאַרדאַנקען דעם קיצור דעם אופן רעדן מיט די הענט און מיט אַ ניגון, וואָס פאַרטרעט דעם פּלאַץ פון אַ וואָרט. און אַזוי זעען מיר טאַקע ביים יידישן „אַבי“ דעם אַקצענט אויפן לעצטן טראַף און דעם וואָקאַל געהעריק פאַרלענגערט. צוליב דעם אייגענעם טעם טרעפט דער קיצור אויך אין דער פּוילישער פויערן־שפּראַך מיט אַ געוויסער צווייטייטלונג פונעם וואָרט.

צו 14. פּויליש tresować וועגן חיות און מענטשן = דייטש dressieren. איינטרעסירטער עקשן, אַ שטייגער ווי אַ הונט וואָס מ׳האָט אים איינטרעסירט צו כאַפּן האָזן, קאַטש־קעס, וועט ער נישט אָפּטרעטן, אַזוי ער. דאָס וואָרט אַליין איז אַן אינטערעסאַנט רעשטל פון שליאַכטישן לעבנסשטייגער אין קורלאַנד.

צו 15. פּויליש „יערן“ האַלט זיך אַזוי צו ליטוויש „יירן“, ווי עמיצער צו אימיצער, ווי רעמעט (נ פאַר ט פאַרשוואונדן ווי אין דימעט) צו ליטוויש רימען (נה״ד Rie-men).

צו 31. וועגן אַ גראָבן האַרטן מענטשן, אַ מענטש אָן טעם, וואָס מ׳קאָן אים נישט פאַרטראָגן, זאָגט מען אַמאָל אין טאָרנע: „אַזאַ האָרפּלאַקס!“ ער איז אַזאַ מענטש, ווי האָרפּלאַקס (קורלענדיש קאָשקע) אַנטקייגן פלייש.

צו האָבן מיר נישט אין „בופּלאַקס“ צונויפגעמישט: „ביפּלאָקס“ מיט „האָרפּלאַקס“?

צו 125. אין גראָדנע זאָגט מען: מ׳שרייט ווי אין אַ גודעגאַרניע. דערביי רעכנט מען אַז דאָס איז אַ סלאַוויש וואָרט און מ׳ווייס נישט וואָס איז דער טייטש. גודעגאַרניע זעט אויס צו זיין דער גראָדנער פאַרטרעטער פון דעם עלטערן נישט מער פאַרשטענדלעכן „מאַנהויז“ און האָט אַליין געהאַט דעם אייגענעם סוף.

ווייזט אויס, אַז גודעגאַרניע איז סלאַוויזירט פון פראַנ־צויזיש goûter garni „גרייטע וועטשערע“. דאָס איז אפשר, לויטן שילד נאָך, דער פּאָפּולערער נאָמען פון יענע מלחמה־רעסטאָראַנען, וואָס גראָדנער יידן האָבן געעפנט פאַר די סאָלדאַטן פון נאַפּאָלעאָנס אַרמיי. ס׳איז אַוודאי צוגע־גאַנגען לעבעדיק ווי דער שטייגער און איבערגעלאָזט אַ רושם אַזש אויף אַן אַלט פאָלקסווערטל.

וואָס שייך „מאַן“ אין מאַנהויז קאָן מען דרייסט אָננעמען, אַז דאָס איז מה״ד mein מיט דעם טייטש Mis-setat, Frevel. הייסט עס, meinhûs האָט דעם פּשט: „שאַנד־הויז“, זינדיק הויז, ווי די קאָלאָמייער ווערסיע וויל האָבן. פון דער אַנדערער זייט איז דער טייטש משוגעים־הויז און בית־אָבל אויך נישט אָן אַ יסוד אין דעם וואָרט. mein הייסט אויך „אומגליק“ — מאַנהויז קאָן דעריבער זיין אַ „הויז פון די אומגליקלעכע“ (משוגעים), „דול־הויז“, „אַ הויז וואו אַן אומגליק האָט פּאַסירט“. צו „אַ“ פון ei פגל׳ לאַבן, Laib, מאַד meit.

ווי עס ווייזט אויס איז די פאַרצווייגונג פון די טייטשן פאָרגעקומען צום טייל אין אַ צייט, ווען דער זין פון mein איז ביי יחידים נאָך געווען לעבעדיק, אָבער „מאַנהויז“ איז שוין געווען נישט פאַרשטענדלעך.

דער טייטש באָד איז באַקאַנט אויך אין מאָהילעווער קאַנט (קרוטשע). ווי בן־אַדיר גיט מיר איבער, ווערט דאָרט „מאַנהויז“ זייער אָפט געניצט; אַנטקעגן אין באָבּרויסק איז עס לגמרי נישט באַקאַנט.

דאָך ווייזט אויס, אַז דער טייטש „שאַנדהויז“ איז דער ערשטער. אַ סימן טאַקע דאָס וואָרט „שאַנדהויז“, וואָס איז אין מה״ד נישט באַקאַנט און איז אויך אין היינטיקן דייטש, אויף וויפל איך ווייס, נישט זייער היימיש, בשעת אין יידיש איז עס אומעטום באַקאַנט. מן הסתם איז עס די יידישע נה״ד איבערזעצונג פון מה״ד meinhûs — מאַנהויז.

צו 140. פּאַזע. צום מיינסטן באַקאַנט אין „פּאַזע ברעג“, „פּאַזע וועג“.—„פּאַזע ברעג“ הייסט אין גראָדנע דער ברעג לענג־אויס דעם ניעמען.

ברעג — פּויליש brzeg מיט דער יידישער אויסשפּראַך. וויל מען אַריבערטראָגן „פּאַזע ברעג“ אַזוי ווי עס גייט און שטייט צוריק אין פּויליש, באַקומען מיר אָדער po zabrzeżu אָדער po zabrzegu. — zabrzeże, zabrzeg הייסט געלענדער ביים טייך, po — לענג־אויס. צוזאַמען באַצייכנט עס אי די אייגנשאַפט פונעם פּלאַץ (די לענג ביים ברעג), אי דעם נאָמען פון דער געגנט, וואָס צוליב דעם מיידט עס אויס די איבערזעצונג אין יידיש. דעם יידן איז באַקאַנט „ברעג“, און אַז ער האָט פאַר זיך אַזאַ שטענדיקע פיגור ווי po zabrzeżu, po zabrzegu, טיילט ער אָפּ „ברעג“ באַזונ־דער און רעכנט po מיט דעם פּרעפיקס za פאַר איין וואָרט מיט דעם אייגנטלעכן טייטש פון פּויליש po.

קוים איז אָבער פאַראַן „פּאָזע ברעג“ איז שוין גאָר גרינג צו ניצן עס מיט וועג, טייך, וואַנט אאַז״וו.

„פּאַזע“ איז די מער רוסיפיצירטע פאָרם פון poza, איז נישט קיין וואונדער וואָס דאָס ווייניקער רוסיפיצירטע קורלאַנד האָט דערהאַלטן די אַלטע פּוילישע אויסשפּראַך, ווי אַ סך אַלטע פּוילישע ווערטער.

21.XI. 1926. דניאל לייבל (תל־אביב)

## צו: משה לערער, מאַטעריאַל פאַר אַ כעלעמער אידיאָטיקאָן

(לאַנדויבוך ז׳ 201—206)

1

אין מיין אַרטיקל זיינען אַריינגעפאַלן עטלעכע טעותן וועלכע איך בעט פאַרריכטן:

6. אָנשטאָט „פאַרדאַגהט“: פאַרטראַכט, צע־חושט (ס׳איז אַלץ איינס ווי „דעררופענער“ — אויפן עולם התוהו).

10. אָנשטאָט „משקה“: מקשה.

13. אָנשטאָט „יאַלעריע“: גאַלעריע.

25. אונטערשטעלן אַ פּיסל.

26. אָנשטאָט „דעפּטאַך": דעפּטאַק.

34. אויסשפּראַך: ווֿâניק.

65. אָנשטאָט „פּאַמעלע": פּאַמעלע.

84. אָנשטאָט „לאַנג 1": די ל פּאַלאַטאַליזירט (ווי אין רוסיש клин).

משה לערער

## 2

1. נאָר אין געשלעכטלעכן זין (פּאַרליבט)—לודמיר.

6. דעררופענער – הרובעשויוו.

16. קינאַמניק, -יצע — דאָרט.

21. מיטן פּשט: פאַלש בלוט — דאָרט.

33. דאָס הייסט שטראָדל (u) אָדער קראַפּ. וויקעלע — איינגעמאַכטס פון אַגרעס, האַרט געמאַכט און דערנאָך געשניטן אין פאָרם <> — דאָרט.

40. חי קאַק, גראָשע פּיעטנאַשטשע.

42. טשאַקען: זאָגן אַ ליגן; טשאַקער: ליגנער — לודמיר. פגל' ביי ש"ע: „טשאַקענדיק און קנאַקנדיק".

44. יוקל: אַ נאַר, אַ גאָרנישט — לודמיר. אויך אין דייטש איז Jockel און אַנדערע פאָרמען פון „יעקב" אַ סינאָנים פאַר אַ נאַר. פגל' דוו"ב IV, 2, 2332.

67. פּיפּיטש: אַזאַ קרענק ביי אַ הון; זי האַלט אַרויסגעשטעקט די צונג און איז כסדר דאָרשטיק — הרובעשויוו. דערפון אַוודאי די רעדנסאַרט.

71. אין הרובעשויוו הייסט דער קוכן: פּאַרלוירן הינדל.

76, 83. אין הרובעשויוו: גערבעלע-פּען (אינמיטן איבערגעבויגן, פאַרמלחמהדיקע ריגער פּען); לאָפּעטעפּען (ענלעך צו אַ לאָפּעטע).

82. אין הרובעשויוו קוקעלע: אַזאַ געבעקס מיט מאָן אָדער עפּעס אַנדערש אינעווייניק (פגל' לייבל, לאַנדויבוך ז' 75 נומ' 56). דאָס אויסקראַצעכץ פון דייזשע אָדער מולטער הייסט וויסקראָבעק.

92. דאָס זעלבע קיריש געוועכט – הרובעשויוו. וואָרטשפּיל: קילע-ווינקלבראָך און קילע—קילאָגראַם. קירה—עסטרייך (פאַר דער מלחמה האָט מען אין פוילן נאָך ניט געוואוסט פון דער מעטרישער סיסטעם, און אויף יענער זייט גרענעץ יאָ).

ב. ווײַנריב

## צו: פון וואַנען שטאַמט דאָס וואָרט „געטאָ"?

(לאַנדויבוך ז' 205 — 210)

### 1

אין ד"ר יאָפּעס באַווייז, אַז ghetto שטאַמט פון gehegde (gehecktes ort) איז פאַראַן איין בלויז: פאַרוואָס האָט עפּעס פון דער ענדונג -de געזאָלט ווערן אין איטאַליעניש o- ? אָט זעען מיר דאָך אין איטאַליעניש cane הונט, pane ברויט; וואָלט דאָך געמעגט זיין ghette אויך, בפרט אַז אין צה"ד איז דאָס וואָרט gi-hagidi.

בנוגע דעם פּשט זיינען יאָפּעס אַרגומענטן גראָד שטאַרקע; ער וואָלט זיך נאָך געמעגט פאַרופן אויף דעם, אַז אויך אין די סלאַווישע שפּראַכן באַטייט „אַרומגעצאַמטער אָרט" דאָס אייגענע וואָס שטאָט (פגל' פּויליש gród, רוס' город, טשעכ' hrad אאַז"וו). נאָר איינס האָט יאָפּע געלאָזן אויסער אַכט: די טראַדיציע וועגן דער יידישער גאַס.

אין צענטער פון לעמבערג („אין שטאָט") איז פאַראַן די סערבישע גאַס (Serbska); מיין באָבע, מיין מוטער און בכלל דער עלטערער דור רופן זי: „די יידישע גאַס". ווי שפּענגלער האָט אויפגעוויזן אין זיין Untergang des Abendlandes, איז עס אַזאַ גאַנג ביי די מזרחדיקע פעלקער צו באַזעצן זיך לויט די אמונות אָדער נאַציאָנאַליטעטן (אין לעמבערג האָבן מיר אויך אַן אַרמענער גאַס). דאָ מיינט „גאַס" אַזוי פיל ווי יידיש פּערטל, יידישער ראַיאָן. יאָפּע ציטירט אַליין דאָס ענגלישע gate — טויער; דאָס ווייזט אָן אויף אַ צרומצאַמונג, אַ מויער, און לכתחילה איז דאָך gate אידענטיש מיט Gasse. אויך אין דעניש באַטייט gat (gade) צוויי זאַכן: א) אַ ים-דורכגוס (פגל' קאַטעגאַט), ב) גאַס. דער שורש איז (אין דער פאָרם gatwo) געווען אויך אין גאָטיש; און די אָסטגאָטן האָבן דאָך געוועלטיקט אין איטאַליע (493—555). עס וואָלט נאָר געבליבן נאָך אויפצוקלערן, פאַרוואָס ghetto און ניט ghatto.

איך וואָלט וועלן אויפמערקזאַם מאַכן אויף דעם צרטיקל פון מיין געוועזענעם תלמיד י. הארמאַן אין דער לעמבערגער Chwila פון אויגוסט 9, 1926; ער ווייזט אויף, אַז דאָס רוימישע געטאָ האָט זיך געפונען בשכנות פון דעם אָקטאַוויע-פאָרטיק און פון טיטוסעס טריאומף-אַרקע; די „אַרקע" (דער טויער) איז אַלזאָ געווען לעבן דעם יידישן פּערטל. עס איז גענוג זיך צו דערמאָנען Brandenburger Tor, Hallisches Tor אין בערלין און דערעיקרשט אָסטראָבראָם (Ostra Brama) אין ווילנע, וואו „טויער" באַטייט אומעטום גאַס. אויך אין לעמבערג האָבן מיר אַזוינס: דער Plac Krakowski הייסט ביי יידן פאַרן טויער, דאָס הייסט „פאַרן קראָקעווער טויער"; דער נאָמען שטאַמט פון די אַלטפּוילישע צייטן, ווען די שטאָט איז געווען אַרומגערינגלט מיט מויערן. „טויער" אָנשטאָט „גאַס" איז אַ שפּראַך-געברויך, וואָס רופט זיך אין דער גראַמאַטיק pars pro toto.

איבערהויפּט אויפן מזרח איז דער אויסדרוק געווען זייער אָנגענומען. ביי די אַשורים ווערן די טויערן פון די קיניגלעכע פּאַלאַצן געהיט דורך באַפליגלטע באַשעפענישן; מרדכי אין מגילת אסתר זיצט „בשער המלך". אין קסענאָפאָנס (סאָקראַטעסעס אַ תלמיד) „אַנאַבאַזיס" לייענען מיר:

ἐπὶ θύραις βασιλέως, אין די טויערן פון דעם [פּערסישן] קיניג=בּיים פּערסישן הויף. ביז ניט לאַנג האָט די רעזידענץ פון דעם טערקישן סולטאַן געהייסן „די הויכע פּאָרטע“ אאַז״וו. אין אולאַנדס באַלאַדע Des Sängers Fluch שטייט: Vor dem hohen Tore da hält der Sängergreis, וואָס דאָס דאַרף באַטייטן, אַז דער זינגער שטייט פאַר דעם קיניגס שלאָס.

נאָך איינס: יאָפּע רעדט ז׳ 207 וועגן דעם מיטלעלטערישן Vicus Judaicus אין רוים און טייטשט דאָס: „דער יידישער דאָרף“. דאָס איז אַ טעות. נאָך אין אַלטערטום (למשל בּיי האָראַציוסן, אין ערשטן י״ה נאָך קריסטוסן) באַגעגענען מיר vicus אין שטעט, אויך אין רוים: ממילא קאָן דאָס ניט זיין קיין דאָרף, וואָרים אין אַ שטאָט זיינען ניטאָ קיין דערפער. vicus איז = via, גאַס. Vicus Judaicus באַטייט אַלזאָ, בּהסכּם מיט מיין אויסטייטש, יידישע גאַס.

ד״ר י. ווילער (לעמבערג)

2

יודאַ יאָפּעס עטימאָלאָגיע פון „געטאָ“ האַלט איך פאַר אוממיגלעך. בּיי מיר איז אַן עטימאָלאָגישער כּלל=גדול, אַז איידער מען גייט אַרויס פון דעם גדר פון דער שפּראַך און מען נעמט זוכן דעם אָפּשטאַם פון אַ וואָרט מחוץ אירע גרענעצן, דאַרף מען זיך פריער פלייסן צו דערקלערן דאָס וואָרט פון דער שפּראַך גופא. בּנוגע דער עטימאָלאָגיע פון איטאַל׳ ghetto בּרענגט דער כּלל צום אויספיר: איטאַליעניש ghetto איז אַן איטאַליעניש (תּחילת וועניציאַניש) וואָרט און דאַרף דעריבּער אַרויסגעבּראַכט ווערן פון אַן איטאַליענישן (פון אַ וועניציאַנישן) שורש. די ערשטע „געטאָ“ איז איינגעאָרדנט געוואָרן 1516 אין וועניציע, און דעריבּער קען מען דעם אויסדרוק ghetto פאַרשטיין נאָר פון די וועניציאַנער פאַרהעלטענישן. טעצאַ [1] האָט פאַרעפנטלעכט מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק צוויי דאָקומענטן פון וועלכע ס׳איז צו זען, אַז דער ראַיאָן האָט געהייסן „געטאָ“ (אין די דאָקומענטן שטייט: terren de getto) נאָך איידער יידן האָבּן זיך דאָרט בּאַזעצט. Ghetto נעמט זיך פון דעם צייטוואָרט gettare; עס בּאַטייט „וואַרפן“ (פון לאַט׳ jactare) און ספּעציעל: צוגעבּן Bleiglätte צו מעטאַל; אויף דעם אָרט פון דער וועניציאַנער געטאָ האָבּן זיך געפונען מעטאַל=גיסערייען.

די טענה, אַז איטאַליעניש g האָט זיך ניט געקאָנט פאַרוואַנדלען אין gh, פאַלט אָפּ נאָך דער אַרבּעט פון בּאַרטאָלי [2], וועלכער האָט אָנגעוויזן אויף איטאַל׳ traghetto, conghiettura און אויף וועניציאַניש און סאַרדיניש —

[1] זע: Atti del R. Jstituto Veneto LXIII (1903—1904), p. 1273

[2] Bartoli, Archeografo triestino 29, p. 149.

ghettare. פון וועניציע האָט זיך דער טערמין דערנאָך פאַרשפּרייט זייער גיך איבּער גאַנץ איטאַליע.

דעם געדאַנק וועגן דער פאַרבּינדונג פון „געטאָ“ מיטן שורש „וואַרפן“ און מיט די גיסערייען האָבּן נאָך אַרויסגעזאָגט (ווי ס׳האָט מיר אַמאָל מיטגעטיילט דער ווינער אייבּערראַבּינער ד״ר מ. גידעמאַן) דע=לאַ=טאָררע אין ראָמאַנינס נאָמען אין Ben Chananja 1862, ז׳ 28 און ג. וואָלף אין זיינע Judentaufen ז׳ 14. שפּעטער געפינען מיר אַן ענלעכע השערה בּיי ל. שטערן [3] אין יאָר 1869

פּרטים בּיי טעצאַ אין דעם אויבּנדערמאָנטן אָרט און אין מיין אַרטיקל Ital. Lazzaretto — Ital. Ghetto אין Wörter und Sachen, VI (1914 — 1915), ז׳ 204 — 205.

פּראָפ׳ ד״ר ל. שפּיצער (מאַרבּורג)

## צו: לאַנטוך, די געשיכטע פון אַ היימישן ניטגוטן

(לאַנדויבּוך ז׳ 217 — 236)

זינט מיין אַרטיקל וועגן לאַנטוך איז געווען געדרוקט איז מיר צוגעקומען מאַטעריאַל פון אַזוינע דריי מינים:

1) דער נאָמען אָן דעם בּאַגריף; 2) דער בּאַגריף, נאָר אָן דעם נאָמען; 3) בּאַגריף און נאָמען צונויפגעקניפּט.

I. די צוגאָבּן פון דער ערשטער קאַטעגאָריע בּאַוועגן זיך בּערך אין די גרענעצן פון די 9 טייטשן, וואָס איך האָבּ געבּראַכט לאַנדויבּוך ז׳ 221; איך נומעריר דאָ ווייטער:

י) י. זשעלעזניקאָוו גיט איבּער פון פּינסק: לאַנטוך — אַ זאַק, אויף וועלכן מען שלאָפט; געמאַכט פון גראָבּע, ניט קיין גערייניקטע פלאַקס.

י. פּערלזאָן, קאָרעקטאָר פון „אָקטיאַבּר“ אין מינסק, האָט מיר אין צוויי בּריוו, פון 17 אויגוסט און 9 אָקטאָבּער 1926, מיטגעטיילט אָט=וואָס:

יא) אין שטעטעלע פּאָסאַדיעץ, פּלעשטשעניצער ראַיאָן, סאָווי=ווייסרוסלאַנד (געוועזענער ווילנער קרייז) בּאַטייט לאַנטוך (מיט אַ האַרטער ל און נ) אַ טראַנטע, אַ האָלאָדראַ:יעץ, אַ שלומפּער; דער פּשט „זאַק“ איז ניטאָ.

יב) אין סטאַראָבּין, סלוצקער קרייז, איז בּאַוואוסט אויך דער פּשט „זאַק“, און חוץ דעם נאָך אַ צווייטער: פּרעסער. „זע נאָר אַ לאַנטוך! וועסט אים אַזוי גרינג ניט אָנקאָרמען“. ענלעך אויך די בּאַלדיקע ווייטרוסישע טייטשן.

יג) אין לאַפּיטש, בּאָבּרויסקער קרייז, איז פאַראַן לאַנטאַך: „עס שלעפּט זיך פון דיר ווי פון אַ לאַנטאַך“, „אַ לאַנגער ל׳.“

יד) אין סעליבּע, בּאָבּרויסקער קרייז, הייסט לאַנטוך: אַ שטיפער, אַ נאַשער, בּכלל אַ יינגל אַ קונדס.

טו) אין סמאָרגאָן, ווילנ:ער געגנ:ט: לאַמטוך, אויך לאַנטוך — אַן אַלטער בּאָק אָדער ציג; אַ נאַר, אַ קונעלעמל.

[3] Archiv für das Studium der neueren Sprachen und Literaturen, 1869, p. 231.

טז) אין מינסק: „אַ לאַנגער לאַנטוך״ — אַ לאַנגער און דינער מענטש.

יז) אין וויטעבסק: „ביזט אַ גרויסער לענטעך״ – אַ טויגעניכטס, אַ גולם [1].

יח) אין בריסק: ל׳ענטוך — אַ מענטש, פון וועלכן מען מאַכט חוזק; אויך אַזוינער וואָס ער סטאַרעט זיך פריילעך צו מאַכן אַ חברותא [2].

יט) אין צויזמער, ראָדעמער געגנט (נאָר דאָס דאַרף נאָך איבערגעקאָנטראָלירט ווערן): ל׳ענטוך – אַ יינגל אַ קונדס און דוכט זיך אויך אַ פוילער [3].

ווייטער גיט פריינד פערלזאָן איבער, לויט אינפאָרמאַציעס פון גוטע קענער, אַז אין דער ווייסרוסישער שפּראַך איז דאָס וואָרט פאַראַן כמעט אין מער וואַריאַנטן ווי אין יידיש. אָט זיינען עטלעכע:

אין דיסנער קרייז, ווילנער געגנט, באַטייט לאַנטוך בערך: אַ הולטיי, וואָס איז שוין אַ פאַרפאַלענער.

אָשמענער קרייז, ווילנער געגנט: טראַגטע, האָלאָדראַניעץ.

סלוצקער קרייז (דער עיקר אין מערצאָל: „לאַנטוכי״): דער מאָגן פון אַ בהמה. אַ צווייטער נוסח: די גאַנצע איינגעווייט פון אַ בהמה. אַ דריטער נוסח: אפילו אַ מענטשלעכער מאָגן. ביים לעצטן גיט פ צו: „ניט זיכער״, נאָר אויב מען זאָל דאָס פאַרגלייכן מיט דעם אויבנגעדאַכטן יידישן פשט פון סלוצקער קרייז (יב), לייגט זיך אויפן שכל, אַז ס׳איז יאָ פאַראַן אַזאַ טייטש אויך אין ווייסרוסיש.

אין דעם באַטייט מאָגן, אַלץ איינס בהמישער צי מענטשישער, איז פאַראַן די אַסאָציאַציע מיט אַ גרויסן זאַק, אַ זאַק פון גראָבן לייוונט, וואָס מען קען אין אים שטאָפּן און שטאָפּן. די זעלביקע באַטייט-אַנטוויקלונג גיט אויך פוו״ב VII, 456 פאַר דעם וואָרט wańtuch:

a) גראָבע לייוונט פון קאַנאָפּיעס; b) אַ זאַק פון אַזאַ מאַטעריאַל, אין וועלכן מען פּאַקט האָפּן [4], וואָל אאַז״וו; c) אַריבערגעטראָגן, בלשון קאַטאָוועס: בויך, איינגעווייט; d) נאַשער, פרעסער.

וועגן וואַנטעך אין יידיש גיט איבער י. פערלזאָן:

דאָס וואָרט ווערט ביז היינט געברויכט צווישן די פערדן- און רויכוואַרג-הענדלער פון לובלין, קראָשניק (לובלינער געגנט) און (דוכט זיך) אויך אין וואַרשע, אָסטראָפּצע, טאַרנאָבזשעג, בראָד ביי דעם פאַך. ס׳באַטייט: זאַק.

1 צי איז עס ניט דאָס פּויליש leniuch? [מ. וו.].

2 דערפון שטאַמט אפנים אַ—סקיס שרייבונג ל(ע)נטעך מיט ע און ניט מיט אַ. [מ. וו.]

3 מיינע נאָכפרעגענישן ביי בריסקער האָבן דערווייל ניט געגעבן קיין רעזולטאַט. [מ. וו.]

4 פגל׳ די ראָמאַנער טייטש (ב) לאַנדויבוך ז׳ 221.

מ. לערער טיילט מיט פון כעלעם: „זע נאָר דעם גראָבן wańtiuch:״ „ער יאָט [= האָט] זיך עס אָנגעלייגט אַ ווי׳!״ דאָ אַלזאָ שוין די טייטש: בויך.

## II. דעם לאַנטוכס מעשים אָן זיין נאָמען.

מ. לערער געדענקט פון כעלעם פון קינדווייז אַזאַ מעשה: אַ שוסטער כאַפּט זיך אויף אינמיטן דער נאַכט, זעט ער אַ פּאַס לעדער שטעקט אַריין אין דער טיר. ער שניידט אָפּ איין פּאַס, אַ צווייטן, אַ דריטן, נאָך און נאָך. ס׳ווערט טאָג, ער גיט זיך אַ קוק אום: צעשניטן זיין אייגן לעדער אויף פּיק-פּיצלעך.

אין Der Urquell I (1897), ז׳ 344 א״וו, דערציילט ד״ר ש. רובין [5], אָן אָנווייז פון אָרט, נאָר אַן ענלעכע מעשה: אַ שוסטער איז אַמאָל אויפגעשטאַנען זייער פרי אין אַ ווינטערדיקער נאַכט, כדי צוצוגרייטן זיין סחורה פאַרן מאַרק. ער איז געזעסן ביי דער אַרבעט, און לעבן אים איז געלעגן אַ פּאַק פאַרטיקע שיך. מיטאַמאָל האָט עמעץ אַריינגעשטעקט דורכן פענסטער אַ צונג, וואָס איז געווען אַזוי לאַנג, אַז זי האָט געגרייכט ביזן שוסטער. אַזאַ ריזיקע צונג האָט ער נאָך אויף זיין לעבן ניט געזען. ער האָט גענומען זיין שאַרפן מעסער און אָפּגעשניטן דעם שפּיץ צונג; ער האָט גערעכנט, אַז דער בעל-הצונג וועט באַלד אַנטלויפן. נאָר ס׳הייבט זיך ניט אָן: די צונג האָט געשטעקט ווייטער, און ס׳איז איר תיכף צוגעקומען אַ נייער שפּיץ. דאָס איז דעם שוסטער געפעלן געוואָרן, האָט ער פונדאָסניי אָפּגעשניטן דעם שפּיץ. נאָר וואָס מער ער האָט געשניטן, אַלץ גרעסער איז געוואָרן די צונג, וואָס יענער אומבאַקענטער האָט כסדר אַריינגערוקט. די שפּיל האָט געדויערט ביז אינדערפרי. ווען ס׳האָט גענומען שאַריען אויף טאָג, האָט דער שוסטער דערזען זיין בראָך: ניט פון דער צונג האָט ער אָפּגעשניטן די שפּיצן, נאָר פון אַלע זיינע שיך. דאָס שפּיצל האָט אים אָפּגעטאָן אַ לץ. — די לצים האָבן געוואויגט אויף די בוידעמער, אין די קעלערס אָדער שייערס און האָבן דאָס רוב אָנגעמאַכט צרות; נאָר די רביים, די אָנהענגער פון דעם בעל-שמס שיטה, האָבן פאַרטריבן די לצים אין די וועלדער אַריין.

III. ענדלעך קום איך צו צו די וויכטיקסטע מילואים: די שטיק, וואָס דער לאַנטוך טוט אָפּ אונטער זיין אייגענעם נאָמען. אין לאַנדויבוך האָב איך געבראַכט 7 אַזעלכע „פּאַקטן״, צייל איך דאָ ווייטער.

8) יעקב צווי, ווילנע, גיט איבער אין נאָמען פון זיין מוטער אַ „מעשה-שהיה״ פון אַ יאָר 60 צוריק; די מוטער,

5 ד״ר שלמה רובין איז געבוירן געוואָרן אין דאָלין, גאַליציע, 1823; געשטאָרבן אין קראָקע 1910. ער האָט געלעבט אין לעמבערג, גאַלאַץ (רומעניע), אָסטרע אאַז״וו (זע יעווריי׳ ענצ׳ XIII 711—713), אַזוי אַז עס איז אוממיגלעך פעסטצושטעלן, וואו ער האָט געהערט די דורך אים פאַרשריבענע מעשה.

וואָס לעבט נאָך היינט, איז יעמאָלט געווען אַ מיידל פון יאָר 16 און געדענקט אויסגעצייכנט די געשיכטע:

אין דעם שטעטל וואָלינצע, דריסער קרייז, וויטעבסקער גובערניע איז געווען אַ לאַנטוך ביי איינעם גרשון אין שטוב; פון דאָרטן איז ער אריבער אין אַ קרעטשמע (אַ שענק), וואָס האָט געהערט צו אַ פאַרפאָלק עלטערע יידן; דער קרעטשמער האָט געהייסן אברהם-שמואל. קיין קינדער האָבן זיי ניט געהאַט, נאָר אַ קריסטין האָט זיי צוגעהאָלפן אין שטוב. לעבן דעם גרויסן שענק-צימער איז געווען אַ פינסטער צימערל, אַ מין סקלאַד. ווי נאָר עס פלעגט ווערן האַלבע נאַכט (אַמאָל פלעגט מען נאָך אפילו ניט שלאָפן און ס'פלעגט נאָך ברענען ליכט), פלעגט פון דעם צימערל אַרויסגיין דער לאַנטוך.

זיין פנים האָט מען ניט געזען, נאָר פון געשטאַלט איז ער געווען אַ הויכער. ער פלעגט איבערקערן די פאַמויניצע, וואַרפן טעלערס פון די פאָליצעס, בכלל אָנמאַכן שאָדנס. מען האָט געמיינט, אַז אפשר רייצט זיך דאָס עמעצער מיטן קרעטשמער, כדי אים צו פאַרשאַפן צער; נאָר ס'איז ניט געווען מיגלעך, ווייל בייטאָג פלעגט מען אַריינקוקן אין צימערל, פלעגט דאָרטן זיין ליידיק, און קיין אַרויסגאַנג אויף דרויסן האָט דאָס צימערל ניט געהאַט.

דער קרעטשמער האָט געהאַט אַ פריינד אַ קצב, זלמן-לייב האָט ער געהייסן. (ער איז יעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר 30—40.) דאָס איז געווען אַ געזונטער יידל, ניט קיין שרעקעדיקער; האָט ער געזאָגט, אַז ער גלייבט ניט, עס מוז זיין אַ שווינדל, און ער וועט דאָס אויפווייזן.

ער איז אַוועק אין שענק נעכטיקן. מען האָט אים אָנגעגרייט אַ געלעגער אויף אַ באַנק אין דער גרויסער שענקשטוב. ער האָט זיך אַוועקגעלייגט און צוגעדעקט מיט אַ פעלץ. מען האָט פאַרלאָשן דעם פייער. פלוצלינג — דער קצב האָט נאָך ניט געשלאָפן — האָט ער דערהערט, אַז מען נעמט אומגיין איבערן צימער: מען קלאַפט, מען וואַרפט, מען שליידערט. עס האָט אים אַליין אויך אָנגעכאַפּט אַ שרעק, איז ער געלעגן און געשוויגן. אינדעם איז עמעץ צוגעגאַנגען צו אים, אַראָפּגעשלעפּט פון אים דעם פעלץ און אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד. דאָ האָט דער קצב זיך אויפגעזעצט און גענומען רופן: אברהם-שמואל! גיט פייער! מיר וועלן נעמען שטעקנס און זען וואָס דאָס איז!

אברהם-שמואל איז אַריין מיט פייער. דער קצב האָט דערזען אַ געשטאַלט (אַ צורה אויך, נאָר די דערציילערין געדענקט ניט) זייער הויך, ווי אויף לאַנגע פיס, און אינגאַנצן אין טראַנטעס. דאָס איז געווען דער לאַנטוך. ער האָט זיך אָפּגערוקט אין יענעם פינסטערן צימערל אַריין. ווען מען איז אַריין אַהין, האָט מען קיינעם ניט געפונען. אויף דער פאָדלאָגע האָט מען געזען די שפּורן פון דעם לאַנטוכס טריט: ס'איז געווען אַזוי ווי די פינגער פון אַ גרויסן פויגל.

אויף מאָרגן איז דאָס גאַנצע שטעטל געווען אויף מיט דער געשיכטע. אַלע זיינען אַוועק אין קרעטשמע, און דער קצב האָט דערציילט וואָס עס האָט פּאַסירט. די דערציילערין אַליין האָט עס אויך יעמאָלט געהערט.

דאָס פאָרפאָלק איז באַלד אַרויס פון דער שטוב. די קרעטשמע האָט איבערגענומען אַ קריסט. צו אים האָט זיך שוין דער לאַנטוך מער ניט געוויזן.

9) ה' צווייס אַ קרובה, וואָס שטאַמט פון קוניצע, סאָקאָלקער קרייז, גראָדנער געגנט, גיט איבער, אַז ביי זיי אין שטעטל האָט מען אויך דערציילט מעשיות וועגן לאַנטעכער; נאָר וואָס געדענקט זי ניט.

עטלעכע זייער אינטערעסאַנטע, ווייל קאָנקרעטע, דערציילונגען וועגן לאַנטעך האָט מיר צוגעשיקט י. פּערלזאָן און אַ בריוו פון יאַנואַר 27, 1927, מיט אַ באַמערקונג, אַז די ידיעות זיינען זיכער און איבערגעגעבן פון באַגלויבטע פּערזאָנען.

10) לאָשע (באָריסאָווער קרייז): לאַנטעך — אַ שד, אַ מין „דאָכאָוואָי". פאַראַן אין שטעטל אַ שטוב וואוהין דער לאַנטעך האָט זיך פאַרקליבן און פלעגט אָפּטון פאַרשיידענע שפּיצלעך. מען דערציילט וועגן יענער שטוב אַ סך מעשיות.

11) בערעזין (באָריסאָווער קרייז): לאַנטעך — אַ שד, וואָס ברעכט טעפּ ביינאַכט, מאַכט אָן שאָדנס אין שטוב. אויך דאָ ווערן דערציילט מעשיות וועגן דעם דאָזיקן שטוב-שד.

12) אין סמאָלעוויטש (צווישן מינסק און באָריסאָוו) ווייסט מען אויך וועגן דעם לאַנטוך.

13) בושעוויטש (באָגושעוויטש, באָריסאָווער קרייז): לאַנטאַך — אַ שד, אַ פריילעכער לץ.

אין דעם דאָזיקן בושעוויטש איז פאַראַן אַ גאַנצע משפחה, וואָס מען רופט זי „די לאַנטעכער". דעם נאָמען האָט באַקומען דער פאָטער פון דער משפחה, אבא-יואל, צוליב דעם וואָס צו אים אין שטוב האָט זיך אַריינגעכאַפּט דער לאַנטאַך (אָדער אַ לאַנטאַך, ס'איז ניט געלונגען פעסטצושטעלן, צי „דער" אָדער „אַ"), וועלכער פלעגט אָפּטון שפּיצלעך: איבערקערן די לאַדישקעס, די דייזשע אאַז"וו. מען פלעגט זאָגן, אַז צוליב דעם דאָזיקן לאַנטאַך פלעגט אבא-יואלן גליקן אין קליינע מסחרימלעך.

ס'איז י. פּערלזאָנען געלונגען צו באַקומען עטלעכע מעשיות פון די פיל וואָס ווערן דערציילט אבא-יואלן.

איינמאָל זיינען אַלע אַוועק פון שטוב. אַז מען איז צוריקגעקומען, האָט מען אין שטוב געפונען ליגן אַ בר-מינן, און אַרום אים שוואַרצע ליכט. עס האָט פאַרשטייט זיך לאַנג געדויערט ביז מען האָט זיך דערוועגט צוצוגיין און אָפּצודעקן דעם בר-מינן. נאָר אַז מען האָט דאָס געטאָן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַ פּשוטער קלאָץ...

ביי אבא-יואלן אין שטוב זיינען אַמאָל פאַרפאַלן געוואָרן די לייכטער. מען האָט זיי אומעטום געזוכט און

ניט געקאָנט געפינען. ערשט אין עטלעכע חדשים אַרום האָט מען זיי געפונען אין איינגעזייערטן קרויט...

אַז אַבאַ־יואלס ווייב פלעגט בענטשן ליכט, פלעגט דער לאַנטאַך צונעמען די געווייַנטלעכע ליכט און אָנשטאָט זיי אונטעררוקן שוואַרצע...

איינמאָל איז אַ קינד געזעסן און געגעסן. פּלוצלינג האָט מען געזען, ווי דאָס קינד — מיטן שיסעלע אין האַנט — האָט זיך אויפגעהויבן אינדערלופטן און אַריבערגעפלויגן אויף אַן אַנדער אָרט. דאָרט איז עס געבליבן זיצן רואיק מיטן שיסעלע אין האַנט און ווייטער געגעסן. דאָס איז געווען דעם לאַנטאַכס אַרבעט.

צו די און אַנדערע מעשׂיות גיט מען צו:

דער איצטיקער הויפּט־יורש פון דעם דאָזיקן נאָמען, אָרע לאַנטאַך איז (פּונקט ווי דער פאָטער, אַבאַ־יואל, וועלכער איז שוין געשטאָרבן) אַ ביסל אַ צעדרייטער; האָט ער אַליין ליב אָפּצוטון שפּיצלעך. אין די דערפער אַרום רופן אים די פּויערים לאַנטוך דערפאַר וואָס ער טוט זיי אָפּ פאַרשיידענע שפּיצלעך; ער פאַרנעמט זיך מיט היילן, מיט אָפּשפּרעכן אאַז״וו. מען דערציילט וועגן אים:

ער קומט אין אַ דאָרף און נעכטיקט ביי אַ היימישן פּויער. ביינאַכט גייט ער צו צו אַ שלאָפעדיק קינד און גיט אַ קניפּ, אַ שטורך. דאָס קינד הייבט פאַרשטייט זיך אָן צו וויינען, און אַלע כאַפּן זיך אויף. דאַן מאַכט אָרע זיך שלאָפנדיק. ווען אַלע באַרואיקן זיך און שלאָפן ווידער איין, טוט ער ווייטער דאָס זעלבע, און אַזוי עטלעכע מאָל, ביז וואַנען ער כאַפּט זיך מכלומרשט אויף און נעמט זיך אָן פאַר אַ באַלוינונג צו געבן אַ רפואה.

צו דער דאָזיקער באַשרייבונג באַמערקט פריינד פערלזאָן:

„הגם דאָס לעצטע (וועגן אָרעס שפּיצלעך) קען זיך אפשר אויסווייזן פאַר אַ זייטיקן ענין, וואָס האָט ניט קיין שייכות צום לאַנטוך גופא, דאָך דערצייל איך דאָס אייך צוליב דעם, ווייל איך פערזענלעך האָב פאַר דער לעצטער צייט אָנגעהויבן צווייפלען אין דעם געהויבענעם יחוס, וועלכן איר ווילט צושרייבן דעם לאַנטוך. אַ גאַנצע ריי וואַריאַנטן אויף יידיש און ווייסרוסיש ברענגען מיך צום געדאַנק, אַז לאַנטוך שטאַמט פון דעם פשוטן גרויסן זאַק, וורך אַזאַ מין קייט פון באַטייט־שינויים:

אַ גרויסער זאַק — אַ שלעכט אויפגעניייטער בגד — אַן אָפּגעלאָזענער מענטש, אַ שלומפּער — דאָס איינגעווייט, מאָגן פון אַ בהמה — פרעסער, אַן אַלטער באָק אָדער ציג (סמאָרגאָן) — „אַ לאַנגער לאַנטוך", אַ דאַרער און לאַנגער מענטש (מינסק).

די לעצטע צוויי טייטשן האָבן לויט מיין מיינונג אַ באַזונדערע באַדייטונג, ווייל אין אַ סך ערטער זיינען די פאָרשטעלונגען פון אַ שד, לץ פאַרבונדן מיט אַ לאַנגער, הויכער פערזאָן („אַ הויכער דייטש"); און אין אַ סך מעשׂיות וועגן אַראָפּפירן פון וועג, פאַרבלאָנדזשען און אַרומדרייען זיך אַ גאַנצע נאַכט אויף איין אָרט פיגורירט אַ ציג".

אונטער דעם „הויכן יחוס" פאַרשטייט פריינד פערלזאָן דעם אָפּשטאַם פון דעם פראַנצויזישן lutin, עלטער luiton, nuiton. נאָר אויב לייקענען מיין עטימאָלאָגיע, טאָ פון וואַנען נעמען זיך דער „למטוך" אין תוספות און „נוטיון" ביי רש״י? ניין. די עטימאָלאָגיע לאָזט זיך ניט אָפּפרעגן. נאָר דאָס יאָ: אַפּנים אונטער דער ווירקונג פון לאַנטוך — גרויסער זאַק, טראַנטע (וואָס שטאַמט גאָר פון אַנדערע מקומות) איז געבוירן געוואָרן די פאָרשטעלונג וועגן דעם, אַז דער לאַנטוך איז אַ לאַנגער און אַ הויכער און גייט אָנגעטאָן אין טראַנטעס. אויך די פאָרשטעלונג וועגן די פייגלשע פיס איז אַ צוגעקומענע [1].

פון אַלע מיטטיילונגען, וועלכע זיינען דאָ געבראַכט, ווערט באַשטעטיקט מיין פעסטשטעלונג, אַז דער לאַנטוך איז איינגעצאַמט אויף אַן ענגער טעריטאָריע. זייער וויכטיק וואָלט געקאָנט זיין די מיטטיילונג 9) פון סאָקאָלקער קרייז, אויב זי וואָלט ניט געווען אַזוי אומזיכער און אומבאַשטימט. אַראָפּגערעכנט דאָס, בלייבן מיר נאָך אַלץ אין דעם חב״דישן דרייעק, בערך דיסנע — וויטעבסק — שאַצק.

איך דאַנק אָפּ די קאָרעספּאָנדענטן, וואָס האָבן מיר צוגעשטעלט מאַטעריאַל פאַר דער איצטיקער הוספה, און ווענד זיך מיט אַ דרינגלעכער בקשה צו אַלעמען: ווער עס ווייסט עפּעס וועגן דעם ענין זאָל מיך לאָזן וויסן וואָס אויספירלעכער; יעטווידער פרט קען האָבן אַ באַטייט פאַר דער פאָרשונג.

מ. וויינרייך

## צו: דאָס ערשטע פּויליש־יידישע ווערטערבוך און זיין מחבר לעווין ליאָנד'אָר

(לאַנדויבוך ז' 235—250)

### 1

### דער גורל פון דער משפחה ליאָנד'אָר

בשעת איך האָב אויף אַ פאַרזאַמלונג פון דער ווילנער יידישער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט רעפערירט וועגן דער טעמע, וואָס איך האָב באַהאַנדלט אין לאַנדויבוך, איז מצד איניקע עלטערע ווילנער פון צווישן די ביי־זייענדיקע געשטעלט געוואָרן די פראַגע, וואָס איז געוואָרן מיט דער משפחה ליאָנדאָר. און ווירקלעך, פון דער פאַמיליע זיינען כמעט ביז דער העלפט פון XIX י״ה באַקאַנט

[1] פגל' די הייזער אויף הינערשע פיסלעך אין די מעשׂהלעך.

אין ווילנע דריי דורות: אברהם דער שניידער [1] פון גיטקע־טויבעס זאַוואולעק, זיין זון לייב vel לעווין ליאָנדאָר, אַ משכיל און לערער, מחבר פון ערשטן פויליש־יידישן ווערטערבוך און פון דעם זייער פּאָפּולערן בריוונשטעלער, דאַן דעם לעצטנס זון הירש ליאָנדאָר, אויך אַ מחבר פון בריוונשטעלערס און לערן־מעטאָדען פון פראַנצויזיש — האָט דאָך פון אַזאַ פאַמיליע געדאַרפט פאַרבלייבן וועלכע ניט איז שפור אין ווילנע.

דער מאַטעריאַל, וועלכן איך האָב דעמאָלט געהאַט אין מיין רשות, האָט אָבער ניט ערלויבט אויף דער דאָזיקער באַרעכטיקטער פראַגע צו ענטפערן. דער פאָדעם האָט זיך איבערגעריסן אינמיטן. אַן אויפקלערונג האָב איך געפונען ערשט אין די „סקאַזקעס" (רשימות) פון די יידישע איינוואוינער אין ווילנע לויט דער ניינטער „רעוויזיע" (ציילונג) פון יאָר 1850 [2] און לויט דער צענטער „רעוויזיע" פון יאָר 1858 [3].

פולער זיינען די ידיעות אין דער „סקאַזקע" פון 1850. דאָ געפינט זיך אונטערן משפחה־נומער 132 אַזאַ נאָטיץ וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון דער משפחה ליאָנדאָר אין יענעם יאָר.

| № 132 | по послѣдней ревизіи 1834 г. | нынѣ на лице |
|---|---|---|
| Мужескій полъ | | |
| Лейба Абрамовичъ Ліондоръ . | 41 | 57 |
| Его сыновья; | | |
| 1. Гирша . . . . . . . | 17 | 33 |
| 2. Юдель Манасъ . . . | 12 | принялъ христянскую вѣру |
| 3. Абрамъ . . . . . . . | 6 | въ безвестіи съ 1849 г. |
| Женскій полъ | | |
| Лейбы жена Лея Гиршовна . . | — | 55 |
| Гирши жена Тауба Герциковна . | —, | 30 |

1 אין צווייטן באַנד „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע" (ז' 110) רופט ז. רייזען אָן לייב ליאָנדאָרס פאָטער אברהם חיים, וואָס עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז חיים איז אַ פאַמיליע־נאָמען אָדער סתם אַ צונאָמען. פון דעם פּאַספּאָרטן־פּינקס פון ווילנער קהל פאַרן יאָר 1817, וואו עס געפינט זיך די נאָטיץ וועגן „ר' לייב ב"ר אברהם חיים" (זע מיין דערמאָנטע אַרבעט אין לאַנדוי־בוך ז' 249), איז קלאָר, אַז חיים איז די באַצייכענונג פון אַ באַרוף און אַז לייב ליאָנדאָרס פאָטער איז טאַקע געווען אַ ש נ יי ד ע ר. אין דערמאָנטן פּאַספּאָרטן־פּינקס ווערט אין ענלעכע פאַלן אָנגעגעבן דער באַרוף אויך ביי אַנדערע.

2 אין אַרכיוו פון דער אָפּטיילונג פון ווילנער מלוכישן אַרכיוו אין די מויערן פון געוועזענעם פראַנציסקאַנער קלויסטער:
№ 826. Ревизская сказка 9-ой ревизіи 1850 г. по виленскому уѣзду, о мѣщанахъ евреяхъ города Вильна, 26.

3 Ревизская сказка 1858 года, Виленской губерніи и уѣзда, Виленскаго еврейскаго общества, 638 b.
דער באַנד איז באַצייכנט „W 69".

**יידיש:**

| [משפּחה־] נומער 132 | לויט דער לעצטער רעוויזיע פון 1834 [אַלט געווען] | איצט פאַראַן [און אַלט] |
|---|---|---|
| פון מענלעכן געשלעכט | | |
| לייב בן אברהם ליאָנדאָר . . . | 41 [יאָר] | 57 [יאָר] |
| זיינע זין: | | |
| 1. הירש . . . . . . . | 17 „ | 33 „ |
| 2. יודל מאַנעס . . . | 12 „ | אָנגענומען די קריסטלעכע אמונה |
| 3. אברהם . . . . . . . | 6 „ | ניט באַקאַנט וואו ער איז זינט 1849 |
| פון ווייבלעכן געשלעכט | | |
| לייבס ווייב לאה בת הירש | — | 55 [יאָר] |
| הירשס ווייב טויבע בת הערציק | — | 30 „ |

אין דער „סקאַזקע" פון 1858, אין וועלכער לייב ליאָנדאָר (דאָ אויסגעלייגט Лондоръ) איז שוין פאַרשריבן 65 יאָר אַלט, געפינען זיך אין צוזאַמענשטעל פון דער פאַמיליע אייניקע שינוים. קודם כל איז שוין ניט דערמאָנט געוואָרן דער געשמדטער זון יודל מאַנעס. דערפאַר איז אָבער ווידער אַריינגעטראָגן אַלס פאַראַנענער אין ווילנע דער יינגסטער זון אברהם.

די געבראַכטע נאָטיצן באַלייכטן דעם גורל פון דער ווילנער משכילישער משפחה ליאָנדאָר.

אויב אין 1828 האָט לייב ליאָנדאָר זיין ניי־געבוירענעם זון אַ נאָמען געגעבן אברהם, האָט אַלזאָ זיין פאָטער דעמאָלט שוין ניט געלעבט. מעגלעך, אַז זיין פאָטער, אברהם דער שניידער פון גיטקע־טויבעס זאַוואולעק, איז געשטאָרבן נאָך מיט יאָרן פריער [4]. ער אַליין האָט נאָך געלעבט אין 1858.

לייב אָדער לעווין ליאָנדאָר האָט סך־הכל געהאַט דריי זין.

דער בכור, וועלכער אינטערעסירט אונז אַממייסטן, ה י ר ש (דער אויבנדערמאָנטער מחבר), איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע 1817. זיין ערשט ווערקל [5] האָט ער אַרויסגעגעבן זייענדיק 19 יאָר אַלט, אין 1836. ביז 1858, אַלזאָ ביז זיין 41־יעריקן עלטער, האָט ער קיין קינדער ניט געהאַט. זיי וואָלטן דערמאָנט געוואָרן אין די „סקאַזקעס". מן הסתם איז ער געבליבן קינדערלאָז.

4 אין די באַזונדערע „סקאַזקעס" פאַר בעלי־מלאכות פון דער זיבעטער „רעוויזיע" אין יאָר 1816 האָב איך שוין לייב ליאָנדאָרס פאָטער ניט געפונען. לייב ליאָנדאָר איז שוין דאָ פאַרצייכנט מיט זיין פאַמיליען־נאָמען (Лсндоръ) אַלס 23־יעריקער באַלעבעסל צוזאַמען מיט זיין פרוי. מעגלעך, אַז דער פאָטער האָט שוין דעמאָלט ניט געלעבט.
Ревизская сказка 1816-го года [7-ая ревизія] Литовско-виленской губерніи, города Вильно, Еврейскаго кагала.
באַנד נומער 275, בלאַט 472, משפחה־נומער 1285.

5 לויט די מיטטיילונגען פון פראָפ' דוד מגיד, לענינגראַד, קען מען צוזאַמענשטעלן אַזאַ ביבליאָגראַפישע רשימה פון ה י ר ש ליאָנדאָרס חיבורים און זייערע אויסגאַבעס:
1) געשפּרעך פראַנצייז אידעש־טייטש, קורץ געפאַסט הערויס־

דער צווייטער זון יודל מאַנעס האָט זיך געשמדט יונגערהייט. דער ייִנגסטער זון אברהם האָט זיך מן הסתם געהאַט אויסבאַהאַלטן פֿאַרן מיליטער־דינסט [1] און איז אַוודאי שפּעטער ווידער פֿאַרשוואונדן געוואָרן פֿון ווילנע. קיין טעכטער האָט לייב ליאָנדאָר ניט געהאַט.

אַזוי איז אין ווילנע אויסגעלאָשן געוואָרן די משפּחה ליאָנדאָר [2].

פּ. קאָן (ווילנע)

## 2

## ביבליאָגראַפֿישע צוגאָבן

אַחוץ דער פֿינפֿטער אויסגאַבע פֿון לעווין ליאָנדאָרס בריוונשטעלער, אויף וועלכער פּראָפ׳ דוד מגיד מאַכט אויפֿמערקזאַם (לאַנדויבוך ז׳ 236 אָנמ׳), האָב איך געפֿונען אין דער ירושלימער נאַציאָנאַלער און אוניווערסיטעטישער ביבליאָטעק אַ שפּעטערדיקע אויסגאַבע. דאָס בוך רופֿט זיך: „מכתבים אדער איין נייער בריפֿען שטעללער מיט זייער שיינע אַנעקדאָטען, אויך פֿאַבלען אין דיזע בריף מיט די שענסטע זיטטען לעהרע צום שרייבן אונ צום לעזן,

געגעבן פֿון הירש ב״ר לייב ליאַנדאַר. ווילנא 1836. דרוק דוואָרזעץ 8° III+29 זייטן אותיות צאינה־וראינה, מרובעות און פֿראַנצויזישע.

דאָס ביכל געפֿינט זיך און אַזיאַטישן מוזעאום אין לענינגראַד, אויך אין דער ווילנער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק.

2) בריף־לעהרע אָדער נייער בריעפֿענשטעללער, אינהאַלט אַללער האַנד פֿערשיעדענע בריעפֿע, זיטטענלעהרע, געשעפֿטס־בריף און רעכנונ־גען פֿון הירש ליאַנדאַר. ווילנע 1855.

3) דאָס זעלבע, ווילנע תרטז [1856]. בן־יעקבס אוצר הספרים פֿאַרצייכנט נאָר די דאָזיקע אויפֿלאַגע.

4) נייע מעטאָדע דער פֿראַנצייזעשע שפּראַכע פֿון הערש ליאַנ־דאַר. ווילנע תרי״ט [1859] 8° 54 ז״ז.

5) נייער בריפֿענשטעללער, ווילנא תרכ״ה [1865], געדרוקט ביי פֿין־ראָזענקראַנץ 8°.

6) דאָס זעלבע, ווילנא תרכ״ז [1867], געדרוקט ביי פֿין־ראָזענ־קראַנץ 8° 144 ז״ז.

7) דאָס זעלבע, ווילנא תרל״ג [1873], געדרוקט ביי פֿין־ראָזענ־קראַנץ און שריפֿטזעצער 8° 144 ז״ז.

8) דאָס זעלבע, ווילנא תרל״ה [1874], געדרוקט ביי פֿין־ראָזענ־קראַנץ און שריפֿטזעצער 8° 144 ז״ז.

9) דאָס זעלבע, ווילנא תרל״ו [1875], געדרוקט ביי פֿין־ראָזענ־קראַנץ און שריפֿטזעצער 8° 144 ז״ז.

10) דאָס זעלבע, ווילנא תר״מ [1879], געדרוקט ביי פֿין־ראָזענ־קראַנץ און שריפֿטזעצער 8° 144 ז״ז.

11) דאָס זעלבע, ווילנא תרמ״ח [1887], געדרוקט ביי פֿין־ראָזענ־קראַנץ און שריפֿטזעצער 8° 144 ז״ז.

12) דאָס זעלבע, ווילנא תרנ״ד [1893], געדרוקט ביי פֿין־ראָזענ־קראַנץ און שריפֿטזעצער 8° 144 ז״ז.

די אויסגאַבעס 6—12 געפֿינען זיך אין דער לענינגראַדער עפֿנטלע־כער ביבליאָטעק.

1 אַ באַמערקונג אין די „סקאַזקעס" וועגן אַ יונגנמאַן אין מי־ליטער־פּליכטיקן עלטער, אַז „עס איז ניט באַקאַנט, וואו ער איז", באַטייט כמעט שטענדיק, אַז ער איז אַנטלאָפֿן פֿאַרן מיליטער־דינסט.

2 קיין אַנדערע טרעגער פֿון דעם פֿאַמיליענאָמען ליאָנדאָר זיינען אין ווילנע ניט געווען (לויט די „סקאַזקעס") אַפֿילו פֿון דער זעל־ביקער אַברהם דעם שניידערס משפּחה, ווייל דעם דאָזיקן פֿאַמיליע־נאָמען האָט דאָך באַקומען נאָר די ליניע פֿון אַברהמס זון לייב.

נעמען פֿוןביידערלייא גישלעכטער (זכר ונקבה), אויך לשון קודש ווערטער, וועלכע מען ברויכט צום ריידין, אַלעס נאָך דעם אלפא בית. אויך ראשי תבות וועלכע אין שרייבן געברויכט ווערדען אין שענסטע אָרדענונג. פֿאַן לעווין אבראהם ליאַנדאַר. ווילנא, ראָם, תרל״א [1870], 144 זייטן 8°.

דאָס ביכל האָט 144 בריוו. אויף ז׳ 119 קומט אַ פֿרי־שער שער: „צוא זאַטץ צוא דעם בריפֿען שטעללער, אנפֿאַנגס־גרינדע פֿון רעכענקונסט".

אַ צווייטער בריוונשטעלער געפֿינט זיך אין דער זעל־בער ביבליאָטעק פֿון הירש ליאָנדאָר. דאָס בוך הייסט:

„איין נייער בריפֿען שטעללער, וואָס איז כולל זייער פֿיל בריוו פֿון פֿאַרשידענע נייטיגע ענינים, געשריבין מיט גרויס חריצות, מיט גרויס געפֿיל אין בעסטן סטיל... [דער־נאָך קומט כמעט דער זעלבער נוסח וואָס איז אָנגעשריבן אויפֿן שער פֿון דעם אויבנדערמאָנטן ביכל.] הערויסגעגעבען פֿאַרן הירש ליאַנדאַר. ווילנע. דפֿוס ראָזענקראַנץ־שריפֿטזעצער תרמ״ח" [1879]. 144 זייטן 8°. דאָס ביכל אַנטהאַלט 53 בריוו, אַנדערע ווי אין דעם אויבנדערמאָנטן ביכל.

אין דער ירושלימער ביבליאָטעק האָב איך אויך געפֿונען הירש ליאָנדאָרס לערנבוך פֿון פֿראַנצויזיש, אין אַ שפּעטערדיקער אויסגאַבע ווי בן־יעקב האָט אָנגעוויזן אינעם אוצר הספרים (ז׳ 84 נומ׳ 583). אויפֿן שער שטייט אָנגעשריבן (אַחוץ וואָס עס שטייט אין דער צווייטער אויפֿ־לאַגע וועלכע בן יעקב ברענגט): „צווייטע אויסגאַבע פֿאַר־מערט מיט פֿיל גראַמאַטיק, ווילנא, 1869, ז״ז 68, 8°.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז דאָס בוך: „געשפּרעך פֿראַנצייז אידעש־דייטש", וואָס יעקב בן יעקב האָט פֿאַרצייכנט, געפֿינט זיך אויך אין דער ביבליאָטעק, פֿון דעם זעלבן יאָר 1836, 29 ז׳ 8°. אָבער קיין שום הקדמה פֿון זיין פֿאָטער לעווין אבראם ליאנדאר איז דאָ ניטאָ, עס שטייט נאָר אויף דער צווייטער זייט פֿונעם שער דער דערלויב פֿון דעם רוסישן צענזאָר לעוו באָראָווסקי. דער דריטער עמוד הייבט זיך תיכף אָן מיט דעם „דיאַלאָג". עס קען ניט זיין, אַז אין דעם עקזעמפּלאַר זאָל פּשוט פֿעלן אַ בלעטל, ווייל דער עמוד פֿון „דיאַלאָג" איז פּאַגינירט מיטן 2, און ווען עס וואָלט געפֿעלט אַ בלאַט, וואָלט דער עמוד געדאַרפֿט טראָגן דעם נומער 4.

מנשה אונגער (ירושלים)

## 3

## נאָך עטלעכע ידיעות:

1) אין דעם העברעאיש־דייטשן ווערטערבוך „דרך סלולה" פֿון יהודה ברי׳ אליעזר קראָן, ווילנע 1826 (פֿאַראַן אין דער ביבליאָטעק פֿון ייוו״א) איז צווישן די פּרענומע־ראַנטן פֿאַרצייכנט: „ר׳ אריה ליב ליענדאָר".

דאָס איז אַפּנים אַזוי צו זאָגן דער ערשטער אַרויס־טריט ליאָנדאָרס אין דער „ליטעראַטור".

2) לעווין ליאָנדאָרס „בריפֿען שטעללער", ווילנע 1844, איז פֿאַראַן אין בריטישן מוזעאום.

3) צווייטע אויפֿלאַגע פֿון **הירש ליאָנדאָרס** פֿראַנצויזישן לערנבוך איז אויך פֿאַראַן אין דער ביבליאָטעק פֿון ייוו"א. איר טיטול איז (פּינקטלעך):

Nouvelle Méthode ala Langue Française pour les Israelites par H. Liond'or.

נייע מעטאָדע דער פֿראַנצייזישע שפּראַכע צווייטע אויסגאַבע פֿאַרמערט מיט פֿיל גראַממאַטיק פֿאָן הערש ליאָנדאָר.

Вильна 1869. Въ Типографіи С. І. Фина и А. Г. Розенкранца.

מ. וו.

## צו: פֿון די לעקסיקאָלאָגישע זאַמלונגען פֿון ווילנער לערער־סעמינאַר

(לאַנדויבוך 307—314)

48) **הונגעריק** ווי דעם מילנערס הונט — הרובעשויוו.

50) **וואָיעס** (אויך ראָיעט, ביידע מאָל מיט u ווי אַ הונט — דאָרט.

56) **ווייס** ווי די וואַנט — דאָרט.

139) **רויט** ווי אייכעוו (עשו), צו באַצייכענען אַ מענטשן אין כּעס אָדער אַ געזונטן — דאָרט.

ב. ווײַנריב

## צו: ווערטער אויף שלאָגן

(לאַנדויבוך ז' 315—320)

9) **בויקערן**, „גוט אָנגעבויקערט די ביינער" — לובלינער געגנט.

10) אויך: ווייזן אַ בינטל פֿינגער. אַרויפֿלייגן אַ ב' פּ'.

20) **באַמאַלעווען** מיט דער רויטער יויך (ô): צעשלאָגן, אַז יענער זאָל זיך באַגיסן מיט בלוט.

33) **טליק** (y). „איך האָב אים געגעבן אַ טליק אַוועק, אַז ער 'אָט די ציין געקליבן".

35) **טעלעבענץ**. געבן אַ ט' — אַ שליידער, אַ וואָרף.

62) **סמאַל**. פּשט אַריבערגעטראָגן פֿון smalić: ברענען.

67) **פֿאַרנאַדער**. — אין שוועביש vernauen: שלאָגן. Schwäbisches Wb. IV 1974.

86) אויך: געגעבן אַ פּיצקע מיטן פֿוס.

90) **שטאָרק** אָדער שטאָרקע. אוקר' штуркати.

**נייע ווערטער אויף שלאָגן**

98) **אַריינלייגן**. שטאַרק אָנשלאָגן. „איי האָט ער אים אַריינגעלייגט אין די יאָרן".

99) **באַלייגן**, **צולייגן**. פּויל' dołożyć. „אַז איך וועל דיר צולייגן, וועט דיר קיינער ניט אָפּנעמען".

100) **וואַלגאָזשען**. וואַרפֿן זיך אויף עמעצן מיט פֿויסטן. טאַרנאָפּאָל.

101) **טאַפּ**, דער. אַ ט' טון.

102) **טראַסק**, דער. אַ שטאַרקער קלאַפּ. פּויל' trzaskać.

103) **טרענען**. דער רבי פּלעגט זאָגן אין חדר: כ'וועל פֿון דיר טרענען די אָדערן. ביי גאַסן־יונגען: כ'וועל דיר אויפֿטרענען דעם בויך.

104) **ליפּ**, דער. אָנליפּען, געבן אַ ליפּ, זיי האָבן זיך צעליפּעט. פּויל' łupać.

105) **מאַקלען**, **אָנמאַקלען** [מקלען]. שטאַפּלען 210; לייבל, לאַנדויבוך 72.

106) **מעכאַבעד זיין** [מכבד]. מ'געווען מיט אַ פּאָר פּעטש. אויך קירצער: כ'האָב אים גוט מכבד געווען.

107) **מעקאַיעם־פּסאַק זיין** [מקיים פּסק]. גוט אָנהרגענען.

108) **נאָווי** [נביאן]. מאַכן פֿאַר אַ נ': אָפּשמייסן. חדר־וואָרט. מ'שלאָגט פֿון הינטן און מ'פֿילט פֿאָרנט — הייסט עס, מען פֿילט בנבואה.

109). **פּאַטש**, דער. מיט דער האַנט אין פּנים. „ער האָט אים צעפּאַטשט ווי אַ מעשוגן [משוגע'ן] קלבל".

110) **פֿידעלע**, דאָס. מאַכן אַ פֿ': מען נעמט אַריין צווישן צוויי פֿינגער אַ שטיקל פֿלייש פֿון יענעמס האַנט און מען רייבט דערויף (ווי אויפֿן פֿידעלע) מיטן פֿינגער פֿון דער צווייטער האַנט. שטאַרק פֿאַרשפּרייט צווישן חדר־יינגלעך.

111) **צעדאַמען** [צעדמען]. צעשלאָגן ביז בלוט.

112) **קל..פּ**, דער.

113) **קנאָבל**, דער. געבן אַ ק', מען מאַכט אַ פֿויסט, דער דריטער פֿינגער הויקערדיק אַרויסגעבויגן, און מען גיט דערמיט אַ קלאַפּ אין דער האַנט אָדער מען רייבט אָן דער האַנט.

114) **קרעפּלפּלייש**. מאַכן ק'. גוט אָנשלאָגן. זע בערנשטיין: קרעפּלפּלייש.

ב. ווײַנריב

## צו: קאָרטן־שפּראַך

(לאַנדויבוך ז' 319—324)

1) **ביין געבוירן**. צו דער השערה, אַז „ביין געבוירן" איז איבערגעזעצט פֿון Boże Narodzenie, וויל איך צוגעבן, אַז דער אויסדרוק „בייזע וואונדער" איז אפֿשר אויך איבערגעזעצט פֿון cudy boskie.

2) **פּעשיע**. איך מוז צוגעבן די באַמערקונג, אַז די פֿאַרקלענער־פֿאָרם פֿון נייטראַלן געשלעכט איז ביי אונז אין גרויס־פּוילן „־יע" אָדער ריכטיקער „(כ)יע", נאָר שפּירט מען די כּף גאָר שוואַך. —

4) דאָס „יי" אין אַזעלכע ווערטער ווי „צוויי", „אייכל", „איינער" ווערט ביי אונז אַרויסגערעדט al; דאָס „יי" אין אַזעלכע ווערטער ווי „טייז", „ניינטיע", „איינ־שטעלן" ווערט אַרויסגערעדט ווי aa, אפשר נישט אַזוי לאַנג צעצויגן. ס'וואָלט כדאַי געווען אונטערצופּינטלען דאָס ערשטע „יי" מיט אַ צֵרה: „יֵי" און דאָס צווייטע מיט אַ פּתח: יַי, כּדי ס'זאָל נישט זיין קיין טעות.

5) פּאָרהאַנט מיט o, בעת אַזעלכע קמצן ווי אין „קאָרט", „קאָן" ווערן אַרויסגערעדט ווי u. —

8) וויזע. אַ סך רופן דאָס טיף: געבן טיף, אָנ־שטאָט געבן וויזע.

13) אויסנעמען די טויז אייכל. פאַראַן אַזעלכע שפּילן, וואו די קאָליער אייכל איז די גרעסטע יחסנטע, איבערדעם האָט דאָס פאָלק דערמאָנט אין אַ סך רעדנסאַרטן די קאָליער אייכל. —

28) צו דעם אופן נאָטירן דעם סכום אויגן ביי דער־דע־שפּיל (אַגב: די ערשטע שורה איז שלעכט סומירט: דער סכום איז נישט 417 נאָר 403!) וויל איך צוגעבן, אַז דאָס טוט מען צוליב דעם, כּדי צו פאַרלייכטערן יעדעס מאָל צו סומירן די נאָטירטע צאָלן; כּף־הכּל זענען דאָ צו פאַרצייכענען: 20, 50 און 110 אויגן. צאָלן ווינציקער ווי 20 ווערן נאָטירט אויף צווייערליי אופנים: אָדער מען נאָ־טירט אַ „צוואַנציק" און די אויגן וועלכע מען בלייבט שול־דיק נאָטירט מען איבער דער שורה; אָדער מען נאָטירט די גאַנצע צאָל (וואָס איז קלענער ווי צוואַנציק!) אונטער דער שורה. —

אַגב וויל איך צוגעבן נאָך אַ פּאָר אויסדרוקן, וועלכע זיינען אין מיין ערשטער נאָטיץ פאַרפעלט.

30) אָפּהייבן (uphaibn). דער שפּילער, וועלכער פּאַשעט (טאַלירט) די קאָרטן, געט [= גיט] דאָס פעשיע קאָרטן נאָכן אויפפּאַשען אַ צווייטן שפּילער, וועלכער הייבט אָפּ די קאָרטן, ד"ה ער נעמט אַ פּאַק קאָרטן, וועלכע ליגן אויבן, און לייגט זיי אַראָפּ אונטן. — פאַראַן אַ וויץ: „הייב אָפּ", זאָגט איין שפּילער צום צווייטן. „כ'בין אַ כּהן", ענטפערט יענער. אַן אָנצוהערעניש אויף אָפּהייבן אַ מֵת, וואָס אַ כּהן טאָר עס נישט טון.

31) אָפּקאָטערן (upkutern). אָפּגעווינען דאָס גאַנ־צע געלט פון די מיטשפּילערס.

32) נישטיע. פאַרקלענער־פאָרם פון „נישט", = נישטל. אַ קאָרט, וועלכע געפינט זיך אין פעשיע קאָרטן, וועלכע באַצייכנט אָבער גאָר נישט און איז דערצו באַ־שטימט אָפּצוהייבן דאָס פעשיע; מיט דעם נישטל פאַרדעקט מען אויך די אונטערשטע קאָרט בשעתן אַרומטיילן, כּדי די שפּילער זאָלן נישט זען, וועלכע קאָרט ליגט אונטן.

33) „מינץ געט". אַז צוויי שפּילער הייבן אָן שפּילן אַ זעקס און זעכציק למשל און גייען אויסוואַרפן ווער עס זאָל געבן קאָרטן, זאָגט מען: „מינץ געט", ד"ה דער נעמט אַ קאָרט און דער צווייטער איינע, און ווער ס'האָט ווינציקער, דער געט: — פון מינדסטנס.

34) שייקערעכץ. ער מאַכט ש'—פאַלשקייטן אין שפּיל.

35) עַל מנת (al mnas) הייסט אין אָקע, ווען פאָר־האַנט (וועלכער האָט על־פּי־דין גאָר צייט אַרויסצוזאָגן זיך, צי ער שפּילט מיט ביי אַ קאָן, גאַנץ צולעצט, ווען אַלע שפּילערס האָבן זיך שוין דעקלארירט), שטעלט איין צו־ערשט די „סטאַווקע" איידער ער האָט געזען די ערשטע צוויי קאָרטן. ווען ער טוט עס, האָט ער אַ זכות, אַז ער קען דערנאָך, ווען אַלע האָבן שוין איינגעשטעלט די סטאַווקע, הייבן די סטאַווקע; ער קען אויך צוריק אַרויסנעמען די סטאַווקע, ווען ער זעט, אַז די ערשטע צוויי קאָרטן אַנטהאַלטן גאָרנישט.

ש. ווינטער

## צו: אַ פּרוּוו פון אַ פאָנעטיק פון לאָדזשער יידיש

(לאַנדויבוך ז' 377 — 388)

אין דעם אַרטיקל דאַרפן אויסגעבעסערט ווערן אַזוינע גרייזן:

| זייט | שורה | שטייט | דאַרף שטיין |
|---|---|---|---|
| 378 | 27 | די טיפּישע y | די טיפּישע פּוילישע y |
| 378 | אנמ' 5 | ז' 11 | ז' 385 |
| 379 | 7 | g'ut | g'yt |
| " | 8 | bíə$^{r}$ | bîər |
| " | 9 | g'isn | g'îsn |
| " | 22 | g'ejl | g'ejl' |
| " | לעצטע | fa'n | fałn |
| 380 | 1 | łaxl | łaxt |
| " | 6 | łajzη | łajzn |
| " | 7 | kajgn | kajgη |
| " | 28 | fyl'cn, mịny't | fy'fcn mịny't |
| " | 34 | fûərl | fûərt |
| " | אנמ' 4 | s'ûł | š'ûł |
| 381 | 4 | (jô) : ô | (jô) יאָ : ô |
| " | 9 | (fouịł פּויל | (fouịł) פּויל |
| " | 11 | bouex | bouəx |
| 382 | 20 | ברעג־זאַץ | פּרעג־זאַץ |
| " | 4 פון אונטן | ז' 11 | ז' 385 |
| 383 | 18—17 | fûrη ; fûrη | fûrn ; fûrη |
| " | 24 | k'ym$^{n}$ъ̄ | k'ymъ |
| " | 25 | vaj$^{n}$ъ | vajnъ̄ |
| 384 | 22 | gł'ûịz | gl'ûịz |
| " | 23 | gl'ykləx | gl'ykl'əx |
| 385 | טאַבעלע | ʒ | dz |
| " | " | „ ž' | dž' |
| 386 | 4 | benes | lenes |
| " | 13 | bûə$^{r}$ | bûə$^{r}$t |
| " | 18 | אַרט | אָרט |

ט. גוטמאַן.

## צו: פאָנעטיק כון מזרח־גאַליצישן יידיש

(יד״פיל 23—33, 141—151 און 323)

1. **טריפטאָנגען.** ניט געקוקט אויף אַ. לאַנדויס ספקות וועגן דער עקסיסטענץ פון דעם טריפטאָנג oui (ouə) אין לעמבערגער יידיש בלייב איך פאָרט מיט דער גאַנצער באַשלאָסנקייט ביי מיין באַהויפּטונג: oui **איז** אַ טריפטאָנג. איך וויל דאָ אונטערשטרייכן איין פּרט, וואָס איך האָב אויסגעלאָזן אין מיין באַשרייבונג יידיש־פיל ז׳ 28. דהיינו, דער באַוואוסטער גערמאַניסט אָ. ברעמער (Bremer) פּאָלעמיזירט אין זיין Deutsche Phonetik מיט דעם באַרימטן זיווערסן (Sievers) און אַנדערע וועגן דער פראַגע, וואָסער וואָקאַל ווערט אַרטיקולירט אַם־טיפסטן אין מויל־חלל. ווייזט ברעמער אויף, אַז o, און ניט u, ווי זיווערס און אַנדערע מיינען. ווען איך האָבן 1909 דערלאַנגט מיין דיסערטאַציע אין לעמבערגער אוניווערסיטעט[1], האָט פּראָפעסאָר שאַץ (Schatz) מיר געזאָגט, ביים לייענען דעם פאָנעטישן טייל, אַז מיינע אויספירן באַשטעטיקן אינגאַנצן ברעמערס טעזיס; ד״ה, אַז o דאַרף זיך טאַקע רעכענען פאַר דעם ווייטסטן וואָקאַל.

די צונג גייט אָבער ניט אַריבער אוממיטלבאַר פון o צום פאָדערשטן (פּאַלאַטאַלן) וואָקאַל i; אונטערוועגנס פון ווייכן גומען צום האַרטן אַרטיקולירט די צונג אַן u, איידער זי דערגייט צו דער i־שטעלונג; אויף אַזאַ אופן קומט דער טריפטאָנג oui.

לאַנדוי האָט ניט באַמערקט, אַז ז׳ 143 האָב איך געזאָגט בפירוש: די כמות פון oui איז גלייך צו דער כמות פון אַ לאַנגן וואָקאַל אָדער אַ דיפטאָנג; ממילא איז קלאָר, אַז די מיטלסטע u אין דער קאָמבינאַציע oui איז מערניט ווי אַ מאָמענטאַלע. ווער עס הערט ניט כסדר דעם קלאַנג, דעם איז טאַקע שווער אַרויסצורעדן אַזאַ טריפטאָנג.

פון פינקטלעכקייט וועגן מוז איך נאָך צוגעבן: אויב נאָך דעם טריפטאָנג oui קומט אַ וואָקאַל, ווערט i̯—i̯ פאַרטאָפּלט (די איינציקע געמינאַציע אין יידיש!). אַ **דיפטאָנג** (און ניט קיין טריפטאָנג מיט i̯) האָב איך געהערט אין לעמבערג בלויז ביי איין מענטשן, ביים טעמפּל־קאַנטאָר ה׳ ע. קערנער, וואָס שטאַמט פון זשאָלקווע (אויף צפון פון לעמבערג). אין לעמבערג רעדט מען אַרויס די ווערטער „ומביא גואל״ אין שמונה־עשרה:

imaiwi goui̯—i̯ail

מיט אַ טאָפּעלער i̯ און מיט אַ טריפטאָנג; און ה׳ קערנער לייענט:

umeiwi—gui̯—i̯eil

1 געבליבן אין מאַנוסקריפּט:

Die galizisch-jüdische Mundart unter Zugrundelegung der Mundart von Lemberg. Laut-, Wortbildungs- und Formenlehre.

מיט אַ דיפטאָנג ui̯, אַזוי ווי די בוקאָווינער יידן (זע מיין אַרבעט אין יידיש־פיל). מאָדנע איז אָבער, וואָס אין אַנדערע פאַלן רעדט ה׳ קערנער אַזוי ווי מיר אַלע: **וקונה** (wikouinej) און אויך אין יידישע ווערטער: **הויכע** (houi—xə).

2. **בילאַביאַלע w.** אויך דאָ איז ד״ר אַ. לאַנדויס ספק ניט באַרעכטיקט. פּרילוצקי האָט שוין אָנגעוויזן, אַז אויך אין קאָנגרעס־פּוילן איז פאַראַן אַזאַ טאָפּל־ליפּיקע w. ד״ר ל׳ האָט ניט באַמערקט, אַז לויט מיינע פעסטשטעלונגען איז „וו״ אין לעמבערגער יידיש אין **אַלגעמיין** טאַקע לאַביאָ־דענטאַל (טראַנסקריפּציע־צייכן v), און די טאָפּל־ליפּיקע w האָב איך אָנגעוויזן נאָר פאַר איין פאַל: אין פאַרבינדונג מיט „צ״ (ts - w). אויף מאָרגן נאָכדעם ווי איך האָב איבערגעלייענט ד״ר ל׳ס באַמערקונגען האָב איך געמאַכט אַן עקספּערימענט: כ׳האָב געהייסן מיין שוואָגער, אַ מאַגיסטער פון רעכט, אַרויסרעדן דאָס וואָרט „צוויי״. איז ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט זיך געלערנט אין פּוילישע שולן (וואו ער האָט זיך געקענט אָפּגעוויינען פון דער w), האָט ער פונדעסטוועגן אַרויסגערעדט דאָס וואָרט, אינגאַנצן אומבאַוואוסטזיניק, מיט דער **טאָפּל־ליפּיקער** w.

פאַרוואָס דווקא אין דער פאַרבינדונג מיט „צ״? ווייל „צ״ שלינגט איין ביי דער אַרטיקולאַציע די גאַנצע אַרבעט פון די ציין.

אַגב: די פאָרם tsišn (צווישן), וואָס באַגעגנט זיך אָפּט, וואָלט ניט מיגלעך געווען, ווען מיר זאָלן געווען האָבן אין דעם וואָרט אַ ליפּנצאָניקע v. די טאָפּל־ליפּיקע w איז שוואַכער, און דעריבער ווערט זי בטל.

ד״ר י. ווילער

## צו: איסערלינס יידיש

(יד״פיל ז׳ 288—302)

ז׳ 288, $_{1}$) און 297: **קאַנפיטו׳** איז ניט קאָנפעקט, נאָר קאָנפיטורן, פרצ׳ confiture.

ז׳ 289, $_{4}$), 290, $_{15}$), 299, $_{18}$) **גיבלעכמולט.** אַזוי האָבן די מלמדים נאָך אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט געטייטשט משקדים שמות כה, לג. לד. בליצעס תנ״ך גיט איבער „שלשה גבעים משקדים״: „דרייא בעכיר (גיבלעך מאלט) גלייך מאנדלין. אויך „מלמד שיח״ (פירט 1726) האָט דאָס וואָרט: „גיבלעך מאלט״. ס׳איז דאָס אַה״ד plach-mâl, מה״ד blachmâl, blachmâlen — באַצירן מיט איינגעקריצטער אַרבעט. שמעללער I 322, לעקסער I 294, דוו״ב II 58. צייכענונגען וואָס זיינען איינגעקריצט אין גאָלד, זילבער אָדער אַנדערע מעטאַלן ווערן אויסגעפילט מיט אַ שוואַרצער מאַסע, איטאַל׳ niello. היינט רופט זיך דאָס אויף דייטש Tula-Arbeit, ייד׳ tul'skar, למשל: אַ טולסקער פּושקעלע.

ז' 292, 22), 25), 297. נוישטט איז מכתמא היינער־נייסט̣ט, איסערלינס וואוינאָרט.

ז' 295, 58) הרעדיש איז מסתמא Ungarisch Hradisch אין מערן. דער איבערקלאַנג האָט זיך נאָך היינט אוי̣גהיט אין דעם ביינאָמען Redisch; פּגלי e אָנשטאָט a אין Hêlitš פאַר Halicz, Rêdim פאַר Radymno, Jerısliw פאַר Jarosław.

ז' 295. בונמי איז גיכער Bon ami איידער Bonhomme. גרונוואַלד דצ"ו 111; צונץ, Die Namen der Juden אין Ges. Schr. II 30.

ז' 296. רונקל מסתמא פון דער שטאָט Runkel ביים ט̣יך לאַן (Lahn) אין מיטלדייטשלאַנד.

ז' 296. רייזהפו אפשר Reichshofen, Rtlshofen אין ̣לזאַס.

ז' 296. Schranz איז היינט, לויטן ווינער אַדרעס־בוך, אויסשליסלעך אַ קריסטלעכער ביינאָמען. נאָך לויט דעם ביינאָמען Schrenzel, וואָס איז ביי ייִדן יאָ פאַרשפּרייט, לייגט זיך אויפן שכל, אַז פריער איז אויך די ערשטע פאָרם געווען אָנגענומען ביי ייִדן.

ד"ר אַ. לאַנדוי

## צו: מיכאַעל אַדאַמס דריי ייִדישע ביכער

(פילאָל' שריפטן פון ייוו"א II ז' 135—168)

עס איז געוויס אַ גרויסער אויפטו פון דעם באַזעלער ראַבינער ד"ר אַ. קאָהן, וואָס ער האָט באַשריבן דעם באַזעלער אוניקום פון „ספר היראה", אָבער פונדעסטוועגן איז נ. שטיף גערעכט, וואָס ער האָט אים אָנגערופן בלויז „דעם ערשטן אין אונזער צייט". פריער איז דאָס בוך צום ווייניקסטן צוויי מאָל דערמאָנט געוואָרן, און ווען ניט די אומסיסטעמאַטישקייט פון אונזערע עלטערע ליטעראַטור־היסטאָריקער, וואָלט ד"ר קאָהן ניט געדאַרפט אויפדעקן איבעראַנייס אַמעריקע.

בוקסטאָרף אַליין, וואָס פון זיין באַזיך שטאַמט דאָס באַזעלער יקר־המציאות, רעדט וועגן דעם ווערק אין דעם ייִדיש־קאַפּיטל פון זיין Thesaurus נאָך גאַנץ פאַרבייגייענדיק, אָן שום נעענטערע ביבליאָגראַפישע דאַטעס. צום ערשטן איז די ייִדישע אויסגאַבע פון 1546 דערמאָנט, אויף וויפל איך ווייס, ביים איטאַליענער באַרטאָלאָטשי אין דעם אָרט וואָס שטיף ווייזט אָן. דאָס צווייטע מאָל איז דאָס ווערק פאַרצייכנט ביים האַמבורגער פּאַסטאָר וואָלף אין דער Bibliotheca Hebraea I 489. באַרטאָלאָטשיס נאָטיץ איז שפּעטער ציטירט ביי שולמאַן (שפת יהודית אשכנזית וספרותה, ריגע 1913, ז' 98, הערה 1); שולמאַן האָט זיך אָבער ניט געקענט קיין עצה געבן דערמיט און איז נאָר געבליבן אַ הילפלאָזער אומר בשם אומרו, ווי אין הונדערט אַנדערע פאַלן.

וואָלף דערמאָנט אָבער דאָרט גופא נאָך אַ צווייטע ייִדישע אויסגאַבע, פרייבורג־ברייסגוי 1583, און וועגן איר איז כדאַי צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער.

אין 1877 האָט ד"ר אַדאָלף בריל (Brüll) אָפּגעדרוקט אין דריטן באַנד פון N. Brulls Jahrbucher für jüdische Geschichte und Literatur אַן אַרטיקל:[1] Beiträge zur Kenntniss der jüdisch-deutschen Literatur, און דאָרט באַהאַנדלט ער אויך דאָס ספר־היראה. ער ברענגט אויסצוגן פון אַ ספר „חיי עולם" (פרייבורג שמג=1583) און זאָגט דערביי:

„Das Buch des ewigen Lebens, oder חיי עולם, ist eine jüdisch-deutsche Umarbeitung des hebr. ספר־היראה des Jona Gerondi, das in demselben Jahre in jüdisch-deutscher Uebersetzung zu Freiburg in Breisgau erschienen ist".

עס איז אפשר אַ ביסל אַ געציקלטער זאַך, נאָר דער פשט איז קלאָר: אין דעם נעמלעכן יאָר 1583, ווען ס'איז אַרויס „חיי עולם" (אַ באַאַרבעטונג פון גירונדיס חיבור), איז אין דעם נעמלעכן פרייבורג אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ ייִדישע איבערזעצונג פון „ספר היראה". בריל באַשטעטיקט אַלזאָ וואָלפס ידיעה, מסתמא ניט ווויסנדיק וועגן איר עקסיסטענץ.[2]

שולמאַן האָט געקענטברילס אַרטיקל, ער דערמאָנט אים אַפילו אין דער הערה אויף ז' 98, נאָר פאַרשטאַנען האָט ער דעם זאַץ פאַלש. ער זאָגט אַזוי: „רבים הם [ספרי המוסר] אשר נעתקו משפת עבר... ההעתקה היותר עתיקה היא העתקת ספר היראה להר"י גירונדי, המוסב שם חיי עולם..." עס קומט אַלזאָ אויס, אַז „חיי עולם" איז דער ייִדישער נוסח פון „ספר היראה", און גערעכט איז דערביי נ. שטיף, ווען ער שרייבט: „פאַר דעם ייִדישן ס' היראה איז באַקאַנט דער ספר חיי עולם (די ערשטע אויסגאַבע: פרייבורג אין ברייסגוי, 1583), וואָס דאָס איז אייגנטלעך אַ באַאַרבעטונג אין גראַמען,... ניט קיין איבערזעצונג".

פון פריינד שטיפס אַרטיקל גופא קען אָבער אויך באַשאַפן ווערן דער איינדרוק, אַז אַחוץ דעם „חיי עולם" איז קיין ייִדיש ספר־היראה פון 1583 ניטאָ. דאָס ווערט נאָך בולטער, ווען מען לייענט שטיפס הערה 4 אויף ז' 136: עס קומט אויס, ווי איך וואָלט אין מיין לעקסיקאָלאָגישן עטיוד „טרייבן" (ציישריפט I ז"ז 219—222) ציטירט דעם צווייטן דרוק. אין דער אמתן האָב איך מיין ציטאַטע געבראַכט פון דעם ספר־היראה פון 1583, געדרוקט אין פרייבורג־ברייסגוי. ניט שולמאַן איז גערעכט, נאָר וואָלף און בריל.[3]

1 פאַראַן אויך אַ סעפּאַראַטער אָפּדרוק, 33 זייטן.

2 אויך גרינבוים ברענגט אין זיין כרעסטאָמאַטיע ז"ז 254—265 אויסצוגן פון „חיי עולם". אָבער ער ווייס נאָר צו זאָגן: „dessen Verfaser sich nicht genannt hat". וועגן ברילס אַרבעט האָט גרינבוים ניט געוואוסט, פּונקט ווי די גאַנצע פריערדיקע ליטעראַטור וועגן ייִדיש איז אים געבליבן פרעמד.

3 אין מיינע „שטאַפּלען" ז' 254 האָב איך שוין אויך געבראַכט עטלעכע ביישפּילן פון דעם אייגענעם „ספר היראה" אויף ע־שרייבונג: ציר, עינה, עיסן.

דער עקזעמפלאַר פון דער אויסגאַבע 1583, וועלכן איך האָב גענוצט, געפינט זיך אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק אין פראַנקפורט-מאַין. ער האַלט 27 בלעטער אין קוואַרט. דער שער איז דער אייגענער ווי אין 1546 (אפילו מיט דער שרייבונג צו ליטשט=צולעצט; אָבער „אלן" שטייט דאָ אָן ע, ניט „אלען", ווי אין דער ערשטער אויסגאַבע); מער ניט וואָס דאָ שטייט פאַר דעם טעקסט וואָס שטיף ברענגט ז' 136 נאָך דער פסוק: „יראו את ה' קדשיו כי אין מחסור ליריאיו" און נאָך די ווערטער „דש ור לייהי אונש גאט יתי אלן מיט איננדר. אמן וכן יהי רצון" שטייט נאָך אָט-וואָס:

„נדפס בעיר פריבורג במדינת בריס"גויא שנת שמ"ג»

צום סוף ביכל איז דאָס דרוקאָרט און דרוקיאָר באַ-צייכנט נאָכאַמאָל בזה הלשון:

„נדפס במדינת בריסגויא שנת שמג בריך רחמנא דסייען, מריש ועד כען [!]".

אין 1924 האָב איך פאַרגלייכט פיר ציטאַטעס אויף פיר פאַרשיידענע זייטן — אויף אַ גענויערן פאַרגלייך האָט לײדער ניט געקלעקט מיין צייט — פון ציריכער און פון פרייבורגער דרוק און בין געקומען צום באַשלוס, אַז דער טעקסט איז אין ביידע אויסגאַבעס אידענטיש; בלויז אויף ז' כב b, וואו דער ציריכער דרוק גיט: „גוי", שרייבט פרייבורג (מסתמא צוליב צענזור-טעמים; אַגב האָבן אין יענער צייט אין פרייבורג קיין יידן ניט געטאָרט וואוינען) „מצרי". וואָס עס איז שייך צום אויסלייג, איז ער דוכט זיך אויך דער נעמלעכער, אויב מען זאָל ניט רעכענען אַזוינע קלייניקייטן ווי „כיתות" (פרייבורג) לגבי „כתות" (ציריך); אפילו „בינשט" שרייבט פרייבורג, פונקט ווי ציריך, פאַר „בענטשט". בנוגע צום s-קלאַנג דוכט זיך מיר אָבער, אַז הגם דער „ס" איז דאָ אויך פאַרטראָטן, וועגט שוין „ש" שטאַרק אַריבער.

צו די ציטאַטעס וואָס נ. שטיף ברענגט אין זיין אַר-טיקל וויל איך צוגעבן נאָך עטלעכע אויסצוגן, וואָס זיינען ביי מיר פאַרצייכנט פון אָט דעם פרייבורגער דרוק פון 1583.

### וועגן איבערגעטריבענער פרומקייט

[כב a] אל תהי דו זולט ניט זיין איין צדיק מיא דען צו פילי זיכשט דו איין נאקנדיג ווייב דאז זיא דר טרינקן וויל אין דעם באך דא זולט דו ניט זאגן איך וויל וליהן אונ' איך וויל איר ניט העלפן דען איך וויל זיא ניט אן זעהן דיא וייל זיא נאקנדיג איז אונ' אלזו אויך וואש דער גלייכן איז:

הירשט דו בֿון איינם מאן דאז ער אין זיינם ווילן הוט צו דר שלאגן זיינן גיזעלן' דא זולט דו ניט זאגן צו אים איך וויל שטיל שוייגן אונ' איך וויל ניט זיין איין רכילות טרייברי דען עש איז גישריבן לא תעמוד על דם רעך: דש איז אין טויטשי דו זולט ניט שטין [=שטיין] אויף דש בלוט דיינש גיזעלן' אונ' דו זולשט עש זאגן צו אים נאך אל דיינם ור מויגן' אונ' ניט אין דער מיינונג אלז אוב דו רכילות טרייבשט אונ' אלז דען זו הושט דו דיינן לייב בשירמט בֿון דען זויגדן.

### מען זאָל זיך ניט זין

[כב a] דו זולט ניט רופן צו קיינם מענשן בֿון ישראל מיט קיינם שאנטליכן נאמן' אונ' אויך איז עש אסור דש מן זול צו איינם קליינן קינדליין זאגן' זיך וויא איין מיאוס קינד איז דש אונ' אפילו וועך עש אים שימפפא[1] גירעט ווירט' דען דיא ישראל דיא זיין אל צו מאל ריין אונ' הייליג'

### יעדערער מוז טון זיין פליכט באמונה

[כג a] אם אוב ווירשט דו ביפולהן צו איינם פרנס אויבר דש קהל זא זולט דו דיך ניט דר היבן אונ' הופרטיג זיין אובר זיא' אונ' דו זולט אויך ניט מאכן באלן איין בורכט אויבר זייא עש זייא דען דאז עש גישיכט לשם שמים' אונ' דו זולט ליידן אונ' טראגן איר מויא אונ' איר ערבייט דען עש איז איין גרויסי זך אום איין פרנס הדור:

בישט דו איין סופר זא זולט דו אין דיינם שרייבן ניט גיברעכן איין אות אודר איין תיבה' אונ' דו זולט אויך ניט אויבריגס דאר צו שרייבן צו חתמן דיינן נאמן אם אנפאנג:

בישט דו גידינגט צו זיין איין מלמד אונ' דש דו זולט לערנן תורה' זוא זייא גיווארנט אין דער צייט דיינר מלאכה דש דו ניט זולט טון איין מלאכה איין אנדרי. אונ' אויך ניט קיינרלייא זך. דען אין איינם אויגן בליק מוכטן זיא זיך טועה זיין דייני הבירים אונ' דייני תלמידים אונ' דו מוכטשט אויבר הירן. זא ווארדשט דו טון איין מלאכה איין ביטרויגליכי אונ' איין לישטיגי אונ' דו ווארדשט ור ולוכט ווערדן מיט דעם ולוך ארורי אונ' אויך זולט דו דיא וייל דו תורה לערנעשט[!] מיט נימאנטן רידן אונ' דו זולט אויך ניט ענטווארטן צו קיינם מענשן ווען ער פֿון ביגערט מיט דיר צו רידן אונ' דו זולט לערנן בֿון אבא חלקיה זכור לטוב:

וועגן העלפן מצרים [כב b, נאָך די ווערטער „משום דרכי שלום", מיט וועלכע עס ענדיקט זיך נ. שטיפס אויסצוג ז' 167]:

אונ' דו זולט ניט געבן טינטן צו דען שרייבן[2] דער אומות העולם דיא דא שרייבן דיא שמות הטומאה אונ' איהר פסילים' דען עש איז אסור צו העלפן צו דענן העגדן דיא דא זיין עובֿדי עבֿירה:

1 „שימפף" אין דער עלטערער שפּראַך (סיי דייטש סיי יידיש): שפּאַס.

2 „דער שרייבֿ" אין דער עלטערער שפּראַך = שרייבער.

ס

דרך אגב וויל איך באַמערקן, אַז להיפוך צום „ספר מידות" איז דאָס „ספר היראה" נאָך אין אונדזערע צייטן אַ גאַנגבאַרער מוסר־ספר. איך פאַרמאָג מיין אייגנס:

שערי תשובה
חלק שני נקוב בשם
ספר היראה
להחסיד רבינו יונה גירונדי זצ"ל

. . . . . . . . . . . .

מיט לאַנגע שבחים צום ספר אין העברעאיש און יידיש, געדרוקט תרמ"ז ביי מַצן אין ווילנע. אויף דער צווייטער זייט פון שער שטייט געשריבן אין רוסיש:

„Шааре Тешуво". Правила благочестія. Соч. Іоны Гирунди. Съ Варшавскаго изд. 1879 г. часть II.

Перевелъ на простонарѣчіе Б. Альфесъ ...1886 г.

אין דער „הקדמה מאת המעתיק" צום ערשטן טייל פון דעם ספר (דאָס נעמלעכע אָרט און יאָר) שטייט געשריבן:

„...באשר כי ראה ראינו אשר כבר נעתקו גם ס' הוה"ל [=חובת הלבבות] וס' מס"י [=מסילת ישרים] וכדומה ללשונות אחרות, אמרנו מדוע יגרע ס' היקר הזה מלהיות נודע בשערים, ורבים מעמנו יבואו שעריו אם יהי' נעתק ללשון המדובר בינינו, ואולי יפתח להם שער להיותם דופקים בשערי תשובה...."

אונטערגעשריבן איז די הקדמה: „כ"ד [=כה דברי המעתיק אבן ישרה". אויף דער רוסישער איבערזעצונג פון שער שטייען דאָ צוויי נעמען: דערזעלבער ב. אַלפס און А. Кречмеръ; און היות אויפן העברעאיש־יידישן שער זיינען דאָ אויך אָנגעוויזן צוויי איבערזעצער: „נעתק... ע"י אב"ן־ישר"ה וע"י רב"א", וואָס די צווייטע ראשי־תיבות מאַכן „אַלפס", איז דערפון געדרונגען, אַז די הקדמה צום ערשטן טייל האָט געשריבן אַ. קרעטשמער.

די איבערזעצער, וואָס האָבן געוואָלט מהנה זיין דעם יידישן עולם מיט דעם פרומען ספר אין זייער פּוטערשפּראַך, האָבן געוויינטלעך ניט געהאַט די מינדסטע השגה, אַז נאָך מיט פערטהאַלבן הונדערט יאָר פאַר זיי האָבן יידן געהאַט אַ יידישע איבערזעצונג פון דעם „ספר היראה".

מ. וויינרייך

## צו: די אויסברייטערונג פון איגנאַץ בערנשטיינס לעבנסווערק

(לאַנדוי בוך ז' 28 — 38)

אין מיין אַרטיקל דאַרף געמאַכט ווערן עטלעכע אויסבעסערונגען.

48 (6) ס'דאַרף שטיין: לא דומה שומע לרואה אין מכילתא יתרו מסכת א דבחודש פרשה ב' נעענטער צום סוף.

490 (36) מיין באַמערקונג קעגן בערנשטיינען איז אין איין פּרט אַ טעות, ווייל עדיף הייסט דאָרט אין דער גמרא „וויכטיקער". עס איז אָבער אויך דער שורש פון 510 (37), ווייל דאָס פאָלק לערנט פשט, אַז עדיף הייסט ווי געוויינטלעך „בעסער".

645 (45) ס'דאַרף זיין: י"ט י' (שטאָט י"ט כ')

781 (53) שטאָט 790 (53). שורה 3:=חסידישער רבי (שטאָט: חסידים)

806 (54) גיטין י"ו (שטאָט כ"ו)

410 (61) שבת קנ"א, ע"ב (שטאָט ע"א)

1072 (73) זבולא בתרייתא

1084 (74) משלי י"ד י' (שטאָט כ')

1187 (80) שטאָט 1188

1207 (82) סנהדרין ט' ע"ב (שטאָט עא"ו)

1557 (110): נגעים ב' מ"ה: כל הנגעים אדם רואה...

2238 (158) ע"ז ב' ע"א: לא איסתכל — קהלת רבה ט' ו' 2276, 2274 (נישט: 2273, 2275)

2317 (164): ... ידיו הן קפוצות... לא נחלתי מן העולם הזה כלום

3023 (219) שטאָט 3005

3195 (232) שטאָט 3104

3520 (256) צווייטע שורה: בע צו 3819 (שטאָט: 3818).

3726 (273) שטאָט 3725

3753 (272) שטאָט 3752

3970 (292) צווישען אוליסירקא און נמצא דאַרף נאָך אַריינקומען: עמדו זה עם זה אמר אחד לחבירו מבקש אתה להחליף אמר לו הן החליפו זה עם זה...

חוץ דעם וויל איך נאָך צוגעבן, אַז אין מיין דייטשן אָריגינאַל האָט דער אַרטיקל געהייסן: Die Ausgestaltung des Bernsteinschen Lebenswerkes. די „אויסברייטערונג" גיט ניט אינגאַנצן איבער מיין מיין.

ד"ר ב. וואַכשטיין

# צילן און ווענן פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט

1. דער נייסטיקער אויפשטייג פון די יידישע פאָלקסמאַסן אין אַלע לענדער פון קאָמפּאַקטן יידישן ישוב האָט באַשאַפן נייע קולטורעלע באַדערפעניש, וואָס אויף צו באַפרידיקן זיי זיינען נייטיק נייע מעטאָדעס און נייע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען. דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט קומט צו דינען די יידישע מאַסן אין דעם קאַמף פאַר זייער קולטורעלער עמאַנסיפּאַציע. ער קוקט אַרויס אויף דער טעטיקער אונטערשטיצונג פון אַלע אָרגאַניזאַציעס און יחידים, וואָס ווילן מיטהעלפן דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור.

2. דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט דאַרף זיין:

(א) דער צענטער פון דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אין יידיש, און אין דער ערשטער ריי — די צענטראַלע אינסטאַנץ פאַר דער פאָרשונג און אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור;

(ב) דאָס אָרט, וואו עס בילדן זיך אויס נייע אַרבעטער אויפן פעלד פון יידישער וויסנשאַפט און קולטור;

(ג) דער צענטראַלער רעגיסטריר־פּונקט פאַר דעם יידישן קולטורלעבן אין אַלע עקן וועלט.

3. דער אינסטיטוט באַשטייט פון 4 סעקציעס: פילאָלאָגישע, היסטאָרישע, עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישע, פּסיכאָלאָגיש־פּעדאַגאָגישע. חוץ דעם פאַרמאָגט ער אַ ביבליאָגראַפישע צענטראַלע, אַן אַרכיוו, אַ ביבליאָטעק און אַ מוזיי.

4. דער אינסטיטוט

(א) גיט אַרויס זאַמלביכער („שריפטן") און איינצלנע ווערק פון וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער;

(ב) קלייבט און סיסטעמאַטיזירט וויסנשאַפטלעכע מאַטעריאַלן;

(ג) שאַפט אַ צוגרייט־אַנשטאַלט פאַר יונגע וויסנשאַפטלער אין די אַרבעט־צווייגן פון אינסטיטוט, פאַר קומענדיקע לערער פון די יידישע מיטלשולן און לערער־סעמינאַרן;

(ד) פאַרבינדט צווישן זיך די פאָרשער, וואָס אַרבעטן אין יידיש וועגן אַלע צווייגן וויסנשאַפט אָדער אין אַנדערע שפּראַכן וועגן יידיש, אינפאָרמירט זיי וועגן וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן וואָס זיינען אין גאַנג, אָרגאַניזירט אַ קעגנזייטיקע אויסהילף;

(ה) זאַמלט און פאַרשפּרייט אינפאָרמאַציעס וועגן דעם צושטאַנד און די אויפטוען פון דער יידישער קולטור־באַוועגונג אין אַלע לענדער.

אַ ד ר ע ס ן:

**Towarzystwo Przyjaciół Żydowskiego Instytutu Naukowego, W. Pohulanka 18, Wilno.**

אי ן אַ מ ע ר י ק ע:

**Dr. J. Shatzky, 3451A. Giles Place, New York, N. Y.**

## שריפטן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, ב׳ I

# פילאָלאָגישע סעריע, 1: לאַנדוי־בוך

## אינהאַלט:



---

**די שריפטן פון דער עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישער און דער היסטאָרישער סעקציע זיינען שוין אין זאַץ.**

PUBLICATIONS OF THE YIDDISH SCIENTIFIC INSTITUTE VOL. I

# STUDIES IN PHILOLOGY, 1: JUBILEE VOLUME FOR DR. ALFRED LANDAU

## Contents:



---

THE PUBLICATIONS OF THE ECONOMIC-STATISTICAL AND HISTORICAL SECTIONS ARE IN THE HANDS OF THE PRINTER.

## THE YIDDISH SCIENTIFIC INSTITUTE,

### ITS AIMS AND ITS METHODS

1. The spiritual uprising of the great masses of the Jewish people in the countries of their densest settlement has called into being new cultural necessities the satisfaction of which urgently demands the creation of adequate cultural institutions. It is the aim of the Yiddish Scientific Institute to extend a helping hand to these people in their struggle for cultural emancipation and the Institute hopes for assistance in this work from all organisations and individuals who are interested in Jewish culture.

2. The immediate objects of the Yiddish Scientific Institute are:

(a) To organize itself into a central institution for every kind of scientific work in Yiddish, and, in the first place, to concentrate in itself the study and the development of the Yiddish language and literature.

(b) To train new workers for the task of making researches in the domain of Yiddish science and culture.

(c) To collect, register and classify all available data concerning Yiddish cultural life in the various countries.

3. The Institute consists of four permanent sections:

(a) The Philological Section.

(b) The Historical Section.

(c) The Economic-Statistical Section.

(d) The Psychologic-Pedagogical Section,

and has in addition departments for Bibliography and Archives, a Library, and a Museum.

4. The activities of the Institute:

(a) The Institute publishes collections of papers of its members ('Publications of the Yiddish Scientific Institute') and other scientific works of a suitable character.

(b) The Institute collects scientific material and systematises it.

(c) The Institute conducts the necessary preparatory work of training young scientists for all its four sections and organizes training courses for teachers in the Yiddish secondary schools.

(d) The Institute serves as a link between persons carrying out researches on scientific subjects in Yiddish or writing on Yiddish in other languages. It supplies them with information on the scientific work now in progress or renders any other scientific assistance possible.

(e) The Institute collects and distributes information on the achievements and on the progress made by the Yiddish cultural movement in various countries.

*

For information apply in writing to:

1. Towarzystwo Przyjaciół Żydowskiego Instytutu Naukowego (Society of Friends of the Yiddish Scientific Institute), W. Pohulanka 18, Wilno (Poland);

or:

2. Dr. J. Shatzky, 3451 A. Giles Place, New York, N. Y.

the Germanic. For example the suffix -*varg* may form such words as *goldvarg*, *altvarg* etc. Or we may form from the word *klas* three adjectives: *klasik* (e. g. *drai klasike shul* — a school of three grades), *klasish* (classical), and *klasndik* (class in the economic sense).

24. **Peretz and Frishman in Their Personal Relations by N. Mayzel, Warsaw** (pp. 467—484).

Peretz and Frishman both began their literary activity at the end of the eighties. Both have written in Yiddish and in Hebrew. However while Frishman has concentrated upon Hebrew and won there his fame, Peretz devoted himself to the Yiddish literature, and soon acquired a foremost position in it. Up to Peretz's death (1915) Frishman attacked him pungently both in the press and in specially published pamphlets. Thus in 1894 he published, under the pseudonym of Abraham Goldberg, two pamphlets entitled *Lokshn* and *A Floi fun Tishebov* done after the fashion on Peretz's *Yontev Bletlech* which had then gained much popularity. Peretz had almost paid no attention to all these attacks, and when in 1914 Frishman's fiftieth birthday had been celebrated in Warsaw, Peretz congratulated him upon this occasion and said that this fiftieth birthday presently celebrated in so many cities is a decided refutation of Frishman's opinions as regards Jewish literature. It proves that our critic was mistaken by contending during his whole career that we have no reader and no literature.

25. **Addenda et Corrigenda** are given to the following papers:

Bibliography of Dr. Alfred Landau's publications, I Volume of our Publications, pp. 4—10.

Some Materials for a Yiddish Dictionary by Daniel Leibl, ibid., pp. 71—80 (B. Wajnryb).

The Yiddish Dialect of Courland, by Z. Kalmanovitch, ibid., pp. 160—188 (D. Leibl).

Material for an Idioticon of Khelm by M. Lerer, ibid., pp. 201—206 (M. Lerer and B. Wajnryb).

The Derivation of the Word "*ghetto*" by Judah A. Joffe, ibid., pp. 205—210 (Dr. J. Willer and Prof. Leo Spitzer).

*Lantukh*, a Jewish Hobgoblin by Dr. Max Weinreich, ibid., pp. 217—236 (M. Weinreich).

The First Polish-Yiddish Dictionary and Its Compiler Levin Liond'or by P. Kon, ibid., pp. 235—250 (P. Kon, Menashe Unger, and M. W.).

Words and Idioms Edited by M. W., ibid., pp. 307—314 (B. Wajnryb).

Synonyms of "beating" by H. Grünbaum, ibid., pp. 315—320) (B. Wajnryb).

Card-players' Terms by S. Winter, ibid., pp. 319—324 (S. Winter).

Phonetics of the Yiddish of Lodz by Th. Gutman, ibid., pp. 377—388 (Th. Gutman).

Phonetic Description of the Dialect of Eastern Galicia by Dr. J. Willer, Yiddishe Filologye 1924, pp. 23—33, 141—151, 323 (Dr. J. Willer).

Isserlin's Yiddish by Kh. Lunski, ibid., pp. 288—302 (Dr. A. Landau).

The three Yiddish Books of Michael Adam by N. Shtif, the present II Volume, pp. 135—168 (M. Weinreich).

The Extension of Bernstein's Thesaurus of Yiddish Proverbs by Dr. Bernhard Wachstein, I Volume of our Publications, pp. 27—38 (Dr. B. Wachstein).

author that for the 3 volumes of his own work "Das historische Gaunertum der Juden in den deutschen Ländern" he can find no publisher although the 1st volume ("Die äussere Geschichte des jüdischen Gaunertums") was completed three years ago.

18. **Notes on the Polish-Yiddish Vocabulary by Moyshe Lerer, Warsaw** (pp. 369-380).

Thirty-five original expressions are quoted which perhaps have never been mentioned in a literary work. These expressions deal mainly with matters of clothing and food and can be regarded as a second supplement to Prilutzky's book "Dos Gevet" (the first supplement was published in the 1st volume of our Publications).

Dr. Weinreich quotes an extract from an anonymous Yiddish book "Shternshus" (Amsterdam 1695) which contains a scathing criticism of the fashions and luxuries of the contemporary Jewish ladies. The book is interesting from the point of view of the history of costume.

The author's anger at the laidies inventiveness in dressing only confirms the old saying that "plus ça change, plus c'est la même chose".

19. **Rare Yiddish Books in the Library of the University of Harvard by Dr. A. A. Roback, Cambridge, Mass.** (pp. 381—400).

Dr. Roback describes the Yiddish Harvard collection which consists of nearly 2,000, mostly rare books. The largest portion of the library was a gift from Prof. Leo Wiener and the balance has been acquired gradually by way of various other gifts. The Yiddish books in Harvard do not seem to be treated with the attention they deserve, which is mainly due to the fact that there are no interested readers. Not even a "patron" has been appointed to be in charge of this section of the library. At present the author of this note has undertaken to prepare a catalogue of this very valuable collection.

A comprehensive description is made by Dr. Roback of two books only: (a) *"Der Tsukhtshpigl"* (Mirror of Morals) — first edition Prague 1610 — a collection of sayings and short poems and (b) *"Der Yiddisher Tireiak"*, a polemical pamphlet the reply to an antisemitic outburst of a Jewish convert Brenz, 1615.

20. **The Song on Mobilization by Prof. W. Anderson, Dorpat.** (pp. 401—414).

Dr. W. Anderson, professor of folk-lore at the University of Dorpat, Esthonia, was in 1919—1920 a teacher in one of the secondary schools in Minsk. Whilst there he collected 453 manuscripts (1332 pages) of material on Jewish folklore and he now gives us a short extract from this material. He quotes the Yiddish "Song on Mobilization" (12 strophes of 4 verses each) which was probably compiled at the beginning of the world war. The writer compares the eight versions which he collected and refers to three versions which were published in Bastomsky's book *"Baim kval"*. He arrives at the conclusion that none of the texts quoted is the final text and he makes an attempt to reconstruct a provisional normal text for the whole song except the strophes V and VII (in which several verses are missing). For strophe VI he quotes two parallel versions.

21. **On the Terminology Used in Various Trades by S. Winter, Vlotslavek** (p. p. 415—424).

The author gives a list of special words used in Vlotslavek (near Warsaw) in connection with various trades: 123 words for the bootmaking trade, 47 for tailoring, 30 words used in bakeries, and 36 in the painting trade.

22 **Notes on the Ahasuerus Drama by Dr. M. Weinreich, Vilno** (pp. 425—452).

The author quotes a few extracts from his larger work on the history of Jewish drama. After a few methodological remarks the writer dwells at some length on the analysis of two works:

a. "The Ahasuerus Play which is like an Opera" 1718 and
b. "Acta Esther" in its various editions.

The first play is different from all other Esther dramas of the 17th and 18th century in that it represents Mordecai not as a comedian or a clown, but as a hero, who is engaged in a struggle for his people. A further interesting difference is the use of pantomime. At first all the various tableaux occurring in the play are shown in pantomime and only then the real acting begins. In the "Acta Esther" the role played by Mordecai is such that it is not considered proper to quote what he is saying and the text bluntly indicates that "Mordecai replies what he is supposed to reply". The play is of the type of "Haupt- und Staatsaktion" so popular in England and Germany in the 17th and 18th centuries.

23. **Contributions to Word-Formation in Yiddish by Z. Kaisen, Vilno** (pp. 453—466).

The author deals with a series of prefixes and suffixes which are traditional in the Yiddish language and proves how, with their aid, the language can be enriched with new expressions. It is thereby shown that Yiddish is more elastic than German even as regards linguistic material from

ing the body of the deceased. The "board of purity" (equivalent to *tahare-bret*). The dressing of the deceased. The obnoxious influence of the deceased. The pouring out of water. The significance of mirrors, clocks and portraits. The magic power of the deceased. Provisions made for the deceased. Bringing news of death. Mourning after death. The funeral procession. The funeral. The tomb. The tearing of dresses in connection with death. Kadesh. Unnatural and violent death. The mourner. The wandering souls. The dybbuk.

**15. The Date of Birth of Ayzik Meir Dick by P. Kon, Vilno (pp. 329—344).**

Ayzik Meir Dick belongen to the Haskala type of intellectual and all his literary activity was devoted to writing books with "a moral", the subject being generally some corner of Jewish life in Vilno. He was very old when he died in 1893, and the inscription on his tomb stone states that he was born in 1807. His numerous biographies do not, however, agree as to this date and their own calculations induce them to assume various other dates all ranging between 1803 and 1815. The author of this note analyses all the theories of the biographers and arrives at the conclusion that only two dates, viz. 1807 and 1814, can come into consideration. A search was made in the civil registration archives of Vilno but the data contained in the documents of the archives also were found to be contradictory. In the register for 1816 he is described as the three years old son of his father on whose page he is entered. Although the regulations then prevailing prescribed that children (even married sons) were to be registered as members of their father's families, there is a special page for him in the register for 1827, and an entry is made to the effect that Ayzik Meir was then 20 years old. The registers for 1850 and 1854 bluntly refer to the entry for 1827. Why, then, was Ayzik Meir Dick registered as a 20 year old man in 1827 when he was only 13, and what was the reason of a false remark inserted in the register for 1827 that he had been omitted from the register of 1816? The explanation is to be found in the fact that it was in 1827 that the Russian Government decided to take Jews into the Russian Army. It was rumoured that only unmarried young boys would be enlisted for 25 years service. The cruelties perpetrated in rscruiting the children and the merciless treatment of the young recruits in the army itself filled the Jewish population of Russia with terror. In the "*behole*" — the panic, that ensued as soon as the intentions of the Government were made known, many children of the age of 8 and even youner ones were married and, whenewer feasible, the registers were caused to be altered. Something similar must have occurred in the case of Dick and the indication in his passport that he was born in 1807 must have been taken as the real date of his birth when the time came to make the inscription on his tomb stone. There can hardly be any doubt that the entry of the 1816 register is the correct one and that, consequently, he was born in 1814.

**16. A Dutch-Yiddish Bride Song of the End of the 18th Century by I. M. Hillesum, Amsterdam (pp. 345—352).**

This is the first publication of a manuscript at present in the Rosenthaliana of Amsterdam. The song consists of 23 strophes and each of these begins with a Hebrew word taken out of Psalm 145. The rhymes are arranged to the pattern of *aa bb ccc* and, consequently, each strophe contains 7 verses. There is no indication of date in the manuscript, but the contents itself would warrant the conclusion that it dates from the end of the 18th century. Although of little poetic value, the Song is interesting from the point of view of history and gives some insight into the contemporary Yiddish dialect of Holland. In this latter respect the value of the Song, however, is reduced by the fact that it is full of High-German expressions.

**17. Yiddish Elements in the Early German Thief Jargon by Dr. Rudolf Glanz, Vienna (pp. 353—368).**

The idea underlying this paper is that the study of the German Thief-Jargon (Rotwelsch) is not so much a problem of philology as that of cultural history. This problem seems to have been best understood by Avé-Lallemant who has done more than any one else in regard to such studies. The question is whether a special terminology and jargon had been gradually formed by Jewish thieves who then handed the vocabulary over to their German colleagues, and it is obvious that for a solution of this question the material available should be examined from a cultaral-historical point of view. The material which the scholar can use for his study is contained in the numerous reports of the ancient criminal courts. Considerably less reliable are the existing dictionaries of the various dialects used by thieves (especially the carliest ones).

As stated, a purely linguistic investigation could be usefully supplemented with the study of contemporary folk-lore. We learn from the

